# קאלט און ווארם

אַ ראָמאַן

פון

**א. טאנענבוים.**

---

פערלאג פון י. מאלימזאהן.

אוצר הספרים של
דובער אלפערין
1138 פארעסט עוו
בראנקס

לאָנדאָן און ניו יאָרק,

.1911

## 1.

# דער אלטער דיק.

ווער עס איז געווען אין זומער צייט אין דיא יאהרען 1880‒1890 אין דעם קליינעם, אבער פרעהליכען שטעדטעל ניופארט, דער האט געוויס געזעהן דעם אלטען ריטשארד, אדער וויא דיא איינוואוינער פלעגען איהם געוועהנליך רופען, דעם אלטען דיק.

דאס איז געווען אגאנץ אלטער מאן פון איאהר 80 מיט אצוקנייטשטעס פערקארטשעטעס, ברוינעס, פערברענטעס געזיכט. קיינער האט ניט געוואוסט, ווער דער אלטער דיק איז און פון וואנען ער איז; קיינער האט ניט געוואוסט, אויב דער אלטער דיק איז ארים אדער רייך, אויב ער האט ערגעץ פריינד, פערוואנדטע און בעקאנטע. דער אלטער דיק איז געקומען קיין ניופארט אין 1880 און האט זיך געקויפט א שטיבעלע אין עק שטאדט, זייט דאמאלס איז ער אין ערגעץ ניט געפאהרען און האט בעשטענדיג געלעבט אין ניופארט. ער פלעגט צו קיינעם ניט געהן און קיינער פלעגט צו איהם ניט קומען, ער פלעגט וואוינען גאנץ אליין אין זיין שטיבעלע, נור אן'אלטע ארימע פרוי וועלכע האט געוואוינט ניט ווייט פון איהם, פלעגט קומען יעדע וואך צו איהם נעהמען זיין אלטע וועש, עס אויס וואשען און איהם אפברענגען. מעהר האט מען פונ'ם אלטען דיק ניט געוואוסט, און דאך האבען איהם אלע געקענט.

דער אלטער דיק פלעגט יעדען טאג קומען צום ברעג פונ'ם מעער. ווען עס פלעגט זיין שעהן אין דרויסען, פלעגט דער אלטער דיק זיך אויס קלויבען אשטיין אדער אקלאץ ביים ברעג פונ'ם מעער, פלעגט זיך אויף איהם אניעדערזעצען און פלעגט קוקען אויפ'ן מעער. ער פלעגט קענען אזוי אוועק זיצען שטונדען לאנג און קוקען, וויא דיא וועללען (כוואליעס) פונ'ם מעער רוישען, שוימען, קאכען, זידען און לויפען צום ברעג, גלייך וויא זייא ווילען פערשלינגען דיא ערד מיט אלע מענשען.

אין ווינטער צייט, אדער ווען עס איז געווען שלעכטעס וועטער, פלעגט דער אלטער דיק זיך ניט זעצען, זאנדערן פלעגט זיך אנשפארען אויף זיין גראבען שטעקען און פלעגט אזוי אוועק שטעהן אשטונדע אדער צוויא, ביז עס פלעגט איהם קאלט ווערן, דאן פלעגט ער געהן אהיים לאנגזאם, טריט ביי טריט, גלייך וויא עס וואלט איהם באנג געווען אוועק צו געהן פון זיין ליעבען מעער.

בעזאנדערס האט ער ליעב געהאט דאס מעער אין אשטורם, ווען דיא

גרינע וואסערן פֿונ'ם אַטלאַנטישען וועלט מעער האבען געקאָכט, וויא אין
אַקעסעל, אונ גאַנצע בערג מיט וואסער האבען זיך אויסגעגאסען אויף דיא
ניעדעריגע אונ זאמדיגע ברעגעס פֿון ניופאָרט; ווען דער רעגען האט געגאסען,
דער ווינט האט געוואָיעט, דער בליץ האט געבלענדעט דיא אויגען אונ דער
דונער האט פֿערטויבט דיא אויערן, יאמאלס האט מען געקענט זעהן דעם
אַלטען דיק שטעהן ביים ברעג פֿון מעער אונ קוקען ווייט, ווייט אין דיא
ריישענדע וואסערן.

וואס האט אזוי געצויגען דעם אכציגיעהריגען גרייז צום מעער? וואס האט
ער געטראכט אין יענע לאַנגע שטונדען, ווען ער פֿלעגט קוקען אויפ'ן מעער? —
דאס האט קיינער ניט געוואוסט. עס האבען זיך צוואר געפֿונען אין שטעדטעל
נייגעריגע מענשען, וועלכע האבען געוואָלט מיט איהם צו רעדען אונ איהם
אויסצופֿרעגען, ווער ער איז אונ פֿון וואנען ער איז; ער פֿלעגט זיי אבער
ענטפֿערן אַ ווארט אדער צוויי אונ פֿלעגט זיי גיבען צו פֿערשטעהן, אז ער
וויל זיין אליין אונ וויל ניט רעדען.

צו ביסלעכווייס איז מען געוואוינט געווארען מיט דיזען זאנדערבארען
מענשען אונ מען האט איהם געלאזען צו רוה.

אַנפֿאנגס זומער 1890 בין איך געקומען קיין ניופאָרט, איך האב גע-
רעכענט צו פֿערברענגען דארט דעם זומער אום צו באדען זיך אין מעער.
איך האב דארט געהאט אַבעקאַנטען דאקטאר ביי וועמען איך האב געהאט
קאָסט אונ קוואַרטיר. איך פֿלעג זעהר אָפֿט בעגעגענען דעם אלטען דיק ביים
ברעג פֿונ'ם מעער; איך האב איהם זעהר אָפֿט געטראָפֿען שטעהן אנגעבויגען
אויף זיין גראבען שטעקען, טרויעריג, פֿערטראכט, פֿערטיעפֿט אין זיינע גע-
דאנקען פֿון אנדערע צייטען, אנדערע מענשען אונ אַנ'אנדערע וועלט. דער
אלטער האט מיך פֿעראינטערעסירט אונ איך האב זעהר געוואלט מיך בעקענען
מיט איהם אונ געוואהר ווערן זיין געשיכטע.

איך האב געזעהן, אז ער רויכט אַקורצע לעהמענע לולקע אונ איך האב
פראבירט איהם גיבען מיין טאַבאק. ער האט מיר געדאנקט גאַנץ העפֿליך אונ
האט איהם ניט גענומען. איך האב פראבירט רעדען מיט איהם פֿון וועטער,
פֿונ'ם מעער, פֿונ'ם שטעדטעל, ער האט מיר געענטפֿערט אַפּאָר ווערטער,
קאלט, אונגערן און זאגאר בייז. קורץ, ער האט מיר געגעבען צו פֿערשטעהן
גאַנץ דייטליך, אז ער וויל ניט רעדען מיט מיר.

איך בין געווען פֿערצווייפֿעלט, עס האט מיר אבער גאר ניט געהאָלפֿען:
דער אלטער דיק האט געשוויעגען אונ האט מיך געהאלטען ווייט פֿון זיך, וויא
ער האט געהאלטען אלע איינוואוינער פֿון שטעדטעל, איך האב געמוזט איהם
לאזען צו רוה אונ האב מיך מעהר אויף איהם ניט אומגעקוקט.

אין דיא לעצטע טעג פֿון איוגוסט איז דער אלטער דיק פלוצלונג פֿער-

שוואונדען . איך פֿלעג יעדען טאג געהן שפּאצירען ביים ברעג פֿונ'ם מעער און פֿלעג איהם מעהר ניט זעהן . איך מוז זאגען דיא וואַהרהייט , אז ער האט מיר געפֿעהלט . איך בין שוין אזוי געוואוינט געווארען צו זעהן דעם אלטען דיק זיצענדיג אויף זיין שטיין ביים מעער , אז איך האב מיר ניט געקענט פֿארשטעלען , וויא דער ברעג וועט אויס ווייזען אהן איהם , — ער האט מיר געפֿעהלט .

איך האב געוואלט פֿרעגען ועמען , וואו דער אלטער איז ערגעץ און פֿאר וואס מען זעהט איהם ניט , איך האב אבער ניט געהאט בייא קיינעם צופֿרעגען . דיא איינוואוינער פֿונ'ם שטעדטעל האבען זיך זעהר װעניג נעקימערט וועגען איהם . אזוי זיינען פֿערגאנגען עטליכֿע טעג , דער אלטער דיק האט זיך מעהר ניט געוויזען .

איין מאל בין איך געזעסען ביי מיין בעקאנטען דאקטאר ביים טהעע . עס איז געווען פֿאר נאכֿט . דער טאג איז גראדע געווען זעהר אהייסער און מיר האבען געטרונקען טהעע אין דעם קליינעם גאַרטען פֿאר דעם הויז , וואו דער דאקטאר האט געוואוינט . פלוצלונג איז געקומען צו לויפֿען אַנ'אלטע ארימע פֿרוי און איז גלייך צו געקומען צום דאקטאר .

— אום גאטעס ווילען , דאקטאר ! האט זיא אויסגערופֿען , — קומט שנעל ! — דער אלטער דיק שטארבט !

דער דאקטאר האט זיך אַביסעל פֿערקרימט . ער האט זעהר ניט געוואלט זיך אויפֿהייבען פֿון זיין ווייכֿען שטוהל און געהן צו אַקראנקען , בייא וועלכֿען ער וועט געוויס ניט נעהמען קיין געלד פֿאר זיין וויזיט . איך אבער בין אויפֿגע־שפרונגען פֿון מיין שטוהל און האב געזאגט צום דאקטאר : — קומט ! לאמיר זעהן , וויא דער אלטער דיק וואוינט .

איך בין געשטאנען , וויא אויף שפּילקעס , איך האב געוואלט לויפֿען , שפּרינגען , פֿאהרען וויא אַם גיכֿסטען צום אלטען דיק , פֿיעלייכֿט וועל איך יעצט קענען עפּעס געוואהר ווערען ווער ער איז , פֿון וואנען ער איז , און וואס מיט איהם האט פאסירט אין זיין לעבען . איך האב געברענט פֿאר נייגיערדע (ליובאפיטסטוואָ) .

דער דאקטאר האט ענדליך אנגעטאהן זיין שווארצען ראק , האט גע־נומען זיין שטעקען און מיר זיינען ביידע אַרויס געגאנגען . עס איז צוואר געווען אַשטיק וועג ביז צום אלטען דיק'ס הויז , דער דאקטאר האט אבער ניט געוואלט הייסען איינשפאנען זיין בריטשקע , ווייל זיין פֿערד איז געווען זעהר מיעד .

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום אלטען דיק'ס שטיבעלע , איז שוין געווען פֿינסטער אין דרויסען . דיא אלטע פֿרויא איז געלאפֿען פֿאָראויס און האט אָנ־געצונדען אלעמפעל . מיר זיינען אַריינגעקומען אין אשעהנעם ריינעם צימער מיט ניט גאנץ רייכֿע , אבער אַנשטענדיגע מעבעל .

דער אלטער דיק איז ניט געליעגען אין בעט , וויא איך האב גערעכֿענט .

זאנדערן ער איז געזעסען אויף אַגרויסען, אַווייכען שטוהל, דעם קאָפּ אנגעשפּארט אן דעם הויכען ווענטעל פון׳ם שטוהל. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז ער שלאָפט.

דער דאקטאר איז צוגעגאנגען צו איהם, האט גענומען זיין האנד און האט אַרויס גענומען זיין אוהר פון דער קעשענע זעהן, וויא דער פולס פון׳ם קראנקען שלאגט. דער אלטער דיק האט לאנגזאם אויפגעהויבען דעם קאָפּ און האט געוואָרפען אויף אונז אַ לאנגען, פארשעמדען בליק. ער האט דערקענט דעם דאקטאר.

— אומזיסט, דאקטאר! האט ער געזאגט מיט אַשוואכע שטימע, — אייער אַרבייט איז אימזיסט. דער קעראסין האט אויס געברענט, דיא לאמפּ מוז אויסגעהן. — אייער קונסט און אייער וויסענשאַפט קענען מיר ווענינ העל- פען. — עס איז שוין צייט. — איך האב גענוג געלעבט און געליטען...

ער האט געזאגט דיעזע ווערטער אַזוי ערנסט און אַזוי טרויעריג, אז עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען, און איך האב מיך ענטשלאָסען צו רעדען מיט איהם.

— זאגט עס ניט, אלטער, האב איך מיך אפגערופען, איהר זייט גאר ניט אַזוי קראנק, דער דעקטאר וועט אייך פערשרייבען אַרעצעפּט איהר וועט איהם אויסנעהמען און איהר וועט ווערן געזונד.

דער אלטער דיק האט אויף מיר געוואָרפען אלאנגען אונצופרידענעם בליק, וועלכער האט געזאגט גאנץ דייטליך: ווער ביסט דוא? וואס ביסט דוא נאך געקומען אהער?

איך האב אקוק געטאהן צום דאקטאר און האב איהם געפרעגט מיט דיא אויגען, וואס ער דענקט פון׳ם קראנקען. דער דאקטאר האט פערצויגען מיט דיא אקסלען. דאס איז געווען אַקלארער אנטווארט. דאס האט געהייסען, דער מאן שטארבט, וואס האט מען דא פיעל צו רעדען? פון דעסטוועגען האט ער פערשרייבען אַרעצעפּט און האט אנגעזאגט דער אלטער פרוי, זיא זאל געבען דעם קראנקען אלע צוויא שטונדען אן עס לעפעל.

מיר זיינען נאך געשטאנען איניגע מינוט לעבען אלטען דיק, האבען פראבירט מיט איהם צו רעדען, ער האט אונז אבער געענטפערט איין ווארט איבער אצעהנטען. עס איז געווען דייטליך, אז ער וויל מיט אונז ניט רעדען און פערלאנגט ניט, אז מיר זאלען בלייבען בייא איהם. מיר האבען געמוזט אַוועק געהן.

אויפ׳ן וועג האט מיר דער דאקטאר געזאגט:

— דער מאן שטארבט, ער איז ניט קראנק, ער שטארבט פון אַלטקייט, איהם קען שוין קיינער ניט העלפען.

— וויא לאנג, דענקט איהר, וועט ער נאך לעבען? האב איך געפרעגט.

— העכסטענס נאך צוויא טאג, האט דער דאקטאר געענטפערט.

— ווען איהר נאך געהן צו איהם? האב איך ווייטער געפרעגט.

— ניין, האט דער דאקטאר געענטפערט, איך האב ביי איהם ניט וואס צו טאהן.

דעם אנדערן טאג בין איך אליין געגאנגען צום אלטען דיק. איך האב איהם געפונען ליעגען אין בעט. ער איז געווען נאך פיעל שוואכער וויא נעכטען, און האט זיך שוין אויף מיר ניט אומגעקוקט. איך האב געפרעגט דיא אלטע פרוי, אויב זיא האט איהם איינגעגעבען דעם רעצעפט, וואס דער דאקטאר האט איהם פערשריעבען.

— ער וויל קיין זאך ניט נעהמען, האט מיר דיא אלטע געענטפערט.

דעם אנדערן טאג איז דער אלטער דיק געשטארבען, וויא דער דאקטאר האט עס פאראויס געזאגט. אזוי וויא ער האט ניט געהאט ניט קיין פריינד און ניט קיין בעקאנטע אין שטעדטעל, האט דער בירגער מייסטער (גאראדסקאי גאלאווא) מיט'ן ריכטער געעפענט זיינע קאסטענס און זיין שרייב טיש, האבען איבערגעשריעבען אלעס, וואס זיא האבען געפונען אין הויז, און לויט דיא געזעצע פון שטאאט מאססאטשוזעטס'ש האבען זייא בעשטימט א טאג, ווען מען זאל אלעם אויספערקויפען אין אויקציאן, — מאכען אליציטאציע.

מען האט געפונען ביים אלטען דיק גענוג געלד אום צו דעקען אלע אויס־גאבען פון זיין בעערדיגונג, און מען האט איהם בעערדיגט.

איך האב שוין געדארפט אוועק פאהרען פון ניופארט, איך בין אבער געבליעבען נאך אויף עטליכע טעג, ביז מען וועט אויספערקויפען דיא זאכען פונ'ם אלטען דיק. איך האב מיך דערווארט. דעם 15 טען סעפטעמבער האט מען פערקויפט דיא זאכען פונ'ם אלטען. איך האב ניט געדארפט ניט קיין מעבעל, ניט דיא קליידער פונ'ם אלטען, איך האב אפגעקויפט זיינע ביכער און זיינע פאפיערן פאר אקלייניגקייט.

צווישען דיא ביכער האט זיך געפונען אנ'אלטער ביבעל (א תנ"ך), איינציגע רייזע בעשרייבונגען און א פאק בעשריעבענע פאפיערן. איך האב גע־חאפט דיא מציאה, וואס איך האב געקויפט און בין אוועק געפאהרען קיין ניויארק. אין דער היים האב איך אנגעהויבען צו נעהמען דיא פאפיערן און זייא דורך צו לעזען. זייא זיינען געווען צו ווארפען, און עס האט מיך גע־קאסט פיעל צייט און מיה ביז עס איז מיר געלונגען זייא צוזאמען צו שטעלען און ארויס צו קריעגען פון זייא דיא געשיכטע, וועלכע איך וויל איבערגעבען מיינע לעזער אין פאלגענדע בלעטער.

**.2**

## מיינע קינדהייט.

איך בין געבאָרען געווארען אין אַ דאָרף אין ענגלאנד. מיין פאטער איז געוועזען אגייסטליכער, דער פּאַסטאָר פונ'ם דארף. איך בין געוועזען דאס עלטסטע קינד אין דער פאמיליע. אויסער מיר האט מיין פאטער געהאט פיער זיהן אונ דרייא טעכטער. מיין פאטער האט מיך זעהר ליעב געהאט אונ האט געוואלט, איך זאל לערנען, זאל ווערן אפּאַסטאָר אונ ווען ער וועט אלט ווערן, זאל איך איבערנעהמען זיין שטעלע.

דאס לאנד ארום דעם דארף, וואו מיר האבען געוואוינט, האט געהערט צו לאָרד בערעספאָרד, איינער פון דיא רייכסטע לאָרדס אין ענגלאַנד. ער האט אליין געפיהרט דיא פערוואַלטונג פון זיינע לענדער אונ האט בעשטענדיג געוואוינט אין אגרויסען, רייכען אונ שעהנעם שלאָס ניט ווייט פונ'ם דאָרף, וואו מיר האבען געוואוינט.

ווען איך בין אלט געווארען זיעבען יאהר, האט מיין פאטער מיך אפּ געגעבען אין שולע אונ האט מיר געהייסען לערנען פלייסיג: ווען איך פלעג קומען אהיים פון דער שולע, פלעגט מיין פאָטער מיך אויספרעגען, וואס איך האב געלערענט, וואס פאר לעקציאָנען דער לעהרער האט מיר אויפגעגעבען אונ ווען ער האט געפונען, אז דער לעהרער האט מיר אויפגעגעבען צו ווייניג, פלעגט ער מיר אויפגעבען נאך אפאר לעקציאָנען.

איך האב געמוזט לערנען, איך האב געמוזט ארבייטען זעהר שווער, ווייל איך האב שטענדיג געהאט מעהר לעקציאָנען פון אלע איבריגע קינדער. מיין פאָטער איז געוועזען אגוטער עדעלער מענש, ער האט מיך קיין מאל ניט געשלאגען. ווען איך פלעג ניט גוט אויסלערנען מיינע לעקציאָנען, פלעגט ער מיר מאַכען פאָרווירפע. דיעזע פאָרווירפע פלעגען אבער זיין פאר מיר ערגער וויא קלעפּ. איך פלעג ניט קענען פערטראגען זיין שטרענגען בליק אונ זיין אונצופריעדענע מיענע; קוים פלעגט ער מיך אנקוקען בייז אונ פערדראסען, פלעג איך קריעכען פון דער הויט איהם צופריעדען צו שטעלען.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס איך פלעג ארויסקוקען אויפ'ן זומער, וויא אויף משיח'ן. דער זומער איז געוועזען מיין משיח, מיין ערלעזער; ער האט מיך אויסגעלעזט פון דער שולע אונ פונ'ם לערנען. זומער פלעג איך קענען ארומלויפען אין דיא פעלדער אונ אין דיא וועלדער ארום אונזער דאָרף. מיין פאָטער פלעגט עס מיר ערלויבען, ווייל ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז ווען מען וויל קענען לערנען, דארף מען זיין געזונד אונ שטארק, געזונד אונ שטארק אבער קען מען ווערן, ווען מען געניסט דיא געזונדע פרישע לופט פון דיא בערג אונ דיא פעלדער.

ווען (קא"ון)

ווען איך בין אלט געווארען צוועלף יאהר, האט מיך מיין פֿאטער אוועק געשיקט אין אהעכערע שולע אין דער שטאדט אבערדין. דארט האב איך מיך בעקענט מיט א אינגעל מיט׳ן נאמען דאָלאַן, דעם זוהן פֿון אפּאַרמער (אקליינער פאַמיעשטשיק), וועלכער האט געוואוינט ניט ווייט פֿון אונזער דארף. דאָלאַן איז געווען עלטער פֿון מיר און האט געלערנט ערנער פֿון מיר. ער איז געווען דעד לעצטער אין קלאַס און האט קיין מאל ניט געקענט זיינע לעקציאָנען, דער פֿאר אבער איז ער געווען שטארקער פֿון מיר און געשיקטער פֿון מיר. ער איז געווען אגוטער שווימער, אגוטער שלעגער און אגוטער רייטער. אלע שילער פֿלעגען פֿאר איהם מורא האבען, ווייל ער האט געקענט געבען אזעלכע מיט זיינע שטארקע קולאקעס, אז מען זאל האבען איהם צו געדענקען. אויסער דעם איז ער געווען אגוטער יעגער. ער האט געוואוסט וויא אזוי ארומצוגעהן מיט אביקס, וויא צו שיסען און זאגאר וויא צו ציעלען ריכטיג.

איך און דאָלאַן זיינען געווארען דיא בעסטע פֿריינד. איך פֿלעג מאכען פֿאר איהם דיא לעקציאָנען און ער פֿלעגט מיך לערנען רייטען, פֿעכטען און שיעסען. ווינטער פֿלעגט ער מיך לערנען זיך גליטשען אויפ׳ן אייז און נאך אזעלכע ווינטער פֿערגניגונגען. זומער האבען מיר געלעבט גאר גליקליך. ענדע יוני פֿלעגט זיך ענדיגען דיא שולע און מיר פֿלעגען פֿאהרען אהיים. דאָלאַן האט מיך איינגעלאדען צו זיך און מיין פֿאטער האט מיר ערלויבט צו פֿערברענגען בייא איהם עטליכע וואכען, ווייל ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז בייא דאָלאַנ׳ס פֿאטער וועל איך האבען בעסערע קעסט, וויא בייא איהם.

איך בין אלט געווען פֿיערצעהן יאהר, ווען דאָלאַן האט מיך צום ערשטען מאל מיט גענומען אויף דער יאגד. ער האט מיר געגעבען אביקס, שרויט און פולווער און האט זיך מיטגענומען דיעזעלבע זאכען. מיר האבען פֿערבראכט דרייא טעג נאכאנאנד אין וואלד. מיר האבען געשאסען פֿייגעל, האזען און אייכהערנכען (ביעלקי, וועוויאָרקעס).

איך בין געווען גליקליך. איך האב אפגעלעבט. דיא יאגד איז מיר אזוי געפֿעלען, אז איך האב דיא גאנצע צייט פֿון דער וואַקאַנץ פֿערבראכט אין וואלד. איך בין אזוי געוואוינט געווארען ארומצוגעהן מיט מיין ביקס אויף דיא פלייצעס, אז איך האב מיר ערלויבט צו קומען אהיים צו מיינע עלטערן מיט מיין ביקס, מיין יאגדטאַש און אפאר פֿויגעל, וועלכע איך האב געשאסען אויפ׳ן וועג.

ווען מיין פֿאטער האט מיך דערזעהן מיט אביקס אויף דיא פלייצעס און מיט געשאסענע פֿויגעל אין יאגדטאש, איז ער געווארען אויסער זיך און האט מיר געזאגט שטרענג:

— טראג אפ דיא ביקס צו דיין פֿריינד דאָלאַן און געה ניט מעהר צו איהם, דוא דארפֿסט ווערן אנייסטליכער און דארפֿסט ניט וויסען פֿון קיין יאגד.

(קא״וו) איך

איך האב געמוזט איהם פֿאלגען. איך האב נאך קיין מאל ניט געזעהן מיין פֿאטער אזוי בייז און אזוי אויפֿגערעגט. איך האב אפגעטראגען דיא ביקס צו מיין פֿריינד דאָלאַן און האב איהם דערצעהלט, אז מיין פֿאטער איז זעהר בייז. דאָלאַן האט זיך צו לאַכט און האט אויסגערופֿען:

— וואס הערסט דוא איהם? מיר פלאגען זיך אגאנץ יאהר אין דער שולע און דארפֿען לעבען אגוטען טאג דיא פאר מאנאטע, וועלכֿע מיר זיינען פֿריי.

איך האב צוואר זעהר ליעב געהאט מיין פֿאטער, איך האב אבער ליעב געהאט דאָלאַן אויך. דאָלאַן איז געווען אפֿרעהליכֿער יונג און מיר פֿלעגען דאך צו זאמען לעבען אגוטען טאג. איך האב מיר יעצט קיין עצה ניט גע-קענט געפֿינען. אויפֿהערן צו געהן צו דאָלאַן, זיך מעהר מיט איהם ניט זעהן, איז פֿאר מיר געווען אונמעגליך; יא געהן צו איהם האב איך ניט גע-קענט, מיין פֿאטער האט עס ניט געהייסען.

— וואס זאל איך אלזא טאהן? האב איך אויסגערופֿען, איך מוז פֿאלגען, וואס מיין פֿאטער הייסט מיר, איך קען צו דיר מעהר ניט קומען. איך מוז בלייבען אין דער היים און געהן אלע טאג אין קירכֿע.

— ווייסט דוא וואס, ריטשאַרר? האט דאָלאַן געזאגט, קום צו מיר אהן דיין פֿאטערס וויסען, זאג איהם אליגען, אז דוא געהסט צו אגוטען פֿריינד, צו אבעקאנטען און דוא וועסט קומען צו מיר.

איך בין ניט געוואוינט געווען צו זאגען אליגען. מיין פֿאטער האט איינ-געפֿיהרט בייא אונז, אז מיר זאלען זיך ניט שעהמען און זאלען אלעס דער-צעהלען, וואס עס האט מיט אונז פאסירט. זייט איך בין געקומען צום שכל, האב איך קיין מאל ניט געדארפט זאגען קיין ליגען און האב אויך ניט געזאגט קיין ליגען און יעצט האב איך צום ערשטען מאל געמוזט אפנארען מיין פֿאטער, זאגען איהם ליגען און איהם ניט פֿאלגען.

דאס איז מיר געווען זעהר שווער. איך האב מיך ענטשלאסען, איך זאל געהן אהיים און זאל בעסער פֿאלגען, וואס דער פֿאטער האט מיר גע-הייסען. צווייא טעג האב איך עס אויסגעהאלטען און בין ניט געגאנגען צו דאָלאַן, אויפ'ן דריטען טאג אבער איז מיר געווארען אזוי לאנגווייליג (סקוטשנאָ), אז איך האב עס ניט געקענט אויסהאלטען און בין שטילערהייט אוועקגעלאפֿען צו דאָלאַן.

— וואו ביסט דוא געווען? פֿאר וואס ביסט דוא נעכֿטען ניט געקומען? האט דאָלאן אויסגערופֿען, ווען ער האט מיך דערזעהן.

— איך האב קיין צייט ניט געהאט, איך האב ניט געקענט קומען, האב איך געענטפֿערט.

דאָלאַן האט מיך אויסגעלאכֿט און האט איך בעריהמט פאר מיר:

— איך האָב נעכטען געשאָסען אַ גרויסען האָז.

איך האָב גערעכענט, אַז איך וועל זיין בייא איהם אַ פּאָר שטונדען און וועל באַלד געהן אַהיים, דאָלאַן אָבער האָט מיך ניט געלאָזען אַזוי גיך געהן אַהיים. ער האָט מיר געגעבען בראַנדוויין צו טרינקען און אַ גרויס שטיק פלייש צו עסען און איך האָב געמוזט פערברייינגען בייא איהם דעם גאַנצען טאָג.

איך בין געקומען שפּעט אַהיים און האָב געמוזט זאָגען מיין פאָטער אַ ליגען, אַז איך בין געווען ערגעץ בייא אַ בעקאַנטען. מיין פאָטער האָט מיר געגלויבט און איז געווען גאַנץ זיכער, אַז איך זעה מיך מעהר ניט מיט דאָלאַן. פון דאַמאָלס אָן האָב איך מיך געוואוינט צו זאָגען ליגען און אָפּ צו נאַרען מיין פאָטער. דאָס אַליין איז שוין געווען שלעכט גענוג, עס איז אָבער גע־וואָ־ען נאָך ערגער, ווען דאָלאַן האָט אָנגעהויבען מיך צו געוועהנען צו טרינקען שנאַפּס און צו שפּ־ילען דאָמינאָ.

דיא וואַקאַנץ איז ענדליך פאַראיבער און מיין פאָטער האָט גאָר נ־ט בעמערקט. איך און דאָלאַן זיינען צוריק געפאָהרען אין שטאָדט לערנען. א־ך פ־לעג שטענדיג זיין דער ערשטער שילער אין מיין קלאַס, דאָס יאָהר אָבע־ האָב איך זעהר שלעכט געלערנט. דאָלאַן פלעגט מיך שטענדיג שלעפּען אויף׳ן אייז זיך גליטשען, שפּילען דאָמ־נאָ און טרינקען שנאַפּס. אין דער מ־ט ווינטער האָט דאָלאַן געבראַכט קאָרטען און האָט אָנגעהויבען מיך צו לערנ־ן שפּילען אין קאָרט־ן.

דיא קאָרטען זיינען מיר געפעלען און איך האָב אָנגעהויבען צו שפּילען זעהר אָפט. זעלבסט פערשטענדליך, אַז איך פלעג שפּילען אָהן געלד, איך פלעג אָבער שפּילען שטונדען לאַנג און האָב אין גאַנצען פערנאַכלעסיגט דאָס לע־רנען. ווען עס איז געקומען צום עקזאַמען ענדע יוני, בין איך זעהר מיאוס דורכגעפאַלען און בין געבליבען אויף׳ן צווייטען יאָהר אין דער זעלבער קלאָס.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא טרויעריג און וויא אונצופריעדען מיין פאָטער איז געווען ווען איך בין געקימען אַהיים אויף דער וואַקאַנץ און האָב גע־בראַכט אַ זעהר שלעכטעס צייגניס פון מיינע לעהרער. מיין פאָטער האָט מיך ניט געשלאָגען, ער האָט נור געקוקט אייף מיר מיט זיינע גרויסע, טרויעריגע אייגען, גלייך וויא ער האָט געוואָלט מיך דורכפאָרשען און גע־וואָהר ווערן, וואָס עס איז מיט מיר אַזעלכעס געשעהן, וואָס איך האָב היינט־געס יאָהר אַזוי שלעכט געלערנט.

עס האָט מיך אַליין אויך זעהר געקרענקט, און ווען איך וואָלט ווירקליך פערצעה־לט דעם פאָטער דיא אורזאַכע, פאַר וואָס איך האָב היינטיגעס יאָהר אַזוי שלעכט גע־לערנט, וואָלט ער פיעלייכט געפינען אַ מיטעל מיך צו דער־

זוייטערן פֿון דאָלאַן און איך וואָלט מיך געבעסערט. איך בין שוין אָבער געוואוינט געוואָרען צו זאָגען ליגען און איך האָב דערצעהלט מיין פֿאָטער, אַז איך בין ניט געזונד געווען און האָב ניט געקענט לערנען. מיין גוטער פֿאָטער האָט מיר ווידער געגלויבט און מיין גוטע מוטער איז זאָגאַר געוואָרען זעהר אונרוהיג און האָט געפֿונען, אַז איך בין ווירקליך בלייך און ווייז אויס צו זיין ניט מיט אַלעמען.

מען האָט מיר דאַהער ערלויבט צו טהאָן אַלעס, וואָס איך האָב געוואָלט, אום איך זאָל ווערן געזונד אין דער צייט פֿון דער וואַקאַנץ און — איך בין געגאַנגען צו מיין פֿריינד דאָלאַן. מיר האָבען ווידער אָנגעהויבען צו לעבען, וויא מיר האָבען געלעבט פֿאַר אַ יאָהרען און קיינער האָט אונז יעצט ניט געשטערט.

דאָלאַן פֿלעגט מיטנעהמען גאַנצע פֿלעשער מיט קאָניאַק און מיט אַנדערע שאַרפֿע געטרענק, ווען מיר פֿלעגען געהן אויף דער יאַגד און מיר פֿלעגען ביידע זיך בעמיהען ניט צו פֿערשעהמען דאָס פֿלעשעל. איך בין געוואָרען אַ טרינקער און אַ פֿערברענטער יענער.

ווען איך פֿלעג זיין אַליין, פֿלעג איך מיך אַמאָל דערמאָנען, אַז איך טהו זעהר שלעכט און פֿלעג זעהר אָפֿט מיך ענטלישען צו לויפֿען אַהיים און דערצעהלען מיין פֿאָטער אַלעס; קוים פֿלעגט אָבער צוקומען צו מיר דאָלאַן, פֿלעגט ער אָנהויבען מיך צווינגען צו טרינקען און איך פֿלעג פֿערגעסען אַלעס אין דער וועלט, זאָגאַר מיינע גוטע עלטערן און פֿלעג טהאָן אַלעס, וואָס דאָלאַן פֿלעגט מיר הייסען.

איך בין געוואָרען זיין קנעכט, זיין דינער, ער פֿלעגט מאַכען פֿון מיר, וואָס ער האָט געוואָלט. שפעטער בין איך געוואָהר געוואָרען, אַז זיין פֿאָטער בעשעפֿטיגט זיך מיט קאָנטראַבאַנדע און נעהמט אויף טרייפֿענע סחורה פֿון שיפֿען. דערפֿון איז ער רייך געוואָרען. דאָלאַן האָט זעהר גוט געוואוסט, מיט וואָס זיין פֿאָטער בעשעפֿטיגט זיך שטילערהייט, ער האָט עס מיר אָבער ערשט שפעטער אויסגעזאָגט. דערוויל פֿלעגט ער מיך פֿיהרען נור אויף דער יאַגד און האָט מיך אויסגעלערנט גוט שיסען.

איך בין געוואָרען אַזאַ גוטער יעגער, אַז איך פֿלעג טרעפֿען אַ פֿויגעל אין פֿליהען. וויא הויך דער פֿויגעל איז געפֿלויגען, ווען איך האָב גוט געצילט, האָב איך איהם געטראָפֿען. דאָלאַן פֿלעגט מיך לויבען, ווען איך פֿלעג ריכטיג טרעפֿען און דאָס האָט מיך גערייצט, איך זאָל שיסען זעהר אָפֿט.

איין מאָל האָט מיר דאָלאַן דערצעהלט, אַז אין דיא וועלדער פֿון לאָרד בערעספֿאָרד געפֿינען זיך פֿיעלע האָזען און אַנדערע קליינע טהיערע וויא אויך גוטע פֿאַזאַנען און רעבהינער (קוראָפּאַטקעס).

— לאָמיר געהן אין דיא וועלדער פֿון לאָרד בערעספֿאָרד, האָט ער

געזאגט צו מיר, — מיר קענען דארט אין איין טאג דערשיעסען עטליכע פֿאזאַנען, וועלכע מיר קענען פֿערקויפֿען. אַ פֿאזאַן איז ווערטה דרייא ביז פֿיער שיללינג. מיר קענען אין איין טאג פֿערדיענען צווייא פֿונט.

—עס איז דאך אבער פֿערבאטען! האב איך אויסגערופֿען, מען קען דער פֿאר בעשטראפֿט ווערן, ווייל דיא פֿויגעל געהערן דעם לארד אונ קיינער טאר זיא ניט שיעסען אהן זיין ערלויבניס.

—וואס הערן מיר איהם? האט דאָלאַן געלאכט, מיר דארפֿען איהם גאר ניט פֿרעגען, מיר וועלען שטילערהייט זיך אריינגנבנען אין דיא וועלדער אונ וועלען טאהן, וואס מיר וועלען שוין אליין פֿערשטעהן.

—אבער דיא וועכטער? האב איך געפֿרעגט איך וויים, אז לארד בערעספֿאָרד האלט גוט בעוואכט זיינע וועלדער.

—האב קיין מורא, האט דאָלאַן געענטפֿערט רוהיג, איך וויים וויא אזוי אפצונארען דיא וועכטער.

דאָלאַן האט אזוי לאנג גערעדט איבער מיר, ביז ער האט מיך איבער גערעדט אונ איך בין געגאנגען מיט איהם שיעסען פֿאזאַנען אין לארד בערעספֿאָרדס וועלדער.

דער פֿאזאַן איז אזעהר זעלטענער אונ זעהר געשמאקער פֿויגעל. דיא ענגלישע לארדס האלטען איהם זעהר אפֿט אין זייערע וועלדער אום איהם צו שיעסען אונ איהם אויפֿצוגעבען אויפֿ'ן טיש פֿאר גרויסע געסט, ווען זייא גיבען אַן באלל

דאָלאַן האט ווירקליך געקענט אלע וועגען אונ אלע שטעגען אין דער גייגענד ארום. ער האט מיך גוט געפֿיהרט, מיר האבען אפגענארט דיא וועכטער, זיינען אריינגעקומען אין וואלד אונ האבען דערשאסען פֿיער פֿאזאַנען. דאָלאַן האט זייא אוועק געפֿיהרט אין שטאדט אונ האט זייא פֿער-קויפֿט אין אַ רעסטאָראַן. דעם אַנדערן טאג האט ער מיר געבראכט צווייא שיללינג.

צום ערשטען מאל אין מיין לעבען האט איך געהאט אייגענע צווייא שיללינג. איך האב מיך צוואר דערמאנט, אז דיזע צווייא שיללינג זיינען דאך גיגנבעטע, ווייל איך האב דאך קיין רעכט צו שיעסען לאָרד בערעספֿאָרד'ס פֿאזאַנען, אבער צווייא שיללינג זיינען בייא מיר דאמאלס געווען אגאנצעס פֿערמעגען אונ איך האב מיך געפֿרעהט, וואס איך האב ענדליך געלד.

אזוי איז פֿערגאנגען דיא וואַקאַנץ. איך אונ דאָלאַן האבען זיך נאך אמאל אריינגעגנבעט אין לארד בערעספֿאָרד'ס וועלדער אונ האבען ווידער געשאסען פֿאזאַנען אונ אנדערע פֿויגעל אונ דאָלאַן האט זייא פֿערקויפֿט.

ווען מיר זיינען ענדליך צוריק געפֿאהרען קיין אַבערדין, האב איך געהאט אגאנצען פֿונט סטערלינג בייא מיר. דאָלאַן האט געהאט מעהר געלד פֿון מיר אונ מיר האבען ווידער אנגעהויבען צו לעבען, וויא פֿאר אַיאָהרען: שפּיעלען

אין קאַרטען, ארומגעהן אין דיא גאַסען און טרינקען. אזוי וויא איך בין געבליעבען אין מיין קלאס אויפ'ן צווייטען יאהר, האב איך ניט געהאַרפט פיעל לערנען און האב געהאט צייט אויף אלעס.

## 3.

## איך מוז ווערן א מאטראז.

דער ווינטער איז פערגאנגען און איך בין געווארען מיט יעדען טאג אלץ מעהר פערהאַרבען. איך האב מיט שווערער מיה אויסגעהאלטען מיין עקזאמען און איך בין געפאהרען אהיים. מיין פאָטער האט בעמערקט, אז איך בין געווארען אגאנץ אנדערער מענש. אין דיא לעצטע פאר יאהר און האט אנ-געהויבען זיך בעסער צו צו קוקען צו מיר, איך האב שוין אבער געוואוסט, וויא איהם אָפצונארען און וויא זיך אויסצודרעהן פון איהם, אז ער איז ניט געוואהר געווארען, וואס איך טוה, ווען איך בין אין דערהיים.

איך און דאַלאַן האבען אנגעהויבען צו געהן יעדען טאג אויף דער יאגד אין לאָרד בערעספאָרד'ס וועלדער און שיעסען זיינע פאזאנען, אז מיר האבען שוין איבערגעלאזען פאר איהם זעהר וועניג. איין מאל, ווען מיר זיינען שוין געגאנגען אהיים און האבען געטראגען פולע יאגד טאשען מיט פויגעל, זיינען מיר צו געקומען צום גראבען ארום וואלד און האבען געוואלט איהם אריבער-שפרינגען, וויא מיר פלעגען שטענדיג טאהן, האבען מיר פלוצלונג דערהערט א הויכע און שטרענגע שטימע:

— שטעהט! ריהרט אייך ניט פון אָרט, אדער איך שיעס אייך!

איידער מיר האבען צייט געהאט זיך אומצוקוקען, האבען אונז שטארקע הענד אנגעהאפט און מען האט אונז געבונדען דיא הענד אויפ'ן רוקען. — פאר אונז איז געשטאנען לאָרד בערעספאָרד מיט זיינע מענשען.

— ווער ביסט דוא? האט מיך לאָרד בערעספאָרד געפרעגט.

— איך בין ריטשאַרד קעמדען, דער זוהן פונ'ם גייסטליכען קעמדען, האב איך געענטפערט.

— און ווער ביסט דוא? האט דער לאָרד געפרעגט מיין פריינד דאַלאַן.

— איך בין פעטער דאַלאַן, דער זוהן פון פארמער דאַלאַן.

— איך קען איהם, האט דער לאָרד געזאגט קורץ און שארף.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו זיינע מענשען און האט זיי געזאגט:

— פיהרט זיי אוועק אין שלאָס און פערשפאַרט זיי אין טהורם, איך וועל שוין וויסען וויא צו בעשטראפען דיעזע גנבים.

זיינע דיענער האבען אונז אוועק געפיהרט אין שלאָס און האבען אונז

פֿערשפאַרט אין אין אַפֿינסטערן צימער. ערשט יעצט האב איך אנגעהויבען צו פֿיהלען, וויא טיעף איך בין געפֿאלען, וויא וויט דאָלאַן האט מיך פֿערפֿיהרט און וויא שלעכֿט איך בין געווארען. איך האב געוויינט מיט ביטערע טרערין, איך האב מיר געריסען דיא האָר פֿונ'ם קאפּ, איך האב געבראָכֿען דיא הענד, האב געבעטען, מען זאל מיך אָפלאזען, איך וועל עס שוין מעהר ניט טאהן, איך וועל מיך בעסערן, איך וועל ווידער לערנען פֿלייסיג, אבער קיינער האט מיך ניט געהערט.

דאָלאַן דאגעגען איז געוועזען גאנץ רוהיג. ער האט זאָגאַר פּראָבירט מיך צו טרייכטען און מיך צו בערוהיגען.

— וואס וויינסט דוא, גרויסער נאַרר? האט ער געזאגט צו מיר. וואס קען מען אונז טאהן? מיר זיינען נאך קינדער, מען קען אונז איינזעצען אין געפֿענגנים דערפֿאר, וואס מיר האבען געשאסען אַ פּאר פֿויגעל.

איך האב איהם אבער ניט געוואלט הערן און האב אזוי לאנג געוויינט, ביז איך בין אנטשלאפֿען געווארען אויף דער הארטער באנק אין צימער. אין דער פֿריה בין איך אויפֿגעשטאנען אביסעל רוהיגער. איך האב מעהר ניט געוויינט; יעדעס מאל אבער, ווען איך פֿלעג מיך דערמאנען, אז מיין פֿאָטער וועט באלד קומען און וועט אקוק טאהן אויף מיר, פֿלעג איך אציטער טאהן. איך האב זעהר גוט געפֿיהלט, וויא מיין אונגליקליכֿער פֿאָטער וועט זיין געקרענקט, ווען ער וועט געוואהר ווערן, וואו מען האט מיך געכאפּט און מיט וועמען מען האט מיך געכאפּט.

איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז מיין פֿאטער קען פֿערליערען זיין שטעלע, זיין ברויט, דורך מיר. און איך בין געוועזען פֿערצווייפֿעלט.

ארום צעהן אוהר אין דער פֿריה איז געקומען אַ דיענר פֿון לארד בעעספֿאָרד און האט מיך גערופֿען צום לארד אין שרייב צימער. דארט האב איך געפֿונען מיין פֿאטער, ער איז געשטאנען מיט'ן קאפּ אראפּ געלאזען, דיא אייגען צו דער ערד, טרויעריג און פֿערשעהמט, וויא אַפֿערברעכֿער שטעהט פֿאר אַ שטרענגען ריכֿטער. עס האט מיר פֿערקלעמט ביים הארצען, ווען איך האב דערזעהן מיין פֿאטער אזוי טרויעריג און אזוי ניעדער געשלאגען. איך האב עס ניט געקענט איבער טראגען, בין געפֿאלען אויף דיא קניע פֿאר לארד און האב אנגעהויבען צו וויינען.

— מיין פֿאטער איז גאר ניט שולדיג, הערר לארד! האב איך אויסגערופֿען, מיין פֿאטער האט שוין לאנג מיר ניט געהייסען זיך ארומפֿיהרען מיט דאָלאַן, איך האב איהם ניט געפֿאלגט, איך בין אין גאנצען שולדיג, הערר לאָרד! בעשטראפֿט מיך און לאזט אפּ מיין פֿאטער!

לארד בערעספֿאָרד האט מיר געהייסען אויפֿשטעהן און דערצעהלען אלעס, וואס עס האט מיט מיר פּאסירט, זייט איך בין בעקאנט געווארען מיט

דאָלאַן. איך האב אלעם דערצעהלט, האב זעהר געוויינט אונ האב געבעטען דעם לארד, ער זאל מיך בעשטראפֿען, וויא ער פֿערשטעהט, ער זאל אבער מיין פֿאטער גאר נישט טאהן.

דער לארד האט מיך אויסגעהערט איפֿמערקזאם, האט געטראכֿט איינינע מינוט אונ האט דאן געזאגט:

— מיר דאכֿט אז דער יונג איז נאך ניט אין גאנצען פֿערדארבען, ער קען נאך ווערן אגוטער אונ נוצליכֿער מענש.

ער האט אנגעקלונגען אין זילבערנעם גלעקעל אויף זיין טיש. א דיענער איז באלד אריינגעקומען.

— פֿיהר אוועק דיזען יונגען אין צימער הינטער דער קיך אונ פֿערשליעס איהם דארט, האט דער לארד געזאגט צום דיענער.

דער דיענער האט מיך אוועק געפֿיהרט אונ האט מיך אריינגעלאזען אין אשעהנעם, ליכֿטיגען צימער, וואו עס איז געשטאנען אַ בעט, א טיש אונ עטליכֿע שטוהלען אונ האט מיך דארט פֿערשלאסען.

איך בין געבליבען אין יענעם צימער דרייא טע̇ג, אדיענער פֿלעגט מיר ברענגען עסען אונ טרינקען, ער פֿלעגט אבער מיט מיר ניט רעדען קיין ווארט. איך האב איהם געפֿרעגט, וואו איז מיין פֿאטער, ער האט מיר ניט געענטפֿערט, איך האב איהם געפֿרעגט, וואס דער לאָרד האט געטאהן מיט דאָלאַן, ער האט מיר ניט געענטפֿערט; איך האב פֿערבראכֿט דרייא לאנגע, שווערע, טרויעריגע טעג.

אויפ'ן פֿיערטען טאג איז מיין פֿאטער געקומען צו מיר, ער איז געוועזען אליין, ער האט מיך בעטראכֿט איינינע מינוט טרויעריג אונ ניעדער געשלאגען, דאן האט ער געזאגט שטילערהייט אונ לאנגזאם:

— ריטשארד, איך בין ניט געקומען דיך צו בעשטראפֿען אדער דיר צו מאכֿען פֿאָרווירפֿע. דיא שמערצען, וועלכֿע איך, דיין מוטער, דיינע ברידער אונ שוועסטער האבען געליטען אין דיעזע עטליכֿע טעג אונ אלעס, וואס דוא וועסט האבען צו ליידען זיינען אַגרויסע שטראפֿע פֿאר דיר אונ פֿאר אונז. — מיין זוהן, דוא קענסט מעהר ניט בלייבען בייא אונז, דוא מוזט ווערן אַ מאטראָז. איך וויים, אז אַ מאטראָז ארבייטעט שווער אונ ביטער; איך וויים, אז אַ מאטראָז געפֿינט זיך שטענדיג אין אַגרויס געפֿאהר; איך האב קיין מאל ניט געטראכֿט אז דוא זאלסט דארפֿען ווערן אַ מאטראָז, יעצט מוז איך עס אבער. דוא מוזט ווערן אַ מאטראָז, אזוי וויל עס לארד בערעספֿאָרד, אונ דוא וויים̇ט זעהר גוט, אז מיר מוזען איהם פֿאלגען. ער האט דיך געחאפט גנבענען בייא איהם פֿאַזאַנען, נאך דיא ענגלישע געזעצע מעג ער דיך אפגעבען פֿאר אַ מאטראָז אויף אַ קריעגס שיף. איך האב איהם קוים אַיינגעבעטען, ער זאל מיר ערלויבען דיך אפצוגיבען צו אַ שיפֿסקאפיטאן פֿון אַ קויפֿמאנס שיף. אויף אַזא

שיף ביזט דוא וועניגסטענס פריי און קענסט איבערגעהן פון איין שיף צום אנדערן. אויסער דעם האט לארד בערעספארד מיר צוגעזאגט, אז ער וועט מיר רעקאמאנדירען צו א רייכען קויפמאן, וועלכער האט עטליכע שיפען. איך וועל אויסקלייבען א גוטען, עהרליכען שיפסקאפיטאן, וועלכער וועט דיך לערנען, וויא צו פיהרען א שיף. ווען דוא וועסט לערנען פלייסיג און וועסט זיך גוט אויפפיהרען, קענסט דוא נאך מיט דער צייט אליין ווערן א שיפסקאפיטאן.

איך בין אויפגעשפרונגען פול פרייד, האב ארומגענומען מיין פאטער און האב אויסגערופען מיט טרערין אין דיא אויגען.

— איך דאנק דיר, ליעבער פאטער! — איך וועל לערנען, איך וועל זיין פלייסיג, איך וועל טאהן אלעס, וואס דוא וועסט מיר הייסען; איך וועל טאהן אלעס אין דער וועלט אום גוט צו מאכען דאס שלעכטע, וואס איך האב געטאהן דיר און מיין גוטער מוטער.

מיין פאטער האט מיך ארומגענומען און האט געוויינט. צום ערשטען מאהל האב איך איהם געזעהן וויינען, דאס האט מיר געשניטען מיין הארץ, וויא מיט מעסערס.

מיר האבען זיך ביידע גוט אויסגעוויינט און ווען מיר האבען זיך א ביסעל בערוהיגט האט מיין פאטער געזאגט צו מיר:

— לאמיר געהן א היים, ריטשארד, מיר מוזען זיך פארבערייטען אויף דער רייזע.

— אזוי גיך? האב איך געפרעגט ערשטוינט.

— דער לארד האט מיר געגעבען נור אכט טאג צייט, האט מיין פאטער געענטפערט.

— און נאך דיא אכט טעג?

— מוזען מיר פאהרען קיין ליווערפול און אויסזוכען אשיף, אויף וועלכען דוא זאלסט איינטרעטען אלס מאטראז.

איך האב מעהר ניט געפרעגט. מיר זיינען ארויס געגאנגען פון שלאס און זיינען געגאנגען אהיים, אויפ'ן גאנצען לאנגען וועג האבען מיר ניט גערעדט א ווארט. מיר האבען ניט געהאט וואס צו רעדען, אונזערע הערצער זיינען געווען אזוי פול און אזוי שווער, אז מיר האבען ניט געקענט רעדען.

מיין שרעקליכסטע שטראפע איז געווען, ווען איך בין געקומען א היים און האב דערזעהן דאס בלייכע געזיכט און דיא פערוויינטע אויגען פון מיין גוטער מוטער. קוים האט זיא מיך דערזעהן, איז זיא צוגעלאפען צו מיר, האט מיך ארומגענומען, האט געגאסען מיט טרערין און האט עטליכע מאל אויסגערופען:

— וואס האסט דוא געטאהן, דיק? פאר וואס האסט דוא זיך ארומגעפיהרט מיט'ן שלעכטען דאלאן?

איך האב געוויינט און האב איהר ניט געענטפערט. — וואס האב איך

איהר געקענט ענטפֿערן ? — איך האב גוט געפֿיהלט , אז איך בין אונגערעכֿט אונ האב גענוג געליטען דערפֿאר . — זיא האט זיך גוט אויסגעוויינט אונ האט ענדליך אונז געהייסען געהן צום טיש . איך האב זעהר וועניג געגעסען דיעס מאהל , איך האב מיך געצוואונגען מיט יעדען ביסען אונ האב געדאנקט גאט , ווען דאס עסען האט זיך געענדיגט אונ איך האב געקענט געהן מיך בעהאלטען אין מיין קעמריל .

דיא אכֿט טעג צייט , וועלכֿע לאָרד בערעספֿאָרד האט אונז געגעבען , זיינען פֿערגאנגען לאנג וויילינ אונ טרויעריג . איך מוז זאגען דיא ווארהייט , אז איך האב שוין אליין געוואלט אוועק פֿאהרען וויא צום גיכֿסטען , איך האב ניט געקענט זעהן דיא טרערין פֿון מיין מוטער אונ דיא שטילע שמערצען פֿון מיין פֿאטער .

איך האב קיין ווערטער צו בעשרייבען , וואס איך האב איבערגעליטען אין דיעזע אכֿט טעג . מיין פֿאטער האט געוואלט מיך ארויס שיקען אין דער וועלט , וויא אמענש . ער האט געוואלט מיך פֿערזארגען מיט קליידער אונ מיט פֿיעלע זאכֿען , וועלכֿע זיינען נעטהיג אויף א לאנגע רייזע אויפ'ן מעער . ער האט אבער ניט געהאט קיין געלד , אונזער פֿאמיליע האט געמוזט לעבען זעהר גענוי , ווייל דער געהאלט פֿון מיין פֿאטער איז קוים , קוים געווען גענוג אויפֿ-צוהאלטען אזא גרויסע פֿאמיליע וויא אונזערע .

איך ווייס נאך ביז היינטיגען טאג ניט , וואו מיין פֿאטער האט גענומען דאס געלד אויף רייזע קאסטען אונ אויף דיא זאכֿען , וועלכֿע ער האט מיר געקויפֿט אין ליווערפול . איך ווייס נור אזוי פֿיעל , אז איך האב שטודירט אויף קאָסטען פֿון לאָרד בערעספֿאָרד . מיין פֿאטער איז ניט געווען אים שטאנד צו גיבען מיר אזא גוטע ערציעהונג אונ צו האלטען מיך אין אשולע אין אבערדין . — דאס אבער בין איך ערשט יעצט געוואהר געווארען , ערשט יעצט , ווען עס איז שוין געווען צו שפעט .

ענדליך איז געקומען דער טאג , ווען איך האב געמוזט מיך געזעגענען מיט מיין מוטער , מיט מיינע ברידער אונ שוועסטער . איך וויל ניט בעשרייבען דיא טרויעריגע סצענע , איך קען זיא ניט בעשרייבען , אבער איך געדענק זיא נאך יעצט , ווען איך בין שוין אלט אונ ערווארט יעדען טאג דעם לעצטען טאג פֿון מיין לעבען . אלעס שטעהט מיר פֿאר דיא אויגען , גלייך וויא עס וואלט ערשט נעכֿטען געשעהן . איך זעה , וויא מיין מוטער שטעהט אונ וויינט , וויא מיינע ברידער שטעהן לעבען מיר טרויעריג , דיא קעפּ אראפּגעלאזען , פֿערטראכֿט אונ פֿערזארגט , וויא מיין שוועסטער מערי איז צוגעגאנגען צו מיר אונ האט מיר אריינגעלעגט אין דער האנד אבייטעלע מיט עטליכֿע בענים , דיא איינציגע עטליכֿע קופערנע כטבעות , וועלכֿע זיא האט אפגעשפארט פֿונ'ם לעצטען .

אך! איך געדענק אלעס, איך קען עס אבער ניט בעשרייבען, ווייל מיין הארץ ווערט צוריסען איף שטיקער, ווען איך דערמאן מיך אן דיעזער סצענע. וואס העלפט עס אבער? יעצט איז שוין צו שפעט. — וואו זייט איהר ערגעץ יעצט, מיינע ליעבע, טהייערע ברידער און שוועסטער? איהר שלאפט אייער אייביגען שלאף אין דער קאלטער ערד, און איך? — איך לעב און לייד...

## 4.

## דיא „מאריא לואיזע".

ענדליך בין איך מיט מיין פאטער אוועק געפאהרען קיין ליווערפול. מיר האבען געמוזט פאהרען מיט אַן׳אָמניבוס, ווייל דאמאלס זיינען נאך ניט געוועזען קיין אייזענבאהנען. איף דער רייזע האט מיט אינז גאר ניט פאסירט, איך געדענק נור, אז דיא רייזע האט געדויערט פינף טעג.

מיר זיינען אנגעקומען קיין ליווערפול גאנץ פריה און זיינען פערפאהרען אין אַ גאסט הויז. מיר האבען אפגעטרונקען טהעע און זיינען באלד אוועקגעגאנגען. מיין פאטער איז געגאנגען צום רייכען קויפמאן מיט לאָרד בערעספאָרדס בריעף, איך בין געגאנגען אנקוקען דיא גרויסע און שעהנע שטאדט.

איך שעהם מיך ניט אויסצוזאגען, אז קוים בין איך אנגעקומען קיין ליווערפול, האב איך פערגעסען אלעס אין דער וועלט און בין געלאפען צום פארט בעטראכטען דיא הונדערטער שיפען, וועלכע געפינען זיך שטענדיג אין דיעזער גרויסער און בעריהמטער וועלט שטאדט. איך האב צום ערשטען מאל געזעהן אזוי פיעל גרויסע און שעהנע שיפען צוזאמען, אזוי פיעל מאַטראָזען, אזוי פיעל סחורות, און אזעלכע פערשיעדענע מענשען. איך האב בעקומען לוסט צו פאהרען אויף אַ שיף, צו וואנדערן און צו זעהן דיא וועלט. איך בין געוועזען זעהר צופריעדען, וואס עס האט זיך אזוי געמאכט, וואס איך מוז ווערן אַמאטראָז.

אין דער צייט וואס איך בין געגאנגען צום פאָרט, בעטראכטען דיא שיפען, איז מיין פאטער געגאנגען צו דעם רייכען קויפמאן, צו וועלכען לאָרד בערעספאָרד האט איהם געגעבען אַ בריעף. ער האט איהם אבער ניט געטראפען אין דער היים. דער רייכער קויפמאן איז אוועק געפאהרען אויף אַ פאר מאנאטע קיין פראנקרייך. מיין פאטער איז געוועזען פערצווייפעלט און האט זיך ניט געקענט געפינען קיין ראטה: פאהרען אהיים האט ער ניט געקענט, ווייל לאָרד בערעספאָרד האט איהם אנגעזאגט, אז ער זאל מיך באלד אוועק שיקען אויף אַ שיף, ווארטען, ביז דער קויפמאן וועט צוריק קומען, איז געוועזען אונמעגליך, ער האט ניט געהאט אזוי פיעל געלד מיט זיך, דאס לעבען אין אַ גאסט הויז קאסט זעהר טהייער פאר אַן׳ארימען מענשען.

מיין אָרימער פֿאטער האט געטראכֿט, געקלערט און זיך געבראכֿען דעם קאפּ, וואס ער זאל יעצט טאהן. ענדליך איז איהם איינגעפֿאלען, ער זאל זיך ווענדען צו אַ מעקלער, אַן'אַגענט, וויא עס הייסט אין ליווערפול, און זאל איהם בעטען, ער זאל איהם רעקאמאנדירען אנ'עהרליכֿען שיפֿסקאפּיטאן וועלכֿער זאל מיך אויפֿנעהמען אויף זיין שיף און זאל מיך לערנען, וויא צו פֿיהרען אַ שיף.

ער איז ארומגעגאנגען אַ גאנצען טאג און האט געזוכֿט אַזא מעקלער. איניגע האבען מיך געוואלט אויפֿנעהמען, זייערע שיפֿען זיינען אבער געגאנגען קיין אפֿריקא, אהין האט מיין פֿאטער ניט געוואלט מיך שיקען, ווייל דאס קלימא איז דארט זעהר שלעכֿט. אנדערע האבען פֿערלאנגט פֿון איהם געלד, ער זאל בעצאהלען פֿאר מיין לערנען. ענדליך האבען מיר אויסגעפֿונען אנ'אַגענט, וועלכֿער האט אונז אויפֿגענומען גאנץ פֿריינדליך און האט אונז געזאגט, אז ער האט אַ שיף, וועלכֿעס וועט איבער מארגען אפּפֿאָהרען מיט עמיגראנטען קיין קאַנאַדאַ.

— דער שיפֿסקאפּיטאן איז אגוטער מענש, האט ער געזאגט צו מיין פֿאטער, ער וועט האלטען אייער זוהן, וויא זיין אייגען קינד און וועט איהם לערנען אלעס, וואס א שיפֿס'קאפּיטאן דארף קענען. ער פֿערלאנגט א קלייניגקייט, — דער פֿאטער זאל איהם געבען פֿינף פֿונט סטערלינג און זאל אונטערשרייבען א קאנטראקט, אז ער גיט מיך אפּ אויף דרייא יאהר אומזיסט, און דיעזע דרייא יאהר דארף דער שיפֿסקאפּיטאן מיר גיבען נור עסען, ווייטער קיין זאך ניט. נאך דיא דרייא יאהר ווען איך וועל וועלען בלייבען בייא איהם, וועט ער מיר צאהלען, וויפֿיעל איך וועל ווערטה זיין.

פֿינף פֿונט סטערלינג איז געוועזען א גרויסע סומע געלד פֿאר מיין פֿאטער ער האט זיך אבער ניט געקענט אנדערש העלפֿען. ער האט געמוזט איינוויליגען און האט א וועקגעגעבען זיין לעצטען גראשען. איך האב עס זעהר גוט געוואוסט און עס האט מיר געריסען ביים הארצען. וואס האב איך אבער געקענט טאהן? איך האב געמוזט איינטרעטען אויף א שיף.

— איהר ווילט געוויס זעהן דעם שיפֿסקאפּיטאן, וועלכֿער וועט אויפֿנעהמען אייער זוהן, האט דער אגענט געזאגט צו מיין פֿאטער, — וואַרט א ווײַלע, ער וועט באלד קומען און איהר וועט זיך איבערצייגען, וואס פֿאר אַ גוטער און פֿיינער מענש ער איז.

מיר האבען געווארט אין קאנטאר פֿונ'ם שיפֿס אגענט. איך האב מיך דער ווייל אומגעקוקט, וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט. אין דעם גרויסען צימער, וואו מיר האבען זיך געפֿונען, זיינען געוועזען אָנגעלעגט קאסטענס קעסטלעך, שטריק, שטיקער אַייזען, אלערליי אינסטרומענטען, וועלכֿע זיינען מיר געוועזען אונבעקאנט, ווייל איך האב ניט געוואוסט, צו וואס מען דארף זיי

אלע זאבען זיינען אבער געווען בעדעקט מיט שטויב אויף א פינגער דיא גרעב אונ איך האב ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס מען רייניגט ניט אפ דעם שטויב.

אזוי וויא איך האב אזוי בעטראכט דעם קאנטאר פון דעם שיפסאגענט. האט זיך דיא טהיר געעפענט אונ אַ ניעדעריגער מאן מיט רויטע האר אונ מיט א רויטער נאז איז אריינגעקומען אין צימער. —

— אָט איז ער! אט איז מיין פריינד, דער שיפסקאפיטאן דזאָן שעללי. האט אויסגערופען דער אגענט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער פאָרגעשטעלט פאר מיין פאטער דעם מאן, וועלכער וויל מיך אויפנעהמען אויף זיין שיף. ער האט דערצעהלט דעם קאפיטאן אין קורצע ווערטער, וואס מיין פאטער פערלאנגט אונ וואס פאר אַ קאנטראקט ער האט מיט איהם געמאכט.

איך האב מיך צוגעהערט, וואס מען רעדט פון מיר.

— זייט זיכער, אז איך וועל מאכען א מענשען פון אייער זוהן, האט קאפיטאן שעללי געזאגט צו מיין פאטער, איך ווייס וויא ארומצוגעהן מיט דיא יונגען, וועלכע דיענען אויף מיין שיף. איך שלאג זיי קיין מאהל ניט אונ זיי טהוען אלעס, וואס איך הייס זיי. זיי ציטערן פאר מיין בליק.

מיר איז צוואר זעהר ניט געפעלען דיא געשיכטע, איך האב זעהר ניט געוואלט ציטערן פאר יענעמס בליק, איך האב אבער ניט געקענט העלפען. איך האב געמוזט הערן, זעהן אונ שווייגען.

— ווען דענקט איהר ארויסצופאהרען, קאַפיטאַן? האט מיין פאָטער געפרעגט.

— אין אכט אדער צעהן טאג ארום, האט דער קאַפיטאַן געענטפערט.

— אבער הערר קרודין (אזוי האט געהייסען דער אגענט) האט דאך מיר געזאגט, אז איהר פאהרט ארויס איבער מארגען? האט מיין פאָטער געפרעגט ערשטוינט.

— איך האב גערעכענט ארויס צופאהרען איבערמארגען, איך האב אבער גאר פלוצלונג בעמערקט, אז אין דער „מאַריאַ לואיזע" — אזוי הייסט מיין שיף — איז עפעס צו בראכען געווארען אונ איך מיז בלייבען אין ליווערפול, ביז איך וועל זיא אויסבעסערן. דאס דארף גדויערן אכט ביז צעהן טאג.

וואלט מיין פאטער מעהר געווען בעקאנט מיט דער וועלט, וואלט ער געוואוסט, אז דער אגענט אונ דער שיפסקאַפיטאַן האבען ביידע געזאגט אליגען. דיא „מאַריא לואיזע" איז געווען אַן עמיגראנטען שיף. זיא פלעגט פיהרען עמיגראנטען אונ ענגלישע סחורות קיין קאַנאַדאַ. זיא האט געוואהט אויף עמיגראנטען, בעזאָנדערס אויף עמיגראַנטען פון דער דריטער קלאַסע, עס האט זיך אין איהר גאר ניט צובראכען אונ מען האט קיין זאך ניט גע-דארפט רעפארירען.

מיין פאָטער האט אבער ניט געוואוסט, אז אין דער וועלט איז מען געוואוינט צו זאגען ליגען גאנץ איינפאך, ווייל מען וויל זאגען אליגען, אונ ער האט געגלויבט אלעם, וואס דער אגענט אונ דער שיפסקאפיטאַן האבען איהם געזאגט.

—קען איך זעהן אייער שיף? האט מיין פאָטער געפרעגט.

—געוויס, קענט איהר זיא זעהן! האט קאפיטאַן שעללי אויסגערופען, וואס וועט איהר אבער זעהן יעצט, ווען מען ארבייט אויף איהר?

מיין גוטער פאָטער האט געוואלט זעהן, וואו איך וועל שלאפען, וואו איך וועל עסען אונ מיט וועלכע מענשען איך וועל מוזען פערברענגען דריי יאהר פון מיין יוגענד, פון דיא בעסטע צייט פונ'ם מענשענס לעבען. דער שיפסקאפיטאַן האט אבער ניט געוואלט, אז א פרעמדער מענש זאל זעהן, וויא שמוציג זיין שיף איז אונ האט איהם דערצעהלט, אז מען ארבייטעט אויף דעם שיף אונ אלעם איז אין אשרעקליכער אונארדנונג.

מיר האבען נאך אוועקגערעדט איניגע צייט מיט'ן שיפס אגענט אונ מיט קאפיטאַן שעללי אונ זיינען געגאנגען אין אונזער גאסטהויז שלאפען.

דאס איז געווען דיא לעצטע נאכט, וואס איך האב געשלאפען מיט מיין פאָטער צוזאמען. ער האט לענגער ניט געקענט בלייבען אין ליווערפול, ווייל ער האט קיין געלד ניט געהאט, ער האט אפגערעדט מיט'ן אגענט, אז זא לאנג דיא „מאַריא לואיזע" וועט בלייבען אין ליווערפול, זאל איך עסען אונ שלאפען בייא איהם אין קאנטאָר, דער פאר וועל איך איהם צאהלען א שיללינג א טאג. (אשיללינג איז אַן ערך פון 50 קאָפיקעס רוסישעם געלד).

דעם אנדערן טאג זיינען מיר אויפגעשטאנען גאנץ פריה אונ מיר זיינע געגאנגען איינקויפען איניגע זאכען, וועלכע מיין פאָטער האט געפונען פאר נעטהיג פאר א לאנגע רייזע אויפ'ן מעער. געגען מיטאג צייט זיינען מיר פערטיג געווארען מיט אינזערע איינקויפע אונ עס איז ענדליך געקומען דיא שרעקליכע מינוט, ווען איך האב געמוזט זיך שיידען מיט מיין פאָטער.

ער האט א־ויס גענומען זיין גרויסע זילבערנע טאשענאוהר אונ האט זיא מיר דערלאנגט.

—איך דארף זיא ניט, ריטשאַרד, האט ער מיר געזאגט אונ פון זיינע אייגען האבען זיך געגאסען טרערין, נעהם דוא זיא, אויפ'ן וועג קען זיא דיר צוניץ קימען.

—איך קען זיא ניט נעהמען בייא דיר, פאטער, האב איך געענטפערט, איך וועל זיא צוברעכען, אדער גאר פערליערן. וואס טויג מיר א טאשען אוהר אויפ'ן מעער?

מיט שווערער מיה איז עס מיר ענדליך געלונגען איינצורעדען מיין פאָטער, ער זאל זיך לאזען זיין אוהר. מעהר האט ער ניט געהאט וואס מיר

צוגעבען

צוגעבען. ער האט מיך ארומגענומען, האט געוויינט און האט מיך ווידער ארומגענומען. עס איז איהם געווען זעהר שווער זיך אפצורייסען פון מיר. איך האב עס ענדליך ניט געקענט אייסהאלטען און האב אויסגערופען:

—זייא געזונד, ליעבער פאטער! גרים מיין מוטער! גרים מיינע ברידער און שוועסטער! דרייא יאהר זיינען ניט פיעל; מיר וועלען זיך נאך ווידער זעהן, מיר וועלען נאך גליקליך זיין!

איך האב עס געמיינט ערנסט, ווייל איך האב נאך ניט געקענט דיא וועלט. איך בין געווען זיכער, אז איך וועל נאך ווידערזעהן מיינע עלטערן, מיינע ברידער און שוועסטער. ליידער! עס האט זיך אויסגעלאזען אנדערש. איך האב זיי שוין מעהר ניט געזעהן.

אבער צו וואס זאל איך האפען פאראויס? לאמיך דערציעהלען, וואס עס האט ווייטער מיט מיר פאסירט.

מיין פאטער האט זיך ענדליך אוועקגעריסען פון מיר, האט געוויינט און איז אוועק געפאהרען. איך בין געבליבען אליין אין דער וועלט שטאדט ליווערפול. — איך בין אליין, איך בין פריי, איך מעג טאהן, וואס איך וויל. — וואס זאל איך אבער טאהן?

—איך מוז געהן זעהן דיא „מאריא לואיזע"! האב איך אויסגערופען, איך מוז זעהן דאס שיף, וואו איך מוז פערברענגען דריי יאהר לויט אונזער קאנטראקט.

איך בין געלאפען צום אגענט און האב איהם געפרעגט:

—וואו געפינט זיך ערגעץ דיא „מאריא לואיזע"?

—צו וואס דארפסט דוא עס וויסען?

—איך וויל געהן און העלפען ארבייטען, האב איך געענטפערט.

—דוא וועסט האבען גענוג ארבייט, ווען דיא „מאריא לואיזע" וועט ארויספאהרען, האט דער אגענט מיר געענטפערט קאלט.

—איך האב אבער ניט וואס צו טאהן, איך וויל מיך בעקענען מיט מיינע קאמעראדען, מיט דיא מענשען מיט וועמען איך וועל דארפען לעבען צוזאמען, האב איך ערקלערט.

—דאן געה צו דיא דאק'ס, דארט וואו דיא שיפען שטעהן, וועמען דוא וועסט פרעגען, דער וועט דיר ווייזען, וואו דיא „מאריא לואיזע" געפינט זיך.

מעהר האט ער מיט מיר ניט געוואלט רעדען. מיר איז זעהר ניט געפעלען דער קאלטער טאן, מיט וועלכען ער האט מיט מיר גערעדט. איך האב אבער מיר ניט געקענט העלפען.

איך בין אוועק געגאנגען צו דיא דאק'ס, וואו דיא שיפען שטעהן.

איך

## 5.

## איך מאך בעקאַנטשאַפֿט. — סילאַס פֿלינט.

אין דיא דאָקס פֿון ליווערפּול קען מען שטענדיג געפֿינען פֿינף ביז זעקס הונדערט שיפֿען. אין ערטער שטעהן זיי איינס לעבען אנדערן גאנץ געדיכט און זייערע זעגעלבוימער ווייזען אויס פֿון דער ווייטען, וויא אַ וואלד; איי אנדערע ערטער שטעהן נור צוויא דרייא שיפֿען צוזאמען.

איך בין צוגעקומען צום ערשטען דאָק און האב געפֿרעגט איינעם:

—וואו שטעהט ערגעץ דיא „מאַריאַ לואיזע"?

—איך וויים ניט, האט מיר דער מאן געענטפֿערט קורץ און שארף, דא איז ניטא קיין שיף מיט'ן נאמען „מאַריאַ לואיזע".

איך בין אוועק געגאנגען אויף אַנ'אנדער דאָק, דארט האט מען אויך ניט געוואוסט פֿון דער „מאַריאַ לואיזע". איך בין געגאנגען ווייטער און ווייטער, ביז ענדליך פאר נאכט בין איך געקומען אויף אַ דאָק, וואו איך האב געטראפֿען אזאָנדערבאַרען מאן פֿאר מיר און האב איהם געפֿרעגט:

—געפֿינט זיך דא ניט אשיף מיט'ן נאמען „מאַריאַ לואיזע"?

—אט שטעהט זיא דאך פֿאר אייערע אויגען, האט דער מאן געענטפֿערט מיט אשמייכעל וואס דארפֿט איהר אויף דער „מאַריאַ לואיזע"?

—איך בין איינגעטרעטען איף דער „מאַריאַ לואיזע" אלס מאַטראָז, האב איך געענטפֿערט שטאלץ.

—אזוי! האט דער מאן געענטפֿערט מיט אגעלעכטער, זייא נעהמען אויף יונגע קינדער אלס מאַטראָזען?

איך האב מיך צוגעקוקט צו דעם מאן, וועלכער האט זיך ערלויבט אויסצולאכען דאס שיף, אויף וועלכעס איך בין איינגעטרעטען אלס מאַטראָז. דאס איז געוועזן אַ מאן פֿון איאהר עטליכע און דרייסיג, ניט הויך, אבער שטארק געבויט, מיט ברייטע פלייצעס און מיט אפאר אייזערנע הענד. ער האט געטראגען אגרויסען שטרויהוט מיט אקורצען פעלץ פֿון מאַרדער אדער פֿון ביבער אויף אַ פאר גאנץ קורצע נאַנקענע הויזען. אין דרויסען איז שוין געוועזן גאנץ קיהל און דער פעלץ וואלט שוין געפאַסט, אבער דער שטרויהוט? דיא נאַנקענע הויזען? וויא קען מען געהן מיט אשטרויהוט און מיט אַפעלץ פֿון מאַרדער? דאס האב איך ניט געקענט פֿערשטעהן. אלענפֿאלס האט מיך דער מאן פֿעראינטערעסירט.

—ווער זייט איהר דען, מיין הערר? האב איך געפֿרעגט.

—איך בין אַנ'אַמעריקאַנער, האט ער מיר געענטפֿערט קורץ און שארף.

—וואס טהוט איהר דא, אויפ'ן דאָק? — זייט איהר אויך אמאַטראָז?

ניין

—ניין, איך בין אַ פּאסאזשיר אויף דער „מאַריאַ לואיזע", האט ער געענטפערט.

—דאן וועלען מיר פאהרען צוזאמען! האב איך אויסגערופען.

—געוויס וועלען מיר פאהרען צוזאמען, האט דער אמעריקאַנער געענטפערט אבער ווען וועלען מיר פאהרען?

—אין אכט אדער צעהן טאג ארום, אזוי האט מיר דער שיפסקאַפּיטאַן געזאגט, האב איך געענטפערט.

—ווען האט ער עס איך געזאגט?

—נעכטען.

—מיר האט ער עס געזאגט מיט צווייא וואכען צוריק, האט דער אמעריקאַנער געענטפערט.

—אזוי? ווארט איהר שוין זייט צווייא וואכען אויף דער „מאַריאַ לואיזע"? האב איך געפרעגט.

—איך דענק, אז עס זיינען דא פאסאזשירען, וועלכע ווארטען שוין זייט פיער וואכען אויף דיא „מאַריאַ לואיזע", האט דער אמעריקאַנישער געלאכט.

איך בין אראפגעפאלען פון מיין זיעבעטען הימעל. איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דער אגענט קרודין און דער שיפסקאַפּיטאַן שעללי האבען אונז אפגענארט. דיא „מאַ יאַ לואיזע" קען נאך בלייבען אין ליווערפול עטליכע וואכען. — אלזא, מען האט אונז געזאגט א ליגען, מען האט אונז בעשווינדעלט, מען האט אונז אפגענארט! איך האב עס אבער ניט געוואלט גלויבען און האב אויסגערופען:

—דיא „מאַריאַ לואיזע" וואלט שוין לאנג אוועקגעפאהרען, דער שיפסקאַפּיטאַן האט אבער בעמערקט, אז עפעס איז צובראכען געווארען און מען דארף עס רעפּאַרירען.

דער אמעריקאַנער האט זיך צולאכט.

—עפעס איז צובראכען געווארען? האט ער אויסגערופען און האט זיך געהאלטען ביי דיא זייטען פאר געלעכטער, — דאס איז אליגען! — עס איז גאר ניט צובראכען געווארען. זייא האבען נור פינף הונדערט פאסאזשירען, זייא ווילען אבער מיטנעהמען אכט הונדערט און זייא ווארטען, ביז עס וועלען אָנקומען נאך פאסאזשירען. אויסער דעם נעהמען זייא אויף פערשיעדענע סחורות קיין קוועבעק, דיא הויפטשטאדט פון קאַנאַדאַ. איך קען זייא גוט, דיא ענגלישע שיפען, זייא לאזען זייערע פאסאזשירען ווארטען, וואס הארט עס זייא וואס דיא פאסאזשירען פערצעהרען זייער לעצטען סענט אין דיא גאסטהייזער פון ליווערפול, גלאַזגאָ און לאָנדאָן?

מיר איז דער אמעריקאַנער געפעלען. ער האט גערעדט אזוי פרייא און

האט

האט מיר געגעבען צו פערשטעהן, אז דיא אייגענטהימער פון שיפען בערויבען אונ בעשווינדלען דיא פאסאזשירען.

—וויא הייסט איהר? האב איך געפרעגט מיין נייעם בעקאנטען.

—איך הייס סילאס פלינט, האט ער מיר געענטפערט.

—קומט מיט מיר אויפ'ן שיף, לאמיר זעהן, וואס דארט טהוט זיך, האב איך געבעטען.

—איהר האט ניט וואס צו געהן, האט סילאס פלינט געזאגט גאנץ רוהיג. עס איז קיין זאך ניט צובראכען, קיין זאך איז ניט אויסער ארדנונג, זייא ווארטען גאנץ איינפאך אויף עמיגראנטען אונ אויף פראכט, סחורות פון ענגלאנד.

—איך וויל אבער דאך זעהן דאס שיף, וואו איך מוז פערברענגען גאנצע דרייא יאהר.

—דרייא יאהר? האט איבערגעפרעגט דער אמעריקאנער.

—אזוי האט מיין פאטער אפגעמאכט מיט'ן אגענט פונ'ם שיף, ער האט אונטערגעשריעבען א קאנטראקט אונ איך מוז האלטען דעם קאנטראקט.

—אייער פאטער איז „א גרין האָרן"! האט אויסגעפלאצט דער אמעריקאנער, וויא אזוי שרייבט מען עס אונטער א קאנטראקט מיט מענשען, וועלכע מען קען ניט?

איך האב ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן. איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז מען האט מיין פאטער בעשווינדעלט. לייר, איז עס געווען צו שפעט. איך האב מיר געמאכט הארץ אונ האב געבעטען מיין נייעם בע-קאנטען, ער זאל געהן מיט מיר אויפ'ן שיף. מיר זיינען ארויפגעגאנגען אויף ברעטער אויף דער „מאריא לואיזע". אויפ'ן דעק האט עס געקאכט אונ גע-זאטען. הונדערטער מענשען האבען געטראגען קאסטענס, קעסטלעך, זעק אונ באללען. מען האט געשריען, געליארמט, זיך געזידעלט, זיך געשאלטען אונ זיך געקריעגט אויף אלע מעגליכע שפראכען אונ מיט אלע מעגליכע שימפף אונ שמוץ ווערטער.

איך בין געווען צומישט, איבערראשט אונ פערטויבט. איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. אויף אזא יאריד בין איך נאך קיין מאל ניט געווען. ווען איך האב מיך אביסעל בערוהיגט, האב איך אנגעהויבען צו זוכען מיט דיא אויגען דעם שיפסקאפיטאן. איך האב איהם אבער אין ערגעץ ניט געזעהן. איך האב בעמערקט, אז איינער פון דיא מענשען אויפ'ן שיף קאמאנדירט. איך האב געזעהן, וויא אלע פרעגען איהם, וואו צו לעגען אונ וואו צו שטעלען דיא קאסטענס, וועלכע זייא האבען ארויפגעבראכט. איך האב פערשטאנען, אז ער איז דער ערשטער אפיציער פון דער „מאריא לואיזע" אונ בין צוגעגאנגען צו איהם.

מיין

—מיין הערר, האב איך איהם געזאגט, איך דענק, אז איהר ווייט דער ערשטער אָפֿיציער אויף דיעזעם שיף . . .

—אַלזאָ, וואס ווילסט דוא? האט ער מיך געפֿרעגט גראָב און האט געוואָרפֿען אויף מיר אשטרענגען, ווילדען בליק, גלייך וויא ער האט געוואלט מיך דורכלעכערן.

—איך בין איינגעטרעטען אויף דיעזעם שיף אלס מאַטראָז, האב איך געענטפֿערט מיט אַרחמנות'פנים, — און איך בין געקומען אייך העלפֿען עפעס טאהן.

—דוא — מיר העלפֿען? האט אויסגערופֿען דער ערשטער אָפֿיציער און האט ארויסגעלאזען אַ ווילדעם געלעכטער, — געה בעסער צו דיין מאמען און זאג איהר, זיא זאל דיר אפווישען דיא נאָז.

איך בין געווארען רויט, וויא פֿייער, און ווען איך וואלט מיך ניט געשעהמט, וואלט איך אנגעהויבען צו וויינען, אזוי האט עס מיך פֿערדראסען און אזוי טיעף האב איך מיך געפֿיהלט בעליידיגט. איך האב מיך אבער גע־שעהמט צו וויינען, האב מיך אוועקגעקעהרט פֿון דעם גראָבען מענשען, וועלכער וועט באלד זיין מיין אָפֿיציער, מיין עלטסטער. איך האב געוואלט אראפגעהן פֿון שיף, ווען איך האב בעגעגענט דעם אמעריקאַנער אין שטרויהוט.

—נון, יונגער מאן? האט איהר שוין געזעהן דיא „מאַריאַ לואיזע"? האט ער מיך געפֿרעגט מיט אשמייכעל, מיר דאכט, אז איהר האט זיך בע־קענט מיט'ן ערשטען אָפֿיציער?

איך האב איהם ניט געענטפֿערט. ער האט געוואוסט, פֿאר וואס איך ענטפֿער איהם ניט און האט געזוכט צורעדען פֿון עטוואס אנדערש.

—מיר האבען דער וויל דא ניט וואס צו טאהן, האט ער געזאגט, קומט מיט מיר אין מיין גאסטהויז מיר וועלען אביסעל פלוידערן.

איך וואלט געגאנגען אין עק וועלט נור צופֿערגעסען דיא שרעקליכע בעליידיגונג, וועלכע דער ערשטער אָפֿיציער פֿון דער „מאַריאַ לואיזע" האט מיר אנגעטאהן. איך בין געגאנגען מיט סילאַס פֿלינט. אויפ'ן וועג האט ער מיר דערצעהלט, אז ער איז געבאָרען געווארען אין שטאַאט קענזאַס אין אמעריקאַ. ער איז אַ יעגער און דאט פֿערבראכט צוואנציג יאהר אין דיא ווילדעסטע געגענדען פֿון אמעריקאַ.

—וויא קומט איהר אבער קיין ענגלאַנד? האב איך געפֿרעגט.

—איך האב דא געהאט אגעשעפֿט.

—וואס פֿאר אגעשעפֿט האט איהר געקענט האבען אין ענגלאנד?

דער אמעריקאַנער האט מיר דערצעהלט, אז זיינע עלטערן זיינען געווען ענגלענדער, וועלכע האבען עמיגרירט קיין אמעריקאַ. זיי האבען געהאט פֿער־

פֿערוואנדטע

וואַנדערטע אין ענגלאַנד . איין מאל האט ער געלעזען אין דיא צייטונגען , אז אגעוויסער סעמיועל פֿלינט איז געשטאָרבען אהן קינדער אונ האט איבער-געלאזען אפֿערמעגען פֿון צעהן טויזענד פֿונט סטערלינג . דאס געריכֿט זוכֿט דיא יורשים פֿון דיעזען סעמיועל פֿלינט , זיי זאלען אפנעהמען דיא ירושה .

— איך האב געהערט פֿון מיין פֿאָטער , אז ער האט געלאזען אין ענגלאַנד איין איינציגען ברודער מ׳ט׳ן נאמען סעמיועל , האט דער אמעריקאַנער דערצעהלט , אלזא איז עס דיעזער ברודער געשטארבען אהן קינדער אונ האט איבערגעלאזען אגרויסע ירושה . איך האב געשריעבען קיין ענגלאַנד אונ דער אדוואָקאַט , וועלכֿער האט געהאט דיא צוואָה פֿון מיין אָנקעל , האט מיר גע-ענטפֿערט , אז ווען איך קען בעווייזען , אז איך בין ווירקליך דער איינציגער יורש פֿון סעמיועל פֿלינט , וועט ער מיר ארויסגעבען דיא ירושה .

איך האב פֿערקויפֿט אלעס , וואס איך האב געהאט אין אמעריקאַ , אונ בין געקומען קיין ענגלאַנד . איך בין געווען זיכֿער , אז קוים וועל איך איבער-געבען דעם אדוואָקאַט מיינע פאפיערען , וועט ער מיר דערלאנגען דיא צעהן טויזענד פֿונט סטערלינג . וויא איבערראשט בין איך געווארען , ווען דער אדוואָקאט האט מיר ערקלערט , אז עס האבען זיך געפֿונען אנדערע יורשים , וועלכֿע האבען אנגעהויבען אַ פראָצעס איבער מיין אָנקעלס ירושה .

איך וועל דערצעהלען אין קורצען . דער פראָצעס האט געדויערט צוויא יאהר . איך האב אויסגעגעסען דעם לעצטען גראָשען , וואס איך האב געהאט . איך האב פֿערקויפֿט מיינע קליידער אונ אלעס , וואס איך האב געהאט פֿון דערהיים אום צובעצאהלען דיא אדוואָקאַטען . ענדליך האט זיך דער פראָצעס געענדיגט . דאס געריכֿט האט אויסגעפֿונען , אז דרייא מענשען דארפֿען זיך צוטהיילען מיט מיין אָנקעלס ירושה . ווען דיא אדוואָקאַטען האבען זיך צו גע-נומען פֿאר זייער מיה , איז מיר געבליעבען גאנצע פֿופֿציג פֿונט . פֿאר דיעזעס געלד האב איך געקויפֿט אשיפֿסקאַרטע קיין אמעריקאַ אונ איינגע זאכֿען , וועלכֿע זיינען מיר נעטהיג אויף׳ן וועג . איך פֿאהר אוועק פֿון ענגלאנד ארימער , וויא איך בין געקומען .

דאס איז געווען דעם אמעריקאַנער׳ס געשיכֿטע .

— וויא קומט איהר אבער אויף דיא „מאַריאַ לואיזע״ ? האב איך גע-פֿרעגט , דיא „מאַריאַ לואיזע״ געהט דאך קיין קוועבעק אונ קאַנאַדאַ אונ איהר דארפֿט דאך גאר פֿאהרען קיין ניויאָרק אדער קיין פֿילאַדעלפֿיא ?

— איך האב אגעשעפֿט אין דער שטאדט קוועבעק , האט דער אמעריקאנער געענטפֿערט .

איך בין געווען נייגיעריג צו וויסען , וואס פֿאר אגעשעפֿט ער האט אין קוועבעק , ער האט עס מיר אבער ניט געוואלט זאגען .

מיר האבען אזוי אוועק געריעדט איינגע צייט , ביז עס איז געווארען

פֿינסטער

פֿינסטער אונ איך בין געווארען שטארק הונגעריג. איך האב אפגערעדט מיט'ן אַמעריקאנער, וואו מיר זאלען זיך טרעפֿען מארגען, אונ איך בין געגאנגען צום שיפֿס אגענט עסען. איך בין געווען זיכֿער, אז דער שיפֿס אגענט וועט מיך נעהמען צו זיך אהיים אונ איך וועל עסען מיט איהם אונ מיט זיין פֿאמיליע. אזוי האט מיין פֿאטער מיט איהם אפגערעדט. וויא גרויס איז אבער געווען מיין איבערראשונג, ווען איך בין אריינגעקומען אין קאנטאר אונ האב געפֿרעגט דעם אַגענט, ווען ער וועט געהן אַהיים, האט ער מיר געענטפֿערט:

— צו וואס דארפֿסט דוא עס וויסען?

— איך בין הונגעריג, האב איך געענטפֿערט.

— אָט האסט דוא ברויט מיט הערינג, עס וויא פֿיעל דוא ווילסט, האט ער געזאגט אונ האט מיר געוויזען א גרויס שטיק שווארץ ברויט מיט אגרויסען גראבען, פֿראסטען הערינג.

— מיין פֿאטער האט מיר געזאגט, אז איך וועל עסען ביי איך, האב איך בעמערקט.

— ביי מיר? האט אויסגערופֿען דער אגענט, מיינסט דוא ווירקליך, אז איך וועל נעהמען צו מיר אהיים יעדען יונג, וועלכֿען איך קען ניט אונ ווייס ניט?

— מיין פֿאטער האט דאך איך געוויזען אַ רעקאמענדאציאָנס בריעף פֿון לאָרד בערעספֿאָרד? האב איך געשטאמעלט.

— דיין פֿאטער קען זיין אַ פֿיינער מענש, איך ווייס עס ניט, איך קען דיך דאך ניט מיטנעהמען צו מיר אַהיים, האט ער געזאגט שטאלץ אונ האט מעהר ניט געוואלט רעדען מיט מיר.

איך האב געמוזט עסען, וואס מען האט מיר געגעבען אונ האב געמוזט שווייגען, נאכֿ'ן עסען האב איך געפֿרעגט, וואו איך וועל שלאפֿען. דער שיפֿס אַגענט האט מיר אָנגעוויזען אַ קעמעריל לעבען זיין קאנטאר אונ האט מיר געהייסען זיך אויסבעטען אונ שלאפֿען, וויפֿיעל איך וויל.

דאס קעמעריל איז געווען פֿערווארפֿען מיט פעק סחורות, מיט שטריק, מיט זעק אונ מיט אנדערע ניט גאנץ ריינע זאכֿען. איך האב געמאכֿט א קרומע מינע אונ האב מיר ערלויבט צו זאגען:

— וואו זאל איך מיר דא אויסבעטען? וויא קען מען דא שלאפֿען?

— אַזוי, מיין יונגער מאן? האט אויסגערופֿען דער אַגענט מיט אַ געלעכֿטער, — דוא ווילסט ווערן אַ מאטראַז אונ ווילסט שלאפֿען אין אַ שעהנעם בעט, אויף ווייכֿע קישענס? — נו, דאן מעגסט דוא בלייבען אין דער היים!

מיט דיזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען. איך האב צונויפֿגעלעגט דיא זעק אונ דיא פעק, האב מיר געמאכֿט אגעלעגער, וויא איך האב געקענט אונ בין איבער געשלאפֿען דיא נאכֿט. אין דער פֿריה איז געקומען דער אגענט אונ האט מיר געגעבען אויף פֿריהשטיק ווידער ברויט מיט הערינג. איך האב

שנעל

שנעל אָפּגעגעסען און בין געלאָפֿען צו מיין אַמעריקאנער איהם דערצעהלען וויא אזוי מען בעהאנדעלט מיך.

— ביסט אריינגעפֿאלען, וויא איך, מיין ליבער ריטשאַרד, האט דער אַמעריקאנער געזאגט רוהיג. — עס איז אבער פֿערפֿאלען, וואס קענסט דוא מאַכען?

— איך וועל געהן צום פּאליציי דירעקטאר, צו אַ ריכטער און וועל זיי פֿערקלאגען! האב איך אויסגערופֿען.

— נאררישער יונג! האט דער אַמעריקאנער געענטפֿערט. — וועמען וועסט דוא פֿערקלאגען? ווער וועט דיך הערען? ווער וועט דיר ענטפֿערן? — האסט דוא דען געלד צו בעצאהלען אַן אַדוואָקאט? — גלויב מיר, ווען איך זאל וויסען, אז איך וועל עפּעס מאַכען, ווען איך וועל זיי פֿערקלאגען, וואלט איך געפֿאדערט צוריק דאס געלד, וואס איך האב בעצאהלט פֿאר מיין שיפֿס־קארטע. איך ווייס אבער, אז איך בין מ׳אום אריינגעפֿאלען און איך שווייג. — שווייג דוא אויך, ריטשאַרד, דאס איז נאך ניט דאס ערגסטע, וואס מיר האבען אוים צו שטעהן אין אונזער לעבען.

איך האב איהם געפֿאָלגט און האב געשוויעגען און איבערגעטראַגען אלעס מיט געדולד. עס איז מיר אבער שווער געווען, זעהר שווער געווען.

# 6.

## איך פֿאהר אַרוים.

ענדליך איז דיא „מאַריאַ לואיזע" פֿערטיג געווארען און דער שיפֿס־קאפּיטאן האט מיר געזאגט, איך זאל ברענגען מיינע זאַכען אויפ׳ן שיף, וויל מארגען אין דער פֿריה פֿאהרען מיר ארוים. איך בין אויפֿגעשטאנען גאנץ פֿריה און בין געלאָפֿען צום שיף. איך האב געפֿונען אויפ׳ן שיף אַ לאַרם, אַ געשריי, אַ געוואלד. דיא עמיגראנטען, מענער, פֿרויען, און קינדער זיינען זיך צונויפֿ־געקומען מיט זייערע פּעקלעך, מיט זייערע זעקלעך און מיט זייערע זיעבען זאַכען.

דיא קינדער האבען געשריען, דיא פֿרויען האבען געוויינט, דיא מענער האבען געפֿאדערט בייא דיא מאַט־אָזען און ביי דיא אָפֿיצירען, מען זאל זיי אָנווייזען דעם אָרט, וואו זיי וועלען שלאָפֿען און וואו זיי זאלען אנידער לעגען זייערע זאַכען. קיינער האט זיי ניט געענטפֿערט, קיינער האט זיך אויף זיי ניט אומגעקוקט, יעדער האט געהאט גענוג צו טאָהן פֿאר זיך.

איך האב געזוכט מיט דיא אויגען דעם שיפֿסקאפּיטאן און האב איהם ניט געקענט געפֿינען. איך בין צוגעגאנגען צום ערשטען אָפֿיציער און האב איהם געפֿרעגט:

וואו

— וואו איז מיין קאַיוטע ? וואו זאָל איך אוועק לעגען מיינע זאבֿען ?

— אַשעהנער מאַטראַז ? האט געלאכֿט דער ערשטער אפֿיציער , — ער ווייס זאגאר ניט , וואו דיא מאַטראָזען האלטען ווייערע זאבֿען !

דאס איז געוועזן דיא איינציגע אנטווארט , וואס איך האב פֿון איהם ער-האלטען . מיין פֿאטער האט אפגערעדט מיט׳ן אַגענט , אז מען זאָל מיר געבען אליין אַ בעטעל און איך זאָל עסען אויף איין טיש מיט׳ן שיפֿסקאפיטאן , איך בין אלזא געוועזן זיכֿער , אז מען וועט מיך אויפֿנעהמען בעסער פֿון דיא עמיג-ראנטען , אבער מיט וועמען איך האב גערעדט , דער האט מיר געענטפֿערט , אז ער ווייס ניט און האט זיך אוועק געקעהרט פֿון מיר .

איך בין אוועק געשטאנען אייניגע צייט אויפ׳ן דעק פֿונ׳ם שיף , וויא אַ צומישטער און האב ניט געוואוסט , וואו זיך אהין צו טאהן . דיא מאַטראזען זיינען געלאָפֿען אַהין און אַהער , האבען געצויגען שטריק , האבען געשלעפט קאַסטענס אין דעק , האבען מיך געשטויסען און אַוועק געטריבען פֿונ׳ם וועג . איך בין ענדליך מיעד געווארען און האב מיך אַנידער געזעצט אויף מיין קעסטעל אין אַווינקעל און האב מיך פֿערטראכֿט .

איך געדענק ניט , וואס איך האב געטראכֿט ; איך געדענק ניט , וויא לאנג איך בין אזוי געזעסען ; איך געדענק ניט , וואס עס האט זיך געטאהן א־ום מיר . פלוצלונג האב איך געפֿיהלט אַ שטארקען זעץ אויפ׳ן ריקען , איך בין אויפֿגעשפרונגען , וויא אַנ׳אָפּגעבריהטער און האב דערזעהן פֿאר מיר דעם ערשטען אפֿיציער מיט אַ שטריק אין דער האנד . ער האט עס מיר געגעבען דעם זעץ .

— וואס איז דאס , מיין הערר ? האב איך אויסגערופֿען , איך ערלויב ניט , אז מען זאָל מיך שלאגען !

דער ערשטער אפֿיציער האט אַרויסגעלאזען אַ געלעכֿטער .

— דוא ווילסט עס ווערן אַמאטראַז און האסט זיך אַניעדער געזעצט אין אַ ווינקעלע , ווען ביי אלעמען ברענט דיא ארבייט אונטער דיא הענד ?

— מיין הערר ! איך וועל טאהן אלעס , וואס מען וועט מיר הייסען , האב איך געענטפֿערט שטאלץ , קיינער אבער האט קיין רעכֿט אַרויפֿצולעגען זיין האנד אויף מיר ! איך האב אייך איינמאל געפֿרעגט , וואס איך זאָל טאהן און איהר האט מיר ניט געענטפֿערט . דאס איז געגען מיין קאנטראקט מיט׳ן שיפֿס-קאפיטאן ! מיר זיינען נאך אין ענגלאנד . איך וועל מיך בעקלאגען פֿאר אַ ריכֿטער .

מיינע לעצטע ווערטער האבען געווירקט . סטאָווין , — אַזוי האט געהייסען דער ערשטער אפֿיציער , — סטאָווין האט פֿערשטאנען , אז איך וועל מיך ניט לאזען שפייען אין דער קאַשע , און האט אנגעהויבען צו רעדען מיט אַנ׳אנדער טאן .

— רעד ניט פֿיעל , יונגער מאן , האט ער געזאגט פֿריינדליכֿער , טוה , וואס מען וועט דיר הייסען , און זעה אז מיר זאלען זיך ניט דארפֿען קריגען .

ער

ער האט מיר אנגעוויזען אנ'ארט, וואו אוועקצושטעלען מיינע זאכען אונ האט מיר געהייסען טאהן עפעס אנ'ארבייט אויפ'ן דעק. דאס איז געווען מיין ערשטע ארבייט אויף א שיף.

איך בין געווען צופריעדען, וואס איך האב געהאט אנ'ארבייט. איך האב דער וויל צייט געהאט צו בעטראכטען דיא עמיגראנטען. שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז דיא עמיגראנטען האבען גדארפט זיך אנגרייטען זייער אייגענעם עסען אויף דער רייזע. דער שיפסקאפיטאן האט זייא גדארפט געבען נור ברויט אונ וואסער. מען קען זיך לייכט דענקען, וויפיעל פיער ביז פינף הונדערט מענשען האבען אנגעבראכט מיט זיך אויף א רייזע, וועלכע האט גדארפט געדויערן זעקס ביז אכט וואכען. פיעלע האבען מיטגענומען זאכען, וועלכע זיי האבען גאר ניט גדארפט אונ האבען ניט מיטגענומען דאס נעטהיגע.

ארום צוויא אוהר איז אנגעקומען דער שיפסקאפיטאן. ער איז צוגע־גאנגען צום ערשטען אפיציער אונ האט איהם געפרעגט:

— אללעס פערטיג?

— אללעס פערטיג! האט סטאווין געענטפערט.

— אויפהייבען דיא אנקער! אללע הענד צוזאמען! האט דער שיפס־קאפיטאן קאמאנדירט אונ איז זיך אוועק געגאנגען אין זיין קאיוטע.

איך בין געגאנגען מיט אלע מאטראזען. זיי האבען געצויגען א שטריק, איך האב אויך געצויגען דעמזעלבען שטריק; זיי האבען עפעס געשלעפט, איך האב אויך געשלעפט. איך האב ניט געוואוסט, ניט וואס איך טוה, ניט ווא עס הייכט דיא זאך, וואס איך טוה. איך האב געארבייט, ווייל איך האב געמוזט ארבייטען.

פאר נאכט זיינען מיר ארויסגעפאהרען אין גרויסען אטלאנטישען וועלט־מעער. דער קאפיטאן איז ארויסגעקומען אויפ'ן דעק, האט בעטראכט דעם הימעל אונ האט קאמאנדירט:

— אויפהייבען דעם מיטעל זעגעל!

אייניגע מאטראזען זיינען ערגעץ אוועקגעלאפען, איך האב ניט געוואוסט, וואו דער מיטעל זעגעל געפינט זיך, אונ וויא אזוי מען דארף איהם אויפהייבען, איך בין דאהער געשטאנען אונ האב געקוקט אויף דיא זעגעל בוימער פונ'ם שיף.

וואס שטעהסט דוא מיט דיא הענד אין דיא קעשענעס? האט דער שיפסקאפיטאן געפרעגט, — פאר וואס טהוסט דוא גאר נישט? — איך וועל דיר ווייזען מיט אשטריק, וויא ארומצוגעהן לעדיג.

— איך ווייס ניט וואס צו טאהן, האב איך געענטפערט, ווייזט מיר וואס צו טאהן, לערנט מיך, וועל איך אלעס טאהן.

— ווייז איהם וואס צו טאהן, דשאן! האט דער שיפסקאפיטאן געזאגט צום דריטען אפיציער.

דשאן

דשאַן דעררייק , דער דריטער אָפיציער פֿון דער „מאַריאַ לואיזע" , איז געוועזען אַ מאַן פֿון אַ יאָהר פֿיערציג . ער איז ניט געוועזען געלערנט , אונ דערפֿאַר האָט ער ניט געקענט ווערן שיפֿסקאַפּיטאַן אדער ערשטער אָפיציער . ער איז געוועזען אַ גוטער מאַטראָז אונ אַ גוטער מענש . איך בין שפּעטער געוועזען זעהר צופֿריעדען , וואס דשאַן דעררייק האָט מיך גענומען צו זיך אין דער לעהרע . ער האָט מיך ווירקליך געלערנט אונ איז געוואָרען מיין בעסטער פֿריינד . ער האָט מיך גענומען אין זיין קאַיוטע אונ האָט מיך אָפּגעהיט , וויא אַ פֿאָטער היט אָפּ זיין אייגען קינד .

אין דער צייט ווען ער פֿלעגט שטעהן אויף דער וואַך , בעזאָנדערס ביי נאַכט , ווען אלע פֿלעגען שלאָפֿען , פֿלעגט ער מיר ווייזען , וויא צו רעגירען דאס שיף , וויא צו דרעהן דאס רעדעל , וואוהין צו פֿיהרען דאס שיף אונ אללעס , וואס ער האָט אליין געקענט . ער האָט געוואָלט מיר ערקלערן , וויא אזוי אויס צו רעכענען , וואו דאס שיף געפֿינט זיך אין דער מיט פֿונ'ם מעער אונ וויפֿיעל מייל זיא האָט נאָך צו פֿאָהרען צו דעם פּאָרט , וואוהין זיא געהט . ליידער , דאס האָט ער אליין ניט געקענט . אונ איך האָב גאָר ניט פֿערשטאַנען פֿון זיין ערקלערונג .

איך בין געוועזען זעהר פֿלייסיג . איך האָב געוואָלט אללעס וויסען אונ אללעס קענען . ווען דער שיפֿס קאַפּיטאַן וואָלט געהאַלטען זיין וואָרט אונ וואָלט מיך געלערנט , וויא עס דאַרף זיין , וואָלט איך אין אייניגע מאָנאַטע פֿערשטאַנען זעהר פֿיעל פֿון דער שווערער קונסט צו פֿיהרען אַ שיף . דער שיפֿס קאַפּיטאַן האָט זיך אבער אויף מיר זעהר ווייניג אומגעקוקט , דער ערשטער אָפיציער האָט מיך ניט ליעב געהאַט פֿון דער ערשטער מינוט , וואס ער האָט מיך דערזעהן , אונ איך האָב מיך געמוזט האַלטען אן מיין פֿריינד , דשאַן דעררייק .

איך האָב געאַרבייט זעהר שווער . דער שיפֿס קאַפּיטאַן מיט'ן ערשטען אָפיציער פֿלעגען שטענדיג געפֿינען ארבייט פֿאַר מיר . איך האָב געמוזט וואַשען דעם דעק . רייניגען דיא קאַיוטען אונ טאָהן אלערליי שמוציגע ארבייט . איך האָב זעהר גוט פֿערשטאַנען , אז אין דער מיט פֿונ'ם גרויסען מעער איז דער שיפֿסקאַפּיטאַן דער קייזער אויף זיין שיף , אונ איך האָב געטאָהן אללעס , וואס מען האָט מיר געהייסען .

איך האָב געליטען שרעקליך , איך האָב אבער בעמערקט , אז דיא עמיגראַנטען ליידען נאָך מעהר פֿון מיר אונ זיי וואָלטען צופֿריעדען געוועזען , מען זאָל זיי גיבען עפּעס אַנ'ארבייט . מען פֿלעגט זיי ניט לאָזען לאַנג שטעהן אויפֿ'ן דעק . זיי האָבען געמוזט ליעגען אין דיא פֿינסטערע אונ שמוציגע שטאַללען , וואו מען פֿלעגט זיי ביי נאַכט פֿערשליעסען . איך בין ווייניגסטענס ארומגעגאַנגען פֿריי איפֿ'ן דעק אונ האָב געקענט אָטהעמען דיא געזונדע , פֿרישע לופֿט . דיא עמיגראַנטען האָט מען דאס אויך ניט ערלויבט . פֿיעלע האָבען געליטען פֿון דער

זעע קראנקהייט . דיא קאַיוטען , ריכֿטיגער געזאגט, דיא שטאללען , וואו זיי זיינען געלעגען , זיינען געווארען נאך שמוציגער , נאך ערגער און נאך אבשייליכֿער .

דער שיפֿס דאקטאר האט ניט פֿערשטאנען זיין פֿאך , אדער האט זיך גלאט ניט אומגעקוקט אויף דיא קראנקע עמיגראנטען . אויפֿ'ן פֿינפֿטען טאג נאך אונזער אברייזע האבען מיר שוין געהאט אַ טויטען . איך האב געזעהן , וויא מען האט איהם איינגענעהט אין אגראבען זאק , האט צוגעבונדען אַ שטיק אייזען צו זיינע פֿיס און מען האט איהם אריינגעווארפֿען אין מעער . דאס ערשטע מאל האב איך אַ ציטער געטאהן , ווען איך האב עס דערזעהן , און אַ קאלטער פֿראסט איז מיר איבערגעגאנגען איבערן לייב . שפעטער בין איך דערצו געוואוינט געווארען און עס האט מיך שוין ניט געקימערט .

# 7.

## אַייזבערג . — אַשיף געהט אונטער .

עס זיינען פֿערגאנגען פֿופֿצעהן טעג , זייט מיר זיינען ארויסגעפֿאהרען פֿון ליווערפול . דיא גאנצע צייט איז דאס וועטער געוועזן ניט שלעכֿט . איך קען ניט זאגען , אז עס איז געוועזן אין גאנצען שעהן , אבער עס איז געוועזן ניט שלעכֿט . עס האט אפֿט געדרעגענט , עס האבען זיך אויפֿגעהויבען שטארקע ווינטען , וועלכֿע האבען געטריעבען דאס שיף קיין נאָרדען (צפֿון זייט) . דיא לופֿט איז געווארען קעלטער און איך האב געדאנקט מיין ליעבען פֿאָטער , וואס ער האט מיר אנגעגרייט ווארעמע קליידער . דער גוטער , ליבער פֿאָטער האט געפֿיהלט , אז איך וועל האבען אויסצושטעהן קאלט און ווארים .

עס איז נאכֿט . איך שטעה אויף דער וואַך . דער צווייטער אָפֿיציער איז געשטאנען ביים רעדעל און האט רעגיערט דאס שיף . אויפֿ'ן בריקעל איז געשטאנען א מאַטראָז און האט געקוקט אין דיא פֿינסטערע נאכֿט . עס האט געוועהט א קאַלטער ווינד . דער הימעל איז געוועזן קלאָר און ריין , דער מאָנד אבער האט ניט געשיינט , נור דיא שטערן האבען געגלאַנצט און גע־פֿינקעלט אויפֿ'ן בלויען הימעל . דאס מעער איז געוועזן ניט גאנץ רוהיג . שארפֿע , לאנגע וועלען (כֿוואליעס) , שווארץ וויא פעך , האבען זיך געקרייזעלט ארום אונזער שיף און האבען ארויפֿגעשפריצט זייער ווייסען שוים אויפֿ'ן דעק . פלוצלונג האט דער מאַטראָז , וועלכֿער איז געשטאנען אויפֿ'ן בריקעל , אויסגערופֿען :

—אשיף — פֿאָרווערטס !

דער צווייטער אָפֿיציער האט איבער געגעבען דאס רעדעל צו אַ מאַטראָז , האט געכאפט זיין נאכֿט ספעקטיוו און איז ארויפֿגעלאפֿען אויפֿ'ן בריקעל . קיים

האט ער אקוק געטאהן אויף דעם אָרט, וואו דער מַאטראָז האט איהם
וויעזען, האט ער אויסגערופען מיט אשרעקליכער שטימע:

— אשיף? — ניין! דאס איז קיין שיף! — דאס איז אן אַייזבערג! —
אללע הענד ארויף! וועקט אויף דעם קאַפּיטאַן!

אין פינף מינוטען זיינען אַללע מַאטראָזען געקראָכען אויף דיא זעגעל-
בוימער. דער שיפסקאַפּיטאַן מיט זיינע אָפיציערן זיינען ארויסגעלאָפען פון
זייערע קאַיוטען. איך האב געהערט, וויא דער שיפסקאַפּיטאַן האט
קאָמאַנדירט:

רעפּטס! אויסגעדרעהט! אראפּ דיא זעגעל! דאס רעדעל שטאַרק!

דער מענש, וועלכער איז ניט בעקאַנט מיט'ן לעבען פון אשיף, פער-
שטעהט ניט דיעזע ווערטער אונ ווייס ניט, וואס זיי בעדייטען. איך האב
אבער פלייסיג געלערנט דיעזע פאָר וואכען אונ האב פערשטאַנען, אז מיר
געפינען זיך אין אגרויס געפאהר. איך האב געהאלפען, וויא וויים איך האב
געקענט. ווען מיר האבען אוסגעפאָלגט אַללע בעפעהלע פונ'ם שיפסקאַפּיטאַן,
האב איך מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן אונ איך האב געזוכט מיט דיא
אויגען, דעם אייזבערג, דעם געפעהרליכען פיינד, פאר וועלכען מיר האבען
זיך אַללע אזוי דערשראקען. איך מוז זאגען דיא וואַרהייט, אז איך האב איהם
ניט געזעהן.

פלוצלונג האב איך געפיהלט וויא אשווערע האנד האט זיך ארויפגעלעגט
אויף מיין פלייצע. איך האב מיך אומגעקוקט אונ האב דערזעהן דעם
אמעריקאַנער, סילאַס פלינט.

— נון, וויא געפעלט דיר אונזער רייזע? האט דער אמעריקאַנער
געפרעגט.

— דיא אייזבערג זיינען זעהר געפעהרליך אונ איך וואלט בעסער גע-
וואלט פאהרען אין אַ געגענד, וואו עס קומען ניט פאָר דיא אַייזבערג, האב
איך געענטפערט. — אבער זאגט מיר, פריינד, וויא קומט עס, וואס איך
האב אייך ניט געזעהן ביז אהער? וואו זייט איהר דען געוועזן דיא גאנצע
צייט? — פאר וואס האב איך אייך ביז אהער ניט געזעהן? — איך האב
שוין געמיינט, אז איהר זייט געבליעבען אין ליווערפול.

— איך האב מיך בעהאלטען פון דיר, וויל איך בין דיין פריינד.

— דאס פערשטעה איך שוין ניט, איהר בעהאלט זיך פון מיר, וויל
איהר זייט מיין פריינד? וויא איז דאס מעגליך?

— גאנץ איינפאך, האט דער אמעריקאַנער געזאגט רוהיג, איך האב
געזעהן, וויא מען בעהאנדעלט דיך אויפ'ן שיף; איך ווייס וואס פאר שמוציגע
ארבייט דוא מוזט טאהן. ווען מען וועט זעהן, אז איך רעד אפט מיט דיר,
וועט מען וויסען, אז איך בין דיין פריינד אונ מען וועט זיך היטען פאר מיר,

וען איך האלט מיך אבער פון דער ווייטענס, קען איך בעסער אבטונג געבען אויף דיר.

— וואס קענט איהר מיר אבער העלפען? איך מוז טאהן אללעס וואס מען הייסט מיר.

— וויא לאנג קענסט דוא עס אבער אויסהאלטען? קען דען א מענש אזוי לעבען? דוא לעבסט דאך ערגער פון א הונד?

— אבער וואס זאל איך טאהן? האב איך אויסגערופען.

— אויפ'ן שיף קענסט דוא גאר ניט טאהן, אבער ווען מיר וועל'ן אנ-קומען קיין קאנאדא, קענסט דוא אנטלויפען פון דער „מאריא לואיזע". איך זאג דיר, אז מיט אונזער שיף וועט זיך טרעפען אן אונגליק. איך וואלט ניט צוריקגעפאהרען אויף איהר, ווען מען זאל מיך אפגילטען.

איך האב איהם געוואלט פרעגען, פון וואנען ער ווייס, אז מיט דער „מאריא לואיזע" וועט זיך טרעפען אן אונגליק און וואס פאר אן אינגליק עס קען איהר פאסירען, אין דיעזע מינוט אבער איז צו מיר צוגעקומען דער ערשטער אפיציער און האט מיר געזאגט גראב:

— וואס פלוידערסט דוא מיט פאסאזשירען? — געה ארויף אויפ'ן זעגעלבוים און לאז אראפ דעם אייבערשטען זעגעל

איך האב געמוזט געהן טאהן, וואס ער האט מיר געהייסען. ווען איך האב אבגעטאהן מיין ארבייט, האב איך געזוכט מיט דיא אויגען דעם אמעריקאנער, איך האב איהם אבער ניט געפונען. אונטערדעסען איז אונזער שיף ג גאנגען ווייטער. דער שיפסקאפיטאן איז דיא גאנצע צייט געשטאנען ביים רעדעל און האט געקערעוועט דאס שיף, דער פון האב איך פערשטאנען, אז מיר זיינען נאך אין א געפאהר.

אויפ'ן דעק איז געווארען קעלטער און קעלטער. עס איז געווארען א פראסט און איך האב געמוזט אונטערשפרינגען און רייבען זיך דיא הענד אום זיך אנצוווארעמען. אראפגעהן אין מיין קאיוטע האב איך ניט געקענט, וויל איך האב געמוזט שטעהן אויף דער וואך ביז אין דער פריה. איך בין געווען זעהר נייגעריג צו וויסען, וויא גרויס עס איז דיא געפאהר, אין וועלכע מיר געפינען זיך און איך האב געדאנקט גאט, ווען אין אסטען (מזרח זייט) האט זיך געוויזען א פאס ליכטיגקייט. עס האט אנגעהויבען צו טאגען.

איך האב מיך דערמאנט, אז מיין פאטער האט מיר געקויפט אקליינעס ספעקטיוו צווישען דיא זאכען, וועלכע ער האט מיר איינגעקויפט אויף דער רייזע. איך בין אראפגעלאפען אין מיין קאיוטע און האב גענומען מיין ספעקטיוו. ביז אהער האב איך איהם ניט בענוצט, וויל איך האב ניט געהאט דיא גע-לעגענהייט דער צו. יעצט איז עס מיר צוניץ געקומען. איך האב גענומען

רעם

דעם ספעקטיוו אונ האב אקוק געטאהן אויפ'ן מעער — דאס גאנצע מעער איז געווען בעדעקט מיט גרויסע שטיקער אַייז .

אונזער שיף איז געפֿאהרען אין אשמאָלען פאַס וואַסער צווישען דיא שטיקער אַייז. ווייטער אבער איז געשטאנען אַ שיף ארומגערינגעלט פֿון אַללע זייטען פֿון אַייז . איך האב געזעהן, וויא מען האט אויפֿגעצויגען אויף יענעם שיף ארויטע פֿאָהן מיט שוואַרצע פאַסען, אַ צייכֿען אז זיא געפֿינט זיך אין אַ נויט . — פלוצלונג האב איך דערהערט שיעסען פֿון קאַנאָנען .

—וואס איז דאס ? האב איך אויסגערופֿען .

—אַ שיף געפֿינט זיך אין נויט אונ זיא בעט הילף, האט מיר גע-ענטפֿערט דער דריטער אָפֿיציער, מיין פֿריינד דשאָן דערריק .

וועלען מיר איהר העלפֿען ? האב איך געפֿרעגט .

—ניין, דער שיפֿסקאַפּיטאַן וועט ניט וועלען ריזיקירען מיט זיין שיף אום צו העלפֿען אפֿרעמדען, האט דערריק געענטפֿערט .

איך בין ארויפֿגעקלעטערט אויף אזעגעלבוים אונ האב אנגעהויבען צו קוקען דורך מיין ספעקטיוו אויף דאס אונגליקליכֿע שיף . איך האב געזעהן, וויא דיא שטיקער אַייז האבען געטאַנצט אונ געשפרונגען ארום איהר ; מיר האט זיך זאָגאַר אויסגעוויזען, אז איך הער, וויא ברעטער קנאַקען אונ ברעכֿען זיך . איך האב געזעהן, וויא מענשען שטרעקען אויס זייערע הענד אונ בעטען, מען זאל זייא העלפֿען .

איך בין אראפגעלאפֿען פֿון זעגעל בוים אונ בין צו געקומען צום שיפֿסקאַפּיטאַן .

—ווילט איהר העלפֿען יענע אונגליקליכֿע מענשען ? האב איך גע-פֿרעגט . — האט מיטלייד מיט זיי . זייער שיף געהט אונטער אונ איהר קענט טאהן אַ גוטע זאך זיי צו רעטען .

—דוא דערצעהלסט מיר, וואס איך זאל טאהן ? האט דער שיפֿס-קאַפּיטאַן געפֿרעגט שטרענג .

—איך דערצעהל אייך ניט, איך בעט אייך נור, האב איך געענטפֿערט .

—געה אויסקעהרען דיא קאַיוטעס ! האט דער שיפֿסקאַפּיטאַן אויסגערופֿען :

איך האב געמוזט ארונטערגעהן אין דיא קאַיוטעס קעהרען אונ רייניגען . דאס האט מיך זעהר פֿערדראָסען, ווייל איך בין געשטאנען אויף דער וואַך פֿון צוויא אוהר נאך האלבע נאכֿט ביז עס איז טאג געווארען, אלזא האב איך יעצט געדארפֿט געהן שלאפֿען אונ דער שיפֿסקאַפּיטאַן האט קיין רעכֿט געהאט מיך צו שיקען טאהן אַן ארבייט . דאס איז נאך ניט אַללעס . איך האב זעהר געוואלט זעהן, וואס עס וועט ווערן פֿון יענעם אוגגליקליכֿען שיף, וועלכֿעס האט זיך געראנגעלט מיט דיא אַייזבערג אונ דער שיפֿסקאַפּיטאַן האט עס מיר ניט ערלויבט . דאס האט מיך זעהר געקרענקט .

פֿון דעסטוועגען בין איך אראפּגעגאנגען טאהן, וואס מען האט מיר געהייסען. איך האב געארבייט געגען אַ האלבע שטונדע און האב דערהערט אַ געשריי אויפֿ'ן דעק. איך בין ארויפֿגעלאָפֿען און האב דערזעהן, אז דער שיפֿסקאַפּיטאַן האט ארויסגעפֿיהרט דיא „מאַריאַ לואיזע" פֿון אַייז. הינטער אונז האט זיך דאס אַייז צונויפֿגעצויגען און עס האט אויסגעוויזען, אז דאס גאנצע מעער איז פֿערפֿראָרען געווארען, פֿאר אונז אבער איז דאס מעער געוועזען ריין און קלאָר, וויא אַ שפּיעגעל, גלייך וויא עס וואלט גאר קיין מאל קיין אַייז דא ניט געוועזען.

איך האב ניט פֿערשטאַנען, וואס דא איז פֿאָרגעקומען און האב געבעטען מיין פֿריינד דשאָן דערריק, ער זאל עס מיר ערקלערן.

—עס איז ניטא פֿיעל צו ערקלערן, האט מיר דשאָן דערריק געענטפֿערט, עס איז אנגעקומען אַ גרויסע פּארטיע אַייז פֿון אַייזמעער און האט בעדעקט הונדערטער מיילען פֿונ'ם אַטלאַנטישען מעער. ווען דאס אַייז זאל געוועזען אָנקומען ביי טאג, וואלט אונזער שיף זעהר לייכט געקענט עס אויסמיידען, עס איז אבער אנגעקומען בייא נאכט; איידער מיר האבען זיך אומגעקוקט, זיינען מיר שוין געוועזען ארומגערינגעלט פֿון אַייז פֿון אלע זייטען. ווען מיר זאלען געוועזען אריינקומען אין דער מיט פֿון דער פּארטיע אַייז, וואלט דאס אַייז געוויס צו שלאגען אונזער שיף אויף שטיקער, וויא עס האט צו שלאגען יענעם שיף, וועלכעס איז געגאנגען פֿאר אונז. צום גליק פֿאר אונז, איז אונזער שיף אויסגעקומען ביים ברעג פֿון דיעזער מאַססע אַייז און אונזער געשיקטער און פֿעהיגער שיפֿסקאַפּיטאַן האט זיא גליקליך ארויסגעפֿיהרט פֿונ'ם אַייז.

איך האב ארויסגעכאפּט מיין ספּעקטיוו און האב געקוקט אויף דעם אָרט, וואו איך האב פֿריהער געזעהן דאס אונגליקליכע שיף. — איך האב אויף דיעזען ארט געזעהן נור שטיקער אַייז. דאס שיף איז פֿערשוואונדען.

—זיינען אַללע מענשען אויף יענעם שיף אונטערגעגאנגען? האב איך געפֿרעגט.

דשאָן דערריק האט געשוויעגען.

—פֿאר וואס האבען מיר זיי ניט געראַטעט? האב איך אויסגערופֿען.

—מיר האבען עס ניט געקענט, האט דערריק געענטפֿערט, — בעטראַכט דארט דאס מעער וואס זעהסט דוא דארט? — אַייז און אַייז; גרויסע שטיקער אַייז, יעדעס וועגט עטליכע טויזענד פֿונט, בעדעקען דאס גאנצע מעער. מיר מוזען אנטלויפֿען פֿון דיעזען געפֿעהרליכען פֿיינד, וויא מען אנטלויפֿט פֿון דער פּעסט. וואס האבען מיר געקענט טאהן? אראפּלאזען אַ באָאָט איז אונמעגליך: דיא שטיקער אַייז וואלטען עס באלד צובראכען אויף שטיקלעך,

צופֿאהרען

צופֿאהרען מיט דער „מאריאַ לואיזע" איז געווען אונמעגליך. מיר האבען גע־מוזט טראכֿטען זיך אליין צו רעטען.

איך האב פֿערשטאנען, אז דעררריק האט רעכֿט. איך האב אנגעהויבען צו פֿערשטעהן, אז אונזער שיפֿס קאפיטאן איז אגוטער און פֿעהיגער קאפיטאן, וועלכֿער וויים זיך צוגעפֿינען אַ ראטה אין אַ געפֿאהר. איך בין נאך געווען צו יונג אום צו פֿערשטעהן, וויא קלוג און וויא קינצליך אונזער שיפֿס קאפיטאן האט גערעטעט אונזער שיף, אזוי פֿיעל אבער האב איך פֿערשטאנען, אז דיא עטליכֿע הונדערט מענשען, וועלכֿע האבען זיך געפֿונען אויף דער „מאַריאַ לואיזע" האבען צו פֿערדאנקען זייער לעבען אונזער שיפֿסקאפיטאן.

איך האב מיך מיט איהם איבערגעבעטען אין מיינע געדאנקען. איך האב איהם פֿערצייהעט דיא בעליידיגונג, וואס ער האט מיך געשיקט ארבייטען, ווען איך האב עס ניט גערארפֿט.

— מאכֿט זיך עס אפֿט, אז עס קומט א פארטיע אייז? האב איך געפֿרעגט.

— דאס הענגט אפ פֿון דער צייט פֿונ'ם יאהר, האט דעררריק גע־ענטפֿערט, אין ווינטער צייט מאכֿט זיך עס קיין מאל ניט. דאמאלס איז דאס אייז מעהר פֿעכט פֿערפֿרארען און דאס אייז אין יענע געגענדען האלט זיך צו־זאמען. אין פֿריהלינג (וועסנאַ) קומט עס שוין פֿאר גאנץ אפֿט. אין דער צייט פֿונ'ם הייסען זומער צייט קומט עס פֿאָר זעהר זעלטען. זעהר אָפֿט קומט עס פֿאָר אין הערבסט (אָסען). דאס אַייז אין אַייז מעהר ווערט צו שמאלצען פֿון דער היץ אין זומער. עס הייבען זיך אויף שטורעמווינטען, וועלכֿע רייסען אפ מיט אמאל גאנצע פֿעלדער מיט אַייז, און טרייבען עס אוועק אין דיאווארעמע וואסערן, וואו דאס אַייז צוגעהט. אַזא פֿעלד מיט אַייז און אזעלכֿע אַייזבערג האבען מיר נור וואס בעגעגענט און האבען זיך גלייך גערעטעט פֿון זיי.



## 8.

## פֿייער אויף אונזער שיף.

עס זיינען ווידער פֿערגאנגען עטליכֿע טעג, אין וועלכֿע עס האט גאר ניט פאסירט. איך האב אנגעהויבען צו פֿערשטעהן, אז פֿיהרען א שיף איז אגרויסער קונסט. מען מוז פֿיעל לערנען און האבען פֿיעל ערפֿאהרונג (אָפּיטנאסט) אום צו וויסען, וויא זיך צו העלפֿען אין אַ געפֿאהר. דאס איז מיר זעהר געפֿעלען און איך האב אנגעהויבען צו לערנען פֿלייסיג. איך וואלט געקוסט קאפיטאן שעללי, ווען ער וואלט מיר אליין עפעס געוויעזען און עפעס געלערנט, ליידער! האט ער אבער מיר געהייסען נור טאהן שווערע און גראבע ארבייטען, און האט

האט מיר קיין מאל ניט געוויזען, וויא אזוי אויסצורעכענען, וואו דאס שיף געפינט זיך, וויפיעל מייל מיר זיינען אפגעפאהרען פון ענגלאנד, וויפיעל מייל מיר האבען נאך צו פאהרען ביז קאנאדע.

דאס האט מיך פערדראסען. איך האב געלערנט אין א שולע און איך וואלט זעהר גוט פערשטאנען, וויא עס אויסצורעכענען, ווען מען זאל מיר נור געווען ווייזען. איך האב ווייטער געוואלט וויסען ווען מען דארף אויפציעהן דיא זעגעל און ווען מען דארף זיי אראפ לאזען; ווען מען דארף אויפציעהען אלע זעגעל און ווען נור איינינע. קורץ, איך האב געוואלט לערנען, איך האב געוואלט וויסען עפעס, איך האב געוואלט קענען, אבער קיינער האט מיך ניט געלערנט, קיינער האט מיר ניט געוויזען און קיינער האט מיר ניט געזאגט.

דער שיפסקאפיטאן און דער ערשטער אפיציער פלעגט שטענדיג געפינען פאר מיר איינפאכע גראבע ארבייט, און האבען מיר ניט געלאזען קיין צייט צו לערנען עפעס פון מיין פריינד דשאן דערריק.

איין מאל האט זיך גאר פלוצלונג אויפגעהויבען א שטארקער ווינד, דער שיפסקאפיטאן האט קאמאנדירט.

— צונויפלעגען דיא זעגעל פון דעם מיזין מאסט!

דער מיזין מאסט הייסט דער גרויסער זעגעלבוים, וועלכער שטעהט אין דער מיט פונ'ם שיף.

איינינע מאטראזען און איך צווישען זיי זיינען ארויפגעקלעטערט אויפ'ן הויכען זעגעל בוים און האבען אנגעהויבען צונויפצולעגען דיא אייבערשטע זעגעל. דער ווינד איז אויבען אין דער הויך געווען פיעל שטארקער, וויא אונטען אויפ'ן דעק. מיר האבען געמוזט זיך אנהאלטען מיט איין האנד אן דיא שטריק און מיט דער אנדערער האנד ארבייטען. זעלבסט פערשטענדליך אז מיר האבען געמוזט ארבייטען זעהר לאנגזאם, און עס איז זעהר מעגליך, אז מיר האבען געטאהן אונזער ארבייט ניט גאנץ ריכטיג.

ווען מיר זיינען אראפ געגאנגען פון זעגעלבוים, איז דער שיפסקאפיטאן צוגעלאפען צו אונז און האט אונז אנגעהויבען צו שלאגען מיט א שטריק. ווען ער האט מיך א זעץ געטאהן, בין איך אויפגעשפרונגען און האב אויסגערופען:

— וואס איז דאס, קאפיטאן שעללי? — מיין פאטער האט געמאכט מיט אייך א קאנטראנקט, איהר זאלט מיך לערנען און זאלט מיך בעהאנדלען, וויא א מענש. וואס פאר א רעכט האט איהר מיך צו שלאגען? איך וועל עס ניט ערלויבען! איך וועל מיך בעקלאגען...

— שוייג, דוא הונד! האט דער שיפסקאפיטאן אויס געריפען, וואס הייסט דאס? א מיאטעזש? דוא שטעלסט זיך געגען דיין שיפסקאפיטאן?

— ווייל ער טאר מיך ניט שלאגען, האב איך געענטפערט שטאלץ.

— סטאָווין ! סטאָווין ! האט דער שיפסקאפיטאן געראָפען זיין ערשטען אפיציער .

סטאָווין איז באלד צוגעקומען .

— הייס אים בינדען ! האט דער שיפסקאפיטאן געשריגען אויסער זיך , — פערשפאַרט איהם גאנץ אונטען אין אַ פינסטערער קאַיטע ! איך וועל איהם ווייזען , וויא מען פאָלגט ניט , וואָס דער קאפיטאן הייסט !

סטאָווין האט אַווינק געטאהן צו עטליכע שטארקע מאטראזען , זיי זאלען מיך בינדען . איידער איך האב צייט געהאט מיך אומציקוקען , האט מען מיר געבונדען דיא הענד אויפ'ן רוקען און מען האט מיך אראפ געפיהרט אין אַן ענגע און שמוציגע קאיוטע הינטען אין שיף ניט ווייט פון'ם רודער . מען האט מיך אריינגעווארפען אין צימעריל און מען האט פערשלאסען דיא טהיר . איך בין געלעגען אויף דיא שמוציגע ברעטער וויא אקלאָץ .

עס איז פערגאנגען אַ געראומע ווײַלע , איידער איך בין געקומען צו זיך און האב געקענט אנהייבען צו טראכטען , וואס איך זאל טאהן . ענדליך האב איך געפיהלט אַ שרעקליכען וועהטאג אין דיא הענד . ווען מען האט מיך גע- בונדען , האט מען אזוי שטארק צוז מען געצויגען דיא שטריק ארום מיינע הענד , אז זיי האבען מיר געשניטען דאס פלייש , וויא מיט מעסערס .

איך האב עס לענגער ניט געקענט אויסהאלטען און האב אנגעהייבען צו קלאפען מיט דיא פיס אן דיא וואנט פון דער קאיוטע . איך האב אזוי לאנג געקלאפט , ביז עס האט זיך געעפענט דיא טהיר און א מאטראז איז אריינגעקומען .

— וואס ווילסט דוא , ריטשארד ? האט ער געפרעגט .

— בינד מיר אפ דיא הענד , האב איך געבעטען , איך קען דאך ניט אנטלויפען פון שיף .

— איך מוז פרעגען דעם קאפיטאן , האט דער מאטראז געענטפערט .

איך האב מיך געקענט מיט'ן מאטראז און האב געוואוסט , אז ער איז מיר אַ גוטער פריינד . איך האב דאהער אנגעהויבען צו וויינען און צו בעטען , ער זאל מיר אפ בינדען דיא הענד . ענדליך האט ער מיר צוליב געטאהן און האט מיר אפ געבונדען דיא הענד .

— וויא לאנג וועט מיך דער קאפיטאן האלטען אַרעסטירט ? האב איך געפרעגט .

— איך ווייס עס ניט . עס קען זיין , אז דוא וועסט מוזען בלייבען פער- שפארט , אין דיעזער קאיוטע , ביז מיר וועלען אנקומען קיין קוועבעק .

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען , ער האט מורא געהאט צו בלייבען א לענגערע צייט מיט מיר . איך בין ווידער געבליעבען אליין . צו ביסלעכווייס האב איך מיך בערוהיגט און האב אנגעהייבען צו פיהלען . אז איך בין שטארק הונגעריג . איך האב ניט געוואוסט , וויא לאנג איך בין געזעסען

פֿערשפֿארט אין מיין קעמעריל ; איך האב ניט געוואוסט , אויב אין דרויסען איז טאג אדער נאכֿט . איך האב נור געוואוסט , אז איך האב שוין לאנג ניט געגעסען .

— ער וועט דאך ניט לאזען מיך שטארבען פֿון הינגער , האב איך גע־זאגט צו זיך אליין , אונ האב געווארט , מען זאל מיר ברענגען עסען .

עס זיינען וויעדער פֿערגאנגען א פאר שטונדען אונ קיינער האט מיר ניט געבראכֿט עפעס צו עסען . ענדליך האב איך עס שוין ניט געקענט אויסהאלטען אונ האב וויעדער אנגעהויבען צו קלאפּען אין דער טהיר פֿון מיין קאיוטע , אבער קיינער האט מיך ניט געהערט , אדער קיינער האט ניט געוואלט קומען מיר צו הילף .

איך האב געקלאפט אזוי לאנג , ביז דיא הענד האבען מיר אנגעהויבען וועה צו טאהן , אונ איך בין וויעדער געפֿאלען אויף דיא הארטע ברעטער פֿון דער קאיוטע . אונ האב געקריצט מיט דיא צעהנער פֿאר שמערץ , פֿערדרוס אונ הונגער .

— עסען ! האבען מיינע ליפען געמורמעלט , — אַ שטיקעל ברויט ! — גיט מיר אַ שטיקעל ברויט !

אבער קיינער האט מיך ניט געהערט אונ קיינער האט מיר ניט גע־ענטפֿערט . איך בין ענדליך מיעד געווארען אונ מיינע אויגען האבען זיך צוגע־מאכֿט . איך בין אנטשלאפֿען געווארען . וויא לאנג איך בין געשלאפֿען , ווייס איך ניט . איך געדענק נור , אז איך האב געפֿיהלט , וויא איינער טרייסעלט מיך אונ בין אויפֿגעשפרונגען .

— שאַ ! האט געזאגט אַ שטימע , וועלכֿע איך האב באלד דערקענט . דאס איז געוועזן דער אַמעריקאנער סילאַס פֿלינט .

— שא ! רעד קיין ווארט , האט סילאַס פֿלינט געזאגט , דוא האכט פֿיעלע גוטע פֿריינד אויפ'ן שיף , וועלכֿע זיינען ניט צופֿריעדען מיט'ן שיפֿסקאפּיטאן . זיי געפֿינען , אז ער איז אונגערעכֿט געגען דיר אונ האט דיך שלעכֿט בעהאנדעלט . זיי וועלען דיר העלפֿען , ווען מיר וועלען אנקומען אויפ'ן ארט . איך ווייס , אז דוא האסט פֿון נעכֿטען אן ניט געגעסען , אונ איך האב דיר געבראכֿט עסען .

מיט דיעזע ווערטער האט ער מיר דערלאנגט אַ שטיק ברויט אונ אַ שטיק געבראטענס פֿלייש . איך האב איינגעשלונגען דאס ברויט מיטן פֿלייש , וויא אַ הונגעריגער וואלף , אונ עס איז מיר ליכֿטיג געווארען אין דיא אויגען . איך האב ניט געוואוסט , אז איך האב שוין צווייא טעג ניט געגעסען .

איך האב געפֿרעגט דעם אמעריקאנער , וויא לאנג דער שיפֿסקאפּיטאן דענקט מיך צו האלטען אַרעסטירט .

— איך ווייס עס ניט , האט ער מיר געענטפֿערט , ער וויל קיינעם ניט זאגען , וואס ער וויל טאהן מיט דיר .

— אבער וויא זייט איהר צוגעקומען צו מיר ? האב איך געפֿרעגט .

דיא

— דיא קאַיוטע איז פֿערריגעלט פֿון דרויס'ן, איך האב שטילערהייט אראפּ גענומען דעם ריעגעל אונ בין אריינגעקומען, האט דער אמעריקאנער דערקלערט.

איך האב מיך אין גאנצען בערוהיגט אונ האב געוואלט נאך עפּעס רעדען מיט איהם, ער האט מיר אבער געזאגט:

— איך מוז אוועקגעהן פֿון דאנען, דער שיפֿסקאַפּיטאַן האט געהייסען דיא וואַך אבֿטוגגעבען אויף דיין קאַיוטע. ביי טאג קען איך צו דיר ניט קומען, איך וועל אבער קימען צו דיר יעדע נאַכֿט, וועל דיר ברענגען עסען אונ טרינקען אונ ווען איך וועל עפּעס געוואָהר ווערן וועגען דיר, וועל איך עס דיר דערצעהלען.

מיט דיזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען. איך האב געהערט, וויא ער האט ווידער פֿערריגעלט מיין קאַיוטע. איך בין ווידער געבליעבען אליין אין דער פֿינסטער. איך האב מיך אנידערגעלעגט אויף דיא הארטע ברעטער אונ בין אנטשלאָפֿען געווארען. פּלוצלונג האב איך דערהערט אלאַרם אונ אגעשריי איבער מיין קאָפּ. איך האב מיך צו געהערט.

— פֿייער! פֿייער! האט מען געשריען פֿון אלע זייטען.

— פֿייער! האב איך אנגעהויבען צו שרייען, — פֿייער! — דאס שיף ברענט אונ איך בין פֿערשפּארט אין אקעמעריל! — פֿייער! — זאל איך געבראָטען ווערן, וויא אגאַנז?

איך האב אנגעהויבען צו שרייען אונ צו קלאַפּען אין דער טהיר מיט אלע מיינע קרעפֿטען. דיא טהיר האט זיך געעפֿנט. פֿאר מיר איז געשטאנען דער אמעריקאַנער.

— וואס איז? וואו ברענט? האב איך געפֿרעגט.

עס זיינען אגעלאַפֿען מאַטראָזען אונ האבען מיך צושיידט מיט'ן אמעריקאַנער. איך האב אנגעהויבען מיך אומצוקוקען אונ האב אין ערגעץ ניט געזעהן ניט קיין פֿייער, ניט קיין רויך.

— וואס זאל עס הייסען? האב איך געפֿרעגט. [illegible] זעה אין ערגעץ קיין פֿייער.

— רוהיג! האט אונטערדעסען קאָמאנדירט דער שיפֿסקאַפּיטאַן, וואו האט איהר פֿייער? פֿאר וואס האט איהר אלעמען איבערגעשראקען? — ווער האט עס געטאהן? ווער שרייט עס: פֿייער? איך וועל איהם אויפֿהענגען...

— פֿייער! פֿייער! — עס ברענט! האט מען געשריען פֿון אלע זייטען.

דיא פּאסאזשירען, מענער, פֿרויען אונ קינדער האבען אנגעהויבען ארויס צו לויפֿען פֿון זייערע קאַיוטען מיט אגעוויין, אגעשריי, אגעיאמער. אלע זיינען געווען דערשראקען, פֿיעלע האבען געבראָכֿען דיא הענד, אנדערע האבען געשאָלטען אונ געזידעלט דעם שיפֿסקאַפּיטאַן. ווידער אנדערע זיינען

צוגעלאַפֿען

צוג׳לאפען צום געלענדער און האבען געוואלט אראפשפרינגען אין וואסער .

דער שיפסקאפיטאן האט קוים איינגעבעטען דיא מאטראזען , זיי זאלען זעהן , וואו דאס פייער איז . מען האט אויפגעעפענט דיא שווערע טהיר פונ׳ם טריום , — דעם ארט , וואו עס זיינען געליעגען דיא סחורות , וועלכע דיא „כאריא לואיזע״ האט געפיהרט קיין אמעריקא , — א געדיכטער רויך האט ארויס געזעצט פון אונטען .

אלזא עס האבען געברענט דיא סחורות .

—וואסער ! האט קאמאנדירט דער שיפסקאפיטאן , גיעסט וואסער אין טריום !

מענשען זיינען געלאפען , האבען עפעס געשלעפט , האבען געשריען , האבען געגאסען . עס איז געווארען אזא מישעניגע , אזא ווירוואר , אז איינער האט ניט געהערט , וואס דער אנדערער ריעדט . אין דרויסען איז געווען פינסטער און קאלט , פון טריום האט זיך געקייקעלט א שווארצער , ביטערער , בייסענדער רויך . עטליכע הונדערט פאסאזשירען האבען געוויינט , געשריען און געליארמט . אין אזא לאגע האט דער קלוגסטער מענש געקענט פערליערן דעם קאפ און ניט וויסען וואס צו טאהן .

איך האב זעהר געוואלט מיט העלפען , רעטען , לעשען דאס פייער , איך האב אבער ניט געוואוסט וואס איך זאל טאהן און וואוהין איך זאל געהן .

איך האב געוואוסט , אז אויף יעדעם שיף מוזען זיך געפינען אלערליי אינסטרומענטען צו לעשען אפייער . וואו זיינען זיי אבער ? וויא קומט מען צו זיי ? ווען דער שיפסקאפיטאן וואלט מיך געווען געלערנט , וויא ער האט אפגערעדט מיט מיין פאטער , וואלט איך געוואוסט , וואס עס טהוט זיך אויפ׳ן שיף . ער האט מיך אבער ניט געלערנט און האט מיר גאר ניט געוויעזען , איך האב דאהער יעצט ניט געוואוסט , וואס צו טאהן .

אונטערדעסען איז טאג געווארען און מיר האבען וועניגסטענס געקענט עהן , וואס עס טהוט זיך ארום אונז . מיר האבען געזעהן , אז מיר גיעסען וואסער אהן אפלאן און ניט דא־ט , וואו מען דארף ; מיר האבען ערשט בע־מערקט , אז דאס וואסער , וועלכעס מיר גיעסען , רינט אראפ אין א גאנץ אנדער זייט .

—מען מוז זיך אראפלאזען אין טריום און געוואהר ווערן , וואו עס ברענט . האט אויסגערופען איינער פון אונז .

ווער זאל זיך אבער אראבלאזען ? וויא קען מען זיך אראפלאזען אין פינסטערן טריום פון וואנען עס זעצט ארויס א דיקער רויך ? — דאס האט געווים געטראכט יעדער פון אונז און קיינער האט ניט געהאט דעם מוטה צו ריזיקירען זיין לעבען אום צו רעטען דיא אנדערע .

איך

—איך וועל מיך אראפּלאזען ! האט פלוצלונג אויסגערופען דשאָן דערריק .

מיט דיעזע ווערטער האט ער גענומען צוויי שטריק , אַ דינעם און אַ גראָבען . מיט דעם גראָבען שטריק האט ער זיך ארומגעבונדען אונטער דיא אָרימס און דעם דינעם שטריק האט ער געהאלטען אין דער רעכטער האנד .

—יעצט לאזט מיך אראפּ מיט'ן גראָבען שטריק און האלט דעם דינעם שטריק לויז אין דער האנד , האט ער געזאגט צו אונז , — ווען איך וועל אָנהויבען צו ציעהען ביים דינעם שטריק , איז דאס אצייכען , אז מען זאל מיך באלד ארויפציהען , איך קען מעהר ניט אויסהאלטען .

מיר האבען איהם אראפּגעלאזען . אין אפּאר מינוטען ארום האבען מיר געפיהלט , אז ער רייסט דעם דינעם שטריק . מען האט איהם אַרויפגעצויגען . ער האט שטארק אויפגעאָטהמט און איז געפאַלען אין אָהנמאַכט ער איז געווען האלב דערשטיקט פון'ם שארפען רויך . מיר האבען אנגעהויבען איהם אפּ-מינטערן . עס איז פערגאַנגען אַ גוטע ווילע , ביז ער האט געעפענט דיא אויגען און האט געקענט ארויס זאגען אַ ווארט .

—דער גאנצער טריום ברענט , האט ער געזאגט מיט אַ שוואַכער שטימע , איך וויים ניט , אויב מיר וועלען זיין אומשטאנד צו לעשען דאס פייער .

אלע האבען אַ ציטער געטאהן און זיינען געווארען בלייך וויא קאלך . זיי האבען זעהר גוט געקענט דשאָן דערריק און האבען געוואוסט , אז אויף איהם מעג מען זיך פערלאזען . ווען ער זאגט שוין , אז ער וויים ניט , אויב מען קען רעטען דאס שיף , וויים ער , וואס ער זאגט .

פלוצלונג האב איך געפיהלט , וויא אַ שווערע האנד האט זיך ארויפגעלעגט אויף מיינע פלייצעס . איך האב מיך אומגעקוקט , — הינטער מיר איז גע-שטאנען דער אמעריקאַנער , סילאַס פלינט .

—וואס הערט זיך , ריטשאַרד ? האט ער געפרעגט , מיר זיינען אין אַ גרויס געפאהר . איך וויל ניט מיך לאזען בראָטען , וויא אהוהן אויף אַ שפּיעז , איך וויל מיך רעטען און וויל דיך רעטען .

—איך דאנק איך , הערר פלינט , האב איך געענטפערט , וואס קענט איהר אבער טאהן ? וויא קענט איהר זיך רעטען ?

—מיר כוזען אראפּלאזען אַ באָאָט . אויף דער „מאַריאַ לואיזע" געפינען זיך פינף באָאָטע . לאמיר אראפּלאזען איינס פון זיי און אריינשפּרינגען אין איהם .

—וואס וועט אבער זאגען דער שיפסקאַפּיטאַן ? האב איך געפרעגט . איך האב נאך אלץ מורא געהאט פאַרן שיפסקאַפּיטאַן .

—וואו האסט דוא דעם שיפסקאַפּיטאַן ? וואו זעהסט דיא איהם ? זא-לאנג ער האט געמיינט , אז מען קען רעטען דאס שיף , האט ער קאָמאנדירט ;

צוגעבען

קום אבער האט ער דערזעהן, אז דאס שיף איז פערלארען, האט ער זיך ערגעץ בעהאלטען.

איך האב מיך אומגעקוקט און האב געזוכט דעם שיפסקאפּיטאַן מיט די אויגען. — איך האב איהם אין ערגעץ ניט געזעהן.

—טוגעניכטס! האב איך אויסגערופען, ער האט זיך בעהאלטען אין א צייט, ווען ער וואלט געדארפט קאָמאַנדירען און זעהן צורעטען דאס שיף.

וויא יונג איך בין געווען, האב איך דאך פערשטאנען, אז דער שיפס־קאפּיטאַן האט ניט געטאָרט אַוועקטרעטען פון'ם בריקעל; ער האט געדארפט דארט שטעהן און הייסען די מאַטראָזען עפּעס טאהן אום צו רעטען די אונגליקליכע פּאסאזשירען.

—יעצט איז ניט די צייט צו רעדען, האט סילאַס פלינט געזאגט און האט מיך מיט געוואלד אַוועק געשלעפט פון מיין פריינד דשאָן דעררינ.

מיר זיינען געגאנגען צו דעם אָרט, וואו די באָאָטע זיינען געווען בעפעסטיגט. ערשט יעצט האב איך דערזעהן, וויא גרויס עס איז דאס אונ־גליק אויפ'ן שיף. די עמיגראנטען האבען ארומגערינגעלט די באָאָטע און האבען געוואלט זיי אראפּלאזען. די מאַטראָזען האבען זיי ניט געלאזען, ווייל דער שיפסקאַפּיטאַן האט אזוי געהייסען. אזוי וויא עס זיינען געווען עטליכע הונדערט עמיגראַנטען, איז עס זיי געלונגען אויסצורייסען איין באָאָט און עס אראפּצולאזען אין וואַסער.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צו די באָאָטע, האט זיך אגעדיכטער קנויל פון מענשען לייבער געקייקעלט צו דעם ארט, וואו מען האט אראפּגעלאזען דאס באָאָט. איינינע האבען געוואלט אריינשפרינגען אין באָאָט און זיינען א ריינגעשפרונגען אין וואַסער. די איבעריגע, דער גאנצער קנויל, האט זיך מיט אמאל אראפּגעקייקעלט פון'ם דעק, איז אראפּגעפאלען און דאס קליינע באָאָט האט זיך איבערגעקעהרט.

—אך! — געוואַלד! — רעטעט! האט מען געשריען, געוויינט און געליאַרמט.

אבער קיינער האט ניט געענטפערט, קיינער האט זיך ניט אומגעקוקט, קיינער האט ניט געהערט, וואס דער אנדערער זאגט. יעדער האט געטראכט נור פון זיך, יעדער האט געוואלט נור זיך רעטען, דאדורך האט קיינער גאר ניט געטאהן פארן אנדערן. די געשרייען, די געוואַלדען, דאס וויינען פון די פרויען און קינדער זיינען געווען שרעקליך.

איך בין געשטאנען, וויא א צומישטער און האב ניט געוואוסט וואס צו טאהן. עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען און איך האב אויך אנ־געהויבען צו וויינען.

—זיי ניט קיין קינד, ריטשאַרד! האט דער אמעריקאַנער געזאגט צו

מיר

מיר, יעצט איז ניט דיא צייט צו וויינען! יעצט מוזען מיר זעהן זיך צורעטען.

—וואס זאלען מיר אבער טאהן? האב איך געפֿרעגט מיט טרערין אין דיא אויגען, איהר זעהט דאך אליין, וואס עס איז געווארען פֿון דעם באָאָט, וואס דיא אונגליקליכֿע האבען אראפּגעלאזען: זיינען פֿערטרונקען געווארען מיט'ן באָאָט. וואס קענען מיר טאהן? וויא קענען מיר זיך רעטען.

—קום נור ווייטער! האט דער אמעריקאנער געבעטען, לאמיר זוכֿען ווייטער אויפ'ן שיף. פֿיעלייכֿט וועלען מיר געפֿינען ברעטער אונ קלעצער, פֿון וועלכֿע מיר וועלען קענען מאכֿען אפֿלאָס (פלאָט), אויף וועלכֿען מיר וועלען קענען זיך רעטען.

איך האב צוואר געוואלט זיך אומקעהרן צו מיין פֿריינד דשאָן דערריק, סילאָס פֿלינט אבער האט מיך ניט אפגעלאזען, ער האט מיך געשלעפט צום הינטערסטען טהייל פֿונ'ם שיף, דארט וואו דער רודער געפֿינט זיך. מיר זיינען צו געקומען צום געלענדער פֿונ'ם שיף אונ אזאָנדערבאַרעס בילד האט זיך אונז פֿארגעשטעלט.

דער טויגעניכֿטס! דער מערדער האט געשריען דער אמעריקאַנער אונ געקריצעט מיט דיא צעהנער פֿאר שמערץ אונ פֿערדרוס, — אָט איז ער דאך! — אָט איז דאך דער שיפֿסקאַפּיטאַן!

אויף דיא ווייכֿע וועללען (כֿוואַליעס) האט זיך געוויעגט דאס גרעסטע באָאָט פֿון דער „מאַריאַ לואיזע", אין דיעזען באָאָט זיינען געזעסען דער שיפֿס-קאַפּיטאַן, דער ערשטער אפֿיציער, אונ דער צימערמאַן (סטאָליאַר) פֿונ'ם שיף. ארום זיי זיינען געליגען פעקלעך, בינטלעך, זעק אונ פֿעסער. עס איז געווען דייטליך, אז דער שיפֿסקאפּיטאן האט זיך פֿריהער בעווארענט. קוים האט ער געזעהן, אז דיא „מאַריאַ לואיזע" ברענט ווירקליך, האט ער געהייסען אראפּלאזען דאס גרעסטע באָאָט אונ אראפּלאזען אין איהם עסען, טרינקען, אינסטרומענטען אונ פֿיעלע זאכֿען, וועלכֿע זיינען נעטהיג פֿאר אַ לאנגע רייזע אויפ'ן מעער אין א באָאָט.

דאס איז נאך ניט אלעס. דאס באָאָט איז געווען צוגעבונדען צום שיף מיט אַ גאַנץ לאנגען שטריק. דער ניעדערטרעכֿטיגער אונ פֿאלשער שיפֿס-קאפּיטאן האט נאך ניט געוואלט אנטלויפֿען פֿון זיין שיף. ער האט געוואלט זיין נאהענט לעבען איהר אונ זעהן אלעס, וואס עס וועט פֿארקומען אויף איהר, דערפֿאר האט ער געהאלטען זיין באָאָט צוגעבונדען אויף אַ גאַנץ לאנגען שטריק.

— לאמיר אריינשפּרינגען אין וואסער אונ צו שווימען צום שיפֿסקאפּיטאן! האב איך אויסגערופֿען.

דער אמעריקאנער האט ארויסגעלאזען אַ ביטערן, הערצרייסענדען געלעכֿטער.

— דוא ביסט נאך גאר אַ קינד. ריטשאַרד! האט ער געזאגט טרויעריג,

פֿערשטעהכט

פערשט׳עהסט דוא דען ניט, אז ער וועט דיך ניט אויפנעהמען אויפ׳ן באָאָט? — איך וויים נאך ניט, אויב דוא וועסט קענען צו שווימען צו איהם, ווען דוא וועסט שוין אבער יא צו שווימען, וועט ער דיך געוויס ניט אויפנעהמען. צו וואס טויג איהם אנ׳איבעריגער עסער?

— וואס דען טהוט מען? האב איך אויסגערופען אין פערצווייפלונג.

קוים האב איך ארויסגערעדט דיעזע ווערטער, זיינען צוגעלאָפען צו אונז עמיגראנט׳ען אונ איינינע פאַסאושירען פון ערשטער אונ צווייטער קלאַסע. זייא האבען אויך דערזעהן דאס באָאָט מיט׳ן שיפסקאפיטאן.

— אָט איז ער! — ער איז אנטלאָפען פון אונז! — ער האט אונז איבערגעלאזען אין דער נויט! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

— דאס איז אַ שאנדע! — דאס איז ניערערטרעכטיג! האבען אנדערע אויסגערופען.

— שיעסט איהם! האט אויסגערופען אַ גראבער ענגלענדער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער ארויסגעהאפט אַ פיסטאלעט אונ האט אויסגעשאסען אויפ׳ן באָאָט. ער האט ניט געטראפען אונ האט אויך ניט געקענט טרעפען, וויל דאס באָאָט איז געווען צו וויט פונ׳ם שיף.



## 9.

# דשאָן דעררייק איז אהעלד.

אונטערדעסען האט זיך דאס פייער געברענט לאנגזאם אונטען אין שיף, איך בין געווען צו יונג אום צו וויסען, וויא לאנג אַזא פייער קען ברענען, ביז עס וועט אייסברעכען אויפ׳ן דעק. איך האב ניט געוואוסט, אז ווען דאס פייער איז פערמאכט אונ פערשלאסען פון אלע זייטען, ברענט עס לאנגזאם אונ עס קענען אַוועקגעהן שטונדען אונ זאגאר איינינע טעג, ביז דער׳ דעק וועט זיך אָנצינדען.

דאס איינציגע וואס איך האב בעמערקט, איז געווען, אז דער דעק איז נאך ניט הייס.

— ווען דיא ברעטער פונ׳ם דעק זיינען נאך ניט הייס, איז עס אַ בעוויז אז דאס פייער איז נאך וויט פונ׳ם דעק, האב איך געזאגט צום אמעריקאנער, אלזא קען מען פיעלייכט נאך רעטען דאס שיף. פאר וואס זאלען מיר שטעהן לעדיג אונ קוקען, וויא אונזער שיפסקאַפיטאן אנטלויפט, לאמיר בעסער געהן העלפען אונזערע ברידער.

— וואס רעדט דער גרינער? האט אויסגערופען אנ׳ענגלענדער לעבען

מיר

מיר, — ווייסט דוא פֿון וואַנען דאָס פֿייער האָט זיך גענומען?

— איך וויים עס ניט, האָב איך געענטפֿערט.

— דיא אונטערשטע קאַמערן פֿון דעם שיף זיינען אָנגעלאָדען מיט שטיין קוילען, האָט דער ענגלענדער ווייטער געזאָגט, זיי זיינען געווען נאַס, ווען מען האָט זיי אָנגעלאָדען און זיי האָבען זיך אָנגעצונדען.

— זיי האָבען זיך שוין געריבערט, ווען מען האָט זייא אָנגעלאָדען אין ליווערפּול, האָט זיך אָנגערופֿען אַנ׳אַנדער פּאַסאַזשיר. דער שיפֿסקאַפּיטאַן איז אין גאַנצען שולדיג. ווען ער זאָל געווען אַכטונג געבען, וואָס מען לאָדעט אָן אויף זיין שיף, וואָלט עס דערצו ניט געקומען.—

— טראַך! טשאַ! האָבען מיר דערהערט אין דיעזע מינוט אויף דער אַנדערער זייט פֿון׳ם שיף.

מיר זיינען געלאָפֿען אַהין זעהן, וואָס עס איז געשעהן, מיר האָבען דער-זעהן ווידער אַ קנויל מענשען זיך אַראָפּ קייקלען פֿון׳ם שיף. איינינע מאַטראָזען זיינען געוואָהר געוואָרען, אַז דער שיפֿסקאַפּיטאַן איז אַנטלאָפֿען. זיי זיינען צו-געלאָפֿען צו דיא לעצטע דרייא באָאָטע, האָבען זיי מיט אַמאָל אויפֿגעהויבען פֿון דיא ברעטער, צו וועלכע זיי זיינען געווען צוגעבונדען און האָבען זיי אַריינ-געוואָרפֿען אין וואַסער.

איין באָאָט האָט זיך באַלד איבערגעקעהרט, דיא צווייא איבעריגע זיינען געפֿאַלען גלייך. עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שרעקליכעס געשלעג און געדרענג צו דיא באָאָטע. יעדער האָט געוואָלט זיין דער ערשטער. מען האָט זיך גע-שלאָגען, מען האָט זיך געריסען, מען איז געשפּרונגען אין וואַסער. פֿרויען האָבען אַראָפּגעוואָרפֿען זייערע קינדער אין באָאָט, זיי האָבען ניט געטראָפֿען, און דיא קינדער זיינען אַריינגעפֿאַלען אין וואַסער און זיינען אַראָפּגעפֿאַלען צום גרונד, וויא דיא שטיינער.

דער לאַרם, דיא געוואַלדען און דיא געשרייען זיינען געווען שרעקליך, הערצרייסענד, טרויעריג, אונערטרעגליך. זעכציג יאָהר זיינען פֿערגאַנגען, זייט דיעזער צייט. און דיעזע סצענע שטעהט נאָך פֿאַר מיינע אויגען, גלייך וויא זיא וואָלט ערשט נעכטען געשעהן. איך פֿערטראַכט מיך אַמאָל און וויל פֿער-געסען אָן איהר, — איך קען עס ניט. איך פֿערמאַך דיא אויגען אום ניט צו זעהן דאָס וואַסער, עס העלפֿט מיר ניט.

איך זעה שטענדיג פֿאַר מיר, וויא אַן עמיגראַנט פֿון אַ יאָהר פֿערציג האָט גענומען זיין פֿרוי אונטערן אָרים און זיינעביידע קינדער אויף די הענד און איז מיט זיי אַראָבגעשפּרונגען אין איינעם פֿון דיא באָאָטע. ער איז גע-פֿאַלען אויף׳ן שאַרף פֿון׳ם באָאָט און איז אַראָפּ אין וואַסער מיט דער פֿרוי, מיט דיא קינדער און האָט נאָך איבערגעקעהרט דאָס באָאָט. ער מיט דער פֿרוי האָבען זיך נאָך צווייא מאָל געוויעזען אויף׳ן וואַסער, האָבען עפּעס געשריגען,

עפּעס געבעט'ן און זיינען פֿערשוואונדען געווארען אויף אייביג אין דיא קאלטע וואסערן פֿונ'ם אַטלאנטישען וועלט מעער.

יעצט האבען מיר שוין ניט געהאט קיין באָאָטע און אלע האבען געמוזט טראַכטען, וויא צו לעשען דאס פֿייער.

— עפֿענט אויף דיא וואסער רעזערוואַרען און פֿערגיעסט דאס שיף! האָט פֿלוצלונג אויסגערופֿען איינער פֿון דיא פּאַסאושירען.

אויף יעדעם שיף געפֿינען זיך גרויסע אייזערנע קעסלען מיט זיסעם וואסער צום טרינקען. אין אַזא קעסעל געפֿינט זיך אַ מאל עטליבֿע טויזענד עמער וואסער. אויף דער „מאַריאַ לואיזע" האבען זיך געפֿונען צוויא אַזעלבֿע קעסלען. דיעזע קעסלען הייסען רעזערוואַרען. ביז אַהער האט מען געשעפּט וואסער פֿון מעער און מען האט געגאסען אין אָפֿענעם פֿייער. יעצט איז איינער פֿון דיא פּאסאזשירען געפֿאלען אויפֿ'ן שכל, אז מען זאל אויסבויערן לעבֿער אין דעק פֿונ'ם שיף, און מען זאל עפֿענען דיא קראנען פֿון דיא וואסער רעזערוואַרען.

— ער האט רעבֿט! האבען זיך אָפּגערופֿען עטליבֿע שטימען, עפֿענט דיא וואסער רעזערוואַרען און פֿערגיעסט דאס גאנצע שיף מיט וואסער!

— טהוט עס ניט פֿריינדע! האט דשאָן דעררינג געבעטען, ווייסט איהר דען ניט, אז וואסער איז דאס נעטהיגסטע, ווען מען געפֿינט זיך אויפֿ'ן מעער? ווען איהר וועט אויסגיעסען דאס גאנצע זיסע וואסער, וואס מיר האבען אויפֿ'ן שיף, וואס וועלען מיר טרינקען? זא לאנג מיר האבען פֿרישעס וואסער צום טרינקען, קענען מיר אַרבייטען און זובֿען אַ מיטעל, וויא זיך צו רעטען, ווען איהר וועט אבער אויסגיעסען דאס פֿרישע וואסער, זיינען מיר אלע פֿערלארען.

— הערט איהם ניט! האבען געשריען איניגע, — עפֿענט דיא קראַנען! — מיר מוזען אָפּלעשען דאס פֿייער.

אידער דשאָן דעררינג האט צייט געהאט עפּעס צו ענטפֿערן, זיינען צוגעלאפֿען עטליבֿע פּאסאזשירען צו דיא וואסער רעזערוואַרען און האבען אָפּגעבראָבֿען דיא קראנען. — דאס איינציגע ביסעל וואסער, וואס מיר האבען געהאט צום טרינקען. דאס וואסער איז אַראפּגעלאפֿען אין דיא אונטערשטע קאַמערן פֿון דעם שיף. פֿון אלע לעבֿער האט זיך געוויעזען אַ שטארקער, הארבער, ביטערער רויך, פֿון וועלבֿען מיר זיינען שיער דערשטיקט געווארען.

— הורראַה! דאס פֿייער איז אויסגעלאשען! האבען געשריען דיא משוגענע מענשען.

איניגע האבען זאגאַר אנגעהויבען צו טאנצען פֿאר פֿריידע, אנדערע האבען שוין אנגעהויבען צו זובֿען זייערע בעקאנטע; וויעדער אנדערע האבען אנגעהויבען צו טראַכֿטען פֿון עסען. איך האב מיך אומגעקוקט און האב דערזעהן לעבען מיר מיין פֿריינד, דשאָן דעררינג

וואס

— וואס דענקט איהר, דשאָן? האב איך איהם געפרעגט, זיינען מיר געראטעט? איז דאס פייער אויסגעלאָשען?

— ניין, ריטשאַרד, האט ער מיר געענטפערט טרויעריג, פייער איז אַ גנב, עס פערקריעכט אין לעבער אין שפּאַלטען און עס ברענט ווייטער. — עס איז טרויעריג, ריטשארד, מיט עטליכע טעג צוריק האבען מיר זיך קוים געראטעט פון טויט דורך דיא אייזבערג, און יעצט שטעהט אונז ווידער דער טויט פאר דיא אויגען אין געשטאלט פון פייער.

— ווייסט איהר גאר קיין מיטעל ניט, וויא אַזוי זיך צו רעטען?

— דאס איינציגע מיטעל איז, מיר זאלען אויסהאקען ברעטער פון׳ם שיף און זאלען מאכען אַ פלאָס. —

— דוא האסט רעכט, דשאָן, האט זיך אָפּגערופען דער צווייטער אָפּי־ציער, מיר מוזען מאכען אַ פלאָס.

וואו דער צווייטער אָפיציער איז געוועזען ביז אהער, ווייס איך ניט, איך האב איהם ביז אהער אין ערגעץ ניט געזעהן· עס איז זעהר מעגליך, אז ער האט אויך געוואָלט אנטלויפען מיט׳ן שיפסקאפּיטאן, מען האט איהם אבער ניט מיטגענומען, און ער האט געמוזט קומען צו דשאָן דערריק זיך בעראטהען מיט איהם, וואס זיי זאלען טאהן אום זיך צו רעטען.

איך האב געקענט דעם צווייטען אפיציער פאר אַ שטילען, רוהיגען און גוטען מענשען. וויא עס האט מיר אויסגעוויזען, האט ער געלעבט מיט׳ן שיפסקאפּיטאן ניט זעהר פריינדליך. זיי האבען זיך ניט געקריעגט, אבער זיי האבען אויסגעמידען איינער דעם אנדערן. דער צווייטער אָפיציער האט גע־הייסען אַלפרעד בעלל.

דשאָן דערריק און אַלפרעד בעלל האבען אנגעהויבען זיך צו בעראטהען שטילערהייד, אזוי חיא זיי זיינען אבער געשטאנען גאנץ נאהענט לעבען מיר, האב איך געקענט הערן, וואס זיי האבען גערעדט.

— דאס איינציגע מיטעל, וואס מיר האבען, האט בעלל געזאגט, איז מיר זאלען הייסען דיא פאסאזשירען ציעהען וואסער פון מעער און גיעסען אין טריום. אין דער צייט ווען דיא פאסאזשירען וועלען זיין בעשעפטיגט מיט׳ן לעשען, וועלען דיא מאטראזען מאכען אַ פלאָס אדער צוויא, אויף וועלכע אלע וועלען קענען זיך רעטען.

— וועלען אבער דיא פאסאזשירען אונז פאלגען? האט דערריק געפרעגט.

— זיי וועלען מוזען אונז פאלגען, ווען זיי וועלען דערזעהן, אז דאס שיף ברענט ווייטער.

אזוי וויא זיי האבען אזוי גערעדט, האט פון אנ׳אנדער ארט אנגעהויבען צו זעצען אַ געדיכטער רויך. דיא פאסאזשירען האבען זיך יעצט איבערצייגט, אז זיי האבען גאר ניט געהאלפען דערמיט וואס זיי האבען אַרויסגעלאזען דאס

זיסע

זיסע וואסער פון דיא רעזערוואארען. זיי האבען ניט אפגעלאשען דאס פייער
אונ האבען יעצט ניט געהאט וואס צו טרינקען.

— פריינדע! האט דער צווייטער אפיציער אויסגערופען, מיר געפינען זיך אלע אין דער גרעסטער געפאהר. איהר זעהט אליין, אז דאס שיף ברענט אונ אונז שטעהט פאר פערברענט צו ווערן לעבעדיגערהייט, אדער זיך אריינווארפען אין וואסער אונ דערטרונקען צו ווערן. דערפאר האבען מיר בעשלאסען, אז דיא פאסאושירען זאלען שעפען וואסער אונ גיעסען אין טריום, אונ דיא מאטראזען זאלען דערווייל צוזאמען שלאגען ברעטער אונ מאכען פון זיי פלאס (פלאט), אויף וועלכען מיר וועלען זיך רעטען, ווען מיר וועלען זעהן, אז מען קען שוין מעהר ניט אויסהאלטען אויפ'ן שיף. — זייט איהר דערמיט צופריעדען?

— מיר זיינען צופריעדען! האבען אויסגערופען אלע מיט איין קול, — זאגט אונז וואס מיר האבען צו טאהן.

אלפרעד בעלל האט זיי געוויעזען, וואוהין זיי זאלען גיעסען דאס וואסער. אלע האבען זיך געחאפט צו דער ארבייט אונ האבען געארבייט מיט אלע זייערע קרעפטען. עס איז זעהר מעגליך, אז ווען דער שיפסקאפיטאן זאל זיך ניט געווען אזוי דערשרעקען אונ זאל געווען רוהיג קאמאנדירען דאס שיף, וואלט מען פיעליייכט דאך געקענט אפלעשען דאס פייער.

אין דער צייט וואס דיא פאסאזשירען האבען געלאשען דאס פייער, האבען דיא מאטראזען אנגעהויבען צו בויען א פלאס. איך האב אויך געארבייט מיט זיי. צו ערשט האבען מיר אפגעזעגט דיא באלקענס, וועלכע האלטען דיא זעגעל אונ האבען זיי אראפגעלאזען אין וואסער, אויף זיי האבען מיר ארויפגעלעגט ברעטער, וועלכע מיר האבען צוגעשלאגען צו דיא באלקענס.

מיר האבען באלד אויסגעפונען, אז מיר קענען ניט מאכען א גרויסען פלאס, וועלכער זאל קענען ארויפנעהמען אלעמען. מיר האבען ניט געהאט אזעלכע לאנגע באלקענס. איינער פון דיא מאטראזען האט געראטהען, אז מיר זאלען אונטערזעגען דיא זעגעלביימער אונ אויף זיי ארויפלעגען ברעטער. דאס איז אבער געווען א לאנגע אונ זעהר שווערע ארבייט. מיר האבען דאהער בעשלאסען צו מאכען דרייא קליינע פלאס'ען אנשטאט איינעם א גרויסען.

דיעזער פלאן איז געווען דער בעסטער אונ ריכטיגסטער, ווייל א קליינעם פלאס קען מען בעסער קירעווען, וויא א גרויסען. אויסער דעם ווען דער גרויסער פלאס וועט אונטער געהן, וועלען אלע דערטרונקען ווערן מיט אמאל, ווען אבער איינער פון דיא דרייא קליינע פלאסען וועלען אונטער געהן, וועלען זיך דיא אנדערע קענען רעטען.

מיר האבען געארבייט זעהר שווער. מען האט געמוזט ברעכען דיא אייבערשטע קאיוטען, זייא צונעהמען אויף ברעטער אונ בעשלאגען מיט זיי דיא קלעצער. מען האט געמוזט האקען, ברעכען, זעגען אונ שלעפען דיא

ברעטער

ברעטער צום געלענדער פֿינ'ם שיף. געגען פֿיער אוהר פֿאר נאכֿט איז איין פֿלאָס געװעןן אין גאנצען פֿערטיג און מיר האבען שוין אנגעהייבען צו טראגען אויף איהם פֿעסלעך מיט צװיעבאַק (סוכאַרעס).

פלוצלונג האט אנגעהויבען צו זעצען ארויך אין דערמיט פֿונ'ם שיף, לעבען גרויסען זעגעלבוים. דיא פאכאזשירען האבען זיך אזוי דערשראקען, אז זייא האבען אװעקגעװארפֿען זייער ארבייט און האבען זיך אלאָז נעטאהן צום פֿלאָס. בכלל אינ דעררויק האבען זייא געבעטען זיי זאלען װארטען און האבען זיי געװאָרנט, אז דער פֿלאָס איז נאך ניט אין גאנצען פֿערטיג. — אומזיסט! קיין בעטען, קיין שרייען און קיין װאָרענען האט ניט געהאָלפֿען.

װיא דיא משוגעים האבען זיי אנגעהויבען צו טאַנצען, צו שפרינגען און זיך ארונטערלאזען אויפֿ'ן פֿלאָס. איינער פֿון זיי, דער גראָבער ענגלענדער, װעלכֿער האט געװאָסען אויפֿ'ן שיפֿסקאַפּיטאַן, האט ארויסגעכאפט אַ מעסער און האט איבערגעשניטען דעם שטריק, מיט װעלכֿען דער פֿלאָס איז געװען צו געבונדען צום שיף.

דער פֿלאָס איז אַװעק געשװאומען פֿון שיף. דיא פאכאזשירען, װעלכֿע זיינען געבליעבען אויפֿ'ן שיף, האבען אנגעהויבען צו װיינען, צו שרייען, צו שילטען און צו בעטען, אז מען זאל זיי אויך מיט נעהמען אויפֿ'ן פֿלאָס, עס איז שוין אבער געװען אונמעגליך; װען דיא מענשען אויפֿ'ן פֿלאָס װאלטען שוין געװאלט צוריק קומען צום שיף, װאלטען זיי עס ניט געקענט. זיי האבען זיך אזוי געאיילט, אז זיי האבען זאָגאַר ניט מיטגענומען קיין רודער, קיין קאָמפּאַס און קיין זעגעל. זיי האבען ניט געהאט מיט װאס צו קירעװען דעם פֿלאָס.

אין דרויסען איז געװארען דונקעלער און דונקעלער, דיא נאכֿט איז אנגעקומען. דער פֿלאָס מיט פֿופֿציג אדער זעכֿציג מענשען איז באלד פֿערשװאונדען געװארען און מיר האבען איהם מעהר ניט געזעהן. —

װאס איז געװארען פֿון דיזע אונגליקליכֿע מענשען? — װער װייס עס? װער קען עס זאגען? דאס מעער רוישט, עס גיט אבער ניט ארויס זיינע געהיימניסע, עס װיל ניט אויסזאגען. —

---

# 10.

## ראָם און קאָניאַק.

מיר האבען געארבייט זעהר שװער אַ גאנצען טאג און האבען ניט געהאט אַ ביסען ברויט אין מויל פֿון נעכֿטען ביי נאכֿט אָן. מיר האבען אנ-

געהויבען

געהויבען צו פיהלען, אז מיר ווינען שרעקליך הונגעריג. דער מענש בלייבט א מענש: ווען ער ארבייטעט, מוז ער עסען; ווען ער עסט ניט, קען ער ניט ארבייטען. מיר האבען אנגעהויבען צו זוכען עפעס צו עסען. אויף דער „מאריא לואיזע" איז געווען גענוג פראוויאנט. עס האבען זיך געפונען דרייסיג פעסער געזאלצענעס פלייש, פיעלע זעק מיט קארטאפעל, פעסער מיט מעהל און נאך פיעלע אנדערע זאכען.

פון קיין ארדנונג האט יעצט קיין רעדע ניט געקענט זיין. קיינער האט ניט קאמאנדירט און קיינער וואלט ניט געפאלגט, ווען מען זאל איהם געווען הייסען עפעס טאהן. יעדער האט געטאהן, וואס ער האט געוואלט.

איניגע פאסאזשירען זיינען אריינגעגאנגען אין שפייזקאמער און האבען געפונען א פאס מיט שנאפס. זיי האבען געמיינט, אז דאס איז וואסער און האבען עס ארויפגעקייקעלט אויפ'ן דעק. מען האט עס געעפענט און מען האט פערזוכט, וואס עס געפינט זיך אין איהם. — עס איז געווען ראם.

אזוי וויא אלע זיינען געווען זעהר אויפגערעגט, האבען זייא אנגעהויבען צו טרינקען. מענער, פרויען און קינדער האבען זיך ארומגעשטעלט ארום פאס ראם און האבען געטרונקען אהן איבערלעגונג און אהן בערעכענונג. אין דער צייט פון א שטונדע האט מען אויסגעטרונקען דאס פאס ראם און פיעלע האבען געשריען:

—גיט אונז נאך! לאמיר טרינקען! לאמיר פערגעסען אונזערע ליידען!

עס האבען זיך געפונען איניגע, וועלכע האבען ווייטער געזוכט אין שפייזקאמער און האבען געפונען נאך א פעסעל. דאס מאל איז עס געווען א פעסעל קאניאק. מען האט עס ארויפגעקייקעלט אויפ'ן דעק און מען האט ווידער אנגעהויבען צו טרינקען. בעלל און דערריק האבען געבעטען מיט טרעהרען אין די אויגען, אז זיי זאלען ניט טרינקען אזוי פיעל, אבער קיינער האט זיי ניט געהערט.

אלע האבען געטרונקען. מענער, פרויען און קינדער זיינען באלד שיכור געווארען. יעצט ערשט האבען זיך אנגעהויבען סצענען, וועלכע מיין פעדער איז ניט אים שטאנד צו בעשרייבען. איניגע האבען געזונגען, אנדערע האבען געשפרונגען, ווידער אנדערע האבען געטאנצט, ווידער אנדערע האבען געוויינט, געשריען, זיך געשאלטען, געזידעלט און זיך געקריעגט. ווידער אנדערע האבען אנגעהויבען זיך צו שלאגען.

אויפ'ן גאנצען שיף זיינען געווען נור עטליכע ניכטערע מענשען. וואס האבען דיא עטליכע ניכטערע מענשען געקענט טאהן געגען עטליכע הונדערט בעטרונקענע?

פלוצלונג האבען אביסעל אדער הונדערט בעטרונקענע אנגעהויבען צו געהן אין דיא קאיוטען זוכען. וואס זיי האבען געזוכט, האבען זיי אליין ניט

געוואוסט, אבער וואס זיי האבען געפֿונען, האבען זיי ארויפֿגעבראַכט אויפֿ'ן דעק אינ האבען עס צו וואָרפֿען. אין איין אָרט האבען זיי געפֿונען פֿופֿציג ביז אַכציג פֿונט ווארשט (קאָלבאַסען). זיי האבען עס ארויפֿגעבראַכט אויפֿ'ן דעק. די שיכורע פאסאושירען האבען זיך ארויפֿגעוואָפֿען אויפֿ'ן ווארשט, וויא דיא הונגעריגע וועלף.

מען האט געגעסען דעם ווארשט, מען האט זיך געריסען איבער איהם, מען האט זיך געשפּיעלט מיט איהם, מען האט איהם געווארפֿען אין וואסער. פֿיעלע אָרימע פאסאושירען האבען פֿערשלונגען גרויסע שטיקער ווארשט, וויל זיי האבען עס פֿיעלייכט געגעסען צום ערשטען מאל אין זייער לעבען.

דאס אלעס וואלט נאך קיין גרויסעס אונגליק ניט געווען, ווען דיא פאסאזשירען וואלטען ניט געווען טויט שיכור. א בעט־ונקענער מענש איז א ווילדעס טהיער. פלוצלונג האט איינער פֿון זייא אויסגערופֿען:

—דיא מאַטראָזען אונ דיא אָפֿיציערן זיינען שולדיג אין אונזער אונגליק! לאמיר זיי אריינוואַרפֿען אין מעער!

—אריין אין מעער! אריינוואַרפֿען אין מעער! האבען געשריעען א פאר הונדערט גארגלען.

אלע האבען זיך א ווארף געטאהן אויף אינז. איך האב געזעהן זייערע ווילדע, אונמענשליכע געזיכטער, זייערע אויגען, וועלכע האבען געברענט אין דער פֿינסטער, וויא דיא אויגען פֿון הונגעריגע וועלף. מיר האבען געוואוסט, אז קיים וועלען זיי אונז חאפּען, וועלען זיי אונז אריינוואַרפֿען אין וואסער. דאן וועלען זיי געווים אונטערגעהן מיט'ן שיף. מיר האבען געמוזט אנטלויפֿען.

—קריכט ארויף אויף דיא זעגעלבוימער! האט געשריען דשאָן דעררין.

מיר האבען איהם געפֿאלגט. אין איינינע מינוט זיינען מיר אלע געווען אין דערהויך אויף דיא זעגעלבוימער, וואו דיא ווילדע שיכורע מענגע האט אונז ניט געקענט דער גרייכען.

—גיט אונז נאך ראָם! האבען זיי געשריען אויפ'ן דעק. — לאמיר טרינקען! לאמיר פֿערגעסען אונזערע ליידען! — מיר מוזען דאך שטארבען, מיר זיינען פֿערלארען!

איך ווייס ניט, וואס עס וואלט געשעהן, ווען עס וואלט געווען העלער טאג, דיא בעטרונקענע מענשען וואלטען געווים אונטערגעצונדען דאס שיף פֿון אויבען אים צו מאכען אַן ענדע פֿון זייער לעבען אונ זייערע ליידען.

צום גליק אבער, איז עס געווען נאכט. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט לייכטע וואָלקען. עס איז ניט געווען שטארק פֿינסטער פֿאר א ניכטערן מענשען, פֿאר א שיכורן אבער איז עס געווען פֿינסטער גענוג. איינינע זיינען געפֿאלען אויפ'ן דעק אונ האבען זיך שוין ניט געקענט אויפֿהויבען; אנדערע

האבען

האָבען זיך פערפלאָנטערט אין די שטריק און האָבען זיך ניט געקענט אויס-פלאָנטערן; ווידער אַנדערע זיינען פערקראָכען ערגעץ אין אַ קאַיוטע און האָבען ניט געקענט אַרויסגעהן פון איהר אין דער פינסטער. אַ ניכטערער מענש קען זיך איבערלעגען, ער קען מאַכען אַ וועג און אויך געפינען, אַ שיכורער אָבער ווייס דאָך גאָר ניט, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט.

געגען צעהן אוהר זיינען שוין פיעלע געשלאָפען און מיר האָבען געקענט אַראָפגעהן פון די זעגעל-בוימער. מיר זיינען זיך צונויפגעקומען אויפ'ן „פאָר-קעסל", אַ בריקעל פון פאָרנט פונ'ם שיף, און מיר האָבען אָנגעהויבען זיך צו בעראַטהען, וואָס מיר זאָלען ווייטער טהאָן און ווי מיר זאָלען זיך רעטען.

— אונזער איינציגע רעטונג קען זיין, ווען אַ שיף זאָל אָנקומען און אונז אויפנעהמען האָט אַלפרעד בעלל געזאָגט.

— אָבער דאָס פייער ברענט דאָך דער וויל? האָט זיך איינער אָב-גערופען.

— דאָס מאַכט ניט אויס, האָט דזשאָן דערריק געענטפערט, איך בין אַן אַלטער מאַטראָז און ווייס, אַז עס זיינען שוין פאָרגעקומען פעלע, ווען עס האָט געברענט אונטען אין שיף גאַנצע אַכט טעג, איידער דאָס פייער איז צו געקומען צום דעק. פערגעסט ניט, אַז אונטען ברענען קוילען. ווען דאָס פייער זאָל דאָרט זיין שטאַרק, וואָלט עס שוין לאַנג געווען דורכגרייכט דעם דעק. זיי רייכערן זיך אָבער נור, דער פאַר פיהלען מיר אַזא שטאַרקען, ביטערן און שטיקענדען רויך. איהר ווייסט דאָך געוויס, אַז ווען אַ פייער ברענט זעהר שטאַרק, גיט ער פון זיך ניט אַרויס קיין רויך, אָדער ער גיט פון זיך אַרויס זעהר ווייניג רויך. ווען עס זעצט אַרויס אַ שטאַרקער רויך פון פיעלע שפאַלטען, איז עס דער בעסטער בעוויז, אַז די קוילען אונטען ברענען נאָך ניט שטאַרק. —

איך האָב בעוואונדערט דזשאָן דערריק. איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט ניט געלערנט אין קיין שולע און דאָך האָט ער פערשטאַנען אונזער לאַגע בעסער פון אַלעמען.

— אַלזאָ, וואָס זאָלען מיר טהאָן? האָט איינער געפרעגט.

— צוויי זאַכען, האָט דערריק געענטפערט, מיר מוזען אַרבייטען ווייטער: גיסען וואַסער אין דיא לעכער פון שיף און בויען דיא איבעריגע צווייא פלאָסען. ווערט אָנקומען אַ שיף און ווערט אונז אויפנעהמען, איז געוויס גוט; ווערט קיין שיף אָנקומען, וועלען מיר מוזען זיך רעטען אויף דיא פלאָסען, וויא מיר ווילען קענען.

מיר זיינען אָבער צופיעל מענשען! האָט איינער געשריען, — איך דענק, אַז עס געפינען זיך נאָך איף דער „מאַריאַ לואיזע" ביז דריי הונדערט מענשען. וואו וועלען זיי זיך אהינטהאָן אויף די צוויי קליינע פלאָסען?

— מיר וועלען מוזען זיך דרענגען און געפֿינען פלאַץ פֿאַר אַלעמען אויף די צוויי קליינע פֿלאָסען, האָט בעלל ערקלערט.

ער האָט אויך אַנדערש ניט געקענט ענטפֿערן. מיר האָבען קיינע אַנדערע מיטעל ניט געהאַט. אַזוי וויא מיר זיינען אָבער אַלע געווען שרעקליך מיער, האָבען מיר אָפּגערעדט, אַז איינינע פֿון אונז זאָלען זיך צולעגען אָפּרוהען און די איבעריגע זאָלען אַרבייטען. ווען דיא ערשטע וועלען האָבען געשלאָפֿען דריי־א שטונדען, זאָל מען זיי אויפֿוועקען, זיי זאָלען זיך שטעלען אַרבייטען און דיא אַנדערע זאָלען זיך לעגען שלאָפֿען.

איך בין געבליבען מיט דער ערשטער פּאַרטיע און האָב אָנגעהויבען זיך אַרומצוקוקען. איך האָב אָנגעהויבען צו טאַפּען די ברעטער פֿון׳ם דעק, וואו איך האָב געפֿונען, אַז זיי זיינען הייס, דאָרט האָב איך גענאָסען וואַסער. איך האָב אַ פּאָר מאָל בעגעגענט דזשאָן דערריק און האָב איהם געפֿרעגט:

— וואָס דיינקט איהר? וויא לאַנג וועלען מיר קענען זיך האַלטען?

— איך וויים ניט, האָט ער געענטפֿערט, מיר דאַכט, אַז דאָס גאַנצע פֿייער געפֿינט זיך יעצט אין הינטערסטען טהייל פֿון׳ם שיף. מיר מוזען דאָרט גיעסען וואַסער.

מיר האָבען יעצט געהאַט גענוג העק, זעגען און אַנדערע אינסטרומענטען. מיר זיינען אַרומגענאַנגען אויף׳ן דעק און האָבען געטאַפּט די ברעטער. קוים האָבען מיר געפֿיהלט אין אַן אָרט אַז די ברעטער זיינען הייס, האָבען מיר אויסגעהאַקט אַ לאָך און האָבען אָנגעהייבען צו גיעסען דאָרט וואַסער.

אַזוי איז פֿערגאַנגען דיא צייט ביז געגען האַלבע נאַכט. מיר האָבען געדאַרפֿט אויפֿוועקען אונזערע קאַמעראַדען און אַליין זיך צולעגען שלאָפֿען. פּלוצלינג האָבען מיר דערהערט שרעקליכע געשרייען.

— וואַסער! וואַסער! גיט אונז אַביסעל וואַסער!

דאָס האָבען זיך אויפֿגעכאַפּט דיא שיכורע און דיא פּאַסאַזשירען, וועלכע האָבען זיך אָנגעשטאָפּט מיט׳ן געזאַלצענעם וואורשט. דער דורשט האָט זיי געברענט, זיי האָבען געבעטען אַ ביסעל וואַסער צו בענעצען זייערע פֿערברענטע ליפּען, מיר האָבען זיי אָבער ניט געקענט העלפֿען. מיר האָבען ניט געהאַט ניט איין טראָפּען זיסעם וואַסער.

אייניגע האָבען זיך אייפֿגעכאַפּט, זיינען אויפֿגעשפּרונגען, זיינען צוגעלאָפֿען צו אונז און האָבען ביי אונז אַרויסגעריסען די עמער וואַסער פֿון דיא הענד; קוים אָבער האָבען זיי פֿערזוכט דאָס ביטערע און געזאַלצענע מעער וואַסער, האָבען זיי אַוועקגעשליידערט פֿון זיך די עמער.

פֿון׳ם געזאַלצענעם מעער וואַסער ווערט דער דורשט נאָך שטאַרקער. דאָס מעער וואַסער ברענט דיא ליפּען, דעם גומען און דיא צונג.

ערשט יעצט האַבען פֿיעלע אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן ווי שלעכט זיי

האבען געטאהן, וואס זיי האבען אַ רויכגעלאזען דאס זיסע וואסער פֿון דיא רעזערוואוארען. עס איז שוין אבער געווען צו שפעט.

מיר האבען געמוזט זיך צו לעגען. איינינע פֿון אונז זיינען געווען אזוי מיעד, אז זיי האבען זיך קוים געהאלטען אויף דיא פֿיס. מיר האבען אויפגעוועקט אונזערע קאמעראדען, האבען זיי געזאגט, וויא דאס פֿייער האלט און וואס זיי זאלען טאהן, און אליין האבען מיר זיך צוגעלעגט יעדער, וואו ער האט געקענט און וויא ער האט געקענט. יעדער פֿון אונז האט געוואוסט, אז פֿון דיא פאסאזשירען קענען מיר קיין הילף ניט ערווארטען. אונזער איינציגע הילף ליעגט אין אונז: מיר זאלען אזוי לאנג אויפהאלטען דאס פֿייער, ביז עס וועט אנקומען אשיף און וועט אונז רעטען.

מיר האבען געשלאפֿען ניט לאנג. ווילדע געשרייען האבען אונז אויפ־געוועקט.

— וואסער! וואסער! גיט אונז אַ טראפּען וואסער! האבען געשריען דיא אונגליקליכע, וועלכע האבען זיך אָנגעשיכורט נעכטען פֿאר נאכט.

מיר זיינען אויפגעשטאנען און זיינען צוגעקומען צו אונזערע קאמעראַדען.

— וואס הערט זיך? האבען מיר געפֿרעגט.

— עס איז שווער צו ארבייטען אין דער פֿינסטער, האט מען אונז געענטפֿערט.

דאס איז אויך געווען וואהר. עס איז שוין געווען ניט ווייט פֿון טאג, דיא פֿינסטערניס איז געווארען אזוי געדיכט, אז מיר האבען איינער דעם אנדערן ניט געזעהן. מיר האבען געמוזט זיצען מיט צונויפגעלייגטע הענד און ווארטען, ביז עס וועט טאג ווערן.

— מיר געפֿינען זיך אויפ'ן וועג, וואו עס געהן שיפֿען קיין אַמעריקא און פֿון יימעריקא, האט דזשאָן דעררייק געזאגט, מיר מוזען אויפהענגען אויף דעם העכסטען זעגעל בוים אַ נויט צייכען, אז פֿרעמדע שיפֿען זאלען איהם דערזעהן און זאלען קומען אונז צו הילף.

מיר האבען קוים דערלעבט דעם טאג, ווען מיר האבען געקענט זעהן, וויא גרויס אונזער אונגליק איז. דאס פֿייער איז געווארן שטארקער. אין דעם הינטערסטען טהייל פֿונ'ם שיף זיינען דיא ברעטער פֿונ'ם שיף געווארען אזוי הייס, אז עס איז געווען אונמעגליך זיך צו צוריהרען צו זיי. פֿון אלע שפּאלטען און פֿון אלע לעכער האט ארויסגעזעצט א שמוציג ברוינער, ביטערער, הארבער און שטיקענדער רויך.

איינער פֿון אונז איז ארויפגעקראכען אויפ'ן העכסטען זעגעל בוים און האט געקוקט אויף אלע זייטען, פיעליכט וועט ער דערזעהן אשיף. — אומזיסט! וויא ווייט דאס אויג האט געקענט גרייכען, האט מען געזעהן נור הימעל און וואסער. מיר האבען ארויפגעצויגען אויפֿן זעגעל בוים אַן איבערגעקעהרטע פֿאהן אלס צייכען, אז מיר געפֿינען זיך אין דער נויט.

אייגענטליך געפינט זיך אויף יעדעם שיף אַ נויטפאַהן, אַ פאַהן, וועלכע וויזט יעדען, אז דאס שיף געפינט זיך אין אַ נויט; מיר האבען אבער קיין צייט געהאט זיא צו זוכען, אונ מיר האבען אויך ניט געוואוסט, וואו דער שיפסקאפּיטאַן האט זיא געהאלטען.

ווען מיר האבען דאס אפגעטאהן, האבען דשאָן דערריק, אלפרעד בעלל אונ נאך איינינע, צווישען זיי איז אויך געווען דער אַמעריקאנער סילאַס פלינט, זיך בעראטהען, וואס מען זאל ווייטער טאהן.

— לעשען דאס פייער ווייטער איז אומזיסט, האט דשאָן דערריק געזאגט, אויסער דעם טארען מיר מעהר ניט גיעסען קיין וואסער אין שיף, זיא איז שוין אזוי פול מיט וואסער, אז זיא קען אונטערגעהן. מיר מוזען זעהן פערטיג מאכען דיא פלאָסען וויא צום גיכסטען אונ זיך אַראפלאזען אויף זיי.

קיינער האט ניט געהאט וואס אַיינצווענדען געגען דעם. אלע האבען געזעהן, אז זייער מיה איז אומזיסט. דיא „מאַריאַ לואיזע" מוז אינטערגעהן.

— דיא פלאָסען וועלען באלד פערטיג זיין, האט אַלפרעד בעלל בע-מערקט, דער פון איז קיין רעדע, דיא פראגע איז נור אנצוגרייטען עסען פאר אזוי פיעל מענשען אויף דיא פלאָסען. איך ראטהע דאהער, אז מיר זאלען זיך ווידער צוטהיילען אויף צוויא פארטיען. איין פארטיע זאל ענדיגען מאכען דיא פלאָסען, אונ דיא אנדערע פארטיע זאל צוזאַמשלעפען אלע מעגליכע שפייז ארטיקעל, וועלכע מען וועט קענען געפינען אויף דעם שיף.

אלע זיינען געווען איינפערשטאנען מיט דיעזען פלאן אונ מען האט זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. איך האב געהערט צו דער פארטיע, וועלכע האט געדארפט אָנגרייטען פראוויאַנט. מיר האבען געוואוסט, וואו דיא פראוויאנט קאמערן האבען זיך געפונען, מיר האבען אבער שוין ניט געקענט צו קומען צו זיי. מיר האבען געמוזט ניצהמען דאס, וואס מיר האבען געפונען אין קיך אונ אין דיא אויבערשטע, קליינע, שפייז קאמערן.

אונטערדעסען זיינען פיעלע פון דיא פאסאזשירען געווארען גאנץ ווילד, בעזאנדערס דיא פרויען אונ דיא קינדער. זיי זיינען ארומגעלאפען, וויא דיא וואהנזיניגע (משוגעים) אונ האבען געשריען:

— וואסער! וואסער!

אזוי וויא קיינער האט זיי ניט געענטפערט, האבען פיעלע אנגעהויבען ארומצולויפען אין דיא קאיוטען זוכען וואסער. זיי זיינען אנגעקומען אין דער אַפטייק, — אין דער קאַיוטע, וואו דער דאקטאר האט געהאלטען זיינע מע-דיצינען, אונ האבען דארט געפונען פאַליצעס מיט פלעשער, פלעשעלעך, טעפעלעך אונ בלעכעלעך. וויא דיא הונגעריגע וועלף, האבען זיי זיך אַ ווארף געטאהן אויף דיעזע פלעשעלעך, האבען זיי געעפענט אונ האבען אויסגעטרונקען אלעס, וואס זיי האבען נור געקענט געפינען.

ערשט

ערשט יעצט האבען זיך אנגעהויבען סצענען, וועלכֿע קיין מענשליכֿע פֿעדער איז ניט אים שטאנד צו בעשרייבען. אייניגע האבען אויסגעטרונקען גיפֿט (סם המות) אונ זיינען אין אקורצער צייט ארום געשטארבען אין שרעקליכֿע שמערצען; אנדערע האבען אויסגעטרונקען שארפֿע זאכֿען אונ האבען זיך פֿערברענט דאס מויל, דעם גומען אונ דעם האלז; ווידער אנדערע האבען געטרונקען שלאָף געטראנק, אונ זיינען באלד אנטשלאפֿען געווארען.

דיא מענשען, וועלכֿע האבען ניט געטרונקען פֿון דיא פֿלעשעלעך פֿון דער אפטייק, זיינען גלאט ארומגעלאפֿען אויפֿ'ן דעק, האבען געשריען, געווינט, געשאלטען, אונז געזידעלט אונ געמאכֿט אַזא לארם, אז מיר האבען ניט געקענט ארבייטען אונ ענדיגען דיא פֿלאָסען. פֿיעלע זיינען צוגעלאפֿען צום געלענדער אין דער זייט, וואו דער שיפֿסקאַפיטאן מיט זיינע גוטע פֿריינד זיינען זיך געזעסען רוהיג אין זייער באָאָט אונ האבען צוגעזעהן אלעם, וואס האט פאסירט אויפֿ'ן שיף. דיא אונגליקליכֿע פאכֿאזשירען האבען זיך געשטעלט ביים געלענדער, האבען גערופֿען דעם שיפֿסקאַפיטאן אונ האבען איהם געבעטען, ער זאל זיי גיבען אביסעל וואסער. דער שיפֿסקאַפיטאן האט זיי ניט געענטפֿערט.

איך וועל אייביג ניט פֿערגעסען דיא שרעקליכֿע סצענע. ווען צווייא יונגע מיידעלעך פֿון אַ יאהר פֿיערצעהן פֿופֿצעהן האבען געוואלט זיך אַראפלאזען אין וואסער אונ צו שווימען צום באָאָט פֿונ'ם שיפֿסקאַפיטאן. איך הער נאך היינט זייער געוויין.

— רעטע אונז, ליעבער שיפֿסקאַפיטאן! לאז אונז ניט דערטרונקען ווערן!

דער שיפֿסקאַפיטאן האט זיי ניט געענטפֿערט, אונ דיא צווייא קינדער האבען שוין געוואלט אראפשפרינגען אין מעער. איך האב אויף זיי פֿערווארפֿען אַשטריק אונ האב זיי אַרויפֿגעצויגען אויפֿ'ן דעק.

— פֿאר וואס האכט דוא מיך גערעטעט? האט דאס עלטערע מיידעל געזאגט צו מיר מיט אַ ביטערן פֿאָרוואורף. — וועט דיר שוין בעסער זיין, ווען איך וועל פֿערברענט ווערן אויף דיעזע ברעטער?

איך האב ניט געוואוסט וואס איהר צו ענטפֿערן אונ בין אַוועקגעגאנגען פֿון איהר.

— מיר מוזען ענדיגען דיא פֿלאָסען! דאב איך אויסגערופֿען צו מיינע קאַמעראדען. וואס לענגער מיר וועלען בלייבען אויף דיעזעם אונגליקס שיף, אלץ ערגער וועט עס זיין.

מיר האבען זיך גענומען פֿלייסיג צו דער ארבייט, געגען אָווענד איז איין פֿלאָס געווען פֿאָלקאמען פֿערטיג אונ פֿערזארגט מיט פראָוויאַנט. דער אנדערער פֿלאָס איז אויך געווען פֿערטיג, מען האט איהם אבער געדארפֿט פֿערזאָרגען מיט פראָוויאַנט.

מיר האבען געפֿונען אין דער אייבערשטער שפייזע קאַמער דרייא

פֿ:סלאך

פּעסלעך צוויעבאַק (סוכאַרעס) את צווי פּעסלעך געזאַלצענעם פלייש. מיר האבען זיי אראפּגעלאזען אויפ'ן ערשטען פלאָס.

דיא פּאסאזשירען זיינען געווארען רוהיגער. פיעלע האבען שוין מעהר קיין כח ניט געהאט צו שרייען אונ צו לאַרמען, איינינע זיינען געווען קראנק פון דיא מעדיצין, וועלכע זיי האבען אויסגעטרונקען. ווידער אנדערע האבען אזוי פערלאָרען דעם מוטה אונ זיינען געווען אזוי פערצווייפעלט, אז זיי זיינען געזעסען אויף זייערע ערטער, וויא פערשטיינערט אונ האבען זיך ווענינ גע־קימערט, וואס עס טהוט זיך ארום זיי.

פאר נאכט האט זיך דאס וועטער געענדערט. ביז אהער האבען מיר געהאט קאַלטעס, אבער שעהנעס וועטער, פּלוצלונג האט זיך דער הימעל בעדעקט מיט וואָלקענס, עס איז געווארען פינסטער אונ עס האט זיך אויפ־געהויבען אשטארקער ווינד. דשאָן דערריק אונ דיא עלטערע מאַטראָזען האבען דערקענט אן הימעל, אז עס קומט אן אשטורם.

מיר האבען געוואלט אראפּלאזען אויפ'ן פערטיגען פלאָס אזוי פיעל פאסאזשירען, וויא פיעל עס וועט מעגליך זיין, מיר האבען זיך אבער באלד בערעכענט, אז אין אזא וועטער קענען מיר ניט לאזען אזוי פיעל מענשען אויף א שוואכען פלאָס, וועלכען מען קען ניט קירעווען אונ וועלכען מען קען ניט בעשיצען געגען דיא שרעקליכע וועללען (כוואַליעס) פון א ווילדעס, בייזעס מעער.

אונטערדעסען איז נאכט געווארען. אויפ'ן דעק פון דער „כאַריאַ לואיזע" איז אלעס געווען שטיל, נור פון צייט צו צייט האט מען געהערט א טיעפען זיפץ, אשטילעס געוויין, אדער אפלוצלונגען, ווילדען געשריי.

## 11-טעס קאפּיטעל

## „סאַנקט העלענאַ".

עס איז ווידער געקומען א שרעקליכע, טרויעריגע אונ פינסטערע נאכט. מיר האבען ניט געאַרבייט. מיר זיינען געווען שרעקליך מיעד את האבען זעהר געליטען פון דורשט. איינינע האבען געהאלטען אין מויל שטיקער אייזען אום צו שטילען דעם דורשט, אנדערע האבען אויסגעשפּרייט אויפ'ן דעק זייערע העמדער אום אויפצוהאפּען דעם טהוי פונ'ם הימעל. דשאָן דערריק האט מיר געגעבען אשטיקעל בליי.

—האלט דאס שטיקעל בליי אין מויל, וועט דיין דורשט געשטילט ווערן, האט ער מיר דער ביי געזאגט.

—וואס דענקט איהר, דשאָן? האב איך איהם נעפרעגט, וועלען מיר לאַנג אויסהאלטען אויף דיעזעם שיף?

—איך ווייס עס ניט, האט ער געענטפערט טרויעריג.

—פאר וואס זאלען מיר אלזא ניט ארויפגעהן אויפ'ן פלאַם?

—מיינסט דוא אז אויפ'ן פלאַם זיינען מיר שוין זיכער? האט ער גע-פרעגט. דוא ביסט נאך יונג, ריטשאַרד, דוא ביסט נאך קיין מאל ניט גע-פאהרען אויף אַ פלאַם אין אַן אונרוהיגען מעער אונ דוא קענסט עס ניט פער-שטעהן, אז וויא גרויס עס איז דיא געפאהר אויף דער „מאַריאַ לואיזע" זיינען מיר נאך דא פיעל זיכערער, וויא אויף אפלאַם.

—איך זעה דאך אבער, אז אונזער שיפסקאַפיטאן איז אנטלאָפען! האב איך אויסגערופען.

—דוא זעהסט דאך אבער, אז ער פאהרט ניט אוועק פון דער „מאַריאַ לואיזע", זיין באָאָט איז נאך אלץ צו געבונדען צום שיף.

—איך פערשטעה טאקע ניט, פאר וואס ער אַנטלויפט ניט.

—ער ווייס, וואס ער טהוט, האט דעררעיק ערקלערט. אויף דער „מאַריאַ לואיזע" הענגט אנויט צייכען, א נויטפאָהן. מיר געפינען זיך אין א געגענד, וואו עס פאהרען זעהר אפט שיפען. עס וועט געוויס אנקומען א שיף, וועלכע וועט אונז העלפען אונ וועט אונז איפנעהמען. ער וועט דאן צו קומען צו איהר אונ וועט בעטען, מען זאל איהם אויפנעהמען. ווען ער וועט אבער אוועקפאהרען מיט זיין באָאָט, וועט ער אראפפאהרען פון וועג אונ ווען עס וועט אנקומען א שיף, וועט זיא איהם ניט דערזעהן, ווייל אויפ'ן מעער איז שווער צו דער זעהן אזא קליינעס שיפעלע, וויא דאס באָאָט.

מיר האבען נאך אוועקגערעדט איניגע צייט אונ האבען זיך אניעדער געלעגט אין א ווינקעלע. איך האב מיך איינגעדעקט מיט א שטיק זעגעל טוך אונ בין באלד אנטשלאָפען געווארען. איך ווייס ניט, וויא לאנג איך בין געשלאפען, איך ווייס נור, אז מען האט מיך אויפגעוועקט.

— ווער זייט איהר אונ וואס ווילט איהר? האב איך געפרעגט.

אין דער פינסטערנים האב איך ניט געקענט וויסען, ווער עס האט מיך אויפגעוועקט.

—איך בין סילאַס פלינט, האט דער אמעריקאַנער געזאגט, — דער הינטערשטער טהייל פונ'ם שיף איז שוין אזוי הייס, אז מען קען עס ווארטען יעדע מינוט, אז דאס פייער וועט באלד אויסברעכען אויפ'ן דעק. — וואס ווילען מיר נאך ווארטען?

—אַלזאָ וואס ווילט איהר? האב איך געפרעגט.

—מיר האבען זיך ענטשלאסען זיך אראפצולאזען אויפ'ן פלאַם, האט דער אמעריקאַנער געענטפערט. איך האב מיך צוזאמענגערעדט מיט נאך עטליכע פאכאזשירען אונ זיי האבען מיך אויסגעוועהלט אלס זייער קאפיטאן קום דוא אויך מיט אונז, ריטשאַרד.

—וועלען דשאָן דעררִיק אונ אַלפֿערד בעלל אויך געהן מיט אייך?
—זיי ווילען בלייבען אויפ'ן שיף, האט סילאַס פֿלינט געענטפֿערט.
—דאן בלייב איך אויך, האב איך געזאגט פֿעסט ענטשלאָסען.
—איבערלעג, וואס דוא טהוסט, ריטשאַרד! האט דער אמעריקאַנער מיך געוואָרנט, עס איז יעצט נאַכט, מיר קענען יעצט שטילערהייט זיך אראפּ-לאזען אויפ'ן פֿלאָס, מיר וועלען זיין נור דרייסיג — פֿיערציג מענשען אויפ'ן פֿלאָס; ווען דוא וועסט אבער ווארטען, ביז דאס שיף וועט אנהויבען צו ברענען פֿון אלע זייטען, וועט איהר מוזען ארויפֿנעהמען אויף אייער לעצטען פֿלאָס מעהר אלס הונדערט מענשען. וואו וועט איהר זיך אלע אהינטאהן אויף דיא עטליכע ברעטער?

איך האב מיך אבער געהאלטען פֿעסט, אז איך וועל בלייבען ביי מיין פֿריינד דשאָן דעררִיק, וועלכער איז געוועזען אין מיינע אויגען א העלד; איך האב דאך אליין געזעהן, וויא ער האט געארבייט, וויא ער ווייס וואס צו טאהן, וויא ער פֿערשטעהט וואס צו טאהן. איך בין געוועזען זיכער, אז ווען דשאָן דעררִיק וואלט פֿערשטאנען, אז פֿאר אונז איז שוין קיין אנדערע רעטונג ניטא אלס אויפ'ן פֿלאָס, וואלט ער געוויס געהייסען אלעמען זיך רעטען אויפ'ן פֿלאָס.

סילאַס פֿלינט האט נאך אוועקגערעדט מיט מיר אייניגע מינוט אונ איז זיך ענדליך אוועקגעגאנגען.

איך האב געהערט, וויא זיי האבען זיך אראפּגעלאזען אויפ'ן פֿלאָס. איך האב געהערט, וויא זיי האבען מיט גענומען נאך אייניגע זאַכען, וועלכע זיי האבען געפֿונען פֿאר נעטהיג. איך האב אבער דער ביי אויך געהערט, אז זיי האבען מיט גענומען נור מענער, קיינע פֿרויען אונ קיינע קינדער. דאס האט מיך אביסעל פֿערדראָסען, וויל יעצט זיינען געבליעבען דיא אונגליקליכע פֿרויען אונ קינדער אויף אונז.

אפֿאר מאל האב איך געוואלט אויפֿוועקען דשאָן דעררִיק אונ איהם דערצעהלען, אז מען אנטלויפֿט פֿונ'ם שיף, איך האב מיר אבער בערעכענט, אז איך קען נאך ערגער מאכען. קוים וועט ווערן אַ רעש, אז אייניגע פאסאזשירען ווילען אנטלויפֿען, וועט ווידער ווערן א געשריי, א געוואלד א געדרענג אונ שטופעניש צום פֿלאָס. עס וועלען ווידער אומקומען עטליכע מענשען אונ איך וועל דאך גאר ניט העלפֿען, זיי וועלען דאך אנטלויפֿען.

איך האב דאהער געשוויעגען אונ האב זיי געלאזען אנטלויפֿען. איך האב מיך צוריקגעלעגט, איך האב אבער ניט געקענט שלאפֿען, איך בין אויפֿ-געשטאנען אונ האב געקוקט אין דיא פֿינסטערע נאַכט.

דאס מעער איז געוועזען אונרוהיג. הויכע, שווארצע וועלען (כוואַליעס) מיט ווייסע קעפּעלעך האבען זיך געקייקעלט איינע נאך דער אנדערער מיט אשטילען, פֿערביסענעם צארן. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך זעה

דעם פלאָם, אויף וועלכען דער אמעריקאַנער מיט זיין פארטיע זינען אוועק פון אונז. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך זעה, וויא דיא בוואַליעס הייבען אויף דעם פלאָם אויף זייער גראָבען רוקען.

באלד אבער איז אלעס בעדעקט געווארען מיט פינסטערניס. איך האב מעהר ניט געזעהן דעם פלאָם. עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען. סילאַם פלינט איז געווען אגוטער מענש און האט מיר געטאהן פיעל גוטעס.

—וועל איך איהם נאך אמאל זעהן? האב איך געפרעגט זיך אליין. — עס קען זיין, אז איך האב שלעכט געטאהן, וואס איך בין ניט געפאהרען מיט איהם.

דאס לעבען איז אַ זאָנדערבאַרעס רעטעניש. וויא אָפט בעגעגענען מיר זיך מיט מענשען, וועלכע מיר האבען שוין לאנג געהאלטען פאר טויט, איך האב געמיינט, אז איך וועל שוין קיין מאל ניט זעהן סילאַם פלינט און עס האט זיך אויסגעלאזען, אז ער האט געשפילט א גרויסע ראָלליע אין מיין לעבען.

איך האב מיך אנגעשפארט אן רעדעל פונ'ם שיף און האב געקוקט אויפ'ן מעער. אזוי בין איך איבער געשטאנען דיא נאכט. קוים איז געווארען עטוואס ליכטיגער, בין איך ארויפגעקראכען אויפ'ן העכסטען זעגעלבוים און האב אנגעהויבען צו קוקען אין אלע זייטען

וויא דאנקבאר בין איך יעצט געווען מיין גוטען ליבען פאטער, וואס ער האט מיך געקויפט דעם קליינעם ספעקטיוו (טעלעסקאָפּ)! איך האב דאמאלס געטראכט, אז עס איז אַן איבעריגע זאך. צו וואס דארף איך ספעקטיוו אויפ'ן מעער? — יעצט איז ער מיר זעהר צוניץ געקומען. דער שיפסקאַפּיטאַן האט צוגענומען מיט זיך אלע ספעקטיווען, וועלכע האבען זיך געפונען אויפ'ן שיף און מיין קליינער טעלעסקאָפּ איז געווען דער איינציגער אינסטרומענט, דורך וועלכען מיר האבען געקענט זעהן א ווייטע שטרעקע ארום אונז.

איך בין געשטאנען אויפ'ן הויכען זעגעלבוים און האב געקוקט פון אלע זייטען. פלוצלונג האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך זעה דיא זעגעל פון א שיף אנקומען הינטער אונז.

—א שיף פון דעם רודער זייט! האב איך אויסגערופען.

אלע זיינען אויפגעשפרונגען אויפ'ן דעק. דשאָן דעררינק, אַלפרעד בעלל און נאך אצוויא דריי אלטע מאַטראָזען זיינען באלד ארויפגעקראָכען אויף דיא זעגעל בוימער און האבען געקוקט אין דער זייט, וואו איך האב זיי געוויזען.

—דוא האסט רעכט, ריטשאַרד, האט דשאָן דעררינק געזאגט, דאס איז ווירקליך א שיף, זיא איז נאך אבער זעהר ווייט פון אונז. דאס מעער איז זעהר אונרוהיג, גאט ווייס, אויב זיא וועט אונז קענען העלפען.

—דענקט איהר ווירקליך, אז מיר וועלען האבען אשטורם? האב איך געפרעגט.

—איך האב עס נאך נעבּטען געוואוסט אונ האב געדעכּענט, אז דער שטורם וועט אויס ברעכען נאך ביי נאכּט, ער האט זיך אבער פערשפעטיגט אונ וועט געוויס באלד אנקומען.

איך האב נאך ביי נאכט בעמערקט, אז דיא וועלען (כוואַליעס) זיינען געוואָרען פיעל שטארקער אונ האבען אנגעהויבען צו לויפען שנעלער איינע נאך דער אנדערער. ווען עס איז שעהנעס וועטער שפּיעלען זיך דיא כוואַליעס אונ יאָגען זיך נאך, וויא ווילדע קינדער, זיי לאַכען אבער דער ביי; זיי זיינען ניט בייז. אין אשטורם אבער ווערן דיא כוואַליעס שוואַרץ אונ הייבען זיך אויף מיט כעס, גליך וויא זיי ווילען פערשלינגען איינע דיא אנדערע.

אזוי וויא מיר האבען אזוי בעטראכט דאס מעער, האבען מיר דערזעהן, אז דיא מענשען, וועלכע האבען זיך געפונען מיט׳ן שיפסקאַפּיטאַן אין באָאָט זיינען עפּעס געוואָרען אונרוהיג. זיי האבען געהערט, וויא מיר האבען אויס- גערופען: — א שיף! עס קומט אן א שיף! אדער דער שיפסקאַפּיטאַן האט געקוקט דורך זיין גרויסען טעלעסקאָפּ אונ האט אויך דערזעהן דאס שיף.

מיר האבען געזעהן, וויא אויף דעם באָאָט האט מען זיך אנגעהויבען צו ריהרען אונ דער שיפסקאַפּיטאַן האט געהייסען עפּעס טאהן.

—מיר דאכט, אז דער טויגענילטס וויל צוריק קומען אויפ׳ן שיף! האט אַלפרעד בעלל אויסגערופען.

—צו וואס זאל ער עס טאהן? האב איך געפרעגט.

—ער וועט זיך פאָרשטעלען אלס דער שיפסקאַפּיטאַן פון דער „מאַריא לואיזע". וועט דערצעהלען, אז זיין שיף ברענט אונ וועט בעטען הילף.

וואס וועט ער האבען דערפון? האב איך וויטער געפרעגט.

—ווען ער וועט צוריק קומען קיין ענגלאנד, וועט דער שיפסקאַפּיטאַן פונ׳ם פרעמדען שיף אפּגיבען אַראַפּאָרט, אז ער האט געטראָפען קאַפּיטאַן שעללי אויף זיין ברענענדעס שיף, אז קאַפּיטאַן שעללי איז אגוטער שיפס- קאַפּיטאַן אונ דער טויגענילטס וועט ווידער בעקומען א שטעלע.

מיר זיינען אראפּגעגאנגען פון זעגעלבוים. אלע אויפ׳ן דעק זיינען לעבעדיג געוואָרען. אלע האבען זיך אנגעהויבען צו פרעהן.

—ענדליך זיינען מיר גערעטעט! ענדליך וועלען מיר האבען וואסער! האט מען געשריען פון אלע זייטען.

דשאָן דעררייק אבער איז געוועזן אונרוהיג אונ זאָגאַר טרויעריג.

—וואס איז איך, דשאָן? האב איך געפרעגט, איהר זעהט דאך, אז דאס שיף קומט אלע מאל נעהנטער צו אונז, זיא האט געזעהן אונזער צייכען, זיא וועט אונז רעטען —

זעה נור דאס מעער, ריטשאַרד, האט דשאָן דעררייק גענטפערט טרויעריג, ווער ווייס, אויב דאס שיף וועט זיין אים שטאנד צו צוקמען צו אונז. —

קים האט ער ארויסגעזאגט דיא לעצטע ווערטער, האט אונזער שיף מיד א ווארף געטאהן אונ האט זיך איינגעבויגען אויף א זייט. אגרויסע וועללע (כוואַליע) וויא א בארג דיא הויך, האט פלוצלונג אויפגעהויבען אונזער שיף אין דער הויך אונ האט זיך באלד אראפ געווארפען אין אטיעפען אבגרונד. — דער שטורם האט אויסגעבראכען!

—אויפהייבען דעם אַנקער! האט געשריעען אלפרעד בעלל.

ער האט געהאט פאָללקאָמען רעכט. איידער אונזער שיפסקאפיטאן איז אנטלאפען פון אונז, האט ער געהייסען פעראַנקערן דיא „מאַריאַ לואיזע". זאָלאַנג דאס וועטער איז געווען שעהן, זיינען מיר געווען צופריעדען, וואס אינזער שיף איז געווען פעראַנקערט אונ איז געשטאנען אויף איין אָרט. יעצט אבער, ווען דער שטורם איז אויסגעבראכען אונ האט געווארפען אונזער שיף אויף אלע זייטען, האבען מיר געמוזט אויפהייבען דעם אַנקער אום זיא צו קענען קירעווען. דאס פרעמדע שיף איז צוגעקומען נעהנטער. מיר האבען געזעהן, וויא אונזער שיפסקאַפיטאן מיט זיינע מענשען האבען געארבייט מיט אלע זייערע קרעפטען צו צורודערן זייער באָאָט צום פרעמדען שיף. מיר האבען געזעהן וויא דאס פרעמדע שיף האט צו געווארפען אשטריק צום באָאָט, וואו אונזער שיפסקאַפיטאן איז געזעסען. מיר האבען געזעהן, וויא דיא מאַטראָזען פונ'ם פרעמדען שיף האבען ארויפגעשלעפט אויף זייער שיף אונזער שיפסקאַפיטאן מיט זיינע מענשען אונ מיר האבען ארויסגעלאזען א געשריי פון פרייד.

פיעלע פאסאושירען אויף אונזער דעק האבען אנגעהויבען צו טאנצען פאר פרייד.

—ווען דאס פרעמדע שיף האט גערעטעט אונזער שיפסקאַפיטאן מיט זיינע מענשען, וועט עס אונז אויך רעטען! האבען זיי געשריעען.

זיי האבען אויך רעכט געהאט, דער שיפסקאַפיטאן פונ'ם פרעמדען שיף האט זעהר געוואלט אונז רעטען, ער האט עס אבער ניט געקענט. דאס מעער איז געווארען אימער אונרוהיגער, דיא כוואַליעס זיינען געווארען העכער, בייזער אונ ווילדער. דאס קליינע באָאָט פון אונזער שיפסקאַפיטאן האט נאך געקענט צו קומען צו אגרויסער שיף, צוויא גרויסע שיפען אבער האבען אויף קיין פאַל ניט געטארט צו קומען איינס צום אנדערן: זיי וואלטעןביידע צו שלאגען געווארען.

דאס פרעמדע שיף האט געהייסען „סאַנקט העלענאַ", עס איז געשטאנען אזוי נאהענט צו אונז, אז מיר האבען געקענט זעהן אונ לעזען איהר נאמען, וועלכער איז געווען צוגעשלאגען צום פארנט מיט גרויסע, ווייסע, הילצערנע בוכשטאבען.

מיר האבען געזעהן, וויא דער שיפסקאַפיטאן פון דער „סאַנקט העלענאַ" האט געהייסען אראפלאזען א באָאָט צו אונז. דיא מאַטראָזען האבען אראפ-

געלאזען דאס גרעסטע באָאָט, וועלכעס האט זיך געפונען אויף איהר, זיי האבען עס אבער באלד געמוזט צוריק ארויפציהען. דיא בוואַליעס האבען עס פערגאסען מיט שוים.

מיר זיינען געווען פערצווייפעלט. פלוצלונג האבען מיר דערזעהן, וויא אויף דיא שטריק לייטער פון דער „סאַנקט העלענאַ" האט מען ארויפגעצויגען אגרויסעס ברעט, אויף וועלכען עס זיינען געשטאנען ווערטער אנגעשריעבען מיט קרייט. איך האב גענומען מיין ספעקטיוו און האב איבערגעלעזען:

„דער שיפסקאַפּיטאן פון דער „סאַנקט העלענאַ" לאזט אייך וויסען, אז „ער וועט ניט אוועקפאהרען פון דאנען, ביז ער וועט אייך אלע ארויפנעהמען „אויף זיין שיף. לאז נור דאס מעער ווערן אביסעל רוהיגער, וועט ער אייך „שוין רעטען?

דאס איז געווען אלעס, וואס דער גוטער שיפסקאַפּיטאן פון דער „סאַנקט העלענאַ" האט געקענט טאהן פון אונזערט וועגען.

## 12-טעס קאפיטעל

## מיר ווערן גערעטעט.

אונטערדעסען איז דער שטורם געווארען אלץ שטארקער און שטארקער. וועללען (בוואליעס) הויך, וויא דיא בערג, האבען געווארפען אונזער שיף וויא אַ שאלאַכץ פון אַ נוס פון איין זייט אויף דיא אנדערע. מיר האבען יעצט געהאט ווייניג מאטראזען, וועלכע זאלען רעגיערן דאס שיף און טאהן אלע ארבייטען, וועלכע זיינען נעטהיג אין אַזא שטורם. אייניגע פון אונזערע מאטראזען זיינען אַנטלאַפען געווארען מיט אונזער שיפסקאפיטאן, אנדערע זיינען אנטלאפען געווארען מיט דיא איבעריגע באָאָטע; עטליכע זיינען אוועקגעפאהרען מיט סילאַם פלינט. עס זיינען געבליעבען נור צעהן מאטראזען אויף אשיף, וואו עס פלעגען שטענדיג זיין פופציג ביז זעכציג מאטראזען.

מיר האבען געמוזט ארבייטען זעהר שווער. דיא הויכע בוואַליעס האבען פערגאסען יעדעס מאל דעם דעק און דיאַ אונגליקליכע עמיגראנטען. איין הויכע און זעהר שטארקע בוואַליע האט אראפ געשווענקט אַגאנצע פאמיליע עמיגראנטען: אַ פאטער, אַ מוטער און פיער קינדער. אראפגעהן אין דיא קאַיוטען האבען זיי ניט געקענט, ווייל אלע קאיוטען זיינען געווען פול מיט רויך.

מיר האבען געמוזט נעהמען שטריק און זיי צו בינדען צו דיא זעגעל-בוימער, צו דיא טהירען פון דיא קאַיוטען, און וואו מיר האבען געקענט. דאס איז געווען אַ טרויעריגע און זעהר לאנגווייליגע ארבייט. עס האט געריסען דאס הארץ צו זעהן, וויא דיא אונגליכע האבען געוויינט און געבעטען, אז מען זאל

די לאזען דערטרונקען ווערן און לויז ווערן מיט אמאל פון זייער לעבען און זייערע ליידען .

דאס ערגסטע איז געווען, וואס מיר האבען ניט געהאט קיין וואסער. איינער פון אונזערע מאטראזען האט געפונען אין קיך אצובער מיט שמוציגע וואסער, אין וועלכע אונזער קאך האט געוואשען דאס געשירר. מיר האבען זיך איינגעטהיילט מיט דעם ביסעל וואסער, און יעדער האט בעקומען אקליין גלעזעלע. מען האט געציטערט צו טראגען פיעלעס וואסער אויפ'ן דעק, מען זאל ניט אויסגיעסען א טראפען, גלייך וויא עס וואלט געווען געשמאלצענעס גאלד.

— אך, וואסער! וואסער! האט מען געהערט שרייען פון אלע זייטען.

דער טאג איז פערגאנגען און דער שטורם האט ניט נאכגעלאזען. אונזער שיף האט זיך דערוויטערט פון דער „סאנקט העלענא" און מיר האבען ניט געהאט גענוג מענשען זיא צו רעגיערען און זיא צו קירעווען. דער גוטער שיפס־קאפיטאן פון דער „סאנקט העלענא" האט געהייסען זיינע מענשען ארויפציעהען א רויטע לאנטערנע אויף זיין העכסטען זעגעלבוים. דער מיט האט ער אונז געגעבען א צייכען, אז ער איז ניט אוועקגעפאהרען, זאנדערן ערווארט, ביז דער שטורם וועט אביסעל נאכלאזען, וועט ער אונז ארויפנעהמען אויף זיין שיף.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא מיר האבען געקוקט אויף דער רויטער לענטערנע; מיר האבען פון איהר קיין אויג ניט אראפגעלאזען.

דער שטורם האט נאך אלץ געדויערט. דיא נאכט איז אנגעקומען מיט אמאל. דאס איז געווען אפינסטערע, אומעטיגע טרויעריגע נאכט. שווארצע וואלקען האבען בעדעקט דעם הימעל. דער ווינט האט געפייפט, געשווישצעט און געררוישט אויפ'ן דעק. פון צייט צו צייט האט אכוואליע פערגאסען דעם דעק. מיר זיינען אלע געווען נאס צום אויסדרעהן און האבען געציטערט פון קעלט. מיר האבען געמוזט לויפען אין דיא אונטערשטע קאיוטען זיך אנווארעמען. מיר האבען אבער דארט ניט געקענט בלייבען לענגער פון צוויא־דרייא מינוט. מיר זיינען דערשטיקט געווארען פון רויך.

מיר האבען אנפאנגס ניט געקענט פערשטעהן, פאר וואס דער רויך איז יעצט געווארען שטארקער, הארבער, ביטערער און אונערטרעגליכער.

— מיר דאכט, אז דאס — אטלאנטישער וועלט מעער שפיעלט ביי אונז דיא ראליע פון א פייער־וועהר (פאזארני), האט פלוצלונג דשאן דעריק אויס־גערופען, דיא כוואליעס לעשען דאס פייער, דערפאר איז דער רויך געווארען אזוי שטארקער און הארבער.

— דיא כוואליעס וועלען אונז רעטען פון פייער און אונז איינצושלינגען, האט בעמערקט אלפרעד בעלל, דיא „מאריא לואיזע" וועט ווערן פול מיט וואסער און וועט אונטערגעהן.

— וואס טהוט מען אלזא? האב איך געפרעגט, זאלען מיר פערמאכען

דיא טהירען פֿון דיא קאַיוטען און דיא דעק פֿון טריום ?

— ניין, ריטשארד, -- טהו עס ניט. האט בעלל געענטפֿערט, וויא דוא וועסט טאהן, איז אלץ שלעכֿט. מיר געפֿינען זיך צווישען פֿייער און וואסער. לאמיר זיך פֿערלאזען אויף גאט!

מיר האבען נאך אוועק גערעדט איניגע מינוט. דאן זיינען מיר שטיל געבליעבען. איך האב מיך צוגעשפארט צו דער וואנט פֿון אַ קאיוטע און בין אנטשלאָפֿען געווארען. איך דענק, אז אלע מיינע קאמעראדען זיינען אנטשלאפֿען געווארען. מיר זיינען געוועזען שרעקליך מיעד, הונגעריג און דורשטיג. אין דערפֿינסטער האבען מיר גאר ניט געקענט טאהן. יעדער פֿון אונז האט זיך אויסגעזוכֿט אַ ווינקעלע, וואו ער איז געוועזען געשיצט פֿונ'ם ווינד און פֿון דיא שרעקליכֿע כֿוואַליעס און האט זיך דארט צוגעשפאַרט.

פֿאר טאג האט אינז אויפֿגעוועקט אַ זאנדערבארער גערויש. איך בין אויפֿגעשפרונגען, וויא אַנ'אפגעבריהטער: איבער מיר האט זיך געגאסען וואסער. אנפֿאנגס האב איך געמיינט, אז אַ כֿוואליע האט זיך אויסגעגאסען איבערן דעק און האב געוואלט מיך צוריק לעגען, באלד אבער האב איך געפֿיהלט, אז דאס וואסער גיעסט זיך פֿון אויבען. — עס האט געגאסען א רעגען.

מיר האבען אפגעלעבט. אזוי וויא עס איז געוועזען שטארק פֿינסטער און מיר האבען ניט געקענט געפֿינען קיין כלים, אין וועלכֿע אויפֿצונעהמען דעם רעגען, האבען מיר געעפֿענט דיא מיילער און געשלונגען דאס רעגען וואסער.

דאס האט אונז דערקוויקט: ווען מיר האבען אביסעל געשטילט אונזער דורשט, האבען מיר אנגעהויבען צו זוכֿען דיא רויטע לאנטערנע פֿון דער „סאנקט העלענא". — מיר האבען זיא ניט געזעהן. דיא „סאנקט העלענא" איז פֿערשוו[illegible]ין געווארען.

דער שטורעמווינד האט אונז אוועק געטריעבען וויט פֿון איהר, האט דשאָן דעררזיק געזאגט טרויעריג, יעצט איז אונזערע לעצטע האפֿנונג פֿערשוואונדען.

אונזער לאגע איז יעצט געווארען ערגער און שרעקליכֿער, וויא פֿריהער. מיר האבען געפֿיהלט, אז אונזער שיף איז געווארען פֿול מיט וואסער. זיא איז יעצט געגאנגען גאנץ טיעף אין וואסער. מיר האבען ערשט יעצט אנגעהויבען צו פֿערשטעהן, פֿאר וואס דיא כֿוואַליעס גיעסען זיך אזוי אפֿט אויף אונזער דעק.

איך בין צוגעקראכֿען צום געלענדער און האב אקוק געטאהן אויפֿ'ן מעער. דער דעק פֿון דער „מאַריאַ לואיזע" איז געוועזען נור עטליכֿע צאָלל העכֿער פֿונ'ם וואסער. טרויעריג, מיט פֿערצווייפֿלונג אין הערצען בין איך דורך געגאנגען צו מיינע אונגליקס קאַמעראַדען און האב זיי דערצעהלט, וואס איך האב געזעהן.

— איך וויים עס נאך פֿון נעכֿטען אן, האט דשאָן דעררזיק געזאגט, וויא צו זיך אליין, דער שטורם האט אונז גערעטעט פֿון פֿייער נור אום אונז צו

טיידטען דורך וואסער. דיא „מאַריאַ לואיזע" קען לאנג ניט האלטען. — מיר מוזען שטארבען. אלעס אומזיסט!

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. יעדער האט געפיהלט פאר זיך, אז ער האט שוין קיין האָפנונג מעהר. אזוי איז פערגאנגען דיא נאכט. ווען עס האט נור וואס אנגעהויבען צו טאגען, האב איך מיך געשטעלט אויף אַ גרויסען קאסטען אונ האב אנגעהויבען צו קוקען דורך מיין ספעקטיוו, פיעלייכט וועל איך דערזעהן דיא „סאנקט העלענא". — איך האב שוין קיין כח ניט געהאט אַרויפצוקלעטערן אויפ'ן זעגעלבוים. מיינע קאַמעראדען זיינען שוין אויך געווען אזוי שוואך, וויא איך. מיר האבען שוין צופיעל געליטען.

איך האב אין ערגעץ ניט געזעהן דיא „סאנקט העלענא".

דער שטורם האט אַביסעל נאכגעלאזען. דער רעגען האט שוין לאנג אויפגעהערט. אין אָסטען (מזרח זייט) האט זיך געוויעזען אַ רויטער פאס ליכט, אַצייכען, אז דיא ליעבע זון וועט באלד אַרויס אונ וועט בעלייכטען אונזער אונגליק.

מיר האבען זיך אומגעקוקט אויפ'ן דעק. צו געבונדען צו דיא זעגעל-ביימער זיינען געליגען עטליכע טויטע. דאס זיינען געווען דיא אונגליקליכע עמיגראנטען, וועלכע מיר האבען געמוזט נעכטען צו בינדען צו דיא זעגעל-בוימער, דיא כוואַליעס זאלען זיי ניט אַראפ שווענקען.

דיא „מאַריאַ לואיזע" האט זיך אראפ געלאזען נאך טיעפער, איהר דעק איז שוין געווען גלייך מיט'ן וואסער. עס איז געווען דייטליך, אז זיא זינקט, זיא לאזט זיך אלץ מעהר אונ מעהר אראפ טיעפער אין וואסער. מען וואלט יעצט געדארפט אויספומפען פון איהר דאס וואסער. ווער זאל עס אבער טאהן? מיר זיינען צו שוואך אונ צו מיעד אום צו טאהן אַזאַ שווערע אַרבייט.

— בינד אפ דיא אומגליקליכע פאסאזשירען, האט מיר דשאָן דעררינג געזאגט, זיי קענען זיך ניט ריהרען, לאזען זיי וועניגסטענס אַרומגעהן אונ זעהן, וואס עס טהוט זיך אַרום זייא.

איך האב איהם געפאלגט אונ האב אָפגעבונדען דיא אונגליקליכע, וועלכע האבען צוגעבראכט אַזאַ שרעקליכע נאכט. איך האב דערביי געזעהן סצענען, וועלכע איך קען ניט בעשרייבען. זיי זיינען צו שרעקליך, צו שוידערהאַפט אונ צו גרייליך.

קיינער האט ניט געבעטען קיין עסען, קיינער האט ניט פערלאנגט קיין וואסער, קיינער האט ניט גערעדט אַווארט. וויא דיא שאטענס זיינען זיי צו-געקראכען צום געלענדער אונ האבען געקוקט אויף דאס ווילדע, נאך אימער אונרוהיגע מעער.

דער שטורם האט נאכגעלאזען, דיא כוואַליעס אבער האבען זיך נאך

ניט בערוהיגט, אונ דאס גאנצע מעער איז געווען בעדעקט מיט שוים, וויא מיט א פּויש אויבגעפּאלענעם שנעע.

פלוצלונג האב איך דערהערט אַגעשריי:

— דיא „סאנקט העלענא״! — ער האט אונז ניט פערלאזען, דער גוטער שיפּסקאַפּיטאן!

אַלע זיינען אויפגעשפרונגען אונ זיינען צוגעלאָפען צום געלענדער קוקען אויף דיא „סאנקט העלענא״. זיא איז נאך געווען זעהר ווייט פון אונז, מיר האבען אבער געזעהן דייטליך, אז זיא קומט צו צו אונז.

— אַך! שנעלער! לאז זיא צו קומען שנעלער! האבען געבעטען דיא פאסאזשירען.

זיי האבען אויך געזעהן, אז דיא „מאַריאַ לואיזע״ זינקט, זיא געהט אונטער אונ זיי האבען מורא געהאט, אז זיא זאל ניט אונטערגעהן, איידער דיא הילף וועט אנקומען. עס האט אונז אבער גאר ניט געהאָלפען. מיר האבען געמוזט ווארטען.

ערשט נעגען צוועלף אוהר איז דיא „סאנקט העלענא״ צו געקומען צו אונז. דער פּאָרזיכטיגער שיפּסקאַפּיטאן פון דער „סאנקט העלענא״ האט נאך אבער אלץ מורא געהאט צו צוקומען מיט זיין שיף גאנץ נאהענט צו אונז. ער האט גוט פערשטאנען, אין וואס פאר אַלאגע אונזער שיף געפינט זיך.

— פעראַנקערט אייער שיף! האט ער געשריען צו אונז דורך זיין שפרעך ראהר.

דער שפרעך ראהר איז אַ מעשענע טרובע, דורך וועלכע מען קען רעדען פיעל העכער.

— פעראַנקערט אייער שיף אונ איך וועל אראָפּלאזען א באָאָט צו אייך! האט געשריען נאך אמאל דער שיפּסקאַפּיטאן פון דער „סאנקט העלענאַ״.

מיר האבען אבער ניט געהאט קיין כח אַראפּצולאזען דעם אַנקער. מיר זיינען אלע געווען אזוי שוואך, אז מיר האבען זיך קוים געקענט ריהרען.

דער שיפסקאַפּיטאן האט עס פערשטאנען אונ האט געשריען צו אונז

— האלט אָנגעגרייט אַ שטריק! איך וועל אראפלאזען אבאָאָט. ווען עס וועט צו קומען נאהענט צו אייך, זאלט איהר איהם צו ווארפען דעם שטריק.

מיר האבען געטאהן, וויא ער האט אונז געהייסען. ער האט געהייסען אראפּלאזען אבאָאָט מיט פינף מאטראזען אין איהם. ווען מיר האבען געזעהן, אז דאס באָאָט איז צוגעקומען גאנץ נאהענט, האבען מיר איהם צו געווארפען דעם שטריק. אין איינגע מינוטען ארום איז דאס באָאָט געווען צוגעבונדען צו אונזער שיף.

יעצט האט זיך אנגעהויבען דאס אריינגעהן אין באָאָט.

— פרויען אונ קינדער זאלן געהן צו ערשט! האט אַלפרעד בעלל קאמאנדירט.

ליידער, זיינען געבליעבען זעהר ווענינ פרויען און קינדער. פון צוויא הונדערט פרויען און קינדער, וועלכע זיינען ארויסגעפאהרען פון ליווערפול, זיינען יעצט געבליעבען נור דרייא אונ צוואנציג. איינינע זיינען געשטארבען פאר שרעק אונ דורשט, פיעלע זיינען דערטרונקען געווארען, אונ איינינע זיינען אוועקגעפאהרען מיט סילאס פלינט אויף זיין פלאס.

מיט שווערער מיה האבען זיך דיא אונגליקליכע פרויען אונ קינדער צו געשלעפט צום געלענדער. דיא מאטראזען פון דער „סאנקט העלענא" האבען געמוזט זיי אויפהייבען אונ אריינזעצען אין באאט.

ענדליך האט מען אראפגענומען אלע פרויען אונ קינדער אונ מען האט זיי ארויפגענומען אויף דער „סאנקט העלענא". דאס באאט איז צוריק געקומען.

— יעצט איז דיא רייהע (אטשערעד) פון דיא פאסאזשירען! האט בעלל קאמאנדירט.

מען האט אויפגענומען דיא פאסאזשירען. ווען אלע פאסאזשירען זיינען געווען אויף דער „סאנקט העלענא", האבען מיר זיך ערשט ארייגגעזעצט אין באאט.

ווען מען האט אונז ארויפגענומען אויפ'ן דעק פון דער „כאנקט העלענא", בין איך געפאלען אין אהנמאכט. איך האב עס שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען.



## 13-טעס קאפיטעל

## קאפיטאן ארמסטראנג אונ זיין טאכטער.

איך בין קראנק געווען עטליכע טעג. דער שרעק פון דיא לעצטע דרייא טעג אויף דער „מאריא לואיזע", דיא שווערע ארבייט, דיא נאסקייט און דיא קעלט, דער הונגער אונ דער דורשט האבען ענדליך געווירקט אויף מיר און איך בין קראנק געווארען. פיעלע אנדערע פאסאזשירען פון דער „מאריא לואיזע" זיינען אויך קראנק געווארען. מיר האבען אבער געטראפען גוטע, עדעלע מענשען אויף דער „סאנקט העלענא", וועלכע האבען זיך אויפגעאפפערט פון אונזערט וועגען.

דער שיפסקאפיטאן, זיינע אפיציערן, זיינע מאטראזען אונ איינינע פאסאזשירען האבען אפגעטרעטען זייערע קאיוטען; האבען אפגעגעבען זייערע בעטלעך פאר דיא קראנקע פון דער „מאריא לואיזע". דער שיפסקאפיטאן ארמסטראנג איז געפאהרען מיט זיין פאמיליע, וועלכע איז בעשטאנען פון זיין פרוי אונ פון זיין טאכטער, א מעדכען פון איאהר פופצעהן מיט'ן נאמען העלענא. שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז ארמסטראנג איז געווען דער אייגענטהימער, דער בעל הבית, פון דער סאנקט העלענא" אונ וויל

זיי איינציגע טאכטער האט געהייסען העלענאַ, האט ער אנאמען געגעבען זיין שיף „כּאַנקט העלענאַ".

דער שיפסקאַפּיטאַן, זיין פֿרוי און זיין טאכטער האבען זיך אליין גע- וואלגערט אין א עמעריל און האבען אפּגעטרעטען זייערע קאַיוטען און זייערע בעטען פֿאר דיא גערעטעטע קראנקע. דער דאקטאר פֿון דער „כּאַנקט העלענאַ" האט ניט געגעסען, ניט געטרונקען און ניט גערוהט, ביז ער האט געזעהן אז אלע קראנקע זיינען אויסער געפֿאהר.

צום ערשטען מאל ווען איך בין געקומען צו זיך, האב איך דערזעהן אשעהנעם מעדכען מיט לאנגע גאלדענע האר, מיט גרויסע, שעהנע, בלויע אויגען זיצען לעבען מיין בעטעל און קוקען אויף מיר. עס האט זיך מיר אויס- געוויעזען, אז דאס איז א טרוים; איך זעה אין טרוים אן ענגעל קוקען אויף מיר אזוי פֿריינדליך, אזוי ליעבליך, אזוי מילד און אזוי טרויעריג. —

דאס איז אבער ניט געווען קיין טרוים. לעבען מיין בעטעל איז געזעסען העלענאַ, קאַפּיטאַן אַרמסטראָנגס טאכטער. זיא האט געהערט פֿון מיר. דשאָן דעררינג און אַלפֿרעד בעלל האבען דערצעהלט קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג, וויא איך האב מיך אויפֿגעפֿיהרט דיא גאנצע צייט, וואס דיא „מאַריאַ לואיזע" האט געברענט. זיי האבען מיך זעהר אויסגעליובט און דיא גוטע העלענאַ האט זיך פֿעראינטערעסירט אין מיר און האט ניט אפּגעטרעטען פֿון מיין געלעגער, ביז איך בין געווען אים שטאנד זיך אויפֿצוהייבען.

איך וויים, אז נור איהרע זארגען און איהרע טרייהייט האב איך צו- פֿערדאנקען מיין לעבען. זיא האט מיך אפּגעהיט, וויא אגעטרייע קראנקען ווערטערין און האט געוואכט איבער מיר, וויא אמוטער. איהר פֿאטער, קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג, פֿלעגט אויך קומען זעהר אָפֿט מיך בעזוכען און פֿלעגט מיך אויספֿרעגען, ווער איך בין, וויא איך קום אויף דער „מאַריאַ לואיזע" און וואס איך האב געליטען, ביז ער האט אונז גערעטעט.

צעהן טעג בין איך געלעגען צו בעט, ערשט אויפ'ן עלפֿטען טאג בין איך געווען אים שטאנד ארויפֿצוקומען אויפ'ן דעק. איך האב מיך געפֿרעהט, וויא אקליין קינד, ווען איך האב דערזעהן פֿיעלע פֿון דיא פּאסאזשירען פֿון דער „מאַריאַ לואיזע". איינינע פֿרויען און קינדער האבען מיך דערקענט און האבען אויסגערופֿען:

— אט איז ער! אט איז דער מאַן, וועלכער האט אונז צוגעבונדען צום זעגעלבוים, ווען דער שטורם האט אויסגעבראָכען און דיא כוואַליעס האבען זיך אויסגעגאסען אויפ'ן דעק פֿון דער „מאַריאַ לואיזע"!

איך האב געדאנקט קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג, זיין פֿרוי און זיין טאכטער פֿאר אלעם גוטעס, וואס זיי האבען געטאהן פֿאר מיר און איך האב געבעטען,

זיי זאלען מיר הייסען עפעס טאהן, איך זאל קענען וועניגסטענס מיט עפעס זיי אפצאהלען.

—דוא ווילסט ווערן אַמאטראָז, ריטשאַרד, האט קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג געזאגט, איך וועל דיך לערנען! איך וועל מאכען פון דיר אַמאַטראָז!

אונ ער האט געהאלטען ווארט. אין דיא צעהן טעג, וואס ער האט מיך געלערנט, האב איך מעהר אויסגעלערנט, וויא אין דיא פינף וואכען, וועלכע איך האב פערבראכט אין דער לעהרע ביא שיפסקאפיטאן שעללי.

קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג האט מיך ווירקליך געלערנט אונ איך בין געווען פלייסיג. איך האב איהם געוויעזען, אז איך בין אגוטער שילער אונ האב אגוטען קאָפּ. איך מוז אבער זאגען דיא וואהרהייט, אז איך פלעג זיין נור דאן צופריעדען, ווען ער פלעגט מיך לויבען פאר זיין טאכטער העלענאַ.

זיא איז געווען נאך גאר אקינד, איך בין נאך אויך געווען זעהר יונג, איך בין נאך ניט אלט געווען קיין זיעבעצעהן יאהר. מיר האבען נאך ביידע ניט געוואוסט, וואס ליעבע איז; איך פלעג אבער פיהלען, אז אבליק פון איהרע שעהנע אויגען, אשמייכעל אויף איהרע שעהנע ליפען האבען מיך גליקליך געמאכט. זיא פלעגט מיך זעהר אפט אויספרעגען, אויב איך האב ברידער און שוועסטער אונ וואס זיי טהוען. איך האב איהר דערצעהלט אלעס, וואס האט פאסירט מיט מיר און וויא אזוי איך בין געווארען אמאַטראָז.

אזוי זיינען פערגאנגען פאר מיר דיא טעג אויף דער „סאַנקט העלענאַ".
איך האב פערגעסען מיינע קאַמעראַדען, איך האב פערגעסען דעם גוטען דשאָן דערריק, איך האב פערגעסען דעם שלעכטען קאַפּיטאַן שעללי, איך האב פערגעסען אלעס אין דער וועלט. איך האב געלעבט נור מיט מיינע געדאנקען און מיט צווייא מענשען אויפ'ן שיף: קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג אונ זיין טאכטער העלענאַ.

אין אשעהנעם פריא מארגען האב איך דערהערט אויסרופען.

—לאַנד! לאַנד!

אלע האבען זיך דערפרעהט און זיינען געלאפען קוקען אויף דאס לאַנד, איך אליין בין געווארען אונרוהיג. איך האב געוואוסט, אז קוים וועלען מיר אנקומען אין אפּאָרט, וועל איך מיך מוזען צו שיידען מיט דער גוטער און ליעבער העלענאַ. אין דיעזע מינוט אבער איז העלענאַ צו געלאפען צו מיר און האט מיר געזאגט מיט אפריינדליכען שמייכעל:

— קום, ריטשאַרד! לאמיר אקוק טאהן אויף אמעריקא, דוא האסט זיא נאך קיין מאל ניט געזעהן.

זיא האט מיך אנגעהאפט ביי דער האנד און האט מיך ארויפגעשלעפט אויפ'ן פּאָרקעסל, פון וואנען מיר האבען געקענט זעהן דיא גרינע, מיט וואלד בעדעקטע בערג פון קאַנאַדאַ. דיא זון איז נור וואס אויפגעגאנגען און האט

פערגאסען מיט איהרע שטראהלען אשעהנע, העררליכע געגענד.

— זעהסט דוא, ריטשארד, האט העלענאַ אויסגערופען, דא האט אמאל געוואיינט אגרויסעס פאלק, אינדיאנער, וועלכע פלעגען זיך רופען קאַנאַדאַ. זייער הויט איז געווען רויט, אדער וויא קופער פארב. דיא ווייסע מענשען, פריהער דיא פראנצויזען און דער נאך דיא ענגלענדער, האבען צוגענומען זייער לאנד און האבען זיי פערטריעבען וויט אין דיא וועלדער. יעצט געהערט דיעזעס שעהנע לאנד צו ענגלאַנד.

פון וואנען וויסט דוא עס, העלענאַ? האב איך זיא געפרעגט.

— דער פאטער האט עס מיר דערצעהלט, האט דיא שעהנע העלענאַ געענטפערט.

מיר זיינען אריינגעפאהרען אין גרויסען טייך סענט לאורענס. ביז מיר זיינען אבער געקומען קיין קוועבעק זיינען פערגאנגען נאך צוויא טעג.

דיעזע צוויא טעג האב איך צוגעבראכט, וויא אין אפיעבער. איך האב ווייניג געגעסען און זעהר ווייניג געשלאפען. איך פלעג מיך דערמאנען צו יעדער מינוט, אז באלד וועלען מיר אנקומען קיין קוועבעק, איך וועל מוזען נעהמען אבשיעד פונ'ם גוטען קאַפיטאַן אַרמסטראָנג און פון זיין ליעבע טאכטער העלענאַ.

דיא צוויא טעג זיינען ליידער פערגאנגען אזוי שנעל, אז איך האב קוים צייט געהאט מיך אומצוקוקען, איידער מיר זיינען אנגעקומען קיין קוועבעק.

איך געדענק עס גאנץ גוט, גלייך וויא עס וואלט ערשט נעכטען גע- שעהן. מיר זיינען אנגעקומען קיין קוועבעק פאר נאכט. קאַפיטאַן אַרמסטראָנג האט געהייסען מאכען א סאַרט באַלל. מען האט אויסגעשטעלט טישען אויפ'ן דעק פון דער „סאַנקט העלענאַ" און אלע פאסאזשירען און מאַטראָזען האבען געגעסען צוזאמען.

נאכ'ן עסען האט ער צוגערופען דיא אָרימסטע עמיגראַנטען, וועלכע האבען פערלאָרען זייער לעצטע ביסעל ארימקייט אויף דער „מאַריאַ לואיזע" און האט יעדען געגעבען צו צוויא דאָללאַר.

דיא רייכערע פאסאזשירען האבען איהם זעהר געדאנקט און האבען איהם געוואלט בעצאהלען דער פאר, וואס ער האט זיי גערעטעט, ער האט אבער ביי זיי גענומען נור פאר זייער עסען אויף זיין שיף.

איך געדענק עס וויא היינט, וויא ארייכער ענגלענדער, דערזעלבער וועלכער האט געשאסען אויפ'ן שיפסקאַפיטאַן שעללי, ווען ער איז געזעסען אין באָאָט, דיעזער רייכער ענגלענדער האט געגעבען קאַפיטאַן אַרמסטראָנג א טשעק אויף פינף הונדערט פונט סטערלינג. אַרמסטראָנג האט ניט אנגע- נומען דעם טשעק.

—מיר קומט פון אייך פינף פונט פאר אייערע רייזעקאָסטען, ניט מעהר, האט דער עדלער מאן געזאגט.

— איך צאהל אבער פאר אלעמען, וועלכע זיינען גערעטעט געווארען מיט מיר! האט דער שטאָלצער ענגלענדער אויסגערופען.

—דאן מוז איך פריהער פרעגען, אויב דיא אנדערע ערלויבען, אז איהר זאלט פאר זיי בעצאהלען, האט אַרמסטראָנג געענטפערט.

שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז דיא רייכערע פאסאזשירען פון דער „סאַנקט העלענאַ" האבען בעשלאסען צו מאכען אגעשענק קאַפיטאַן אַרמסטראָנג. זיי האבען געמאכט אמאָדעל — אקליינעס שיף — פון דער „סאַנקט העלענאַ" פון גאלד, דיא זעגעל זיינען געווען פון זילבער און אויפ'ן דעק זיינען געשטאנען דרייא געשטאַלטען פון גאָלד. דיעזע דרייא געשטאַלטען זיינען געווען שיפסקאַפיטאַן אַרמסטראָנג, זיין פרוי און זיין טאכטער העלענאַ.

דער וויצע-קעניג פון קאַנאַדאַ האט דערלאנגט דיעזען פרעזענט דעם שיפסקאַפיטאן אַרמסטראָנג פאר אמעננע פון צעהן טויזענד מענשען.

דאס איז אבער אליץ שפעטער געווען. לאמיך ניט חאפען פאראויס.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה זיינען אלע עמיגראַנטען און אלע פאסאזשירען אראפגעגאנגען פון דער „סאַנקט העלענא". איך האב אויך גע-דארפט אראפגעהן, איך האב עס אבער ניט געקענט. איך האב ניט געקענט מיך אוועקרייסען פון דער ליעבער העלענאַ.

קאַפיטאן אַרמסטראָנג און זיינע אפיציערן האבען געמוזט אראבגעהן אויפ'ן ברעג און מעלדען דער פאָליציי פון קוועבעק און דעם אויפזעהר פונ'ם פאָרט, פון וואנען ער קומט און וואס פאר סחורות ער פיהרט.

אויפ'ן דעק פון דער „סאַנקט העלענאַ" זיינען געבליעבען זעהר ווענינ מענשען. איך בין געשטאנען פערטראכט אין א ווינקעלע און האב ניט געוואוסט וואס צו טאהן.

פלוצלונג איז העלענאַ צו מיר צוגעקומען און האט מיך געפרעגט מיט איהר שעהנער, קלאָרער שטימע:

— וואס שטעהסט דוא אזוי פערטראכט, ריטשאַרד?

איך האב אציטער געטאהן, האב מיך אומגעקוקט און האב געחאפט איהר האנד.

— וואס איז מיט דיר, ריטשאַרד? האט זיא אויסגערופען, פאר וואס ביסט דוא אזוי טרויעריג?

— העלענאַ! איך מוז אייך פערלאזען! האב איך אויסגערופען, איך מוז אראפגעהן אין אַן אונבעקאַנטע שטאדט און זוכען א שיפסקאַפיטאַן, וועלכער זאל מיך אויפנעהמען אלס מאַטראָז.

— דוא ווילסט אוועקגעהן פון אונז? האט העלענאַ געפרעגט ערשטוינט. —

מיר דאכט, אז מיין פאטער האט דיר געזאגט, אז דוא קענסט בלייבען בייא אונז. ווען דוא ווערסט לערנען פלייסיג און ווערסט ווערן אגוטער מאַטראָז, וועט ער דיך מאכען פאר זיין ערשטען אפיציער.

— ווען ער האט אזא טאכטער, וויא דוא, העלענאַ, דארף ער קיין ערשטען אָפיציער, האב איך געענטפערט, דוא פערשטעהסט בעסער וויא צו פיהרען אשיף פון אלע אָפיציערן.

העלענאַ האט ווירקליך זעהר גוט פערשטאַנען, וויא צופיהרען אשיף. איהר פאטער האט זיא אלעס געלערנט אונ זיא פלעגט ארויפקלעטערן אויפ'ן העכסטען זעגעלבוים פלינקער פון אלע מאַטראָזען. איהר פאטער אבער פלעגט איהר ניט לאזען קריכען אויף דיא זעגעלבוימער. ער האט זיא אויסגעלערנט אלע מעער קאַרטען און אלע רעכנונגען, וועלכע זיינען נעטהיג פאר אשיפסקאַפּיטאַן.

— אַך ניין, ריטשאַרד! האט העלענאַ געזאגט, איך בין נור אמעדכען, איך קען ניט זיין קיין אָפיציער אויף א שיף, דאס מוז זיין א מאן. — בלייב ביי אונז, ריטשאַרד, דער פאטער וועט דיך לערנען, דוא ווערסט ווערן אגוטער מאַטראָז און דער פאטער וועט דיך מאכען פאר זיין ערשטען אָפיציער.

מיר האבען אזוי אוועקגערעדט אייניגע צייט און איך בין מיט פריידען געבליעבען אויף דער „סאַנקט העלענא".

— איך וועל פאהרען מיט אייך, וואוהין איהר וועט מיך פיהרען, האב איך ענדליך געזאגט, וואו דוא, העלענאַ, ווערסט זיין, וועל איך אויך זיין.

## 14-טעם קאפיטעל

## אין קוועבעק. נאך אמאל סילאַס פלינט.

ווען קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג האט אפגעטאהן אלעס, וואס ער האט געדארפט מיט דער פאליציי און מיט דעם קאַפּיטאַן פונ'ם פאָרט, איז ער ארויפגעקומען אויפ'ן דעק און האט מיך דערזעהן.

— דאס איז גוט, ריטשאַרד, האט ער מיר געזאגט, עס איז גוט, וואס דוא ביסט געבליעבען אויפ'ן דעק. בלייב ביי מיר, איך וועל מאכען פון דיר אגוטען מאַטראָז.

— איך דאנק אייך זעהר, קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג! האב איך אויסגערופען, איך וועל פאהרען מיט אייך אין עק וועלט.

מיר האבען מעהר ניט גערעדט. קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג האט יעצט געהאט זעהר פיעל צו טאהן. דיא „סאַנקט העלענאַ" איז געווען פול אנגעלאָדען מיט אלערליי טהייערע ענגלישע סחורות. מען האט געדארפט זיא אויסלאדען.

מען האט געדארפט מעלדען דיא קופליטע, צו וועלכע דיעזע סחורות זיינען געווען אדרעסירט, זיי זאלען קומען אפנעהמען זייערע סחורות און בעצאהלען דיא פראכט. דאס האט פערנומען פיעל צייט.

דעם אנדערן טאג האט מען אנגעהויבען אויסצולאָדען דיא „סאַנקט העלענאַ". איך האב ניט געהאט וואס צו טאהן אויפ'ן שיף און בין אראפגע- גאנגען זעהן דיא שטאדט קוועבעק, דיא צווייטע גרעסטע שטאדט פון קאַנאַדאַ. איך וואלט פיעלייכט געבליעבען אויפ'ן דעק, אבער העלענאַ האט מיר געזאגט, אז זיא מיט איהר מוטער ווילען געהן אין שטאדט איינקויפען איניגע זאכען פאר זיך און פאר זייערע בעקאַנטע אין ענגלאַנד. איך האב דאהער ניט געוואלט בלייבען אליין אויפ'ן שיף און בין אויך געגאנגען אין שטאָדט.

קוועבעק איז אַשעהנע שטאדט. זיא ליעגט ביים ברעג פונ'ם טייך סענטלוירענס און אויף אַ בארג לעבען טייך. זיא ווערט דאהער איינגעטהיילט אין צווייא גאנץ פערשיעדענע טהיילע: דיא אונטערשטע שטאדט און דיא אייבערשטע שטאדט. דיא אונטערשטע שטאדט געפינט זיך ביים וואסער. דארט זיינען אלע מאַגאזיינען און אלע גרויסע געשעפטען. דיא אייבערשטע שטאדט געפינט זיך אויפ'ן בארג. דארט וואוינען דיא רייכע איינוואוינער פון קוועבעק.

איך בין ארומגעגאנגען אין דיא גאסען און האב בעטראכט דיא שטאדט. אין קוועבעק וואינען מעהר פראנצויזען, וויא ענגלענדער, און מען הערט דארט רעדען מעהר פראנצייזיש, וויא ענגליש. עס האט מיך זעהר פערדראסען, וואס איך האב ניט פערשטאנען אַווארט פראנצייזיש. עס איז וואהר, אז איך האב געלערנט אין אשולע, דער ענגלענדער איז אבער זעהר שטאלץ און וויל ניט לערנען קיין פרעמדע שפראכע. ער זאגט: לאז דער פרעמדער לערנען זיין שפראכע, איך וויל ניט לערנען קיין פרעמדע שפראכע.

דאס פראנצייזיש וואלט מיר יעצט זעהר גוט צו נוץ געקומען, וואס האט עס אבער געהאלפען? — מען קען ניט אויסלערנען אַ שפראכע אויף איין פוס.

פאר נאכט בין איך צוריק געקומען אויפ'ן דעק פון דער „סאנקט העלענא". ווען איך האב דערזעהן קאַפּיטאן אַרמסטראָנג, האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז ער איז עפעס טרויעריג. איך האב ניט געהאט קיין מוטה איהם צופרעגען, וואס עס איז עפעס מיט איהם.

מיר האבען זיך געזעצט צום טיש שטילערהייט און האבען אפגעגעסען שטילערהייט. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז העלענא איז אויך עפעס אונצו- פריעדען אדער טרויעריג. איך האב זעהר געוואלט וויסען, וואס עס איז עפעס נייעס, איך האב עס אבער ניט געוואגט.

נאכ'ן עסען האט קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג מיך צוגערופען אונ האט מיר געזאגט :

— איך מוז דיר זאגען אַ ניט גאנץ אַנגענעהמע נאכריכט, ריטשארד. ווען מען האט אנגעהויבען אויסצולאדען מיין שיף, איז אנגעקומען אדאַמפּפער אונ האט זיך אָנגעשלאגען אן דער „סאנקט העלענא". ער האט זיא אזוי בעשע-דיגט, אז איך מוז פיהרען מיט איהם אַ פּראצעס. מיר וועט קאסט'ן אַ פּאר טויזענד דאללאר דיא רעפּאַראַטור פון מיין שיף. אויסער דעם וועל איך מוזען בלייבען אין קוועבעק צוויא ביז דרייא מאנאטע, ביז דיא „סאנקט העלענא" וועט איבגעבעסערט ווערן און וועט זיין אים שטאנד ווידער צו פאהרען אויפ'ן וועלט מעער.

איך האב גענומען צוויא צימער אין אהאטעל פאר זיך און מיין פאמיליע. דוא, ריטשאַרד, מוזט דיר אויסזוכען אַ גאסט הויז, וואו דוא זאלסט קענען בלייבען, ביז מיין שיף וועט ווידער זיין בערייט ארויסצופאהרען. בעסער אבער וואלט געווען, ווען דוא זאלסט געפינען אשיף, וועלכעס פאהרט נור ארום דיעזע געגענדען. אויף אזא שיף וואלסט דוא געקענט פיעל לערנען און זיך בעקענען מיט דיא וואסערן פון קאנאַדא.

דוא האסט צוויא אדער דרייא מאנאַטע צייט. וואס וועסט דוא טאהן אין דיעזער צייט? עס וועט דיר באלד מיאוס ווערן ארומצוגעהן אין דיא גאסען פון קוועבעק. איך האב פאר דיר יעצט גאר קיינע בעשעפטיגונג. זוך דיר אויס אשיף, וועלכעס געהט קיין ניופונדלענד, סענט דשאָנס אדער אן אנדער פּארט ניט ווייט פון דאנען, אונ טרעט דארט איין אלס מאטראָז. אין דרייא מאנאטע ארום וועסט דוא קומען צוריק, מיין שיף וועט שוין דאמאלס זיין פערטיג און דוא וועסט בלייבען בייא מיר.

איך האב ניט געהאט וואס צו ענטפערן. איך האב איינגעזעהן, אז קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג האט רעכט. עס איז מיר שוין היינט מיאוס געוואָרען ארומצולויפען אין דיא גאסען וואס וועל איך טאהן אין אצייט פון צוויא-דרייא מאנאטע?

— איך וויים, אז דוא האסט קיין געלד, האט קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג ווייטער געזאגט, איך וועל דיר אויסלייהען דרייסיג דאללאר אונ וועל עס שפּעטער אפּרעכענען פון דיין געהאלט אלס מאַטראָז.

— איך דאנק אייך, קאפּיטאַן! האב איך אויסגערופען, איהר זייט קיין מענש, איהר זייט אַן ענגעל.

מיר האבען איבערגעשלאָפען דיא נאכט, אין דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט יעדער פון אונז אנגעהויבען זיך צונויפצופאקען. איך זאג יעדער פון אונז. איך דארף אייגענטליך זאגען אויסער מיר, ווייל איך האב ניט געהאט וואס זיך איינצופאקען. מיינע זאכען זיינען געבליעבען אויף דער „מאַריאַ לואיזע".

איך בין ארומגעגאנגען אויפ'ן דעק אונרוהיג און טרויעריג, איך האב מעהר ניט געוואלט מיך צו שיידען מיט דיעזע ברעטער, וועלכע זיינען פאר מיר געווארען אזוי טהייער, ווייל העלענא האט זיך געפינען אויף זיי. עס האט מיר אבער ניט געהאלפען. איך האב געזעהן, וויא דיא אפיציערן אונ מאטראָזען פון דער „סאַנקט העלענא" האבען צונויפגענומען זייערע זאבען אונ זיינען זיך איינציג ווייס אראפגעגאנגען אין שטאדט. ענדליך איז העלענא ארויפגעקומען. זיא איז באלד צוגעלאפען צו מיר אונ האט מיך געפרעגט:

— נון, ריטשארד, וואו וועסט דוא פערברענגען, ביז אונזער שיף וועט אויסגעבעסערט ווערן? האסט דוא שוין אַ גאסט הויז? מיר וועלען וואונען אין האטעל לאָנדאן, זוך דיר אויס אַ גאסט הויז ניט ווייט פונ'ם האטעל, אונ דוא וועסט אפט קומען צו אונז. מיר וועלען עסען מיטאג צוזאמען אונ געהן שפאציערן צוזאמען.

— דיין פאטער, העלענא, האט מיר געגעבען אַ גוטען ראטה, האב איך איהר געענטפערט, ער האט מיך געראטהען, אז אין דער צייט וואס ער וועט מוזען בלייבען אין קוועבעק, זאל איך איינטרעטען אויף אַ שיף, וועלכעס פאהרט ארום דיעזע געגענדען, איך וועל מיך דערווייל בעקענען מיט דיא וואסערן ארום קאַנאדע.

— ער האט רעכט, ריטשארד ' ווער עס וויל ווערן אַ שיפסקאַפּיטאן, דער דארף זיך בעקענען מיט אלערליי געגענדען. — דוא וועסט זיך זעהן מיט מיר, איידער דוא וועסט אוועק פאהרען? דוא וועסט קומען אבשיעד נעהמען פון מיר?

— וואס פרעגסט דוא, העלענא? קען איך דען אוועק פאהרען און ניט אבשיעד נעהמען פון דיר?

מיר האבען געוואלט נאך עפעס רעדען, אין דיעזע מינוט אבער איז צו אונז צוגעקומען העלענא'ס מוטער אונ האט געזאגט צו איהר:

— קום, העלענא, דיא קאַרעטע ווארט אויף אונז, מיר מוזען שוין פאהרען אין האָטעל.

העלענא מיט איהר מוטער זיינען אראפגעגאנגען פון שיף. איך האב אויך מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן אויפ'ן שיף און בין אויך אראפגעגאנגען. איך בין אוועקגעגאנגען אין שטאדט, בין ארומגעגאנגען אין דיא גאסען, ביז איך בין הונגעריג געווארען, דאן בין איך געגאנגען צום פאָרט זוכען אַ ביליגעס גאסטהויז. וואו איך זאל קענען עסען און שלאפען, ביז איך וועל געפינען א שיף וועלכעס זאל מיך אויפנעהמען אויף צווייא-דרייא מאנאַטע.

איך האב אויך באלד אויסגעפונען אַזא גאסטהויז, וואו עס האלטען זיך אויף מאטראָזען און איך האב אנגעהויבען נאכצופרעגען אויף שיפען, וועלכע געהן קיין ניופאונדלענד. דעם ערשטען טאג האב איך ניט געפונען, וואס איך

האב געדארפט. דעם אנדערן טאג האב איך בעזוכט שיפסקאפיטאן אראמסטראנג און האב געגעסען מיטאג מיט איהם און מיט העלענא.

נאכ'ן עסען בין איך געגאנגען צום פארט זוכען אשיף. ווען איך בין צוגעקומען צום פארט, האב איך געזעהן, וויא אשיף איז אנגעקומען. איך בין געווען נייגיעריג צו וויסען, וואס פיר א שיף דאס איז און פון וואנען זיא איז געקומען, איך בין צוגעגאנגען נעהנטער. איך בין אנגעקומען אין דער צייט, ווען דיא פאסאזשירען זיינען אראפגעגאנגען פון שיף.

וויא גרויס איז געווען מיין שטוינען, ווען איך האב דערזעהן, אז פון דעם פרעמדען שיף איז אראפגעגאנגען מיין אלטער בעקאנטער, דער אמעריקאנער סילאס פלינט. איך בין צוגעלאפען צו איהם, האב איהם ארומגענומען, און האב אויסגערופען פול פרייד:

— אלזא, איהר לעבט! איהר זייט גערעטעט.

און איך האב געגלויבט, אז איהר ליעגט שוין ערגעץ אויפ'ן גרונד פונ'ם מעער.

— דוא זעהסט דאך, אז איך לעב, ריטשארד, האט דער אמעריקאנער געענטפערט גאנץ רוהיג.

— אבער וויא האט איהר זיך גערעטעט?

— מיר זיינען ארומגעשוואומען דרייא טעג אויף דיאווילדע וואסערן, האט דער אמעריקאנער דערצעהלט, דער שטורם האט גערווישט איבער אונזערע קעפ, דיא בייזע כוואליעס האבען אונז געוואשען, מיר האבען אבער אויסגעהאלטען, ביז עס איז אנגעקומען אשיף און האט אונז ארויפגענומען.

— איהר זייט געוויס הונגעריג, מיסטער פלינט, האב איך אויסגערופען, קומט מיט מיר, איך וועל אייך גיבען עסען. איך געדענק גאנץ גוט, וויא איהר האט מיר געבראכט פלייש מיט ברויט, ווען איך בין געליעגען פערשפארט אין א קעמעריל אויף דער „מאריא לואיזע".

איך האב אוועקגעפיהרט מיין אלטען פריינד אין מיין גאסטהויז און האב געהייסען איהם גיבען עסען און טרינקען. ביים עסען האבען מיר זיך צורעדט. איך האב איהם דערצעהלט, וויא איך האב מיך גערעטעט, וויא איך האב געפונען אגוטען מענשען, קאפיטאן ארמסטראנג, וועלכער וויל מיך אויפנעהמען אויף זיין שיף, ער מוז אבער ווארטען א פאר מאנאטע, ווייל זיין שיף האט פאסירט אן אונגליק.

זעלבסט פערשטענדליך, אז איך האב איהם ניט דערצעהלט, אז אויף קאפיטאן ארמסטראנגס שיף איז דא אנ'אנדער מאגנעט, וואס ציעהט מיך צו.

— וואו איז יעצט שיפסקאפיטאן שעללי? האט דער אמעריקאנער געפרעגט.

— אין דער צייט וואס איך האב מיך געפונען אויף דער „סאנקט העלענא" האב איך איהם געזעהן נור צווייא מאל. ער האט זיך געשעהמט צו

וויזען פאר אונז, ווייל מיר האבען דערציעהלט קאפיטאן ארמסטראנג וויא ניעדער-טרעכטיג ער האט אינז פערלאזען, ווען ער איז געוואהר געווא ען, אז דיא „מאריא לואיזע" ברענט אונ מען קען זיא מעהר ניט רעטען. ווען מיר זיינען אנגעקומען קיין קוועבעק, זיינען אלע זיך צוגאנגען אין פערשיעדענע זייטען. איך האב ערשט נעכטען געזעהן שיפסקאפיטאן שעללי אויף דער גאס אין קוועבעק. ער האט מיך דערקענט אונ האט געווארפען אויף מיר אבייזען בליק, איך האב מיך אבער געמאכט ניט וויסענדיג אונ בין מיר געגאנגען מיין וועג.

— דוא פערגעסט, ריטשארד, אז ער האט אקאנטראנקט אויף דיר, האט דער אמעריקאנער בעמערקט.

וואס קען ער מיר דען טאהן? האב איך אויסגערופען.

ער קען דיך צווינגען, דוא זאלסט אפדיענען ביי איהם דיא צייט פון דיין קאנטראקט. ער איז אויף דיר בייז אונ ער קען צו יעדער צייט הייסען דיך ארעסטירען, ווייל דוא האסט איהם ניט געפאלגט אונ האסט זיך געשטעלט געגען איהם אויפ'ן שיף. דאס איז אפערברעכען, וועלכעס ווערט שטרענג בעשטראפט נאך דיא ענגלישע געזעצע.

סילאס פלינט האט מיך אבגעגאסען מיט אן עמער קאלטעס וואסער. זייט איך האב מיך בעקענט מיט העלענא ארמסטראנג, האב איך פערגעסען אלעס אין דער וועלט, איך האב שוין זאגאר ניט געטראכט פון מיינע בעקאנטע און מיינע גוטע פריינד פון דער „מאריא לואיזע". יעצט האט מיר סילאס פלינט דערמאנט אז איך האב אויף מיר אקאנטראקט, אונ אז קאפיטאן שעללי קען מיך צווינגען צו פאהרען מיט איהם. דאן וועל איך שוין קיין מאל ניט זעהן דיא גוטע אונ שעהנע העלענא.

— וואס טהוט מען אלזא? האב איך געפרעגט אין פערצווייפלונג.

— דוא מוזט זעהן אוועקצופאהרען פון קוועבעק וויא צום גיכסטען, דוא דארפסט דא ניט בלייבען ניט איין טאג. קאפיטאן שעללי קען דא לאנג ניט בלייבען, ער מוז פאהרען אהיים, אדער ער וועט קריעגען דא א שיף. דיא קאמפאני, ביי וועלכער ער דיענט, האט שיפען אין קאנאדע אויך. זיא וועט איהם געווים גיבען אנ'אנדער שיף. ווען דוא וועסט בלייבען אין קוועבעק, וועסט דוא מוזען פאהרען מיט איהם, וועסט דוא אבער ניט זיין אין קוועבעק, וועט ער זיך אליין אוועקפאהרען אונ דוא ביסט אפרייער מענש.

— וואס זאל איך אבער טאהן? האב איך אויסגערופען, איך האב געזוכט אשיף קיין ניופונדלענד און מען האט מיר געזאגט, אז ערשט אין דריא טעג ארום ערווארטעט מען שיפען פון דארט.

— הער נור, ריטשארד, וואס איך וועל דיר זאגען, דוא דארפסט ניט געהן אויף אשיף. ווייל דאן קען דיך קאפיטאן שעללי דערזעהן, קום בעסער מיט מיר אויפ'ן לאנד, איך וועל דיר ווייזען אמעריקא, דוא האסט מיר געזאגט,

אז דוא קיינסט גוט שיעסען, דאס דארף מען אין אמעריקא. איך וועל דיך פיהרען אין געגענדען, וואו מען קען קריעגען דיא בעסטע אונ טהייערסטע פעלצען. אין דער צייט פון צוויא-דרייא מאנאטע קענען מיר מאכען שעהנע עטליכע דאללאר. ווענ דיר געפעלען דאס לעבען אין אמעריקא, קענסט דוא בלייבען בייא אונז, ווענ עס דיר ניט געפעלען, קענסט דוא פאהרען צוריק און זיך געהן צו דיין קאפיטאן ארמסטראנג.

מיר איז דער פלאן זעהר געפעלען. איך האב מיך דערמאהנט אן דער שעהנער צייט, ווען איך און מיין פריינד דאלאן פלעגען ארומגעהן אין דיא וועלדער פון לארד בערעספארד שיעסען האזען און פייגעל. דיא הענד האבען מיר אנגעהויבען צו בייסען, איך האב געוואלט געהן אין א וואלדען וואלד און שיעסען אויף א בער אדער אויף א הירש.

— דאס איז אלעס זעהר גוט, האב איך ענדליך געזאגט, וואו זאל איך אבער נעהמען א ביקס, פולווער און קוגעלן?

— דאס וועל איך דיר פערשאפען, ווען דוא וועסט האבען געלד, וועסט דוא מיר אפגעבען.

— אבער וואו וועט איהר נעהמען געלד?

— דאס איז שוין מיין זאך. בלייב דוא אין גאסט הויז און געה אין ערגעץ ניט. איך האב אין קוועבעק א גוטען פריינד, וועלכער וועט מיר פערזארגען מיט אלעס, וואס איך דארף. מארגען, העכסטענס איבערמארגען וועל איך קומען אהער און וועל מיטברענגען אלעס, וואס צווייא יעגער דארפען האבען אין דיא ווילדע וועלדער פון אמעריקא. מיר וועלען ארויסגעהן פון דער שטאדט בייא נאכט, ווען קאפיטאן שעללי קען אונז ניט זעהן, און איך וועל דיך שוין פיהרען און דיר ווייזען, וואס אמעריקא איז.

איך האב געדאנקט סילאס פלינט פאר זיין גוטען ראטה, און האב געטאהן וויא ער האט מיר געהייסען.

## 15-טעס קאפיטעל

## איך ווער א יעגער, אונ פערליער דיא גוטע העלענא.

סילאס פלינט האט געהאלטעןווארט. דעם דריטען טאג איז ער געקומען און האט געבראכט מיט זיך צווייא גוטע, פיעלרעהריגע ביקסען, איניגע ווארעמע קליידער פאר זיך און מיר אין פיעלע זאכען, וועלכע זיינען נעטהיג פאר א יעגער.

איך האב זעהר געוואלט געהן צו העלענא און איהר דערצעהלען, וואוהין איך וויל געהן, סילאס פלינט האט מיך אבער ניט געלאזען.

וואס וועסט דוא געהן צו קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג ? האט ער איינגערופען. ארמסטראָנג איז בעשעפטיגט מיט זיין פראָצעס אונ מיט זיין שיף. לאז איהם צורוה. אין צעהן-צוועלף וואכען ארום וועסט דוא קומען צו איהם און איהב אלעס דערצעהלען.

איך האב געוואלט אנשרייבען אַ בריעף צו העלענא און איהר מעלדען וואיהין און מיט וועמען איך בין אוועק געפאהרען, איך האב אבער ניט געהאט וואו צו שרייבען. איך האב ניט געוואלט, אז סילאַס פלינט זאל זעהן צו וועמען איך שרייב.

דיא צייט איז פערגאנגען, עס איז נאכט געווארען, סילאַס פלינט האט בעצאהלט אין גאַסט הויז, וויפיעל עס איז געקומען פון אונז, און מיר זיינען ארויס געגאנגען פון קוועבעק.

איך האב גערעכענט, אז מיר וועלן געהן אין דיא וועלדער פון קאַנאדע שיעסען ווילדע טהירע, סילאַס פלינט האט מיך אבער געפיהרט אויף אַנ'אנדערן וועג. מיר זיינען געגאנגען צו פוס נור איינינע שטונדען. ביז מיר זיינען געקומען ערגעץ אין אשטעדטעל, דארט האבען מיר זיך אויפגעזעצט אויף אפאסאזשיר שיף, אונ זיינען אוועקגעפאהרען קיין טאַראָנטאָ, פון דארטען זיינען מיר אוועקגעפאהרען אויף אדאמפף שיף קיין זידריטיש, אַ שטעדטעל איז קאנאדא לעבען דער גרענעץ פון אַמעריקא. דארט האט סילאַס פלינט געקויפט א פערד און נאך איינינע געטהיגע זאכען, אונ מיר האבען זיך געלאזען אין דיא געדיכטע וועלדער פון קאַנאדא.

איך האב בעוויעזען, אז איך קען זעהר גוט שיעסען, סילאַס פלינט האט גוט געקענט דיא געגענד און איז נאך דערצו געוועזען אַ גוטער יעגער; מיר האבען געמאכט גוטע געשעפטען. אין אצייט פון אכט וואכען האבען מיר צווייא מאל געמוזט פיהרען קיין טאָראָנטאָ דיא פעל פון בערן, ביבער און מאַרדער, וועלכע מיר האבען געשאסען.

סילאַס פלינט איז געוועזען אַן עהרליכער מאן. ער האט זיך געטהיילט מיט מיר מיט'ן געלד, וועלכעס מיר האבען גענומען פאר דיא פעל, האט אפגערעכענט, וויא פיעל עס איז איהם געקומען, אונ דאס איבעריגע האט ער מיר אפגעגעבען.

ווען מיר זיינען געוועזען אין טאָראָנטאָ אויף דער נייגטער וואך נאך אונזער אוועקפאהרען פון קוועבעק, האב איך שוין געהאט אַקאפּיטאַל פון פופציג דאללאר אַמעריקאנישעס געלד. איך האב אנגעהויבען צו רעדען פון פאהרען צוריק קיין קוועבעק, סילאַס פלינט האט דער פון ניט געוואלט וויסען. ער האט מיר ערקלערט און בעוויעזען, אז ווען איך בלייב מיט איהם אונ מיר מאכען צוזאמען אזעלכע גוטע געשעפטען, וויא ביז אהער, וועל איך אין אַקורצער צייט ווערן אַרייכער מאן, און וועל קענען צוריק פאהרען קיין ענגלאנד.

עס איז געווען דייטליך, אז סילאַס פלינט דארף מיך. איינער אליין איז זעהר שווער זיך אַרומצוויאָגען אין דיא ווילדע וועלדער, איך בין געווען זיין טרייער און עהרליכער געהילפע.

וויא יונג איך בין דאמאלס געווען, האב איך דאך שוין אזוי פיעל פערשטאנען, אז מיר האבען אנגעהויבען זיך נאכצויאָגען נאך דיא פעל פון ווילדע טהיערע אין דער בעסטער צייט, אין הערבסט (אָסען). אין ווינטער איז עס ניט אזוי לייכט ארומצושלעפען אין וועלדער, וועלכע זיינען בעדעקט מיט שנעע, אויסער דעם ליעגען פיעלע טהיערע בעהאלטען אין זייערע לעבער אין ווינטער צייט און געהען זעלטען ארויס. עס איז ניט לייכט זיי צו טרעפען. אין הערבסט אבער גרייטען זיך אן פיעלע טהיערע שפייז אויפ'ן ווינטער, און מען קען זיי לייכט שיעסען.

וואלט מיך ניט געצויגען קיין קוועבעק דאס שעהנע בילד פון קאַפּיטאַן אַרמסטראָנגס טאכטער, וואלט איך פיעלייכט געבליעבען ביי סילאַס פלינט, איך האב אבער ניט געקענט פערגעסען דיא גוטע און שעהנע העלענא, וועלכע איך האב אנגעהויבען ליעב צו האבען מיט יעדען טאג מעהר.

מען זאגט, אז פון דער ווייטענס פערשווינדעט דיא ליעבע, „אויס דיא אויגען, אויס דעם הערצען", איז אַן אלטעס שפריכווארט, דאס איז אבער ניט אימער ריכטיג. דיא וואהרע ליעבע פערשווינדעט קיין מאל ניט. ווען דיא וואהרע ליעבע האט זיך אנגעצונדען ביי איינעם אין הערצען, ברענט זיא בעשטענדיג, וויא אַ נר תמיד, ווארעמט און בעלייכטעט דאס הערץ, און וואס ווייטער מען איז פון דער פערזאן, וועלכע מען ליעבט, אלס מעהר פיהלט מען זיך צו־געצויגען צו איהר.

איך האב עס יעצט זעהר גוט געפיהלט און האב געצעהלט דיא טעג, ווען איך וועל שוין קענען צוריק פאהרען קיין קוועבעק און זיך זעהן מיט העלענא אַרמסטראָנג.

איך האב ערקלערט סילאַס פלינט, אז איך קען מיט איהם לענגער ניט בלייבען. ער האט אנגעהויבען מיך צו בעטען, איך זאל בלייבען בייא איהם נאך אַפּאר וואכען, און איך האב געמוזט נאכגעבען. מיר האבען זיך ארומ־געיאגט אין דיא וועלדער נאך צוויא וואכען, האבען אנגעזאמעלט פיעלע טהייערע פעל און האבען זיי פערקויפט. אויף דער צוועלפטער וואָך האב איך איהם ערקלערט, אז מעהר קען איך ביי איהם ניט בלייבען, איך מוז פאהרען צוריק קיין קוועבעק.

מיר האבען זיך צוטהיילט, און איך האב געהאט אכט און אכציג דאללאר, ווען איך בין ארויסגעפאהרען פון שטעדטעל גודריטש. איך בין אנ־געקומען קיין קוועבעק איינינע טעג נאך דיא דרייא מאנאטע, זייט איך בין ארויסגעפאהרען, און בין באלד געלאפען אין האטעל, וואו קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג

האט געוואָינט מיט זיין פאַמיליע. זייא זיינען דארט ניט געווען.

— וואו איז קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג? האב איך געפרעגט.

— ער איז אוועקגעפאהרען מיט צוויא וואָכען צוריק, האט מען מיר געענטפערט.

איך בין געבליבען שטעהן, וויא דערשלאגען פון אַדונער. איך בין געקומען צו שפעט! העלענאַ איז אוועקגעפאהרען!

איינינע מינוטען בין איך געשטאנען, וויא אַצומישטער, אונ האב ניט געוואוסט וואס צו טאהן. ענדליך בין איך געקומען צו זיך אונ האב אנגעהויבען אויסצופרעגען דיא לאקייען אונ דיא דיענסט מערכען פון האָטעל, ווען העלענאַ איז אוועקגעפאהרען, אונ אויב זיא האט ניט איבערגעלאזען פאר מיר אבריעף אדער אצעטעלע.

צום גליק, האב איך געפונען דיא פרוי, וועלבע האט בעדיענט העלענאַ און איהר מוטער אין דער צייט, וואס זיי האבען געוואוינט אין האָטעל. דיזע פרוי האט מיר דערצעהלט, אז העלענאַ, איהר פאָטער און איהר מוטער פלעגען אפט רעדען פון מיר. זיי זיינען געוואהר געווארען, אז איך בין ניט געפאהרען אויף א שיף, זאָנדערן איך האב מיך אוועקגעלאזען אין דיא וועלדער מיט א יעגער. קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג איז געווען זעהר אונצופריעדען, פאר וואס איך בין אוועק מיט א יעגער.

ווען קאַפּיטאַן אַרמסטראָנגס שיף איז פערטיג געווארען און איך בין ניט געקומען, האט קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג געזאגט מיט כעס:

— ער איז אַטויגעניכטס און וועט קיין מאל ניט ווערן קיין גוטער מאַטראָז. איך וויל פון איהם מעהר ניט וויסען.

העלענאַ האט זיך אבער געשטעלט פאר מיר און האט מיך פערטהיידיגט.

— פּאַפּאַ! האט זיא אויסגערופען, דעם אָרימען ריטשאַרד האט עפּעס פּאסירט, ער וואלט געוויס געקומען, ווען ער וואלט געקענט. פיעלייכט איז ער גאר קראַנק.

עס האט מיר ארים געטאהן ביים הערצען. ווען איך האב עס דערהערט און איך האב אויסגערופען:

— גוטע, ליעבע העלענאַ! דוא קענסט מיך! דוא ווייסט, אז איך וועל פליעהען צו דיר פון עק וועלט!

יא, זיא איז אגוטעס און ליעבעס מערכען, האט דיא פרוי בעשטעטיגט, זיא האט זעהר שטארק געוויינט, ווען זיי האבען געדארפט אוועקפאהרען. — זיא האט אייך עטליכע מאל דערמאהנט און האט געוויינט.

— וואוהין זיינען זיי געפאהרען?

— דאס ווייס איך ניט, האט דיא פרוי געענטפערט.

איך האב געפרעגט דיא אנדערע דיענער פון האָטעל, קיינער האט ניט

געוואוסט, וואוהין קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג איז געפאהרען. איך בין נור אזוי פיעל געוואהר געווארען, אז ער האט געוואונען דעם פּראָצעס און דיא קאָמפּאַני פונ'ם דאַמפּף שיף, וועלכער האט בעשעדיגט דיא „סאַנקט העלענאַ" האט איהם בעצאָהלט פינף טויזענד פונט סטערלינג פארן שאָדען, וואס ער האט געהאט.

איך בין געווען פערצווייפעלט, ווייל איך האב ניט געקענט אויסגעפינען, וואוהין קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג איז אוועקגעפאהרען. דער ווירטה פונ'ם האָטעל האט אויף מיר רחמנות געהאט און האט מיר געזאגט, איך זאל געהן צום אויפזעהר פונ'ם פּאָרט. ער שרייבט אונטער דעם פּאַספּאָרט פון אלע שיפען, ווען זייא פאהרען ארויס; ער וויים געוויס, וואוהין דיא „סאַנקט העלענאַ" איז געפאהרען.

דאס איז געווען אגוטער ראַטה. יעדעס שיף האט א פּאַספּאָרט. ווען זיא קומט אין א פּאָרט, מוז זיא ווייזען איהר פּאַספּאָרט; ווען זיא פאהרט אוועק פון א פּאָרט, מוז זיא אונטערשרייבען איהר פּאַספּאָרט ביים אויפזעהר פונ'ם פּאָרט.

איך בין באלד אוועקגעלאָפען צום אויפזעהר פונ'ם פּאָרט פון קוועבעק און האב איהם געפרעגט, וואוהין דיא „סאַנקט העלענאַ" איז געפאהרען. ער האט אויפגעעפענט א גרויסעס בוך און האט מיר געלעזען:

„זעגעל שיף „סאַנקט העלענאַ", קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג, ארויסגעפאהרען דעם 5 טען אָקטאָבער קיין האַוואַנאַ, אויף דער אינזעל קובאַ".

יעצט וויים איך אלעס. וואס ווערט אבער דערפון? וואס זאל איך יעצט טאהן? בלייבען אין קוועבעק, איז אונמעגליך. פאָהרען אהיים, קען איך אויך ניט, דארט וועל איך ווידער מוזען דיענען אונטער קאַפּיטאַן שעללי. געהן צוריק צו מילאַס פלינט, וואו וועל איך איהם יעצט געפינען?

איך בין ארומגעגאנגען אגאנצען טאג, וויא א וואהנזיניגער, און האב מיר קיין אָרט ניט געקענט געפינען. וואוהין איך האב אקוק געטאהן, האב איך געזעהן פאר מיר דאס בילד פון דער שעהנער און גוטער העלענאַ; מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז זיא ווינקט צו מיר, רופט מיך, רעדט צו מיר און זאגט מיר.

— פאר וואס ביסט דוא ניט געקומען פונקט צו דער צייט? פאר וואס האסט דוא מיך אוועק געווארפען?

אזוי איז פערגאנגען דער טאג און איך האב נאך אלץ ניט געוואוסט וואס צו טאהן. ווען עס איז נאכט געווארען, בין איך וויעדער געגאנגען אין דעם גאַ טהיז, וואו איך האב געוואוינט, אײדער איך בין אוועקגעגאנגען מיט מילאַס פלינט. איך האב געהייסען מיר געבען עפּעס עסען, איך האב אבער גענומען נור עטליכע ביסען אין מויל. איך האב ניט געקענט עסען.

העלענא'ס בילד איז געשטאנען פאר מיינע אויגען און האט מיך גערופען צו זיך.

— איך מוז איהר נאכפאהרען! האב איך ענדליך אויסגערופען.

מיט דיעזעס פעסטען בעשלוס האב איך מיך געלעגט שלאפען און האב געשלאפען דיעזע נאכט גאנץ געשמאַק, ווייל איך האב א גאנצע נאכט גע־טרוימט פון העלענאַ. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך האב זיא ענדליך געפונען, אז זיא איז צוגעלאפען צו מיר, האט מיך ארומגענומען און האט געווײנט. איך האב איהר צוגעזאגט, אז איך וועל שוין מעהר זיך ניט צושיידען פון איהר ניט אויף איין טאג.

איך בין אויפגעשטאנען אין דער פריה און האב אנגעהויבען צו זוכען א שיף קיין האַוואַנאַ. פון קוועבעק געהן אבער זעהר זעלטען שיפען קיין האַוואנא. מען האט מיר געזאגט, אז איך קען אמאָל ווארטען א האלב יאהר, איידער איך וועל געפינען א שיף קיין האַוואַנאַ.

— וויא קומט עס אלזא, וואס קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג איז געפאהרען קיין האַוואַנאַ? האב איך געפרעגט, דאס איז גאר ניט זיין וועג.

— א קאָמפּאַני האט געדונגען זיין שיף אויף איניגע מאָנאַטע, האט מיר איינער געזאגט.

איך האב אנגעהויבען נאכצופרעגען און האב ענדליך אויסגעפונען דיא קאַנטאָר פון דער קאָמפּאַני, וועלכע האט אפּגעדונגען קאַפּיטאַן אַרמסט־ראָנגס שיף.

אין קאַנטאָר פון דער קאָמפּאַני בין איך געוואהר געווארען, אז דיא „סאַנקט העלענאַ" וועט שטעהן אין האַוואַנא נור אפּאר טעג, פון דארט וועט זיא פאהרען קיין ניו אָרלינס, אין שטאַאַט לואיזיאַנאַ. איך בין ווייטער געוואהר געווארען, אז ווען איך זאל מיך זאָגאר היינט אויפזעצען אויף א שיף קיין האַוואַנאַ, וועל איך דארט אויך שוין ניט טרעפען דיא „סאַנקט העלענאַ", ווייל זיא איז שוין געווים אוועקגעפאהרען קיין ניו אָרלינס.

איך האב דערצעהלט דעם הויפּט אגענט פון דער קאָמפּאַני, אז איך בין אכאַטראָז פון דער „סאַנקט העלענאַ" אונ מוז פאהרען צו מיין שיפסקאַפּיטאַן, איך ווייס אבער ניט, וויא אזוי איך קען איהם דערגרייכען. איך האב גע־טראָפען אגוטען און עהרליכען מענשען, וועלכער האט מיר געגעבען דעם בעסטען ראטה, וואס ער האט מיר געקענט געבען.

— ווען איהר ווילט טרעפען קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג אין ניו אָרלינס, האט ער מיר געזאגט, איז דאס גלייכסטע פאר אייך צופאהרען איבער דיא פער־איינינגטע שטאַאַטען. איהר מוזט פאהרען קיין שיקאַגאָ, פון דארט קיין ניואָרלינס קענט איהר שטענדיג קריעגען אדאַמפּף שיף אדער אנ'אנדערע געלעגענהייט קיין ניו אָרלינס.

ער האט מיר אנגעשריעבען דעם נעהנסטען וועג קיין שיקאַגאָ, האט מיר געגעבען פיעלע נעטהיגע אָנוויזונגען, וויא איך זאל פאהרען און וואס עס דארף מיך קאָסטען אזא רייזע. איך האב איהם געדאנקט און בין נאך דעם־זעלבען טאג אוועקגעפארען קיין שיקאַגאָ.

## 46-טעס קאפיטעל

## ניואָרלינס. — דער שווארצער אָדלער.

איך האב געהאט ביי זיך פינף און זיעבעציג דאָללאַר, ווען איך בין ארויסגעפאהרען פון קוועבעק. נאך דער רעכנונג, וואס דער אגענט פון דער קאָמפּאַני האט מיר געמאכט, האב איך מיט פופציג דאָללאַר געקענט אנקומען קיין ניו אָרלינס, אבער פון מאכען א רעכנונג אויף פאפיער ביז מאכען א רעכנונג מיט דער קעשענע איז גאנץ ווייט.

עס זיינען דאמאלס ניט געווען קיין אייזענבאהנען. מען האט זיי ערשט אנגעהויבען צובויען. אין פיעלע ערטער האב איך ניט געקענט קריעגען קיין פאָסטפערד, אדער אָמניבוס, אויף וועלכען מען פלעגט דאמאָלס פאהרען אין דיא פעראייניגטע שטאַאטען. איך האב געמוזט צאָהלען פיעל טהייערער, וויא פיעל דער אגענט האט מיר אויסגערעכענט און מיין רייזע האט געדויערט פיעל לענגער.

איך וויל ניט דערצעהלען, וואס איך האב איבערגעליטען, ביז איך בין אנגעקומען קיין ניו אָרלינס. פיעלעס האב איך שוין פערגעסען, פיעלעס איז לאנגווייליג און ניט אינטערעכאַנט.

איך בין ענדליך אנגעקומען קיין ניואָרלינס מיט צווייא דאָללאַר אין קעשענע און מיט צווייא וואָכען שפּעטער, וויא איך האב גערעכנט. קוים בין איך אנקומען אין שטאדט, בין איך גלייך געלאפען צום פּאָרט פרעגען, אויב דיא „סאַנקט העלענאַ" געפינט זיך ניט דארט און אויב זיא איז שוין אוועקגעפאהרען, וואוהין זיא איז געפאהרען.

ניו אָרלינס איז א גרויסע שטאדט ביים טייך מיסיסיפּי, איינער פון דיא גרעסטע טייכען אין דער וועלט. דיא שטאדט אליין ליעגט אין אזומפ, אין וועלכען מען האט געמוזט מאכען וועגען און שפּאציער גענגע. מען האט גע־מוזט פערשיטען דעם זומפ מיט שטיינער און מיט ערד. ניט אומזיסט רופט מען ניואָרלינס „דער נאַסער קבר פונ'ם ווייסען מענשען". דאס קלימאַט אין ניואָרלינס איז זעהר הייס, דיא זומפען ארום גיבען ארויס פון זיך געפעהרליכע דעמפפע, פון וועלכע דיא ווייסע מענשען ווערען קראנק. נור דיא נעגער און דיא אינדיאַנער קענען לעבען א לענגערע צייט אין ניואָרלינס.

עס וואלט דארט געוויס קיין ווייסער מענש ניט געוואוינט, ווען ניואָרלינס זאל ניט זיין דער גרעסטער און בעסטער פאָרט אין דעם זידען (דרום זייט) פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען. אין ניו אָרלינס געפינען זיך שטענדיג עטליכע הונדערט שיפען פון דער גאנצער וועלט. דער טייך מיסיסיפי איז אין ניואָרלינס א מייל דיא ברייט און אזוי טיעף, אז דיא גרעסטע קריעגס שיפען קענען צו קומען גאנץ רוהיג צום פאָרט.

אין ערטער קומען אוים דיא הייזער פון דער שטאדט ניעדריגער אלס דיא ברעגעס פון טייך, עס קומט אויך זעהר אפט פאָר, אז דער מיסיסיפי פערפלייצט א גרויסען טהייל פון דער שטאדט.

איך בעשרייב ניו אָרלינס אביסעל מעהר, וויא איך וואלט געדארפט ווייל אין ניואָרלינס האט זיך ערשט אנגעהויבען דאס אונגליק פון מיין גאנצעם לעבען.

איך בין געלאפען צום פארט זוכען דיא „סאַנקט העלענאַ", איך האב זיא געזוכט אלאנגע צייט און האב זיא ניט געקענט געפינען. איך בין גע-גאנגען צום אויפזעהר פונ'ם פאָרט אונ האב איהם געפרעגט, אויב עס איז ניט אנגעקומען א שיף מיט'ן נאַמען „סאַנקט העלענאַ", ער האט מיר געזאגט, אז ער פיהרט ניט קיין ביכער איבער דיא שיפען, וועלכע קומען אן אדער פאהרען ארויס פון ניו אָרלינס.

קוועבעק געהערט צו ענגלאנד און אלעס פיהרט זיך וויא אין ענגלאנד, ניואָרלינס אבער איז דאמאלס געווען נאך איונגע שטאדט און עס זיינען דארט נאך ניט איינגעפיהרט געווארען דיא שטרענגע אָרדנונג, וועלכע ווערט גע-האלטען אין אנדערע פאָרט שטעדט.

איך האב געמוזט אנפרעגען ביי שיפס אגענטען, שיפסקאַפּיטאַנען און מאַטראָזען, וועלכע איך האב בעגעגענט אין פאָרט, אויב זיי האבען ניט געזעהן אדער געהערט פון אשיף „סאַנקט העלענאַ". עס זיינען פערגאנגען צוויא טעג, און וועלכע איך האב גאר ניט אויסגעפונען. קיינער האט ניט געהערט פון דער „סאַנקט העלענאַ". איך בין געווארען מיעד און פער-צווייפעלט. בלייבען אין ניואָרלינס האב איך ניט געוואלט, ווען מען זאל מיך אפגילטען, פאהרען ווייטער האב איך ניט געקענט, ווייל איך האב קיין געלד ניט געהאט. — וואס טהוט מען אלזא?

איך בין ארומגעגאנגען פערטראכט, פערטרויערט און פערזארגט און האב אליץ נאכגעפרעגט אויף דיא „סאַנקט העלענאַ". איך האב געפרעגט יעדען, וועמען איך האב דערזעהן אויף דיא דאָק'ס, אדער וויא זיי הייסען אין ניואָרלינס אויף דיא קעיוס.

אין איין ארט איז געשטאנען ניט קיין הויכער, אבער א שטארק גע-בויטער מאן מיט ברייטע פלייצעס און האט גערויכט א ציגאַר. ער האט

געפראגען אויפ'ן קאָפּ אגהויסען שטרויהוט פון עכט פאנאמא שטרוי, איז גע־
גאנגען אנגעטאהן אין אקורצען סאמעטענעם ראָק, ארומגעגארטעלט מיט
ארויטען זייהענעם גאַרטעל, פון וועלכען עס האט ארויסגעשטעקט א לאנגעס
שפּאַנישעס מעסער אין א זילבערנער שייד.

איך בין צוגעגאנגען צו איהם און האב איהם געפרעגט, אויב ער
האט ניט געזעהן א שיף מיט'ן נאמען „סאַנקט העלענאַ״?

— צו וואס דארפט איהר דיא „סאַנקט העלענאַ״? האט ער מיך
געפרעגט.

איך האב איהם דערצעהלט, אז איך בין א מאַטראָז פון דער „סאַנקט
העלענאַ״, איך האב פערזאמט מיין שיף און זוך זיא יעצט. דער מאן האט
מיך בעטראכט פון קאָפּ ביז אין דיא פיס, וויא א פערד הענדלער בעטראכט
א פערד. דאן האט ער מיר געזאגט.

— איהר מוזט ווארטען, מיין יונגע, פיער ביז פינף וואכען. דיא
„סאַנקט העלענאַ״ איז דא געוועזען פאָריגע וואָך און זיא איז אוועקגעפאהרען
קיין פאָרט־אָ־פרענס אויף דער אינזעל האַאיטי.

— אלזא קענט איהר קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג? האב איך געפרעגט
פול פרייד.

— געוויס קען איך איהם, האט דער מאן געענטפערט רוהיג, איך
בין געוועזען אויף זיין שיף און האב געגעסען מיט איהם מיטאג.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא גרויס עס איז געוועזען מיין פרייד, ווען
איך האב ענדליך געפונען א מענשען, וועלכער האט געזעהן און גערעדט מיט
קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג. איך האב זעהר געוואלט איהם פרעגען, אויב ער האט
געזעהן קאַפּיטאַן אַרמסטראָנגס טאכטער, איך האב עס אבער ניט געקענט:
איך האב מיך געשעהמט. איך האב איהם נור געפרעגט:

— ווען איהר זייט אזוי גוט בעקאנט אויפ'ן פּאָרט, קענט איהר מיר
ניט זאגען, אויב איך קען ניט געפינען א שיף, וועלכעס געהט קיין האַאיטי?

דער מאן האט געטראכט איניגע מינוט און האט מיר געוויעזען אויף
א זאָנדערבאַרעם שיף, וועלכעס איז געשטאנען ניט ווייט פון דעם ארט, וואו
מיר האבען גערעדט, און האט געזאגט.

— איך אליין פאָהר מארגען אין דער פריה קיין פאָרט־אָ־פרענס, דיא
הויפּט שטאדט פון דער אינזעל האַאיטי, בעטראכט מיין שיף, זיא איז ניט
געבויט, וויא דיא „סאַנקט העלענאַ״, זיא איז קלענער און האט גאנץ אנדערע
זעגעל. ווען איהר ווילט, קענט איהר פאהרען אויף מיין שיף.

איך בין אונטערגעשפרונגען פאר פרייד; ווען איך וואלט מיך ניט גע־
שעהמט, וואלט איך איהם ארומגענומען. פלוצלונג אבער האב איך מיך דער־

סאנט, אז איך האב קיין געלד איהם צו בעצאהלען פאר מיין רייזע, איך קען נור ארבייטען פאר מיינע רייזע קאָסטען.

— איך האב קיין געלד צו בעצאהלען פאר מיין רייזע, האב איך גע-זאגט צו מיין נייעם בעקאנטען, איך קען נור ארבייטען. איך זעה, אז אייער שיף איז אנדערש געבויט, וויא דיא „סאנקט העלענאַ" און איך ווייס ניט, אויב איך קען אייך פיעל נוצען ברענגען אלס מאַטראָז, איך זאג אייך אבער צו, אז איך וועל טאהן אלעס, וואס מען וועט מיר הייסען, און וועל מיך בעמיהען צו פערדיענען מיינע רייזע קאָסטען.

— מעהר פערלאנג איך ניט, האט דער מאן געזאגט רוהיג, עס איז זעהר סעגליך, אז איהר וועט געוואוינט ווערן צו מ ין שיף און וועט בלייבען ביי אונז. איך האב פיינט צו שטעהן לאנג אין א פאָרט. געפין איך פראַכט (משא) פאר מיין שיף, איז גוט. געפין איך ניט, פאהר איך אוועק ערגעץ אנדערש. ווען איהר ווילט ווערן אגוטער מאַטראָז, האט איהר דיא בעסטע געלעגענהייט דערצו אויף מיין שיף. — איך האב זעהר גוט פערשטאנען, אז מיין נייער שיפסקאפיטאַן האט וועניג מאַטראָזען און ער וויל מיך אויפנעהמען צו זיך אלס מאַטראָז. וואלט ניט געוועזן אויף דער „סאַנקט העלענאַ" דער מאַגנעט, וועלכער האט מיך געצויגען צו זיך, וואלט איך פיעלייכט געמאכט א קאָנטראַקט מיט מיין נייעם שיפסקאפיטאַן, איך האב עס אבער ניט געקענט, ווייל עס האט מיך געצויגען צו דער גוטער און שעהנער העלענא.

איך האב מיך דאהער בערעכענט, אז איך זאל אפנארען מיין נייעם בעקאנטען; איך זאל מיך פערשטעלען, אז איך דענק צובלייבען ביי איהם, קוים אבער וועלען מיר אנקומען קיין פאָרט-אָ-פרענס, וועל איך באלד אויס-געפינען קאפיטאַן אַרמסטראָנג און וועל מיך שוין מיט איהם מעהר ניט צו שיידען.

איך האב זעהר געדאנקט מיין נייעם בעקאנטען און האב איהם געפרעגט, וויא ער הייסט.

— דיא ענגלענדער און דיא שפאַניער רופען מיך דשאָן האַיק, האט ער געענטפערט, דאס איז אבער ניט מיין וואהרער נאמען, פאר אייך איז ער גענוג, ווייל אלע קענען מיך נור אונטער דיעזען נאמען.

האַיק הייסט אויף ענגליש א שפערבער, א רויבפויגעל, וועלכער צו-רייסט היהנער און פרעסט זיי אויף.

— און וויא הייסט אייער שיף? האב איך ווייטער געפרעגט אויס נייגיערדע.

— דער „שוואַרצער אָדלער", האט דער שיפסקאפיטאַן געענטפערט קורץ און שארף.

מיר איז צוואר זעהר ניט געפעלען דיעזער נאמען, איך האב אבער

קיין ברירה ניט געהאט, איך האב געוואלט זיין ביי קאפיטאן אַרמסטראָנג וויא צום גיכסטען, און איך האב געזוכט נעהמען פאר ליעב יעדען נאמען. אזוי וויא קאפיטאן דשאַן האַוק האט גערעדט זעהר גוט ענגליש, האב איך מיר ערלויבט איהם צו פרעגען:

— זייט איהר אַן ענגלענדער? אדער אַן אַמעריקאנער?

— איך בין קיין ענגלענדער, קיין אַמעריקאנער, קיין פראנצויז, קיין שפאַניער אונ קיין איטאַליענער, האט קאַפיטאן דשאַן האַוק געענטפערט.

— איך געהער צו קיין פאלק. — ווען איהר האט מורא צו פאהרען אויף מיין שיף דערפאר, וואס איך האב עס אייך געזאגט, מעגט איהר בלייבען אין ניו אָרלינס און מיר האבען ניט געמאכט קיין געשעפט.

— אה, ניין! האב איך אויסגערופען, איך פאהר מיט אייך! איך האב אייך געפרעגט, ווער איהר זייט, גלאט אזוי, אוים ניגיערדע.

— דאן רעדט ניט פיעל, געהט און קויפט אייך אלעס, וואס איהר דארפט אויף דער רייזע אונ קומט מארגען גאנץ פריה אויף מיין שיף. אום אכט אוהר פאהר איך ארויס.

מיט דיעזע ווערטער האט ער זיך אומגעקעהרט צו מיר מיט'ן רוקען און איז זיך אוועקגעגאנגען.

איך בין געבליעבען שטעהן, וויא אַ צומישטער. דיעזער נייער שיפס-קאפיטאן איז מיר פאָרגעקומען אזוי זאָנדערבאר, אזוי אונגעוועהנליך און איז פאר מיר געווען אַזא רעטעניש, אז איך האב מיך פערטראכט. וואלט איך געקענט דיא וועלט אביסעל בעסער, וואלט איך ניט אזוי לייכטזיניג און וואלט מיך גוט איבערלעגט, אויב איך זאל פאהרען מיט אזא זאָנדערבארען מענשען, וועלכער זאגט אליין, אז דער נאמען, מיט וועלכען אלע רופען איהם, איז ניט זיין וואהרער נאמען. איך בין אבער געווען יונג אונ האב געברענט צו קומען אויף דער „סאַנקט העלענא" וויא צום גיכסטען. איך האב דאהער לאנג ניט געטראכט און בין אוועקגעגאנגען קויפען איינינע זאכען, וועלכע זיינען זעהר נעטהיג אויפ'ן שיף.

איך בין ארומגעגאנגען אגאנצען טאג אין שטאדט און אויף דיא דאָקס. פאר נאכט האב איך דערזעהן אַ מאן, וועלכען איך האב געזעהן אין קוועבעק. ער איז געווען אַ שיפסקאפיטאן און זיין שיף איז אין קוועבעק געשטאנען לעבען דער „סאנקט העלענא". ווען איך בין אין קוועבעק צום ערשטען מאל אראפגעגאנגען פון דער „סאנקט העלענא", איז ער צוגעקומען צו מיר און האט מיך געפרעגט, וויא עס קומט, וואס עס זיינען אנגעקומען אזוי פיעל פאסאזשירען אויף דער „סאַנקט העלענא". איך האב איהם דאן דערצעהלט, אז מיר זיינען ארויסגעפאהרען אויף אַנ'אנדער שיף, וועלכעס איז אונטערגעגאנגען אויפ'ן מעער.

איך האב מיך דערפרעהט, ווען איך האב איהם דערזעהן, ער איז דאך

געווען אַ שטיקעל בעקאַנטער . און האב איהם געפרעגט , וואס ער מאַכט ,

— פון וואנען קענסט דוא מיך , יונגער מאן ? האט ער געפרעגט .

— איך בין אַ מאטראז פון דער „סאַנקט העלענא”, און בין געקומען אהער זיא זוכען . — געדענקט איהר דיא „סאַנקט העלענא” ?

דיא „סאַנקט העלענא” ? — קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג ? — אה , איך געדענק זיא זעהר גוט , אַדאמפּף שיף איז אָנגעלאָפען אויף איהר און האט זיא שטארק בעשעדיגט .

מיר האבען זיך צו רעדט , און איך האב איהם דערצעהלט אין קורצע ווערטער מיין געשיכטע . ווען איך האב איהם דערצעהלט , אז איך האב אפּ-גערעדט מיט קאַפּיטאַן דשאַן האַוק צו פאהרען אויף זיין שיף , דער „שווארצער אָדלער” , האט ער פערקנייטשט דעם שטערן און האט מיר געזאגט ערנסט :

— יונגער מאן , ווייסט דוא , וואס פאר אַ סאָרט שיף דער „שווארצער אדלער” איז ?

— וואס מאכט עס מיר אוים ? האב איך געענטפערט , איך וועל פאהרען אויף איהם ניר ביז פּאָרט-אָ-פּרענס , דאס דארף געדויערן העכסטענס אַכט טאג . ווען איך וועל קומען קיין פּאָרט-אָ-פּרענס , וועל איך באלד ארויפגעהן אויף דער „סאַנקט העלענא” .

— יונגער מאן ! האט דער שיפסקאַפּיטאַן אויסגערופען , — יונגער מאן ! ווען דוא זאלסט ווייסען , וואס פאר אַ שיף דער „שווארצער אדלער” איז , וואלסט דוא פון איהם אנטלאַפען , וויא פון דער פעסט .

— קענט איהר מיר ניט זאגען , וואס איז אזעלכעס דער „שווארצער אָדלער” ?

— דאס איז אַ שקלאַפען הענדלער , ער פיהרט שווארצע שקלאַפען פון אַפריקא קיין אַמעריקא . פּייעלייכט איז ער נאך עפּעס ערגערס .

— איך דארף דאך אבער פאהרען אויף איהם נור עטליכע טעג , האב איך געענטפערט , וואס הארט עס מיך , וואס דאס שיף פיהרט אמאל שקלאפען , יעצט פיהרט עס דאך קיינעם ניט , ווייל קיינער פיהרט קיינע שקלאפען פון ניואָרלינס קיין האַאיטי .

— איך האב דיך געווארינט , יונגער מאן , ווען דוא ווילסט מיך ניט פאלגען , טוה וויא דוא פערשטעהסט , האט דער אמעריקאנער שיפסקאפּיטאן געזאגט , ערנסט און שטרענג .

מיר איז צוואר אויך ניט געפעלען קאַפּיטאַן דשאַן האַוק , איך האב אבער ניט געקענט פערשטעהן , פאר וואס דער אמעריקאַנער וויל מיך אפרעדען פון איהם , און איך האב בעמערקט גאנץ רוהיג .

— עס איז פערפאלען , איך האב איינמאל אָפּגערעדט מיט קאַפּיטאַן דשאַן האַוק , איך זאל פאהרען מיט איהם און איך מוז האלטען מיין וואָרט .

— האט ער איך געזאגט , מיט וואס פאר סחורות ער פאהרט יעצט קיין האַאיטי ?

— ער האט עס מיר ניט געזאגט , ווייל איך האב איהם ניט געפרעגט .

— דאן ראטה איך דיר נאך אמאל , דוא זאלסט מיט איהם ניט פאהרען , האט דער אַמעריקאנער אויסגערופען . קום מיט מיר , יונגער מאן , איך הייס סעמיועל סערל אונ בין דער שיפס אַפּיטאַן פון אפראכט שיף , וועלכעס הייסט „סוסאַננאַה". איך פיהר אַמעריקאנער סחורות קיין בראַזיליען אונ אַרגאַטינען . איך דארף יעצט האבען מאַטראזען . איך וועל דיר צאהלען פופצעהן דאללאר אַמאנאט , אונ וועל דיך לערנען אלעס , וואס אַ גוטער מאַטראז דארף קענען .

אזוי ? האב איך אויסגערופען , דערפאר ווילט איהר עס מיך אָפּרעדען פונ'ם „שוואַרצען אָדלער", ווייל איהר דארפט האבען אַרבייטער , אדער וויא איהר זאגט אין אַמעריקא , איהר דארפט האבען „הענד" ?

— דאס איז וואַהר , איך דארף טאַקע האבען הענד , איך וויל דיך אבער ניט פערפיהרען . ווען דוא ווילסט נור פאהרען צו קאַפּיטאן אַרמסטראָנג , וועל איך צוליעב דיר צופאהרען קיין האַאיטו . איך דארף סאַי וויא סאַי פערבייא פאהרען דיא שטאדט פאָרט-אָ-פּרענס .

— ווען פאהרט ארוים אייער „סוסאַנאַה"? האב איך געפרעגט .

— מארגען גאַנץ פריה .

— דאן וועל איך מיך איבערלעגען , האב איך געזאגט אונ בין אוועק געגאנגען פון איהם .

איך בין געגאנגען גלייך צו דעם ארט , וואו דער „שווארצער אדלער" איז געשטאנען . איך האב געוואלט זעהן נאך אמאל קאפּיטאַן דשאַן האַוק אונ זיך איבערצייגען , וואס פאר אמענש דאס איז . צום גליק , האב איך איהם געטראפען שטעהן ניט ווייט פון זיין שיף . ער האט מיך באלד דערקאנט אונ האט מיר געזאגט :

— דוא האסט פיעלייכט ניט וואו צו נעכטיגען , קום מיט מיר , וועסט דוא נעכטיגען אויף מיין שיף .

— ניין , הערר קאַפּיטאַן , איך בין ניט וועגען דעם געקומען , איך בין געקומען זעהן אייער שיף .

— דוא ווילסט זעהן מיין שיף ? האט קאַפּיטאַן האַוק געלאַכט , וואס הייסט דאס ? ביסט דוא אשיף אינספעקטאר פון ניואָרלינס ?

איך האב איהם דערצעהלט , אז איך האב מיך בעקענט מיט'ן שיפסקאפּיטאַן פון דער „סוסאַננאַה" און ער האט מיר ניט געהייסען פאהרען אויפ'ן „שווארצען אָדלער". קאַפּיטאַן דשאַן האַוק האט ארויסגעלאזען אַ הויכען געלעכטער .

— אזוי ? האט ער אויסגערופען און האט זיך געהאלטען ביי דיא זייטען פאר געלעכטער , — אזוי ? דוא האסט זיך בעקאנט מיט קאַפּיטאַן סעמיועל

סערל און האסט איהם דערצעהלט, אז דוא פאהרסט מיט מיר. — וואס האט ער דיר געזאגט? — אז איך בין אַ שקלאפען הענדלער, פיעלייכט נאך עפּעס ערגערס, איך בין א שלעכטער מענש. איך בין כלבו. — נון, מיין יונגע, ווען דוא ווילסט ניט פאהרען מיט מיר, וועל איך דיך ניט נעטהען. דוא מעגסט פאהרען מיט קאפּיטאן סערל. זאג איהם אבער, ער זאל זיך היטען פאר מיר. איך בעצאהל עהרליך יעדען, ווער עס רעדט פון מיר שלעכטעס.

מיט דיזע ווערטער האט ער זיך אוועקגעקעהרט פון מיר, האט אנגעהויבען צו פייפען עפּעס אליעד, און איז פערשוואונדען געווארען.

איך האב יעצט אליין ניט געוואוסט וואס צו טאהן: זאל איך פאהרען מיט דעם זאנדערבארען קאפּיטאן דשאַן האַוק, וועלכער געהערט צו קיין פאלק ניט, אדער מיט'ן איינפאכען, עהרליכען קאפּיטאן סעמיועל סערל. — פּלוצלונג איז מיר געקומען אנייער געדאנק אין קאפּ.

— איך וועל געהן צו דיא שיפּסאַגענטען און וועל נאכפרעגען אויף ביידען: אויף קאפּיטאן סערל און אויף קאפּיטאן דשאן האוק.

איך האב ניט לאנג געטראכט אונ בין באלד אוועק געגאנגען אין דער גאס, וואו עס האבען געהאלטען זייערע קאנטארען דיא גרעסטע שיפסקאמפּאני'ס. וואו איך בין אריינגעקומען און האב געפרעגט אויף קאפּיטאן סערל, האט מען מיר געענטפערט, אז ער איז אן עהרליכער מאן און פאהרט בעשטענדיג צווישען דיא פּאָרטען פון אמעריקא, בראזיליען און דיא אינזלען פון וועסט אינדיען. קוים אבער האב איך אפרעג געטאהן אויף קאפּיטאן דשאן האוק, האט מען פערצווייגען מיט דיא אקסלען און מען האט מיר ניט געענטפערט.

עס איז געוועזען קלאר און דייטליך, אז מיט קאפּיטאן דשאן האוק איז עפּעס ניט גלאט.

— עס העלפט ניט! האב איך ענדליך מיך ענטשלאסען, איך מוז פאהרען מיט קאפּיטאן סערל.

## 17-טעס קאפּיטעל

## דיא „סוסאַננאה" און דער „שוואַרצער אדלער".

איך בין באלד געגאנגען זוכען קאַפּיטאן סערל און האב איהם געטראפען, ווען ער האט געוואלט ארויפגעהן אויף זיין שיף.

— נון, יונגער מאן? וואס האט איהר בעשלאסען?

— איך פאהר מיט אייך, קאפּיטאן, האב איך געענטפערט.

— דאן קום מיט מיר.

אויפ'ן וועג האב איך איהם דערצעהלט, אז איך האב מיך געזעהן נאך

אמאל מיט קאַפּיטאַן דשאָן האָוק, און ער האט מיר געזאגט, אז עס האַבּט איהם ניט, ווען איך וויל ניט פאהרען מיט איהם. דערביי אבער האט ער מיר געזאגט:

— זאג קאַפּיטאן סערל, ער זאל זיך היטען פאר מיר!

— איך האב פאר איהם קיין מורא ניט, האט קאַפּיטאן סערל געענטפערט: ער קען מיר ניט טאהן מעהר, וויא ער האט געוואלט מיר טאהן.

מיר זיינען ארויפגעקומען אויף זיין שיף און קאַפּיטאן סערל האט מיך איינגעלאַדען צו עסען מיט איהם. אונטערדעססען איז דיא זון אונטערגעגאנגען, עס איז נאכט געווארען. מען האט מיר אָנגעוויעזען מיין אָרט צו שלאפען, און איך האב מיך באלד געלעגט שלאפען.

איך בין דיעזע נאכט געשלאפען זעהר געשמאק. איך בין צוואר נאך ניט געוועזן קיין מאטראז, דענאך בין איך שוין אזוי צוגעוואוינט געווארען צו שלאפען אויפ'ן וואסער, אז עס האט זיך מיר געשלאפען פיעל געשמאקער, ווען אַ שיף האט זיך געוויעגט אונטער מיר, וויא אויף דער פעסטער ערד.

גאנץ פריה האט מען מיך אויפגעוועקט און איך האב מיך גענומען צו דער ארבייט מיט דיא איבעריגע מאטראזען. קאַפּיטאן סערל האט געהייסען אויפהייבען דעם אַנקער און ארויספאהרען.

דיא „סוסאַננאַה" איז געוועזן קלענער פון דער „סאַנקט העלענע". אבער פונקט אזוי געבויט וויא דיא „סאַנקט העלענא". זיא האט אויך געהאט דרייא זעגעל בוימער, זיא האט אבער ניט געהאט קיינע קאַיוטען פאר פאסאזשירען, ווייל זיא איז געוועזן אַ פראכט שיף. זיא האט נור געפיהרט סחורות, קיינע פאסאזשירען.

דיא מאטראזען פון דער „סוסאַננאַה" זיינען מייסטענס געוועזן אמעריקאנער און ענגלענדער, עס זיינען אבער געוועזן צווישען זיי צוויא שפאַניער און איין פאָרטוגיזע. דער קאָך איז געוועזן אַ מולאַט. דער ערשטער אפיציער איז געוועזן אגרויסער פראנט און פלעגט פיינט האבען צו ארבייטען. דער צווייטער אפיציער אבער, מיסטער דשאָנס, איז צוואַר געוועזן א שטרענגער מענש, אבער א גוטער מאטראז. ער האט ווירקליך פערשטאנען, וויא צו פיהרען אשיף, און ער האט אויך אין גאנצען געפיהרט און קאַמאנדירט דיא „סוסאַננאַה".

איך האב געארבייט גלייך מיט אלעמען, און האב געוויעזען קאפיטאן סערל, אז איך קען פעסט טאהן אויף אשיף. איך בין ארויפגעקלעטערט אויף דעם העכסטען זעגעלבוים, און האב אפגעבונדען דעם זעגעל. קאפיטאן סערל האט עס געזעהן און איז געוועזן צופריעדען מיט מיין ארבייט.

געגען אבענד זיינען מיר שוין ארויסגעפאהרען פון פאָרט. מיר האבען געמוזט פערביי פאהרען דעם דאָק וואו דער „שווארצער אדלער" איז געשטאנען

מיר האבען איהם מעהר ניט געזעהן. קאַפּיטאַן סערל איז צוגעגאַנגען צו מיר און האט מיר געזאגט.

— זעהסט דוא, יונגער מאן, דער „שווארצער אדלער" איז שוין ארויס־געפאהרען. איך בין הע͏בסט צופריעדען, וואס דוא ביסט ניט אויפ'ן דעק פון קאפּיטאן האַוק'ס שיף. איך בעט גאט, אז ניט דוא און ניט איך זאלען זיך קיין מאל ניט ווידער בעגעגענען מיט קאפּיטאן דשאַן האַוק.

איך האב שוין פריהער דערצעהלט, אז ניו אָרלינס ליעגט ביים גרעסטען טייך אין דער וועלט, ביים מיסיסיפּי. פון ניו אָרלינס ביז צום אטלאנטישען וועלט מעער איז עפּעס מעהר אַלס הונדערט מייל. דארט, וואו דער מיסיסיפּי פאלט אריין אין וועלט מעער, געפינט זיך דיא שטאדט בעליז. מיר זיינען אנגעקומען קיין בעליז פאר נאכט, און דער ערשטער אפיציער האט געזאגט, אז עס וואלט גלייך געווען, מיר זאלען דא איבערנעכטיגען, און ערשט מארגען אין דער פריה זאלען מיר ארויס פאהרען אין אטלאנטישען וועלט מעער. קאפּיטאן סערל האט אבער דערפון ניט געוואלט וויסען. ער האט זיך געאיילט און מיר זיינען ביי נאכט ארויסגעפאהרען פונ'ם טייך מיסיסיפּי אין גרויסען וועלט מעער.

איך בין געשלאפען דיא ערשטע האלבע נאכט, און האב ניט געזעהן דיא געגענד ארום אונז, שפּעטער אבער האט מען מיר דער צעהלט, אז דיא גאנצע געגענד, וואו דער מיסיסיפּי גיעסט זיך אויס אין וועלט מעער, איז בעזעעט מיט קליינע אינזלען, און מען מוז זיין גוט בעקאנט מיט דער געגענד אום זיך אויס צו היטען און אויסצודרעהן אין דיא הונדערטער קאנאלען, וועלכע געפינען זיך צווישען דיא אינזלען. א שיפסקאפּיטאן, וועלכער קען ניט דיא געגענד, קען זעהר לייכט ארויף אויף א זאמד באנק.

איך בין געשטאנען אויף דער וואַך דיא אנדערע האלבע נאכט, פון צוויא אוהר ביז אכט. דאס שיף ה..ט קאַמאנדירט אונזער צווייטער אפיציער דשאָנס. דיא נאכט איז געוועזן אַ שעהנע, אַ ווארעמע, ווייל אין יענער געגענד איז שטענדיג ווארם. איך בין געווען צופריעדען, וואס קאַפּיטאן סערל האט ניט געוואלט בלייבען נעכטיגען אין בעליז, ווייל מיט יעדער שטונדע בין איך גע־קומען אלץ נעהנטער צו מיין געליעבטער, צו דער שעהנער העלענא.

ווען עס איז טאג געווארען, האב איך אקוק געטאהן אויף אַן אינזעל, וועלכע איז געלעגען איינינגע מייל וויים פון אונז, און מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז איך זעה דיא זעגעל פון אשיף. איך האב עס באלד געמעלדעט דעם צוויי־טען אפיציער.

— געה ארויף אויפ'ן זעגעלבוים און זעה, וואס פאר אשיף דאס איז, האט ער צו מיר געזאגט.

איך האב איהם געפאלגט, און בין באלד ארויפגעקראכען אויפ'ן זעגעל־בוים. אין דער הויך האב איך געזעהן דאס שיף גאנץ דייטליך. עס האט זיך

מיר אויסגעוויזען, אז דאס איז דער „שווארצער אדלער", אויף וועלכען איך האב געוואלט פאהרען קיין האַאיטי. איך בין אראפ געגאנגען פון זעגעלבוים און האב עס געמעלדעט דעם צווייטען אפיציער.

— האבט דוא ריכטיג געזעהן? האט ער מיך געפרעגט און איז געווארען אונרוהיג.

— מיר דאכט, אז איך האב דערקענט דאס שיף פון קאפיטאן דשאַן האַוק, האב איך געענטפערט.

— דאס קען ניט זיין! האט ער געברומט, דער „שווארצער אדלער" איז געפאהרען קיין האַאיטי, וויא קומט ער אין דיעזער זייט? דאס איז ניט דער וועג קיין האַאיטי.

ער האט אויפגעוועקט קאפיטאן ס'ערל און האט איהם געמעלדעט, וואס איך האב געזעהן. קאפיטאן סערל איז געווארן ערנסט און אונרוהיג.

— ברענג מיר ארויף מיין גרויסען ספעקטיוו, האט ער געזאגט צו מיר, איך מוז אליין זעהן, אויב דאס איז ווירקליך דער רויבער דשאַן האַוק.

איך האב איהם געבראכט זיין ספעקטיוו און האב איהם דערלאנגט. קאפיטאן סערל איז געוועזען אמאן פון אַ יאהר פופציג. אין אזעלכע יאהרען איז שוין ניט אזוי לייכט ארויפצוקלעטערן אויפ'ן שפיץ פונ'ם העכסטען זעגעלבוים, דעננאך האט ער עס געטאהן יעצט זעהר האסטיג. ער איז שנעל און פלינק ארויפגעקלעטערט אויפ'ן זעגעלבוים און האט אנגעהויבען צו קוקען דורכ'ן ספעקטיוו אין דער זייט, וואו איך האב איהם געוויזען.

איך האב ניט געקענט פערשטעהן, וואס דער שיפסקאפיטאן מיט זיינע אפיציערען אינטערעסירען זיך אזוי אין קאפיטאן דשאַן האַוק'ס שיף. וואס הארט עס זיי, וואס אשיף געהט ערגעץ ווייט פ־ ־יי? פאר וואס זיינען זיי געווארען אזוי אונרוהיג?

קאַפיטאן סערל האט אַ לאנגע צייט געקוקט אויף דאס פרעמדע שיף, ענדליך איז ער אראפגעגאנגען פון זעגעלבוים און האט געזאגט צו מיין צווייטען אפיציער:

— מיר דאכט, אז דשאַן האַוק האט אנגעהויבען זיינע אלטע שטיק, ער לויערט עפעס אויף אַ שיף.

— זאל ער אָפט ניט מיינען אונזער „סוסאַננאה"? האט געפרעגט דער צווייטער אפיציער.

— ער וועט זיך ניט אונטערשטעלען אָנצופאלען אויף אונז, האט דער קאַפיטאן געענטפערט, ער ווייס, אז מיר זיינען שטארקער פון איהם, אויסער דעם זיינען מיר דאך אין אגעגענד, וואו עס קומען און געהן זעהר אפט שיפען.

זיי האבען מעהר ניט גערעדט און זיינען זיך צוגאנגען. איך האב גערעכענט, אז קאפיטאַן סערל וועט געהן צוריק אין זיין קאַיוטע זיך לעגען שלאפען, אדער

עסען פריהשטיק. וויא ערשטוינט בין איך דאהער געוועז, ווען איך האב געזעהן, וויא דער שיפסקאַפּיטאן איז צוגעגאנגען צו דיא פיער קליינע, פערראסטעטע קאַנאָנען, וועלכע זיינען געשטאנען אין אַ ווינקעלע, פערדעקט מיט זעגעל טוך אונ פערוואָרפען מיט שטריק.

איך האב גאר ניט געוואוסט, אז איף דער „סוסאַננאַה" געפינען זיך קאַנאנען, ווייל זיי זיינען געוועזן פערדעקט און פערוואָרפען מיט אלערליי זאכען.

— רייניגט זיי אפּ! האט דער שיפסקאַפּיטאן געזאגט צו עטליכע מאטראזען.

איך האב געהאָלפען אָפּרייניגען דיא קאנאנען און צו נעהמען דיא שטריק און דיא אנדערע זאכען, וועלכע זיינען געלעגען אָנגעוואָרפען אויף זיי. אין אַפּיערטעל שטונדע האבען פיער אייזערנע מיילער ארויסגעקוקט פון אונזער דעק.

— דרעהט זיי אוים! צוויא פון פאָרנט און צוויא פון הינטען. האט דער קאַפּיטאן קאמאנדירט.

מען האט זיי אויסגעדרעהט, וויא ער האט געהייסען. ביי מיר איז דאס געוועז אַ נייעס. איך האב געזעהן, וויא סאלדאטען האבען געפיהרט קאַנאָנען, איך האב אבער קיין מאל ניט געזעהן, וויא מען שיעסט מיט אַ קאַנאָנע.

— ברענגט ארויף דיא קוגעלן! האט ווייטער קאַמאנדירט דער שיפס-קאַפּיטאן.

מען האט ארויפגעבראכט קוגעלן, וועלכע האבען געוואויגען צו פינף-ועקס פונט יעדע.

— מאכט פערטיג דיא קאַנאָנען! האט אויסגערופען דער קאַפּיטאן.

מען האט אויסגעריעבען דיא קאַנאָנען, זיי אויסגערייניגט און געמאכט פערטיג צום שיעסען. ווען אלעס איז געוועזען פערטיג, איז דער שיפסקאַפּיטאן ארויפגעגאנגען אויף'ן בריקעל און האט געגעבען א צייכען, אז אלע זאלען זיך פערזאמלען ארום איהם. אין א מינוט זיינען מיר אלע געשטאנען לעבען בריקעל.

— קינדער! האט אויסגערופען קאַפּיטאן סערל, — קינדער! מיר געפעלט ניט יענעם שיף, וועלכעס קומט צו אלץ נעהנטער צו אונז, עס קען זיין, אז ער מיינט גאר נישט. עס קען זעהר זיין, אז ער פאהרט מיט אונז אויף איין וועג, איך געטרוי איהם אבער ניט. איך קען קאַפּיטאן דשאָן האַיק, ער איז אויף אַלעם פעהיג. ער איז א פּיראַט, אזעע רויבער און איז בערייט צו יעדער צייט אנצופאלען אויף א שיף און זיא צו בערויבען. — קינדער! מיר האבען אויף אונזער שיף פרעמדע וואַרען, וועלכע מען האט אונז פערטרויט. מיר טארען ניט דערלאזען, אז דיעזע וואַרען זאלען ארייגפאלען צו יענעם רויבער אין דיא הענד. מיר מוזען פערטהיידיגען אונזער שיף ביז צו לעצט.

— האב קיין מורא, קאַפּיטאן! מיר וועלען זיך פערטהיידיגען ביז אין לעצטען טראָפּען בלוט! האבען אויסגערופען אלע מאטראָזען מיט איין קול.

— איהר ווייסט דאך געוויס, אז ביי דיא פיראַטען איז דא אשפּריכ-

ווארט: „נור דיא טויטע שווייגען און זאגען ניט אויס", האט אונזער שיפס־קאפיטאן ווייטער געזאגט, ווען מעער רויבער פאלען אן אויף א שיף און נעהמען זיא צו, טייטען זיי אלע מאטראָזען און אלע מענשען, וועלכע זיי געפינען אויפ'ן שיף. —

— מיר ווייסען עס, קאפיטאן! האבען אלע געענטפערט, און דשאַן האָוק וועט אונז נאך אזוי גיך ניט האבען. מיר וועלען זיך שלאגען מיט איהם! מיר האבען גענוג ביקסען, פולווער און קוגעלן.

דער שיפסקאפיטאן האט געגעבען א צייכען, אז יעדערער זאל זיך געהן צו זיין ארבייט. ער אליין איז געבליעבען שטעהן אויפ'ן בריקעל און האט ניט אראפגעלאזען קיין אויג פונ'ם „שוואַרצען אָדלער". דיא מאטראָזען האבען אבער אויך יעדעס מאל אקוק געטאהן אין דער זייט, וואו דער „שוואַרצער אָדלער" האט זיך געפונען. מיר האבען געזעהן, וויא ער קומט צו צו אונז אלע מאל נעהנטער און נעהנטער.

דאס מעער איז געווען רוהיג און גלאט, וויא א שפיעגעל. מיר האבען אויפגעצויגען אלע זעגעל, זיי האבען זיך אבער ניט געריהרט וייל זיי האבען ניט געהאט קיין ווינט. אונזער שיף איז דאהער געגאנגען זעהר לאנגזאם. דער „שוואַרצער אָדלער" איז געווען פיעל קלענער און פיעל לייכטער פון דער „ס'כאַנאַה" און פאר איהם איז געווען גענוג ווינט אום אונז אנצוּיאָגען.

איך האב גראדע געדארפט עפעס טאהן אויפ'ן בריקעל לעבען שיפס־קאפיטאן און האב ניט ווילענדיג זיך אונטערגעהערט, וויא דער ערשטער אָפיציער האט איהם געפרעגט:

— וואלט ניט גלייכער געווען זיך אומצוקעהרן קיין בעליז? דארט זיינען מיר דאך געווים זיכער?

— צו שפעט, האט קאפיטאן סערל געענטפערט, ווען ער מיינט ביייזעס, וועט ער אונז אניאָגען, איידער מיר וועלען צוקומען צו דיא אינזלען.

איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז אונזער לאגע איז ניט אם בעסטען. מיר געפינען זיך אין אגרויס געפאהר. וואס האב איך אבער גע־קענט העלפען? מיר איז צום ערשטען מאל אין מיין לעבען פארגעקומען אזא געפאהר.

אונטערדעסען איז דער „שוואַרצער אָדלער" צוגעקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער צו אונז. דער שיפסקאפיטאן האט געהייסען ארויפציהען דיא אמעריקאַנישע פאָהן אלס צייכען, אז מיר פאהרען אונטערן שוטץ פון אמעריקא. עס איז איינגעפיהרט ביי אלע שיפען, אז ווען צוויא שיפען קומען נאהענט איינס צום אנדערן און איין שיף ציעהט ארויף דיא פאָהן פונ'ם לאנד, צו וועלכען זיא געהערט, דארף דאס אנדערע שיף אויך ארויפציעהען א פאָהן

אלם צייכען, אז זיא געהערט צו אלאנד, וועלכעם לעבט אין פריעדען מיט דעם לאנד, פון וואנען דאס אנדערע שיף איז.

דער „שוואַרצער אָדלער" האט אויך אונזער צייכען ניט געענטפערט און האט קיין פאָהן ניט א־ויפגעצויגען. דאס איז געווען א שלעכטער סימן. דאס האט געהייסען גאנץ דייטליך, אז ער איז אונזער פיינד.

— צו דיא קאַנאָנען! האט קאָמאַנדירט קאפיטאן סערל.

מיר זיינען צוגעלאפען צו דיא קאַנאָנען.

## 18-טעם קאפיטעל

## איך ווער אַגעפאַנגענער.

אונזערע אָפיציערן האבען געהייסען ארויפברענגען ביקסען און געבען יעדען א ביקס, פולווער און עטליכע קוגעלן.

— זייט פאָרבערייטעט צו שיעסען, אבער שיעסט ניט, ביז איך וועל אייך הייסען, האט דער שיפסקאפיטאן געזאגט צו אונז.

מיר זיינען געשטאנען מיט אונזערע ביקסען אין דיא הענד און האבען געוואַרט, וואס עס וועט זיין. דער „שוואַרצער אָדלער" איז אונטערדעסען צו געקומען אזוי נאהענט צו אונז, אז איך האב געקענט זעהן, וויא קאפיטאן דשאַן האַוק איז ארומגעגאנגען אויפ'ן דעק און האט געקוקט אויף אונז. מיר האבען ניט געקענט בעמערקען, אז ער מיינט עפעס שלעכטעס. אויפ'ן דעק פונ'ם „שוואַרצען אָדלער" איז אלעס געווען שטיל און רוהיג.

פלוצלונג האט קאפיטאן דשאַן האַוק געגעבען אצייכען, אז מען זאל אראפלאזען דיא אַנקער פון זיין שיף. אין דערזעלבער צייט האט מען אויפ'ן „שוואַרצען אָדלער" ארויפגעצויגען דיא שפאַנישע פאָהן. אזוי וויא שפאַניען האט דאמאלס געלעבט אין פריעדען מיט דיא פעראייניגטע שטאַאַטען, האבען מיר געמוזט דאס אננעהמען פאר אצייכען, אז קאפיטאן דשאַן האַוק איז אונזער פריינד.

מיר זיינען אלע געווארען ערשראָקען, ווען מיר האבען געזעהן, וויא מען האט אראפגעלאזען א באָאָט פונ'ם „שוואַרצען אָדלער" און עטליכע מענשען זיינען אריינגעשפרונגען אין א באָאָט. קאפיטאן סערל איז געווען איבערראשט, ער האט ניט פערשטאַנען, וואס דא קומט פאָר.

— איך געטרוי איהם ניט, האט ער געזאגט צו זיין ערשטען אָפיציער, מיסטער דאָרש, איך דענק, איך זאל ווייטער פאהרען און זאל ניט ווארטען, ביז זיין באָאָט וועט צוקומען צו מיין שיף.

— ווען מיר זאלען האבען אגוטען ווינד, וואלטען מיר געקענט אנטלויפען פון איהם, האט מיסטער דארש געענטפערט, מיר האבען אבער גאר קיין ווינד, וואס קענען מיר דען מאכען? — מיר דאכט, אז מיר זיינען פיעל שטארקער פון איהם און ער וועט זיך ניט אונטערשטעלען אנצופאלען אויף אונז.

מיר האבען געזעהן, וויא דאס באָאָט איז צו געקומען נעהנטער און נעהנטער צו אונז. אין באָאָט זיינען געזעסען צעהן מענשען און האבען געוויעזען אויף זייערע מיילער. ווען זיי זיינען צוגעקומען אזוי נאהענט, אז מיר האבען געקענט הערען זייערע שטימען, האבען מיר געהערט, וויא זיי שרייען:

— וואַסער! וואסער! אום גאטעס ווילען, גיט אונז וואסער!

זיי האבען גערעדט שפּאַניש. צווישען אונז זיינען געווען צוויא שפּאַניער און אונזער ערשטער אָפיציער האט זיך אויך בעריהמט, אז ער רעדט שפּאַניש.

— וויא איהר זעהט, קאַפּיטאַן, האבען מיר גאר אטעות געהאט, האט מיסטער דאָרש, אונזער ערשטער אָפיציער, געזאגט צום שיפסקאַפּיטאן, זיי מיינען קיין שלעכטעס, זיי בעטען אביסעל וואסער.

שיפסקאפּיטאן סערל האט זיך פערטראכט.

— עס געפעלט מיר דאך ניט! האט ער אויסגערופען, וויא איז דאס מעגליך, אז א שיף, וועלכעס איז נור וואס ארויסגעפאהרען פון טייך מיסיסיפּי, זאל שוין ניט האבען קיין וואסער?

— אויפ'ן מעער קען זיך דאך אלעס טרעפען, האט ערקלערט דער ערשטער אָפיציער, עס איז מעגליך, אז זייער וואסער רעזערוואואַר האט געפּלאַצט און זיי דארפען האבען וואסער. אלענפאלס קענען מיר זיי דאך אויספרעגען. וואס האבען מיר מורא פאר צעהן מענשען?

— ברענגט ארויף אפּעסעל וואַסער אויפ'ן דעק און האלט עס אנגעגרייט פאר זיי! האט קאָמאַנדירט אונזער גוטער שיפסקאַפּיטאן.

דיא מאַטראָזען האבען אויסגעפאלגט דעם בעפעל פון אונזער שיפס-קאַפּיטאן.

דער ערשטער אָפיציער האט אוועקגעלעגט זיין ביקס און איז צו גע-גאנגען צום געלענדער רעדען מיט דיא שפּאַניער פונ'ם „שוואַרצען אָדלער", דער צווייטער אָפּיציער אבער, מיסטער דשאָנס, האט אויף זיי געקוקט בייז און מיסטעריאיש. ער האט אריינגעשטעקט אלאנגעס שפּאַנישעס מעסער און זיין גארטעל, איז צוגעגאנגען צו דער קאַנאָע, וועלכע איז געשטאנען געגען דעם „שוואַרצען אָדלער" און האט ניט אראפּגעלאזען קיין אויג פון דיא מענשען אין באָאָט.

אין זאך איז מיר פארגעקומען זאָנדערבאַר. אין דרויסען איז געווען אזוי הייס, אז מיר זיינען אלע געגאנגען אין דיא הוילע העמדער, דיא מענער אבער

אין באָאָט האבען געטראגען מאנטלען. דאס האב איך אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן.

— וויא קענען עס מענשען טראגען מאנטלען אין אזא היץ? האב איך געפרעגט א מאַטראָז, וועלכער איז געשטאנען לעבען מיר.

—פיעלייכט האבען זיי צוריסענע העמדער און שעהמען זיך צו ווייזען פאר אונז, האבען זיי ארויפגעווארפען אויף זיך זייערע מאַנטלען.

אונזער שיפסקאַפיטאן האט צוואר געהייסען, אז מען זאל זיי אראפלאזען דאס וואסער אין זייער באָאָט און מען זאל זיי ניט ארויפלאזען צו אונז אויפ'ן שיף, אבער איידער מיר האבען זיך אומגעקוקט, זיינען עטליכע פון זיי שוין ארויפגעקלעטערט אויף אונזער דעק מיט א געשריי:

— אַגוואַ! אַגוואַ! וואַסער! וואַסער!

מיר האבען זיי דערלאנגט בלעכלעך מיט וואַסער. זיי האבען געחאפט דיא בלעכלעך און האבען געטרונקען, וויא דיא וואַהנזיניגע. אזוי וויא איך האב שוין געליטען פון דורשט, ווען דיא „כאַריאַ לואיזע" האט געברענט, האב איך מיך צוגעקוקט צו דיא פרעמדע און מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיי ליידען גאר ניט פון דורשט. מיר האט זיך זאָגאַר אויסגעוויעזען, אז זיי זיינען גאר ניט דורשטיג.

פלוצלונג זיינען צוויא פון זיי אַניעדער געפאלען אויפ'ן דעק, האבען אנגעהויבען זיך צו ווארפען, צו צאפלען צו שליידערן און צו שרייען, וויא דיא וואַהנזיניגע. מיר זיינען געשטאנען ארום זיי און האבען ניט געוואוסט וואס צו טאהן. אויף אונזער שיף איז קיין דאקטאר געווען, ווייל מיר האבען ניט געהאט קיין פאסאושירען מיט אונז.

קאַפיטאן סערל אלס אלטער, פראקטיצירטער שיפסקאַפיטאן, האט געוואוסט אייניגע מיטעל צו געוועהנליכע קראַנקהייטען און האט שטענדיג געפיהרט מיט זיך א קליינע אפטייק, א קעסטעלע מיט דיא נעטהיגע מיטעל, וויא ביטער זאלץ, ריצינאייל בינין און נאך אזעלכע זאכען.

ווען ער האט געזעהן, וויא דיא צוויא פרעמדע מאטראָזען ווארפען זיך און שרייען, איז ער אראפגעלאפען אין זיין קאַיוטע נעהמען עפעס אמיטעל. מיר זיינען אלע געשטאנען ארום דיא אונגליקליכע און האבען זיי בעדויערט. אמאַטראָז וויים, וואס עס הייסט ליידען און ער האט געוועהנליך מיטלייד מיט א מענשען, וועלכער ליידעט.

מיר האבען זיך אלזא אזוי פערקוקט אויף דיא קראנקע, אז מיר האבען ניט בעמערקט, וואס עס טהוט זיך ארום אונז. פלוצלונג האט אונזער שיף אציטער געטאהן, גלייך וויא זיא וואלט זיך אנגעשטויסען אן אנ'אנדער שיף און מיר האבען דערהערט א ווילדען, הויכען, אונמענשליכען געשריי פון פיעלע גאָרגלען. דיא צוויא מענער, וועלכע האבען זיך נור וואס געקייקעלט בייא

אונז אויפ'ן דעק און זיינען דאכט זיך געווען אזוי קראנק, זיינען פלוצלונג אויפגעשפרונגען און א געשריי געטאהן:

— הורראַה! מיר האבען זיי!

זעכציג מאן בעוואפענט מיט שווערדען, פיסטאָלעטען, מעסערס און ביקסען זיינען ארויפגעשפרונגען פונ'ם „שוואַרצען אָדלער" אויף אונזער דעק. עטליכע האבען זיך א וואָרף געטאהן אויף קאַפּיטאן סערל און אויף זיינע אָפיציערן, האבען זיי געבונדען דיא הענד און דיא פיס און האבען זיי אנידער געלעגט לעבען מיטעלסטען זעגעלבוים. דיא איבעריגע רויבער האבען זיך געווארפען אויף דיא אלטע און שטארקע מאַטראָזען. ווען זיי האבען געקענט, האבען זיי געבונדען, ווען זיי האבען ניט געקענט, האבען זיי געשטאָכען אדער צושלאגען מיט זייערע ביקסען.

אין איינעם מינוט האט זיך דיא „כוכאַנאַה" געפונען אין זייערע הענד. מיך האט מען ניט געבונדען, ווייל איך האב מיך ניט געשטעלט געגען זיי. איך בין געבליעבען שטעהן אין א ווינקעלע, וויא פערשטיינערט, און האב צוגעקוקט, וואס דא קומט פאָר.

איך האב געזעהן, וויא ענדליך, ווען דאס שיף איז שוין געווען אין זייערע הענד, איז קאַפּיטאן דשאַן האָוק ארויפגעקומען אויף אונזער דעק. ער איז געגאנגען שטאָלץ, מיט'ן קאפ אויפגעהויבען, וויא א גענעראל נאך א געוואונענער שלאכט, און האט בעטראכט דיא „סוסאַנאַה". ווען ער איז צוגעקומען צום מיטעלסטען זעגעלבוים, וואו קאַפּיטאן סערל איז געלעגען א געבונדענער, האט ער איהם א קוק געטאהן אין געזיכט און האט געזאגט מיט א געלעכטער:

— זעהט איהר, קאַפּיטאן סערל, מיין מזל האט עס געמאכט, אז איהר זייט יעצט מיין געפאַנגענער. עס קען זיין, אז אנ'אנדער מאל וועט איהר זעהן, וויא איך הענג אויף אזעגעלבוים, אבער ווען איהר וועט עס דערלעבען, ווען מיינע מענשען וועלען ניט געפינען פאר נעטהיג אייך אריינצווארפען אין וואַסער. — איהר האט עס אויך פערדיענט דער פאר, וואס איהר האט אויפגענומען איינגען מאַן, וועלכער האט אפגערעדט מיט מיר אריינצוטרעטען אויף מיין שיף אלס מאַטראָז.

מיט דיעזע ווערטער איז ער אוועקגעגאנגען ווייטער און איז צוגעקומען צו דעם ווינקעלע, וואו איך בין געזעסען און האב געציטערט פאר שרעק.

— אַהאַ! דוא ביסט עס? האט ער אויסגערופען, ווען ער האט מיך דערזעהן, דוא ביסט ווערטה, איך זאל הייסען דיך בינדען און דיך בעהאַנדלען, וויא דיא איבעריגע. פאר וואס ביסט דוא אנטלאפען פון מיר? — דוא ביכט א דעזערטיר און פערדיענסט א שטראַפע. דוא ביסט אבער נאך זעהר יונג. איך שענק דיר דאס מאל, ווען דוא וועסט שווערן, אז דוא וועסט מיר

זיין געטריי און וועסט פאלגען, וואס איך וועל דיר הייסען.

— איך בין קיין דעזערטיר! האב איך אויסגערופען, איך האב ניט אפגעשלאסען מיט אייך קיין קאָנטראַקט! איך האב געמעגט פאהרען אויף וואס פאר א שיף איך האב געוואלט. איך קען אייך ניט שווערן, אז איך זאל אייך טריי זיין, ווייל איך זעה, אז איהר האט מיט געוואַלד צו גענומען א פרעמדע שיף.

וואו עס האט זיך גענומען צו מיר אזוי פיעל מוטה צורעדען אזוי צו א מענשען, וועלכער האט געקענט יעדע מינוט מיך שטעכען אדער אריינ-ווארפען אין וואסער, ווייס איך אליין ניט. עס איז זעהר מעגליך, אז איך בין געווען אזוי דערשראקען און אזוי צומישט, אז איך האב גאר ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר און וואס איך רעד.

— דוא ביסט א גוטער יונגע, האט געלאכט קאפיטאן דשאָן האָוק, דוא וועסט געהן מיט אונז און וועסט אונז פרעהליך מאכען. דוא וועסט שוין וויסען, ווער איך בין. דוא וועסט זיך שוין געוועהנען צו אונז.

— איך דאנק אייך זעהר, וואס איהר שענקט מיר דאס לעבען, איך קען אבער און וועל אבער ביי אייך ניט בלייבען, האב איך געזאגט פעסט, איך וועל אנט־לויפען פון אייך ביי דער ערשטער, בעסטער געלעגענהייט.

— דאַן וועל איך הייסען דיך צובינדען ביי א פוס, האט קאַפּיטאן דשאָן האָוק געלאכט.

ער האט צוגערופען א הויכען, שטארקען, העסליכען נעגער און האט איהם געזאגט:

— מארק אַנטאָנין, נעהם דיעזען יונגען מאַן און פיהר איהם אראפּ אויף אונזער שיף. היט איהם אפּ, וויא דיינע אויגען אין קאָפּ. עס זאל איהם קיין זאך ניט פעהלען און קיין האָר אויף זיין קאָפּ זאל ניט געקריכט ווערן. האסט דוא געהערט?

— יא, מיין העדר, האט דער נעגער געענטפערט אויף א געבראָכענעם ענגליש.

ער האט מיך אנגענומען ביי דיא הענד און האט מיך געשלעפט מיט זיך. כון וועהרן זיך האט קיין רעדע ניט געקענט זיין, ווייל דער נעגער איז געווען דרייא מאל אזוי שטארק וויא איך.

איך האב געמיינט, אז ער וועט מיך באלד אראפּפיהרען פון דער „סוסאַנאַה", איך האב זעהר געוואלט נעהמען אַבשיעד פונ'ם גוטען קאַפּיטאן סערל.

— מיסטער מארק אַנטאָנין, פיהרט מיך צו צו מיין שיפסקאַפּיטאן, האב איך געבעטען.

— דוא ווילסט נאך בלייבען אויפ'ן שיף? — איך קען עס דיר צוליעב

טאהן, האט דער נעגער געענטפערט, און האט דערביי געעפענט אמויל מיט אפאר רייהען צעהנער, וויא ביי אַ יונגען קראָקאדיל.

איך האב צוואר ניט פערשטאנען, פאר וואס דער נעגער איז אזוי גוט נעגען מיר, איך בין אבער געווען זעהר צופריעדען, וואס ער פיהרט מיך נאך ניט אראפ פון דער „סוסאַנאַה". ער האט מיך צו געפיהרט צום פארנט פונ'ם שיף, דארט וואו דיא פיגור געפינט זיך, און האט מיר געהייסען זיך זעצען אויף אבינטעל שטריק.

— וויא הייסט דוא? האט ער מיך געפרעגט.

— איך הייס ריטשאַרד.

— אלזא, מיסטער ריטשאַרד, זאג איך דיר, אז דוא זאלסט דא זיצען גאנץ רוהיג, אונ זאלסט זיך ניט ריהרען פונ'ם ארט. קיים וועסט דוא אוועק געהן פון דאנען, וועל איך דיר שפאלטען דעם קאפ, וויל איך האב מורא, אז דער קאפיטאן זאל מיר ניט שפאלטען דעם קאפ.

ער האט מיר דערביי געוויעזען אפאר הענד, מיט וועלכע מען וואלט געקענט צושפאלטען דעם קאפ פון אַן אָקס. איך האב געמוזט מיך אניעדער זעצען און צוקוקען, וואס עס קומט פאָר אויף דער „סוסאַנאַה":

איך האב געזעהן, וויא דיא פיראַטען (מעער רויבער הייסען פיראַטען), האבען אנגעהויבען צו זוכען אין אלע קאַיוטען און אין אלע ווינקעלאך, און האבען אַרויפגעטראגען אויפ'ן דעק אלעס, וואס האט נור געהאט אווערטה, און וואס מען האט געקענט לייכט פערקויפען. דעם שיפסקאַפיטאן סערל האט מען צו געלעגט אַגאלדענעם פיסטאָלעט צום שטערן און מען האט איהם געזאגט, ער זאל אוים זאגען וואו עס געפינט זיך זיין געלד. דיא מאטראזען פון דער „סוסאַנאַה" האבען געמוזט ארויסגעבען דיא לעצטע סענטען, וואס זיי האבען געהאט. מען האט זאגאר צוגענומען זייערע קליידער.

דרייא שטונדען נאך אַנאנד האבען דיא פיראַטען געזוכט אין אלע ווינ-קעלעך פון דער „סוסאַנאַה" אונ האבען ארויפגעשלעפט אויפ'ן דעק אלעס, וואס זיי האבען געפונען. דאן האט מען אנגעהויבען צו ווארפען דיא שווערע זאבען פונ'ם דעק פון דער „סוסאַנאַה" אויפ'ן דעק פונ'ם „שווארצען אדלער".

דער נעגער, וועלכער האט מיך געהיט, פלעגט אויך אוועק לויפען אויף אַ פאר מינוט, פלעגט עפעס האפען און פלעגט קומען צוריק זעהן, וואס איך טהו. יעצט האב איך פערשטאנען, פאר וואס ער האט מיך ניט באלד אראפ געפיהרט פון שיף. ער האט אויך געוואלט עפעס רויבען. איך האב געזעהן מיט שטוינען, וויא ער איז איין מאל צוריק געקומען מיט אַ זילבערנער טאשענאוהר.

— וואס וועט איהר טאהן מיט אונזער שיפסקאַפיטאן און מיט אונזערע מאטראזען? האב איך איהם געפרעגט.

— אריין אין וואסער, האט מיר דער נעגער געענטפערט קורץ און שארף.

און דיא „סוסאַנאַה"? האב איך ווייטער געפֿרעגט, וואס ווער איהר טאהן מיט דער „סוסאַנאַה"?

— פֿערברענען, האט דער נעגער געענטפֿערט רוהיג.

ווען דיא פּיראַטען האבען ענדליך צוזאַמען אַלעס, וואס עס האט געהאט פֿאַר זיי אַ ווערטה, אדער וואס עס איז זיי געפֿעלען, האבען זיי זיך פֿערזאַמעלט ארום זייער קאַפּיטאַן אונ האבען זיך בעראטהען מיט איהם איינעגע מינוט. עס איז געווען דייטליך, אז זיי בעראטהען זיך וואס צו טאהן מיט קאַפּיטאַן סערל, מיט זיינע מענשען און זיין שיף. אין איינעגע מינוט ארום איז קאַפּיטאַן דשאַן האָוק צוגעקומען צום געבונדענעם קאַפּיטאַן סערל און האט איהם געזאגט:

— איך האב אייך געווארנט דורך דעם יונגען מאַן, וועלכען איהר האט אפּגעערדט פֿון מיר, איהר זאלט זיך היטען פֿאַר מיר, און זאלט מיך אויס מיידען, וויא איהר ווערט קענען. איך האב פֿיינט צו וואַרנען איינעם אומזיסט. דער יונגע געהערט מיר. איך נעהם איהם צו. אייער צווייטער אפֿיציער וויזט מיר אויס צו זיין אגוטער מאַטראָז, איך נעהם איהם אויך מיט. אייך מיט אייערע מענשען שענק איך דאס לעבען. איהר זייט פֿריי. איך ווארן אייך אבער נאך אמאל, איהר זאלט קיינעם ניט דערצעהלען, וואס היינט איז געשעהן, און זאלט קיין מאל ניט אויפֿטרעטען אלס צייגע (עדות) געגען מיר. ווערט איהר עס טאהן, איז אייער לעבען ניט ווערטה אַן איבער געברענטער שטרוי.

דער אונגליקליכער קאַפּיטאַן סערל האט געשוויגען. ער איז געווען רואינירט. דיא פּיראַטען האבען ביי איהם צוגענומען זיין גאַנצעס פֿערמעגען. ער האט אראפּגעלאָזען דעם קאָפּ אויף דער ברוסט, אונ האט זאגאר ניט געוואלט קוקען אויף דיא רויבער. גאַנץ אנדערש האט זיך בענומען אונזער צווייטער אפֿיציער, דשאָנס. ווען ער האט דערהערט, אז דשאַן האָוק וויל איהם מיט נעהמען מיט זיך, האט ער אנגעהויבען צו שרייען.

— איך וויל ניט געהן מיט דיא רויבער! — טויטעט מיך בעסער אויפֿ'ן אָרט!

ווען ער האט געזעהן, אז דיא פּיראַטען ענטפֿערן איהם ניט, האט ער זיך געווענדעט צו דיא מאַטראָזען פֿון דער „סוסאַנאַה", אונ האט זיי געבעטען, זיי זאלען איהם העלפֿען.

דאס האט איהם אבער ווענינ געהאלפֿען. דיא פּיראַטען האבען איהם אפּגעבונדען דיא פֿיס, האבען איהם געבונדען דיא הענד אויפֿ'ן רוקען אונ האבען איהם געהייסען געהן. ווען ער איז צוגעקומען צום געלענדער פֿון דער „סוסאַנאַה", אונ האט געדארפֿט ארויפֿגעהן אויפֿ'ן דעק פֿונ'ם „שווארצען אדלער", האט ער זיך געווענדעט צו קאַפּיטאַן סערל און צו דיא מאַטראָזען און האט אויסגערופֿען;

— זייט איהר אלע צייגען, אז מען שלעפּט מיך מיט געוואלד אויפֿ'ן „שווארצען אדלער"! איך וויל ניט געהן! איך בין קיין רויבער, קיין פּיראַט!

מען האט איהם אראפגעפיהרט, דאן האט מיין נעגער מיך צוגעפיהרט צום געלענדער. הינטער מיר איז געגאנגען קאפיטאן דשאַן האַוק· ווען ער איז צוגעקומען צום געלענדער, האט ער זיך געווענדעט נאך אמאל צו קאפיטאן סערל און האט איהם געזאגט:

— געדענקט נאך אמאל, קאפיטאן סערל! היט איך פאר מיר! ווען איך וועל האבען עפעס אַן אונאַנגענעהמליכקייט דורך אייך; ווען מען וועט געוואהר ווערן אין ניו אָרלינס, אז איך בין געווען ביי אייך אויפ'ן שיף, זייט איהר אַ פע־לא־ענער מענש.

ער האט זיך דאן געווענדעט צו איינעם פון זיינע רויבער, און האט איהם געזאגט:

— בינד אפ דעם ערשטען אפיציער! לאז ער שטעהן ביים געלענדער און העלפען אונז אראפ נעהמען דיא שטריק, מיט וועלכע אונזער שיף איז צו געבונדען צו דער „סוסאַנאַה".



## 49-טעם קאפיטעל

## מען וויל מיך מאכען פאר אַפּיראט.

איך בין געשטאנען אויפ'ן דעק פונ'ם „שווארצען אדלער", און האב געזעהן, וויא דיא פיראטען האבען אפגעבונדען זייער שיף, וויא זיי האבען ארויפגעשלעפט זייער באָאָט. וויא אונזער ערשטער אפיציער האט אפגעבונדען שיפסקאפיטאן סערל, און אפאר מאטראזען וועלכע האבען דערנאך אפגעבונדען דיא איבעריגע; וויא דיא מאטראזען פון דער „סוסאַנאַה" האבען אנגעהויבען צו מאכען אשט קעל אָרדנונג אויפ'ן דעק, וויא קאפיטאן סערל האט זיך אומגעקוקט, וואס מען האט איהם געלאזען. עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען, און איך האב אויפגעהויבען מיין האנד אום צו זאגען דעם גוטען קאפיטאן: אדיע! ווען דער נעגער מאַרק אַנטאָנין האט מיר געגעבען אזעץ איבער דער האנד.

איך האב געמוזט מיר אוועק קעהרען און ניט קוקען מעהר, וואס עס טהוט זיך אויף דער „סוסאַנאַה". אונטער דעסען האט מען אויפגעצויגען אזעגעל אויפ'ן „שווארצען אדלער" און מיר האבען אנגעהויבען זיך צודערווייטערן פון דער „סוסאַנאַה".

— קים מיט מיר, האט געזאגט צו מיר מיין נעגער.

איך האב געמוזט געהן. ער האט מיך אראפגעפיהרט אין דער קאיוטע פון קאפיטאן דשאַן האַוק, און האט מיך דארט פערשלאסען. איך בין געפאלען אויף אַ בעטעל און האב אנגעהויבען צו וויינען.

דאס האב איך ניט ערווארטעט אין מיין לעבען. איך האב שטענדיג מורא

געהאט פאר פיראטען. איך האב שטענדיג פיינט געהאט פיראטען, און יעצט מוז איך זיין אויף אַ פיראטען שיף.

אזוי וויא איך בין געוועזן זעהר יונג, האב איך אזוי לאנג געוויינט, ביז איך בין אנטשלאפען געווארען. אזוי איז שוין דער יונגער מענש. דיא טרערין בערוהיגען איהם און ערלייכטערן איהם זיינע ליידען. ביי אַן עלטערן מענשען איז עס אנדערש. ער קען ניט וויינען. זיינע שמערצען גראבען אין איהם און פרעסען איהם אויף.

ווען איך בין אויפגעשטאנען, איז שוין געוועזן שפעט. קאַפּיטאַן דשאַן האַוק איז געזעסען ביים טיש און האט געגעסען. ער האט מיך צוגערופען צו זיך, האט זיך מיר געהייסען זעצען לעבען איהם און עסען מיט איהם. דער נעגער כאַרק אַנטאָנין האט אונז בעדיענט. נאכ'ן עסען האב איך געוואלט ארויפגעהן אויפ'ן דעק און זעהן זיך מיט'ן צווייטען אפיציער פון דער „סוסאַנאַה", מיסטער דשאָנס.

— דוא מוזט דערווייל בלייבען ביי מיר אין קאיוטע, האט קאַפּיטאַן דשאַן האַוק מיר געזאגט.

— איהר האלט מיך אלזא געפאנגען?

— איך ווייס ניט, איך וועל זעהן, האט ער געענטפערט און איז ארויסגעגאנגען.

אזוי זיינען פערגאנגען צוויי טעג. קאַפּיטאַן דשאַן האַוק איז געוועזן זעהר גוט און זעהר פריינדליך געגען מיר. ער האט מיר געגעבען טינט, פעדערן און פאַפּיער צום שרייבען. ער האט געזעהן, אז איך לאנגווייליג מיך זעהר איינער אליין אין דער קאַיוטע, און האט מיר געגעבען ביכער צום לעזען. ווען ער פלעגט צייט האבען, פלעגט ער אראפּ קומען און זיך זעצען רעדען מיט מיר.

איך האב באלד איינגזעהן, אז קאַפּיטאַן דשאַן האַוק איז גאר ניט אזוי גראב און אזוי ווילד, וויא איך האב פריהער געדאכט. ער איז געוועזן אַ געבילדעטער מענש. ער האט פיעל געלערנט, פיעל געלעזען, און זעהר פיעל געררייזט אויף דער וועלט.

ער איז געוועזן אגוטער מענשען קענער, און האט געוואוסט וויא אזוי ארויסצוציעהען פון אמענשען זיינע געהיימניסע. איך האב געמוזט איהם דער-צעהלען אלעס, וואס מיט מיר האט פאסירט. פאר וואס איך בין געווארען אַ כאטראז, און װאו איך בין געוועזן. ווען איך האב איהם דערצעהלט, אז אין קוועבעק בין איך געוועזן וויא אשטימער, ווייל איך קען ניט אַ ווארט פראנצייזיש, האט ער זיך ארויסגערופ'ן, אז ער וועט לערנען מיט מיר פראנצייזיש.

ער איז ווירקליך געוועזן אזאנדערבארער מענש. ער האט גערעדט ענגליש, פראנצייזיש, שפאניש, דייטש און נאך עטליכע שפראכען, וויא זיין מוטער-שפראכע. וואס איז אבער געוועזן זיין מוטערשפראכע, האב איך ניט געקענט

ויסען. ער האט עס מיר קיין מאל ניט געזאגט, וויא ער האט מיר קיין מאל ניט געזאגט, וויא ער הייסט, וויא זיין וואהרער נאמען איז.

ער האט מיט מיר געלערנט פראנצייזיש אהן אבוך און אהן אַ מעטהאָדע. ער האט אליין געמאכט אַ מעטהאָדע וויא מיך צו לערנען, און איך מוז צוגעבען, אז זיין מעטהאָדע איז געוועזן אגאנץ גוטע. איך האב אין אקורצע צייט ערלערנט דיא פראנצייזישע שפראכע אזוי וייט, אז איך האב געשריעבען פראנצייזיש שנעל און ריכטיג. ערשט אין עטליכע יאהר ארום בין איך געוואהר געווארען, אז איך קען גוט פראנצייזיש.

— ביזט אגוטער יונגע, לערן זיך אוים פראנצייזיש, וועל איך אנהייבען צו לערנען מיט דיר שפּאַניש, האט מיר אמאל געזאגט קאַפּיטאן דשאַן האַוק.

איך האב וייטער געזעהן, אז ער איז אגוטער שיפסקאַפּיטאן. זיין שיף פלעגט איהם פאלגען, וויא אגוט דרעסירטעס רייטפּערד. עס פלעגט זיך אמאל מאכען, אז עס איז גאר קיין ווינד ניט געווען, און אַן אנדער שיף וואלט געשטאנען אויף איין אָרט, קאַפּיטאן דשאַן האַוק האט אבער געוואוסט וויא אזוי אויסצודרעהן דיא זעגעל און וויא צו טרייבען זיין שיף אהן ווינד.

איך וואלט אייגענטליך געדארפט זיין צופריעדען מיט מיין לאגע. איך האב מיך אבער דאך געפיהלט אונגליקליך. איך בין דאך געווען אַ געפאנגענער. מען פלעגט מיך ארויסלאזען נור אויף אפאר שטונדען אין טאג אויפ'ן דעק, און דאן פלעגט דער נעגער מאַרק אַנטאָנ'ן ניט אפּטרעטען פון מיר אויף א שפּאן. איך האב געמוזט געהן, וואוהין ער האט מיר געהייסען, און האב געמוזט שטעהן, וואו ער האט מיר אָנגעוויעזען.

איך האב געזעהן דעם צווייטען אפיציער פון דער „סוסאַנאַה", מיסטער דשאָנס. ער האט זיך באלד צוגעוואונט צו דיא פּיראַטען, און איז געווארען איינער פון זיי. איך האב געזעהן, וויא ער איז געשטאנען אויף דער וואך איינער אליין, און קיינער האט איהם ניט אפּגעהיט. איך האב געוואלט צו געהן צו איהם, מען האט מיך אבער ניט געלאזען. איך האב אלזא ניט געקענט רעדען מיט איהם.

מען פלעגט מיך לאזען אויפ'ן דעק נור אקורצע צייט, און ווען מען איז געווען וייט פון יעדעם לאנד. איך האב אַ מאל געהערט, וויא מען האט אראפּ געלאזען דעם אנקער און מען איז געבליעבען שטעהן. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז מיר געפינען זיך ערגעץ אין אפּאָרט. איך האב געהערט פיעלע אונבעקאנטע שטימען. מען האט גערעדט שפּאַניש. איך האב מיך געריעסען ארויפצוגעהן אויפ'ן דעק אונ זעהן, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ, מען האט מיך אבער ניט געלאזען. איך בין דיא גאנצע צייט געלעגען פערשלאסען אין מיין קאיוטע.

אפאר מאל האב איך פערשטאנען, אז דער „שווארצער אדלער" יאגט זיך נאך אפרעמדע שיף. איין מאל האב איך זאגאר געהערט, וויא מען האט געשאסען אויפ'ן „שווארצען אדלער", און פונ'ם „שווארצען אדלער" האט מען

אויס געשאסען פון אלע קאנאָנען . פלוצלונג האבען אלע פיראטען איבער מיין קאפ אגעשרייא געטאהן :

— הורראה ! אז דאס גאנצע שיף האט געציטערט .

איך האב דערפון פערשטאנען , אז זיי האבען געטראפען דעם פיינד , און יענעם שיף איז אונטערגעגאנגען . אין אהאלבע שטונדע שפעטער איז קאפּיטאן דשאַן האַיק אראפּגעקומען צו מיר אין קאַיוטע . איך האב פראבירט איהם פרעגען , וואס עס איז געשעהען , און אויף וועמען מען האט געשאסען , ער האט מיר ניט געענטפערט .

ער האט גענומען אבוך און האט זיך פערטיעפט אין איהם . מען וואלט געקענט מיינען , או ער לעזט דאס נאך . איך האב אבער געוואוסט , אז ער לעזט ניט , ער זיצט גלאט אזוי פערטיעפט אין זיינע געדאנקען . — פלוצלונג איז דאס בוך ארויסגעפאלען פון זיינע הענד , אוג ער איז געבליעבען זיצען וויא אפער־שטיינערטער , און האט געקוקט ערגעץ אויף דער וואנד . עס איז געגיען דייטליך , אז ער ווייס יעצט ניט , וואו ער איז , און וואס ער איז .

וואס דיעזער זאנדערבארער מענש האט געטראכט אין דיעזע מינוטען , קען איך ניט וויסען , איך מוז אבער זאגען , אז איך האב אנגעהויבען איהם צו בעדויערן און צו האבען מיטלייד מיט איהם .

איין מאל , ווען ער איז אזוי געזעסען פערטראכט , איז אריינגעלאפען דער נעגער , און האט געזאגט האסטיג : — אשיף קומט אן פון הינטען !

קאפּיטאן דשאַן האַיק האט אציטער געטאהן , איז אויפגעשפרונגען און איז ארויסגעלאפען אויפ׳ן דעק . דער נעגער האט פערשלאסען דיא טהיר הינטער איהם . איך האב געהערט , וויא ער האט קאָמאנדירט , וויא דיא מאטראזען זיינען ארומגעלאפען , וויא דאס שיף האט אנגעהויבען צו געהן שנעלער , און איך האב פערשטאנען , אז דער „שווארצער אדלער" יאגט נאך א שיף .

וואס ווייטער איז געווען האב איך ניט געקענט וויסען . אין מיין קאיוטע זיינען געווען צוויא קיילעכדיגע פענסטער . איין פענסטער אין דאַך פון דער קאיוטע , פון אגרויסער קיילעכדיגער שויב פון גאנץ גראבען גלאז . ווען עס פלעגט זיך עפעס טאהן אויפ׳ן דעק , פלעגט מען ארופּזארען אויף דיעזעס פענסטער אשטיק זעגעל טוך , אדער אבונט שטריק , אום איך זאל ניט קענען זעהן , וואס אויבען טהוט זיך . דאס אנדערע פענסטער איז ארויסגעגאנגען אויפ׳ן מעער . דאס איז געווען א קליין פענסטעריל מיט א שויב פון אלטען גלאז , דורך וועלכען מען האט גאר ניט געקענט זעהן .

איך האב אלזא נור געקענט הערן , וואס עס טהוט זיך ארום מיר , זעהן האב איך ניט געקענט . אין אפאר שטונדען ארום , איז קאַפּיטאן דשאַן האַיק אריינגעקומען אין דער קאַיוטע . ער איז געווען אויפגערעגט פון זיין ארבייט , האט זיך גלייך אניעדער געזעצט לעבען מיר און האט געזאגט :

— איך פערשטעה דיך ניט, ריטשאַרד, וויא קענסט דוא איינזיצען אין דער קאַיוטע, ווען אלע מענשען ארבייטען אויבען?

— וואס זאל איך טאהן, ווען איהר האלט מיך פערשפארט?

— ווער איינער פון אונז, וועל איך דיך לאזען פריי.

איך האב מיך בערעכענט, אז איך זאל איהם אפנארען, איך זאל איהם צו זאגען, אז איך וויל ווערן אַ פיראַט, און וועל בענוצען דיא ערשטע געלעגענהייט צו אנטלויפען.

— ווען איהר ווילט עס, קאַפּיטאַן, וועל איך ארבייטען גלייך מיט אלע מאטראזען, האב איך געזאגט, איך דענק, אז איך פערשטעה שוין אזוי פיעל פון דיא ארבייט אויף אשיף, אז איך קען שוין נוצליך זיין.

— דאס איז נאך וועניג, האט קאַפּיטאַן האַוק געענטפערט, דוא מוזט ווערן אַפּיראַט גלייך מיט אונז.

— וויא קען איך ווערן אַפּיראַט, ווען איהר האלט מיך געפאנגען אין דיעזער קאַיוטע?

— דוא מוזט שווערן, אז דוא וועסט זיין געטריי מיר און דיא גאנצע באנדע; דוא מוזט ווייטער שווערן, אז דוא וועסט אויספאלגען אלע אונזערע געזעצע. ווען דוא וועסט שווערן פאר אלעמען אין דיא אויגען, וועסט דוא זיין פריי, וויא אלע.

— דאס איז אונמעגליך! האב איך אויסגערופען. איך וועל ניט שווערן, אז איך געהער צו אייך. איך וועל ליעבער בלייבען פערשפארט אין דיעזער קאַיוטע, ביז איך וועל שטארבען.

קאַפּיטאַן האַוק האט געקוקט אויף מיר און האט געשוויגען. דאס האט מיר געגעבען מוטה צו רעדען מיט איהם פרייער, און צו בעטען ער זאל מיך אָפּלאזען.

— קאַפּיטאַן האַוק; גלויבט מיר, אז מיט אייך אליין וואלט איך געפאהרען מיט פערגעניגען, האב איך געזאגט, איך קען אייך שוין, און וויים וויא אייך צו שעצען, איך קען אבער ניט ווערן קיין פיראַט. איך בין נאך צו יונג דערצו. לאזט מיך אפ, קאפּיטאַן, און איך וועל אייך שווערן ביי אלעם וואס איז הייליג, אז איך וועל קיינעם ניט אויסזאגען, אז איך בין ביי אייך געווען און מיט וואס איהר בעשעפטיגט זיך.

— מיר גלויבען קיין שבועה פון אמענשען, וועלכער איז ניט אריינגעטרעטען אין אונזער בונד, האט דער קאַפּיטאַן געענטפערט.

ער האט געטראכט אפאר אויגענבליקע, דאן האט ער ווייטער געזאגט:

— עס וועט דיר גאר ניט העלפען, ריטשאַרד, דוא וועסט מוזען אַנטהייל נעהמען אין דער ערשטער אַרבייט, וועלכע מיר וועלען בעקומען. דוא וועסט מוזען מיטהעלפען צו פאנגען דאס ערשטע שיף, וועלכעס מיר וועלען בעגעגענען. איך האב דיך ביז אהער בעשיצט געגען מיין באַנדע, איך קען עס אבער ווייטער

ניט טאהן, זיי פארדערן, דוא זאלסט אריינטרעטען אין אונזער בונד.

— אך, קאַפּיטאן! איך קען עס ניט! האב איך אויסגערופען, איך קען ניט זיין קיין רויבער און מערדער! איך קען ניט!

— איך האב אויך אמאל אזוי געזאגט, האט קאַפּיטאן האָוק געזאגט וויא צו זיך אליין, איך האב אויך אמאל אזוי געטראכט, איך בין אבער אנדערש געוואָרען, איך האב מיך געוואונט צו אלעמען, — איך האב מיך געוואונט צו זאכען, פון וועלכע עס פלעגט מיר אמאל איבערגעהן אפראסט דורכ'ן לייב, ווען איך האב נור געטראכט פון זיי. יעצט טהו איך זיי אליין. — מען געוועהנט זיך צו אלעס אין דער וועלט.

איך האב געזעהן, אז איך קען יעצט רעדען מיט דיעזען זאנדערבארען מענשען, און איך האב מיך ענטשלאסען צו רעדען, וויא פיעל איך וועל קענען.

— ווען איהר אליין ווייסט, אז איהר טהוט שלעכט, פאר וואס זאלט איהר מיך צווינגען, איך זאל עס אויך טאהן? האב איך געפרעגט.

— איך דארף דיך האבען! האט דער קאַפּיטאן אויסגערופען אונגעדולדיג! מיינע אלטע קאַמעראדען זיינען שוין אזוי פערדארבען, אז איך קען זיי ניט טרויען, דוא אבער ביסט נאך יונג, דוא האסט נאך אין זיך מענשליכע גע-פיהלע, דוא פערשטעהסט מיך, און וועסט מיר זיין געטריי, ביז דוא וועסט ווערן פערדארבען גלייך מיט זיי.

— דאן וועט איהר מיך אריינווארפען אין וואסער, האב איך געזאגט.

— ניין! דאן וועל איך דיך אָפּלאזען, ווייל דאן וועסט דוא פאר מיר קיין ווערטה ניט האבען.

איך האב געוואלט עפעס ענטפערן, נאך עפעס רעדען, אין דיעזע מינוט אבער האט דאס שיף אַ ציטער געטאהן. מען האט אויסגעשאסען פון אַ קאַנאָנע. קאַפּיטאן האָוק איז אויפגעשפרונגען און האט מיר געזאגט:

— גענוג רעדען! מיר יאגען זיך יעצט נאך אשיף, וועלכע מיר דענקען, אז זיא פיהרט גאלד, דוא מוזט געהן מיט מיר און העלפען אונז אין אונזער ארבייט.

איך מוז זאגען דיא וואהרהייט, אז וויא איך האב ניט געוואלט ווערן קיין פיראַט, וויא איך האב געציטערט פאר'ן ווארט: רויבער און מערדער, בין איך דאך צופריעדען געוועזן ארויסצוגעהן אויפ'ן דעק און זיין פריי. איך האב שוין ניט געקענט אויסהאלטען דאס זיצען פערשפאַרט אין קאַיוטע גאנץ אליין.

עס איז זעהר מעגליך אז קאַפּיטאן האָוק האט דארויף גערעכענט און האט מיך דער פאר געהאלטען פערשפאַרט אזוי לאנג. ער האט געוואוסט, אז איך וועל עס ניט קענען אויסהאלטען און וועל מוזען אריינטרעטען אין זיין באַנדע.

קאַפּיטאן האָוק האט געעפענט דיא טהיר און האט מיך ארויפגעשלעפט

אויפ'ן דעק. איך האב מיך ענטשלאסען צושטעהן אויפ'ן דעק, צו זעהן אלעס און גאר ניט צו טאהן. איך האב ניט געוואלט מיטהעלפען רויבער און מערדער.

איך בין געשטאנען איינינע צייט און האב מיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. איך האב געזעהן פון דער וויטען דאס שיף, נאך וועלכעם מיר האבען זיך נאכגעיאָגט, איך האב געזעהן, וויא יענעס שיף האט געזוכט צו אנטלויפען און וויא דער „שוואַרצער אָדלער" איז איהר נאכגעלאפען. פלוצלונג האט זיך אויפגעהויבען אווינטעל. קאַפּיטאַן האַוק האט קאָמאַנדירט:

— אלע הענד צו דיא זעגעל! אפלאזען דעם גרויסען זעגעל! — אויפציהען דיא דרייא עקיגע זעגעל!

אלע זיינען געלאפען צו דיא זעגעל און איך בין אויך געלאפען מיט זיי. אין אפאר מינוט ארום בין איך געוועזן אויף א זעגעלבוים, האב געקניפט, געבונדען, געצויגען און געריס'ען גלייך מיט אלעמען. איך קען מיר ביז אויף היינטיגען טאג ניט ערקלערן, פאר וואס איך האב עס געטאהן. קיינער האט מיר ניט געהייסען עפּעס טאהן; קיינער האט מיר ניט געזאגט, איך זאל קריעכען אויפ'ן זעגעלבוים. איך האב ניט געקענט שטעהן לעדיג, ווען אלע אנדערע האבען געארבייט. אויסער דעם בין איך שוין אזוי לאנג געזועסען פערשפארט אין דער קאַיוטע און האב גאר ניט געטאהן, אז איך האב ענדליך געמוזט פארנאנדער נעהמען דיא הענד און טאהן עפּעס.

— הארט דעם רודער! האט קאָמאַנדירט קאַפּיטאַן האַוק.

איך האב דאן געקענט זעהן גאנץ דייטליך דאס פרעמדע שיף.

— וואס פאר א שיף זאל עס זיין? האב איך געפרעגט איים נייגיערדע.

קאַפּיטאַן האַוק האט געהערט מיין פראַגע און האט געענטפערט.

— דאס איז אשפּאַנישעס שיף, וועלכעס פאהרט פון דער רייבער אינזעל קובאַ קיין שפּאַניען:

צום ערשטען מאל, זייט איך האב מיך געפונען אויפ'ן „שוואַרצען אָדלער", האב איך געוואוסט, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ אין דער וועלט. דאס איז געוועזן פאר מיר א טרייסט. איך האב וועניגסטענס געוואוסט, אז איך געפין מיך אין דער געגענד, וואו עס געפינט זיך קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג מיט זיין טאכטער.

איך האב קיין מאל ניט פערגעסען דיא גוטע העלענאַ אַרמסטראָנג. איך פלעג שטענדיג טראכטען פון איהר און מיך רייסען צו איהר. איך בין אבער געוועזן געפאנגען, איך בין געוועזן פערשפאַרט און האב מיך ניט געקענט ריהרען.

מיר זיינען אונטערדעסען צוגעקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער צום פרעמדען שיף. איך האב געזעהן, וויא מען האט ארויפגעצויגען אויף איהר

אלע זעגעל. מען האט פערשטאנען, ווער מיר זיינען און מען האט געוואלט אנטלויפען.

— שנעלער, קינדער! שנעלער! האט קאַפּיטאן האַוק קאָמאַנדירט, מיר וועלען באלד אָניאָגען דעם שפּאַניער, ער פיהרט געווים גאלד פון קובאַ.

קאַפּיטאן האַוק איז געשטאנען אויפ'ן בריקעל מיט זיין ספּעקטיוו אין דער האנד און האט געקוקט אויף דאס שפּאַנישע שיף.

— מאכט פערטיג אלע קאַנאָנען! האט ער קאָמאַנדירט.

— איך זעה גאר קיינע קאַנאָנען אויף יענעם שיף, האט בעמערקט דער ערשטער אָפיציער.

— מען קען גאר ניט וויסען, האט קאַפּיטאן האַוק געענטפערט, עס איז זעהר מעגליך, אז מען בעהאלט דארט דיא קאַנאָנען, מען האט זיי פערדעקט.

אזוי וויא איך האב צום ערשטען מאל אין מיין לעבען אנטהייל גענומען אין א יאַגד פון צווייא שיפען, ווען איינע יאגט נאך דיא אנדערע, האב איך פיעלע זאכען ניט פערשטאנען. עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז דאס שפּאַנישע שיף דרעהט זיך עפּעס אין אלע זייטען. עס איז מיר ווידער געווען א וואונדער, וואס דער שפּאַניער האט ניט ארויפגעצויגען זיין פלאַג.

אזוי וויא איך בין אזוי געשטאנען און האב בעטראכט דיא זאנדערבאַרע סצענע, ריכטיגער געזאגט, דאס זאָנדערבאַרע דראַמאַ, וועלכעס האט זיך אפּגעשפּיעלט פאר מיר, איז מיין געוועזענער צווייטער אָפיציער, מיסטער דשאָנס, ארויפגעקראכען אויפ'ן העכסטען זעגעלבוים און האט בעטראכט דעם שפּאניער. ער איז אבער באלד אראפּגעלאפען, פערסאָפּעט, בלייך וויא קאַלך, און זעהר אונרוהיג. ער איז צוגעלאפען צו קאַפּיטאן האַוק און האט איהם עפּעס געזאגט שטילערהייט.

קאַפּיטאן האַוק האט א לאַך געטאהן און האט קאָמאַנדירט:

— ציעהט ארויף אונזער פלאַג! — גיט איהם א קיצעל מיט א צעהן פונטיגע קוגעל, טרעפט אבער אין זיין מיטעלסטען זעגעלבוים! — מיר וועלען זעהן, וויא ער וועט לאכען.

מיר איז זעהר ניט געפעלען קאַפּיטאן האַוק'ס וויץ, איך האב אבער קיין צייט געהאט פיעל צו טראכטען, ווייל אין דיעזע מינוט האט מען אויפ'ן „שווארצען אָדלער" ארויפגעצויגען א פלאַג, דאס מאל אבער האט מען ניט ארויפגעצויגען דעם שפּאַנישען פלאַג, וויא מען האט געטאהן, ווען מען האט זיך נאכגעיאָגט נאך דער „סוכאַנאַה", זאָנדערן דעם פלאַג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, דיא שטערן מיט דיא ווייסע און רויטע פּאַסען.

אונזערע מענשען האבען זיך געשטעלט ביי דיא קאַנאָנען און האבען געוואלט אויסשיעסען, אדער וויא קאַפּיטאן האַוק האט זיך אויסגעדריקט.

א קיצעל טאהן דעם פרעמדען, איידער אבער זיי האבען צייט געהאט זיך צו צוריהרען צו דיא קאַנאָנען, האבען אויף דעם שפּאַנישען שיף זיך ארויס־גערוקט אכט אייזערנע מיילער, אכט קאַנאָנען האבען אויסגעשאסען און האבען געטראפען אויפ'ן דעק פונ'ם „שוואַרצען אָדלער". צווייא פון אונזערע מענשען זיינען געבליעבען ליעגען טויט אין א טייך פון בלוט, דרייא אנדערע האבען זיך געקייקעלט אויפ'ן דעק און האבען געשריעען און געיאָמערט: זיי זיינען געווען פערוואונדעט.

יעצט האבען מיר שוין געוואוסט, מיט ווען מיר האבען צו טאהן. פאר אונז איז געווען קיין קויפמאַנס שיף, זאָנדערן א קריעגס שיף.

איך האב געציטערט, וויא אין אפיעבער, ווען איך האב געזעהן, וואס עס האט אנגעהויבען זיך צו טאהן אויפ'ן „שוואַרצען אָדלער". דיא פיראַטען האבען אנגעהויבען צו שרייען, צו שילטען, צו זידלען און צו פלוכען מיט אזעלכע ווערטער, וועלכע עס איז אונמעגליך איבערצוגעבען אויף פאפיער.

דיא טויטע האט מען באלד אריינגעווארפען אין וואסער, מען האט זיך זאָגאַר ניט צוגעקוקט, אויב זיי זיינען ווירקליך טויט, אדער זיי לעבען נאך; דיא פערוואונדעטע האט מען אראפּגעשלעפּט אין דיא קאַיוטען, וויא דיא הינט, און מען האט זיי דארט אוועקגעווארפען. קיין דאקטאר און קיין פעלדשער איז ניט געווען אויפ'ן „שוואַרצען אָדלער"; קיינער האט זיך ניט געזארגט פאר דיא פערוואונדעטע; קיינער האט זיך ניט געגעבען דיא מיה צו פערבינדען זייערע וואונדען.

קאַפּיטאַן האַוק איז געווען דער איינציגער מענש אויפ'ן שיף, וועלכער איז געבליעבען רוהיג און קאַלטבלוטיג.

— שיעסט, קינדער! האט ער אויסגערופען, — יעצט איז דיא צייט.

דיא קאַנאָנען פונ'ם „שוואַרצען אָדלער" האבען אויסגעשאסען אלע מיט אמאל. זיי האבען גוט געטראפען. דיא פיראַטען האבען אנגעהויבען צו שרייען:

— הורראַה! מיר וועלען דיר ווייזען, וויא זיך צו שטעלען געגען „שוואַרצען אָדלער"!

איך האב געזעהן, וויא דער אויבערשטער טהייל פון דעם מיטעלסטען זעגעלבוים אויפ'ן פרעמדען שיף איז אראפּגעפאלען אויפ'ן דעק. אשווערע קוגעל פונ'ם „שוואַרצען אָדלער" האט איהם געטראפען פונקט אין דעם ארט, וואו עס האט זיך געענדיגט דער ערשטער קלאָץ און עס האט זיך אנגעהויבען דער אנדערער.

ווער עס האט אמאל געזעהן א שיף און האט בעטראכט אזעגעלבוים, דער האט געוויס בעמערקט, אז א זעגעלבוים בעשטעהט ניט פון איין קלאָץ, זאָנדערן פון דרייא קלעצער, איינער גרעבער פונ'ם אנדערן. זיי זיינען צו־

געשמידט איינער צום אנדערן מיט גראָבע אייזערנע רייפען. ווען מען ציעלט גוט און מען טרעפט אין דעם ארט, וואוביידע קלעצער זיינען צוזאמען געשמידט, קען מען זעהר לייכט אפברעכען דעם אויבערשטען טהייל.

דאס האט יעצט פאסירט אויף דעם קריעגס שיף, וועלכעס איז יעצט געשטאנען געגען אונז. דער אויבערשטער קלאָץ פונ׳ם זעגעלבוים איז אראפגעפאלען אויפ׳ן דעק און האט אנגעמאכט אחורבן צווישען דיא מאַטראָזען און סאָלדאַטען פונ׳ם שיף. מיר האבען געהערט, וויא מען האט געשריעען און נעיאָמערט אויפ׳ן דעק פונ׳ם קריעגס שיף.

— נאך אמאל, קינדער! האט קאַפּיטאַן האַוק קאָמאַנדירט. יעצט ציעלט אויפ׳ן פאָקמאַסט, דער זעגעלבוים פון פארנט.

דיא קאַנאָנען פונ׳ם „שוואַרצען אָדלער" האבען נאך אמאל אויסגעשאָסען. דאס מאל האבען זיי געטראפען אין דיא שטריקלייטער פונ׳ם פאָרדערסט זעגעלבוים.

— יעצט, קינדער, אויסגעדרעהט און אנטלאפען! האט ווייטער קאָמאַנדירט קאַפּיטאַן האַוק.

ער האט זיך אליין געשטעלט ביים רעדעל און האט אנגעהויבען צו קערעווען דאס שיף. איך האב פריהער שוין דערצעהלט, אז קאפּיטאַן האַוק איז געווען אפאָרטרעפליכער מאַטראָז. דאס שיף האט איהם געפאלגט, וויא א גוט דרעסירטעס פערד פאלגט זיין רייטער.

דאס קריעגס שיף האט נאך אמאל אויכגעשאסען אלע זיינע קאַנאָנען, זיי האבען אבער אונז ניט געטראפען. קאַפּיטאַן האַוק האט אזוי אויסגעדרעהט זיין שיף, אז דיא קוגעלן פונ׳ם קריעגס שיף זיינען איבערגעפלויגען אן אזייט.

דער קאַפּיטאַן פונ׳ם קריעגס שיף האט פערשטאנען דיא קלוגע מאַנעווערע פון קאַפּיטאַן האַוק און האט אויסגעדרעהט זיין קריעגס שיף מיט דיא קאַנאָנען. ער האט נאך אמאל אויסגעשאָסען זיינע קאַנאָנען, אבער נור איין קוגעל האט געטראפען דעם פאָרקאַסל — אשטוב אין פראָנט פונ׳ם שיף. איין מאן וועלכער איז גראַדע געשטאנען לעבען פאָרקאַסל, איז געפאלען טויט.

קאַפּיטאַן האַוק האט זיך ניט אומגעקוקט און האט ווייטער געדרעהט און געקערעוועט זיין שיף. דער קאפּיטאַן פונ׳ם קריעגס שיף האט אויסגעשאָסען צום פיערטען מאל, ער האט אבער ווידער ניט געטראפען. מיר איז פאָרגעקומען, אז ביידע שיפען שפּיעלען זיך אין בלינזעקייט, ווען מען פערבינדעט איינעם דיא אויגען און מען הייסט איהם חאפּען ועמען.

צום גליק פאר קאַפּיטאַן האַוק, איז דער ווינט געווארען שטארקער און דער לייכטער און פלינקער „שוואַרצער אָדלער" האט זיך לייכטער געקענט ראַטירען פון דעם שווערן קריעגס שיף. קאפּיטאַן האַוק האט בענוצט יעדעס

שטיקעלע זעגעל און יעדעם ביסעלע ווינט אום צו אנטלויפען פון זיין פיינד.

איך בין געשטאנען לעבען דער קאַיוטע. דער נעגער מאַרק אַנטאָניו איז געשטאנען לעבען מיר.

— נון, מיסטער, וויא געפעלט אייך אונזער שיף? האט דער נעגער מיך געפרעגט.

איך האב איהם ניט געענטפערט. איך האב איהם פיינט געהאט און האב איהם ניט געקענט אנקוקען פון דער ערשטער מינוט, וואס איך האב איהם געזעהן.

— ווען יענעם שיף ווערט אונז חאפען, וועט מען אונז אלע אויפ־הענגען, האט דער נעגער ווייטער געזאגט, וויא געפעלט עס אייך? איז עס געשמאַק צו הענגען אויף א זעגעלבוים?

— איך וויל געוויס ניט, אז מען זאל אויפהענגען דיא מענשען, וועלכע זיינען געווען גוט און פריינדליך געגען מיר, האב איך געענטפערט.

— וואס וועט איהר דאן זאגען, ווען מען זאל אייך אויפהענגען? האט ווייטער געפרעגט דער נעגער און האט געלאכט דאס גרעסטע געלעכטער.

— איך ווייס ניט, פאר וואס מען זאל הייס'ן מיך אויפהענגען. איך געהער ניט צו דיא מענשען פון דעם „שוואַרצען אָדלער", איך בין דא א געפאַנגענער.

— האַ! האַ! האַ! האט געלאכט דער נעגער, דוא ביסט א גע־פאַנגענער? ווער האט ערשט ניט לאנג געהאלפען אויפציעהען דיא זעגעל און אויסגלייכען דיא שטריקלייטער? — איך האב עס דאך אליין געזעהן. ווען מען וועט אונז חאפען און מען וועט אונז שטעלען פאר א געריכט, וועל איך שווערן, אז דוא האסט אונז געהאלפען.

עס איז געווען דייטליך, אז קאפיטאן האַוק האט אנגעשטעלט דעם נעגער, ער זאל מיך רייצען און זאל מיך צווינגען אריינצוטרעטען אין זייער בונד. פון דעסטוועגען האב איך מיך פערטראכט. איך האב גוט געוואוסט פונ'ם אלטען שפריכוואָרט: „מיט געפאַנגען, מיט געהאַנגען", ווען מען חאפט איינעם מיט א מערדער, הענגט מען איהם צוזאמען מיט'ן מערדער. ווען דאס קריעגס שיף זאל אונז געווען חאפען, וואלט מען מיך אויפגעהאנגען גלייך מיט אלע. קיינער וואלט מיר ניט געגלויבט, אז איך בין א געפאַנגענער אויפ'ן „שוואַרצען אָדלער", ווייל אלס געפאַנגענער וואלט איך געדארפט זיין הער־שפאַרט, אדער זיין געשמידט אין קייטען.

דאס קריעגס שיף האט נאך אמאל אויסגעשאָסען אויף אונז, האט אבער ווידער ניט געטראפען, ווייל קאפיטאן האַוק האט שוין אוועקגע־טריעבען זיין שיף אזוי ווייט, אז דיא קוגעלן פון דיא קאַנאָנען האבען אונז שוין

ניט דערגרייכט. מיר האבען געענטפערט אויף דער זעלבער שפראכע: מיר האבען אויך אויכגעשאָסען און האבען אויך ניט געטראפפען.

דיא זון האט אנגעהויבען אונטערצוגעהן, עס איז געווארען דונקעלער און דונקעלער. איך האב ענדליך מעהר ניט געזעהן דאס קריעגס שיף.

## 20-טעם קאפיטעל

## דאס בעהעלטניש פון דיא רויבער.

מיר זיינען אלע געוועזען זעהר מיעד פון דער שווערער ארבייט פון אגאנצען טאג. עס איז וואהר, אז איך האב געארבייטעט וועניגער פון אלעמען, איך האב אבער איבערגעליטען דיעזען טאג מעהר פון אלעמען, ווייל איך האב צום ערשטען מאל אין מיין לעבען געזעהן אזא סצענע; צום ערשטען מאל אין מיין לעבען האב איך געזעהן, וויא מענשען ווערן געטייטעט פון אקוגעל; צום ערשטען מאל אין מיין לעבען האב איך געזעהן, וויא אפריישער און געזונדער מענש פאלט אניעדער און שטארבט; צום ערשטען מאל אין מיין לעבען האב איך געזעהן מענשען בלוט, פרישעס, ווארעמעס מענשענבלוט, וועלכעס גיעסט זיך ארויס פונ'ם הארצען צוזאמען מיט'ן לעבען.

איך בין געוועזען אזוי אויפגערעגט, אזוי אונרוהיג און אזוי צומישט, אז איך האב דיעזען אבענד ניט געקענט נעהמען אביסען אין מויל און בין אנידערגעפאלען אויף מיין געלעגער, וויא אדערהרגעטער. איך האב געמיינט, אז איך וועל באלד אנטשלאפען ווערן און איך בין אויך זעהר גיך אנטשלאפען געווארען, איך האב מיך אבער באלד אויפגעהאפט מיט שרעק. עס האט זיך מיר געחלומט, אז מען האט אונז געהאפט און מען האט אונז אלע פעראורטהיילט צום הענגען.

איך בין אויפגעשפרונגען און האב מיך אומגעקוקט: אין דער קאַיוטע איז אלעס געוועזען שטיל און רוהיג. איך האב מיך צוריק געלעגט און בין ווידער אנטשלאפען געווארען, עס האט זיך מיר ווידער געחלומט, אז איך שטעה לעבען זעגעלבוים און צוויא שטארקע מענער האבען מיר ארויפגעלעגט א שטריק אויפ'ן האלז.

— ציהט איהם ארויף! האט געשריען אדריטער.

דער שטריק האט זיך צוזאמענגעצויגען ארום מיין האלז „איך האב אנגעהויבען מיך צו ווארגען און איך האב מיך אויפגעהאפט. אויף מיין געזיכט זיינען געשטאנען גרויסע טראָפּענס שווייס און איך האב געאָטהעמט זעהר שווער

איך האב מורא געהאט מיך צוריק צו לעגען און בין צו געגאנגען צו דער טהיר פון מיין קאַיוטע. זיא איז ניט געוועזן פערשלאסען. דאס איז ביי מיר געוועזן אנייעס, וויל ביז אהער פלעגט זיא שטענדיג זיין פערשלאסען ביי נאכט. איך בין ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק און האב אנגעהויבען איינצו־אטהעמען דיא פרישע, ריינע און געזונדע מעער לופט.

איך האב מיך געפיהלט דערפרישט, און האב אנגעהויבען זיך ארומצוקוקען אין אלע זייטען. איך האב געזוכט דאס קריעגס שיף, און איך בין געוועזן העכסט צופריעדען, וואס איך האב זיא אין ערגעץ ניט געזעהן. איך האב מורא געהאט, אז מיין חלום זאל ניט מקוים ווערן. איך האב אנגעהויבען צו ציטערן פאר מיין לעבען. דאס שפריכווארט: „מיט געפאנגען, מיט געהאנגען", איז מיר ניט ארויס פון קאפ.

איך בין צוגעגאנגען צום קאַטפּאַס אונ האב געזעהן, אז דער „שווארצער אָדלער" געהט קיין ווענסטען (מעריב זייט). איך האב צוואר ניט געוואוסט, וואוהין מיר פאהרען, איך בין אבער געוועזן צופריעדען, ווען איך האב געזעהן, אז מיר פאהרען זעהר שנעל. אלע זעגעל פון שיף זיינען געוועזן אויפגעצויגען, און אַ געשמאקער ווינטעלע האט געטריעבען דעם „שווארצען אדלער" אויף דיא רוהיגע וואסערן פונ'ם וועלט מעער.

איך בין געשטאנען אויפ'ן דעק פונ'ם שיף ביז עס איז טאג געווארען, דאן ערשט בין איך אראפגעגאנגען אין מיין קאיוטע אונ האב מיך צוגעלעגט. מיינע נערוועז האבען זיך אזוי ווייט בערוהיגט, אז איך בין באלד אנטשלאפען געווארען, און בין געשלאפען ביז מיטאג. דער נעגער האט מיך אויפגעוועקט צום מיטאג עסען.

איך האב געגעסען מיטאג מיט קאַפּיטאן האַוק, וויא עס פלעגט זיין ביז אהער. ער איז געוועזן שטיל און רוהיג, וויא געוועהנליך. ער האט אבער היינט מיט מיר ניט געלערנט, און האט זעהר ווייניג צו מיר גערעדט. מיר האט זיך זאגאר אויסגעוויזען, אז ער איז עפּעס טרויעריג. איך האב אבער ניט געוואַגט איהם צו פרעגען, וואס עס איז מיט איהם.

נאכ'ן עסען איז ער באלד אוועקגעגאנגען און האט געלאזען אָפען דיא טהיר פון דער קאַיוטע. עס איז געוועזן דייטליך, אז ער ערלויבט מיר ארומ־צוגעהן אויפ'ן דעק פונ'ם שיף. איך האב בענוצט דיעזע פרייהייט און בין ארויפגעגאנגען.

עס איז געוועזן אשעהנער הייסער טאג, וויא עס איז געוועהנליך אין יענע הייסע געגענדען. דער הימעל איז געוועזן קלאר און בלוי, דאס מעער איז געוועזן גלאט, וויא אשפּיעגעל. דער „שווארצער אָדלער" איז געגאנגען לאנגזאם, און איך האב געקענט זעהן גאנץ ווייט. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז איך זעה פון דער ווייטען אַ וואָלקען.

— וואס איז דאס דארט? האב איך געפרעגט איינעם פון די מאַט־ראָזען, וועלען מיר האבען אַ שטורם?

— דוא ביסט אַ „גרינהארן"! האט דער פיראַט אויף מיר אנגעשרייא געטאהן, — דאס איז קיין וואלקען, דאס איז לאנד!

איך האב מיך פערשעהמט און האב שוין מעהר ניט געפרעגט. איך ג'יז געוועזן העכסט צופריעדען, וואס מיר פאהרען צו אפאָרט.

— דארט וועל איך פיעלייכט געפינען אַ געלעגענהייט צו אנטלויפען, האב איך מיר געטראכט.

איך בין מעהר ניט אראפגעגאנגען אין דער קאיוטע. איך בין געגאנגען אויפ'ן דעק און האב ניט אראפגעלאזען קיין אויג פון דעם לאנד, וועלכעס איז געווארען אלע מאל דייטליכער און דייטליכער.

געגען פיער אוהר פאר נאכט האב איך דערזעהן, אז מיר פאהרען צו עטליכע אינזלען, וועלכע ליעגען גאנץ נאהענט איינע לעבען דער אנדערער. צווישען איין אינזעל און דער אנדערער, האט זיך געפונען אַ שמאלער קאַנאל.

קאַפּיטאן האָוק איז צוגעקומען צום רעדעל און האט אליין אנגעהויבען צו קירעווען דאס שיף. איך האב אנפאנגס ניט פערשטאנען, פאר וואס ער האט עס געטאהן, באלד אבער האב איך געזעהן אז אין ערטער זיינען די קאַנאלען געווען אזוי ענג און אזוי געפעהרליך, אז נור אגאנץ גוטער שיפסקאַפּיטאן, וועלכער איז גוט בעקאנט מיט דער געגענד, קען פיהרען אשיף דורך אזעלכע געפעהרליכע וואסערן.

די אינזלען זיינען מייסטענס בעשטאנען פון קאָראַלען. אייניגע זיינען געווען בעוואקסען מיט וועלדער פון קאָקאָס ניס, און פון פּאַלמען, אנדערע אבער זיינען געווען גאנץ נאקעט. עס האבען ארויסגעשטעקט גרויסע שארפע שטיינער.

די קאָראַלען, אדער קאַרעלען, זיינען די וואוינונגען פון אגאנץ קליינעס טהיער, אקליין ווערימעל, וועלכעס בויט זיך אוים אהויז פון אהאַרטען שטיין. אין דעם אָרט, וואו זיי געפינען זיך, ארבייטען מיליאנען־מילליאַרדען פון דיעזע קליינע ווערעמלעך. זיי הייבען אָן צו בויען זייערע הייזער אויפ'ן גרונד פונ'ם מעער, און בויען דארט אוים אַ קיילעכדיגע וואנט, דאן שטארבען זיי און זייערע קינדער בויען ווייטער, זיי לעגען ארויף אצווייטע רייהע (שורה) ציגעל צו דער גרויסער וואנד. אזוי ארבייטען זיי אוועק יאהרען לאנג, ביז זיי קומען ארויס פונ'ם וואסער. פון זייער געביידע ווערדט אַן אינזעל.

די רויטע קאָראַלען, אדער די טהייערע קאַרעלען זיינען זעהר זעלטען, דערפאר קאָסטען זיי אזוי טהייער. די קאָראַלען אבער, וועלכע מאכען אינזעלן, זיינען גאנץ געוועהנליכע ווייסע, אדער שמוציג ווייסע, שארפע אין שפּיציגע שטיינער, וועלכע שטעקען ארויס פון וואסער. זיי זיינען זעהר געפעהרליך פאר שיפען, ווייל זיי זיינען זייער האַרט, און אָפט זעהר שארף און שפּיציג

איך האב געזעהן, וויא קאַפּיטאַן האַוק האט געדרעהט און געקירעוועט זיין שיף צווישען דיא אינזלען, ביז ער האט זיא ענדליך אריינגעפיהרט אין אגאנץ שמאלען קאַנאַל. פון ביידע זייטען פון דיעזען קאַנאַל האבען זיך אויפגעהויבען בערגלעך, בעוואקסען מיט הויכע בוימער און מיט אלערליי בלומען און גראזען.

איך האב געזעהן דייטליך, וויא דאס וואסער פליעסט פון לאנד צום מעער, און איך האב פערשטאנען, אז מיר זיינען אריינגעפאהרען אין אטייך. קאַפּיטאַן האַוק האט געמוזט אפּשטעלען זיין שיף, און אראָפּלאזען דיא באָאָטע. דאן האט ער געהייסען עטליכע מאַטראזען אראפּגעהן אין דיא באָאָטע און שלעפּען דאס שיף ארויף וואסער.

— דוא וועסט אויך געהן מיט זיי, האט ער צו מיר געזאגט.

איך האב איהם געפאלגט און האב מיטגעהאלפען שלעפען דעם „שווארצען אדלער„ געגען וואסער, איך האב עס בעטראכט אלס געוועהנליכע ארבייט, וועלכע געהער זיך ניט אן מיט רויבעריי, און איך האב געטאהן אלעס, וואס איך האב געקענט.

דאס האט געדויערט געגען אשטונדע. מיר האבען אריינגעשלעפּט דאס שיף אין אקליינע בוכטע, וועלכע איז געווען בעוואקסען פון אלע זייטען מיט הויכע בוימער, וועלכע האבען פערשטעלט דאס שיף פון אלע זייטען, ווען אפרעמדעס שיף זאל זאגאר געוועזן אנקומען, וואלט זיא אויף קיין פאל ניט געקענט זעהן דעם „שווארצען אדלער“.

אלע זיינען אראפּגעגאנגען פון שיף אויף דעם לאנד. מען האט צו לעגט אגרויס פייער און מען האט אנגעהויבען צו קאכען עסען. דיא רויבער האבען זיך געפיהלט אזוי זיכער אין דיעזען שטילען פערבארגענעם אָרט, אז זיי האבען אנגעהויבען צו עסען, טרינקען, זינגען, שפּיעלען, און זאגאר טאנצען.

איך האב געטראכט פון אנטלויפען, אין דער פינסטער אבער איז עס געווען אונמעגליך. איך האב געמוזטווארטען ביז מארגען. דער מארגען איז ענדליך געקומען. איך האב מיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, און האב געזעהן אז מיר געפינען זיך ווירקליך אויף אַן אינזעל. ארום אונז איז וואסער, פון אנטלויפען האט אלזא קיין רעדע ניט געקענט זיין.

קאַפּיטאַן האַוק האט געפונען, אז זיין שיף איז שטארק בעשעדיגט. דיא קוגעלן פונ'ם קריעגס שיף האבען דאך געטראפען און האבען אין אפּאר ערטער צו לעכערט דאס שיף איבער דער וואסער ליניע. מען האט געמוזט רעפארירען דאס שיף, דערצו האט מען געמוזט זיא אויס לאָדען.

ערשט יעצט האב איך אנגעהויבען מיך צו בעקענען מיט דעם לעבען פון דיא פיראטען. איך האב געזעהן, וויא מען האט גענומען גאלדענע און זילבערנע כלים און מען האט זיי צו שמאלצען אויף גאלד און זילבער. פיעלע זאכען, וועלכע האבען געהאט אויף זיך אשטעמפעל אדער אמארקע, נאך וועלכער

מען וואלט געקענט זיי דערקענען, האט מען איבער געמאכט . מען האט אראפ־גענומען דעם שטעמפעל און מען האט ארויפגעלעגט אַן אנדערן .

פיעלע זאכען האט מען בעהאלטען אין אהייל, וועלכע איז געווען פער־וואקסען, מיט ביימלעך און מיט גראזען . קורץ, דיעזע אינזעל איז געווען דער מאַגאזין, דער וואַרען לאגער פון דיא פיראַטען . דא פלעגען זיי האלטען דיא אנגערויבטע זאכען, ביז זיי האבען געפונען אַן ארט, וואו זיי צו פערקויפען .

איך האב זעהר געוואלט געהן אביסעל וויטער אין וואלד זעהן, וואו זיי האלטען זייערע זאכען, און וואס עס געפינט זיך נאך אויף דער אינזעל, מען פלעגט מיך אבער ניט לאזען אוועקגעהן וויט פונ׳ם שיף . דער נעגער, מאַרק אַנטאָניו, פלעגט שטענדיג מיר נאכגעהן, און ווען איך פלעג וועלען געהן אביסעל וויטער, פלעגט ער מיר זאגען :

— דער קאַפיטאַן רופט דיך .

מיר האבען פערבראכט אכט טעג אויף דיעזער אינזעל . דיעזע גאנצע צייט האב איך געאַ־בייטעט גלייך מיט אלע איבעריגע . איך האב מיך שוין איבערציינט, אז פון דיעזער אינזעל איז מיר אונמעגליך צו אנטלויפען, און איך האב מיך בעמיהט צו ווייזען קאַפיטאַן האַוק, אז איך בין קיין לעדיג געהער, און וויל ניט עסען קיין ברויט אומזיסט .

איך האב גערעכענט, אז דיא פיראַטען זיינען אזוי זיכער אויף דיעזער אינזעל, אז זיי האבען זאגאר ניט אויסגעשטעלט קיין וואכען, און איך בין געווען זיכער, אז מיר געפינען זיך ערגעץ גאנץ וויט פון דעם וועג, וואו עס געהען שיפען אין יענע געגענדען . איך האב מיך באלד איבערציינט, אז איך האב אַ טעות געהאט .

## 21-טעם קאפיטעל

## איך זעה ווידער קאַפיטאַן אַרמסטראָנג און זיין טאכטער העלענאַ .

איין טאג, ווען מיר האבען אלע געארבייטעט אויפ׳ן שיף, איז האסטיג געקומען אַ גאנץ לייכטעס באָאָט מיט צוויא פון אונזערע מאטראזען און האבען אויסגערופען :

— עס קומט אן א שווער געלאדענעס שיף !

— וואו איז זיא ? האט קאַפיטאַן האַוק געפרעגט .

— פינף ביז זעקס מייל וויט פון דאנען .

— איז זיא בעוואפענט ?

— מיר דאכט , אז ניט . מיר ווילען זעהר לייכט ויא פאנגען , זיא ווייזט אוים צו זיין פון אַ וויטער געגענד .

קאַפּיטאן האוק האט געהייסען אלעמען אוועקלעגען דיא ארבייט , אָנ־גרייטען אלע באָאָטע , אָנגלעגען אין זיי ביקסען , פולווער , בליי , און אנדערע וואפען , וויא אויך פראָוויאַנט און וואסער . מען האט באלד אויסגעפאלגט זיינע בעפעהלע .

איך האב געזעהן , וויא דיא פּיראַטען זיינען לעבעדיג געווארען , וויא יעדער האט זיך געאיילט , וויא יעדער האט זיך געפרעהט , וויא יעדער האט זיך געריסען ארייצוקומען אין אַ באָאָט , אונ עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען . איך האב דאך געוואוסט , אז זיי ווילען אָנפאלען אויף א שיף , ווילען טייטען דעם קאַפּיטאַן און דיא מאטראָזען , און ווילען צו נעהמען אלעס , וואס זיי ווילען אויף איהר געפינען .

איך האב גערעכענט , אז קאַפּיטאן האוק וועט אליין קאמאנדירען זיין באַנדע , וויא גרוים איז אבער געווען מיין שטוינען , ווען איך האב געזעהן , אז ער האט געהייסען מיין געוועזענעם צווייטען אפיציער , מיסטער דשאָנס , ער זאל קאמאנדירען דיא באנדע . מיר איז פארגעקומען , אז מיסטער דשאָנס איז שוין לאנג בעקאנט מיט קאַפּיטאן האוק , און ער האט עס איבערגעגעבען דיא „סוכאַנאַה" מיט'ן אונגליקליכען קאַפּיטאן סערל אין דיא הענד פון דיא פּיראַטען .

איך האב אבער קיין צייט געהאט פיעל צו טראכטען , ווייל אין דיזע מינוט האב איך דערהערט קאַפּיטאן האוק'ס שטימע :

— ריטשאַרד , דוא געהסט אויך מיט זיי .

איך האב אַציטער געטאהן און האב געוואלט זאגען , אז איך וויל ניט געהן רויבען און מארדען , קוים אבער האב איך געעפענט דאס מויל און האב געוואלט רעדען אַ ווארט , האט מיך דער נעגער מאַרק אַנטאָנין אנגעחאפּט ביי דער פלייצע , און האט מיך ארייגעווארפען אין איינעם פון דיא באָאָטע . איך האב געזעהן , וויא עס הייבען זיך אויף הענד מיט מעסערס געגען מיר , און איך האב געמוזט זיצען שטיל .

אין גאנצען זיינען געווען דרייא באָאָטע . איינס אגרויסע , און צווייא קלענערע . דשאָנס איז געזעסען אין גרויסען באָאָט , און איך בין געזעסען אין איינעם פון דיא קליינערע . לעבען מיר איז געזעסען דער אבשייליכער נעגער . איך ווייס ניט , מיט וויפיעל ער איז געווען ערגער פון דיא איבעריגע , איך האב איהם אבער ניט געקענט אנקוקען פון דער ערשטער מינוט , ווען איך האב איהם דערזעהן .

מיר זיינען שטילערהייד ארויסגעפאהרען פון דיא אינזעלען . איך האב געזעהן , אז מיר פאהרען ניט אויף דעם וועג , אויף וועלכען מיר זיינען געקומען . מיר זיינען יעצט געפאהרען אויף אקורצערן וועג , און זיינען באלד ארויסגעקומען

אין מער. קוים זיינען מיר געוועזן אין פרייען מער, האט דשאָנס געהייסען אונזער באָאָט פאהרען פאראויס און אויסשפּיאָנירען, וואוהין דאס פרעמדע שיף געהט, וויפיעל מענשען עס געפינען זיך אויף איהר, און וואס פאר א שיף דאס איז.

— ווען איהר וועט זיך איבערצייגען, אז מיר זיינען גענוג שטארק אָנ-צופאלען אויף איהר, זאלט איהר אונז גיבען אצייכען, און מיר וועלען אלע מיט אמאל צו פאהרען צו איהר און וועלען אנפאלען אויף איהר פון דרייא זייטען, האט דשאָנס געזאגט צו אונז.

דאס באָאָט, אין וועלכען איך בין געזעסען, איז אלזא געפאהרען פאָר-אויס שפּיאָנירען, איך האב גאר ניט געקענט העלפען, און בין געזעסען רוהיג אויף מיין ארט. מיר זיינען אוועקגעפאהרען געגען אהאלבע מייל, און איך האב געקענט דייטליך זעהן דאס פרעמדע שיף. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז זיא איז מיר בעקאַנט, אז איך האב זיא אמאל געזעהן. — וואו אבער? — דאס האב איך אין דיא ערשטע עטליכע מינוט ניט געקענט מיך דערמאנען.

מיר האבען געזעהן, אז דאס שיף זיצט טיעף אין וואסער, אצייכען, אז זיא איז פול אָנגעלאדען, און זיא געהט זעהר לאנגזאם. עס איז געווען דייטליך, אז דאס שיף וויל צו געהן צו דיא אינזעלען. אויפ'ן דעק זיינען געווען נור פיער-פינף מאטראזען, קיינער פון זייא האט ניט געדענקט, אין וואס פאר אַ שרעקליכער געפאהר זיי געפינען זיך. זיי זיינען געווען זיכער, אז זיי געפינען זיך וויט פון מענשען, בעזאנדערס וויט אבער פון שלעכטע מענשען.

דער מאן, וועלכער האט קאָמאנדירט דאס באָאָט, אין וועלכען מיר זיינען געזעסען, האט געגעבען אַ צייכען: ער האט אויפגעצויגען אַ קליינע רויטע פאהן. אלע דרייא באָאָטע האבען אנגעהויבען צו רודערן צום שיף. פלוצלונג האט אַ מאטראז אויפ'ן שיף אונז דערזעהן, און האט עס געמעלדעט דעם שיפסקאַפּיטאן. איך האב געזעהן, וויא מען האט אויסגעשטעלט ספּעקטיווען, און מען האט געקוקט אויף אונז, מען האט זיך אבער ניט דערשראקען פאר אינז. מען האט געמיינט, אז מיר זיינען אונגליקליכע מענשען פון אַן אונטערגעגאנגענעם שיף. מיר האבען זיך געערעטעט אויף באָאָטע.

ווען איך בין צוגעקומען נעהנטער, האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז דאס איז דיא „סאַנקט העלענא". אַ קאלטער פראסט איז מיר איבערגעגאנגען איבערן לייב, און איך האב געוואלט אריינשפרינגען אין וואסער. דער נעגער, מאַרק אַנטאָנין, האט עס בעמערקט, און האט מיך אנגעכאפּט ביי דיא פּלייצעס.

— וואס איז מיט אייך, מיסטער ריטשאַרד? האט ער מיך געפרעגט, איהר האט מורא מען זאל אייך ניט טייטען? — ארויבער דארף זיין דארויף געפאסט. ער מוז יענעם טייטען, אדער אליין געטייטעט ווערן. — קום! דוא מוזט זיין דער ערשטער אויפ'ן דעק!

אונזערע באָאָטע זיינען האסטיג צוגעקומען צום שיף, און האבען אריינגעשטאכען זייערע לאנגע און שארפע הוקען אין דיא ווענט פונ'ם שיף. אין אמינוט ארום זיינען אלע געווען אויפ'ן דעק.

דער שיפסקאַפּיטאן און דיא מאטראזען פונ'ם שיף האבען ענדליך אָנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס פאר אַ סארט מענשען זיי האבען פאר זיך. דער שיפסקאַפּיטאן האט קאַמאנדירט:

— האפּט ארויס אייערע מעסערס! דאס זיינען פּיראַטען!

עס איז שוין אבער געווען צו שפעט. מיר זיינען אנגעפאלען אויפ'ן שיף פון דרייא זייטען. דיא מאַטראזען פונ'ם שיף האבען אליין ניט געוואוסט, אין וועלכע זייט פריהער צו לויפען, און וואס פריהער צו טאהן. זיי זיינען געווען אזוי צומישט, און אזוי דערשראקען, אז איניגע זיינען געבליעבען שטעהן וויא דיא קלעצער, און האבען געלאזען טאהן מיט זיך, וואס מיר האבען געוואלט.

דיא איינציגע, וועלכע האבען זיך ווירקליך געשטעלט געגען אונז, זיינען געווען דער שיפסקאַפּיטאן, זיין ערשטער אפיציער, און צווייא עלטערע מאטראזען. זיי האבען געהאלטען גרויסע מעסער אין דיא הענד, און האבען זיך פערטהיידיגט, וויא זיי האבען געקענט.

איך האב דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז דאס איז ווירקליך דער גוטער און עדעלער קאַפּיטאן אַרמסטראָנג. העלענא איז ניט געווען אויפ'ן דעק.

איך קען ניט בעשרייבען, וואס איך האב דאמאלס געפיהלט. איך האב מיר געוואונשען צו האבען דיא קראפט פון הונדערט מענשען, אום איך זאל קענען אריינווארפען אלע פּיראטען אין וואסער, און זאל רעטען דעם גוטען אַרמסטראָנג מיט זיין טאכטער. דאמאלס בין איך געווען אונגליקליך. דאמאלס האב איך מיך געפיהלט אלס דער אונגליקליכסטער מענש אין דער וועלט.

אום נאך צו פערגרעסערן מיין אונגליק, איז אין דיעזע מינוט העלענא ארויסגעלאפען פון דער קאַיוטע, און איז צוגעלאפען צו איהר פאטער. עס איז געווען דייטליך, אז זיא איז נור וואס געוואָהר געווארען, וואס עס קומט פאָר אויפ'ן דעק. העלענא האט ארומגענומען איהר פאטער, גלייך וויא זיא האט געוואלט איהם פערטהיידיגען מיט איהר קערפער.

— בינדעט זיי צו צו דיא זעגעלבוימער און צו דיא שטריקלייטער! האט קאַמאנדירט מיסטער דשאָנס אין דיעזע מינוט.

דיא פּיראטען האבען געזיעגט. קיינער האט זיך ניט געשטעלט געגען זיי. ווען מען זאל זיך געווען שטארק שטעלען געגען זיי, און מען זאל געווען פערוואונדען איינעם פון זיי, וואלטען זיי געווארען בייז געררייצט און אונרוהיג, און זאלטען געוויס אנגעהויבען צו מאָרדען דיא מאַטראזען פון דער „סאַנקט העלענא", יעצט אבער זיינען זיי געבליעבען רוהיג.

מען האט צוגעבונדען צו דיא זעגעלבוימער און צו דיא שטריקלייטער

דיא מאַטראָזען, און דעם ערשטען אפיציער פון דער „סאנקט העלענא", קאַפיטאן אַרמסטראָנג. אבער מיט זיין טאכטער האט מען געלאָזען צו רוה. קאַפיטאן אַרמסטראָנג האט אוועקגעוואָרפען זיין מעסער, האט ארומגענומען זיין טאכטער, האט זיא צוגעפרעסט צום הארצען, און איז אזוי געשטאנען אויף זיין שיף, וויא אבילד פון טרויער און פערצווייפלונג.

מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז זאגאר דיאווילדע רויבער האבען געהאט רעספעקט פאר קאַפיטאן אַרמסטראָנג מיט זיין טאכטער. מען האט זיי געלאזען צו רוה, מען האט זיי ניט געבונדען.

אונטערדעסען בין איך געקומען צו זיך און האב אנגעהויבען צו טראכטען, וואס איך קען טאהן אום צו רעטען דיעזע צווייא מענשען, וועלכע זיינען געווען אזוי פריינדליך געגען מיר. איך האב אָפגעהיט אמינוט, ווען דער נעגער איז אוועקגעלאָפען עפעס רויבען, און בין צוגעגאנגען צו קאַפיטאן אַרמסטראָנג. העלענאַ האט מיך באלד דערקאנט און האט אגעשריי געטאהן:

— ריטשאַרד! — דוא ביסט עס?

— שא! האב איך געבעטען. איך בין עס! — איך בין ניט קיין רויבער. איך וועל טאהן אלעס מעגליכע אייך צו רעטען. — מאכט זיך, אז איהר קענט מיך ניט.

— איך האב עס געוואוסט, האט העלענא געזאגט, ריטשאַרד איז אגוטער און עהרליכער יונגע.

איך בין אויפגעשפרונגען פאר פרייד.

— העלענא האט מיך ניט פערגעסען! האב איך געמורמעלט, העלענא לויבט מיר, זיא ווייס, אז איך בין קיין רויבער. —

אין דיעזע מינוט איז דער נעגער צוריק געקומען. איך האב מיך אָנגעבויגען איבערן געלענדער פונ'ם שיף און האב געקוקט אין וואסער, גלייך וויא איך וויל זעהן, אויב אונזערע באָאָטע שטעהן אויף זייער אָרט.

— וואס שטעהט איהר דארט, ריטשאַרד? האט דער נעגער אויסגערופען. ווילט איהר גאר ניט זוכען עפעס אגוטע זאך אויפ'ן שיף?

אזוי וויא איך האב איהם ניט געענטפערט, האט ער זיך צו לאכט מיט זיין גרויסעם מויל:

— נו? וויא געפעהלט עס אייך? — עס איז גוט צו זיין אַ רויבער! האט ער געלאכט, — מען בעקומט גוטע זאכען.

— גאנץ ריכטיג, מאַרק, האב איך ענדליך געענטפערט, איך בין פריהער געווען אַ נארר, וואס איך האב ניט געוואלט איינטרעטען אין אייער בונד. יעצט וויל איך עס טאהן. איך זעה, אז איהר זייט גאנץ פיינע מענשען.

— דאס איז גוט! דאס איז רעכט, ריטשאַרד! האט דער נעגער אויסגערופען.

איך האב געוואלט אוועקגעהן זעהן, וואס דשאָנס מיט דיא רייבער טהוען אויפ'ן שיף, דער נעגער האט מיך צוריקגעהאלטען.

— זאָל איך זאגען קאַפּיטאן האַוק, אז דוא ווילסט אננעהמען אונזער אייד (שבועה)? האט ער מיך געפרעגט.

— יאַ! האב איך געענטפערט, איך בעט דיך, דוא זאלסט עס איהם זאגען.

איך האב יעצט געמוזט זיך פערשטעלען, אז איך וויל ווערן א פּיראַט. איך האב געמוזט זיין גלייך מיט אלעמען, מען זאל מיך ניט היטען, מען זאל אויף מיר ניט אכטונג געבען, דאן וועל איך קענען עפּעס טאהן פאר דיא גוטע און שעהנע העלענאַ.

אונטערדעסען האבען דיא פּיראַטען געזוכט אין אלע ווינקעלעך פון'ם שיף און האבען גענומען, וואס זיי האבען געפונען. מיסטער דשאָנס, וועלכער האט יעצט קאָמאַנדירט אויפ'ן אָרט פון קאַפּיטאן האַוק, איז נור וואס ארויס־געקומען פון קאַפּיטאן אַרמסטראָנגס קאַיוטע. ער האט דארט צוגענומען דאס באַאַרע געלד, וואס קאַפּיטאן אַרמסטראָנג האט געהאט מיט זיך און האט איבערגעקוקט דיא ביכער פון'ם שיף, וואו ער האט געקענט זעהן, וואס פאר סחורות דיא „סאַנקט העלענאַ" האט געפיהרט. אלס קאָמאַנדיר האט דשאָנס ניט געקענט זיך בעשעפטיגען מיט קלייניגקייטען.

דשאָנס איז יעצט צוגעקומען צו קאַפּיטאן אַרמסטראָנג און האט איהם געזאגט:

— קאַפּיטאן, איהר מוזט הייסען אייערע מענשען אראפּלאזען דיא באָאָטע פון אייער שיף און אונז העלפען צו שלעפּען אייער שיף, וואוהין מיר וועלען זיי הייסען. מיר ווילען אויסלאדען אייניגע סחורות פון אייער שיף.

— איך קאָמאַנדיר יעצט ניט מיין שיף, האט קאַפּיטאן ארמסטראָנג געענטפערט טרויעריג. איהר קענט הייסען מיינע מענשען טאהן, וואס איהר ווילט, ווען זיי וועלען אייך נור פאלגען, מעגען זיי עס טאהן.

— גוט, האט מיסטער דשאָנס געזאגט שטרענג, מיר וועלען שוין וויסען וויא צו מאכען, אז זיי זאלען פאלגען, וואס מען וועט זיי הייסען.

ער האט געהייסען אפּבינדען צוואנציג מאַטראָזען פון דער „סאַנקט העלענאַ" און זיי צוברענגען צו איהם. אין אייניגע מינוטען ארום זיינען דיא מאַטראָזען געשטאנען פאר איהם טרויעריג, דיא קעפּ אראפּגעלאזען און דיא אויגען צו דער ערד.

— לאזט אראפּ אלע שיפלעך, וועלכע געפינען זיך אויף אייער שיף! האט דשאָנס קאָמאַנדירט.

דיא מאַטראָזען האבען אקוק געטאהן אויף זייער שיפסקאַפּיטאן, גלייך וויא זיי וואלטען איהם געפרעגט מיט דיא אויגען, אויב זיי זאלען פאלגען,

דאס דער רויבער הייסט זיי, אדער ניט. קאפיטאן ארמסטראָנג האט אבער גום פערשטאנען, אז ער קען זיך דא ניט העלפען: דיא רויבער זיינען אויף איהם אנגעפאלען אזוי פלוצלונג, אזוי אונגעריכט, אז ער האט יעצט נאר ניט געקענט טאהן. ער האט דארום אוינק געמאהן צו זיינע מענשען, זייא זאלען טאהן, וואס מען הייסט זיי.

דיא מאטראָזען האבען אראפגעלאזען דיא באָאָטע פון דער „סאַנקט העלענאַ" און האבען זיך אריינגעזעצט אין זיי. מען האט זיי צו געווארפען שטריק פון דער „סאַנקט העלענאַ" און מען האט זיי געהייסען שלעפען דאס שיף. אויפ'ן דעק פון דער „סאַנקט העלענאַ" זיינען געשטאנען עטליכע רויבער מיט געלאָדענע ביקסען אין דיא הענד. איך האב אויך געמוזט נעהמען אביקס אין דיא הענד און זיך שטעלען ביים געלענדער, אזוי האט דשאָנס מיר געהייסען.

— שיעסט אויף יעדען, וועלכער וועט ניט פאלגען, וואס מען וועט איהם הייסען טאהן! האט דשאָנס קאָמאַנדירט.

דיא פיראַטען האבען זיך אויך אראפגעלאזען אין זייערע באָאָטע און האבען אויך געשלעפט דיא „סאַנקט העלענא". איך האב געוואוסט, וואוהין מען שלעפט זיא.

קאַפיטאַן אַרמסטראָנג איז נאך אלץ געשטאנען אויף דעם זעלבען ארט. ער האט נאך אלץ געהאלטען זיין טאכטער ארומגענומען און האט געקוקט גאנץ רוהיג אויף אלעס, וואס עס האט זיך געטאהן ארום איהם. עס איז געווען דייטליך, אז ער ווינשט נור, אז מען זאל איהם לאזען זיין ליעבע טאכטער, מעהר האט ער ניט פערלאנגט.

עס איז געווען קיין לייכטע ארבייט צו שלעפען דאס שווערע שיף דורך דיא שמאָלע קאַנאַלען, וואו מען האט געמוזט זיין זעהר פאָרזיכטיג, זיא זאל ניט ארויף אויף אשטיין. איך האב פריהער דערצעהלט, אז דיא פיראַטען זיינען אריינגעפאהרען אין אַן אָרט, וואו א טייך האט זיך אויסגעגאסען אין מעער. איך האב נאטירליך ניט געוואוסט, וואס פאר א טייך דאס איז, אזוי פיעל אבער האב איך געקענט בעמערקען, אז דאס וואסער שטרעמט דארט זעהר שטארק. איך האב געזעהן, אז דיא מאַטראָזען האבען געאַרבייט מיט אלע קרעפטען, ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דעם אָרט, וואו דער טייך האט אויסגעגאסען זיינע וואסערן אין וועלט מעער.

ענדליך איז מען אריינגעפאהרען אין דיא בוכטע, וואו דער „שוואַרצער אָדלער" איז געשטאנען, און מען האט פעראנקערט דיא „סאַנקט העלענאַ". דיא פיראַטען האבען דאן צוגענומען ביי דיא מאַטראָזען פון דער „סאַנקט העלענאַ" זייערע רודער און אלעס, וואס זיי האבען געהאט אין דיא באָאָטע, און האבען אפגעשטויסען דיא באָאָטע מיט דיא מאַטראָזען פון ברעג. אזוי

ויא דאס וואסער אין טייך האט געשטרעמט זעהר שטארק, האט עס באלד אוועקגעטראגען דיא באָאָטע מיט דיא מאַטראָזען.

עס האט מיר געשניטען דאס הערץ, ווען מיט אמעסער, צוזעהן, ווי דיא אונגליקליכע מאַטראָזען פון דער „סאַנקט העלענאַ" זיינען געזעסען אין זייערע באָאָטע, האבען געזעהן, וויא דער טייך שלעפט זיי אוועק אין מעער און האבען זיך ניט געקענט העלפען. זיי האבען זעהר גוט געוואוסט, אז זיי מוזען דערטרונקען ווערן אדער שטארבען פון הונגער און דורשט. וואס קענען מענשען טאהן אויפ'ן מעער אהן רודער, אהן זעגעל, אהן ברויט און אהן וואסער?

אויפ'ן דעק פון דער „סאַנקט העלענאַ" אבער איז געווארען פרעהליך. קאַפיטאַן האַוק איז געווען בעשעפטיגט אויף דער אינזעל און האט געהייס'ן דשאָנס, ער זאל אנהייבען אויסצולאדען דיא סחורות פון דער „סאַנקט העלענאַ". דשאָנס האט באלד אויסגעפאלגט זיין בעפעהל און האט אראפגעשיקט דיא רויבער אין דיא אונטערשטע קאַמערן פון דער „סאַנקט העלענאַ".

דיא ערשטע זאך, וואס דיא רויבער האבען דארט געפונען, איז געווען עבּטער, שטאַרקער יאַמאַיקאַ ראָם. דיא „סאַנקט העלענאַ" האט געפיהרט פון דער אינזעל יאַמאַיקאַ א פאר הונדערט פעסלעך ראָם. קוים האבען דיא פיראַטען דערשמעקט דעם ראָם, האבען זיי געעפענט א פעסעל און האבען אנגעהויבען צו טרינקען. דשאָנס האט זיך געבייזערט און האט געשריען, זיי זאלען ניט טרינקען, קיינער אבער האט איהם ניט געהערט.

באלד האט מען אנגעהויבען צו זינגען און צו טאנצען אויפ'ן דעק. איניגע זיינען געווארען אזוי ווילד, אז זיי האבען ארויסגעכאפט זייערע מעסערס און האבען אנגעהויבען צו דראָהען קאַפיטאַן אַרמסטראָנג. איך בין דיא גאנצע צייט געשטאנען אויפ'ן דעק מיט מיין ביקס אין דער האנד און האב מיך פער־שטעלט, אז איך האלט דיא וואך אויפ'ן געפאנגענעם שיף. ווען איך האב געזעהן, אז דיא פיראַטען ווערן געפעהרליך, האב איך א געשריי געטאהן:

— קאַפיטאַן האַוק! קומט ארויף אויפ'ן דעק, איך וויל אייך עפעס זאגען.

אין איניגע מינוט איז קאַפיטאַן האַוק געשטאנען אויפ'ן שיף. ער האט באלד דערזעהן, וואס דא קומט פאר און האט קאָמאַנדירט:

— אויסלאָדען דאס שיף! קיינער זאל ניט טרינקען א טראפען, ביז איך וועל עס ערלויבען!

דשאָנס און עטליכע מאַטראָזען, וועלכע זיינען נאך ניט געווען שטארק בעטרונקען, האבען אנגעהויבען אויסצולאדען דאס שיף, זיי האבען אבער ניט פיעל געקענט טאהן, ווייל דיא גרעסטע צאהל פון זיי איז שוין געווען אזוי בעטרונקען, אז זיי האבען זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס.

— איך האב ניט מיט וועמען צו ארבייטען, האט זיך דשאָנס בעקלאָגט.

קאַפּיטאַן האַוק איז דאן געפאלען אויפ'ן שכל, אז מען זאל אניאָגען דיא מאַטראָזען פון דער „סאַנקט העלענאַ" און מען זאל זיי צוריק ברענגען, זיי זאלען העלפען אויסלאדען דאס שיף. ער האט געהייסען דשאָנס, ער זאל נעהמען דיא עטליכע מאַטראָזען וועלכע קענען נאך רודערן, זאל זיך אויפזעצען מיט זיי אויף דיא באָאָטע און זאל אניאָגען דיא מאַטראָזען פון דער „סאַנקט העלענאַ".

— זיי זיינען געוויס נאך גאנץ נאָהענט, האט קאַפּיטאַן האַוק געזאגט, אין א האלבע שטונדע וועט איהר זיי צוריקברענגען.

דשאָנס האט באלד אויסגעפיהרט דעם בעפעהל פון קאַפּיטאַן האַוק און איז אוועקגעפאהרען צוריק ברענגען דיא מאַטראָזען. אויפ'ן דעק פון דער „סאַנקט העלענאַ" זיינען געבליעבען קאַפּיטאַן האַוק, עטליכע שיכורע מאַטראָזען און איך. קאַפּיטאַן האַוק איז צוגעקומען צו מיר און האט מיר געזאגט:

— איך זעה מיט פערגניגען, אז דוא ווערסט קליגער, ריטשאַרד. דוא הייבסט אן צו פערשטעהן, אז עס איז גאר ניט אזוי שלעכט צו זיין אפּיראַט. איך האב פריהער געוואוסט, אז עס וועט אזוי זיין. דער מענש געוועהנט זיך צו אלעם אין דער וועלט. — זייא אנוטער יונגע, ריטשאַרד, און איך וועל נאך רעדען מיט דיר איבער פיעלע זאכען.

איהר זעהט דאך, קאַפּיטאַ, אז איך טהו אלעס מעגליכע אום צו פערדיענען אייער צוטרויען און אייער פריינדשאפט, האב איך געענטפערט, איהר מעגט זיין זיכער, קאַפּיטאַן, אז איך וועל אייך בעווייזען, אז איך פערדיען אייער פריינדשאפט.

— דאס וויים איך! האט קאַפּיטאַן האַוק אויסגערופען, ווען דוא זאלסט נור שטענדיג בלייבען, וואס דוא ביסט יעצט, וואלט איך שוין צופריעדען געוועו.

ער האט געטראכט איניגע מינוט און האט דאן געזאגט:

— איך קען מיך אויף קיינעם ניט פערלאזען, איך מוז אליין זעהן, וואס עס טהוט זיך אויף דיעזעס שיף.

ער האט א ווינק געטאהן צו זיינע מאַטראָזען, זיי זאלען געהן מיט איהם. ער וויל אליין בעטראכטען דיא סחורות, וועלכע געפינען זיך אויף דער „סאַנקט העלענאַ" און זעהן, וועלכע ער זאל זיך נעהמען און וועלכע ער זאל לאזען.

ער איז אראפּגעגאנגען אין דיא קאַמערן פון דער „סאַנקט העלענאַ" מיט דיא עטליכע מאַטראָזען. איך בין געבליעבען אויפ'ן דעק גאנץ אליין.



## 22-טעס קאפיטעל

## איך מוז ווערן אפיראַט.

איך האב געטאַנצט פאר פרייד, ווען איך האב דערזעהן, אז איך בין ענדליך גאנץ אליין אויפ'ן דעק פון דער „סאַנקט העלענאַ". קוים איז דער לעצט:ר רויבער אראפגעגאנגען פון דיא טרעפ, האב איך אניעדער געשטעלט מיין ביקס און בין צוגעלאפען צו קאַפּיטאן אַרמסטראָנג און זיין טאכטער.

איך בין געפאלען פאר זיי אויף דיא קניע, האב געקושט זייערע הענד, האב געוויינט און האב זיי דערצעהלט, אז איך האב זיי געזוכט, איך בין זיי נאכגעפאהרען און דורך דעם בין איך אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דיא פיראַטען.

— איך וועל ריזיקירען מיין לעבען אום אייך צו בעפרייען! האב איך ענדליך אויסגערופען, איך וועל ניט רוהען און ניט ראַסטען, ביז איך וועל אייך ארויסנעהמען פון דיעזע רויבער! — בלייבט רוהיג, פערשטעלט זיך, אז קיין זאך קימערט אייך ניט. איך וועל שוין זוכען א מיטעל אייך צו רעטען.

— איך האב געוואוסט, אז דוא ביסט אגוטער יונגע, ריטשאַרד, האט העלענאַ אויסגערופען מיט טרעהרען אין איהרע שעהנע אויגען. — איך האב דיר שטענדיג געזאגט, ליעבער פאטער, אז ריטשאַרד איז אגוטער מענש. ריטשאַרד וועט אונז בעפרייען פון דיעזע שלעכטע אוןווילדע מענשען.

קאַפּיטאן אַרמסטראָנג האט ענדליך אנגעהויבען צו רעדען. זייט דיא פיראַטען האבען איהם געפאנגען, איז דאס געווען דאס ערשטע מאל, וואס ער האט גערעדט צו מיר.

— איך גלויב דיר, ריטשאַארד, האט ער געזאגט, עס איז וואהר, אז אלעס וואס איך האב היינט געזעהן, בעווייזט, אז דוא ביסט א רויבער, גלייך וויא אלע אנדערע, דענאך גלויב איך דיר, און בעט דיך, ריטשאַרד, רעטע מיין טאכטער! רעטע מיין איינציגעס קינד, מיין געליבטעס קינד, מיין טהייערע העלענאַ! לאזען זיי טאהן מיט מיר, וואס זיי ווילען, נור לאזען זיי ניט אנ-ריהרען מיין טהייערעס קינד!

איך האב געשווארען, אז איך בין עהרליך, איך בין קיין פיראַט און איך וועל טאהן אלעס מעגליכע אום צו רעטען איהם מיט זיין טאכטער. אזוי וויא איך האב מורא געהאט צו שטעהן אלענג:רע צייט לעבען איהם, מען זאל מיך ניט דערזעהן, בין איך באלד צוריקגעגאנגען אויף מיין אָרט, האב גע-נומען מיין ביקס און האב מיך ווידער געשטעלט אויף דער וואַך.

באלד איז אויך קאַפּיטאן האָוק ארויף געקומען פון דיא קאַמערן. ער האט געמאכט אליסטע פון דיא סחורות, וועלכע ער קען לייכט פערקויפען און

האט געהייסען זיי אויסלאָדען. דאן האט ער זיך געווענדעט צו קאפיטאן אַרמסטראָנג און האט איהם געזאגט:

— הערר שיפסקאפיטאן, נעהמט אייער טאכטער און געהט מיט איהר אראפּ אין אייער קאַיוטע. מיר ווילען אייך שוין זאגען, וואס מיר ווילען טאהן מיט אייער שיף.

קאפיטאן אַרמסטראָנג האט אנגענומען זיין טאכטער ביי דער האנד און איז מיט איהר אראפּגעגאנגען אין קאַיוטע. קאפיטאן האָוק האט געוואָלט פערשליעסען דיא קאַיוטע, איך האב איהם געזאגט, אז עס איז ניט נעטהיג.

— איהר זעהט דאך, קאפיטאן, אז זיי זיינען אזוי איבערגעשראָקען, אז זיי ווייסען גאר ניט, וואס עס טהוט זיך מיט זיי, האב איך געזאגט, זיי ווילען ניט אנטלויפען.

באלד איז אויך אנגעקומען דשאָנס מיט זיינע מענשען און מען האט אנגעהויבען אויסצולאָדען דאס שיף. קאפיטאן האָוק האט שוין געוואלט אראפּגעהן פון שיף, פלוצלונג האט ער זיך עפּעס דערמאָנט. ער איז צוגעקומען צו מיר און האט מיר געזאגט:

— הער נור, ריטשאַרד, איך וויל דיך לאזען אויף'ן דעק, דוא זאלסט אכטונג געבען אויף'ן שיף ביז מארגען, איך האב קיין אנדערן יעצט וועמען צולאזען. דוא ביסט אבער נאך ניט איינגעטרעטען אין אונזער בונד. וויא קען איך דיר פערטרויען אזא שיף?

איך בין געוועזן פערצווייפעלט. איך וויל ניט איינטרעטען אין זייער בונד, וויא איינער וויל ניט שטארבען; ווען איך וועל אבער ניט אריינטרעטען אין זייער בונד, וועל איך מוזען אראפּגעהן פון שיף און לאזען קאפיטאן אַרמסטראָנג און זיין טאכטער אין דיא הענד פון דיעזע ווילדע מענשען. — וואס טהוט מען אלזא?

איך האב ניט לאנג געטראכט און האב געענטפערט:

— איך וויל אריינטרעטען אין אייער בונד.

איך האב אנדערש ניט געקענט. איך האב ניט געוואלט לאזען קאפיטאן אַרמסטראָנג מיט זיין טאכטער אליין ניט אויף איין מינוט. ווען איך טרעט ניט אריין אין זייער בונד, וועל איך דאך מוזען אראפּגעהן פון דער „סאַנקט העלענאַ“, דאן האב איך שוין קיינע מעגליכקייט זיי צורעטען.

קוים האב איך ארויסגעזאגט, אז איך וויל אריינטרעטען אין זייער בונד, האט קאפיטאן האָוק ארויסגענומען זיין זילבערנעם פייפעלע און האט אנגעהויבען צו פייפען. און אין איין אויגענבליק האבען זיך אלע רויבער פערזאמעלט אויף'ן דעק פון דער „סאַנקט העלענאַ“.

קאפיטאן האָוק האט מיך צוגעפיהרט צום מיטעלסטען זעגעלבוים און האט מיך אניעדער געשטעלט מיט'ן רוקען צום זעגעלבוים. פון ביידע זייטע

פון מיין קאפ האט מען ארייגעשטאכען אין זעגעלבוים צווייא שווערדען אזוי אז איך האב געמוזט האלטען דעם קאפ גלייך און קוקען אויף אלעמען.

דיא פיראטען האבען זיך אויסגעשטעלט ארום מיר אין אהאלבען ראָד, יעדער פון זיי האט געהאלטען אשארפעס מעסער אין דער האנד. קאפיטאן האָוק האט געהייסען, מען זאל איהם ברענגען זיין לאנגעס שפאַנישעס מעסער. ווען מען האט איהם געבראכט דאס מעסער, האט ער איהם צוגעלעגט צו מיין הארצען און האט אויסגערופען אין דער היץ:

— שווער ביי דיעזער קלינגע, וועלכע טיטעט אין אַן אויגענבליק, אז דוא וועסט אונז בלייבען טריי ביז אין טויט! שווער, אז דוא וועסט אונז קיין מאל ניט פעררראטהען, זאָגאר ווען מען וועט דיך מאַרטערן און מען וועט רייסען פון דיר שטיקער, וועכט דוא ניט אויסזאגען, ווער מיר זיינען און וואס מיר זיינען.

— איך שווער! האב איך געענטפערט.

קאפיטאן האָוק האט צווייא מאל אויסגעשאסען לעבען מיין קאפ, און האט דערביי געזאגט:

— אזוי בעשטראפען מיר פעררעטהער און פאלשע קאמעראדען! — יעצט ביזט דוא אונזערער!

דיא פיראטען האבען מיך ארומגערינגעלט, האבען מיר געגעבען זייערע הענד און האבען מיך גערופען ברודער. ענדליך בין איך אפיראַט גלייך מיט אלעמען.

אונטערדעסען איז געווארען נאכט, און דשאָנס האט ערקלערט, אז עס איז שוין פינכטער, און ער קען שוין מעהר ניט ארבייטען. דעם גרעסטען טהייל פון דיא טהייערסטע וואַרע האט מען שוין אויסגעלאדען. דעם רעסט וועט מען אויסלאדען מארגען אין דער פריה.

יעצט האט מען אנגעהויבען צו טראכטען, וואס מען זאל טאהן מיט דער „סאַנקט העלענא". אייניגע האבען געזאגט, אז מען זאל זיא אין גאנצען אויס- לאדען, און מען זאל זיא אונטער־צינדען. אנדערע האבען געזאגט, אז מען זאל פערשפאַרען אלע מאַטראזען אין זייערע קאַיוטען און מען זאל אויסהאקען אלאָך אין דיא וואנד, זיא זאל אונטערגעהן צוזאמען מיט איהר שיפסקאַפיטאן און מיט איהרע מאַטראזען; ווידער אנדערע האבען געפונען, אז מען זאל אלעס צו נעהמען פון איהר און מען זאל זיא לאזען לויפען. איהר שיפסקאַפיטאן מעג זיך פאהרען, וואוהין ער וויל.

— מיר ווילען זעהן מאָרגען, וואס צו טאהן מיט איהר, האט ענדליך קאַפיטאן האָוק געזאגט, מיר האבען נאך צייט זיך צו איבערלעגען.

אזוי וויא עס איז געווארען פינסטער, האבען דיא פיראטען אוועקגעלעגט זייער ארבייט און זיינען אראפגעפאהרען אויף דער אינזעל. אויף דער „סאַנקט

העלענא" זיינען געבליעבען נור עטליכע פיראטען, און איך אלס אויפזועהער. דיא מאטראזען פון דער „סאנקט העלענא" וועלכע האבען ביי אהער געהאלפען אויס־לאדען זייער אייגענעם שיף, האט מען געהייסען אריינגעהן אין זייערע קאַיוטען, און מען האט זיי פערשפארט.

איך בין יעצט געוועזן אַ פיראט גלייך מיט אלעמען, מען האט מיר אלזא געדארפט אין גאנצען פערטרויען, עס איז אבער ניט אזוי געוועזן. דער נעגער מאַרק אַנטאָנין איז איך געבליעבען אויפ'ן שיף, און האט פון מיר קיין אויג ניט אראפגעלאזען. וואוהין איך בין געגאנגען, איז ער מיר נאכגעגאנגען, און וואו איך האב מיך געשטעלט, האב איך איהם געטראפען. דאס האט מיך זעהר געקרענקט. איך האב געוואלט אראפלויפען אין דער קאיוטע פון קאפיטאן אַ־מכטראָנג און רעדען מיט איהם, טרייסטען איהם און בערוהיגען איהם, איך האב עס אבער ניט געקענט, ווייל דער אבשייליכער נעגער איז פון מיר ניט אפגרעטרעטען.

איך האב איהם צוגערופען און האב איהם געזאגט:

— האסט דוא געבראכט מיר עסען? איך בין זעהר הונגעריג, איך האב אגאנצען טאג ניט געגעסען.

איך האב גערעכענט, אז ער וועט אראפגעהן אויף דער אינזעל און וועט דארט נעהמען עסען, ער האט אבער ניט געוואלט אפטרעטען פון מיר.

— לאמיר זוכען אין דיא קאיוטען, האט ער געענטפערט, מיר וועלען שוין געפינען וואס צו עסען.

דאס איז מיר געפעלען. איך האב איהם געהייסען אָנצינדען אלאַנטערנע און געהן מיט מיר זוכען עסען. דיא קאיוטען און דיא שפייז קאַמערן פון דער „סאַנקט העלענא" זיינען מיר געוועזן גוט בעקאַנט. איך האב באלד געפונען, וואס איך האב געדארפט: ברויט, פלייש, און עטליכע פלעשער אלטען, זעהר שטארקען ראָם.

— איך דענק, אז אלע אונזערע מענשען זיינען הונגעריג, האב איך געזאגט צום נעגער, רוף זיי צונויף און לאמיר עסען אלע צוזאמען.

ער האט מיך געפאלגט, און אין עטליכע מינוט ארום זיינען מיר אלע געזעסען ארום אגרויסען בונט שטריק, וועלכער האט אונז געדיענט אלס טיש, און האבען געגעסען. איך האב געעפענט אפלאַש ראָם, האב אליין פראבירט, און האב געגעבען מיינע קאַמעראדען צו פערזוכען. עס איז זייא אלעמען זעהר געפעלען.

— לאמיר טרינקען ברידערשאפט! האב איך אויסגערופען, איך בין היינט אריינגעטרעטען אין אייער בונט, און מיר מוזען איהם בעשפריצען.

איך האב געעפענט נאך אפלאַש און נאך אַפלאַש, און האב מיך פער־שטעלט אז איך טרינק, אין דערפינסטער איז געוועזן אונמעגליך צו זעהן, אויב איך טרינק ווירקליך אדער ניט. איך בין געוועזן העכסט צופריעדען, וואס מיינע

קאמעראדען האבען געטרונקען, זאגאר דער נעגער האט זיך פערגעסען און האט אנגעהויבען צו טרינקען. קוים איז ער געווארען אביסעל שיכור, האט ער שוין געבעטען, איך זאל איהם געבען נאך ראָם.

— מיר קענען דאך אנטשלאפען ווערן און לאזען דאס שיף ניט בעוואַכט, האב איך געזאגט צו מיינע קאַמעראדען, אום זיי צו וואַרענען, זיי זאלען מעהר ניט טרינקען.

איך האב איינענטליך געוואלט, זיי זאלען יאַ טרינקען, איך האב אבער געוואוסט, אז קוים וועל איך זאגען, אז מען דארף שוין מעהר ניט טרינקען, וועלען זיי ערשט זיך אנהייבען צו רייסען צום ראָם. איך האב אויך קיין טעות געהאט. מאַרק אַנטאָנין איז שוין געווען פול.

— וואס האב'ן מיר מורא? האט ער געשריען, דיא קאיוטען זיינען פערשלאסען, קיינער וועט ניט אנטלויפען. לאמיר טרינקען!

ער איז יעצט אליין געלאפען אין שפייז קאַמער, וואו איך האב איהם געוויעזען דעם ראָם, אונ ער האט אונז צוגעבראכט נאך א האלבעם דוצענד פלעשער. יעצט ערשט האט מען אנגעהויבען צו טרינקען. דיא קעפ האבען אנגעהויבען זיך צו שאַקלען, דיא צונגען זיינען געווארען שווער, און האבען זיך קוים געריהרט אין דיא מיילער. איינער נאכ'ן אנדערן האט זיך אויסגעצויגען אויפ'ן דעק, האט נאך געררעדט איניגע צייט ווערטער, וועלכער קיינער האט ניט געקענט פערשטעהן, און איז ענדליך אנטשלאפען געווארען.

געגען עלף אוהר ביי נאכט, בין איך געווען דער איינציגער, וועלכער איז ניט געשלאפען אויפ'ן דעק פון דער „סאנקט העלענא".

— יעצט איז דיא צייט צו בעפרייען קאפיטאן אַרמסטראָנג און זיין טאכטער! האב איך געזאגט צו זיך אליין.

איך בין צוגעגאנגען צו דער קאַיוטע, וואו קאפיטאן אַרמסטראָנג מיט זיין טאכטער זיינען געווען פערשפאַרט, האב אראפ גענומען דעם ריגעל און בין שטילערהייד אריינגעגאנגען אין קאיוטע. אזוי וויא אין דער קאיוטע איז געווען פינסטער, האט זיך העלענא דערשראקען, ווען זיא האט געהערט מיך אריינגעהן.

— שא! — איך בין עס! — איך ריטשאַרד! האב איך געזאגט. קומט ארויס פאר דער טהיר און לאמיר רעדען.

קאפיטאן אַרמסטראָנג מיט זיין טאכטער זיינען ארויסגעגאנגען פון דער קאַיוטע. מיר האבען זיך אניעדערגעזעצט פריי אויף דיא טרעפ, און איך האב געזאגט צו זיי.

— קאפיטאן אַרמסטראָנג, דיא פיראטען שלאפען יעצט, איך האב זיי פערשיכורט, אייערע מענשען זיינען פערשלאסען אין זייערע קאיוטען, איהר קענט זיי ארויס לאזען, הייסען זיי איבערשניידען דעם שטריק, מיט וועלכען דיא „סאנקט העלענא" איז צוגעבונדען צום אנקער, און זיך שטילערהייד ארויס

פאהרען אין מעער. ביז אין דער פריה וועט איהר שוין זיין וויט פון דאנגען.

— און דוא, ריטשאַרד? האט העלענא אויסגערופען, וועסט דוא אויך געהן מיט אונז?

— איך קען ניט, העלענאַ, האב איך געענטפערט, ערסטענס, האב איך ערשט ניט לאנג געשווארען, איך זאל ניט אנטלויפען פון זיי: צווייטענס, האב איך מורא, אז ווען זיי וועלען געוואהר ווערען, אז איך בין אנטלאפען מיט אייך, וועלען זיי אונז נאכיאגען און וועלען אונז אלע טייטען.

— לאמיר זיך בעראַטהען מיט מיין ערשטען אפיציער, האט קאפיטאן אַרמסטראָנג געזאגט, ער איז אַן אלטער און געשיקטער מאטראז, ער וועט אונז ראטהען, וואס צו טאהן.

מיר האבען באלד אויסגעפונען דיא קאיוטע, וואו דער ערשטער אפיציער פון דער „סאנקט העלענא" איז געווען פערשפארט, האבען זיא געעפענט און האבען איהם ערקלערט, וואס דא קומט פאָר.

— דאס בעסטע וואלט געווען, מיר זאלען בינדען אלע פיראַטען און אייך אויך, האט דער ערשטער אפיציער געזאגט, מיר וועלען זיי אלע האלטען פאר געפאנגען, און ווען מיר וועלען קומען אין אפאָרט, וועלען מיר זיי אלע איבער געבען דער פאליציי.

— דאס איז גאנץ רעכט, האט קאפיטאן אַרמסטראָנג געזאגט, וואס וועלען מיר אבער טאהן מיט ריטשאַרד? ווען מיר וועלען איבערגעבען דיא רויבער דער פאליציי, מוזען מיר ריטשאַרד'ן אויך איבערגעבען?

— מיר וועלען זאגען, אז ער האט אונז גערעטעט! האט העלענאַ אויסגערופען.

— דאס וועט איהם וועניג העלפען, האט דער ערשטער אפיציער בעמערקט. ער איז פיראט און איהם קומט אשטראפע. ווען מיר וועלען דער־צעהלען דיא גאנצע געשיכטע, קען זיין, אז מען וועט איהם געבען אלייכטערע שטראפע, אדער אגאנץ לייכטע שטראפע, אבער בעשטראפט מוז ער ווערן.

— אלזא? וואס טהוט מען? האט קאפיטאן אַרמסטראָנג געפרעגט.

— לאזט מיך דא איבער, האב איך געענטפערט, איך וועל שוין געפינען אמיטעל וויא צו אנטלויפען פון זיי.

— וואס זאלען מיר אבער טאהן מיט דיא רויבער, וועלכע שלאפען יעצט אזוי געשמאק? האט קאַפּיטאן אַרמסטראָנג געפרעגט. ווען איך נעהם זיי מיט אלס געפאנגעם, און דוא וועסט בלייבען אויף דער אינזעל, וועלען דיא פיראַטע פערשטעהן, אז דוא האסט אונז בעפריַיט, זיי וועלען דיך דאן טייטען.

מיר האבען זיך בעראטהען איינינע מינוט און האבען אונז קיין ראטה ניט געקענט געפינען. אראפטראגען דיא שיכורע פיראטען אויף דיא אינזעל און זיי דארט איבערלאזען, איז געווען אונמעגליך ׳ דיא פיראטען, וועלכע שלאפען

אויף דער אינזעל קענען זיך אויפהאַפּען, דאַן איז אלעס פערלאָרען. זיי וועלען טייטען קאפּיטאַן אַרמסטראָנג, זיין טאָכטער, מיך און אַלע מאַטראָזען פון דער „סאַנקט העלענא". נעהמען אונז אַלעמען געפאַנגען, וועל איך דאָך אויך הייסען אַ פּיראַט, און וועל אויך בעשטראָפט ווערן.

ענדליך איז מיר אריינגעקומען אין קאָפּ אַ נייער געדאַנק.

— הייסט אייערע מאַטראָזען, זיי זאָלען בינדען אַלע פּיראַטען, וועלכע געפינען זיך אויף דער „סאַנקט העלענא", מיך אויך צווישען זיי, האָב איך געזאָגט צו קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג, דאַן לאָזט אונז אראָפּ אין אַ באָאָט, און לאָזט דאָס באָאָט שווימען אויפ'ן טייך גלייך אין מעער. איהר שניידעט איבער דעם שטריק, מיט וועלכען אייער שיף איז צוגעבונדען, און פאָהרט אייך אַוועק שטילערהייד.

העלענא האָט צוואָר דערפון ניט געוואָלט וויסען. זיא האָט פערלאַנגט, אַז איך זאָל בלייבען אויף דער „סאַנקט העלענא" און זאָל פאָהרען מיט איהר. דאָס איז אָבער געווען אונמעגליך. קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג האָט צוואָר אויפגעגעבען אַ פּלאַן, אַז ער זאָל אַלע פּיראַטען, וועלכע געפינען זיך אויף זיין שיף אַראָפּלאָזען אין אַ באָאָט, וועלכעס ער וועט לאָזען שווימען אין מעער, איך אָבער זאָל זיך בעהאַלטען אויף זיין שיף, ביז ער וועט זיין ווייט פון דיא פּיראַטען. איך האָב אָבער מורא געהאַט צו בלייבען אַליין מיט איהם. איך האָב מיך דערמאָנט דיא געשיכטע מיט קאַפּיטאַן סערל, וועלכען קאַפּיטאַן האָוק האָט נאָכגעיאָגט און בערויבט נור דערפאַר, וואָס ער האָט מיך אָפּגערעדט פון איהם.

עס איז ענדליך געבליעבען, וויא איך האָב געזאָגט. איך האָב מיך אַניעדער געלעגט אויפ'ן דעק לעבען דעם נעגער מאַרק אַנטאָנין. קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג האָט ארויסגעלאָזען זיינע מאַטראָזען, און האָט זיי געזאָגט, וואָס זיי זאָלען טאָהן. מען האָט אונז אַלעמען געבונדען. דעם נעגער און נאָך איינעם, אַ ווילדען און שרעקליכען רויבער, האָט מען נאָך אריינגעשטעקט אַ שטיק האָלץ אין מויל, זיי זאָלען ניט שרייען, און מען האָט אונז אראָפּגעלאָזען אין איינעם פון דיא באָאָטע, וועלכע האָבען געהערט צום „שוואַרצען אָדלער.

דיא פּיראַטען זיינען געשלאָפען געשמאַק, און האָבען דיא גאַנצע צייט זיך ניט געריהרט. איידער מען האָט מיך אראָפּגעלאָזען אין באָאָט, איז העלענאַ צוגעלאָפען צו מיר, און האָט מיך געבעטען:

— קום צו אונז, ריטשאַרד, מיר וועלען וואַרטען אויף דיר אין קוועבעק אָדער אין ניו אָרלינס.

— גיב מיר דיא אַדרעסען פון דיא אַגענטען, וואו איך קען מיך אָנפרעגען אויף אייך, האָב איך געבעטען.

העלענא האָט מיר געגעבען דיא אַדרעסען, האָט זיך איינגעבויגען צו מיר און האָט מיר אַקוש געטאָהן אין שטערן. דיעזער קוש האָט יאָהרען לאַנג

געברענט אויף מיין שטערן , איך האב איהם קיין מאל ניט פערגעסען , אין זאגאר יעצט , נאך לאנגע , לאנגע יאהרען פון ליידען און שמערצען , געדיינק איך דיעזען פרומען , הייליגען קוש , פון מיין ערשטער און לעצטער ליעבע .

אייניגע מינוטען שפעטער , בין איך געלעגען אין באָאָט גלייך מיט דיא איבעריגע פיראטען . אונזער באָאָט איז לאנגזאם געשוואומען צום מעער . איך האב געזעהן , וויא דיא „סאנקט העלענא" האט זיך אנגעהויבען צו ריהרען , וויא זיא איז אונז נאכגעשוואומען , וויא קאפיטאן אַרמסטראָנג איז געשטאנען אויפ'ן בריקעל , און האט געקירעוועט זיין שיף . מיר האט זיך זאָגאר אויסגעוויעזען , אז איך זעה אפרויען געשטאלט שטעהן לעבען קאפיטאן אַרמ־סטראָ'נג . דאס איז געוועזען העלענא . זיא האט מיך געזוכט , זיא האט געקוקט אויף אונזער באָאָט .

איך האב פערגעסען צו דערמאָנען נאך אַפערזאָן , העלענאַ'ס מוטער . זיא איז דאַמאלס קראנק געוועזען , און איז געלעגען אין איהר קאַיוטע . זיא איז געוועזען גליקליכער פון אלעמען , ווייל זיא האט גאר ניט געוואוסט , וואס עס האט זיך אָפגעטאהן אויף איהר מאַנ'ס שיף .

## 23-טעס קאפיטעל

## איך בין אַ געפאנגענער .

איך בין געלעגען געבונדען צווישען מיינע קאמעראדען , זיי זיינען אלע געשלאפען , וויא דיא דערהרגעטע , און האבען ניט געוואוסט , וואו זיי זיינען , און וואס עס טהוט זיך מיט זיי . איך אבער האב ניט געשלאפען . איך האב געזעהן מיט פרייד , וויא דיא „סאנקט העלענא" איז ארויסגעפאהרען פון דער בוכטע , וויא זיא איז געפאהרען שטילערהייד דורך דעם ענגען קאַנאַל גלייך אין מעער .

עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען , און איך האב בערייעט , פאר וואס איך בין ניט געבליעבען אויף דער „סאנקט העלענא" . איך האב ערשט יעצט איינגעזעהן , אז איך האב געמאכט אפעהלער . קאפיטאן אַרמסטראָנג וואלט געקענט מיך בינדען און מיך האלטען פאר אַ געפאנגענעם . אין מיין קאפ זיינען פאָרגעקומען הונדערטער פלענער , וויא איך וואלט קענען מיך אויסדרעהן , וואס האט עס אבער געהאלפען ? עס איז שוין געוועזען צו שפעט .

דאס מעער איז געוועזען שטיל און רוהיג . קיין ווינטעלע האט געוועהט . דיא וואסערן פונ'ם טיך האבען לאנגזאם געשלעפט און געדרעהט דאס באָאָט . איך האב געזעהן , וויא דיא „סאנקט העלענא" איז פארביי געפאהרען ניט ווייט פון אונז . איך האב געוואלט אגעשריי טאהן , גריסען נאך אמאל מיין טהייערע

העלענא, איך האב אבער מורא געהאט מיינע קאמעראדען זאלען זיך ניט אויפ־האַפּען. איך האב געמוזט שווייגען.

דיא „סאנקט העלענא" איז ענדליך פערשוואונדען געווארען אין דיא פינס־טערע נאכט. יעצט ערשט האב איך אָנגעהייבען צו דענקען פון זיך. יעצט ערשט ווען איך בין געווען זיכער, אז קאפיטאן אַרמסטראָנג און זיין טאכטער זיינען אויסער געפאהר און איך האב מיך אביסעל בערוהיגט, האב איך געקענט אנהייבען צו טראכטען וועגען זיך.

איך בין געלעגען געבונדען אין אבאָאָט צוזאמען מיט רויבער און מערדער. וואס קען ווערן פון מיר? וואס קען ווערן פון אונז? וואוהין וועט אונז דאס מעער פערווארפען? וויא לאנג וועלען מיר קענען אויסהאלטען? וועט קאַפּיטאן האָוק שיקען אונז זוכען? וועט אַן אנדער שיף אונז אויפנעהמען?

אין דיזע טרויעריגע געדאנקען איז פערגאנגען דיא נאכט. עס האט אנגעהויבען צו טאגען. אין דרויסען איז געווארען ליכטיגער און ליכטיגער. מיינע קאמעראדען זיינען נאך אלץ געשלאפען געשמאק. ענדליך איז ארויסגעגאנגען דיא זון און האט בעלייכטעט דיא ריינע קלארע שטילע וואסערן פונ'ם וועלט מעער. עס איז געווען אזוי שטיל אין דרויסען, און דאס מעער איז געווען אזוי רוהיג, אז אונזער באָאָט איז געשטאנען אויף איין אָרט, און האט זיך ניט גערירט.

פלוצלונג האט זיך אויפגעחאפט דער נעגער מארק אַנטאָנין. ער האט זיך אויפגעזעצט, האט זיך ווילד ארומגעקוקט, וואו ער איז ערגעץ אין דער וועלט, און האט אנגעהויבען צו ברומען, וויא א ווילדעס טהיער. שרייען האט ער ניט געקענט, ווייל אין מויל האט געשטעקט ביי איהם אשטיק האלץ. ער האט זיך געדרעהט, געווארפען, געברומט, געראָוועט, געקרעכצעט, געריסען דיא הענד און דיא פיס, ער איז ענדליך וויעדער אניעדער געפאלען פאר מיעדיגקייט.

זיינע קאַמעראַדען האבען זיך אויפגעחאפט איינער נאכ'ן אנדערן און האבען אנגעהויבען צו שרייען, צו שילטען, צו פלוכען, צו פערדאַמען און זיך צו שליידערן. די סצענע איז געווען זעהר אטרויעריגע און דענאך האב איך געמוזט זיך בייסען דיא ליפען, איך זאל מיך ניט צו לאכען.

אלע זיינען געווען איינפאך געבונדען דיא הענד אויפ'ן רוקען און דער זעלבער שטריק האט פעסט צוזאמענגעבונדען דיא פיס. עס איז אויסגעקומען; אז וואס שטארקער איינער האט געצויגען דיא הענד, אלץ שטארקער האט זיך דער שטריק פערצויגען אויף דיא פיס, האט איינער שטארק געווארפען מיט דיא פיס, האט זיך דער שטריק שטאַרקער פערצויגען ארום דיא הענד. אלע זיינען געווען איינפאך געבונדען, נור דער נעגער און נאך איינער, א ווילדער, אונמענשליכער שפאַניער האבען געהאט א שטיק האלץ אין מויל, זיי זאלען ניט קענען שרייען.

ווען דיא פיראַטען האבען זיך אביסעל בערוהיגט, האבען זיי אנגעהויבען צו טראכטען, וואס זיי זאלען טאהן אום זיך אפצובינדען. דער נעגער האט זיך צוגעקייקעלט צו איינעם פון דיא רויבער און האט אזוי לאנג געברומט און געמאכט צייכענס מיט דיא אויגען, ביז יענער האט איהם פערשטאנען. זיי האבען זיך צוגעלעגט מויל צו מויל און דער פיראַט האט מיט דיא צעהנער ארויסגעשלעפט דאס שטיק האָלץ פונ׳ם נעגערס מויל.

קוים האט דער נעגער געהאט אפרייעס מויל, האט ער זיך צוגעלעגט צו יענעמ׳ס הענד און האט אזוי לאנג געביסען און געריסען דעם שטריק מיט זיינע שאַרפע צעהנער, ביז עס איז איהם געלונגען אביסעל לויז צו מאכען דעם שטריק. דער פיראַט האט ארויסגעשלעפט א האנד, דאן דיא אַנדערע האנד. ווען ער האט געהאט פרייע הענד, האט ער ארויסגענומען זיין מעסער פון דער קעשענע און האט איבערגעשניטען דעם שטריק, מיט וועלכען זיינע פיס זיינען געוועזן געבונדען. ער איז אויפגעשפרונגען און האט זיך אומגעקוקט אין אלע זייטען. דאן האט ער אנגעהויבען צו צושניידען דיא שטריק פון זיינע קאַמעראַדען.

אין איינינע מינוט האבען מיר אלע ווידער געהאט פרייע הענד און פרייע פיס. אלע האבען זיך אויפגעזעצט און האבען זיך אומגעקוקט. מיר זיינען שוין געווען ווייט פון ברעג. דיא זון האט אנגעהויבען צו ברענען, וויא פייער, וויא זיא ברענט געוועהנליך אין יענער געגענד, און אלע האבען געפיהלט אברענענדען דורשט. צום גליק פאר אונז, האט קאַפּיטאן אַרמסטראָנג אראפגעלאָזען אין באָאָט א פעסעל וואסער און אזאק צוויבאַק (סוהאַרעס).

דער נעגער האט זיך א נידער געזעצט אויפ׳ן פּאַס וואַסער און האט אנגעהויבען אויסצוטהיילען יעדען א פּאָרציאָן וואסער. ער האט געפונען אבלעכעל, מיט וועלכען מען פלעגט אויסשעפען דאס וואסער פון באָאָט. יעצט האט דיעזעס בלעכעל געדיענט אלס מאָס פאר וואסער.

ווען מיר האבען אביסעל געשטילט אונזער דורשט און הונגער, האבען מיר אנגעהויבען צו טראכטען, וויא מיר זאלען זיך אומקעהרן צו דער אינזעל, וואו דער „שוואַרצער אָדלער" געפינט זיך. מיר האבען געפונען אין באָאָט צווייא רודערן (וויאָסלעס), דאס איז אבער געווען צו ווענינ פאר אזוי אגרויסעס און שווערעס באָאָט. ווען מיר זאלען קענען מאכען אזעגעל, וואלטען מיר געקענט ווארטען, ביז עס וועט זיך אויפהייבען א ווינט און וועט אונז צו־טרייבען צום ברעג, מיר האבען אבער גאר נישט געהאט און האבען ניט געוואוסט וואס צו טאהן.

— מיר מוזען אויסברעכען עטליכע ברעטער פון באָאָט, בעזאָנדערס דיא ברעטער, וועלכע דיענען א״ם בענק פון זיי וועלען מיר מאכען נאך א פאר רודערן (וויאָסלא׳ס), האט איינער זיך אפגערופען, דאן וועלען מיר איין

ברעט אויפשטעלען אין דער הויך און מאכען פון איהר אַסאָרט זעגעלבוים.
צו דיעזען זעגעלבוים וועלען מיר צובינדען אונזערע העמדער אלס זעגעל.

קיין בעסערן ראטה האט קיינער ניט געקענט געבען. קיין אנדערעס מיטעל האט קיינער ניט געקענט אויסגעפיהנען. אלע זיינען געווען איינפער־שטאנען מיט דיעזען ראטה און מיר האבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט.

עס איז געווארען צוועלף אוהר. דיא זון איז געשטאנען איבער אונזערע קעפּ און האט אונז געברענט אהן רחמנות. דיא פיראַטען זיינען געווארען מיעד און דורשטיג. זיי האבען געבעטען נאך א פּאָרציאָן וואסער, דער נעגער אבער איז געזעסען אויפ'ן פּאַס מיט וואסער און האט עס אפּגעהיט, וויא א גוטער הונט. אלע האבען אויסגעשטרעקט דיא הענד און האבען געזוכט אביסעל ווינט.

ליידער, הייבען זיך אויף אין יענע געגענדען דיא ווינטען נור אין דער פריה און פאר נאכט. אין דער פריה בלאָזען דיא ווינטען פון דער יבשה, פונ'ם לאנד אין מעער; פאר נאכט בלאָזען זיי פערקעהרט, פונ'ם מעער צום לאנד. מיר האבען אלזא געמוזט יוארטען ביז פאר נאכט, ווען עס וועט זיך אויפהייבען א ווינט און וועט אינז צוטרייבען צום ברעג.

דיא פיראַטען זיינען געזעסען מיט דיא הענד פערלעגט און האבען ניט געהאט וואס צו טאהן. זיי האבען פּראָבירט רודערן, דאס מעער איז אבער געווען שטיל און רוהיג. זיינע טיעפע וואסערן זיינען געווען שווער און גע־דיכט, וויא בוימאייל.

פלוצלונג האט זיך איינער עפעס דערמאָנט און האט זיך געווענדעט צו מיר.

דוא ביסט שולדיג אין אונזער אונגליק! האט ער אויסגערופען, — דוא האסט מיר געגעבען דיא פלאַש ראָם.

— ער האט אינז אנגעשכורט! האט דער נעגער געשריען, ער איז שולדיג! ער האט אונז פערראטהען!

מיין לאגע איז געווארען א פערצווייפעלטע. איך האב מיך געפונען צווישען שלעכטע און ווילדע מענשען, וועלכע האבען צו יעדער מינוט געקענט מיך אריינווארפען אין וואסער. איך האב געמוזט זיך פערטהיידיגען.

וואס ווילט איהר פון מיר? האב איך אויסגערופען. — בין איך דען ניט געווען געבונדען גלייך מיט אייך? לייד איך דען ניט גלייך מיט אייך? — וויא קענט איהר דענקען, אז איך האב געוואלט אייך אנשכור'ן? וואס האב איך דען געוואונען דערפון?

— דוא האסט געוואלט אנטלויפען פון אונז! האט דער נעגער אויס־גערופען.

— וויא קענט איהר זאגען, אז איך האב געוואלט אנטלויפען, ווען איך בין ערשט נעכטען פאר נאכט אריינגעטרעטען אין אייער בונד און האב איך געשווארען טרייהייט ביז אין טויט?

עס האט זיך אנגעהויבען א געשריי, א געוואלד און א לארם. אייניגע האבען געזאגט, אז איך בין שולדיג אין אלעמען; אנדערע האבען געפונען, אז איך בין ניט שולדיג.

— מיר האבען ניט געדארפט טרינקען, ווען מען האט אונז געגעבען, האבען זיי געזאגט.

אלענפאלס איז מיין לאגע געווארען ניט גאנץ אנגענעהם און ניט גאנץ זיכער. דיא היץ האט געברענט וויא פייער. דאס מעער האט אויסגעוויזען, וויא א קעסעל פול מיט געשמאלצענעם גאלד. דאס וואסער איז געוועןווארם, אז עס איז געווען אונאנגענעהם צו האלטען א האנד אין וואסער. וואו עס איז געווען א שטיקעל אייזען אדער א שטיקעל מעש אין באאט, האט עס געברענט, וויא עס וואלט געווען צוגליהט.

דיא פיראטען זיינען געווארען ווילד און אונרוהיג. איך האב געציטערט פאר מיין לעבען.

אין דער וואהרהייט געזאגט, האט ביי מיר דאמאלס מיין לעבען קיין גרויסען ווערטה ניט געהאט. איך האב זעהר גוט פערשטאנען, אז קאפיטאן ארמסטראנג האלט מיך פאר א פיראט. ווען ער זאל מיך ניט האלטען פאר אשלעכטען מענשען, וואלט ער מיך מיט געוואלד געווען אויפגעהאלטען אויף זיין שיף. איך האב אלזא ווייניג האפנונג, אז דיא גוטע העלענא זאל אמאל ווערן מיין פרוי. לעבען מיט דיא רויבער אונטער דאס קאמאנדא פון קאפיטאן האוק, איז אויך ניט אזוי גוט: קאפיטאן האוק איז דאך א רויבער און א מערדער.

וואס טויג מיר אלזא דאס לעבען? איך וואלט צופריעדען געווען, ווען איינער פון דיא פיראטען וואלט מיר אריינגעשטאכען א מעסער פון הינטען און איך וואלט מיט אמאל געשטארבען. איך האב נור ניט געוואלט ליידען. דער טויט, בעזאנדערס דער פלוצלונגער טויט וואלט מיר געווען אנגענעהם.

איך האב אלזא ערווארטעט יעדע מינוט, אז מען וועט מיך אריינווארפען אין וואסער, אדער מען וועט מיך דערשטעכען. פלוצלונג אבער האט דער נעגער, וועלכער איז געזעסען אייפ'ן פאס וואסער, אלזא העכער פון אונז אלעמען, אויסגערופען:

— זעהט! זיי קומען! קאפיטאן האוק האט אונז ניט פערגעסען!

אלע זיינען אויפגעשפרונגען און האבען געקוקט אין דער זייט, וואו דער נעגער האט געוויזען, מיר האבען דערזעה'ן פון דער וויטען צוויא באאטע. זיי זיינען אנגעקומען פון דער זייט, וואו עס האט זיך געפונען דיא אינזעל,

וואו דער „שוואַרצער אָדלער" איז געשטאַנען. עס איז געוועזן דייטליך, אַז קאַפּיטאַן האַוק האָט געשיקט דיא באָאָטע אונז זוכען.

אַזוי ווי מיר האָבען אַלע געקוקט אין דער זייט, פֿון וואַנען דיא באָאָטע זיינען אָנגעקומען, האָבען מיר ניט געקענט בעמערקען, אַז פֿון דער אַנדערער זייט איז אָנגעקומען אַ שיף. ערשט ווען דאָס שיף איז שוין געוועזן אַזוי נאָהענט, אַז מיר האָבען געקענט זעהן דיא מענשען אויף איהר, האָט זיך איינער פֿון אונז צופֿעליגער ווייזע אומגעקוקט און האָט זיא דערזעהן.

— אַ שיף! אַ שיף! האָט ער אויסגערופֿען.

אַלע האָבען זיך אומגעקעהרט קוקען אויף דאָס שיף.

— צום טייפֿעל! האָט אויסגערופֿען דער נעגער, — דאָס איז דאָס קריעגס שיף, וועלכעס האָט געשאָסען אויף אונז מיט עטליכע טעג צוריק! זיא זוכט אונז! — מיר זיינען פֿערלאָרען, ווען זיא וועט אונז דערזעהן. — לעגט אייך אַנידער.

אַלע האָבען זיך אַנידער געלעגט אויף'ן באָדען (דנאָ) פֿון'ם באָאָט, אום די מענשען פֿון'ם שיף זאָלען אונז ניט דערקענען.

— ווען דאָס שיף וועט צוקומען נעהענטער און וועט פֿרעגען, ווער מיר זיינען, זאָלען מיר זאָגען אַז אונזער שיף איז אונטער געגאַנגען און מיר האָבען זיך געראַטעוועט אויף'ן באָאָט, האָט דער נעגער געזאָגט.

אונטערדעסען האָבען די באָאָטע, וועלכע קאַפּיטאַן האַוק האָט אַרויס געשיקט אונז זוכען, אויך דערזעהן דאָס קריעגס שיף. זיי האָבען זיא אויך דערקענט און האָבען זיך באַלד אומגעקעהרט. זיי זיינען אַנטלאָפֿען מעלדען קאַפּיטאַן האַוק, אַז דאָס קריעגס שיף זוכט אונז.

מיר האָבען געהאַט זעהר ווייניג צייט זיך צונויפֿצורעדען, וואָס מיר זאָלען זאָגען, ווען מען וועט אונז אַרויפֿנעהמען אויף'ן דעק פֿון'ם קריעגס שיף. מיר האָבען געדאַרפֿט אָפּרעדען, וואָס מיר זאָלען ענטפֿערן, ווען מען וועט אונז פֿרעגען: ווי עס האָט געהייסען אונזער שיף? ווען זיא איז אונטער־געגאַנגען? פֿון וואַנען איז זיא געקומען? וואוהין איז זיא געגאַנגען? וואָס פֿאַר סחורות זיא האָט געפֿיהרט און נאָך אַזעלכע פֿראַגען. דאָס אַלעס האָט מען געדאַרפֿט פֿריהער אָפּרעדען, אום איינער זאָל ניט זאָגען אַזוי און דער אַנדערער זאָל ניט זאָגען אַנדערש.

מיר האָבען אָבער דערצו קיין צייט געהאַט. מען האָט אונז בעמערקט אויף'ן שיף און מען האָט באַלד אַראָפּגעלאָזען אַ גרויסען באָאָט, אין וועלכען עס זיינען געזעסען פֿופֿצעהן סאָלדאַטען מיט שאַרף געלאָדענע פּיסטאָלעטען און עטליכע מאַטראָזען. זיי זיינען גלייך צוגעפֿאָהרען צו אונז, האָבען פֿער־וואָרפֿען אַ שטריק אויף אונזער באָאָט און מען האָט איהם צוגעפֿיהרט צום שיף. דאַן האָט מען אונז געהייסען אויפֿשטעהן און אַרויפֿקריכען אויף דער

שטריקלייטער אויפ'ן דעק פונ'ם שיף.

אונז האבען ארומגערינגעלט אמעריקאַנישע סאָלדאטען מיט ביקסען. דער שיפסקאַפּיטאַן און זיינע אָפיציערן האבען געטראגען מונדירען פון אמעריקאַנישע אָפיציערן. — מיר זיינען געווען אויף אַן אמעריקאַנישעם קריעגס שיף.

## 24-טעס קאפּיטעל

## אם קריעגס שיף פאַלט אַן אויף דיא אינזעל פון דיא פּיראַטען.

דיא אמעריקאַנישע מאַרינע סאָלדאַטען האבען אונז ארומגערינגעלט און דער קאַפּיטאַן האט געפרעגט איינעם פון אונז.

— ווער זייט איהר?

— מיר זיינען אונגליקליכע מאַטראָזען, האט דער פּיראַט געענטפערט, אונזער שיף איז אונטערגעגאנגען און מיר האבען זיך גערעטעט אויף אונזער באָאָט.

— ער האט עס געזאגט מיט אזא רחמנות פנים און אזוי טרויעריג, אז איך בין געווען זיכער, אז דער אמעריקאַנער שיפסקאַפּיטאַן גלויבט איהם, איך האב אבער אטעות געהאט.

— ווער זיינען געווען יענע באָאָטע, וועלכע האבען זיך געלאזען צו אייך און זיינען אנטלאפען געווארען, ווען זיי האבען אונז דערזעהן? האט דער אמעריקאנער שיפסקאפּיטאן געפרעגט.

— דאס ווייס איך ניט, האט דער פּיראַט געענטפערט, איך האב זיי גאר ניט געזעהן און ווייס ניט, ווער זיי זיינען.

— פיהרט זיי אראפּ אונטען! האט דער אמעריקאנער קאָמאַנדירט, האלט יעדען פון זיי בעזונדער!

מען האט אונז אראפּגעפיהרט אונטען און מען האט יעדען פון אונז פער־שפּאַרט אין אבעזונדער קעמעריל. דאַן האט מען אונז ארויפגעפיהרט אויפ'ן דעק איינציגווייס און מען האט אנגעהויבען אויסצופרעגען יעדען, וויא ער קומט אויפ'ן באָאָט. איך האב ניט געקענט וויסען, וואס מיינע קאָמעראַדען האבען געזאגט. איך האב דערצעהלט, אז איך בין געווען אמאַטראָז אויף דער סאנקט העלענא", קאפּיטאן אַרמסטראָנג, דיא מאַטראָזען זיינען ניט געווען צופריעדען מיט'ן קאַפּיטאַן. איך אבער בין געווען מיט איהם זעהר צופריעדען. עכטען ביי נאכט, ווען איך בין געשלאפען, האט מען מיך געבונדען און מען האט מיך אריינגעווארפען אין באָאָט מיט מיינע קאַמעראַדען.

— אגאנץ נייע געשיכטע! האט אויסגערופען דער אמעריקאנער שיפס-קאפיטאן.

איך האב אנפאנגס גערעכענט, איך זאל אויסזאגען דיא וואהרהייט און זאל אנוייזען, וואו קאפיטאן האוק מיט זיין שיף געפינען זיך, איך האב מיך אבער דערמאָנט, אז איך האב פרייוויליג, ניט געצוואונגען, געשווארען, איך זאל זיי ניט פערראטהען, זאָגאר ווען איך וועל מיך געפינען אין דער גרעסטער לעבענסגעפאהר. איך האב ניט געוואלט ברעכען מיין שבועה.

— יעדער פון זיי דערצעהלט אנאנדער געשיכטע, דא מוז עפעס זיין! האט דער אמעריקאנער שיפסקאפיטאן געזאגט צו זיינע אָפיציערן.

דאן האט ער זיך געווענדעט צו מיר און האט מיר געזאגט:

— דוא ביסט איינגער פון זיי אלעמען. זאג דוא מיר דיא וואהרהייט: ווער זייט איהר?

— איך האב אייך געזאגט דיא וואהרהייט, קאפיטאן, האב איך געענטפערט.

— געדענק, יונגערמאן! איבערלעג זיך, וואס דוא טהוסט! יעצט איז דיא צייט, דוא זאלסט אלעס אויס זאגען, יעצט וועל איך דיר גלויבען און דוא וועסט רעטען דיין לעבען, שפעטער וועט עס דיר שוין ניט העלפען.

איך האב דאמאלסט ניט געוואוסט, אז אין אמעריקא איז דא א געזעץ, אז ווען עטליבע מענשען האבען צוזאמען בעגאנגען אפערברעכען און איינער פון זיי זאגט אויס און טרעט אויף אלס צייגע (עדות) געגען זיינע קאמעראַדען, קומט איהם גאר קיין שטראָפע. מען לאזט איהם גאנץ פריי. עס איז זעהר מעגליך, אז ווען איך זאל דאמאלסט געווען וויסען דערפון, וואלט איך עס בענוצט.

ביי מיר אין קאָפּ איז אבער נאך אלץ געליעגען דאס שפריכוואָרט: „מיט געפאנגען, מיט געהאנגען". איך האב נאך אלץ געהאָפט, אז דער אמעריקאנער וועט קיין מאל ניט קענען ארויסקריעגען פון אונז דיא וואהרהייט און וועט מוזען אונז אפלאזען. איך האב גערעכענט, אז מען וועט אונז ברענגען אין אַפּאָרט פון אמעריקא און מען וועט אונז אפלאזען, דאן וועל איך שוין זוכען א מיטעל וויא צו קומען צו דער „טאנקט העלענא".

— אראפלאזען אלע באָאָטע! פופציג מאן אין דיא באָאָטע! האט אונטערדעסען קאָמאנדירט דער שיפסקאפיטאן.

איך האב געהערט, וויא ער האט צוגערופען זיין ערשטען אָפיציער און האט איהם געהייסען נעהמען מיט זיך פופציג מאן און פאהרען אין דער זייט, וואו דיא באָאָטע זיינען פערשוואונדען געווארען.

איך האב געהערט, וויא דער אמעריקאנער שיפסקאפיטאן האט גע-הייסען זיין ערשטען אָפיציער ארייגפאהרען אין טייך, וואו דער „שווארצער

אָדלער איז געשטאנען. איך האב פערשטאנען, אז דער אמעריקאנער קען גוט דיא געגענד און איז זיך משער, אז דיא פיראַטען האבען זיך דא ערגעץ בעהאלטען. פון זיינע ווערטער בין איך געוואהר געווארען, אז דאס איז דאס זעלבע קריעגס שיף, מיט וועלכער מיר האבען זיך געשלאגען מיט עטליכע טעג צוריק. דער אמעריקאנער שיפסקאפיטאן האט ניט געקענט פערגעסען, אז דער „שווארצער אָדלער" האט ביי זיי ארויסגעשאָסען דעם מיטעלסטען זעגעלבוים און האט זיך ענטשלאסען צו זוכען אזוי לאנג דעם „שווארצען אָדלער", ביז ער וועט איהם געפינען.

מען האט אראפגעלאזען פיער באָאָטע פונ'ם קריעגס שיף און אונזער באָאָט, אין וועלכען מיר האבען צוגעבראכט דיא נאכט, איז געוועזען דאס פינפטע. און דיעזע פינף באָאָטע האבען זיך אריינגעזעצט פופציג אמעריקא־נישע מאַרינע סאָלדאַטען מיט שאַרף געלאָדענע ביקסען, מיט רעוואָלווערס און מיט אפאר פעסלעך פולווער און קוגעלן.

איך האב געוואוסט, אז זיי וועלען געפינען קאפיטאן האוק מיט זיין שיף. איך האב עס געקענט לעזען אויף זייערע געזיכטער. דאס זיינען געוועזען ענטשלאָסענע (אָטוואַזשניע) פעהיגע און טיכטיגע אמעריקאנער, וועלכע האבען זיך איינגעשפאַרט צו זוכען און צו געפינען דיא פיראַטען.

עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען. איך האב בעדויערט קאפיטאן האוק. איך האב ערשט יעצט געזעהן, אז איך האב ליעב דיעזען מענשען. ער איז שטענדיג געוועזען פריינדליך געגען מיר און האט מיך געלערנט א שפראַכע. קאפיטאן האוק איז געוועזען א פיראַט, א רויבער און א מערדער, ער איז אבער געוועזען קיין געוועהנליכער מענש.

— ווער וויים, וואס עס האט איהם געבראכט דערצו, ער זאל ווערען א פיראַט? האב איך מיר געטראכט. איך האב אליין געזעהן, אז ער איז ניט צופריעדען מיט דעם זאָנדערבאַרען לעבען, וואס ער האט געפיהרט.

אַך! וויא האב איך געוואלט איהם ווארענען, איהם גיבען אצייכען, אז מען פאהרט אים זוכען! וואס האט עס אבער געהאלפען? איך בין געוועזען גע־פאנגען! איך וויים ניט, פאר וואס דער שיפסקאַפיטאן האט געמאכט אַן אויסנאהמע געגען מיר, און האט מיך געלאזען שטעהן אויפ'ן דעק, אין דער צייט ווען אלע מיינע קאַמעראַדען זיינען געוועזען פערשפאַרט אין אַ קעמעריל אונטען.

איך האב געזעהן וויא דיא אַמעריקאנער סאלדאַטען האבען זיך אניעדער געזעצט אין זייערע באָאָטע. איך האב געזעהן, וויא מען האט זיי אראפגעלאזען פעסלעך מיט צוויבאַק (סוחאַרעם) און פעסלעך מיט וואסער. איך האב געזעהן, וויא ד א פינף באָאָטע זיינען אוועקגעפאָהרען. איך האב געזעהן, וויא זיי זיינען אריינגעפאהרען אין טייך, און זיינען געפאהרען גלייך צו דעם אָרט, וואו דער

„שוואַרצער אָדלער" איז געשטאַנען . איך האב אלעם געזעהן , און האב געמוזט שווייגען .

איך האב געוואוסט , אז ווען קאַפּיטאַן האַוק געפינט זיך אויף זיין שיף , וועט ער זיך געוויס פערטהיידיגען . ער האט אויף זיין שיף אַכט קאַנאָנען , ווען ער זאל שיעסען פון זיי , וועט קיין באָאָט ניט קענען צוקומען צו דער אינזעל , וואו זיי געפינען זיך . וועט אבער קאַפּיטאַן האַוק ניט זיין אויפ'ן דעק פון „שוואַרצען אָדלער" , דאן איז ער פערלארען . דיא אַמעריקאנער קענען אָנפאלען אויף איהם פלוצלונג , איידער ער וועט זיין אים שטאנד זיך צו פערטהיידיגען .

איך האב בעדויערט קאַפּיטאַן האַוק , איך האב מיט איהם מיטלייד געהאט , איך וואלט געשפרונגען אין וואסער איהם צו וואַרענען און איהם צו רעטען . איך קען מיר ביז היינט ניט ערקלערן , פאר וואס איך האב פלוצלונג אזוי ליעב בעקומען דיעזען מענשען , פאר וואס איך האב אזוי געוואלט איהם רעטען , פאר וואס איך האב אזוי געציטערט פאר איהם , און פאר וואס עס האט מיך אזוי געצויגען צו איהם .

איך בין געשטאַנען אויפ'ן דעק פון דעם אַמעריקאנער קריעגס שיף , און האב מיך צו געהערט ; זעהן האב איך מעהר ניט געקענט , ווייל דיא באָאָטע זיינען באלד פערשוואונדען געווארען אין קרומען קאַנאל , און דיא בוימער האבען זיי אין גאנצען פערשטעלט .

עס איז פערגאנגען אהאלבע שטונדע אין א שרעקליכעם ווארטען . פלוצלונג האב איך דערהערט שיעסען . דיא אַמעריקאנישע מאַרינע סאָלדאטען האבען אויסגעפונען דיא אינזעל פון דיא פיראַטען . מען האט געהערט דעם קנאַק פון קאַנאָנען און דעם קנאַלל פון ביקסען . — אלזא , קאַפּיטאַן האַוק שיעסט מיט זיינע קאַנאָנען , און דיא אַמעריקאנער ענטפערן איהם מיט זייערע ביקסען .

איך האב געציטערט , וויא אין אַ פיעבער . איך האב זעהר געוואלט , אז קאַפּיטאַן האַוק זאל פערטרייבען דיא אַמעריקאנער . איך האב געמיינט , אז נור איך בין אזוי אונרוהיג . פלוצלונג האב איך געהערט , וויא דער שיפסקאַפּיטאַן פונ'ם אַמעריקאנישען קריעגס שיף האט אויסגערופען :

— אויפציעהען דיא זעגעל ! געהן צו הילף !

איך האב געוואוסט , וואס ער מיינט . ער האט געוואלט געהן צו הילף זיינע סאָלדאטען . ער איז געשיקט געווארען פון דער אַמעריקאנישער רעגיערונג אייסצוגעפינען דיא פיראטען , און ער האט געוואָלט בעווייזען אז ער האט זייא אויסגעפונען . איך האב געזעהן וויא דער אַמעריקאנער איז אויפגערעגט , וויא ער ציטערט און וויא ער פלאַטערט . ער האט געוואלט אליין פאהרען און העלפען זיינע אפיציערען און זיינע סאָלדאטען .

איינער פון זיינע אפיציערען איז צוגעקומען צו איהם , און האט איהם געוויעזען דיא לאנד קאַרטע פון דיעזער געגענד . איך האב ניט געקענט הערן ,

וואס זיי האבען גערעדט, איך האב אבער פערשטאנען פון זייערע מינען, אז דער שיפסקאפּיטאן וויל פאהרען צו דער רויבער אינזעל, און דער אָפיציער לאזט איהם ניט.

פלוצלונג איז איין באָאָט ארויסגעפאהרען פון שמאלען קאַנאל, דאן נאך איינס און נאך איינס. דער שיפסקאַפּיטאן האט בעמערקט זיינע מענשען און זיינע באָאָטע. אויפ'ן דעק פונ'ם קריעגס שיף איז געווארען אַ פרייד, און אלע האבען אגעשריי געטאהן:

— מיר האבען זייא!

לאנגזאם זיינען צוגעקומען דיא באָאָטע. זיי זיינען געווען פול אנגעלאָדען מיט פעק, באַללען און קאַסטענס; פיעלע פון דיעזע באַללען און קאַסטענס האב איך דערקענט. אייניגע זיינען געווען פון דער „סוסאַנאה”, אנדערע פון דער „סאנקט העלענא”. לעבען דיא סחורות זיינען געלעגען געפאנגענע געבונדען.

דיא באָאָטע זיינען ענדליך צוגעקומען, און דער שיפסקאַפּיטאן האט גע-הייסען פריהער ארויפנעהמען דיא געפאנגענע, און דער נאך דיא סחורות. איך האב מיך צוגעקוקט צו יעדען געפאנגענעם, וועלכען מען האט ארויפגעפיהרט אויפ'ן דעק. איך האב געזוכט מיט דיא אויגען קאַפּיטאן האָוק, אבער ניט קאַפּיטאן האָוק, ניט אברהם דשאָנס זיינען ניט געווען צווישען דיא געפאנגענע. מען האט שנעל אויסגעלאָדען דיא סחורות, און אונזער שיף איז יעצט געפאהרען צו דעם אָרט, וואו דער „שוואַרצער אָדלער” איז געשטאנען.

איך בין דיא גאנצע צייט געשטאנען אויפ'ן דעק און האב געזוכט מיט דיא אויגען קאַפּיטאן האָוק. מיר זיינען צוגעקומען צו דער קליינער בוכטע, וואו דער „שוואַרצער אָדלער” איז געשטאנען, און דיא אַמעריקאנער האבען געוואלט ארויפשפּרינגען אויף איהם. פלוצלונג האט דער שיפסקאַפּיטאן אויס-גערופען:

— אנטלויפט, ווען דאס לעבען איז אייך ליעב! דאס שיף ברענט!

ער האט רעכט געהאט. לעבען דעם מיטעלסטען זעגעלבוים פונ'ם „שוואַרצען אָדלער” האט זיך געוויעזען אגאנץ דינער רייך; עס האט זיך איינ-געוויעזען פון דער ווייטען, אז דארט זיצט איינער און רויכט אַציגאר, נור דאס שארפע אויג פונ'ם אַמעריקאנער שיפסקאַפּיטאן האט געקענט זעהן, אז דאס ברענט דער „שוואַרצער אָדלער”. ער האט אויך באלד געהייסען אנטלויפען פון דיעזען אָרט.

— דיא רויבער און מערדער! האט ער אויסגערופען פול גרימצאָרן. — זיי האבען אונטערגעצונדען זייער שיף, אין וועלכען עס געפינט זיך געווים פיעל פולווער. זיי האבען גערעכענט, אז מיר וועלן ארויפקומען אויפ'ן דעק, וועלען אָנהויבען צו זוכען אין דיא קאַיוטען, דאס שיף וועט צוזעצט ווערן, וועט אויפשפּרינגען אין דער לופט, און מיר וועלען אונטערגעהן מיט איהר.

קוים זיינען מיר אוועקגעפאהרען אַ פּאָר הונדערט שריט פונ'ם „שוואַרצען אָדלער" , האבען מיר געהערט אַ שרעקליכען טראַך . דאס פּייער אויפ'ן „שוואַרצען אָדלער" איז צוגעקומען צו דער פולווער קאַמער . דאס פולווער האט זיך אָנגעצונדען , און האט צוריסען דאס שיף אויף שטיקער . מיר האבען געזעהן , וויא עס זיינען געפלויגען שטיקער פונ'ם „שוואַרצען אָדלער" אין אלע זייטען , אונז האט עס אבער ניט געטראפען , וויל מיר זיינען געשטאנען אין אַן ארט , וואו דער טייך האט זיך אויסגעדרעהט און אוועלדעל פון הויכע און שטארקע בוימער , האט אונז געשיצט געגען דיא שטיקער האָלץ און אייזען , וועלכע זיינען געפלויגען אין אלע זייטען .

ווען אלעס איז ווידער רוהיג געווארען , זיינען מיר ווידער אריינגעפאהרען אין דער קליינער בוכטע . אלעס איז געוועזען שטיל און רוהיג אויף דער אינזעל ׃ מען האט ניט געזעהן קיין לעבעדיגען מענשען . דער שיפסקאַפּיטאן האט איבערגעלאזען אַ וואַך פון צוואנציג מאן אויפ'ן דעק , און ער מיט אלע זיינע אָפּיציערען , מיט אלע מאטראָזען און סאָלדאטען , זיינען אראפגעגאנגען אויף דער אינזעל .

זיי האבען געזוכט אין אלע ווינקעלעך , אונטער יעדען בוים , אונטער דיא דערנער , און דיא קליינע ביימלעך , וועלכע האבען אין ערטער געוואקסען זעהר געדיכט , און אין דיא היילען , און זיי האבען אויסגעפונען אלעס , וואס דיא רויבער האבען אָנגעזאמעלט זייט יאהרען . איך האב געזעהן , וויא מען האט צוגעבראכט צום שיף אלערלייא זאכען , דארונטער פיעלע גאלד און זילבער זאכען , און מען האט זיי אניעדער געלעגט אויפ'ן דעק .

קיין לעבעדיגען מענשען אבער האט מען ניט געבראכט פון דער אינזעל . קאַפּיטאן האַוק , אברהם דשאָנס , און נאך איניגע פּיראַטען , זיינען אנטלאפען געווארען . — וואוהין ? דאס האט קיינער ניט געפרעגט , און קיינער האט זיך ניט אינטערעסירט צו וויסען .

מיר האבען פערבראכט אגאנצען טאג אויף דער אינזעל . איך בין שפּעטער געוואהר געווארען , אז נאך דיא אַמעריקאנישע געזעצע , האבען אלע סחורות , און דאס גאלד און זילבער , וועלכע מען האט געפונען ביי דיא פּיראַטען , געהערט צום שיפסקאַפּיטאן און זיינע מענשען ווען קיינער האט עס ניט געפאָדערט אין אצייט פון דרייא מאָנאַטע . דאס איז אלזאָ געוועזען דיא אורזאכע , וואס דיא אַמעריקאנער האבען איבער געקעהרט דיא אינזעל , און האבען צוגענומען אלעס וואס זיי האבען געקענט געפינען .

געגען אבענד זיינען אלע צוריק געקומען אויפ'ן שיף , און דער שיפסקאַפּיטאן האט זיך געאיילט ארויס צופאהרען פון דעם שמאָלען און פערדרעהטען קאַנאל , זאָ לאנג עס איז נאך ליכטיג אין דרויסען . ווען עס איז געוואָרען נאכט , זיינען מיר שוין געוועזען ווייט פון דער רויבער אינזעל .

# 25-טעס קאפיטעל

## איך שטעה פאר אַקריעגס געריכט און מוז ווערן אַן אַמעריקאנער מאַטראז .

אזוי וויא אלע זיינען געווען זעהר מיעד פון דער שווערער ארבייט, האט דער שיפסקאַפּיטאַן געהייסען פערשליעסען אלע געפאנגענע אין קאַיוטען גאנץ אינטען אין שיף, האט געשטעלט אַ שארפע וואַך, און דיא איבעריגע האבען זיך פריה געלעגט שלאפען .

דיא נאכט איז פערגאנגען, שטיל און רוהיג . אין דער פריה זיינען מיר שוין געווען גאנץ וויט פון דער רויבער אינזעל. מיר זיינען יעצט געפאהרען זעהר שנעל. — וואוהין? דאס האב איך דערוויל ניט געקענט וויסען .

דער שיפסקאַפּיטאַן האט ווידער געהייסען ארויפברענגען צו איהם דיא געפאנגענע איינציגווייס, און האט יעדען אויסגעפרעגט, ווער ער איז, און וויא ער קומט צו דיא רויבער . איך וויים ניט, וואס דיא פיראטען האבען געענטפערט, איך וויים נור, אז איך האב מיך ענטשלאסען, איך זאל דערצעהלען דעם שיפס־קאַפּיטאַן אלעס, וואס האט מיט מיר פּאַסירט, און וויא איך בין געקומען צו דיא פּיראַטען .

איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז עס שטעהט זעהר שלעכט מיט אונז, אז קוים וועט דער שיפסקאַפּיטאַן אונז ברענגען אין אַן אַמעריקאנישען פּאָרט, וועט מען אונז אלע אויפהענגען . איך האב געהערט עטליכע מאל, וויא דיא פּיראַטען האבען גערעדט צווישען זיך, אז דיא אַמעריקאנער זיינען זעהר שטרענג, און ווען אַ פּיראַט פאלט אריין אין זייערע הענד, הענגט מען איהם באלד אויף . איך האב מיך דאהער ענטשלאָסען צו דערצעהלען מיין גאנצע געשיכטע, און אויסצוזאגען אלעס וואס איך האב געוואוסט פון קאַפּיטאַן האַוק מיט זיין באנדע .

ווען מען האט מיך צוגעפיהרט צום שיפסקאַפּיטאַן, און איך האב איהם אלעס דערצעהלט פריי און עהרליך, האט ער געשאָקעלט מיט'ן קאפּ, און האט געזאגט :

— דו ביסט זעהר יונג, און עס קען זיין, אז דו ביסט מיט געוואלד געבראכט געווארען אויף דעם פּיראַטען שיף, קענסט דו עס אבער בעווייזען? קענסט דו מיר ווייזען איין מענשען, וועלכער זאל זאגען, אז דו ביסט ניט פרייוויליג איינגעטרעטען אלס רויבער אויפ'ן דעק פונ'ם „שווארצען אדלער" ?

איך האב געוויעזען אויפ'ן נעגער, מאַרק אַנטאָנין, און בין געווען זיכער, אז ער וועט זאגען, וויא אזוי איך בין געקומען אויפ'ן דעק פונ'ם „שוואַרצען אָדלער". וויא גרוים איז אבער געווען מיין ערשטוינען, ווען איך האב געהערט, וויא דער נעגער האט געענטפערט :

— דיעזער יונגע איז געווען דער ערגסטער פון אלע. ווען דיא פיראַטען פלעגען האַפּען אשיף, פלעגט ער זיין דער ערשטער ארויפצושפּרינגען אויפ'ן דעס און פלעגט טייטען יעדען, וועמען ער האט געטראפען.

— וויא קומסט דוא אבער אויף דעם פיראַטען שיף? האט דער שיפס־קאַפּיטאן געפרעגט.

— איך בין געווען אַקאָך אויף אַן אַמעריקאנישעס קויפמאַנס שיף, האט דער נעגער ערקלערט, דיא פיראַטען זיינען אָנגעפאַלען אויף דעם שיף, האבען אלעמען געטייטעט, מיך אבער האבען זיי געלאזט לעבען, ווייל זיי האבען געדארפט אמענשען, וועלכער זאל זיי קאָכען עסען.

— און וויא לאנג קענסט דוא דיעזען יונגען מאן, וועלכער זאגט, אז ער הייסט ריטשאַרד קעמדען?

— איך קען איהם זייט אכט מאָנאַטע, האט דער נעגער געענטפערט גאנץ רוהיג. איך האב איהם געטראפען ביי דיא רויבער, און האב שטענדיג מורא געהאט פאר איהם, ווייל ער איז שטענדיג געווען ערגער און ווילדער פון זיי אלע.

איך בין אויפגעשפרונגען פאר שמערץ און פערדרוס. איך האב מיר ניט געקענט פאָרשטעלען, אז עס זאל זיך געפינען אמענש וועלכער קען זאגען אַזא גראבען ליגען יענעם אין דיא אויגען.

— איך בעט אייך, קאַפּיטאן! האב איך אויסגערופען, — איך בעט אייך, פרעגט ביי אנדערע און זיי וועלען אייך זאגען, אז איך בין קיין זעקס וואכען ניט געווען ביי דיא פיראַטען. זיי האבען מיך געפאנגען אויף דעם שיף „סוסאַנאַה"...

דער שיפסקאַפּיטאן האט געהייסען ארויפברענגען אַן אנדער רויבער, און האט איהם געפרעגט:

— וויא לאנג איז ביי אייך געווען דיעזער יונגער מאן?

— זייט צווייא יאהר, האט דער פיראַט געענטפערט.

איך האב קוים איינגעבעטען דעם קאַפּיטאן, ער זאל פרעגען אַדריטען. מען האט איהם געפרעגט, און ער האט געענטפערט:

— גאר ניט לאנג, זייט פינף אדער זעקס וואָכען.

דאס איז געווען דיא וואהרהייט. מאַרק אַנטאָנין און דער אנדערער פיראַט אבער האבען געשווארען, אז איך בין שוין לאנג מיט זיי. יעדער האט דער־צעהלט אַן אנדער געשיכטע, און יעדער האט געשווארען און בעוויעזען מיט טויזענדער ליגענס, אז ער זאגט דיא וואהרהייט.

דער שיפסקאַפּיטאן מיט זיינע אָפיציערן זיינען געווארען אזוי צומישט, אז זיי האבען קיינעם ניט געוואלט גלויבען, און האבען בעשלאסען אונז אלע אוועקצופיהרען קיין טשאַרלסטאָן, און אונז איבער צו גיבען דעם געריכט

לאז דאס געריכט אויסגעפינען, ווער פון אונז האט רעכט.

איך האב געוויס בעסער געוואלט, מען זאל אונז ברענגען קיין ניו אָרלינס, וייל איך האב געהאפט דארט צוטרעפען קאַפּיטאן סערל אדער קאַפּיטאל אַרמסטראָנג, וועלכע קענען עדות זאגען, אז איך בין ניט קיין פּיראַט. וואס האט עס מיר אבער געהאלפען? דער אַמעריקאנער שיפסקאַפּיטאן האט ניט געוואלט האלטען אזעלכע געסט, וויא מיינע קאַמעראַדען ביי זיך אויפ׳ן שיף, און איז געפאהרען קיין טשאַרלסטאָן, וייל טשאַרלסטאָן איז געווען פיעל נעהנטער פון ניו אָרלינס.

אין דרייא טעג ארום זיינען מיר אָנגעקומען קיין טשאַרלסטאָן. דער שיפסקאַפּיטאן האט געמעלדעט דיא פּאָליציייא, וואס פאר געסט ער האט גע-בראכט, און מען האט אונז באלד אוועקגעפיהרט אין געפענגניס. איך האב זאגאַר ניט געקענט בעטראכטען דיא שטאדט. מען האט אינז געפיהרט אין אַ געשלאסענם וואָגען מיט קליינע פענסטערלעך בעשלאגען מיט אייזערנע גראַטעס.

איך בין געווען זעהר טרויעריג. איך האב געוואוסט, אז דיא אַמעריקאנער געריכטע זיינען געווען שטרענג געגען פּיראַטען. מען וועט געוויס אונז אלעמען פעראורטהיילען צום טויט.

צום גליק פאר מיר, האט מען אונז גיט לאנג געהאלטען אין געפענגניס, איך בין שפּעטער געוואהר געווארען, אז ווען דער בעסטער מענש זיצט אַלענגערע צייט אין געפענגניס, ווערט ער פערדאָרבען. מען האט אונז אבער לאנג ניט געהאלטען. אלע רייכע קויפלייטע פון דער שטאדט זיינען געווען זעהר בייז אויף דיא פּיראַטען. איך וויים ניט, אויב קאַפּיטאן האָוק אדער אנדערע פּיראַטען, האבען בערויבט פיעלע שיפען, וועלכע האבען געהערט צו קויפלייטע פון טשאַרלסטאָן.

אויפ׳ן פינפטען טאג נאך אונזער אנקומען האט מען אונז געבראכט אין געריכט. איך וויים ניט, וואס מיינע קאַמעראַדען האבען דערצעהלט פון זיך, איך וויים נור, אז איך האב דערצעהלט פאר דיא ריכטער דיא ריינע וואהרהייט. איך האב דערצעהלט מיין געשיכטע, וויא איך קום קיין אַמעריקא און וואס עס האט פאסירט מיט מיר, זייט איך בין געקומען קיין אַמעריקא.

דיא ריכטער האבען מיך אויסגעהערט אויפמערקזאַם, זיי האבען מיר אבער ניט געגלויבט. זיי האבען געשיקט רופען דעם נעגער און דיא פּיראַטען, וועלכע מען האט געהאפט מיט מיר אויפ׳ן באָאָט, און האבען זיי געפרעגט, אויב איך בין אויך אַפּיראט. דער נעגער און זיינע קאַמעראַדען האבען געזאגט אין געריכט דאס זעלבע, וואס זיי האבען געזאגט דעם אַמעריקאנער שיפס-קאַפּיטאן.

— ער איז געווען דער ערגסטער פון אלעמען.

דיא ריכטער האבען עס אבער ניט געגלויבט , ווייל זיי האבען דאך געזעהן , אז איך בין נאך אזוי יונג , אז איך קען נאך ניט זיין אזוי פערדארבען . ענדליך האט מיך דער אָבער-ריכטער געפרעגט ;

— האסט דוא מיטגעהאלפען בערויבען אַ שיף .

— ניין , הערר ריכטער , האב איך געענטפערט ,

— עס איז אליגען ! האט דער נעגער געשריעען , האסט דוא דען ניט געהאלפען ציעהען דיא שטריק און פערטיג מאכען דיא קאַנאָנען ? האסט דוא דען ניט מיטגעהאלפען שיעסען פון דיא קאַנאָנען .

— איך האב געשוויעגען , ווייל איך האב ניט געוואלט ענטפערן דיא רויבער .

— האסט דוא גאר ניט מיטגעהאלפען דיא רויבער ? האט דער אָבער ריכטער געפרעגט ערנסט .

איך האב געענטפערט , אז עס איז וואהר , איך האב מיטגעהאלפען אויפציעהען דיא זעגעל , ווייל איך האב מורא געהאט פאר דיא קוגעלן : מען האט אויף אונז געשאסען . איך האב ווייטער ערקלערט , אז איך האב עס געטאהן נור איין מאל , ווען דאס אַמעריקאנישע קריעגס שיף האט אונז נאכגעיאָגט און האט געשאָסען אויף מיר .

— ער איז ניט בעסער פון זיי , האט געזאגט איינער פון דיא ריכטער .

זיי האבען זיך נאך בעראטהען איניגע מינוט און האבען אונז אלעמען פערארטהיילט צום טויט , מען זאל אונז אויפהענגען אויף דיא זעגעל בוימער פון דעם קריעגס שיף , וועלכעס האט אונז געפאנגען .

איך בין אניעדער געפאלען , וויא אדערהרגעטער , אויף דעם קליינעם בענקעלע , לעבען וועלכען איך בין געשטאנען .

— מיט מיר איז עס אויס ! האבען מיינע ליפען געמורמעלט , איך מוז שטארבען , וויא אַ רויבער און אַ מערדער : „מיטגעפאנגען , מיטגעהאנגען". וואס העלפט עס , וואס איך בין אונשולדיג , ווען מען האט מיך געחאפט צוזאמען מיט רויבער און מערדער ?

איך בין געווען נאך אזוי יונג , דאס לעבען איז מיר נאך געווען אזוי ליעב און אזוי טהייער . איך האב נאך זעהר געוואלט זעהן מיינע עלטערן מיינע ברידער , מיינע שוועסטער , און דיא גוטע און עדעלע העלענא .

איך בין געווען אזוי פערצווייפעלט , אז איך האב ניט געקענט האלטען זיך אויף דיא פיס , ווען מען האט אונז ארויסגעפיהרט פון געריכט . מען האט געמוזט מיך פיהרען אונטער דיא הענד .

פאַרן געריכט איז געשטאנען אגרויסע מענגע מענשען . איך האב געזעהן פאר מיר אגאנצעס מעער פון מענשענקעפ . איך האב אקוק געטאהן אויף זיי און האב געזוכט אין זייערע אויגען , אין זייערע געזיכטער און אין זייערע מינען , אפונק פון מיטלייד , אַצייכען פון רחמנות , אַ שפור פון בעדויערן , און איך האב

עס ניט געפונען. אים גענענטהייל, אלע האבען געלאכט, אלע האבען זיך גע־פרעהט, וואס מען האט אונז פערראוטהיילט צום טויט.

— אָט זיינען דיא פיראַטען! אָט זיינען דיא רויבער און דיא מערדער! האט מען געשריען פון אלע זייטען, און מען האט געוויזען אויף אונז מיט דיא פינגער.

פאָליסלייט האבען געמוזט צוטרייבען דיא מעגגע מענשען. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז מען וויל אונז צו רייסען אויף שטיקער. אויף אַמעריקאנער איז עס צו גלויבען. זיי האבען פיינט צו וואַרטען, ביז דער הענקער, דער תליון, וועט אויפהענגען דעם פערברעכער, זיי טהוען עס אליין. ביי זייא הייסט עס דאס „לינטשגעריכט". עס קומט פאַר זעהר אפט אין אַמעריקא, אז דאס פאלק בעפאַלט דאס געפענגניס, צוברעכט דיא טהירען, שלעפט ארויס דעם פער־ברעכער, און הענגט איהם אויף אוף'ן ערשטען בוים. אזאַ משפט פונ'ם פאלק רופען זיי „לינטשגעריכט."

מען האט אונז ענדליך אוועקגעפיהרט צוריק אין געפעננניס און מען האט אונז פערשפאַרט יעדען אין א בעזונדער קעמעריל. מען קען זיך לייכט דענקען, וויא מיר איז געווען אויפ'ן הארצען, ווען איך בין געלעגען אין מיין קעמעריל און האב אנגעהויבען צו בעטראכטען מיין לאַגע.

— איך בין פערלאָרען! האב איך גערעדט צו זיך אליין. מען האט מיך פערראורטהיילט צום טויט און מען וועט מיך אויפהענגען. ווען וועט עס זיין? דאס האט דער ריכטער ניט געזאגט, אבער דאס מאכט דאך ניט אויס. דיא אמעריקאנער האבען פיינט צו ווארטען. מען וועט אונז געווים גאנץ באלד אויפהענגען. מיינע טעג זיינען אלזא געצעהלט. וויפיעל טעג האב איך נאך צו לעבען?

איך האב אנגעהויבען צו צעהלען דיא שטונדען, דיא מינוטען. מען האט מיר געבראכט עסען אין מיין קעמעריל, איך האב ניט געקענט נעהמען אביסען אין מויל. וויא קען מען עסען, ווען מען ווייס, אז אט, אט וועט מען קומען דיך אויפהענגען?

איך האב ניט געקענט שלאפען. קוים האבען זיך מיר צו געמאכט דיא אויגען, האב איך א ציטער געטאהן און בין אויפגעשפרונגען. מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז מען איז שוין געקומען מיך פיהרען צום גאַלגען (תליה). ערשט אין דער פריה בין איך אנטשלאפען געווארען אויף אפאר שטונדען.

אין אזעלכע שרעקליכע ליידען און מיט דיזע שרעקליכע געדאנקען אין מיין קאָפּ זיינען פערגאנגען דרייא טעג. איך האב אנגעהויבען מיך צוּבערוהיגען. אין מיין הארצען האט זיך אויפגעהאפט דיא האפנונג.

— ווער ווייס, וואס עס קען נאך געשעהן? ווער ווייס, וואס עס קען

נאך פארקומען? האב איך געזאגט צו מיר אליין. אויף דער וועלט קען זיך אלעס מאכען.

איך האב אנגעהויבען ווידער צו עסען, צוטרינקען און צו שלאפען. איך פלעג אבער דאך אנהייבען צו ציטערן יעדעס מאל, ווען איך פלעג הערן טריט אין קארידאר. מיר פלעגט זיך אויסוויזען, אז מען קומט שוין מיך פיהרען צום גאלגען.

אויפ'ן פיערטען טאג אום צעהן אוהר אין דער פריה, האב איך דער־הערט שווערע טריט צוקומען צום קעמעריל, וואו איך בין געזעסען. איך בין געווארען בלייך, ווי א קאלך און האב אנגעהויבען צו ציטערן. עס האט מיר אבער גאר ניט געהאלפען. די שווערע טהיר פון מיין קעמעריל האט זיך געעפענט און צוויי מענער זיינען אריינגעקומען און האבען געזאגט גאנץ איינפאך:

— טוה זיך אן און קום מיט אונז.

איך האב ניט געוואלט ווייזען, אז איך בין אפייגלינג (טרוס), אז איך האב מורא פארן טויט. די הענד האבען מיר געציטערט, ווען איך האב מיך אנגעטאהן; מיין הערץ האט געקלאפט, ווי מיט האמערס, אקאלטער פראסט איז מיר איבערגעגאנגען איבערן לייב. איך האב מיך אבער דאך אנגעטאהן און בין געגאנגען מיט די מענער. מען האט מיך געפיהרט אין געריכט.

ווען איך בין אריינגעקומען אין גרויסען זאל פון געריכט, בין איך געבליעבען שטעהן, ווי א פערשטיינערטער. — פאר'ן ריכטער איז גע־שטאנען קאפיטאן ארמסטראנג מיט זיין טאכטער העלענא.

מען האט מיך צוגעפיהרט צום ריכטער.

— דוא ביסט פעראורטהיילט צום טויט, האט דער ריכטער געזאגט ערנסט, איך בין אבער געוואהר געווארען, אז דוא האסט מיר געזאגט די וואהרהייט. דוא האסט געראטעט דאס לעבען פון קאפיטאן ארמסטראנג און פון זיין טאכטער. דער פאר שענק איך דיר דאס לעבען און פעראורטהייל דיך צו צעהן יאהר שווערע ארבייט און צוכט הויז.

איך האב געדארפט דאנקען דעם ריכטער און קאפיטאן ארמסטראנג פאר זייער גוטקייט, איך האב עס אבער ניט געקענט. איך האב מיך גע־שעהמט. איך האב ניט געקענט אויפהויבען די אויגען און א קוק טאהן אויף די גוטע העלענא, וועלכע איך האב געליעבט מעהר אלס מיין לעבען.

מען האט געוואלט מיך ווידער אוועקפיהרען אין געפענגניס, העלענא איז צוגעקומען צו מיר און האט מיר געזאגט:

— פערצווייפעל ניט, ריטשארד! מיר וועלען טאהן אלעס מעגליכע אום דיך צובעפרייען.

דאס גוטע מעדכען האט ליידער מעהר ניט געקענט רעדען מיט מיר. דיא געריכטס דיענער האבען מיך אוועקגעפיהרט. איך האב איהר געקענט דאנקען נור מיט אבליק.

אַך! וויא גליקליך וואלט איך געוועזן, ווען איך זאל געוועזן קענען רעדען מיט איהר א פּאר ווערטער, איהר דריקען דיא הענד, איהר שווערן, אז איך בין קיין מאל ניט געוועזן קיין פּיראַט! זיא וואלט מיר געגלויבט. זיא וואלט געוואוסט, אז איך זאג דיא וואַהרהייט. איך האב אבער ניט געקענט רעדען מיט איהר.

— מיר וועלען זיך נאך ווידערזעהן, ריטשאַרד, האט זיא געזאגט, ווען מען האט מיך ארויסגעפיהרט.

זיא האט געהאלטען ווארט. זיא און איהר פאטער האבען ניט גערוהט, ביז זיי האבען בעקומען א געשוואָרענעם צייגנים פון קאַפּיטאַן סערל, אז דיא פּיראַטען האבען מיך געפאנגען, ווען איך בין געוועזן אויף דער „סוסאַנאַה". דיעזעס צייגנים האבען זיי צוגעשטעלט אין געריכט און האבען געפאָדערט, אז מען זאל מיך אין גאנצען בעפרייען. דאס געריכט האט עס אבער ניט געוואלט. מען האט געדונגען אַדוואָקאַטען און מען האט אַפּעללירט צו א העכערעס געריכט.

ענדליך האט מען מיך פעראורטהיילט, איך זאל דיענען צוויא יאהר אויף אַן אמעריקאַנישעם קריעגס שיף.

## 26-טעס קאפיטעל

## „דיא פּאָקאַהאָנטאַס".

מען האט מיך פעראורטהיילט און דעם אנדערן טאג גאנץ פריה האט מען מיך שוין איבערגעשיקט אויף דאס אמעריקאַנישע קריעגס שיף מיט'ן נאמען „פּאָקאַהאָנטאַס".

דאס איז געווען א שטאַרקעס שיף מיט צוואנציג קאַנאָנען אויפ'ן דעק, מיט הונדערט און פופציג סאָלדאַטען, אויסער אָפיציערן און מאַטראָזען. איך האב מיך געצעהלט צווישען דיא מאַטראָזען און האב גערעכענט, אז מען וועט מיך בעהאנדלען זעהר שלעכט, ווייל איך בין דאך אַן ארעסטאנט, א בעשטראפטער, א פּיראַט, וועמען מען האט געשענקט דאס לעבען, ווייל גוטע פריינד האבען פאר איהם געבעטען.

איך בין געוועזן בערייט איבערצוטראגען און איבערצולייד‍ען אלעס, ניט דייל איך האב מיך געפיהלט שולדיג, זאָנדערן ווייל איך האב געפיהלט, אז

יער שיין, דאס אייסערע איז געגען מיר: מען האט מיך דאך געהאפט מיט רויבער און מערדער. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז יעדער קוקט אויף מיר, יעדער קעהרט זיך אוועק פון מיר, יעדער בעטראכט מיך אלס פער-ברעכער.

וויא עס האט זיך שפּעטער ארויסגעוויעזען, האב איך א טעות געהאט, עס האט זיך מיר נור אויסגעוויעזען אזוי. דער אמעריקאַנער איז אין דיעזער בעציהונג ניט אזוי שטרענג, וויא דער אייראָפּעער. אין אמעריקא וויס מען ניט פון דעם שטאָלץ, וואס דער אייראפּעער האט, ווען ער איז אין זיין לעבען קיין מאל ניט געזעסען אין א געפענגניס.

דיא „פּאָקאַהאָנטאַס“ האט אנגענומען אין טשאַרלסטאָן קוילען און פּראָ-וויאַנט אויף א לאַנגע רייזע. דיא רעגיערונג האט זיא געשיקט בעשיצען דיא אמעריקאַנער פישער שיפען און פישער באָאָטע, וועלכע פאהרען ארום האפען פיש אין דיא קאַלטע געגענדען ארום אייז מעער. דיא ענגלענדער פלעגען זאגען, אז נור זיי האבען דאס רעכט ארומצופאהרען אין יענע וואסערן. עס זיינען פאָרגעקומען פעללע, ווען ענגלישע שיפען האבען פערטריעבען דיא אמעריקאנער און האבען ביי זיי צוגענומען אלעס, וואס זיי האבען געפאנגען מיט שווערער מיה.

ווען מען האט מיך געבראכט אויף'ן דעק פון דער „פּאָקאַהאָנטאַס“, איז שוין אלעס פערטיג געווען צום ארויספאהרען. מען האט נור געוואַרט אויף'ן שיפסקאפּיטאן, וועלכער האט נאך געהאט עפּעס צו טאהן אין שטאדט.

דעם ערשטען טאג האב איך פערבראכט אין מיין קאַיוטע. איך האב מיך געשעהמט צו וויזען אויף'ן דעק און קיינער האט מיר ניט געהייסען עפּעס טאהן. דעם אנדערן טאג בין איך ארויפגעקומען אויף'ן דעק און האב בעטראכט דאס שעהנע שיף. געגען מיטאג בין איך געשטאנען אין א ווינקעלע און האב געקוקט אויף'ן מעער ארום. פּלוצלונג האב איך געפיהלט, וויא א שווערע האנד האט זיך ארויפגעלעגט אויף מיין פּלייצע. איך האב מיך אומגעקוקט. — הינטער מיר איז געשטאנען קאַפּיטאן אַרמסטראָנג מיט זיין טאכטער.

איך האב געפיהלט, אז ווען העלענאַ וואלט זיך ניט געשעהמט פאר מענשען, וואלט זיא מיר ארויפגעפאלען אויף'ן האלז. זיא האט זיך אבער געשעהמט און האט נור גענומען מיין האנד און האט זיא געדריקט אזוי ווארם, מיט אזוי פיעל ליעבע, מיט אזוי פיעל פריינדשאפט, אז איך האב פערגעסען אלע מיינע ליידען, אלע מיינע שמערצען, אלעס וואס איך האב דורכגעלעבט ביז אהער. איך בין געווען גליקליך.

קאַפּיטאן אַרמסטראָנג האט מיך ארומגענומען, וויא א פאטער, און האט מיר געזאגט:

— איך וועל אייביג ניט פערגעסען, וואס דוא האסט געטאהן פאר

מיר, ריטשאַרד, דוא האסט גערעטעט מיין לעבען און מיין פערמעגען, דאס איז אבער אלץ גאר נישט געגען דעם, וואס דוא האסט גערעטעט דיא עהרע פון מיין טאכטער, ווען דיא פיראַטען האבען געפאנגען מיין שיף. ווען מיר וואלטען געוועזן אין ענגלאַנד, וואלט איך געגאנגען צו דער קעניגין וויקטאָריאַ, וואלט איהר אלעס דערצעהלט און איך בין זיכער, אז זיא וואלט געהייסען דיך אין גאנצען בעפרייען. דא אין אמעריקא אבער האב איך ניט וועמען צו בעטען פאר דיר.

— אה, איך דאנק אייך, קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג! האב איך אויסגע-רופען, איהר האט גענוג געטאהן פאר מיר! איך ווייס, אז איהר האט מיך גערעטעט פון אשענדליכען טויט אויפ'ן גאַלגען.

— דאס האב איך געמוזט טאהן אלס עהרליכער מאן, האט קאפּיטאַן אַרמסטראָנג געענטפערט, יעדער עהרליכער מענש מוז זיך אריינמישען, ווען ער זעהט, אז מען פעראורטהיילט אַן אונשולדיגען מענשען. איך ווייס, אז דוא ביסט קיין פיראַט, און איך האב געמוזט מיך אננעהמען פאר דיר. איך געפין אבער, אז דיעזע שטראפע: צו דיענען צווייא יאהר אויף אקריעגס שיף, איז אויך צופיעל פאר דיר. איך קען אבער ניט העלפען. איך האב מיך געזעהן מיט דעם שיפסקאפּיטאַן פון דער „פּאָקאַהאָנטאַס" און האב איהם געבעטען, ער זאל דיך בעהאנדלען פריינדליך, ווייל איך בין פעסט איבער-צייגט, אז דוא ביסט קיין פערברעכער. דיין שיפסקאפּיטאַן איז א גוטער מענש. ער האט מיר צוגעזאגט, ער וועט דיך בעהאנדלען, וויא אלע זיינע מאטראָזען.

— איך דאנק אייך נאך אמאל, קאפּיטאַן אַרמסטראָנג!

— צווייא יאהר זיינען ניט פיעל פאר איונגען מענשען. ווען דיין צייט וועט זיך ענדיגען, שרייב מיר א בריעף אויף דיעזע אדרעסען. —

מיט דיעזע ווערטער האט ער מיר געגעבען צווייא אדרעסען, איינעם אין ענגלאַנד און איינעם אין אמעריקא.

— שרייב מיר אבריעף אויף דיעזע צווייא אדרעסען און וואַרט אויף אנטווארט, האט קאפּיטאַן ארמסטראָנג וויטער געזאגט, — קוים וועל איך ערהאלטען דיין בריעף, וועל איך דיר ענטפערן, וואו איך וועל מיך דאן גע-פינען, דוא וועסט קומען צו מיר און וועסט איינטרעטען אויף מיין שיף אלס ערשטער אָפיציער.

— יאַ! ריטשאַרד האט העלענאַ אויסגערופען, קום צו אונז, דוא וועסט ווערן דער ערשטער אָפיציער און איך וועל זיין דער צווייטער אָפיציער אויף מיין פאטערס שיף. מיר וועלען ניט דארפען קיין פרעמדע. מיר וועלען זיין איין פאמיליע און וועלען פערשפארען ארבייט מיין פאטער. דיא „סאַנקט העלענאַ" איז נאך אגאנץ נייעס שיף. מיר וועלען זיא פיהרען אויף אלע

זערן, מיר וועלען מאכען גיטע געשעפטע און ווערען לעבען גליקליך. — פערגעס ניט, רימשארד, אונז צו שרייבען און צו קומען צו אונז.

איך וואלט זיא ארומגענומען און צוגעפרעסט צו מיין הארצען פאר דיעזע פריינדליכע ווערטער, פון וועלכע עס האט געוועהט פריינדשאפט און ליעבע. איך האב יעצט געוואוסט, אז העלענא ליעבט מיך און דיעזער גע־דאנק האט מיך גליקליך געמאכט.

מיר זיינען געזעסען און האבען אוועקגערעדט אלאנגע צייט פון פער־שיעדענע זאכען. איך האב זיי דערצעהלט אלעס, וואס עס האט מיט מיר פאסירט, זייט איך בין אוועק פון זיי אין קוועבעק.

קאפיטאן ארמסטראנג האט מיט געבראכט א קאסטען מיט אלערליי זאכען, וועלכע זיינען נעטהיג פאר א מאטראז, וועלכער פאהרט אין די קאלטע געגענדען ארום איזמעער.

זאנדערבאר! ביז אהער האב איך און גאנצען פערגעסען אן מיינע עלטערן. יעצט ווען איך האב מיך צורעדט מיט קאפיטאן ארמסטראנג, האב איך מיך דערמאנט אן זיי און האב אנגעשריעבען אבריעף צו זיי. העלענא האט מיר צוגעזאגט, אז זיא וועט בעזארגען דעם בריעף. איך האב געוואוסט, אז זיא וועט האלטעןווארט און דער בריעף וועט ריכטיג אנקומען.

גאנץ שפעט זיינען זיי אוועקגעגאנגען. איך וויל ניט בעשרייבען, ווי שווער עס איז מיר געווען זיך צושיידען פון זיי. העלענא האט גענומען מיינע ביידע הענד און צוויא גרויסע, הייסע טראפען טרעהרין האבען זיך אראפ־געקייקעלט פון איהרע בלייכע באקען. איך האב געפיהלט, וויא זיא ליידעט, וויא שרעקליך עס איז איהר זיך צו שיידען פון מיר.

דער דריטער אפיציער האט אנגעהויבען צו פייפען און האט אויסגערופען:

— אלע, וועלכע געהערן ניט צום שיף, זאלען אראפגעהן!

מען האט געמוזט אראפגעהן. איך האב מיך ענדליך ארויסגעריסען פון קאפיטאן ארמסטראנג און זיין טאכטער.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה, האב איך געהערט דעם בעפעהל:

— אלע הענד אויפ'ן דעק! אויפהייבען דעם אנקער!

ווען די זון איז ארויסגעגאנגען אויפ'ן הימעל און האט בעלייכטעט די שטאדט טשארלסטאן, זיינען מיר ארויסגעפאהרן פון פארט. איך בין ווידער געווען אויפ'ן גרויסען וועלט מעער.

ביז אהער בין איך געפאהרען אויף קויפמאנסשיפען, וואו עס געפינט זיך ווייניג מאטראזען און יעדער מאטראז מוז טאהן אלע נעטהיגע ארבייטען. יעצט בין איך געפאהרען אויף אקריעגס שיף וואו אלעס איז אנדערש אי־געפיהרט.

אויף אקריעגס שיף האט יעדער זיין פלאץ און זיין בעשטימטע ארבייט.

אלעס איז איינגעאָרדענט וויא עס דארף זיין ; אלעס איז פינקט־ליך אז אקוראַט , וויא דער מעכאַניזמוס פון א זייגער . אלעס ווערט געטאהן אויף קאָמאַנדאַ און אין דער מינוט , זאָגאַר אין דער סעקונדע .

מען האט אונז איינגעטהיילט אין צווייא פאַרטיען . איין פארטיע האט געאַרבייטעט אויפ'ן דעק און דיא אנדערע פאַרטיע האט זיך אפגערוהט . אין בעזאָנדערע פעלע : ווען עס איז אנגעקומען אשטורם , אדער ווען מען האט דערזעהן א פיינד , האט מען קאָ־אַנדירט :

— אלע הענד אויפ'ן דעק !

דאמאלס האבען אלע געמוזט ארויפקומען . דאס זעלבע פלעגט גע־שעהן , ווען מען איז אריינגעפאהרען אין א פאָרט אדער ווען מען איז ארויס־געפאהרען פון א פאָרט . אויסער דעם האט יעדער געהאט זיין פלאַץ און זיין ארבייט . אלטע פעהיגע מאַטראָזען פלעגען בעזאָרגען דיא זעגעל און פלעגען מיאַכן אלע ארבייטען , וועלכע פאָרדערן קענטניסע און ערפאהרונג . יונגע און וועניגער פעהיגע מאַטראָזען פלעגען זיך געוועהנליך געפינען אין דער מיט פיג'ם שיף , וואו מען האט זיי אפגעגעבען אזעלכע ארבייטען , וועלכע זיי האבען געקענט מאכען .

דיא אמעריקאנער זיינען הייסע רעפובליקאַנער ביי זיך אין דערהיים , וויא זיי שרייען טאג און נאכט פון פרייהייט און גלייכהייט און ווילען ניט וויסען פון קיין הערשער און קיין בעפעהל . דאס איז אבער נור אויפ'ן לאנד , אויפ'ן מעער איז עס גאנץ אנדערש . דער שיפסקאפיטאן איז דער קיסר אויף זיין שיף . זיינע בעפעהלע מוזען אויסגעפיהרט ווערן מיט דער גרעסטער פינקטליכקייט . דיא דיסציפלין איז זעהר שטרענג ; פאר דעם קליינסטען פער־ברעכען ווערט מען בעשטראפט אונבארמהערציג . יעדער מאַטראָז האט א נומער . זיין נאמען איז ניט נעטהיג , מען רופט איהם ביי זיין נומער . זעלטען הערט מען פונ'ם שיפסקאפיטאן אדער פון דיא אָפיציערן א גוטעס פריינד־ליבעסווארט .

אונזער שיפסקאַפיטאן איז געווען אפעהיגער מאטראז , וועלכעס איז שוין אויסגעפאהרען אויף אלע מעערן , ער איז אבער געווען אשטרענגער מענש , און אלע האבען פאר איהם געציטערט . דער ערשטער אָפיציער , מיסטער סטאַנ־טאָן , איז אויך געווען אפעהיגער מאטראז , און דער שיפסקאַפיטאן האט געמאגט זיך אויף איהם פערלאזען . דער צווייטער אָפיציער דאגעגען , אַגעוויסער מיסטער דזאָן , איז געווען א פאָעט , אשרייבער , א רעדנער , — אלעס וואס איהר ווילט , נור קיין מאַטראָז . וויא ער איז געקומען צום ראַנג (טשין) פון אצווייטען אָפיציער אויף אַקריעגס שיף , האב איך אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן . ער וואלט גיכער געפאסט אין אַקאַנצעלאַריע אדער אין אמיניסטעריום , אבער אויף קיין פאל ניט אויף אקריעגס שיף . ער האט זיך ניט אָנגעהערט מיט דיא מאט־

ראזען, און דיא מאטראזען האבען זיך ניט אָנגעהערט מיט איהם.

איך האב מיך באלד דערקענט מיט איינעגע פון מיינע נייע קאַמעראַדען, און איינעגע זיינען באלד געווארען מיינע בעסטע פריינד. בעזאנדערס האב איך ליעב בעקומען אַן אלטען מאטראז מיט'ן נאמען אַנדריו טאָמפּסאָן. דאס איז געוועזען אַן עכטער מאטראז, מיט אפאר אייזערנע הענד און מיט אווייכעס הערץ פון אקינד. ער איז געווארען מיין פאטער, מיין לעהרער, מיין מענטאָר (דיאַדקאַ) און מיין פריינד.

מיין צווייטער פריינד איז געוועזען איונגער אירלענדער מיט'ן נאמען אָ'קאָננאָר. ער איז געוועזען עלטער פון מיר, אבער אויך נאך אגאנץ יונגער מאן. איהם האב איך ליעב געהאט, ווייל ער איז געוועזען אפרעהליכער יונג, עהרליך און טריי, וויא אגוטער הונד.

מיין דריטער פריינד איז געוועזען איונגער אַמעריקאנער מיט'ן נאמען סטאָקס. ער איז צום ערשטען מאל געפאהרען אויפ'ן מעער, און האט נאך גאר ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך אויף א שיף. אלע פלעגען פון איהם לאכען, איינעגע פלעגען איהם זאגאר שלאגען. איך האב געהאט מיטלייד מיט איהם, און פלעג איהם פערטהיידיגען, ווען איך האב געקענט.

איך האב געהאט נאך פיעלע פריינד און בעקאנטע צווישען דיא מאטראזען פון דער „פּאָקאַהאָנטאַס", איך האב אבער דערמאנט נור דיעזע דרייא, ווייל זיי האבען געשפּיעלט אראָליע אין מיין לעבען, וויא דער לעזער וועט ווייטער זעהן.

מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון טשאַרלסטאָן ענדע אפּריל. איך בין ביז אהער ארומגעפאהרען אין ווארימע געגענדען, און האב נאך ניט געוואוסט, וואס עס הייסט קעלט. אַנדריו טאָמפּסאָן האט מיך איינמאל געפרעגט

— האסט דוא וואַרעמע קליידער, דיק?

איך האב איהם געזאגט, וואס פאר קליידער איך האב. דער אלטער מאַן האט געשאקעלט מיט'ן קאפּ

— דאס איז ווענעג, האט ער געזאגט, אין אזעלכע קליידער וועסט דוא פערפראָרען ווערן.

— עס איז דאך אבער וואַרעם אין דרויסען! האב איך אויסגערופען.

— ביסט דוא אמאל געוועזען אין לאַבראַדאָר? האט ער מיך געפרעגט.

— קיינמאל ניט.

— דאן ווייסט דוא נאך ניט, וואס עס הייסט קאלט.

— איך וועל מוזען מיר קויפען ווארעמע קליידער, האב איך בעמערקט.

— דאס איז לייכט צו זאגען, אבער שווער אויסצופיהרען, האט ער געענטפערט.

— וואוינען שוין גאר קיין מענשען ניט אין לאַבראַדאָר?

— עס וואוינען דארט עסקימאָסען.

— דאן וועל איך קויפען קליידער ביי דיא עסקימאָסען ! האב איך אויס-געהופען .

# 27-טעס קאפיטעל

## אַ'קאָננאָר פאַלט אריין אין מעער.

דאס וועטער איז געוועזען שעהן, דאס מעער רוהיג. מיר האבען געהאט זייער ארבייט, און פלעגען זעהר אפט אוועקזיצען שטונדען לאנג און פלעגען רעדען.

איינמאל בין איך געזעסען אויפ'ן דעק מיט מיינע נייע פריינד, און מיר האבען גערעדט.

— פאר וואס הייסט דיעזעס שיף „פאָקאַהאָנטאַס" ? האב איך געפרעגט וואס איז דאס פאר אַ וואָרט, און וואס בעדייטעט עס ?

אַנדריו טאָמפּסאָן האט ניט געוואוסט וואס מיר צו ענטפערן. אָ קאָננאָר אבער, וועלכער האט געלערנט אין אַמעריקא אין אשולע האט עס מיר ערקלערט.

— ווען עס זיינען געקומען קיין אמעריקא דיא ערשטע עמיגראנטען, האבען זיך איניגע פון זיי בעזעצט אין שטאַאט ווירדשיניא. זיי האבען אנגעהויבען צו בעארבייטען דאס לאנד, און ווען זיי זיינען געוועזען פריי פון דער ארבייט, פלעגען זיי געהן פאנגען ווילדע טהיערע אין דיא וועלדער. אין ווירדשיניא זיינען געוועזען בעזאנדערס פיעל הירשען אין דיא וועלדער. דיא ווילדע אינדיאַנער פעלקער, וועלכע האבען געוואוינט אין יענער געגענד, זיינען געוועזען אונצופריעדען וואָס דיא ווייסע מענשען נעהמען ביי זייא צו דיא ווילדע הירשען.

אין יענער געגענד האט געוואוינט אגרויסער הערשער, אקעניג, אָדער קאַציק, וויא ער הייסט אויף זייער שפראכע. דיעזער קעניג האט אמאל פערזאמעלט זיינע קריעגער, האט אויפגעזוכט אַ פּארטיע ווייסע יעגער אין וואלד, און האט זיי אלע געגומען געפאנגען. דיא אינדיאַנער פעלקער פון אמעריקא האבען ליעב צו מארטערן זייערע געפאנגענע, איידער זיי ווערן געטייטעט.

צווישען דיא געפאנגענע ווייסע יעגער איז געוועזען איינער דשאָן סמיטה. מען האט געבראכט דשאָן סמיטה פאר'ן קעניג פאָהאַטאַן, — אזוי האט געהייסען דער קעניג פון דיא אינדיאַנער, און דער קעניג האט געהייסען איהם טייטען. מען האט איהם אניעדער געלעגט לעבען אשטיין, און איין ווילדער האט זיך אניעדער געשטעלט הינטער איהם מיט אגרויס שטיק האלץ, און האט נור געוואַרט אויף אַצייכען פון קעניג פאָהאַטאַן, ער זאל צו שלאגען דשאָן סמיטה'ס קאפּ.

קעניג פאָהאַטאַן האט שוין געוואלט געבען דעם צייכען. פלוצלונג איז

אַנגעקומען זיין טאכטער, דיא פרינצעסין פּאָקאַהאָנטאַס. קוים האט זיא דערזעהן דשאָן סמיטה ליעגען מיט'ן קאָפּ אויף'ן שטיין, איז זיא געפאלען פאר איהר פאטער אויף דיא קניע, און האט איהם געבעטען, ער זאל ניט טייטען דיעזע ווייסען מענשען. איהר פאטער האט איהר צוליעב געטאהן.

דיא פרינצעסין פּאָקאַהאָנטאַס האט דאן געזוכט צו מאכען פריעדען צווישען דיא קאָלאָניסטען און דיא אינדיאַנער. זיא פלעגט קומען צו דיא ווייסע מענשען, פלעגט זיי העלפען, און האט זיי איבערגערעדט, זיי זאלען וואוינען אין פריעדען און פריינדשאפט מיט איהר פאטער.

דער גובערנאַטאר פון ווירדשיניא, איונגער מאן מיט'ן נאמען ראָלף, האט זיך פערליעבט אין דער פרינצעסין פּאָקאַהאָנטאַס און האט זיא געהייראטהעט. מיט אפּאָר יאהר שפּעטער איז ער מיט איהר געפאהרען קיין ענגלאנד. דארט האט מען אייפגענומען דיא פרינצעסין פּאָקאַהאָנטאַס מיט גרויס עהרע אין קע-ניגליכען הויף, און מען האט זיא בעהאנדעלט וויא אפרינצעסין.

אין שטאט ווירדשיניא לעבען נאך יעצט פיעלע מענשען, וועלכע ריהמען זיך, אז זיי שטאַמען אָפּ פון דער פרינצעסין פּאָקאַהאָנטאַס.

דער נאמען פּאָקאַהאָנטאַס איז טהייער פאר יעדער אַמעריקאנער. וויל דיעזע פרינצעסין האט זעהר פיעל בייגעטראגען צו דער בעזעצונג פון ווירדשיניא. דאס איז דיא אורזאכע, וואס דיא אַמעריקאנער האבען אנאמ'ן געגעבען איינער פון זייערע בעסטע שיפען פּאָקאַהאָנטאַס.

איך בין געוועזען העכסט צופריעדען מיט דיעזער געשיכטע, וויל זיא איז אטהייל פון דער געשיכטע פון אַמעריקא.

אזוי פלעגען מיר פערברענגען דיא צייט, און איך בין אייגענטליך געוועזען גאנץ צופריעדען מיט מיין לאגע. איך מוז זאגען דיא וואהרהייט, אז איך האב ניט ערווארטעט אז מען זאל מיך אזוי גוט בעהאנדלען אויף אַן אַמע-ריקאנער קריעגס שיף.

איינמאל האט פלוצלונג אויסגעבראכען אשטורם. איך און אַקאַננאַר זיינען געזעסען אין אונזער קאַיוטע, און האבען גערעדט פון פערשיעדענע זאכען. פלוצלונג האבען מיר דערהערט דאס פייפעלע פונ'ם ערשטען אָפיציער מיט דעם הויכען בעפעהל:

— אלע הענד אויפ'ן דעק!

אלע זיינען ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק.

— אראפציעהען דיא זעגעל! האט דער ערשטער אָפיציער קאָמאנדירט.

מיר האבען אנגעהויבען צו קריעכען אויף דיא זעגעלבוימער. אין דיעזע מינוט האט זיך געלאזט הערען אַ שרעקליכער געשרייא:

— אַ מאן איז אריבערגעפאלען איבערן באָרט! אַ מאן איז אריינגעפאלען אין וואסער!

דער שיפסקאַפּיטאַן איז באלד ארויסגעלאָפען פון זיין קאַיוטע און האט ארויסגערופען :

— ווען איך זאל הייסען אראפּלאָזען אבאָאָט און אויפזוכען דעם מאן, וועלכער איז אראפּגעפאַלען אין וואסער, האב איך מורא, איך זאל ניט פערליערען נאך אַ פּאר מאַטראזען. דאס מעער איז זעהר אונרוהיג.

— מיר ווילען ריזיקירען אונזער לעבען! מיר ווילען איהם רעטען! האבען ארויסגערופען איניגע.

— יאַ, הערר שיפסקאַפּיטאַן, איך וויל אויך ריזיקירען מיין לעבען, אום צו רעטען אַ קאמעראַד, האב איך געזאגט.

— אראפּלאָזען אבאָאָט! — שנעל! האט דער שיפסקאַפּיטאַן קאָמאַנ-דירט. — ווער איז אבער אראפּגעפאַלען?

— דער אירלענדער טערענס אָ׳קאָננאָר! האט איינער געענטפערט.

איך האב געוואוסט, אז אָ׳קאָננאָר איז אגוטער שווימער, און וועט אזוי גיך ניט דערטרונקען ווערן. ער וועט זיך האלטען אויפ׳ן וואסער, וויא לאנג ער וועט נור קענען.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא איך האב געציטערט, וויא איך האב מיך געאיילט אראפּצולאָזען דאס באָאָט. אלע מאטראזען האבען געקענט, און האבען ליעב געהאט אָ׳קאָננאָר. אלע האבען געוואלט איהם רעטען. אין צווייא מינוט איז דאס באָאָט געווען אין וואסער, און איך מיט נאך דרייא אנדערע מאַטראזען זיינען געזעסען אין באָאָט.

— וואו איז ער? זעהט איהר איהם? האט דער שיפסקאַפּיטאַן געפרעגט.

ליידער האבען מיר איהם ניט געקענט ענטפערן. דאס מעהר איז געווען זעהר אונרוהיג. זיינע גרינע וואסערן זיינען געווען געדיכט, וויא צושמאָלצענעם בלייא. קליינע, אבער שארפע, שטייפע און בייזע כוואַליעס האבען זיך אויפ-געהויבען, און האבען געווארפען אונזער באָאָט, גלייך וויא עס וואלט געווען דיא שאָלעכץ פון אַנוס.

מיר האבען אנגעהויבען ארומצופאהרען ארום שיף. איינער פון אונז, אונגער מאטראז, האט זיך אויפגעהויבען אום צו זעהן, פיעלייכט שווימט ערגעץ אָ׳קאָננאָר. אַ ווילדע וועלע (כוואַליע) איז אנגעקומען, האט זיך אריבערגעגאסען איבער אונזער באָאָט, און האט אוועקגעשלעפּט דעם אונגליקליכען מאטראז. איידער מיר האבען צייט געהאט זיך אויסצורייבען דיא אויגען פונ׳ם געזאלצענעם וואסער, איז דער יונגער מאטראז פערשוואונדען געווארען.

— ער האט ניט געקענט שווימען, האט איינער פון אונז געזאגט טרויעריג, ער איז אראפּ אין וואסער, וויא א שטיין.

מיר האבען איהם שוין ניט ווידער געזעהן.

— לאמיר זיך אומקעהרען! האט געבעטען איינער פון אונז, אָ׳קאָננאָר

איז שוין געווים דערטרונקען געוואָרען . צו וואס זאלען מיר נאך "זוכן" מיט אונזער לעבען ?

אין דיעזע מינוטע האבען מיר געהערט אגעשריי :

— שנעל צו מיר ! — איך קען שוין לענגער ניט אויסהאַלטען !

דאס האט געבעטען אָ'קאָננאָר . ער האט זיך געראנגעלט מיט דיא ווילדע וועלען (כוואַליעס) וואו וויט ער האט געקענט . ענדליך איז ער דאך מיעד געוואָרען , און ווען מיר זאלען ניט געווען צו קומען צו איהם אין דער צייט , וואלט ער געווען אראפגעפאלען צום גרונד .

מיר האבען איהם דערלאנגט אונזערע הענד און האבען איהם אריינגעשלעפט אין באָאָט . ער האט שווער געאָטהעמט און האט געציטערט פאר קעלט .

— גיט מיר אראָק אדער עפעס זיך צו צודעקען ! האט ער געבעטען , דער אלטער וואסערמאן האט אראפ געשלעפט פון מיר מיין לעצטען ראק .

איך האב אויסגעטאהן מיין ראק און האב איהם ארומגעהילט .

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום שיף און מען האט אונז ארויפגעשלעפט אויפ'ן דעק , האט דער שיפסקאַפּיטאן געפרעגט :

— וואס איז דאס ? איהר האט איהם ניט גערעטעט ? איך זעה , אז עס זיינען צוריק געקומען אזוי פיעל מענשען , וויפיעל עס זיינען אראפגעגאנגען פון דעק .

— מיר האבען גערעטעט אָ'קאָננאָר , אבער דער יונגער פעטריק איז דערטרונקען געוואָרען , האט מען איהם געענטפערט .

אלע מאַטראָזען און אלע סאָלדאטען אויפ'ן דעק האבען אראפגעלאזען דעם קאפּ . עס איז אַ זעהר טרויעריגע סצענע , ווען מען זעהט , אז איונגער , קרעפטיגער מאן , מיט וועלכען מיר האבען גערעדט ערשט מיט איניגע מינוטען צוריק , ווערט פלוצלונג פערשוואונדען , פערשלונגען פון דיא ווילדע וואסערן פונ'ם וועלט מעער .

דער שיפסקאַפּיטאן האט געהייסען אראפ פיהרען אָ'קאָננאָר אין דער גרויסער קאַיוטע , און האט באלד געשיקט צו איהם דעם דאָקטאר . מיר האבען אראפגעפיהרט אָ'קאָננאָר אין דער קאַיוטע , האבען איהם איבערגעטאהן אין טרוקענע קליידער און האבען איהם אניעדער געלעגט אויף אַ בעטעל .

דער דאקטאָר איז באלד געקומען , האט בעטראכט דעם גערעטעטען , און האט געהייסען איהם גיבען אגרויסע גלאז הייסען פּאָנש , דאס בעסטע מיטעל פאר אמאַטראָז , ווייל ער נעהמט עס איין מיט פערגניגען .

אלע זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק , איך אליין בין געבליעבען לעבען מיין פריינד , ווייל עס איז דאמאלס געווען ניט מיין וואַך .

דוא האסט גליק , טערענס , האב איך איהם געזאגט , קיינער האט שוין ניט געגלויבט , אז מיר וועלען דיך ווידער זעהן אויפ'ן דעק .

— הער נור, דיק, האט אָ'קאָננאָר זיך אפגערופען, ביי אונז גלויבט מען, אז ווען עס איז איינעם ניט בעשערט דערטרונקען צו ווערן, וועט ער ארויפשווימען אויפ'ן וואסער, זאגאַר ווען מען זאל איהם ארייננוואַרפען מיט אשטיין אויפ'ן האלז. איך וויים ניט, אויב דאס איז אמת, אזוי פיעל אבער וויים איך, אז קוים בין איך צום ערשטען מאל ארויפגעשוואומען, האב איך באלד אראפ-געווארפען פון זיך מיינע קליידער. קוים בין איך געווארען פריי פון מיינען קליידער, האב איך מיך געלעגט אויפ'ן רוקען, און האב געווארט מען זאל קומען מיר צו הילף. איך האב ניט געשריעען, ווייל איך וויים, אז שרייען, ווען מען געפינט זיך אין וואסער, מאכט אמענשען זעהר שנעל מיעד. איך האב ניט געוואלט פערשווענדען מיינע קרעפטע אויף שרייען און שווימען. איך האב גע-הערט, וויא מען האט געשריעען אויפ'ן שיף:

— א מאַן איז אראפגעפאלען!

איך האב אבער ניט געקענט זעהן, וואס מען האט געטאהן אום מיך צו רעטען. איך האב געהערט, וויא דער שיפסקאַפּיטאן האט געפרעגט איינמאל און צוויא מאל:

— זעהט מען איהם? וואו איז ער?

איך האב געוואלט שרייען:

— אָט בין איך!

איך האב מיך אבער איבערלעגט, אז מען וועט מיך ניט הערן. ווייל דאס וואסער ארום מיר האט געקאכט און גערוישט, און וואלט געווים דערשטיקט מיין שטימע. איך דערצעהל עס דיר, דיק, דערפאר, דוא זאלסט וויסען, אז דיא הויפטזאכע אין א געפאַהר איז ניט צופערליערן דעם מוטה. א מאַטראז דארף שטענדיג געדענקען, אז עס קען איהם פאסירען, ער זאל ארייננפאלען אין וואסער, און ער דארף שטענדיג טראגען זיינע קליידער גאַנץ לויז, אום ער זאל קאנען זיי אראפ ווארפען פון זיך.

אין אפאר טאג ארום איז טערענס אָ'קאָננאָר ווידער געוועהן געזונד און פרעהליך, גלייך וויא עס וואלט איהם גאר ניט פאסירט.

## 28-טעס קאפיטעל

## דיא אייז בערג.

ביז אהער זיינען מיר נאך אלץ געפאהרען אין ווארעמע געגענדען, אייניגע טעג נאך אָ'קאָננאָר'ס רעטונג, האבען מיר אָנגהויבען צו פיהלען, אז עס הייבט אן צו ווערן קיהלער און קיהלער. עס איז נאך ניט געוועהן שטארק קאַלט, מיר האבען אבער שוין געמוזט אָנטאהן ווארעמע קליידער.

דיא סאָלדאטען אויפ'ן שיף פלעגען יעדען טאג מיך לערנען שיעסען · ווען מען פלעגט דערזעהן פייגעל, פלעגט מען ציעלען אויף דיא פייגעל. איך האב בעמערקט, אז וואס קעלטער עס איז געווארען, אלץ מעהר פייגעל האבען זיך געוויזען · זיי זיינען געפלויגען אזוי אָפט, אז מיר פלעגען זיי אפט קענען האפען מיט דיא הענד.

שפּעטער בין איך געוואהר געווארען, אז אין יענע צייט פונ'ם יאהר פליעהען איבער דיא פייגעל פון דיא קאלטע אין דיא ווארעמע לענדער. דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס מיר האבען בעגעגענט אזוי פיעל פייגעל.

אין דרויסען איז געווארען קעלטער און קעלטער. דאס וואסער האט זיך באלד געענדערט. עס האט אנגעהויבען צו רעגנען, פונ'ם רעגען איז געווארען אשנעע, און ענדליך האט זיך אנגעהייבען אשנעע שטורם (זאַווערוכאַ), פון וועלכעם איך האב ביז אהער קיין בעגריף ניט געהאט. דיא גאנצע לופט, פונ'ם הימעל ביז אין וואסער, איז געווען פול מיט לאנגע, דינע, פיינע שנעע נאָדלען. דער שנעע האט אונז פערדעקט דאס געזיכט, דיא אויערן, דיא אויגען און דאס מויל, אז מיר האבען יעדע מינוט געמוזט אראפ שארען פון אונז דעם שנעע.

דאס דעק פונ'ם שיף איז געווארען אזוי פערשאָטען מיט שנעע, אז עס איז געווען אונמעגליך צו געהן אויף איהם. דער שיפסקאַפּיטאן האט געהייסען אלע סאָלדאטען געהן קעהרען דעם שנעע.

עס איז געווארען אזוי פינסטער, אז עס איז געווען אינמעגליך צוזעהן צעהן שריט ווייט פון זיך. דער שיפסקאַפּיטאן האט ניט געקענט אויסגעפינען, וואו מיר זיינען ערגעץ אין דער וועלט, און האט געמוזט הייסען בלייבען שטעהן אויף איין אָרט. מיר האבען פראָבירט פעראַנקערן דאס שיף, דער אַנקער איז אבער ניט צוגעקומען צום גרונד, עס איז דארט געווען צו טיעף.

צוויא טעג און צוויא נעכט האט געדויערט דער שנעע שטורם. דער ווינד האט געריסען אזוי שטארק, אז מיר האבען געמוזט איינציעהען אלע זעגעל. דאס מעער האט געווארפען און געשליידערט אונזער שיף, גלייך וויא זיא וואלט געווען דיא שאָלעכץ פון אַנוס. ווען איך פלעג שטעהן אויף דער וואך, פלעג איך מוזען זיך אָנהאלטען אָן זייטשטריק, איך זאל ניט אריינפאלען אין וואסער.

אויפ'ן דריטען טאג האט דער שנעע אויפגעהערט, דער הימעל איז נאך אבער אלץ געווען בעדעקט מיט וואָלקענס, און דיא לופט איז געווען פול מיט אַסאָרט געדיכטען נעבעל (טומאַן). דער שיפסקאַפּיטאן האט געהייסען אויפציעהען דיא זעגעל און ווייטער פאָהרען.

דאס מעער איז נאך אלץ געווען אונרוהיג. הויכע, קורצע, שטארקע און בייזע וועלען (כוואליעס) האבען זיך אויפגעהויבען, האבען זיך נאכגעיאגט נאך אונזער שיף, און האבען זיא אפט בעגאסען מיט זייער ווייסען שוים. עס איז

געוואָרען נאכט. א שרעקליכע, לאנגוויילינע און פינסטערע נאכט איז אָנגעקומען — אזא פינסטערנעס האב איך נאך קיינמאל ניט געזעהן.

איך בין געשטאנען אויף דער וואך פון אכט אוהר אבענדס ביז צוועלף. איך בין שוין געווען אזוי גוט בעקאנט אויפ'ן שיף, אז מען האט מיר געהייסען שטעהן ביים רעדעל. דער צווייטער אָפיציער פלעגט פון צייט צו צייט צוקומען צו מיר, פלעגט אקוק טאהן אויפ'ן קאָמפּאַס און פלעגט אָברום טאהן:

— מיר זיינען עפעס צו וויט פערפאָהרען!

עס איז געווען דייטליך, אז אונזער שיפסקאַפּיטאן האט פערבלאָנזעט אין שנעע שטורם. וואלט געווען שעהן אין דרויסען; וואלט דיא זון געשיינט אויף אַ פאר שטונדען אום מיטאג, וואלט ער זעהר לייכט געקענט אויסגעפינען, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ, און ער וואלט געקענט צוריק פאהרען אויפ'ן ריכטיגען וועג. עס איז אבער געווען פינסטער, און דער שיפסקאַפּיטאן האט אליין ניט געוואוסט, וואו מיר געפינען זיך יעצט.

מיין וואך האט זיך געענדיגט. איך בין געווען אזוי פערפראָרען, אז איך האב אָנגעהויבען צו קלאפּען מיט דיא הענד אויף מיין קערפּער, אום זיך אביסעל צו דער'וואַרעמען. פּלוצלונג האב איך דערהערט אַ הויכען געשריי:

— אַשיף! אשיף גערעט פאר אונז מיט אויסגעשפּרייטע זעגעל!

— אונטער אלע זעגעל? — דאס איז אונמעגליך! האט אויסגערופען דער צווייטער אָפיציער.

ער איז צוגעלאפען צום רעדעל און האט אנגעהויבען איהם צו דרעהן אראפ. ער האט געוואלט אויסדרעהען אונזער שיף אָן אַזייט, זיא זאל ניט אָנ-לויפען אויף דעם שיף, וועלכעס מען האט געזעהן פאר אונז.

— קום אהער, דשאָן! העלף אונז! האט ער געשריעען צו איינעם פון דיא מאַטראזען.

ער איז געשטאנען ביים רעדעל מיט נאך איינעם, זיי ביידע זיינען אבער ניט געווען אים שטאנד איינצובויגען דאס רעדעל ביז צו דער ערד און האבען געמוזט צורופען אדריטען.

איך בין געשטאנען ביי דער טהיר פון דער קאַיוטע. לעבען מיר איז געשטאנען מיין פריינד אַנדריו טהאָמפּסאָן.

— זיי זיינען בלינד! האט ער געזאגט צו מיר.

— ווער איז בלינד? האב איך געפרעגט.

— אונזער צווייטער אָפיציער מיט זיינע מאַטראָזען. — זיי זעהן אַשיף. עס איז גאר קיין שיף.

— וואס דען איז עס?

— אַן אייזבערג.

ער איז צוגעלאפען צום רעדעל, וואו דיא דרייא מענשען האבען גע־אַ־בייטעט אום אויסצודרעהן דאס שיף, און האט א געשריי געטאהן:

— זעהט איהר דען ניט, אז עס קומט אונז ענטגעגען אגרויסער אַייזבערג?

דער צווייטער אָפיציער און אלע מאַטראָזען האבען אציטער געטאהן. ערשט יעצט האבען זיי דערזעהן, אז דאס ווייסע, וואס זיי האבען געזעהן פון דער ווייטען, זיינען ניט דיא זעגעל פון א שיף, זאָנדערן א גרוסער אַייזבערג בעדעקט מיט שנעע.

צום אונגליק, איז נור איין שפיץ פונ'ם אַייזבערג געווען בעדעקט מיט שנעע, דער גאנצער אַייזבערג אבער איז געווען דונקעל. ווען דער צווייטער אָפיציער וואלט געווען געלאזען דאס שיף געהן איהר וועג, וואלטען מיר פיעלייכט געווען פארביי געפאהרן דעם אַייזבערג, אזוי וויא ער האט אבער געוואלט אויסדרעהן דאס שיף, האט ער עס ארויפגעפירט אויפ'ן אייזבערג, וועלכען ער האט ניט געקענט זעהן אין דער שרעקליכער פינסטערניס.

— גאט, האב רחמנות אויף אונז! האט איינער אויסגערופען.

אין דיעזער מינוט האט דאס שיף זיך אנגעשלאגען אן עפעס אזוי שטארק, אז אלע, וועלכע זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק, זיינען אומגעפאלען. איידער מיר האבען צייט געהאט זיך אויפצוהייבען, האבען מיר דערהערט א ש־עקליכעס קנאַקען, טראַכען, ברעכען, קלאַפען און שטויסען. אונזער שיף איז זיך צוזאמענגעקומען מיט'ן אַייזבערג.

דיא מאַטראָזען און סאָלדאַטען, וועלכע זיינען געשלאפען אין זייערע קאַיוטען, האבען זיך אויפגעכאפט מיט שרעק און זיינען ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק. עס איז געווארען א געשריי, א געוואַלד, אגעיאָמער, א געוויין און אזא געטומעל, אז איינער האט ניט געהערט, וואס דער אנדערער זאגט. מען איז געווען, צומישט צוטומעלט, דערשראקען און איבערראשט, אז קיינער האט ניט געוואוסט וואס צו טאהן.

דער ווינד האט גערוישט און געפייפט אין דיא זעגעלבוימער, דאס מעער האט גערוישט, געקאכט און געשפריצט מיט שוים. דאס שיף האט געציטערט און געקרעכצעט. מען האט געהערט, וויא איהר פראָנט ברעכט זיך. באלד איז דער זעגעלבוים פון פאָרנט אומגעפאלען און האט אַיינגעבויגען דאס שיף אויף א זייט, אז דאס וואסער פונ'ם מעער האט געוואשען דעם דעק.

דער שיפסקאפיטאן און דער קאַמאַנדיר פון דיא סאלדאטען זיינען ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק. דער קאַמאַנדיר פון דיא סאָלדאטען האט געהייסען זיינע סאָלדאַטען זיך אויסשטעלען מיט זייערע ביקסען אין דיא הענד. דער שיפסקאפיטאן האט קאַמאַנדירט:

— רוהיג זיין! יעדער אויף זיין פלאַץ!

דאס איז אבער געווען לייכט צו זאגען. דיא מאַטראָזען האבען איהם ניט געקענט הערען און ניט געוואלט הערען. דאס קלאַפּען און ברעכען פון דיא ברעטער פונ'ם שיף האבען פערטויבט יעדעס געשריי און יעדען בעפעהל.

— דאס שיף געהט אונטער! האט געשריען איינער מיט א ווילדער, אונמענשליכער שטימע.

יעצט ערשט האט זיך אנגעהויבען א מישענינע און א פערווירונג, וועלכע עס איז אונמעגליך צובעשרייבען. אייניגע זיינען געשפרונגען אין וואסער און זיינען דערטרונקען געווארען, אדער צוקוועטשט געווארען פון דעם אייזבערג.

— קיינער זאל ניט אראפגעהן פון דעק! האט דער שיפסקאפּיטאַן קאָמאַנדירט. — סאָלדאַטען! שיעסט אויף יעדען, וועלכער וועט צוגעהן צום געלענדער!

קיינער האט איהם אבער ניט געהערט. יעדער האט געפיהלט, אז ער געפינט זיך אין דער גרעסטער געפאהר און האט ניט געוואלט הערען, וואס מען דאט איהם קאָמאַנדירט. יעדער איז געלאָפען, וואוהין ער האט געוואלט, מייסטענס זיינען זיי געלאָפען אין א זיכערן טויט.

איך בין נאך אלץ געשטאנען אויף מיין ארט, ביי דער טהיר פון דער קאַיוטע. לעבען מיר זיינען געשטאנען מיינע פריינד: אַנדריו טאָמפּסאָן, טערענס אָ' קאָננאָר און דער יונגער סטאָקס.

— קינדער, דאס שיף קען זיך ניט לאנג האלטען איבערן וואסער, האט טאָמפּסאָן געזאגט צו אונז, ווען איהר ווילט רעטען אייער לעבען, קומט מיט מיר.

מיר האבען איהם ניט געענטפערט. ער איז געגאנגען פאראויס און מיר זיינען איהם נאכגעגאנגען. ער האט אנגעהויבען צו קלעטערן אויפ'ן שפּיץ פונ'ם שיף, אדער וויא דיא מאטראָזען רופען עס, אויף דעם נאָז פונ'ם שיף, דארט וואו עס געפינט זיך דיא פיגור, וועלכע שטעלט פאָר דאס שיף. דארט האבען מיר זיך אנגעהאפּט אן דיא קייטען.

— אראפּשפּריגגען! האט טאָמפּסאָן אויסגערופען און איז אראפּגע-שפּרונגען פון דיא קייטען אויפ'ן אַייזבערג.

מיר זיינען איהם נאכגעשפּרונגען איינער נאכ'ן אנדערן אויפ'ן אַייזבערג.

— העכער! געהט מיר נאך! האט געשריען טאָמפּסאָן.

מיר האבען איהם געפאלגט און זיינען איהם נאכגעקראכען. דאס אַייז פונ'ם אַייזבערג איז ניט געווען גלאַט. אין ערטער איז דער אַייזבערג געווען בעדעקט מיט האלב געשמאָלצענעם שנעע, אין ערטער האבען זיך געפונען בערגלאַך און טאָהלען אויף איהם. מיר זיינען געקראכען אויף אלע פיער און האבען געקלעטערט אלץ העכער און העכער.

ענדליך זיינען מיר מיעד געווארען און זיינען געבליבען ליעגען אין

א טאהל צווישען צוויא בערגלעך. מיטע הענד זיינען געווען אזוי פערפראַרען אז איך האב געמוזט אנהייבען צושלאגען און צו קלאפּען מיט זיי אזוי לאנג ביז איך האב זיי אביסעל אנגעוואַרמט. מיינע קאַמעראַדען איז עס געגאנגען ניט בעסער. זיי האבען אויך געציטערט פין קעלט און האבען געמוזט טאַנצען, שפרינגען, זיך שלאגען מיט דיא הענד אן זייערע זייטען אום זיך אביסעל צו דער ווארעמען.

מיר זיינען געווען שרעקליך מיעד, ווייל מיר זיינען געשטאנען אויף דער וואַך פון אכט אוהר אבענדס ביז צוועלף; אויסער דעם האט אונז דאס קלעטערן אויפ׳ן אייזבערג זעהר מיעד געמאכט. מיר האבען זעהר געוואלט זיך צולעגען און זיך אביסעל אפּרוהען, עס איז אבער געווען אונמעגליך.

מיר האבען געזעהן, וויא דאס ווילדע מעער האט אויפגעהויבען דאס שיף און האט עס ארויפגעוואָרפען אויפ׳ן אייזבערג. דער גאנצער פּראָנט, דיא פּאָרדערסטע זייט פונ׳ם שיף, איז שוין געלעגען אויפ׳ן אייזבערג, דער פּאר אבער איז דיא הינטערסטע זייט שוין אין גאנצען געלעגען אין וואסער.

דיא לאנטערנען לעבען רעדעל און אויפ׳ן לעצטען, הינטערסטען זעגעל־בוים האבען נאך געברענט און מיר האבען געקענט זעהן, וויא אויפ׳ן בריקעל און ביים געלענדער פון פּאָרנט זיינען געשטאנען מענשען. פלוצלונג האבען מיר דערהערט אשרעקליכען טראַך. דער שיפּסקאַפּיטאן האט געהייסען שיעסען פון דיא קאַנאָנען. ער האט געטאהן זיין בעסטעס: ער האט געגעבען א נויט־סיגנאַל, פּיעלייכט געפינט זיך ערגעץ א שיף ניט ווייט, זאל זיא וויסען, אז מענשען געפינען זיך אין לעבענסגעפאהר און זאל קומען זיי העלפען.

דער שיפסקאַפּיטאן האט אנדערש ניט געקענט. ווען מען טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אן א שטרוי. ער האט ניט געוואוסט, דער אונגליקליכער, אז דורך דיעזעם שיעסען מאכט ער, אז זיין שיף זאל שנעלער אונטערגעהן.

מיר האבען געזעהן, וויא דאס שיף האט א ציטער געטאהן, ווען מען האט אויסגעשאסען פון דיא קאַנאָנען; מיר האבען געזעהן, וויא זיא האט זיך אראפּגעגליטשט פון אייזבערג און האט אנגעהויבען אונטערצוגעהן.

איך האב קיין ווערטער צו בעשרייבען דיא שרעקליכע, אונמענשליכע, הערצרייסענדע געשרייען, וועלכע האבען זיך געהערט פון דעם אונגליקליכען שיף. מיר האבען געזעהן, וויא אונזערע אונגליקליכע קאַמעראַדען ווערן דער טרונקען און האבען זיי ניט געקענט העלפען. וואס האבען מיר, דריי מענשען, אויפ׳ן אייזבערג געקענט טאהן פאר זיי?

פלוצלונג האט זיך טאָמפּסאָן עפּעס דערמאנט.

— ווען מיר האבען זיך גערעטעט אויפ׳ן אייזבערג, קען דאך זיין, אז נאך אנדערע האבען זיך אויך גערעטעט אויף דעמזעלבען אייזבערג.

— אלזא, וואס ווילט איהר דען טאהן? האב איך געפרעגט.

— זיי רופען, האט טאָמפסאן געענטפערט, לאמיר זיך וועניגסטענס האַלטען צוזאמען. אין א נויט איז גוט צו האבען א פריינד. וואס מעהר מענשען עס האלטען זיך צוזאמען אין א נויט, איז אלץ בעסער.

מיט דיעזע ווערטער האט ער צוגויפגעלעגט זיינע פערפראָרענע הענד און האט געמאכט פון זייא אַ סאָרט ראָהר, א טרובע, דורך וועלכע ער האט אנגעהויבען צו שרייען:

— ווער איז נאך דא פונ'ם שיף? — ווער האט זיך גערעטעט? — וואו זייט איהר? — ענטפערט, קאַמעראַדען!

ער האט געשריעען מיט אלע זיינע קרעפטע איינינע מינוט. מיר האבען זיך צוגעהערט, פיעלייכט וועלען מיר דערהערן א געשריי, א זיפץ, א קרעכץ, אבער אלעס איז געווען שטיל, נור דאס מעער האט גערוישט און געקאָכט און געבייטשט דיא זייטען פונ'ם אייזבערג.

מיר האבען אראפגעלאזען טרויעריג דיא קעפּ. מיר האבען זיך איבער־צייגט, אז מיר זיינען דיא איינציגע פון איבער דרייהונדערט מענשען, וועלכע האבען זיך גערעטעט. דאס שעהנע שיף איז אונטערגעגאנגען מיט אלע מענשען.



## 29-טעס קאפּיטעל

## אויפ'ן אַייזבערג.

איך בין ניט אים שטאנד צו בעשרייבען, וואס איך האב דורכגעפיהלט דיעזע נאכט. איך וויל עס צו מאל פערגעסען; יעדעס מאל אבער ווען איך דערזעה א שטיקעל אַייז, דערמאָן איך מיך אן יענער נאכט, ווען מיר פיער זיינען געשטאנען אויפ'ן אַייזבערג טרויעריג, ניעדערגעשלאגען, צומישט און פערצווייפעלט.

מיר זיינען גערעטעט, אויף וויא לאנג אבער? מיר האבען זעהר גוט געוואוסט, אז ווען דיא אַייזבערג שווימען צו צו דיא ווארעמע לענדער, הייבען זיי אן זיך צו ברעקלען, זיי ווערן צושמאָלצען און ענדליך צוגעהן זיי אין גאנצען. דערווייל שטעהן מיר אויף אפעסטעס שטיק אַייז. וויא לאנג וועט ער אבער האלטען?

— ווען מיר וועלען מוזען דא בלייבען אלענגערע צייט, וועלען מיר פערפראָרען ווערן, האט דער אָרימער סטאָקס געזאגט.

ער האט שרעקליך געציטערט און זיינע צעהנער האבען געקלאַפּט איינער אן דעם אנדערן אזוי הויך, אז מען האט עס געקענט הערן אויף הונדערט שריט פון איהם. איהם האט פּאַסירט נאך אַן אונגליק. ער איז אריינגעפאלען אין אטייכעל אויפ'ן אַייזבערג און זיינע קליידער זיינען נאַס

געווארען. אויפ'ן אַייזבערג איז געווען ביטער קאלט. אין אייניגע מינוטען זיינען זיינע קליידער פערפראָרען געווארען אויף זיין לייב און זיינען געווארען הארט, וויא אַייזען.

דער אָרימער יונג האט שרעקליך געליטען פון דער קעלט און מיר האבען איהם ניט געקענט העלפען, ווייל מיר האבען אליין געהאט ווענינ קליידער אויף זיך. מיר האבען קיין צייט געהאט מיט צונעהמען ווארעמע קליידער פון אונזערע קעסטלעך.

דער איינציגער פון אונז, וועלכער האט ניט פערלארען קיין מוטה אין דיזער שרעקליכער לאגע, איז געווען אַנדריו טאָמפסאָן. ער איז געווען פיעל עלטער פון אונז און האט שוין ניט איין מאל געליטען שיפּסברוך. ער האט שוין גענוג געליטען און גענוג דורכגעלעבט, ער האט שוין געהאט אין זיין לעבען קאלט און ווארם. — האפט אויף גאט, קינדער! האט ער געזאגט, ווען ער האט אונז געהאלפען און האט אונז ניט געלאזען אונטערגעהן צו זאמען מיט דער „פּאָקאַהאָנטאַס", וועט ער אונז ווייטער העלפען.

איך און טאָמפסאָן זיינען געווען ווארם אנגעטאהן, ווייל מיר האבען נור וואס געענדיגט אונזער וואַך, ווען דאס אונגליק איז געשעהן, און מיר האבען ניט אזוי שטארק געליטען פון דער קעלט. טאָמפסאָן האט זיך דערמאנט, אז ער האט ביי זיך אין קעשענע זיין פייער געצייג, זיין הילצערנע פּפייפע (ליולקע) און זיין טאַבאַק בייטעל. ער האט אנגעשטאָפּט זיין ליולקע מיט טאַבאַק און האט אויפגעשלאגען פייער. דער אָרימער סטאָקס האט זיך געוואַרמט ביי דער הייסער ליולקע.

פיעלע פון מיינע לעזער קען עס אויסקומען לעכערליך. וויא קען מען זיך ווארעמען ביי א ליולקע מיט טאַבאַק? לאז אבער איינער פון זיי פּראָבירען פערברענגען אפּאר שטונדען אויפ'ן אַייז אין נאַסע קליידער און ער וועט וויסען, וואס עס הייסט אפונק פייער. דער אַנבליק פונ'ם פייער האט איהם שוין גע-וואַרמט, אדער ער האט וועניגסטענס געמיינט, אז עס ווערט איהם וואַרעמער.

יעצט קען איך מיר דייטליך פארשטעלען, אז פון דער צייט ווען מיר זיינען ארויפגעשפרונגען אויפ'ן אַייזבערג, ביז עס האט געדארפט טאג ווערן, האט געדארפט פערגעהן פינף ביז זעקס שטונדען, דאמאלס אבער האט זיך אונז אויסגעוויזען, אז דיא נאכט וויל זיך גאר ניט ענדיגען, מען זאגט א מאל: „יעדע שטונדע איז ביי איהם א יאהר". דאס איז א ווערטעל, ביי אונז אבער איז עס דאמאלס געווען דיא ריינע וואַהרהייט. עס האט זיך אונז אויסגעוויזען, אז מיר געפינען זיך שוין יאהרען לאנג אין דער פינסטערניס און דיזע פינס-טערניס וועט זיך שוין קיין מאל ניט ענדיגען.

ווען מיר האבען זיך גענוג אנגעטאנצט און זיך אביסעל דאך דער-וואַרמט, האבען מיר אנגעהויבען צו בעטראַכטען אונזער לאַגע.

— וואס פאר האפנונגען קענען מיר האבען זיך צו יעטען פון אונזער אייז געפענגניס? האב איך געפרעגט.

— מיר האבען פיעלע האפנונגען, האט טאָמפסאָן געענטפערט. ערשטענס, קענען מיר אויפהאפען שטיקער האלץ, ברעטער, קלעצער פון דער אונטערגעגאנגענער „פאָקאַהאָנטאַס”, זיי צוזאמען בינדען און מאכען א פלאָס (פלאָט). צווייטענס, קען זיין, אז אונזער אייזבערג וועט זיך צושלאגען ערגעץ צו א לאנד. דריטענס, קען אנקומען א שיף, אונז דערזעהן און אונז אויפנעהמען.

— דאס וואלט געווען דאס בעסטע און דאס זיכערסטע! האב איך אויסגערופען.

— גאנץ געוויס, האט טאָמפסאָן געענטפערט, איך וויים אבער ניט, אויב מיר געפינען זיך אויף דעם וועג, וואו עס פאהרען שיפען; אויסער דעם האבען דיא שיפען ניט זעהר ליעב אן אייזבערג. און ווען זיי דערזעהן איהם פון דער וויטען, אנטלויפען זיי פון איהם. זיי וויסען זעהר גוט, אז דאס איז א קערל, מיט וועמען מען קען ניט לעבען אין פריעדען. דערפאר האב איך געזאגט: דריטענס, ווען איך האב גערעדט פון אונזערע האפנונגען זיך צו רעטען. איך גלויב ניט, אז א שיף זאל זאָגאַר וועלען אונז רעטען, ווען זיא וועט דערזעהן, אז מיר געפינען זיך אויף אן אייזבערג.

— אלזא, קענען מיר ניט רעכענען, אז א שיף זאל אנקומען און זאל אונז רעטען?

— וואס קענען מיר יאַ רעכענען און וואס קענען מיר דען ניט רעכענען? האט טאָמפסאָן געפרעגט; מיר געפינען זיך אין א זעהר שלעכטער לאַגע און קענען גאר ניט וויסען, וואס מיט אונז קען פאסירען. לאמיר האפען, אז גאט וועט אונז ניט פערלאזען און וועט אונז ארויסהעלפען פון דער געפאהר, אין וועלכער מיר געפינען זיך.

— דיא פראַגע איז, וויא וועלען מיר לעבען, ביז דיא הילף וועט קומען? וואס וועלען מיר עסען? דער אייזבערג איז א שלעכטער ווירטה, ער האט געווים קיין זאך ניט אנגעגרייט פאר אונז און מיר האבען ניט מיטגענומען קיין פראָוויאַנט פון דעם אונטערגעגאנגענעם שיף.

— איך זעה, אז דוא ביסט נאך גאנץ יונג און קענסט נאך ניט דיא וועלט, האט טאמפסאן בעמערקט, דוא וויסט נאך ניט, אז אין דיא גאנץ קאלטע געגענדען וואוינט אפאָלק, וועלכעס הייסט עסקימאָסען. דיעזעס פאָלק וויים ניט פון ברויט, פון מעהל, פון באָהנען (בעבלעך), פון מעהרן, ריבען און אנדערע פריכטע, וויל אין יענע לענדער איז אזוי קאלט, אז קיין גראָז און קיין בוים קען ניט וואקסען, און דאך לעבען יענע מענשען. דאס וויזט אונז, אז מען קען לעבען אהן ברויט און אהן פריכטע.

— פון וואס לעבען זיי דען? האב איך געפרעגט.

— פון פיש און פון פלייש, האט טאָמפסאָן געענטפערט.

— וואו נעהמען זיי דען פלייש?

— זיי טייטען דעם ווייסען בער און פיעלע פייגעל, וועלכע געפינען זיך אין יענע געגענדען; זיי לעבען פונ׳ם שמאַלץ פון דיא וואַללפיש, וועלכע זייא פאנגען.

— שמאַלץ פון אַ וואַלפיש? האב איך געפרעגט און האב אַ ציטער געטאהן פאר עקעל, — דאס הייסט דאך ביי אונז: פישטראָהן? וויא קען א מענש לעבען פון פישטראָהן?

— דוא זעהסט דאך, אז דיא עסקימאָסען לעבען דערפון, וואַהרשיינליך קען מען דערפון לעבען.

— ניין! האב איך אויסגערופען, פישטראָהן וועל איך ניט עסען! איך וועל פראָבירען צוחאפען פייגעל.

— וואס זאלען מיר חאפען פאראוים? האט טאָמפסאָן געזאגט טרויעריג, לאמיר ווארטען, לאמיר האפען, אז גאט וועט אונז צושיקען שפייז.

אזוי האבען מיר גערעדט און פערבראכט דיא לאנגוויילינגע שטונדען פון דיעזער לאנגער נאכט.

וויא לאנג דיא נאכט איז פאר אונז געוועזן, האט זיא דאך געמוזט אמאל זיך ענדיגען און זיא האט זיך אויך געענדיגט. אין אָסטען (מזרח זייט) האט זיך אנגעהויבען צו ווייזען א פאַס ליכטיגקייט. דער הימעל האט זיך אויסגע-לייטערט, דער שטורם האט נאכגעלאזען. דער גאנצער אָסטען (מזרח) האט אנגעהויבען צו גליהען מיט ארויטעם פייער.

מיר האבען ענדליך געקענט זעהן, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ אין דער וועלט. מיר האבען געקענט בעטראכטען דאס שטיק אַייז, אויף וועלכעם מיר האבען אזוי אונגערן בעקומען א קווארטיר. עס איז געווארען העלער און העלער און מיר האבען דערזעהן, אז מיר געפינען זיך אויף א גרויסער אינזעל — פון אייז. דער אַייזבערג איז געוועזן עטליכע מייל דיא ברייט און דיא לענג.

דיא זון איז ארויסגעגאנגען און האט בעלייכטעט א סצענע, וועלכען קיין פעדער קען ניט בעשרייבען און קיין מאַלער קען ניט אויסמאָלען. דער אַייזבערג איז געוועזן בעדעקט מיט בערגלעך, מויערן, טהורעמס, שלעסער, פאַלאַצען, זיילען, פעסטונגען, שפיצען און ווענט. אלעס האט געגלאַנצט, אלעס האט געפינקעלט, אלעס האט געשיינט אין אלע פארבען פונ׳ם רעגען בויגען. עס האט זיך אויסגעוויזען, אז מיר געפינען זיך אין אַן אָרט, וואו עס ברענען, פונקלען, גלאַנצען און שיינען מיללאָנען מיללאַרדען בריללאַנטען.

איך בין צוגעגאנגען צו אשעהנער מויער בעטראכטען דיא בריללאַנטען,

וועלכע האבען דארט געפייערט אזוי שעהן — און האב געפונען, אז דאס זיינען נור שטיקלעך אַייז. דער מויער, דער טהורם, דער פאַלאַץ — אלעס איז געווען נור אַייז און אַייז.

עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען. איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן אונזער לאַגע. דער אַייזבערג איז צוואר זעהר גרויס, וואס ווערט אבער דער פון? דאס איז נאך ערגער. א קליינער שטיק אַייז קען זיך האלטען אלענגערע צייט. א גרויס שטיק אַייז אבער מוז צושלאגען ווערן אויף שטיקער. זיא קען זיך ניט האלטען זעהר לאנג צוזאמען, ווייל דאס וואסער פונ'ם מעער רייסט, רייבט, שלייפט און גראָבט זיך אריין אין איהר.

מיר האבען ערשט יעצט דערזעהן, אז מיר געפינען זיך אויף דער ניעדעריגער זייט פונ'ם אַייזבערג, וועלכער איז געווען זעהר שיעף (משופע), העכער, ווייטער פון אינז איז געווען א גאנצער בארג בעדעקט מיט שנעע.

— דארט איז אייגענטליך דער זיכערסטער פונקט פאר אונז, האט טאָמפסאָן געזאגט. דארט איז דאס אַייז פיעל דיקער און וועט ניט אזוי גיך צושמאָלצען ווערן. לאמיר אנהויבען ארויפצוקלעטערן ביז מיר וועלען צוקומען צו יענעם העכסטען פונקט.

— איך דענק, אז מיר זאלען בעסער ארומגעהן דעם אַייזבערג פון אלע זייטען, האב איך בעמערקט. לאמיר וועניגסטענס זיך בעקענען מיט אונזער אַייז געפענגניס.

— דיק האט רעכט, האט טאָמפסאָן אויסגערופען, איך בין הונגעריג. ווען מיר וועלען געהן ביי דיא ברעגעס, וועלען מיר פיעלייכט געפינען א פיש אדער מיר וועלען קענען כאפען א פויגעל. מיר מוזען עפעס עסען און זיך שטאַרקען, איידער מיר וועלען אונטערנעהמען דיא שווערע רייזע אויפ'ן באַרג.

עס איז געבליעבען, אז מיר זאלען פריהער זיך ארומקוקען, וואס עס טהוט זיך ביי דיא ברעגעס פונ'ם אַייזבערג. מיר האבען ניט געהאט קיין באַגאַזש צו שלעפען מיט זיך און האבען ניט געדארפט מאכען קיינע פאָר-בערייטונגען. מיר האבען אנגעהויבען צוגעהן לאנגזאם און פאָרזיכטיג. מיר האבען זעהר גוט געוואוסט, אז קוים גליטשעט מען זיך אויס און מען פאלט אראפ פאלט מען אריין גלייך אין וואסער.

דיא רייזע איז דאהער געווען א זעהר לאנגזאמע און א זעהר לאנג-ווייליגע. דער הונגער האט אנגעהויבען צו לאזען זיך פיהלען. מיר האבען ניט געגעסען פון נעכטען אן און האבען דורכגעלעבט אזא שרעקליכע נאכט. מיר האבען זיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען און האבען געזוכט עפעס, וואס מען זאל קענען נעהמען אין מויל אריין. ארום אונז אבער איז געווען נור אַייז און אַייז און ווידער אַייז.

מיר זיינען אזוי אוועקגעגאנגען אפאר שטונדען. אין ערשטער האבען מיר

געמוזט ארויסנעהמען אונזערע מעסערס, זיי ארייינשטעקען אין אייז און זיך אנהאלטען אן זיי, מיר זאלען ניט אראבפאלען. אזוי האבען מיר זיך וויטער געשלעפט, ריכטיגער געזאגט, מיר זיינען געקראכען אויפ'ן אייז.

ענדליך זיינען מיר מיעד געווארען און האבען געמוזט זיך זעצען אברוהען. דיא זון האט אנגעהויבען צו ווארעמען. עס איז נאך געוועזען גוט קאלט, אבער געגען דיא קעלט פון דער נאכט האט עס געקענט הייסעןווארם. א' קאננאר און סטאקס זיינען באלד אנטשלאפען געווארען. איך און טאמפסאן האבען ניט געוואלט שלאפען. מיר זיינען געשטאנען אויף דער וואך. וואס האבען מיר געהאט צו בעוואכען? ווער האט זיך דען געקענט געפינען אויפ'ן אייזבערג אויסער אונז?

מיר האבען אבער אויך קיינעם ניט בעוואכט, מיר האבען געקוקט אויפ'ן מעער, פיעלייכט וועלען מיר דערזעהן עפעס, וואס מען קען עסען. עס איז מיר לאנגווייליג געווארען צו זיצען אויף איין ארט און איך האב געזאגט צו טאמפסאן:

— איך וועל זיך אביסעל דורכשפאציערן און איהר זאלט זיצען לעבען אונזערע קאמעראדען.

איך האב גענומען מיין מעסער אין דיא הענד און בין אוועקגעגאנגען. א מאטראז מוז האבען א מעסער אין קעשענע. עס קומט פאר זעהר אפט, אז ער דארף איבערשניידען שטריקלעך, ווען ער געפינט זיך אויפ'ן זעגעלבוים. מיר האבען דאהער אלע געהאט אונזערע מעסער מיט זיך, דאס איינציגע אינסטרומענט, וואס מיר האבען געהאט.

איך בין אוועקגעגאנגען א פאר הונדערט שריט און האב מיך אפגעשטעלט זיך ארומקוקען. אין איין ארט גאנץ נאהענט ביים וואסער איז עפעס גע־לעגען. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז דאס איז א פיש אדער א מענש. עס איז געוועזען צו וויט, אום איך זאל קענען דייטליך זעהן, וואס דארט ליעגט. איך האב געוואלט צוגעהן נעהנטער און זעהן, וואס דארט איז, דיא זאך איז אבער געלעגען גאנץ נאהענט צום וואסער און אראפצוגעהן פון דעם ארט, וואו איך בין געשטאנען איז געוועזען געפעהרליך, בעזאנדערס יעצט, ווען דיא זון האט אנגעהויבען צו ווארעמען און צו שמעלצען דאס אייז.

איך האב אנגעהויבען צו שרייען און צו רופען טאמפסאן. ער האט מיך דערהערט און איז באלד געקומען צולויפען, וויא וויט מען האט געקענט לויפען אויפ'ן אייז.

—זעהט נור, טאמפסאן, וואס ליעגט דארט אויפ'ן אייז? האב איך אויסגערופען פון דער ווייטענס.

— דאס איז א זעעהונד (טיולען), האט טאמפסאן געענטפערט.

ער איז שוין געוועזען עטליכע מאל אויפ'ן אייזמעער און האט זיך שוין

גענוג אנגעזעהן מיט אלערליי פיש און טהיערע, וועלכע געפינען זיך אין דיא קאַלטע לענדער.

— זאל עס זיין אלעבעדיגער זעעהונד? האב איך געפרעגט.

— ניין, דאס איז אטויטער זעעהונד.

— פון וואנען ווייכט איהר, אז דאס איז א טויטער זעעהונד? איך געדענק, אז איך האב אמאל געלעזען, אז דיא זעעהינד האבען ליעב ארויסצוקריכען פון וואסער און זיך אניעדערצולעגען אויפ'ן אייז.

— א לעבעדיגער זעעהונד ליעגט ניט אזוי.

— זאלען מיר איהם לאזען דארט ליעגען?

— מיר מוזען איהם ארויפשלעפען אהער, האט טאָמפסאָן געזאגט, דאס פלייש פון א זעעהונד איז צוואַר ניט גאנץ געשמאק, אין א נויט אבער, ווען מען האט קיין אנדערע זאך צו עסען, קען מען דאך לעבען מיט אזא עסען אויך.

— וויא וועלען מיר אבער צו קומען צו איהם? דאס אייז איז גלאַט אונטען און איז זעהר ניט גלייך.

— מיר מוזען אויפוועקען אונזערע קאַמעראַדען, האט טאָמפסאָן געזאגט, מיר וועלען מאכען אשטריק. איינער פון אונז וועט זיך אראפלאזען אויפ'ן שטריק, וועלכען דיא איבעריגע דרייא וועלען האלטען ביי איין עק. ווען ער וועט אראפקומען אונטען, וועט ער ארום בינדען דעם זעעהונד מיט'ן שטריק און מיר וועלען איהם ארויפשלעפען צו זיך.

מיר האבען אויפגעוועקט אונזערע קאַמעראַדען און האבען אנגעהויבען צו מאכען אשטריק. צוערשט האט יעדער פון זיך אראפגענומען דעם ריעמען, מיט וועלכען ער איז געווען ארומגעגארטעלט. דאן האט יעדער ארויסגענומען פון דער קעשענע דיא שטריקלעך, וואס יעדער מאַטראָז מוז האלטען ביי זיך, וויל עס קומט איהם פאַר זעהר אפט צו צובינדען דיא זעגעל.

מיר האבען ענדליך געמאכט אלאנגען שטריק און טאָמפסאָן האט זיך אויף איהם אראפגעלאזען. עס איז אויך גאר ניט געווען אזוי שווער זיך אראפצולאזען. דאס אייז איז דארט געווען צו לעבערט פונ'ם מעער וואסער און פון דער זון. דאס שווערסטע איז געווען ארויפצושלעפען דעם זעעהונד אויף דעם ארט, וואו מיר זיינען געשטאנען. דער זעעהונד האט געדארפט וועגען עטליכע הונדערט פונט און אזא משא צו שלעפען ארויף בארג און נאך אויפ'ן אייז, איז ניט אזוי לייכט.

עס איז אונז אבער דאך געלונגען. מיר האבען ארויפגעשלעפט דעם טויטען זעעהונד צום בערגעל, וואו מיר זיינען געשטאנען.

— ער איז נאך גאנץ פריש, האט טאָמפסאָן געזאגט, מיר וועלען קענען עסען זיין פלייש.

מיר האבען זיך באלד געגומען צו דער ניט גאנץ אנגענעהמען ארבייט פון א פליישער (קצב). מיר האבען אנגעהויבען אפצושינדען דעם וועהונד; דאס איז אלאנגוויילינע און זעהר אונאַנגענעהמע ארבייט, מיר האבען זיא אבער געמוזט טאהן. ווען מיר האבען אפגעשונדען דעם וועהונד האבען מיר אנגעהויבען צו צושניידען זיין פלייש אויף גאנץ דינע און לאנגע פּאַסען, ווייל מיר האבען גערעכענט, אז אויף אזא אַרט וועלען מיר עס קענען לענגער האלטען, עס זאל ניט פערדארבען ווערן.

מיר זיינען געווען זעהר הונגעריג. איך האב פּראָבירט נעהמען אשטיקעל רויעס פלייש אין מויל אריין און האב עס באלד אויסגעשפּיעגען. דאס פלייש האט געשטונקען נאך פישטראָהן. מיינע קאַמעראַדען האבען צוקייט און איינ־געשלונגען אפּאר שטיקלעך, איך האב אבער דערקענט אן זייערע זויערע מינען, וועלכע זיי האבען דערביי געמאכט, אז עס שמעקט זיי אויך ניט גאנץ גוט.

— יעצט, קינדער, ווען מיר זיינען שוין געשיצט פארן הונגער, מוזען מיר אנהויבען צו דענקען פון אונזער רעטונג, האט טאָמפּסאָן געזאגט. מיר מוזען ארויפקלעטערן ביז אויפ׳ן העכסטען פונקט פונ׳ם אַייזבערג און זיך ארומקיקען אין אלע זייטען, פּיעלייכט וועלען מיר דערזעהן א שיף; ווען מיר וועלען קיין שיף דערזעהן, מוזען מיר מאכען א צייכען, אז ווען א שיף זאל אנקומען, זאל זיא דערזעהן, אז עס געפינען זיך מענשען אויפ׳ן אַייזבערג, וועלכע בעטען הילף.

מיר האבען ניט געהאט וואס איהם צו ענטפערן, יעדער האט געוואוסט, אז ער האט רעכט. מיר האבען אנגעהויבען צו קלעטערן אויפ׳ן אַייזבערג און האבען זיך באלד איבערצייגט, אז צו קומען צו זיין העכסטען פונקט איז אונמעגליך. דיא זון האט אנגעהויבען צו שמעלצען דאס אַייז און מיר זיינען אין ערטער געגאנגען ביז אין דיא קניע אין אַייז קאַלטעס וואסער. אין ערטער איז דאס אַייז געווען אזוי גלאַט, אזוי געשליפען און אזוי פּאָלירט, אז עס האט זיך אונז אויסגעוויעזען, אז מיר געהן אויף גלאָז.

מיר זיינען ענדליך אבער דאך ארויפגעקומען אויף אגאנץ הויכען פונקט, פון וואנען מיר האבען געקענט זעהן אויף א ווייטע שטרעקע ארום אונז. מיר האבען געזעהן, וויא גרויס אונזער אַייזבערג איז. מיר האבען געזעהן דאס וואסער ארום אונזער אַייזבערג, אבער קיין שיף, קיין זעגעל און קיין האפנונג!

אין איין ארט האבען מיר געזעהן פיעלע זאכען שווימען אויפ׳ן וואסער. מיר האבען ניט געוואוסט, וואס פאר זאכען דאס זיינען, ווייל פון דער הויך, אויף וועלכער מיר זיינען געשטאנען, האבען מיר געקענט זעהן אויפ׳ן וואסער און אויפ׳ן אַייז נור שוואַרצע פּונקטע, ניט מעהר. עס איז געווען דייטליך,

אז דיא כוואַליעס פונ'ם מעער האבען ארויסגעווארפען אויפ'ן אַייזבערג פיעלע זאכען.

— דאס מוזען זיין זאכען פון דעם אונטערגעגאנגענעם שיף, האט טאַמפסאָן בעמערקט, מיר מוזען אראפגעהן זעהן, וואס פאר זאכען דאס זיינען, זיי קענען אונז צוניץ קומען.

מיר האבען אנגעהויבען זיך אראפצולאזען פון דער אנדערער זייט פונ'ם אַייזבערג.

דאס איז געווען אפיעל שווערערע ארבייט וויא ארויפקלעטערן אויפ'ן בארג. פיעלע מאל האבען מיר געמוזט ארייגשטעקען אונזערע מעסער אין אַייז, צובינדען צו זיי אונזער שטריק און אזוי זיך אראפלאזען לאנגזאם און פארזיכטיג. ענדליך איז עס אונז דאך געלונגען.

ווען מיר זיינען אראפגעקומען אונטען, צום ברעג פונ'ם אַייז, האבען מיר געפונען פיעלע זאכען פון דעם אונטערגעגאנגענעם שיף, וועלכע דאס מעער האט ארויסגעווארפען: ברעטער, קלעצער, בינט שטריק, אשטיק זעגעל טוך און אשטייג מיט היהנער, זעלבסטפערשטענדליך, אז דיא היהנער זיינען געווען טויטע, דערטרונקענע.

— עסען טויטע היהנער איז דאך פיעל בעסער, וויאַ עסען אטויטען זעהונד, האט אָ' קאָננאָר בעמערקט.

איך בין געווען פאלשטענדיג איינפערשטאנען מיט איהם און מיר וואלטען זיך שוין גענומען אפפליקען דיא היהנער און זיי עסען, טאָמפסאָן אבער האט אונז ניט געלאזען.

— צו וואס זאלען מיר עסען רויעס פלייש, ווען מיר קענען עס בראָטען? האט ער געזאגט.

— בראָטען? געבראָטענע היהנער אויף אַן אַייזבערג? האט סטאָקס אויסגערופען. וויא וועלען מיר זיי בראָטען? אויף וואס וועלען מיר זייא בראָטען?

— האבען מיר דען ניט גענוג האלץ? האבען מיר דען קיין פייער געצייג? האט טאָמפסאָן געלאכט, — ווען מען האט האלץ, פייער געצייג און היהנער, קען מען עסען געבראָטענע היהנער אויף אַן אַייזבערג.

ער האט געהאט פאלקאמען רעכט. אין וואסער און אויף דיא ברעגעס פון אונזער אייזבערג זיינען געלעגען אזוי פיעל ברעטער און אזוי פיעל שטיקער האלץ פון דעם אונטערגעגאנגענעם שיף, אז מען וואלט געקענט אויסבויען אהויז.

טאָמפסאָן האט אויך באלד בעוויעזען זיין גרויסע קונסט און געשיקליכקייט.

ער האט אנגעשפאלטען שפענדלעך מיט זיין מעסער, האט צו לעגט אפייער און אין אקורצע צייט האבען זיך געבראטען צווייא היהנער אויף אהעלעס פייער. מיר האבען אפגעלעבט.

נאכ'ן עסען האבען מיר אנגעהויבען צו טראכטען איבער אונזער לאגע.

— מיר האבען געגוג האליץ, האט אָ'קאָננאָר געזאגט, מיר מוזען אנהויבען צו בויען אַ פלאָס, אויף וועלכען מיר זאלען קענען אוועק פאהרען פון דאנען. אין אייזבערג איז דאך קיין גאנץ אנגענעהמער פלאץ, וואו מען זאל קענען בלייבען, ביז אשיף וועט אנקומען. אפלאָס קען אונז שנעלער ברענגען צו א לאַנד אדער צו אשיף.

— צו ערשט מוזען מיר מאכען אצייכען אויפ'ן העכסטען פונקט פונ'ם אייזבערג, אז עס געפינען זיך אויף איהם מענשען, וועלכע בעטען אום הילף, האט טאָמפסאָן בעמערקט.

— וויא זאלען מיר אבער מאכען אזאַ צייכען?

— דאס איז ניט שווער. מיר וועלען נעהמען אונזערע טאשענטיכער, וועלען זיי צונויפקניפען צוזאמען און מאכען פון זייא אַ סאָרט פלאג, אַפאהן, וועלכע מיר וועלען צו בינדען צו א ברעט און אניעדערשטעלען אויפ'ן העכסטען פונקט פונ'ם אייזבערג.

מיר האבען באלד אויסגעפיהרט טאָמפסאָנ'ס פלאן. אין אפאר שטונדען ארום האט פון אגאנץ הויכען פונקט אויפ'ן אייזבערג געוועהט אין דער הויך אפאָהן פון רויטע און ווייסע טאשענטיכער.

— יעצט מוזען מיר צוברעכען דיא שטייג פון דיא היהנער, האט טאָמפסאָן געזאגט.

אשטייג פון היהנער אויף אשיף ווערט אנדערש געבויט, וויא אשטייג פון היהנער אויפ'ן לאנד. אויף אשיף מוז אלעס געמאכט ווערן פעסט און שטארק, עס זאל קענען אויסהאלטען דאס שאָקלען און ווארפען פון דעם שיף אין צייט פון אשטורם. אשטייג אויף אשיף ווערט געבויט פון גאנץ שטארקע ברעטער און קלעצער. פון דעם שטייג, וועלכען מיר האבען יעצט געפונען, וואלט מען געקענט מאכען א פלאָס, ווען מיר זאלען נור געווען האבען א האַק אדער א זעג.

* ליידער האבען מיר קיינע אינסטרומענטען געהאט מיט זיך און מיר האבען געמוזט זיך בעגניגען מיט וואס מיר האבען געהאט. מיר האבען אזוי וויט צו שלאגען דעם שטייג, אז עס איז אונז געבליעבען דער באָדען, דער אונטערשטער דעק. דיזען דעק האבען מיר ארויפגעלעגט אויף קלעצער, האבען זיי צונויפגעבונדען, און אשטיק פון אונזער פלאָס איז געווען פערטיג.



## 30-טעס קאפיטעל

## עס קומט אן אַשיף און ווערט פערשוואונדען.

מיר האבען געארבייט שווער א גאנצען טאג. ווען עס איז נאכט געווארען זיינען מיר געוועזן אזוי מיעד, אז מיר זיינען אניעדער געפאלען, וויא דיא דערהרגעטע און זיינען באלד אנטשלאפען געווארען. דיעזע נאכט האבען מיר געהאט וואס זיך אונטער צו בעטען. דאס פעל פון'ם זעע הונד איז אונז יעצט זעהר גוט צו נוץ געקומען. מיר האבען זייא אויסגעשפרייט אויפ'ן אייז און האבען זייך אויף איהר א ניעדער געלעגט. זיא איז צוואר געוועזן צו קורץ פאר פיער מענשען, דער וויילי אבער האבען מיר קיין בעסערעס ניט געהאט.

מיר האבען איבערגעשלאפען דיא נאכט גאנץ רוהיג. אויפ'ן אייזבערג זיינען מיר געוועזן זיכער פון רויבער און פון ווילדע טהיערע. עס איז וואהר, אז עס מאכט זיך אמאל, אז א וויסער בער מאכט ארייזע אויף אן אייזבערג, אויב ער איז געשטאנען אויפ'ן אייז, ווען עס האט זיך אפגעריסען פון'ם לאנד און איז געבליעבען אויף איהם.

מיט אזא שכן איז געוויס זעהר אונאנגענעהם צו פערברענגען דיא צייט אויף אַן אַייזבערג. צום גליק אבער פאר אונז, האט זיך אויף אונזער אייזבערג ניט געפונען אזא בעל הבית, און מיר האבען געקענט שלאפען רוהיג, זאָגאַר פיעל רוהיגער וויא אויף אשיף. מיר האבען קוים געפיהלט, אז אונזער אייז-בערג שווימט.

ווען מיר זיינען אויפגעשטאנען אין דער פריה, האבען מיר זיך אלע געפיהלט זעהר גוט, נור סטאָקס האט זיך ניט געקענט ריהרען. ער האט זיך צוגעקיהלט פאריגע נאכט און האט בעקומען אפיעבער. מיר האבען אנגעהויבען רעדען צו איהם, איהם אויפמונטערן, בעטען, ער זאל זיך שטארקען און זאל אויפשטעהן, — אומזיסט! ער האט עס ניט געקענט.

— איהר וועט מוזען פאהרען אהן מיר, האט ער געזאגט טרויעריג, מיט מיר איז עס אויס. איך וועל שוין שטארבען דא אויפ'ן אייז.

— רעד ניט אזוי! האב איך איהם געבעטען, זאג עס ניט! ווען גאט האט דיך געראטעט און האט דיך געלאזען לעבען, וועסט דוא שוין ווייטער לעבען.

מיר האבען געוואלט וויעדער מאכען אפייער און אפבראטען אפאר היהנער. טאָמפסאָן האט אנגעהויבען צו זוכען זיין פייער געצייג, — עס איז פערשוואונדען געווארען.

— איך האב עס פערלארען נעכטען ביי דער ארבייט, האט ער גע-זאגט טרויעריג.

מיר האבען עס אנגעהויבען צו זוכען, האבען אויפגעהויבען יעדעס

ברעטעלע, יעדעס שטיקעל האלץ און יעדעס שטיקעל אייז, — אומזיסט! עס איז נימא! עס איז וויא אין וואסער אריין. מיר האבען אראפגעלאזען דיא קעפ. דאס איז געווען א נייער שלאג, אויף וועלכען מיר האבען זיך ניט געריכט.

וויא טרויעריג אונזער לאגע איז געווען, איז זיא נאך געווען ערטרעגליך, זא לאנג מיר האבען געהאט פייער. עס איז אונז געווען פרעהליכער צו זיצען ביים פייער. מיר האבען געקענט בראטען דאס פלייש פון'ם זעע הונד ביים פייער. מיר האבען געקענט אויסטריקענען אונזערע קליידער ביים פייער, זיך אָנווארעמען ביים פייער. יעצט אבער וועלען מיר מוזען עסען רויעס פלייש און ווארטען, ביז דיא זון זאל אונז אָנווארעמען.

אייניגע צייט זיינען מיר געשטאנען אויף אנ'ארט, פערטיעפט אין אונזערע טרויעריגע געדאנקען, פלוצלונג האט טאָמפסאָן אויסגערופען:

— פערצווייפעלט ניט, קינדער! מיר וועלען האבען פייער!

— וואו וועלען מיר נעהמען פייער? האט אָ'קאָננאר געפרעגט.

— איך האב געהערט, אז דיא ווילדע מענשען רייבען איין שטיק האלץ אן דעם אנדערען, ביז זיי דערהיצען זיך און צינדען זיך אן, האב איך גע־ענטפערט איך ווייס אבער ניט, אויב עס וועט אונז געלינגען צו בעקומען א פייער, וויל עס איז זעהר שווער, און מיר האבען ניט דאס נעטהיגע האלץ דערצו.

— מיר האבען אלעס! האט טאָמפסאָן אויסגערופען, מיר וועלען באלד האבען א פייער.

— וואו וועט איהר עס נעהמען? האב איך געפרעגט.

— דער אייזבערג דארף אונז געבען פייער! איהר וועט באלד זעהן, וויא פון אייז קען מען מאבען פייער.

מיר האבען געקוקט אויף איהם מיט שטוינען און פערוואונדערונג. מיר האבען אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא מען מאכט פייער פון אייז.

טאָמפסאָן איז ארויפגעקלעטערט אויף אבערגעל און האט מיט אשטיק האלץ אָפגעקלאפט אגרויס שטיק קלארעס, ריינעס, דורכזיכטיגעס אייז.

— גרייט אן שפענדלעך, דינע ברעטלעך און האלץ! האט ער גע־שריעען צו אונז.

מיר האבען געטאהן, וויא ער האט אונז געהייסען, און האבען אנגעגרייט אלעס, וואס איז נעטהיג, ווען מען וויל צו לעגען אפייער.

דיא זון האט געשיינט העלל און ווארם אויף אונזער אייזבערג. טאָמפסאָן האט גענומען איין שטיק אייז אונ האט עס אניעדער געשטעלט אויף דיא שפענדלעך אזוי, אז דיא שטראהלען פון דער זוהן זיינען דורכגעגאנגען דורך דאס אייז, און זיינען געפאלען אויף דיא שפענדלעך.

מיר האבען נייגיעריג געקוקט אויף איהם און האבען בעטראכט מיט שטויגען אלעס, וואס ער האט געטאהן.

— וואס קען דען ווערן דער פון? האב איך ענדליך געפרעגט.

— וואס ווערט, ווען מיר שטעלען אברען גלאז געגען דער זון און לאזען דיא שטראהלען פון דער זון דורכגעהן דורך דאס ברען גלאז און פאלען אויף אשטיקעל פאפיער? האט טאָמפּסאָן אויסגערופען, זאג דוא, דיק! דוא האסט דאך געלערנט אין אהעכערע שולע.

— דאס שטיקעל פאפיער צינדעט זיך אן, האב איך געענטפערט.

— דאן וועלען דיא שפענדלעך זיך אויך אנצינדען פון'ם שטיקעל אייז, וייל איך האב דערפון געמאכט אברענגלאז.

— פון אייז אברענגלאז? דאס פערשטעה איך ניט.

— דיא זאגסט עס? דוא, דיק, וועלכער האט געלערנט אין אהעכערע שולע? האט זיך טאָמפּסאָן געבייזערט, דוא דארפסט דאך וויסען, אז דאס גלאז טהוט דא גאר ניט, עס ציעהט צונויף דיא שטראהלען פון דער זון, דאס זעלבע קען טאהן אשטיק אייז.

אזוי וויא מיר האבען אזוי גערעדט, האט זיך געוויעזען אדינער רויך פון דיא שפענדלעך, און אין איינינע מינוטען ארום האבען זיי אנגעהויבען צו ברענען. דאס שטיק אייז האט געדיענט אלס ברען גלאז. מיר האבען אנ-געהויבען צו טאנצען פאר פרייד. מיר האבען ענדליך פייער! פראוויאנט האבען מיר געהאט גענוג, עס האט אונז נור געפעהלט דאס מיטעל צו קאכען אדער צו בראטען אונזער פראוויאנט.

מיר האבען אפגעבראטען צוויא היהנער און אשטיק פלייש פון'ם זעע הונד, און האבען זיי פערשלונגען מיט'ן גרעסטען אפעטיט.

נאכ'ן עסען זיינען מיר זיך צו גאנגען אין פערשיעדענע זייטען. מיר האבען אפגערעדט, אז יעדער פון אונז זאל קוקען אין אנ'אנדער זייט, פיעלייכט וועט ער דערזעהן אשיף. איינינע צייט איז יעדער פון אונז ארומגעגאנגען, האט געזוכט אויפ'ן אייז און האט געקוקט אויף דאס מעער.

פלוצלונג האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך זעה א וויסען פלעק ערגעץ וויים פון אונז. דער פלעק האט אויסגעוויעזען, וויא דיא פליגעל פון אגרויסען פויגעל. איך האב אנגעהויבען צו שרייען און צו רופען אַנדריו טאָמפּסאָן. ער איז באלד צוגעקומען צו מיר און איך האב איהם געוויעזען אויף דעם וויסען פלעק.

איהר זייט עלטער פון מיר און זייט בעסער בעקאנט מיט'ן מעער, האב איך געזאגט, מיר דוכט אויס, אז איך זעה דיא זעגעל פון אשיף.

טאָמפּסאָן האט זיך צוגעקוקט און האט געענטפערט.

דוא האסט רעכט, דיק, דאס איז ווירקליך אשיף, זיא איז אבער נאך זעהר וויים פון אונז, און איך וויים ניט, אויב זיא וועט אונז דערזעהן. עס איז

זעהר מעגליך, אז זיא וועט דערזעהן דעם אייזבערג און וועט פון איהם אנטלויפען.

— לאמיר שרייען צו איהר! לאמיר איהר גיבען אצייכען אז מיר געפינען זיך אין דער נויט.

— זיא איז נאך צו ווייט פון אונז, האט טאָמפסאָן גענטפערט, מען וועט אויף איהר ניט הערן אונזער געשריי.

— אלזא לאמיר איהר גיבען אצייכען, אז אויף'ן אייזבערג געפינען זיך מענשען! האב איך אויסגערופען.

— וואס פאר אצייכען קענען מיר איהר גיבען?

— לאמיר מאכען אגרויס פייער אויף אהויכען פונקט פונ'ם אייזבערג, האב איך געענטפערט, לאמיר עס אזוי מאכען, אז מען זאל פון דער ווייטענס דערזעהן דעם רויך פון אונזער פייער, דאן וועט מען צו קומען און מען וועט אונז רעטען.

דאס איז אייגענטליך געווען דאס איינציגע, וואס מיר האבען געקענט טאהן. מיר האבען באלד געמאכט אפייער. דאס פייער, אויף וועלכען מיר האבען אפגעבראטען אונזער פריהשטיק, איז נאך ניט אין גאנצען פערלאשען געווארען, און מיר האבען ניט געדארפט מאכען אברענגלאז פון אייז. אום דער רויך פון אונזער פייער זאל זיין שטארקער, האבען מיר ארויפגעווארפען אויפ'ן פייער שטיקער אייז יעדעס מאל, ווען דאס פייער האט זיך צוברענט.

מיר האבען אנגעהויבען צו טאנצען פאר פרייד, ווען מיר האבען דער־זעהן, אז דיא זעגעל פונ'ם שיף האבען זיך אויסגעדרעהט צו אונז.

— מען האט אונז דערזעהן! מען קומט אונז רעטען! האבען מיר אלע אויסגערופען מיט איין שטימע.

דאס שיף איז נאך אבער געווען גאנץ ווייט פון אונז, ווען דיא לופט איז רייןן און דאס מעער איז רוהיג, קען מען אויפ'ן מעער זעהן אויף אגאנץ ווייטע שטרעקע.

מיר האבען געזעהן, וויא דאס שיף איז צוגעקומען נעהנטער און נעהנטער צו אונז, זיא איז אבער געגאנגען זעהר לאנגזאם און פארזיכטיג. דער שיפס־קאפיטאן האט געזעהן, אז מיר געפינען זיך אויף אַן אייזבערג, און ער האט געוואוסט, אז מיט אזא סוחר מוז מען זיין פאָרזיכטיג.

— ער וועט מורא האבען צו צוקומען נאהענט צום אייזבערג, האט טאָמפסאָן געזאגט, מיר מוזען אראפגעהן צום ברעג און אראפ לאזען אונזער פלאָס, מיר וועלען זיך דאן אויפזעצען אויפ'ן פלאָס און צוקומען צום שיף.

דער פלאן איז געווען גאנץ ריכטיג. וויא גוט און וויא מענשענפריינדליך דער שיפסקאפיטאן זאל ניט זיין, וועט ער דאך ניט וועלען ריזיקירען מיט זיין שיף און מיט'ן לעבען פון זיינע מאטראָזען אום אונז צו רעטען.

מיר האבען אנגעהויבען זיך אראפצולאזען צום ברעג פונ'ם אייזבערג,

ואו אונזער פלאָס איז געשטאנען. ער איז נאך ניט געווען פערטיג, אבער מען האט זיך שוין געקענט זעצען אויף איהם און שווימען אקורצע שטרעקע.

אונטערדעסען איז געוואָרען שפעט. דיא זון איז שוין געשטאנען גאנץ ניעדריג, און האט געהאלטען ביים אונטערגעהן. מיר האבען זיך געאיילט, וויל מיר האבען געוואלט זיך זעצען אויף אונזער פלאס, ווען עס וועט נאך זיין ליכטיג.

פלוצלונג האבען מיר דערהערט אשרעקליכען טראַך. דער אייזבערג האט א ציטער געטאהן, און מיר זיינען אלע אניעדערגעפאלען.

— האלט אייך פעסט אן אייז! האט געשריעֶן טאָמפּסאָן.

קיינער האט איהם אבער ניט געהערט און ניט געקענט הערען. יעדער איז געפאלען דארט, וואו דאס אייז האט איהם געוואָרפען. צום גליק האבען מיר זיך געפונען אין אטאהל צווישען צוויא בערגלעך, און מיר זיינען געבליעבען אויף אן ארט. ווען מיר זיינען געקומען צו זיך און האבען זיך אויפגעהויבען, האב איך געפרעגט:

— וואס איז דא געשעהן? ווען מיר זאלען זיין אויפ'ן לאנד, וואלט איך געזאגט, אז עס איז געווען אן ערד ציטערנים, מיר געפינען זיך אבער אויף אן אייזבערג. וואס האט דא געקענט פאָרקומען, וואס דער אייזבערג האט אזוי געציטערט.

— ער האט זיך „געקאלבט", האט טאָמפּסאָן געענטפערט רוהיג.

— וואס הייסט דאס? האב איך אויסגערופען.

— עס זיינען געווען צוויא ווארעמע טעג, האט טאָמפּסאָן ערקלערט, אונזער אייזבערג שטעהט אויך ניט אויף איין ארט, ער שווימט. ער איז אריינגעשוואומען אין א ווארעמערעס וואסער. דיא זון פון אויבען און דאס ווארעמע וואסער פון אונטען ווירקען אויפ'ן אייזבערג. עס האט זיך פון איהם אפגעבראכען אשטיק. אויף דער מאטראזען שפראכע הייסט עס: דער אייזבערג האט זיך „געקאלבט". אזא „קאלב" קען אמאל זיין גרעסער פון אשיף, און דיא שיפען האבען זעהר ניט ליעב זיך צובעגעגנען מיט אזעלכע „קעלבער".

— דאן איז אונזער אייזבערג קליינער געוואָרען? האט אָ'קאָננאָר געפרעגט.

— דערפון איז גאר קיין רעדע, קליינער איז ער געוויס געוואָרען, האט טאָמפּסאָן געענטפערט, דאס איז אבער נאך ניט דאס ערגסטע. ווען אַן אייזבערג הייבט אן אָפּט זיך צו „קעלבען", ווען עס הייבען אן זיך אפצוברעכען פון איהם שטיקער, מאכט זיך אמאל, אז ער קעהרט זיך איבער, דאן ערשט ווערט ער געפעהרליך. דאס מעער ארום איהם הייבט אן אזוי שטארק צו קאָכען און זיך צו דרעהן, אז עס שלעפט אראפ יעדע זאך, וועלכע געפינט זיך ניט ווייט פון'ם ארט, וואו דער אייזבערג האט זיך איבער געקעהרט. וועה איז דעם

שיף, וועלכעס געפינט זיך זאגאר אויף אהאלבע מייל ווייט פון אזא אייזבערג. ויא איז דאן פערלארען אהנע רעטונג.

— וואס רעדט איהר? לאמיר בעסער זעהן, אויב דאס שיף איז צוגעקומען אונז רעטען! האט אָ׳קאָננאָר אויסגערופען.

מיר האבען זיך אויפגעהויבען און האבען אקוק געטאהן אין דער ווייט, ווא דאס שיף האט זיך געפונען. — זיא האט זיך אויסגעדרעהט און האט זיך דערווייטערט פון אונז. עס איז געווען דייטליך, אז דער שיפסקאפיטאן האט געוואלט אונז רעטען. ער האט אבער דערזעהן, ווא דער אייזבערג האט זיך „געקאלבט" און איז אנטלאפען.

## 31-טעס קאפיטעל.

## דער וואללפיש פאנגער.

מיר האבען געזעהן מיט שמערץ און פערצווייפלונג, ווא דאס שיף האט זיך דער ווייטערט פון אונז, מיר האבען אונז זאגאר ניט געקענט בעקלאגען, אז דער שיפסקאפיטאן איז אונגערעכט אדער אונמענשליך. מיר האבען געמוזט צוגעבען, אז ער האט רעכט. ער קען ניט און טאר ניט ריזיקירען זיין לעבען און דאס לעבען פון זיינע מאַטראָזען אום אונז צו רעטען.

— נור איין גאט קען אונז העלפען! האט אנדריו טאמפסאן געזאגט צו זיך אליין.

ער האט געקענט זעהר גוט אונזער לאגע. מיר האבען זיך געפונען אויף אשטיק אייז, וועלכעס קען צו יעדער מינוט צושמאלצען ווערן, צו בראכען ווערן, זיך צו ברעקלען, צו שלאגען ווערן אויף שטיקער. א שטיק אייז, וועלכעס שווימט אין וועלט מעער, צווישען הימעל און וואסער, אהן א וועג און אהן אפלאן.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען. עס איז געווארען דונקעלער און דונקעלער. מיט פינסטערנים איז געקומען דיא קעלט. אונזערע קליידער זיינען געוועזן פייכט פון׳ם אייז. דאס פייער האט זיך אויסגעלאזען, ווייל מיר האבען ניט געהאט קיין פייער געצייג און דיא זון האט ניט געשיינט.

מיר האבען געמוזט זיך לעגען שלאפען, ריכטיגער געזאגט, מיר האבען זיך צו גערוקט איינער צום אנדערן אום זיך צו ווארעמען. פון שלאפען האט קיינע רעדע ניט געקענט זיין. מיר האבען ניט געקענט זיך בערוהיגען און אנטשלאפען ווערן. מיר זיינען געלעגען אויף׳ן פעלל פון׳ם זעע הונד און אשטיק זעגעלטוך, וועלכעס מיר האבען אויפגעפאנגען פון דער אונטערגעגאנגענער

„פּאָקאַהאנטאַס“, און האבען געקוקט אויפ'ן הימעל, אויף דיא שטערן און אויף דאס מעער ארום אונז“.

צים גליק, איז דאס מעהר געווען רוהיג, דיא לופט איז געווען קאלט, אבער קלאר און ריין. יעדער פון אונז האט געוואוסט, אז מיר קענען יעצט ניט שלאפען, אז אין אונזער לאגע איז עס אונמעגליך אנטשלאפען צו ווערן. מיר האבען פראבירט צו רעדען איינער צום אנדערן.

— עס העלפט ניט! מיר קענען ניט בלייבען אויף דיעזעס שטיק אייז! האט אַ קאַננאָר אויס גערופען, מיר מוזען מארגען אין דער פריה ענדיגען אונזער פלאַס און זיך לאזען אויף גאטס בערואטה, וואוהין דאס מעער וועט אונז טראגען. פיעלייכט וועלען מיר דאך צוקומען ערגעץ צו אלאנד.

— ניין, פריינד! האט טאמפסאן געענטפערט, זא לאנג מיר געפינען זיך אויפ'ן אייזבערג, האבען מיר נאך אהאפנונג, אז עס וועט אנקומען אשיף, וועט אונז דערזעהן און וועט אונז רעטען, אויף אפלאס אבער האבען מיר דיעזע האפנונג אויך ניט. אפלאס קען מען ניט אזוי לייכט דערזעהן פון אשיף. עס קען זיך מאכען, אז אשיף זאל דורכגעהן גאנץ נאהענט פון אונז און זאל אונז גאר ניט דערזעהן, ווייל אפלאַס געהט זעהר ניעדעריג. אויסער דעם קען דער בעסטער פלאס ניט אויסהאלטען דעם קלענסטען שטורם. איהר דארפט ניט פערגעססען, אז אשטורם אין דיעזע קאלטע געגענדען איז פיעל געפעהרליכער פון אשטורם אין וואַרעמע לענדער. אשטורם אין דיא קאלטע לענדער קען אנקומען מיט שנעע און מיט אייז. עס קען אנפאלען אזוי פיעל אייז און שנעע, אז אונזער פלאס וועט אונטערגעהן אונטער דער שווערער לאַסט (משא) פון דיעזעס אייז און שנעע.

— אלזא זיינען מיר פערלארען? האט דער היציגער אירלענדער אויסגערופען. אלזא, דארפען מיר זיך אניעדער לעגען אוןווארטען, ביז דער נאסער טויט וועט קומען און וועט אונז אויסלעזען פון אונזער נויט?

— איך האב עס ניט געזאגט, פריינד, האט טאמפסאן געענטפערט, איך האב נור געזאגט אז זא לאנג מיר קענען זיך האלטען אויפ'ן אייזבערג, מוזען מיר זיך האלטען און ווארטען, פיעלייכט וועט אנקומען אשיף און וועט אונז רעטען. ווען מיר וועלען זעהן, אז מיר קענען זיך מעהר ניט האלטען אויפ'ן אייזבערג, דאן וועלען מיר מוזען זיך איפזעצען אויפ'ן פלאס.

דיא נאכט האט זיך געצויגען אזוי לאנג, אז איך האב געמיינט, זיא וועט זיך קיין מאל ניט ענדיגען. יעדע מינוט האט זיך אונז אויסגעוויעזען צו זיין אגאנצע שטונדע, יעדע שטונדע האט געדויערט איאהר.

מיר האבען גערעדט, געשוויגען, ווייטער גערעדט, ווייטער געשוויעגען, אבער ניט געשלאפען, מיר זיינען געווען גליקליך, ווען עס איז ענדליך טאג

געוואָרען. מיר זיינען אויפגעשפרונגען פון אונזער נאַסען און קאַלטען געלעגער און האבען זיך גענומען צו דער ארבייט, — ענדיגען אונזער פלאָס.

מיר זיינען צוואר געוועזן הונגעריג, נאר אזוי וויא מיר האבען אבער געהאפט צו האבען פייער שפעטער, ווען דיא זון וועט אויפגעהן און וועט שיינען העל אין הימעל, האבען מיר ניט געוואלט עסען קיין רויעס פלייש.

מיר האבען געארבייט פלייסיג אגאנצען טאג. — געגען אבענד איז אונזער פלאס פערטיג געווארען. מיר האבען איהם אראפגעלאזען און האבען פראבירט פאהרען אויף איהם. מיר האבען אויפגעפאנגען פון מעער נאך איניגע זאכען פון דער אונטערגעגאנגענער „פאָקאַהאָנטאס". מיר האבען אויפגעפאנגען א פעסעל מיט צוויבאק (סוכאַרעס), זיי זיינען אבער געוועזן אזוי פערנעצט, אז מען האט זיי ניט געקענט נעהמען אין מויל. אויסער דעם זיינען דיא, וועלכע זיינען געליעגען ביי דיא ווענט פון'ם פעסעל, געוועזן אזוי צוקראכען אז זיי האבען אויסגעזעהן וויא א טייג.

פון דעסטוועגען האבען מיר זיי ניט אוועקגעווארפען און האבען זיי מיט גענומען אויפ'ן אייזבערג.

— עס איז וואהר, אז מען קען זיי ניט עסען, ווען מען האט אנאנדערע זאך צו עסען, האט טאמפסאן געזאגט, אין אונזער לאגע אבער קען אמאל אויסקומען, אז מיר זאלען מוזען עס'ען דיעזע צוויבאַק. ווער ווייס, וויא לאנג מיר וועלען זיך נאך ארומוואלגערן אויף דעם וועלט מעער?

ער האט געזאגט אזוי טרויעריג און מיט אזוי פיעל פערצווייפלונג אין זיין שטימע, אז איך האב פערשטאנען, אז ער האט אקליינע האפנונג, מיר זאלען זיך אזוי גיך רעטען.

מיר זיינען וויעדער ארויפגעקראכען אויף אונזער אייזבערג און האבען זיך געלעגט שלאפען. וויא קאלט עס איז געוועזן, זיינען מיר דאך דיעזע נאכט געשלאפען געשמאק. מיר האבען זיך צוגערוקט איינער צום אנדערן און האבען זיך צוגעדעקט מיט אשטיק זעגעלטוך, וועלכעס מיר האבען אויפגע-פאנגען אין מעער.

עס זיינען פערגאנגען נאך צוויא טעג, וועלכע איך וויל ניט בעשרייבען, ווייל עס האט אין זיי קיין נייעס ניט פאַסירט. ערשט דעם דריטען טאג איי דער פריה האבען מיר וויעדער דערזעהן דיא זעגעל פון אשיף.

— נון, קינדער, יעצט קענען מיר ניט ווארטען, ביז דאס שיף וועט קומען צו אונז, האב איך געזאגט, יעצט מוזען מיר זיך אויפזעצען אויף אונזער פלאס און צו פאהרען צום שיף.

— דוא האסט צוואר רעכט, אַבער מיר קענען עס דאך ניט טאהן, ביז מען וועט אונז דערזעהן אויפ'ן שיף. ווען מיר וועלען וויסען, אז מען האט

אונז דערזעהן און מען וויל אונז רעטען, דאַמאלס קענען מיר זיך לאזען אויף אונזער שוואכען פלאָס.

— מיר קענען דא לענגער ניט בלייבען! האבען אויסגערופען אַ׳ קאַנגאַר און סטאקס מיט איין קול. מיר האבען יעצט דיא געלעגענהייט אונז צו רעטען און מיר מוזען אויסניצען דיעזע געלעגענהייט.

עס איז געבליעבען, אז מיר זאלען נאך אמאל בעפעסטיגען אונזער פאהן אויפ׳ן אייזבערג און מיר זאלען זיך לאזען אויף אונזער פלאָס. אזוי ויא מיר האבען ניט געהאט מיט וואס צו טרייבען דעם פלאָס, האט יעדער פון אונז גענומען אשטיק ברעט און האט זיא געברויכט אלס רודער (וויעסלאָ).

— מיר פאהרען ענדליך! האט אַ׳ קאַנגאַר אויסגערופען, ווען מיר זיינען אוועק געשוואומען עטליכע הונדערט פוס פון׳ם אייזבערג, — מיר פאהרען ענדליך!

דאס לעבען אויפ׳ן אייזבערג האט אונז אלעמען שוין אזוי געעקעלט, אז מיר האבען געוואלט ענדערן אונזער לאגע, לאז שוין קומען, וואס עס וויל זיך.

מיר האבען אוועק גערודערט גענען אמייל; מיר האבען געזעהן דאס שיף, מיר האבען אבער אויך געזעהן אז מיר זיינען נאך גאנץ ווייט פון איהר. מיר זיינען געווארען מיעדער, שוואכער און שוואכער, דיא הענד האבען אונז וועה געטאהן האלטענדיג דיא שטיקער ברעטער, מיט וועלבע מיר האבען גערודערט. דאס שיף איז נאך אלץ געווען ווייט פון אונז

— לאמיר שרייען! האט אַ׳קאַנגאַר אויסגערופען, פיעלייכט וועט מען דערהערן אונזער שטימע פון׳ם שיף און מען וועט אראפלאזען אבאָאָט אונז צו רעטען.

מיר האבען פראבירט שרייען, מיר האבען געשריען מיט אלע אונזערע קרעפטע, עס האט אבער גאר ניט געהאלפען. מיר האבען זיך יעצט געפונען ווייט פון אונזער אַייזבערג און פון׳ם שיף. מיר האבען געזעהן דעם אַייזבערג און דאס שיף און האבען צו ביידען ניט געקענט צו קומען.

— עסט אשטיקעל רויעס פלייש פון דעם זעע הונד אום זיך אביסעל צוקרעפטיגען און לאמיר ווייטער פאהרען, האט טאמפסאן געבעטען, מיר מוזען רודערען מיט אונזערע לעצטע קרעפטע, זאנסט זיינען מיר פערלאָרען.

מיר דריי האבען זיך נאך געהאלטען אויף דיא פיס, דער ארימער שטאָקס אבער איז נאך אלץ געווען האלב קראנק און האט זיך ניט געקענט ריהרען. ער איז אניעדער געפאלען אויף דיא נאסע ברעטער און האט געבעטען אויף זיך דעם טויט.

צום אונגליק האט זיך גראדע יעצט אויפגעהויבען אווינטעל און אויפ׳ן

מעער האבען זיך געוויעזען קליינע וועללען (כוואַליעס). א שיף קימערט זיך זעהר ווייניג וועגען אזעלכע כוואַליעס, אונזער פלאָס האט זיי אבער געפיהלט. וויא קליין זיי זיינען געוועזען, האבען זיי אונז דאך אפגעשפריצט מיט אַייז קאַלטעם וואסער. אין אַקורצע צייט זיינען מיר אלע געוועזען נאַס ביז צום מאַרך פון אונזערע ביינער און מיר האבען אנגעהויבען צו ציטערן פאר קעלט.

ווען עס איז אונז קאלט געוועזען אויפ'ן אַייזבערג, האבען מיר געקענט שפּרינגען, טאַנצען, לויפען און זיך דערווארעמען, אויפ'ן פלאָס האבען מיר גאר ניט געקענט טאהן. מיר האבען געמוזט זיצען אדער שטעהן אויף איין אָרט, עס איז ניט געוועזען וואו זיך אויסצודרעהען.

מיר זיינען געוועזען פערצווייפעלט. אונזערע קרעפטע זיינען געשוואונדען און דאס שיף איז נאך געוועזען ווייט פון אונז.

— האלט אויס, קינדער! האט טאָמפּסאָן געשריען, — האלט אויס ביז צום סוף!

מיר האבען פראָבירט ווייטער רודערן, עס איז אונז אבער געווארען מיט יעדער מינוט שווערער און שווערער. פלוצלונג האבען מיר דערהערט א שטימע:

— ווער זייט איהר? — ווארט! מיר קומען אייך רעטען.

אין אפאר מינוטען ארום האבען מיר דערזעהן א באָאָט צו קומען צו אונז.

— ווער זייט איהר און וויא קומט איהר אהער? האט ווידער געפרעגט דיעזעלבע שטימע.

— מיר האבען געליטען שיפברוך, האבען מיר געענטפערט.

דאס באָאָט איז צוגעקומען און האט אונז אויפגענומען. שפּעטער זיינען מיר געוואהר געווארען, אז דער דאקטאר פון שיף, א יונגער מאַן, וועלכער איז צום ערשטען מאל געפאהרען אויפ'ן מעער און האט צום ערשטען מאל אין זיין לעבען געזעהן אַן אַייזבערג, איז געשטאנען אויפ'ן דעק מיט זיין ספּעקטיוו אין דער האנד. ער האט עס דערזעהן אונזער פאָהן אויפ'ן אַייזבערג; ער האט עס דערזעהן, וויא מיר זיינען געשוואומען אויף אונזער פלאָס און ער האט עס געבעטען דעם שיפסקאַפּיטאן, ער זאל שיקען א באָאָט אונז רעטען.

איינינע מינוטען שפּעטער האבען מיר זיך געפונען אויפ'ן דעק פון דעם שיף. קיים אבער האבען מיר זיך געפיהלט אין זיכערהייט, האבען אונזערע קרעפטע אונז פערלאזען און מיר זיינען געפאלען אין אהנמאכט. דיא קעלט, דיא שווערע ארבייט פון דיא לעצטע פאר טעג, דיא אויפרעגונג און זאגאר דיא פרייד, אז מיר זיינען ענדליך גערעטעט, האבען אויף אונז אזוי געווירקט, אז מיר זיינען געפאלען אין אהנמאכט און מיר זיינען קראנק געווארען.

דער דאקטאר האט געטאהן אלעס, וואס ער האט נור געקענט און אין איינינע טעג ארום זיינען מיר ווידער געוועזן געזונד און שטארק. ערשט יעצט האבען מיר געקענט דערצעהלען, ווער מיר זיינען און וואס עס האט זיך מיט אונז פאסירט.

## 32-טעם קאפיטעל

### „דיא שעטלאנד."

מיר האבען אנגעהויבען זיך אומצוקוקען, וואו מיר זיינען ערגעץ אין דער וועלט. מיר זיינען געוואהר געווארען, אז מיר געפינען זיך אויף א וואלפיש פאנגער, א שיף וועלכעס פאהרט אין דיא קאלטע געגענדען חאפען וואלפישן. דאס שיף האט געהייסען „דיא שעטלאנד".

דאס איז געוועזן אשטארקעס שיף, וועלכעס איז געבויט געווארען אומיסטען פאר דיא קאלטע געגענדען, ריכטיגער געזאגט, פאר דיא קאלטע וואסערן פונ׳ם אייזמעער. אלעס, וואס דיא נייעסטע וויסענשאפט האט אויס־געפונען פאר נעטהיג פאר א שיף, וועלכעס פאהרט צום אייזמעער, האט זיך געפונען אויף דער שעטלאנד.

איהרע וועגט זיינען געוועזן געבויט שטארק גענוג אום אויסצוהאלטען דעם דרוק פון אייז; זיא איז געוועזן אזוי שטארק געבויט, אז זיא האט וועניג מורא געהאט פאר אן אייזבערג. זיא האט געהאט צוויי און פיערציג מאן אויפ׳ן דעק, מאטראזען און אפיציערן צוזאמענגערעכענט. פאר אזא גרויסעס שיף איז עס געווים געוועזן וועניג. וויא מיר זיינען שפעטער געוואהר געווארען, האט זיא געהאט מעהר מאטראזען, ווען זיא איז ארויסגעפאהרען פון ענגלאנד, איינינע מאטראזען זיינען אבער קראנק געווארען אויפ׳ן וועג און מען האט געמוזט זיי איבערלאזען אין ערשטען פארט.

מיר זיינען געוועזן צווייא טעג קראנק. דער דאקטאר פונ׳ם שיף האט אונז אבער בעהאנדעלט אזוי גוט און אזוי פריינדליך, אז מיר זיינען באלד געקומען צו זיך און אויפ׳ן דריטען טאג האב איך, טהאמפסאן און א׳ קאננאר שוין געקענט ארויפקומען אויפ׳ן דעק. סטאקס איז קראנק געוועזן גאנצע אכט טעג.

קוים האבען מיר זיך געוויעזען אויפ׳ן דעק, האט דער שיפסקאפיטאן אונז געשיקט רופען צו זיך און האט אונז אויסגעפרעגט, ווער מיר זיינען און וויא אזוי מיר זיינען געקומען אויפ׳ן אייזבערג. טהאמסאן, אלס דער עלטערער פון אונז, האט דערצעהלט אלעס, וואס האט מיט אונז פאסירט.

ווען ער האט געענדיגט זיין ערצעהלונג , האט דער שיפסקאַפּיטאן גע־זאגט צו אונז :

— מיינע ליעבע לייט ! איך האב יעצט וועניג מענשען , איך דאַרף האבען „הענד״ אויף מיין שיף . איך דענק , אז איהר וועט זיין צופריעדען אריינצוטרעטען צו מיר אין דיענסט אלס מאַטראָזען . איהר ווייסט דאך שוין , אז מיין שיף איז א וואַלפישפאַנגער . איך וועל אייך צאהלען , וויא איך צאהל אלע מיינע מאַטראָזען : אפונט סטערלינג אמאָנאַט געהאלט און פון יעדע טאָן פישאייל , וועלכע מיר וועלען אויסמאכען , בעקומט יעדער פון אייך א שיללינג . — ווילט איהר מאכען מיט מיר א קאָנטראַקט ?

מיר האבען ניט געהאט וואס זיך צו איבערלעגען און האבען איינ־געוויליגט אריינצוטרעטען אלס מאַטראָזען אויף דער „שעטלאַנד״ .

מיר האבען זיך באלד בעקאָנט מיט דיא מאַטראָזען און מיט דיא אָפיציערן פון דער „שעטלאַנד״ און מיר זיינען געווען זעהר צופריעדען מיט אונזער נייע לאַגע . דער שיפסקאַפּיטאן איז געווען אגוטער , עהרליכער און בראַווער מאן . ער איז געווען אַן אויסגעצייכענטער מאַטראָז , איז אויסגעווען אויף אלע וואסערן פון דער וועלט און איז געווען בעקאַנט מיט'ן אַייזמער , וויא מיט דיא גאסען פון דעם שטעדטעל , וואו ער איז אויפגעוואקסען .

ער האט ליעב געהאט זיינע מאַטראָזען , וויא אפאטער האט ליעב זיינע קינדער , האט זיך געזארגט פאר זיי , האט זיי געלערנט און האט זיי געוויעזען וואס צו טאהן . דער ערשטער אָפיציער , מיסטער פאָרד , איז אויך געווען אגאנץ גוטער מענש און א געשיקטער און געאיבטער וואַלפישפאנגער .

דאס שיף האט ניט געהערט צום שיפסקאפיטאן , עס האט געהערט צו אַ קאָמפּאַני , וועלכע דינגט אקאַפּיטאַן און מאַטראָזען , זיי זאלען פאהרען אין דיא געגענדען , וואו עס געפינען זיך פיעלע וואַללפיש און זאלען זיי פאנגען . ווען דיא רייזע איז אגוטע און זיי חאפען פיעלע וואַללפיש , קען דער שיפס־קאַפּיטאַן מאכען ביז פינף הונדערט פונט סטערלינג פון אזא רייזע . דער עשרטער אָפיציער קען מאכען ביז צוויי הונדערט פונט און יעדער מאַטראָז קען מאכען ביז פינף און צוואנציג פונט .

דאס איז אבער קיינע לייכטע ארבייט און זעהר אפט איז זיא זעהר געפעהרליך . מען מוז זיין גוט געשיקט און גוט געאיבט אום צו פאנגען א וואַלפיש , וועלכער וועגט אפט מעהר אלס צוואנציג טויזענד פונט . דער וואַלפיש איז דער ריעז פון דעם וועלט מעער . ער איז גרויס און שטארק . מען מוז זיין זעהר פאָרזיכטיג , ווען מען חאפט איהם .

דאס לעבען אויף א שיף , וועלכעס געהט ארויס חאפען וואַלפיש , איז אויך ניט גאנץ אנגענעהם . דער פיש טראָהן שמעקט ניט אזוי גוט , וויא אָדעקאָלאָן . געוועהנליך פיהרט יעדעס שיף מיט זיך פיעלע פעסלעך , אי

וועלכע מען גיעסט אן דעם פישטראָהן. ווען מען האט אבער אגוטע רייזע, מען פאַנגט פיעלע וואַללפיש און מען גיעכט אן אלע פעסלעך, הייבט מען אן צו גיעסען דעם פישטראָהן אין דיא קאַמערן פונ'ם שיף.

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען, וויא אנגענעהם עס איז צו עסען און צו שלאפען אויף א שיף, וועלכעס איז פול אנגעגאסען מיט פישטראָהן! עס לאזט זיך ניט בעשרייבען, מען מוז עס זעהן מיט דיא אויגען אום צו האבען א בעגריף, וויא שמוציג אלעס וויזט אויס און וואס פאר א געשטאנק עס לאזט זיך הערן פון אזא שיף.

לאמיך אבער ניט חאפען פאראויס. איך האב פערבראכט גענוג צייט אויף דער „שעטלאַנד", האב מיך גענוג אנגעזעהן, גענוג אנגעהערט און גענוג איבערגעליטען. איך וועל עס דערצעהלען אלעס אין אָרדנונג, וויא עס איז געשעהן און וואס עס האט פאסירט מיט מיר.

אין דער ערשטער צייט זיינען מיר געוועזן זעהר צופריעדען מיט'ן שיפסקאַפיטאן, מיט דיא אָפיציערן און מיט אונזערע נייע קאַמעראַדען, דיא מאַטראָזען. דיא שעטלאַנד האט נאך ניט געחאפט ניט איין וואַללפיש. אלעס איז נאך געוועזן ריין און זויבער אויפ'ן שיף.

מיר זיינען געפאהרען צום אַייזמעער. מיט יעדען טאג איז געווארען קעלטער און קעלטער. דער שיפסקאַפיטאן האט געהייסען ארויסנעהמען דיא ווארעמע קליידער און יעדער מאַטראָז האט בעקומען א ווינטער קאַסטיום, — קליידער, וועלכע פאסען פאר יענע קאלטע געגענדען. אונז האט מען אויך געגעבען אזעלכע קליידער און מיר האבען זיך אנגעטאהן.

דיא קעלט איז געווארען פון טאג צו טאג שטרענגער, בייסענדער און ערגער. מיר האבען אנגעהויבען צו בעגעגענען אַייזבערג, אַייזפעלדער און גלאט אַייז. אין ערטער איז דאס מעער געוועזן אויסגעמישט מיט שנעע און אַייז און איז געוועזן געדיכט, וויא אקאַשע. אונזער שיף איז געגאנגען זעהר לאנגזאם אין דיעזעם אַייז וואסער.

מיר האבען געהערט, וויא דיא מאַטראָזען האבען גערעדט איינער צום אנדערן, אז זיי האבען מורא, מיר זאלען ניט איינגעפראָרען ווערן אין אַייז. איך בין צוואר קיין מאל ניט געוועזן אויפ'ן אַייז מעער און האב ניט געוואוסט, וואס עס הייסט איינגעפראָרען ווערן אין אַייז, איך האב אבער פערשטאנען, אז עס איז ניט קיין גרויס פערגעניגען.



# 33-טעם קאפיטעל

## דער ערשטער וואַללפיש.

דער טאג איז געווארען אלע מאל גרעסער און גרעסער. דיא נאכט איז געווען אזוי קליין, אז קוים פלעגט פינסטער ווערן, פלעגט זיך שוין ווייזען א פּאַם ליכט אין אסטען (מז״ח זייט) און עס פלעגט שוין אנהייבען צו טאגען.

איין מאל בין איך מיט אָ׳ קאָננאָר געשטאנען אויף דער וואַך. עס איז נאכט געווארען. דיא זון איז אונטערגעגאנגען אין איין אָרט און מיר האבען געוואוסט, אז זיא וועט זיך באלד ארויסווייזען פון אנאנדער אָרט.

— הער נור, טערענס, האב איך געזאגט, איך וואלט געווען פיעל צופריעדענער, ווען מיר זאלען יעצט פאהרען צוריק, אין ווארעמערע געגענדען. איך האב געהערט היינט פון דיא מאַטראָזען, אז היער קען מען נאך איינגעפראָרען ווערן אין אַייז. וויא איך פערשטעה, איז עס קיין גרויסעס פערגעניגען איינ־געפ־אָרען צו ווערן אין אַייז.

— וואס רעדסט דוא, דיק? האט אָ׳ קאָננאָר אויסגערופען, עס הייבט זיך דאך ערשט אן דער זומער? וויא קענסט דוא יעצט רעדען פון איינ־געפראָרען ווערן?

איך האב מיך איבערלעגט און האב געפונען, אז ער האט פּאָללקאָמען רעכט. עס איז געווען ענדע מאַי, דער זומער הייבט זיך אלזא נור וואס אן אין יענע געגענדען.

— וויא קומט עס אלזא, וואס דיא מאַטראָזען האבען גערעדט פון איינגעפראָרען ווערן אין אַייז? האב איך געפרעגט, דאס האבען געזאגט אלטע מאַטראָזען וועלכע זיינען שוין געווען עטליכע מאל אין דיעזע געגענדען. ווייסען זיי דען ניט, אז דער זומער הייבט זיך ערשט אן?

— זיי האבען נאך ניט געהאפט ניט איין וואַללפיש, האט מיין פריינד מיר ערקלערט, דער שיפסקאַפּיטאַן וועט דאך ניט וועלען קומען אהיים מיט לעדיגען, ער וועט געווים פאהרען ווייטער און ווייטער, דאן קען אויסקומען, אז מיר זאלען דארפען איבערווינטערן אין אַייז.

איך האב איינגעזעהן, אז מיין פריינד האט רעכט געהאט און האב מעהר דערפון ניט גערעדט. איך האב מיך פערטראכט, איך האב מיך דערמאנט אן דיא שעהנע און גוטע העלענאַ, אן איהר פאטער און איך האב אנגעהויבען צו בענקען אהיים, אין ווארעמערע געגענדען, וואו מען זעהט ניט ארום זיך אזוי פיעל אַייז און שנעע.

מען זאגט, אז דאס אַייזמעער איז שעהן, אז עס איז אפערגניגען צו זעהן, וויא דאס אַייז גלינצערט, פינקעלט און גלאַנצט, ווען דיא זון שיינט

זייף איהם. דאס קען זיין. עס איז זעהר מעגליך, אז עס זיינען דא מענשען, וועלכע האבען פערגניגען דערפון, מיר אבער איז עס דאמאלס געווען זעהר אונאַנגענעהם. דיא קעלט איז געווען שרעקליך. דער ווינט האט געשניטען, וויא מיט א מעסער. עס איז געווען אונמעגליך זיך צו צוריהרען מיט א נאקעטער האנד צו א שטיקעל אייזען אדער מעש.

פלוצלונג האבען מיר געהערט אשרעקליכעס רוישען, קראַכען, זיעדען און קנאַקען. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז מיר זיינען אריינגעפאהרען אין א זידענדיגען קעסעל. איך בין געשטאנען, וויא א פערשטיינערטער און האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך האב געזעהן, וויא דיא מאַטראָזען לויפען אַהין און אהער, וויא דיא משוגעים. איך האב ניט געוואוסט, וואוהין זיי לויפען און וואס זיי טהוען.

דיא זון איז נור וואס אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט דאס גאנצע מעער מיט איהרע ערשטע רויטע שטראַהלען. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז דאס גאנצע מעער איז בעדעקט מיט אַייז און אז אונזער שיף שטעהט אין דערמיט איינגעפראָרען אין אַייז. איך האב יעצט אליין ניט געוואוסט וואס צו דענקען פון אונזער לאַגע. ערשט פריהער מיט איינע מינוט האט מיר אָ' קאָננאָר ערקלערט, אז דער זומער הייבט זיך נור וואס אן און יעצט זעה איך, וויא אונזער שיף שטעהט פעסט איינגעפראָרען אין אַייז.

דער שיפסקאַפּיטאן איז באלד ארויסגעקומען, האט אַקוק געטאהן אויף דאס מעער, האט געזאגט נור איין ווארט:

— פּאַק-אַייז!

און איז צוגעגאנגען צום רעדעל. ער האט אליין אנגעהויבען צו קירעווען דאס שיף.

איך האב דאַמאלס ניט געוואוסט, וואס פּאַק אַייז איז. שפּעטער בין איך געוואהר געווארען, אז אין יענע געגענדען געפינען זיך פיעלע טייכען אויף דער יבשה און אויף דיא אינזלען. אים ווינטער ווערן דיא טייכען שטארק פער-פראָרען. ווען עס קומט דער זומער, צו ברעכט זיך דאס אַייז אויף דיא טייכען און שווימט אוועק אין מעער. עס מאכט זיך זעהר אפט, אז דיעזע טייכען גיבען ארויס אזוי פיעל שטיקער אַייז, אז זיי בעדעקען דאס מעער אויף הונדערטער מיילען. דיעזעס אַייז הייסט פּאַק אַייז.

מיר האבען זיך יעצט געפונען אין אגעגענד, וועלכע איז געווען בעדעקט מיט פּאַק אַייז. וויא קליין דיא שטיקער אַייז זיינען, און וויא שוואך זיי ווייזען אויס, זיינען זיי דאך געפעהרליך פאר שיפען, וועלכע זיינען ניט געבויט אומיסטען פאר דיעזע געגענדען. נור א גאנץ שטארקעס שיף קען זיך דורכשלאגען דורך דעם פּאַק אייז.

אונזער שיפסקאַפּיטאן איז אבער געווען אַן אלטער, פעהיגער מאַט-

ראָז. דאס שיף האט געקרעכצעט און געקנאקט, עס האט איהם אבער גע־פאלגט - וויא אגוטעס פערד פאלגט דעם רייטער. עס האט זיך געדרעהט און געבויגען, וויא א שלאנג, אבער עס איז געגאנגען פאָרווערטס.

דער שיפסקאַפּיטאן האט געארבייט מיט אלע זיינע קרעפטע אגאנצי שטונדע.

— מיר זיינען ארויס! האט ער ענדליך אויסגערופען.

איך האב אקוק געטאהן אויפ'ן מעער, עס איז ריין, וויא קריסטאל. מען זעהט קיין ברעקעל אייז. מיר געפינען זיך אין אשטילעס, רוהיגעס וואסער.

דיא זון איז אויפגעגאנגען הויך און עס איז געווארען ווארעמער. איך האב אויפגעאָטהעמט פרייער און האב געוואלט אראפגעהן אין אונזער קאַיוטע עתּיום עסען. פּלוצלונג האב איך געהערט אגעשריי.

— אַ וואַללפיש! אַ וואַללפיש!

איך האב מיך אומגעקוקט אין אלע זייטען און האב קיין וואַללפיש ניט געזעהן, נור אין איין אָרט האט זיך אויפגעהויבען פון מעער אַ זייל מיט וואסער, גלייך וויא מען וואלט געשפריצט פון אגרויסען פייער וועהר שפריצער (פון אַקישקע פון י'ער פאַזשאַרנע קאַמאנדע).

— וואו איז דער וואַללפיש? האב איך געפרעגט אַנדריו טאָמפּסאָן, וועלכער איז גראדע ארויפגעקומען פון דער קאַיוטע.

ער האט נור אַקוק געטאהן אויפ'ן מעער און האט מיר געוויעזען אויף דעם ארט, וואו עס האט זיך אויפגעהויבען דער זייל מיט וואסער.

— דער וואַללפיש שפּיעלט זיך און שפריצט מיט וואסער, האט ער מיר געזאגט, און איז אוועק געלאָפען.

איך האב געזעהן, וויא אלע מאַטראָזען לויפען צו דיא באָאָטע, קליינע שיפלעך, וועלכע זיינען געשטאנען אָנגעגרייט אויפ'ן דעק. איך בין אויך צו־געלאפען צו איינעם פון זיי.

ערשט יעצט האב איך געזעהן, אז אין יעדען באָאָט זיינען געליגען אינסטרומענטען, וועלכע זיינען מיר געווען וועניג בעקאנט. דיא ערשטע זאך וואס איך האב דערזעהן, איז געוועזן דיא האַרפּונע. דאס איז אַשווערעס, קיילעכדיגעס שטיק אייזען, וועלכע ווייזט אויס וויא אַבירנע. אויבען איז זיא גראָב, אונטען איז זיא גאַנץ דין, און ענדיגט זיך מיט אַ שארפען שפּיץ.

אויף דער גראבער זייט פון דער האַרפּונע געפינט זיך אַ שטארקער אייזערנער רינג. צו דיעזען רינג איז צוגעבונדען אַ שטריק, וועלכער געהט ארויפגעוויקעלט אויף אַרעדעל. וועלכער געפינט זיך אין איין עק פון'ם באָאָט

אויסער דעם געפינען זיך אין יעדען באָאָט עטליכע לאנגע שפּיעזען און זיעבען־אַכט רודער (וויאָסלאָס). מעסערס, און אנדערע שטיקער אייזען איך האב געזעהן. וויא מען האט אראפּגעלאזען דרייא שיפלעך, אי

איינעם פון זיי, אין דעם ערשטען, איז געזעסען דער ערשטער אָפיציער מיט זעקס מאַטראָזען. אין דיא אנדערע זיינען געזעסען אלטע, געאיבטע מאַטראָזען. איך האָב געזעהן, וויא מיין פריינד, אַנדריו טאָמפּסאָן, איז אויך אַריינגעשפרונגען אין איינעם פון דיא באָאָטע. איך האָב געוואָלט נאָכשפרינגען נאך איהם.

— בלייב אויפ'ן דעק, ריטשאַרד, האָט ער געזאָגט צו מיר, זעה פריהער, וויא מען חאַפּט אַוואַללפיש, לערן זיך אויס פריהער, דאַן וועסט דוא געהן מיט אונז. מיר געהן ניט אויף אַ באַלל.

דיא שיפלעך זיינען אוועק געפאָהרען, איך און נאך אנדערע מאַטראָזען זיינען געבליעבען שטעהן אויף דעם דעק. יעדער האָט אויסגעגלאָצט דיא אויגען און האָט געקוקט אויף דיא שיפלעך. מיר האָבען געזעהן, וויא דיא באָאָטע זיינען געפאָהרען גלייך צו דעם אָרט, וואו דער וואַללפיש האָט זיך געשפּיעלט.

יעדער פון אונז איז געוועזען נייגיעריג, יעדער איז געוועזען אונגעדולדיג, יעדען האָט געקלאַפּט דאָס הערץ, יעדער האָט געוואָלט וויסען, אויב עס וועט געראָטהען אונזערע קאַמעראַדען צו חאַפּען דעם וואַלפיש. איך האָב שוין געוואוסט, אַז אַוואַללפיש איז ווערטה פיער ביז פינף הונדערט פונט סטערלינג, ווייל אויסער דעם פישטראָהן אָדער פיש אייל, וועלכעס מען בעקומט פון איהם, בעקומט מען נאך פון איהם דעם טהייערן פישביין, וועלכען אונזערע דאַמען טראָגען אין זייערע קאָרסעטען.

דער שיפסקאַפּיטאַן איז געשטאַנען ביים רעדעל און האָט געקירעוועט דאָס שיף. פון צייט צו צייט פלעגט ער נעהמען זיין ספּעקטיוו און פלעגט קוקען אויפ'ן וואַללפיש און אויף דיא באָאָטע, וועלכע זיינען געפאָהרן איהם חאַפּען.

מיר האָבען געזעהן גאַנץ דייטליך, וויא דיא שיפלעך זיינען צוגעפאָהרען אַלץ נעהנטער און נעהנטער צום וואַללפיש, צו דיעזען ריעז פון דעם וועלט מעער. זיי זיינען צוגעקומען גאַנץ נאָהענט, און דער ערשטער אָפיציער האָט שוין אויפגעהויבען דיא שווערע האַרפונען און האָט געוואָלט זייא אַריינוואַרפען אין קערפּער פון וואַללפיש.

פּלוצלונג האָט דער וואַללפיש אויפגעהויבען זיין שווערן און שטאַרקען עק, האָט אַ פּאַטש געטאָהן איבערן וואַסער מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס וואַסער האָט אָנגעהויבען צו קאָכען און צו זיעדען אַרום איהם, וויא אין אַקעסעל, און האָט פערשפּריצט און פערגאָסען אַלעס אַרום איהם, אַז מיר האָבען געזעהן נור וואַסער. מיר האָבען זאָגאָר ניט געזעהן מעהר דיא באָאָטע.

— פערדאַמט! ער איז אַנטלאָפען! האָט אויסגערופען איינער פון דיא מאַטראָזען אויפ'ן דעק. — ער איז אַנטלאָפען! דער ערשטער וואַללפיש! דאָס איז אַשלעכטער סימן! איך האָב מורא, אַז מיר וועלען קומען אַהיים מיט לעדיגען!

קיינער האָט איהם ניט געענטפערט. אַלע האָבען געקוקט אויף דיא באָאָטע. וויא באַלד אַז דער וואַללפיש איז פערשוואונדען געוואָרען, האָבען

די באָטע גערײַפֿט זיך אומקעהרן. זיי האָבען דאָך שיין מעהר ניט וואָס צו טהאָן. זיי האָבען זיך אָבער ניט אומגעקעהרט. מיסטער פֿאָרד, אונזער ערשטער אָפֿיציר, האָט ניט אַזוי לייכט זיך אָבגעזאָגט פֿון עטליכע פֿונט סטערלינג, וועלכע ער האָט געקענט פֿערדיענען, ווען ער וואָלט געכאַפּט דעם וואַללפֿיש.

דער וואַללפֿיש לעבט אין וואַסער, מען רופֿט איהם פֿיש, ער איז אָבער אַ טהיער, ער אַטהעמט ניט ווי אַ פֿיש דורך די קיעמען (זשאַברעס), זאָנדערן דורך זיינע לונגען. ער קען אַלזאָ ניט לעבען לאַנג אונטערן וואַסער. ער מוז אַרויפֿקומען אויף׳ן וואַסער אום צו אַטהעמען.

דיא באָטע זיינען נאָך אַלץ אַרומגעפֿאָהרען אויף דעם אָרט, וואו דער וואַללפֿיש איז פֿערשוואונדען געוואָרען. דער שיפֿסקאַפּיטאַן איז נאָך אַלץ געשטאַנען אויף׳ן דעק מיט זיין ספּעקטיוו אין דער האַנד און האָט אויך געקוקט אויף זיינע באָטע און אויף׳ן וואַסער.

פּלוצלונג האָט ער אויסגערופֿען:

— אָנגרייטען נאָך דרייא באָטע!

קוים האָט ער אַרויסגערעדט דיעזע ווערטער, האָט דער וואַללפֿיש אַרויסגעשטעקט זיין גרויסען קאָפּ פֿון וואַסער. פֿון אַ גרויסען לאָך אין זיין קאָפּ, וועלכעס מען קען רופֿען זיין נאָז לאָך, האָט אַרויסגעשפּריצט אַ גאַנצער זייל דאַמפּף, וויא דער רויך פֿון אַ גרויסען קוימען פֿון אַ גאַנץ גרויסער פֿאַבריק.

דאָס האָט דער וואַללפֿיש געאַטהעמט. דער דאַמפּף (פּאַרע) וועלכען ער לאָזט אַרויס פֿון זיך, איז אויסגעמישט מיט פֿישטראָהן, און דאָס מעער אַרום איהם ווערט בעדעקט מיט אַ פֿעטע זאַך, וויא מיט אַ בוימאייל.

אין דיעזע מינוט איז מיסטער פֿאָרד צוגעקומען צו איהם און האָט אַריינגעוואָרפֿען אין זיין פֿעטען קערפּער די שווערע אייזערנע האַרפּונע.

— געטראָפֿען! האָט אויסגערופֿען דער שיפֿסקאַפּיטאַן.

— געטראָפֿען! האָבען אייסגערופֿען דיא מאַטראָזען פֿול פֿרייד.

דער ריעז פֿון דעם וועלט מעער האָט באַלד אָנגעהויבען צו פֿיהלען דעם שרעקליכען שמערץ פֿון דער וואונד, וועלכע די האַרפּונע האָט איהם געמאַכט, און האָט זיך ווידער אַראָפּ געלאָזען אונטערן וואַסער. דאָס רעדעל, אויף וועלכען עס איז געווען אַרומגעוויקעלט דער שטריק פֿון דער האַרפּונע, האָט זיך אָנגעהויבען צו דרעהן אַזוי שנעל, אַז מען האָט עס קוים געקענט זעהן.

פּלוצלונג האָט זיך געוויעזען אַ קליינע פֿאָהן אויף דעם באָאָט, וואו מיסטער פֿאָרד האָט זיך געפֿונען.

— ער איז אין דער נויט! ער בעט הילף! האָט זיך אָפּגערופֿען אַ מאַטראָז לעבען מיר.

— אויפגעצוויגען אונזער פאָהן! אריין אין דיא באָאָטע! האט קאָמאנדירט אונזער שיפסקאַפּיטאן .

איך האב פערשטאנען, אז דער מיט, וואס מיר האבען אויפגעצוויגען אַפאָהן אויף אונזער שיף, האבען מיר געגעבען מיסטער פאָרד אצייכען, אז מיר פערשטעהן, וואס ער פערלאנגט, און מיר שיקען איהם הילף .

יעצט האב איך מיך מעהר ניט געקענט איינהאלטען, און בין אויך צו געלאפען צו אי נעם פון דיא שיפלעך .

— דאס איז ניט דיין באָאָט, האט מען מיר געענטפערט, דיין באָאָט איז דאס לעצטע. עס איז נומער 6 .

יעצט האב איך געוואוסט, צו וואס פאר אבאָאָט איך געהער. איך האב אַנומער. איך בין צוגעלאפען צו מיין באָאָט אין דער מינוט, ווען אלע זיינען שוין געזעסען אין איהם. איך בין זיי נאָכגעשפרונגען גלייך וויא עס וואלט זיך געהאנדעלט וועגען לעבען און טויט .

איך בין געווען אונרוהיג און אויפגערעגט. איך האב מיך געריסען צום וואַללפיש. איך האב נאך דאמאלס ניט געוואוסט, וויא געפעהרליך דער וואַלל-פיש איז, ווען ער ווארפט זיך, דרעהט זיך און צאפּעלט זיך אין זיין טויט קאמפף, אין זיין אַגאָניע (גסיסה) .

דער וואַללפיש האט זיך אראפּגעלאזען גאנץ טיעף אין וואסער. דער שטריק אויפ'ן באָאָט פון מיסטער פאָרד איז אויסגעגאנגען. מען האט געמוזט צו בינדען צו איהם דעם שטריק פון'ם אנדערן באָאָט, ווייל ווען מען טה'וט עס ניט, קען דער וואַללפיש אַריינשלעפּען דאס באָאָט מיט דיא מענשען אין וואסער .

דאס איז געווען דער צייכען, וואס מיסטער פאָרד האט אונז געגעבען, אז ער דארף האבען הילף. שרייען טאר מען ניט, ווייל דער וואַללפיש קען זיך נאך דערשרעקען און אנטלויפען, עס מאכט זיך אמאל, אז ער אנטלויפט אזוי שטארק, אז מען מוז אפּשניידען דעם שטריק און לאזען פערפאַלען דיא האַרפּונע מיט'ן שטריק, צוויא זאכען, וועלכע האבען אַזעהר גרויסען ווערטה, ווייל מען קען זיי ניט קויפען אויפ'ן וועלט מעער .

מיר האבען צו גערודערט צו אונזערע קאמעראַדען און האבען אַריינ-געווארפען אין פאָרד'ס באָאָט אבונט שטריק. אין דיעזע מינוט איז דער וואַלל-פיש ארויפגעשוואומען. דאס האט ערוואַרטעט דאס צווייטע באָאָט. קוים האט דער וואַללפיש זיך געוויעזען אויפ'ן וואסער, איז דער פיהרער פון צווייטען באָאָט צו געקומען צו איהם, און שנעל וויא אַבליץ האט ער אין איהם אריינגעווארפען זיין הארפונע .

דאס מעער ארום דעם וואַללפיש איז געווארען רויט פון זיין בלוט .

— ווענען דאס לעבען איז ליעב, דער זאל אנטלויפען! האט מיסטער פּאָרד אויסגערופען.

דער וואַללפיש האט אנגעהויבען צו שלאגען דאס וואסער מיט זיין גרויסען שטארקען און שרעקליכען עק, אז דאס גאנצע מעער ארום איהם איז בעדעקט געווארען מיט אַ ווייסען שוים. דאן האט ער זיך פלוצלונג אראפגעלאזען אונטערן וואסער.

איך האב אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס פאר אַ געפעהרליכער פיינד דער וואַללפיש איז, ער האט אַזא שרעקליכע קראפט אין זיין עק, אז ער קען מיט איהם איבער קעהרען אַ שיף.

דיעס מאל איז דער וואַללפיש געבליעבען ניט לאנג אונטערן וואסער. ער איז שוין געווארען שוואכער. ביידע האַרפונען האבען גוט געטראפען. דאס שווערע און שפּיציגע שטיק אַייזען האט זיך אראפגעלאזען טיעפער און טיעפער אין זיין קערפער. ער איז אפּגעגאנגען מיט בלוט, האט געמוזט אטהעמען און האט געמוזט ארויפשווימען.

ער איז אויך באלד ארויפגעשוואומען. מיר האבען איהם ארומגערינגעלט און האבען אנגעהויבען אריינצווארפען אין איהם האַרפונען און שפּיזען.

פּלוצלונג האב איך בעמערקט, אז דער פיהרער פון אונזער באָאָט, אַן אלטער מאַטראז מיט'ן נאמען סימפּל, איז אריינגעשפּרונגען אין וואסער און איז געשוואומען צו אַן אַנדער באָאָט. איך האב פערשטאנען, אז ער טהוט עס ניט אומזיסט, און האב געוואלט איהם נאכטאהן, עס איז שוין אבער געווען צו שפּעט.

אונזער באָאָט האט זיך אויפגעהויבען אין דער לופטען, און מיר זיינען געפלויגען וויא דיא קניידלעך אין אלע זייטען. דער וואַללפיש האט אויפגעהויבען אונזער באָאָט, און האט איהם אַשליידער געטאהן אין דער לופט.

מיר האבען זיך אָפּגעבאדען אין אַייז קאלטעס וואסער, עס האט אונז אבער גאר ניט געשאַדעט. אונזערע קאַמעראדען זיינען באלד געקומען אונז צו הילף, און האבען אונז ארויסגעשלעפּט פון וואסער. אונזער באָאָט האט זיך איבערגעקעהרט, מען האט איהם אבער באלד וויעדער אויפגעשטעלט.

ווען איך בין געקומען צו זיך, האב איך אקוק געטאהן אויפ'ן וואַלל-פיש. פון זיין גרויסען נאז לאך האט יעצט געשפּריצט ניט וואסער און ניט דאַמפּף, זאנדערן בלוט.

— הורראה! האבען אויסגערופען אלע מאַטראזען, — ער שפּריצט שוין מיט בלוט! ער קען שוין ניט לעבען.

דער וואַללפיש האט נאך אפּאָר מאהל אַ פּאַטש געטאהן דאס וואסער מיט זיין שטארקען עק, דאן האט ער זיך איבערגעקעהרט מיט'ן בויך ארויף און איז געבליעבען ליעגען-טויט.

— הורראה! הורראה! האבען געשריען אלע מאַטראָזען, אונזער ערשטער וואַללפיש.

— עלף פוס דיא לענג! האט איסגערופען מיסטער פאָרד.

איך האב ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט דער מיט, דער וואַללפיש איז געווען לענגער פון הונדערט פוס. איך האב געפרעגט איינעם און ער האט מיר געוויעזען אויף דאס גרויסע מויל פון'ם וואַללפיש.

דער וואַללפיש האט קיינע צעהנער. ער קיוט ניט זיין עסען. ער האט אין מויל אגאנצע וואנד לאנגע און דינע ביינערנע שטאנגען, לאַטעס. דאס איז דער פישביין, וועלכער ווערט געברויכט אין קאָרסעטען וועלכע אונזערע דאַמען טראגען.

דער וואַללפיש האט אגרויסע מויל, אבער אַ גאנץ קליינעם שלינג. ער קען ניט אראפשלינגען א הערינג. ער נעהרט זיך פון גאנץ קליינע קרעבסע (ראַקעס), וועלכע געפינען זיך אין ערטער אזוי פיעל, אז דאס מעער איז געדיכט פון זיי. דער וואַללפיש עפענט אויף זיין גרויסעס מויל מיט דעם נעץ פון פישביין און נעהמט אן אפולע מויל מיט דיעזע קליינע בעשעפענישען. דאן לאזט ער ארויס דאס וואסער דורך דיא דינע שפאלטען, צווישען דיא שטאנגען פון פישביין, און שלינגט אראפ דיא קליינע קרעבסע (ראַקעס).

ווען פאָרד האט געזאגט: עלף פוס דיא לענג! האט ער געמיינט, אז דער פישביין איז עלף פוס דיא לענג. ער האט גוט געוואוסט דעם ווערטה פון פישביין. פון אגרויסען וואַללפיש איז דער פישביין ווערטה אזוי פיעל, וויא דער פישטראָהן.

מיר האבען יעצט דורכגעלעכערט דעם עק פון'ם וואַללפיש און האבען דורכגעצויגען צוויא שטריק דורך דיא לעכער, דאן האבען מיר נאך צוגעבונדען אַפאר שטריק צו דיא שטאַנגען פון פ שביין אן זיין מויל, און ביי דיעזע שטריק האבען מיר אנגעהייבען איהם צו שלעפען צו אונזער שיף.

דאס איז אויך געווען קיין לייכטע ארבייט, מיר האבען עס אבער געטאהן מיט פערגניגען. יעדער פון אונז האט געוואוסט, אז ער האט עהרליך פערדיענט זיין געלד.

## 34-טעס קאפיטעל

## דער גרענלענדער האַי פיש

איך נעהם מיך ניט אונטער צו בעשרייבען, מיט וואס פאר א פערגניגען און מיט וואס פאר א פרייד מיר האבען צו געשלעפט אונזער ערשטען וואַלל-פיש צום שיף. אלע האבען זיך געפרעהט, פון דעם שיפסקאַפיטאן ביז צום

לעצטען יינגע אויפ'ן שיף האבען אלע געשריעען , געטאנצט און געזונגען פאר פרייד .

— מיר האבען אונזער ערשטען וואַללפיש ! הורראה ! האט מען געשריעען פון אלע זייטען .

ווען מיר זיינען ענדליך צוגעקומען צום שיף און מיר האבען צוגעבונדען דעם וואַללפיש ער זאל ניט אוועקשווימען , האט דער שיפסקאַפּיטאן אויסגערופען :

— יעצט , קינדער , געהט עסען ! איהר זייט געוויס הונגעריג , נאכ'ן עסען וועלען מיר זיך נעהמען צו אונזער וואַללפיש .

מען קען זיך לייכט פאָרשטעלען , מיט וואס פאר אַ פרייד מיר זיינען געלאפען אין אונזער קאַיוטע עסען אונזער פריהשטיק . מיר זיינען אלע געווען התגעריג , וויא דיא וועלף אים ווינטער .

מיר האבען שנעל אָפּגעגעסען . איינגע פון אונז , בעזאנדערס דיא , וועלכע האבען זיך היינט אזוי אונגעריכט געבאָדען אין קאלטען מעער , און צווישען זיי בין איך אויך געווען , האבען אראפגעוואָרפען זייערע נאסע קליידער און האבען אנגעטאהן טרוקענע . דאן זיינען מיר ווידער געלאפען צו דער ארבייט .

יעצט ערשט האט זיך אנגעהויבען דיא שווערע ארבייט ארויס צו נעה-מען פון דעם וואַלפיש אלעס , וואס עס האט א ווערטה .

דער וואַללפיש האט אגאנץ גראבע הויט . אונטער דער הויט געפינט זיך א גראבע דעק שמאלץ , וועלכע איז דרייא ביז פיער אַרשין דיא גרייט . נאכ'ן שמאַלץ קומען דאס פלייש און דיא ביינער . אווערטה האט נור דאס שמאַלץ פון דעם וואַללפיש . דאס פלייש טויג צו גאר ניכט . מעןווארפט עס אוועק פאר דיא פיש .

ווען מיר זיינען צוריק געגאנגען צו דער ארבייט , האב איך געזעהן , וויא איינגע פון דיא מאטראָזען האבען אנגעטאהן אויף זייערע שטיוועל א סאָרט שפּאָרען מיט לאנגע שפּיצען . אָנפאנגס האב איך ניט געוואוסט , צו וואס זיי טהוען עס , איך האב אבער באלד דערזעהן , אז זיי שטעלען זיך ארויף אויפ'ן וואַללפיש און הייבען אָן איהם אפצושניידען . אזוי וויא דיא הויט פון'ם וואַללפיש איז גאנץ גלאט און מען קען זיך פון איהר אראפ גליטשען , מוזען זיי טראגען שפּאָרען מיט שאַרפע שפּיצען , וועלכע זיי שטעקען אריין אין דער הויט פון'ם וואַללפיש , און האלטען זיך אָן אָן אַ שפּיזו , וועלכען זיי שטעקען אריין אין קערפּער פון וואַללפיש .

דיא עלטערע מאטראָזען האבען זיך אראפ געלאזען אויפ'ן קערפּער פון דעם וואַללפיש . איך און דיא אינגערע מאטראָזען האבען זיך געזעצט אין באָאָטע , אין וועלכע עס זיינען געליעגען אלערלייא אינסטרומענטען : מעסערס , זעגען העק , שפּיעזען , שטריק , און נאך פיעלע אנדערע זאכען .

אונזער ארבייט איז בעשטאנען דארין, וואס מיר האבען געדארפט דערלאנגען דיא עלטערע מאַטראָזען אלעס, וואס זיי האבען געדארפט, ווען עפעס איז ארייננעפאלען אין וואסער, האבען מיר עס געדארפט אויפהייבען און דערלאנגען אדער צו נעהמען צו זיך אין באָאָט.

דיא עלטערע מאַטראָזען האבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט. זיי האבען אפגעשונדען דיא הויט פון'ם וואללפיש און האבען זיא ארייננעווארפען אין וואסער. דאן האבען זיי אויסגעשניטען לאנגע פאסען שמאלץ, האבען זיי צו געבונדען צו שטריק, וועלכע מאַטראָזען אויפ'ן דעק האבען ארויפגעשלעפט אויפ'ן דעק און האבען ארייננעווארפען אין גרויסע פעסער.

אין דער קעלט איז דאס שמאלץ פעסט און הארט, אז מען קען עס האלטען אויף אשטריק. קוים אַבער ווערט עטוואס ווארעמער, צוגעהט עס פון זיך אליין אין פאַס.

דאס איז אשווערע און זעהר לאנגווייליגע ארבייט. ווען מען שניידעט אוים דאס גאנצע שמאלץ פון איין זייט פון דעם וואללפיש, מוז מען איהם איבערקעהרן אויף דער אנדערער זייט און אויסשניידען דאס שמאלץ פון דער אנדערער זייט.

ווען מען שניידעט אוים דאס גאנצע שמאלץ, שניידעט מען אפ דיא צווייא פלאספעדערן, וועלכע דער וואללפיש האט, אין דעם עק. דאן נעהמט מען זיך צו דעם פיש ביין, וועלכער געפינט זיך אין מויל פון דעם וואללפיש. אגרויסער אלטער וואללפיש האט אין מויל ביז דרייא הונדערט שטאנגען אדער פאסען פיש ביין. יעדער פאס איז פון זעקס ביז צוועלף פוס לאנג. דיא שטארקערע שטאנגען מוז מען אויסהאקען מיט א האַק, דיא דינערע און שוואכערע שניידעט מען אוים מיט אמעסער.

דער פיש ביין ווערט אויסגעשניטען, אויסגעריינינט און צונויפגעלעגט אין לאנגע בינטלעך, וועלכע ווייזען אוים וויא גארבען אויפ'ן פעלד. מען בינדעט זיי צונויף מיט שטריק און מען שלעפט זיי ארויף אויפ'ן דעק. דארט לעגט מען זיי אריין אין אבעזונדערן שפייכער.

דיא זון האט געשיינט גאנץ העל. מיר האבען געארבייט לוסטיג. האבען גערעדט, געשריען, געלאכט און געזונגען. מען האט געדארפט איבערקעהרן דעם וואַללפיש און איך מיט מיינע קאמעראדען אין באָאָט האבען ניט געהאט וואס צו טאהן. איך האב אקוק געטאהן אין וואַסער און האב אציטער געטאהן. — א פאָר גרויסע, גרין-גרויע אויגען האבען געקוקט אויף מיר פון וואַסער.

— וואס איז מיט דיר, יונגע? האט מיך געפרעגט מיט א געלעכטער דער אלטער טאָד. וואס האסט דוא זיך אזוי דערשראקען? וואס האסט דוא דערזעהן אין וואסער?

— איך ווייס ניט, וואס דאס איז, האב איך געשטאמעלט. — זעהט אליין, מיסטער טאָד, א פּאָר גרויסע, שרעקליכע אויגען קוקען אויף מיר. איך האב נאך קיין מאל ניט געזעהן אזעלכע ווילדע, בייזע אויגען.

דער אלטער מאַטראָז האט אקוק געטאהן אין וואַסער און האט זיך צולאכט.

— דוא ביסט נאך גאר א „גרינער"! האט ער אויסגערופען, האסט דוא דען קיין מאל ניט געזעהן קיין האַי-פיש?

— איך האב געזעהן א האַי-פיש אין דיא ווארעמע לענדער, האב איך געענטפערט, — ער איז אבער גאנץ אנדערש. איך האב געהערט זאגען, אז דער האַי-פיש האלט זיך אויף נור אין דיא גאנץ הייסע געגענדען.

— הער ניט, וואס מען וועט דיר זאגען, האט דער אלטער מאַטראָז געלאכט, גלויב נור, וואס דוא וועסט זעהן מיט דיא אויגען. דוא זעהסט יעצט פאר זיך איינעם פון דיא געפעהרליכסטע רויבער און מערדער פון דעם וועלט מעער. דאס איז דער גרענלענדער האַי-פיש.

— ער איז דאך אבער געפעהרליך! האב איך אויסגערופען, ער וויל איינשלינגען איינעם פון אונז.

— האב קיין מורא פאר איהם. יעצט וועט ער דיר גאר ניט טאהן. ער ווייס, אז ער וועט באלד האבען וואס צו פרעסען.

— ער קוקט אבער אויף מיר מיט אזעלכע שרעקליכע אויגען, גלייך וויא ער וויל מיך איינשלינגען.

— נעהם אשפיעז און שטעק איהם אריין אין קאפּ, וועט ער אנטלויפען.

איך האב מורא געהאט עס צו טאהן. איך האב געזעהן פיעלע האַי-פיש, ווען איך בין געפאהרען אין דיא הייסע געגענדען, איך האב אבער נאך קיין מאל ניט געזעהן אזא ווילדען און אזא בלוטדורשטיגען קערל. דער אלטער מאַטראָז האט מיך פערשטאנען. ער האט געחאפּט אשפּיעז, האט איהם אריינגעשטאכען אין ברייטען קאפּ פון דעם האַי-פיש און האט איהם באלד ארויסגעשלעפּט צוריק. אויפ'ן וואַסער האט זיך געוויזען א רויטער רעדעלע. דאס איז געוועזן דאס בלוט פון דעם האַי-פיש.

שפּעטער בין איך געוואהר געווארען, אז דער האַי פיש פון דיא קאלטע לענדער איז דער גרעסטער פיינד פון דעם וואַללפיש. ער שווימט איהם נאך טריט ביי טריט, בייסט איהם, רייסט איהם, צופּט איהם און ווען ער קען נור, רייסט ער איהם אויס אשטיק שמאלץ אדער פלייש פון בויך אדער פון דיא זייטען.

עס מאכט זיך אמאל, אז עס קומען זיך צונויף עטליכע האַי-פיש צוזאמען און געהן אויף דער יאגד. זיי זוכען איונגען וואַללפיש.

דער וואללפיש האט לעבעדיגע קינדער, ניט וויא אנדערע פיש וועלכע קריעכען ארויס פון רויג. דער וואללפיש האט איינס אדער צווייא לעבעדיגע קינדער און ווען זיי זיינען נאך קליין, זייגט ער זיי מיט דער ברוסט. עס מאכט זיך אמאל, אז דיא זיא פון'ם וואללפיש, דיא מוטער, לעגט זיך שלאפען אויפ'ן וואסער און איהר קינד זויגט גאנץ רוהיג פון איהר ברוסט. דאן קומען דיא האַי־פיש, פאלען אן אויף דאס קינד, שלעפען עס אוועק פון דער מוטער און פרעסען עס אויף.

פאר דעם גרויסען וואללפיש האבען זיי מורא: ער איז צו שטארק פאר זיי. מיט איין זעץ פון זיין געפעהרליכען עק, קען ער זיי אלע דערהרגענען.

איך האב צייט געהאט מיך אומצוקוקען און האב דערזעהן, וואס פאר א מאסע געסט מיר האבען בעקומען. ארום דעם טויטען וואללפיש האבען געשוואומען אלערליי פיש און איבער אונזערע קעפ האבען זיך געדרעהט און האבען געשריען אלערליי פייגעל. איך האב צום ערשטען מאל דערזעהן דיא פייגעל פון דיא קאלטע געגענדען.

אין דער צייט, ווען מיר האבען געארבייט ארום אונזער ערשטען וואללפיש, איז אויפ'ן דעק פון אונזער שיף געשטאנען אמאן, וועלכער האט זיך בעשעפטיגט מיט גאר עפעס אנדערש. דיעזער מאן איז געווען דער דאקטאר פון אונזער שיף. דאס איז געווען א מאן פון איאהר פיערציג; ער איז געווען ניט הויך, אבער שטארק געבויט: ער איז געווען פריינדליך געגען יעדען, פלעגט זיך אבער זעלטען ווייזען אויפ'ן דעק.

ווען א מאַטראָז פלעגט קומען צו איהם און פלעגט זיך עפעס בעקלאגען, פלעגט דער דאקטאר איהם בעהאנדלען, וויא אפאטער דארף בעהאנדלען זיין אייגען קינד. ער פלעגט אבער זעלטען שפאציערן אויפ'ן דעק און נאך זעלטענער רעדען מיט דיא מאַטראָזען.

דאס איז געווען אשטילער רוהיגער געלערטער, וועלכער איז געפאהרען אויף אשיף וועלכעס פאהרט זוכען וואללפיש, ניט וועגען דעם געהאלט, וואס ער האט בעקומען, זאנדערן אום צו זעהן ראס אייז מעער און איום צו שטודירען זיינע וואונדער.

זעהר אפט פלעגט מען איהם זעהן שטעהן מיט אספעקטיוו און מיט אינסטרומענטען אין דיא הענד און קוקען אויפ'ן מעער, אדער אויפ'ן הימעל. עס איז געווען דייטליך, אז ער פערברענגט ניט זיין צייט אומזיסט. ער לערענט עפעס, פארשט עפעס און קלערט עפעס.

וויא פיעל מאל האב איך מיך געטראכט:

— אך! ווען איך זאל געווען לערנען, ווען דאָלאַן זאל מיך ניט געווען אראפ פיהרען פון וועג, וואלט איך פיעלייכט אויך געווארען א געלערנטער

מאן, וויא ער, און וואלט יעצט ניט געדארפט פריהערן אין באָאָט און זיין אפגעגאסען מיט פיש טראהן! —

דער דאקטאר איז יעצט אויך געשטאנען אויפ'ן דעק מיט זיין ספעקטיוו אין דער האנד און האט געקוקט אויפ'ן מעער, איך האב מיך אויף איהם ניט אומגעקוקט, ווייל איך האב געוואוסט, אז דאס איז זיין געוואהנהייט.

— אשטיק פלייש פון דעם וואללפיש! האט פלוצלונג דער דאקטאר אויסגערופען.

מען האט אויסגעשניטען א גרויס שטיק פלייש פון דעם וואללפיש און מען האט עס איהם דערלאנגט.

איך בין געווארען נייגיעריג צו זעהן, וואס דער דאקטאר וועט טאהן מיט דעם שטיק פלייש, אזוי וויא אונזער ארבייט איז שוין באלד געווען געענדיגט, בין איך ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק זעהן, וואס דער דאקטאר וויל מאכען.

ער האט גענומען דאס שטיק פלייש פון'ם וואללפיש, האט עס אנגע-שטאבען אויף אגרויסען און שטארקען, אייזערנעם הוק, האט צוגעבונדען דעם הוק צו אשטארקען שטריק און האט איהם אריינגעווארפען אין וואסער. איך בין צוגעלאפען צום געלענדער פון דעם שיף זעהן, וואס וויטער וועט זיין.

א גרויסער, שרעקליכער רעגלענדער האי-פיש איז צו געקומען צום שטיק פלייש און האט עס איינגעשלונגען מיט אמאל, גלייך וויא עס וואלט געווען אקניידעל. עס איז איהם אבער ניט וואל בעקומען: דער שארפער אייזערנער הוק האט זיך איינגעשטאכען אין זיינע געדערם. דער האי-פיש האט אנגעהויבען זיך צו ווארפען און צו רייסען דעם שטריק.

— ציעהט איהם ארויף! לאמיר איהם זעהן! האט דער דאקטאר געבעטען.

עטליכע שטארקע הענד האבען אנגעהויבען צו ציעהן דעם שטריק. קוים האט זיך דער קאפ פון דעם האי-פיש ארויסגעוויזען פון וואסער, האבען מיר אויף איהם ארויפגעווארפען נאך אשטריק און האבען איהם גאנץ פעסט ארומגעבונדען, אין איניגע מינוט ארום איז ער געליגען אויפ'ן דעק.

— אוועק פון איהם! — פארזיכטיג! האט דער דאקטאר געשריען, עס איז געפעהרליך צו צו געהן צו איהם.

ערשט יעצט האב איך געקענט גוט בעטראכטען דיעזען שרעקליכען רויבער און מערדער פון'ם וואלט מעער. ער איז געווען ביז פינפצעהן פוס דיא לענג און ביז פינף פוס דיא ברייט ארום און ארום, דאס הייסט, מען וואלט געקענט איהם ארומנעהמען מיט אפאָדים פון פינף פוס דיא לענג.

— האקט איהם אפ דעם עק! האט געשריען דער דאקטאר.

און ער האט רעכט געהאט. דער האַי־פיש איז געליעגען, וויא עס האט זיך אויסגעוויעזען, גאנץ רוהיג; קוים אבער האט מען אַנגעהויבען צו צוקומען צו איהם, האט ער אנגעהויבען צו שלאגען מיט'ן עק און צו פאטשען דעם דעק, אז עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער ברעכט דאס שיף. ער האט אבער ווייט ניט געקענט דער גרייכען, ווייל זיין קאפ איז געווען פעסט צוגעבונדען צו אזעגעלבוים.

דער דאקטאר האט גענומען א האק מיט א גאנץ לאנגעם הענטעל, איז צו געגאנגען פארזיכטיג צום האי־פיש און האט איהם אפגעהאקט דעם עק. דאס בלוט האט געשפריצט אויפ'ן דעק און דער האי־פיש האט זיך געווארפען נאך שטאַרקער.

— צו האקט איהם דעם קאפ! האט דער דאקטאר געשריען.

אפאר מאַטראָזען זיינען צו געקוממען מיט העק און האבען אנגעהויבען צו האקען דעם קאפ פון'ם האַי־פיש. ענדליך איז צו געקומען איינער מיט אברייטען מעסער און האט איהם אויפגעשניטען דעם בויך.

איך בין געווען זיכער, אז דער האַי־פיש איז טויט און האב געוואלט צו געהן נעהנטער און איהם בעטראכטען.

— אוועק פון'ם האַי־פיש! האט דער דאקטאר געשריען — ער לעבט נאך! ער איז נאך געפעהרליך.

מען זאגט, אז א קאַץ האט ניין לעבענס אין זיך. דאכט זיך, מען האט זיא שוין דערהרגעט און זיא איז שוין טויט, פלוצלונג הייבט זיא זיך אויף און אנטלויפט. — ווען אקאַץ האט אין זיך ניין לעבענס, האט א האַי־פיש אין זיך ניין און ניינציג לעבענס.

מען האט צוהאקט דעם קאָפ פונ'ם האַי־פיש, מען האט איהם אויפ־געשניטען דעם בויך און ארויסגעלאזען זיינע געדערים און ער האט נאך אלץ געלעבט. יעדעס שטיקעלע אין איהם האט זיך געווארפען. זיין גרויסעס מויל, וועלכעס איז אנגעזעצט מיט לאַנגע, שאַרפע, שפיציגע צעהנער, האט נאך געחאפט אלעס, וואס מען האט איהם צוגעווארפען. איין מאַטראָז האט איהם אריינגעשטעקט אין מויל אהענטעל פון אשפיעז, דער האַי־פיש האט צוביסען דאס גראָבע שטיק האלץ אויף צווייען.

דער דאָקטאר האט געהאלטען דעם האַי־פיש אויפ'ן דעק אייניגע שטונדען. ער האט געעפענט זיינע געדערים און האט געזוכט עפעס אין זיי. מיך האט עס זעהר פעראינטערעסירט און איך האב מיך אנגעבאָטען צו העלפען דעם דאקטאר אין זיין ארבייט. איך האב געשטוינט, ווען איך האב דערזעהן דיא זאכען, וועלכע מיר האבען געפונען אין מאָגען און אין דיא געדערים פונ'ם האַי־פיש: שטיינער ביינער, א פלאש פון שאַמפּאַניער,

שטיקער פעל פון טהיערע, א שאַכטעל פון סאַ־דעלען און שטיקער שמאַטעס פון מאַטראַזען קליידער.

— וויא קומען אזעלכע זאכען אין מאַגען פון׳ם האַי־פּיש? האב איך געפרעגט דעם דאקטאר.

— דער האַי־פּיש וויסס, אז אויף א שיף געפינען זיך מענשען, וועלכע ווארפען ארויס יעדען טאג, וואס עס בלייבט איבער פון דער קיך, האט דער דאקטאר ערקלערט. קוים דערזעהט ער א שיף, טרעט ער ניט אפּ פון איהר. ער שווימט איהר נאך און חאפּט אויף אלעס, וואס מען ווארפט ארויס פון שיף. ווען מיר האבען געפונען ביי איהם אין בויך אפלאַש פון שאַמפּאַניער, איז עס גאר קיין וואונדער. וואַהרשיינליך האט מען געטרונקען שאַמפּאַניער אויף א שיף און מען האט אוועק געווארפען דיא פלעשער אין אין מעער. דער האַי־פּיש האט אויפגעהאפּט איינע פון זיי און האט זיא איינגעשלונגען.

דער דאקטאר האט נאך בעטראכט דעם קאפּ און אנדערע טהיילע פון דעם האַי־פּיש, דאן האט ער געהייסען איהם אריינווארפען אין וואסער. איך האב געהאלפען אריינווארפען אין וואסער דיא שטיקער האַי־פּיש און האב בעמערקט מיט שטוינען, וויא איינינע שטיקער האבען נאך געציטערט. עס איז נאך געוועזען לעבען אין זיי.

## 35-טעס קאפּיטעל

## א ווייסער בער אין אַ באָאָט.

מיר האבען געאַרבייטעט אגאנצען טאג זעהר שווער און געגען פינף אוהר פאר נאכט זיינען מיר געוועזען אזוי מיעד, אז מיר האבען זיך קוים געהאלטען אויף דיא פיס. מיר זיינען געוועזען העכסט צופריעדען, ווען מען האט אונז צונויפגערופען צום נאכט עסען. מיר האבען געגעסען מיט׳ן בעסטען אַפּעטיט, און אזוי וויא איך האב ניט געדארפט שטעהן אויף דער וואַך, האב איך מיך באלד געלעגט שלאפען.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה איז אונזער שיף צו געקומען צו א וואַנט פון אַייז. וויא ווייט אונזער אויג האט געקענט גרייכען, האבען מיר געזעהן פאר אונז נור אַייז און אַייז. איך האב געזעהן אזא סצענע צום ערשטען מאל אין מיין לעבען און האב ניט געוואוסט, אויב מיר זיינען שוין איינגעפראָרען געווארען אין אַייז, אדער מיר זיינען צוגעקומען צו א לאַנד, וועלכעס איז בעדעקט מיט אַייז.

דער ערשטער אָפיציער איז געשטאנען אויפ׳ן דעק און האט געפיהרט

דאס שיף. מיר האבען געזעהן פיעלע פייגעל פליעהען און ארומגעהן איר אייז, עס איז געווען דייטליך, אז מיר זיינען ערגעץ ניט וויט פון א לאנד, אדער מיר געפינען זיך אין א מעער־ענגע, דאס הייסט, אשמאָלער פאס וואסער צווישען צוויא שטיקער לאַנד, דער פאר איז דאס מעער דארט נאך פערפראָרען.

איך האב בעטראכט דיעזע סצענע מיט שטוינען און בעוואונדערונג, פאר אמענשען, וועלכער זעהט צום ערשטען מאל אין זיין לעבען דאס אַייז־מעער מיט זיינע וואונדער, איז דיעזע סצענע איבעררא̇שענד. ער קען זיך ניט אפרייסען פון איהר. ער קען שטעהן שטונדען לאנג און קוקען אויף דיעזע נייע וועלט. ער זעהט פאר זיך אנדערע טהיערע, אנדערע פייגעל. אנדערע פיש און אנדערע בעשעפענישען.

צום ערשטען מאל אין מיין לעבען האב איך דערזעהן א פינגווין, איינער פון דיא זאנדערבאַרסטע און וואונדערבאַרסטע פייגעל אויף דער וועלט. דער פינגווין איז גרעסער פון א גאַנז. ער האט ברייטע פיס, וועלכע זיינען בעדעקט מיט א הויט, וויא ביי א גאַנז. ער האט אבער קיינע פליגעל; אויף דעם ארט, וואו ביי אגאַנז געפינען זיך דיא פליעגעל, געפינען זיך ביים פינגווין צוויא שוואַרצע שטיקער פלייש, וועלכע ווייזען אויס, וויא לאָפעטען, ריכטיגער געזאגט, וויא דיא פלאָספעדערן פון אפיש. ער ווייזט אויס, ווי האלב פיש, האלב פויגעל, ער איז אבער א פויגעל, ווייל זיין קערפער איז בעדעקט מיט געדיכטע און זעהר ווארעמע פעדערן.

פלוצלונג האב איך דערהערט א געשריי:

— וואס איז דאס? ווער איז עס דארט אויפ'ן אַייז?

דער שיפסקאַפיטאן און דער דאקטאר זיינען געשטאנען אויפ'ן דעק, יעדער פון זיי האט געהאלטען א ספעקטיוו אין דער האנד און האט געקוקט אויפ'ן אַייז.

— ווייסט איהר, וואס דארט איז, דאָקטאָר? האט דער שיפסקאַפיטאן געפרעגט.

— איך זעה עפּעס א ווייסע חיה, איך ווייס אבער ניט, וואס דאס איז

— דאס איז א ווייסער בער, האט דער שיפסקאַפיטאן ערקלערט ער האט געחאפט א פיש אדער א זעהונד און עסט יעצט גאנץ רוהיג זיין פריהשטיק.

— לאמיר ביי איהם צונעהמען זיין פריהשטיק! האט דער דאקטאר אויסגערופען.

דער שיפסקאפיטאן האט צוגערופען דעם ערשטען אָפיציער און האט איהם געפרעגט:

— ווילט איהר געהן אויף דער יאַגד און ברענגען יענעם ווייסען בחור ?

— טויט אדער לעבעדיג ? האט דער ערשטער אָפיציער געפרעגט.

— ברענגט איהם טויט, איך גלויב ניט, אז איהר וועט קענען ברענגען אויפ'ן שיף אזא קערל לעבעדיגערהייט, האט דער שיפסקאַפּיטאן געענטפערט מיט א געלעכטער.

— וואס רעדט איהר, קאַפּיטאן? האט זיך געהיצט דער ערשטער אָפיציער, זאלען מיר, אלטע מאטראָזען, ניט זיין אים שטאנד צו חאפּען אזא מיסטער בעריל ?

— זייט פאָרזיכטיג, הערר פאָרד, האט דער שיפסקאַפּיטאן געזאגט ערנסט, איהר קענט נאך ניט דעם ווייסען בער, דאס איז איינער פון דיא קליגסטע און דער פאר איינער פון דיא געפעהרליכסטע טהיערע אויף דער וועלט. א ווייסער בער לאזט זיך ניט פאנגען אזוי לייכט. קלייבט אויס מאַטראָזען, וועלכע קענען גוט שיעסען און גוט ציעלען. א ווייסען בער מוז מען טייטען מיט'ן ערשטען מאל; ווען מען פערוואונדעט איהם נור, ווערט ער געפעהרליך.

— זייט רוהיג, הערר קאַפּיטאן! מיר וועלען איהם שוין בייקומען און וועלען איהם ב־ענגען אויפ'ן שיף געבונדען וויא א שעפּס.

ער האט זיך געווענדעט צו דיא מאַטראָזען און האט געפרעגט:

— ווער קען גוט שיעסען ?

איך האב מיך דערמאנט אן דיא אלטע יאהרען, ווען איך פלעג געהן שיעסען האָזען און פאַזאַנען מיט מיין פריינד דאָלאַן, און האב אויסגערופען:

— איך קען גוט שיעסען.

— איך קען אויך גוט שיעסען! האט אויסגערופען אָ' קאָננאָר.

— איך קען אויך גוט שיעסען! האבען געשריעען נאך עטליכע שטימען.

דער ערשטער אָפיציער האט אויסגעקליעבען זעקס יונגע לייט, מיך און אָ' קאָננאָר איינגערעכענט, האט אונז געגעבען גוטע ביקסען, גענוג פולווער און קוגעלן, און האט אונז געהייסען אראפּ לאזען א באָאָט. אין איינינע מינוט ארום זיינען מיר געזעסען אין באָאָט און האבען גערודערט צום אייז.

איך און נאך פיער האבען אנגעלאָדען אונזערע ביקסען און האבען זיי געהאלטען פערטיג צום שיעסען, דער ערשטער אָפיציער און נאך איינער האבען געהאלטען אנגעגרייט אבונט מיט שטריק. עס איז געווען דייטליך, אז זיי האבען געוואלט ארויפוואַרפען אויפ'ן בער אשלייף און איהם חאפּען, וויא דיא איינוואוינער פון אַרגענטיניען חאפען ווילדע פערד.

ווען מיר זיינען צוגעקומען צום אַייז , האט דער ערשטער אָפיציער אונז געהייסען אוועקרודערן איניגע הונדערט שריט ווייטער פון דעם ארט , וואו דער בער איז געזעסען. מיר האבען אזוי געטאהן און זיינען צוגעקומען צום אַייז . דער ערשטער אָפיציער און נאך איינער זיינען ארויסגעגאנגען אויפ'ן אַייז .

— מיר וועלען ארומגעהן ארום דעם ארט , וואו דער בער געפינט זיך און וועלען צוקומען צו איהם פון הינטען , האט מיסטער פאָרד געזאגט צו אונז . מיר וועלען פראָבירען האפען דעם בער מיט א שטריק ; ווען דאס וועט ניט געלינגען , אדער ווען איהר וועט זעהן אז מיר געפינען זיך אין א נויט , זאלט איהר קומען אונז צוהילף און זאלט שיעסען אויף איהם .

מיר האבען געטאהן, וויא דער ערשטער אָפיציער האט געהייסען . מיר האבען געמיינט , אז דער ווייסער בער וועט זיך דערשרעקען , ווען ער וועט דערזעהן מענשען , ער האט זיך אבער גאר ניט דערשראקען . ער איז זיך געבליעבען זיצען גאנץ רוהיג און האט געגעסען זיין פריהשטיק מיט אַן אפעטיט , וועלכען יעדער מענש וואלט זיך געווינשט .

מיר האבען אנגעהויבען צו רודערן לאנגזאַם און זיינען צוגעקומען אלץ נעהנטער און נעהנטער צום אָרט , וואו דער בער איז געזעסען . דער בער האט אונז ענדליך דערזעהן , האט אויפגעהויבען זיין גרויסען קאָפּ , האט גע-ווארפען אויף אונז א בייזען בליק און האט אנגעהויבען שטארק צו ברומען , ער האט אבער דאך ניט געוואלט אפלאזען דעם זעהונד , וועלכען ער האט געפרעסען .

דאס האט אונז שוין פערדראָסען . איך האב פערטיג געמאכט מיין ביקס און האב געזאגט צו מיינע קאַמעראַדען :

— מיסטער בעריל הערט אונז עפעס גאר, וויא דיא קעץ ! עס הארט איהם גאר ניט, וואס מיר טועהן .

איך האב געזעהן , וויא דער ערשטער אָפיציער מיט זיין קאַמעראַד האבען אנגעגרייט דיא שטריק און האבען זיי געוואלט ארויפווארפען אויפ'ן בער . אזוי וויא ער האט אבער געהאלטען דעם קאָפּ צוגעבויגען צום טויט'ן זעהונד , וואלטען זיי אויף קיין פאַלל ניט געקענט ארויפווארפען דעם שטריק אויף זיין האלז . איך האב דאהער געגעבען א צייכען צו מיסטער פאָרד , ער זאלווארטען ביז דער בער וועט אויפהייבען דעם קאָפּ .

איך האב אויסגעשטרעקט מיין ביקס גראַדע אויפ'ן טויטען זעהונד . דאס האט שוין פערדראָסען רבי בערל'ן. ער האט ארויסגעלאזען א ברום , וויא א לייב , איז אויפגעשפרונגען פון זיין אָרט און האט געוואלט זיך ארויפ-ווארפען אויף מיר . אין דיעזע מינוט האט דער ערשטער אָפיציער אויף איהם ארויפגעווארפען דעם שטריק . דער ווייסער בער האט אנגעהאפט דעם שטריק

מיט זיינע געפעהרליכע לאַפּעס און האט איהם צוריסען, וויא מען צורייסט א פּאָדים. דאן האט ער דערזעהן מיינע קאַמעראַדען אין באָאָט און האט גע־מיינט, אז זיי האבען עס אויף איהם ארויפגעוואָרפען דעם שטריק.

מיט איין שפרונג איז ער געווען אין באָאָט. מיינע קאַמעראַדען האבען זיך זעהר דערשראקען און זיינען אריינגעשפּרונגען אין וואסער. דער ערשטער אָפיציער, איך און דער דריטער מאַטראָז זיינען צוגעלאפען צום ברעג אַייז און האבען זיי געהאלפען ארויסקריעכען אויפ'ן אַייז, זיי זיינען געווען בלייך, וויא קאַלך און האבען געציטערט פאר שרעק און פאר קעלט. עס איז קיין גרויסעס פערגניגען.

אונטערדעסען איז דער בער זיך געזעסען גאנץ רוהיג אין אונזער באָאָט און האט בעטראכט דיא אינסטרומענטען, וועלכע מיר האבען מיטגעבראכט פון זיינטוועגען. דאס באָאָט איז אפגעשוואומען אויף אייניגע הונדערט שריט ווייט פון דעם אַייז. איך האב אויסגעשאסען און האב דעם בער ניט גע־טראפען. נאך איינער האט געשאסען אויף איהם און האט איהם אויך ניט געטראפען.

יעדעס מאל ווען מיר האבען אויסגעשאסען, האט זיך דער בער אויפ־געהויבען, האט אונז געוויעזען זיין שווארצעס מויל מיט זיינע שאַרפע צעהנער.

מיר זיינען געשטאנען אויפ'ן אַייז און האבען ניט געוואוסט וואס צו טאהן. מיר האבען געזעהן, וויא מען האט ארויפגעצויגען א פאָהן אויפ'ן שיף, דאס איז געווען א צייכען, אז אויפ'ן שיף האט מען אלעס געזעהן און מען וועט אונז צושיקען הילף. דאס האט אונז בערוהיגט.

מיר האבען געקוקט אויף אונזער שיף און האבען געזעהן. וויא מען לאזט אראפ צוויא שיפלעך. דאס מעער איז געווען גלאַט, וויא א שפּיעגעל. קיין ווינטעלע האט געוועהט און קיין וועללע (כוואַליע) האט ניט געטריעבט דאס גלאַטע, שטילע, רוהיגע וואסער. דיא צוויא באָאָטע האבען גערודערט לאנגזאם און פארזיכטיג. מיר האבען געזעהן, אז אין זיי זיצען מענשען מיט ביקסען אין דיא הענד און מיר האבען געוואוסט, אז הערר בער וועט שוין האבען א שווארצען סוף.

דיא מאַטראָזען, וועלכע זיינען געקומען אונז צו הילף, זיינען געווען פאָרזיכטיגער פון אונז. זיי האבען זעהר גוט געוואוסט, אז מיט א ווייסען בער דארף מען ניט שפּאַסען. ווען זיי זיינען צוגעקומען אזוי נאהענט צום ווייסען בער, אז זיי האבען געקענט אויף איהם שיעסען און איהם טרעפען, האבען זיי זיך צושיידט: איין באָאָט איז ארומגעפאהרען דעם בער פון דער רעכטער זייט און דער אנדערער איז איהם ארומגעפאהרען פון דער לינקער זייט.

מיסטער בער האט פערשטאנען, אז מען וויל איהם קיין גוטעס ניט טאהן און עס האט איהם שוין פערדראסען, פאר וואס ער האט געמאכט

א לוסט רייזע אין א פרעמדען באָאָט. ער האט זיך אויפגעהויבען, האט אנ-געהויבען צו ברומען און צו ווייזען זיינע שרעקליכע צעהנער און זיינע נאך שרעקליכערע לאַפּעס.

דאס האט איהם אבער ווייניג געהאלפען. אין דיעזע מינוט האבען אויסגעקנאַקט צווייא ביקסען. מען האט אויסגעשאסען פון ביידע באָאָטע און אזוי וויא דיא באָאָטע זיינען געווען גאנץ נאהענט לעבען בער, האט מען פון ביידע באָאָטע גוט געציעלט און גוט געטראפען. —

דער בער האט א שפרונג געטאהן אין דער הויך און איז געפאלען טויט אין זיין באָאָט. אונזערע קאַמעראַדען זיינען צוגעקומען צו אונז און האבען אונז ארויפגענומען אין זייערע באָאָטע. מיר זיינען אלע צוגעפאהרען צו אונזער באָאָט, וואו מיסטער בער איז געלעגען טויט.

מיט פריידען געשרייען און מיט פרעהליכע ליעדער זיינען מיר צוריק געפאהרען צו אונזער שיף. ווען מיר זיינען ארויפגעקומען אויפ'ן דעק און האבען ארויפגעשלעפט אונזער טויטען גאסט, האט דער שיפסקאַפּיטאן גע-פרעגט דעם ערשטען אָפיציער:

— נון, מיסטער פֿאָרד, וואס דענקט איהר, איז עס לייכט צו פאנגען א וויסען בער לעבעדיגערהייט?

איהר זעהט דאך, אז איך האב איהם געחאפט לעבעדיגערהייט, האט דער ערשטער אָפיציער געענטפערט, איך האב דאך איהם געחאפט לע-בעדיגערהייט אין מיין באָאָט.

דאס איינציגע, וואס מיר האבען געהאט פון דעם וויסען בער, איז געווען זיין פעל. זיין פלייש איז ניט געשמאק. זיין שמאלץ קען ניצען נור אין א לאַמפּ, און דאס האבען מיר ניט געדארפט, ווייל מיר האבען געהאט גענוג פיש שמאַלץ.

דער דאָקטאר האט אויסגעבראכען דיא צעהנער פון'ם וויסען בער. צו וואס ער האט זיי געדארפט, ווייס איך ניט.

---

## 56-טעס קאפיטעל

## גרענלאַנד.

מיר האבען געזוכט אַ וועג אין אַייז און האבען איהם ניט געפינען. וואו מיר זיינען צוגעקומען, האבען מיר געטראפען א וואנד פון אייז. אזוי וויא מיר האבען ניט געקענט פאהרען ווייטער קיין נאָרדען (צפון זייט), האבען מיר זיך

געקומען אן א זייט. מיר זיינען געפאהרען גאנץ נאהענט לעבען איין קיין אָסטען (מזרח).

דעם אנדערן טאג האבען מיר ווידער געחאפּט אַ וואַללפיש און זיינען אגאנצען טאג געווען בעשעפטיגט מיט איהם. דער שיפסקאַפּיטאן האט געזאגט, אז ווען מיר וועלען ניט געפינען קיין וועג דורכ'ן אייז, וועלען מיר פאהרען צו א גרויסע בוכטע אין גרענלאנד, וועלכע הייסט דיא „פּאָנדס בוכטע". דאס איז אגרויס שטיק וואסער, וועלכעס שניידעט זיך איין אין דער יבשה פון גרענלאַנד. אין דיעזער בוכטע פלעגען זיך אמאל אויפהאַלטען פיעלע וואַללפיש.

אויפ'ן פינפטען טאג האבען מיר בעגעגענט פינף שיפען, אלע זיינען געווען וואַללפיש פאנגער, און זיינען אויך געפאהרען אין „פּאָנדס בוכטע". אונז איז געוואָרען אביסעל פרעהליכער, ווייל מיר האבען דערזעהן לעבעדיגע מענשען. דער שיפסקאַפּיטאן איז אבער ניט געווען גאנץ צופריעדען מיט דיא געסט.

דיא „פּאָנדס בוכטע" איז גענוג גרויס, זיא איז אבער צו קליין פאר זעקס שיפען, וועלכע האבען אלע איין צוועק — צו חאפּען וואַללפיש.

מיר זיינען ניט לאנג געפאהרען אין דער קאָמפּאניע פון דיא איבעריגע שיפען, יעדער שיפסקאַפּיטאן האט פערשטאנען, אז עס איז גלייכער פאר איהם צו פאהרען בעזונדער און צו זוכען וואַללפיש פאר זיך אליין.

איך בין איינמאל געשטאנען אויף דער וואַך. ביז אהער האב איך געזעהן, וויא דיא זון געהט אונטער אויף אשטונדע, אדער אויף אהאלבע שטונדע, און געהט ווידער אויף. וויא גרויס איז אבער געווען מיין איבערראשונג, ווען איך האב געזעהן, אז דיא זון געהט גאר ניט אונטער. איך האב געזעהן, וויא זיא דרעהט זיך איבער אונזערע קעפּ פון אלע פיר זייטען.

עס האט זיך אנגעהויבען דער גרויסער טאג פון יענע געגענדען, וועלכער געדויערט אין איניגע ערטער א מאָנאט, אין אנדערע ערטער — צווייא מאָנאט, אין אנדערע — דרייא מאָנאט, און אויפ'ן נאָרד פּאָל, אויף דעם לעצטען פונקט פון דער ערד אין צפון זייט, געדויערט דיעזער טאג קנאפּע זעקס מאָנאט, דערפאר הייבט זיך דער נאך אן א נאכט, וועלכע געדויערט אויך קנאפּע זעקס מאָנאט. אין דיא לענדער, וואו עס איז דא נור איין מאָנאט טאג, דארט דויערט דיא לאנגע נאכט אויך נור איין מאָנאט. וואו עס איז צווייא מאָנאטע טאג, דארט איז צווייא מאָנאטע נאכט.

— יעצט אלזא איז עס זומער אין דיעזע געגענדען! האב איך אויסגערופען.

— יא, יעצט איז עס זומער אין דיעזע געגענדען, האט געזאגט אשטימע לעבען מיר, יעצט קענסט דוא זעהן דאס לאנד, אדער וועניגסטענס א טהייל פון'ם לאנד, וואו דער שנעע איז צושמאָלצען געוואָרען.

איך האב מיך אומגעקוקט, — הינטער מיר איז געשטאנען דער ער־שטער אָפיציער פון אונזער שיף. עס איז געוועזן זיין וואַך.

— וואו איז דען דאס לאנד? האב איך געפרעגט.

ער האט מיר געוויעזען מיט'ן פינגער אויף שווארצע פלעקען. איך האב אָנפאנגס ניט געוואוסט, וואס דאס איז, ווייל איך בין ביז אהער ארומגעפאהרען אלץ אין ווארעמע געגענדען, און בין געוואוינט געוועזן צו זעהן גרינע ביימער, ווען מען קומט צו צו אַ לאנד. דא אבער האב איך געזעהן נור שווארצע פלעקען.

ערשט מיט אשטונדע שפּעטער האב איך געקענט זעהן, אז דיעזע שווארצע פלעקען זיינען דיא שפּיצען פון בערג. דאס זיינען שווארצע שטיינער. זיי ווייזען אוים נאך פיעל דונקעלער, וויא זיי זיינען אין דער ווירקליכקייט, ווייל ארום זיי ליעגט נאך דער ווייסער שנעע. אין ערטער האט מען נאך גע־זעהן אייזבערג, גאנצע בערג פון שנעע, וועלכער איז צושמאלצען געווארען, און פלוצלונג פערפראָרען געווארען.

דיא אייזבערג האבען געגלאנצט, געפינקעלט און געגלינצערט פון דער זון. עס איז געוועזן שרעקליך שעהן, אנגענעהם ווילד, שווידערהאפט גראָסאַרטיג. עס איז געוועזן אסצענע, וועלכע מען קען ניט בעשרייבען מיט ווערטער. מען מוז זיא זעהן מיט דיא אויגען, אום צו פיהלען און צו פערשטעהן.

— וואס דענקסט דוא, דיק? וויא וויט זיינען מיר פון יענעם לאנד? האט פלוצלונג געפרעגט איינער פון דיא מאטראָזען.

— איך דענק, אז אין אשטונדע ארום וועלען מיר צוקומען צום ברעג.

דער מאטראָז האט זיך צולאכט. דער ערשטער אָפיציער האט גע־שמייכעלט. איך האב געזעהן, אז מען האלט מיך פאר אַ „גרינהאָרן", פאר א גאנץ יונגען מאן, וועלכער ווייס נאך גאר ניט, וואס עס טהוט זיך אויף דער וועלט, און איך האב מיך פערשעהמט.

— דאס לאנד איז, דאכט זיך, אזוי נאהענט, אז מען קען צו קומען צו איהם אין א שטונדע, האב איך בעמערקט, אום מיך צו פערענטפערן.

— שעהם דיך ניט, דיק, האט דער ערשטער אָפיציער געזאגט, עלטערע און קלוגערע מאטראָזען פון דיר, האבען געמאכט דעמזעלבען פעהלער. עס האט זיך זיי אויסגעוויעזען, אז דאס לאנד איז זעהר נאהענט.

— פאר וואס איז עס אבער? האב איך געפרעגט.

— דיא לופט אין דיעזע געגענדען איז אזוי ריין, אז דאס אויג קען זעהן וויט. אין דיא ווארעמע געגענדען איז דיא לופט געוועהנליך זעהר פייכט, און דער מענש קען ניט זעהן אזוי קלאר און אזו דייטליך. ווען מען צינדעט אן דעם שטארקסטען לאמפּ אין א באָד, ברענט ער אלץ פינסטער, ווייל דיא לופט אין באָד איז פול מיט פייכטקייט. אין דיעזע געגענדען אבער, וואו עס

הערשט דער אייביגער פראָסט, איז דיא לופט זערר ריין, און דער מענש קען זעהן אויף אשטרעקע פון דרייסיג ביז פערציג מייל.

איך האב מיך באלד איבערצייגט, אז אונזער ערשטער אָפיציער האט פאלקאמען רעכט. מיר זיינען געפאהרען נאך אשטונדע און נאך אשטונדע, און מיר זיינען נאך אלץ ניט געקומען צום ברעג. דאס לאנד איז אבער געווארען אלע מאל דייטליכער און דייטליכער. איך האב געזעהן הויכע בערג און טיעפע טאָהלען. אין ערטער האבען זיך אראפגעגאסען טייכען פון דיא בערג. אין ערטער זיינען דיא טאָהלען געווען אָנגעגאסען מיט אייז. נור דיא שפיצען פון דיא בערג און דיא זייטען, וועלכע זיינען געווען געגען דער זון, זיינען געווען פריי פון שנעע און אייז.

וואס האט מען אבער געזעהן אויף זיי? — קיין בוים, קיין בוימעלע, קיין בלעטעלע און קיין גרעזועלע. נאַקעטע, צושפאָלטענע און צוריסענע שטיינער, דאס איז געווען אלעס, וואס מען האט געקענט זעהן אויף דיעזעס לאנד אין אַייזמעער.

— געפינען זיך מענשען אין דיעזע געגענדען, וואו דער אייביגער שנעע הערשט? האב איך געפרעגט זיך אליין. — קענען מענשען לעבען אין דיעזע שרעקליכע וויסטעניי פון אַייז און פראָסט?

עס איז פערגאנגען נאך אשטונדע. איך בין געשטאנען אויפ'ן דעק, וויא א צוגעשמידטער, איך האב ניט געקענט מיך אָפרייסען פון דיעזער זאָנדערבארער, אונגעוועהנליכער, וואונדערבארער געגענד. איך בין געווען, וויא צו מישט. ווען איינער זאל מיך געווען פרעגען, וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט, וואלט איך איהם געענטפערט: איך בין אין א פערצויבערטעס לאנד.

דאס לאנד האט ווירקליך אויסגעוויעזען, וויא פערצויבערט: אלעס איז געווען שעהן, גראָסאַרטיג, איבערראשענד, אבער שטיל, רוהיג, טויט, — אויסגעשטארבען.

— ליפלי! ליפלי! האט פלוצלונג אונזער שיפסקאַפּיטאן אויסגערופען.

איך האב ניט געוואוסט, וואס דאס ווארט „ליפלי" בעדייטעט. איך האב אקוק געטאהן אין דער זייט, וואו דער שיפסקאַפּיטאן האט געוויעזען, און האב דערזעהן מיט שרעק און שטוינען דעם טהורעם פון א קירכע מיט גלאָקען. ארום דעם טהו־עם זיינען געווען עטליכע הויפענס שנעע, אויסגעשטעלט אין צווייא רייהען, גליך וויא עס וואלטען געווען צווייא רייהען הייזער, און אין דער מיטן אַ גאַס.

— וואס איז דאס? האב איך אויסגערופען ערשטוינט און דערשראָקען, זיינען מיר ווירקליך צוגעקומען צו אפערצויבערטע שטאדט?

— עס איז קיינע פערצויבערטע שטאדט, האט דער שיפסקאַפּיטאן

געענטפערט, עס איז אווירקליכע שטאדט. זיא הייסט ליפלי, און געהערט צים קעניגרייך דענעמארק.

— איך זעה דאך אבער נור אַ קירכע. וואו איז דיא שטאדט?

— זעהסט דוא דען ניט דיא הייזער?

— הייזער? וואו זיינען הייזער? האב איך געפרעגט ערשטוינט.

דער שיפסקאַפּיטאן האט מיר געוויעזען אויף דיא בערגלעך שנעע.

— דאס זיינען דיא הייזער פון דער שטאדט ליפלי, האט ער געזאגט מיט א שמייכעל, דוא דענקסט געוויס צו זעהן א שטאדט, וויא לאָנדאן, ליווערפול, אָדער ניו אָרליאַנס, און האסט אגרויסען טעות. אין דיעזער געגענד איז אלעם אנדערש. עטליכע הייזער און א קירכע איז א שטאדט.

— געפינען זיך נאך אזעלכע שטעדט אין דיעזער געגענד? האב איך געפרעגט נייגיעריג.

— דיא גאנצע גרויסע אינזעל גרענלאַנד, געהערט צו דענעמאַרק, האט דער שיפסקאַפּיטאן מיר ערקלערט. אויף דער אינזעל וואוינט א ווילדעס פאלק, וועלכעס הייסט עסקימאָסען. דיא דענישע רעגירונג שיקט אהער בעאַמטע און גייסטליכע. דיא בעאַמטע זארגען פאר דיא דענישע שיפען, וועלכע קומען זעהר אפט אהער אום צו האַפּען וואַללפיש, זעע הינד, און אנדערע טהירע. דיא גייסטליכע בעמיהען זיך אויסצובילדען דיא עסקימאסען. אויסער דיא בע-אַמטע און גייסטליכע האבען זיך בעזעצט אין דיעזע געגענדען אייניגע דענישע קויפלייטע, וועלכע האנדלען מיט דיא פּראָדוקטען פון דיעזער געגענד.

— פּראָדוקטען? האב איך געפרעגט, וואס פאר פּראָדוקטען קענען ארויסגעבען אייז און שנעע?

— דאס ווערסט דוא שפּעטער זעהן, האט דער שיפסקאַפּיטאן געענטפערט.

ער האט מיט מיר מעהר ניט געקענט רעדען, ווייל מיר זיינען צו-געקומען גאנץ נאהענט צום ברעג, און מען האט געדארפט פעראַנקערן אונזער שיף. דער ביי האט געמוזט זיין דער שיפסקאַפּיטאן, ווייל נור ער אליין איז געוועזן נוט בעקאנט מיט דער געגענד.

## 37-טעס קאפּיטעל

## דיא עסקימאָסען.

קיים האבען מיר אנגעהויבען אראפּלאזען דעם אַנקער, האָבען מיר געזעהן, וויא אויפ'ן ברעג זיינען זיך צונויפגעקומען געשטאַלטען. איך קען ניט זאגען, מענשען, ווייל איך האב נור געזעהן געשטאלטען פון מענשען, זיי זיינען

געווען אזוי ארומגעוויקעלט מיט פעלצען, אז זיי האבען מעהר אויסגעוויעזען, וויא ווילדע טהיערע, אלס וויא מענשען.

איך האב געזעהן, וויא פיעלע פון דיעזע געשטאלטען האבען זיך אריינגעזעצט אין שיפלעך, און זיינען געפאהרען צו אונזער שיף. זייערע שיפלעך זיינען געווען גאנץ שמאל. עס האט געקענט זיצען אין א שיפעל נור איין מענש. זיי זיינען אבער אזוי געשיקט אין אזוי געשווינד אין זייערע שיפלעך, אז זיי פליעהען מיט זיי אויפ׳ן וואסער שנעל, וויא דער ווינט.

זיי זיינען באלד צוגעקומען צו אונזער שיף. דער שיפסקאַפּיטאן האט געהייסען אראפוואַרפען א שטריק לייטער, און איניגע פון זיי זיינען ארויפגעקלעטערט אויף אונזער דעק. ערשט יעצט האב איך געקענט זיי בעטראכטען נעהנטער.

דאס זיינען געווען ניעדעריגע, אבער קרעפטיגע מענשען, מיט פלאכע פלאַטשיגע געזיכטער, מיט אגראבער נאז, גראבע ליפּען, און דיא קנאָכען פון דיא באַקען האבען ארויסגעשטעקט. דיא פארב פון זייער הויט איז דונקעל ברוין. דאס זיינען געווען עכטע עסקימאָסען. זיי האבען גערעדט נור עטליכע דענישע ווערטער. און אזוי וויא אויף אונזער שיף האט נור דער שיפסקאַפּיטאן גערעדט דעניש, האבען מיר געמוזט רעדען מיט זיי דורך צייכענס.

זיי זיינען געקומען האנדלען מיט אונז. אונזער שיפסקאַפּיטאן האט פאָראויס געזעהן, אז עס קען טרעפען, מיר זאלען צוקומען צו אדאָרף פון עסקימאָסען, און ער האט מיט געבראכט פון ענגלאַנד אלערליי ארטיקעל, וועלכע דיא עסקימאָסען קויפען.

ווען דיא עסקימאָסען זיינען געקומען אויפ׳ן דעק פון אונזער שיף, האט דער שיפסקאַפּיטאן געפרעגט דיא מאַטראזען.

— ווער וויל האנדלען מיט זיי?

איך! איך! איך! האט יעדער געשריען.

— דאן קומט אהער און קויפט, וואס איהר דארפט.

מיר זיינען צוגעקומען צום שיפסקאַפּיטאן און האבען געקויפט ביי איהם: נאָדלען, פּאָדים, מעסער, אייזערנע טעפּ, רויטע פּאַטשיילעס, גלעזערנע קרעלען, און נאָך אזעלכע זאכען. ווער עס האט געהאט ביי זיך געלד, דער האט בעצאהלט; ווער עס האט ניט געהאט קיין געלד, דער האט גענומען, וואס ער האט געדארפט, און מען האט עס פערשריעבען אויף זיין רעכנונג.

איך און מיינע קאַמעראדען האבען געמוזט קייפען אויף קרעדיט, ווייל מיר האבען קיין געלד ניט געהאט. איך האב אָנגעקויפט איניגע זאכען און בין געלאָפען האנדל׳ן מיט דיא עסקימאָסען.

זיי האבען געבראכט צו פערקויפען קליידער פון פעל פון זעע הינט, לאנגע זאָקען פון פעל פון א וואַללראָס, — אזא טהיער —, הויזען פון פעל פון

הינט, האַנדשוה, טאַבאַק בייטלען פון פעל פון וואַללפיש, געריייכערטע און געטריקענטע פיש, און נאך אזעלכע זאכען.

אזוי וויא אונזער רייזע האט זיך נור וואס אנגעהויבען, און מיר האבען גערעכענט צו פערברענגען א פאָר מאָנאטע אין דיזע קאַלטע געגענדען, האבען מיר געקויפט וואַרעמע קליידער. א פאָר לאנגע זאָקען פון דיא פעל פון זעע הינט זיינען זעהר וואַרם, און קענען דיענען אלס זאָקען און שטיוועל צו גלייך, וויל דיא פעל פון זעע הינט זיינען זעהר שטארק.

איך האב געקויפט א יאַקעל פון פעל מיט לאנגע וואַרעמע האָר, א פאָר הויזען און א פאָר זאָקען פון זעע הינד. פאר דיזע דרייא זאכען האב איך אוועקגעגעבען צווייא מעסער, א פעקעל נאָדלען, אַן אייזערנעם קעסעלע, עטליכע שפולען פאַדים, און צווייא רויטע פאַטשיילעס. זעלבסט פערשטענדליך, אז איך האב מיך געדונגען מיט דיא עסקימאָסען. און אזוי וויא מיר האבען געמווט רעדען אויף שטום-לשון, קען מען זיך לייכט פאָרשטעלען, וויא מיר האבען זיך אויסגעהאַנדעלט.

מיינע קאַמעראדען האבען אויך געקויפט, יעדער וואס ער האט געפונען ניצליך אדער נעטהיג פאר זיך.

דער דעק פון אונזער שיף האט יעצט פאָרגעשטעלט א מאַרק, א באַזאר, וואו מען האט גערעדט, געלאַכט, זיך געדונגען, געהאַנדעלט, געקויפט און פערקויפט. דיא זון האט געשיינט העל, קיין נאכט איז ניט געווען. מיר וואָלטען געקענט אָפּהאַלטען אונזער באַזאר אכט און פערציג שטונדען, און קיינער וואלט עס ניט בעמערקט. מיר האבען זיך אבער געפונען אויף אַ גוט איינגעאָרדענטעם שיף.

קוים האט דער שיפסקאַפּיטאן געזעהן, אז אלע מאַטראזען האבען געקויפט, וואס זיי דארפען, האט ער געגעבען אצייכען, אז דער באַזאר האט זיך געענדיגט. ער האט עפעס געפרעגט דיא עסקימאָסען אויף דעניש, און זיי האבען איהם געענטפערט. דאן האט ער זיי געהייסען פאהרען אהיים.

ווען זיי זיינען אוועקגעפאהרען, האט ער געהייסען אראפּלאזען אבאָאָט, און זעקס מאַטראזען זאלען זיך א־יינזעצען אין איהם. ער וויל אריינפאהרען קיין ליפלי. איך האב איהם געבעטען, ער זאל מיך מיטנעהמען מיט זיך, וויל איך האב נאך קיין מאל ניט געזעהן, וויא עסקימאָסען וואוינען. ער האט מיר צוליעב געטאהן, און האט מיך מיטגענומען.

מיר האבען אנגעהויבען צו רודערן צום ברעג. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז דער ברעג איז גאנץ נאהענט, איך האב אבער באלד דערזעהן, אז מיר האבען פאר זיך אהיבשע שטרעקע. ענדליך זיינען מיר צוגעקומען צום ברעג. דער גוברנאטאר פון דער שטאדט ליפלי איז אליין געקומען אונז אויפנעהמען.

איך מוז לאבען, ווען איך זאג דער „גובערנאטאר" פון דער שטאדט ליפלי, ווייל אין דער גאנצער שטאדט וואינען נור דרייא פאמיליען פון ווייסע מענשען און דיזע דרייא פאמיליען איז איינער דער גייסטליכער פון דער שטאדט, דיא איבעריגע צווייא זיינען קויפלייטע, וועלכע וואינען דארט נור א געוויסע צייט. ווען זיי ווערן רייך, פאהרען זיי אוועק אהיים, קיין דענעמארק.

אויסער דיזע דרייא פאמיליען אייראפעער וואינען אין ליפלי צוואנציג ביז דרייסיג פאמיליען עסקימאסען. איבער דיזע גרויסע שטאדט הערשט א דענישער בעאמטער מ'ט'ן גרויסען טיטול גובערנאטאר.

דער גובערנאטאר איז געווען א מאן פון איאהר פיערציג, הויך און קרעפטיג מיט ווייסע האָר, ווי א ן עכטער דענע, ער האט אויך געטראגען אלאנגען פעלץ פון זעע הונד און א פאר גרויסע זאָקען פון פעל פון הינט מיט דיא האָר אינעווייניג.

ער האט אונז אויפגענומען זעהר פריינדליך און האט אונז איינגעלאדען אין זיין פאַלאַץ. איך מוז רופען זיין הויז פאלאץ, ווייל פאר א גובערנאטאר פאסט צו וואינען אין א פאלאץ, אין דער וואהרהייט אבער איז עס געווען א גאנץ איינפאכעס הויז געבויט פון גראבע, ווילדע שטיינער און ארומגעלעגט מיט ערד און מיט שנעע.

אלענפאלס איז עס געווען א פאלאץ אין יענע געגענדען, ווייל מיר האבען דארט געפונען טישען, בענק, שפיגעל און א גוט געהייצטען אויווען.

ער האט אונז פארגעשטעלט זיין פאמיליע, וועלכע איז בעשטאנען פון זיין פרוי און זיין טאכטער, א מעדכען פון איאהר צעהן. ער האט נאך א זוהן, וועלכען ער האלט אין א גימנאזיום אין קאָפּענהאגען, דיא הויפשטאדט פון דענעמארק.

אונזער שיפסקאפיטאן האט ניט געוואלט פרעגען דעם גובערנאטאר, ווי א עס קומט, וואס ער האט זיך ענטשלאסען צו וואינען אין אזא ווילדער געגענד, צווישען האלב ווילדע מענשען. מיר זיינען ניט וועגען דעם גע-קומען אין שטאדט. אונזער שיפסקאפיטאן האט געוואלט געוואהר ווערן, אויב עס געפינט זיך ערגעץ ניט ווייט א פרייער וועג ווייטער קיין נאָרדען (צפון זייט).

ער האט עס געפרעגט דעם גובערנאטאר און דער גובערנאטאר האט באלד געשיקט רופען אן עסקימאס, וועלכער האט געוויזען מיט דער האנד, אין וועלכער זייט מיר זאלען פאהרען און וואו מיר וועלען געפינען אפרייען וועג אין אייז.

דער גובערנאטאר איז געווען אזוי פריינדליך, אז ער האט אונז אלע איינגעלאדען צו זיך אויף מיטאג. מען האט אויפגעגעבען אויפ'ן טיש

אייראפּעאישע עסענס און איניגע עכט עסקימאסען שפּייזען, — פערשיע־
דענע סארטען גערייכערטע פיש.

נאכ'ן עסען זיינען מיר געגאנגען בעטראכטען דיא שטאדט ליפלי.
דיא הייזער פון דיא עסקימאסען זינען געבויט האלב אין דער ערד. מען
גראבט אויס א גרוב, שטעלט ארום דיא ווענט ביינער פון וואללפיש און
מען ציעהט זייא איבער, מען בעדעקט זיי, מיט פעל פון וואללפיש און אנדערע
טהיערע. דאן בעדעקט מען דאס הויז מיט אגראבען פּאַך (סלאָי) פון שנעע
און אייז — און דאס הויז איז פערטיג.

דיא עסקימאסען האבען קיינע הויזטהיערע: קיין פערד, קיין אָקס,
קיין ציעג און קיין הוהן קענען ניט לעבען אין יענע שרעקליך קאלטע גע־
גענדען. דאס איינציגע טהיער, וועלכעס האלט אויס דיא שרעקליכע קעלט,
איז דער הונט. דער עסקימאסען הונט האט לאנגע געדיכטע האָר. זיין פעלץ
איז אזוי וואַרם, אז ער קען איבערטראגען דיא קעלט. דער הונט דיענט דעם
עסקימאס אלס פערד און שעפּס צו גלייך.

דער עסקימאס מאכט זיך אלייכטען שליטען פון דיא ביינער פון גרויסע
פיש, שפּאנט איין אין דיעזען שליטען פינף ביז צעהן פאר הינט און פליעהט
מיט זיי איבער דיא פערפראָרענע שנעע פעלדער. ווען דער עסקימאס איז
שטארק הונגעריג און האט שוין גאר ניט וואס צו עסען, טייטעט ער אהונט
און פרעסט איהם אויף. דאס קומט אבער פּאָר זעהר זעלטען. דער הונט
איז ביים עסקימאס אזוי טהייער, וויא בייא אונזערע בויערען דאס פערד.

דיא הייזער פון דיא עסקימאסען זיינען אזוי שמוציג און שטינקען אזוי
פון פישטראָהן און אנדערע זאכען, אז דער אייראפּעער, וועלכער קומט
אריין אין א הויז פון אן עסקימאס, קען דארט ניט אויסהאלטען לענגער פון
פינף — צעהן מינוט.

איך וואלט דא נאך מעהר בעשריעבען דאס לעבען פון דיעזעס
זאנדערבארע פאלק, איך מוז עס אבער אפּלייגען אויף שפּעטער. ווען איך
בין געווען אין ליפלי, האב איך ניט געטרוימט, אז איך וועל נאך אמאל מוזען
פערברייגגען אגאנצעס יאהר אין א דאָרף פון עסקימאסען.

מיר האבען מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן אין ליפלי. אונזער שיפּר־
קאפּיטאן האט געשענקט דעם גובערנאטאר עטליכע פלעשער גוטען ראָם
און מיר זיינען צוריקגעפאהרען צו אונזער שיף.

דער שיפסקאפּיטאן האט באלד געהייסען ארויפציעהן דיא אנקער און
פאהרען אין דער זייט, וואו דער עסקימאס האט אנגעוויעזען אז מיר
וועלען דארט געפינען אפרייען וועג.

מיר זיינען ארומגעפאהרען דיא האלב אינזעל גרענלאנד און זיינען
געקומען אין אנ'אָרט, וואו דער וועג איז מיט א פּאָר טאג פריהער געווען פריי,

יעצט אבער זיינען אנגעקומען פון נאָרדען גרויסע מאַסען אייז און האבען בעדעקט דאס מעער. זיי זיינען אבער געווען לויז, ניט הארט געשוואמען גע־פראָרען. אין ערטער איז דאס אייז געווען אזוי דין, אז עס האט ניט געקענט אויסהאלטען דאס געוויכט פון אמענשען. אין ערטער אבער האבען זיך דיא שטיקער אייז צונויפגעשלאגען און האבען געבילדעט אזאנדערבארען בערג. אין ערטער איז דאס מעער געווען גאנץ ריין.

אונזער שיפסקאפיטאן האט פראבירט זיך דורכשלאגען דורך דיעזעס אייז. דאס איז געווען א רעכט שווערע ארבייט, אבער אלס קלוגער און געשיקטער שיפסקאפיטאן האט ער אזוי געדרעהט און געקירעוועט דאס שיף, אז ער האט עס אריינגעפיהרט אין דער מיט פון'ם אייז.

פלוצלונג האבען מיר דערזעהן עטליכע וואללפיש זיך שפיעלען אין א גרויסען טייך, אן אָרט, וואו דאס וואסער איז געווען פריי פון אייז. וויא וויט מיר האבען געקענט צעהלען, האבען מיר בערעכענט, אז דארט דארפען זיך געפינען 15 ביז 20 שטיק.

אונזער שיפסקאפיטאן האט זיך פערוואלט צו חאפען א פאָר גרויסע וואללפיש, ער האט געהייסען בלייבען שטעהן דאס שיף און אראפלאזען דיא באָאָטע מיט אלע אינסטרומענטען, וועלכע זיינען נעטהיג צו חאפען דיעזע ריעזען פון וועלט מעער.

אזוי וויא עס זיינען נאך אבער געווען אין ערטער אייז און אין ערטער איז דאס מעער געווען פריי, האט ער געהייסען ציעהען שטריק פון איין באָאָט צום אנדערן. וואו דאס אייז איז שטארק, זאלען מיר שלעפען דאס באָאָט אויפ'ן אייז, וואו דאס מעער איז פריי פון אייז, זאלען מיר זיך אריינ־זעצען אין באָאָט און זאלען רודערן. יעדער פון אונז האט געמוזט זיך ארומ־בינדען מיט אשטריק, וועלכער איז געווען צוגעבונדען צום באָאָט. דאס האבען מיר געטאהן אין פאלל דאס אייז וועט זיך איינברעכען אונטער אונז, זאלען מיר קענען זיך אנהאלטען אן שטריק און צו שווימען צום באָאָט.

מיר זיינען אויף דיעזער אַרט צו געקומען ניט וויט פון דיא וואללפיש און דאס ערשטע באָאָט איז עס געלונגען אריינצוווארפען א האַרפונע אין קערפער פון אגרויסען וואללפיש. מיר האבען געזעהן, וויא דער וואללפיש איז ארונטער געשוואומען אונטער'ן אייז, וויא ער האט מיט זיין שטארקען קערפער געבראכען דאס אייז, וויא ער האט ווידער אויפגעהויבען דעם קאפ און האט איינגעאטהעמט דיא לופט.

איך האב שוין גענוג בעשריעבען, וויא מען חאפט א וואללפיש און וויל עס ניט ווידערהאָלען. איך וויל נור דערצעהלען אין קורצען, אז אין דיעזען טאג האבען מיר געחאפט צוויא גאנץ גרויסע וואללפיש און האבען אנגעגאסען דיא גרעסטע העלפט פון אונזערע פעסער מיט פישטראָהן.

מיר זיינען געווען זעהר פרעהליך, אבוואהל ניט איינער פון אונז האט זיך געמוזט אפבאָדען אין דיעזעס אייז קאלטעס וואסער. מיין קאמעראד סטאָקס איז צווייא מאל אריינגעפאלען אין וואסער און האט זיך אונטער־געטונקט. אלע האבען געלאכט, ניט פון איהם, וויל כמעט יעדער פון אונז האט געמוזט מאכען דיעזע פראָבע, מען האט געלאכט, וויל עס איז געווען פרעהליך, וויל יעדער האט געוואוכט, אז ער האט היינט פערדיענט שעהנעם געלד.

מיר האבען געגעסען מיט'ן בעסטען אפעטיט און האבען זיך געלעגט שלאפען. אזוי וויא עס איז קיין נאכט געווען, האבען מיר געמוזט שלאפען אויפ'ן זייגער. דער שיפסקאפיטאן האט איינגעטהיילט דעם טאג אין 24 שטונ־דען. צוועלף שטונדען האבען געהייסען טאג און צוועלף שטונדען האבען געהייסען נאכט. מיר פלעגען שלאפען אין דיא שטונדען, וועלכע האבען געהייסען נאכט.

אין דער צייט וואס מיר זיינען געשלאפען, האט זיך אויפגעהויבען א וואַרעמער ווינט. דער שיפסקאפיטאן האט געהייסען אויפציעהן אלע זעגעל אויפ'ן שיף און פאהרען ווייטער. ביי אזא ווארעמען ווינט איז דאס אייז לייכט צו שמאָלצען געווארען און מיר האבען געקענט זיך דורכשלאגען דורכ'ן אייז.

— ווען מיר וועלען זיך דורכשלאגען דורך דיעזעס אייז, וועלען מיר קומען אין אפרייעס מעער, האט דער שיפסקאפיטאן געזאגט, דארט וועלען מיר טרעפען פיעלע וואללפיש. זיי האלטען זיך דארט אויף, וויל עס איז שווער צו צוקומען אהין, שטערט מען זיי ניט.

זיין פלאן איז געווען אריכטיגער. אמאל האבען זיך דיא וואללפיש געפונען אין אלע ניט גאנץ הייסע מעערע. דער מענש אבער האט אנגעהויבען זיך נאך צו יאָגען נאך זיי און האט זיי פערטריעבען אין דיא גאנץ קאלטע געגענדען. אויסער דעם האט דער מענש גאנץ איינפאך זיי פערניכטעט. עס ווערן ניט געבארען איאהר אזוי פיעל וואללפיש, וויא פיעל מען טייטעט. דיא וואללפיש ווערן אלץ וועניגער און וועניגער. עס בלייבען נור דיא, וועלכע לעבען אין אזעלכע געגענדען, וואו דער מענש מיט זיין האַרפונע קען ניט אזוי לייכט צוקומען.

דער קאפיטאן האט אלזא פאלקאמען רעכט געהאט, ווען ער האט זיך געוואלט דורכשלאגען דורכ'ן אייז און צוקומען צו דער מעלוויל בוכטע, אזוי הייסט א גרויס שטיק מעער צווישען גרענלאנד און א, אינזעל, וועלכע הייסט מעלוויל.

איך בין געשטאנען אויפ'ן דעק און האב געֶרעדט מיט אן אלטען מאטראָז, וועלכער איז שוין ניט איין מאל געווען אין דיעזע געגענדען. דיא

זין האט געשיינט, דער וואַרעמער ווינט האט געוועהט און געטריעבען אונזער שיף אליץ ווייטער און ווייטער קיין נאָרדען.

— מיר וועלען מאכען גוטע געשעפטען, האב איך געזאגט צו מיסטער טאָדד, דער ווייל האט שוין יעדער פון אונז פערדיענט צו צוויא פונט סטערלינג אויסער זיין געהאלט, ווען מיר וועלען קומען אין דער מעלווילס בוכטע און וועלען געפינען פיעלע וואללפיש, וועלען מיר פערדיענען פיעל געלד און אין מאָנאַט אָקטאָבער אדער נאָוועמבער וועלען מיר קומען קיין ענגלאנד מיט אקליינעם קאפיטאל.

איך האב קיין מאל ניט פערגעסען מיין ליעבע, טהייערע העלענאַ. איך האב יעצט אויך געדענקט פון איהר און האב מיר פארגעשטעלט, וויא זיא וועט זיך פרעהען, ווען זיא וועט מיך דערזעהן אנגעטאהן ניט וויא אשמוציגער מאַטראָז, זאנדערן וויא א דשענטעלמען.

דער אלטער טאָדד אבער האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאָפּ.

— ביסט דוא דען זיכער, אז אין אקטאבער אדער נאוועמבער וועלען מיר קומען קיין ענגלאנד? האט ער פלוצלונג א פרעג געטאהן.

— אונזער שיפסקאפיטאן האט אזוי געזאגט, האב איך געענטפערט, איך וויים, אז ער איז אגוטער און פעהיגער שיפסקאפיטאן און ער ווייס געוויס, וואס ער זאגט.

— אויפ'ן אייז מעער קען קיינער ניט וויסען, וואס מארגען וועט מיט איהם פאסירען, האט דער אלטער מאטראז געזאגט טרויעריג.

— וואס רעדט איהר? מיר האבען דאך אזא שעהנעם וועטער און אזא שטארק געבויטעס שיף?

— וואס פאר א ווערטה האט אשטארקעס שיף געגען דיא בערג פון אייז? — פיעלע שיפען זיינען שוין אריינגעפאהרען אין דער מעלוויל בוכטע, אבער זעהר ווענינ זיינען ארויסגעפאהרען פון איהר. — דוא ביסט צום ערשטען מאל אין דיין לעבען אין דיעזע געגענדען, דוא קענסט נאך ניט דיא געפאהרען פון דיעזע געגענדען; דוא ווייסט נאך ניט, וויא לייכט דאס אייז קען צוקוועטשען דאס שטארקסטע שיף.

— אבער אונזער שיפסקאַפיטאַן —

— אונזער שיפסקאַפיטאַן שפיעלט אין קאָרטען, האט דער אלטער מאַן געענטפערט בייז, — ער שטעלט איין דאס שיף און אונזער לעבען אויף א קאָרט. וועט ער געווינען, וועט ער מאכען א פערמעגען פון דיעזער רייזע; וועט ער פערליערן, וועט ער אלעס פערליערן.

איך האב ניט געגלויבט דעם אלטען מאַן. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער פערשטעהט ניט, וואס אונזער שיפסקאַפיטאַן וויל און וואוהין ער פאהרט. איך האב מיך איבערצייגט, אז אונזער שיפסקאפיטאן טהוט אלעס מיט

איבערלעגונג און בערעכנונג, ווען ער פאהרט צו דער מעלוויל בוכטע, ווייס ער געוויס, אז מען קען ארויספאהרען פון איהר. איך האב מיר אויף קיין פאלל ניט געקענט פארשטעלען, אז אונזער שיפסקאפיטאן איז אזוי לייכטזיניג צו ריזיקירען מיט זיין לעבען.

איך האב ניט געוואלט מיך שפארען מיט'ן אלטען מאן און האב אפגעשוויגען.

## 38-טעס קאפיטעל

## נאך אמאל אייזבערג. מיר בינדען צו דאס שיף צו אן אייזבערג.

אגאנצע וואך זיינען מיר ארומגעפאהרען צווישען גרויסע שטיקער אייז. דער שיפסקאפיטאן איז ניט אפגעטרעטען פונ'ם רעדעל. ער פלעגט שלאפען ניט מעהר וויא דרייא-פיער שטונדען אין א מעת לעת, דיא גאנצע איבעריגע צייט פלעגט ער שטעהן ביים רעדעל אדער אויף'ן בריקעל מיט זיין ספעקטיוו אין דער האנד.

דיא גאנצע וואך האבען מיר ניט געפאנגען ניט איין וואללפיש.

— זיי זיינען פערשוואונדען געווארען, ווייל זיי האבען אויך מורא פארן אייז, האט מיר א מאטראז געזאגט. דער ווארעמער ווינט טרייבט דאס אייז פון נארד קיין זיד (פון צפון קיין דרום). וויא גרויס און וויא שטארק דער וואללפיש איז, קען ער דאך ניט ליידען, ווען עס קומט פלוצלונג אן א שטיק אייז און גיט איהם א זעץ אין זייט.

אויפ'ן אכטען טאג זיינען מיר ווידער צוגעקומען צו א פעלד מיט אייז. דער שיפסקאפיטאן איז אראפגעגאנגען אויפ'ן אייז און האט איהם בעטראכט איינעגע צייט, דאן האט ער געזאגט:

— מיר מוזען דורכזועגען א וועג.

איך האב ניט פערשטאנען, וואס ער מיינט, באלד אבער בין איך עס געוואהר געווארען. איך האב אליין געמוזט העלפען דורכזועגען דאס אייז.

אויף יעדעם שיף, וועלכעס פאהרט אויפ'ן אייזמעער געפינען זיך אייז זעגען. אן אייז זעג איז א לאנגע זעג מיט גרויסע, שארפע צעהנער. צו איין עק פון דער זעג איז צוגעבונדען א וואג פון עטליכע הונדערט פונט. מען נעהמט דרייא שטארקע שטאנגען און מען בינדעט זיי צונויף פון אויבען, אונטען קומען זיי אויס ווייט איינער פון אנדערן. צו דיעזע שטאנגען בינדעט מען צו א רעדעלע מיט א גראבען אין דערמיט. אין דיעזען גראבען געהט א שטארקער שטריק, וועלכער איז צוגעבונדען צו דער אייז זעג, ביי דיעזע

שטריק ציעהען עטליכע מענשען. ווען זיי לאזען אפ דעם שטריק, שלעפט דאס געוויכט אראפ דיא זעג און צו זעגט דאס אייז.

אויף אזא ארט זעגט מען אויס אין אייז א וועג פאר א שיף. דיא ארבייט איז קיין לייכטע און א זעהר לאנגווייליגע, מיר זיינען אבער געוועו מיט דיעזער ארבייט זעהר צופריעדען, ווייל מיר האבען זיך געפיהלט אויפ'ן פעסטען אייז. ווען מען פאהרט אוועק עטליכע מאנאטע אויף א שיף, וועלכעס שאקעלט זיך און טרייסעלט זיך, איז מען העכסט צופריעדען, ווען מען קען שטעהן אויף א פעסטען ארט און פיהלען, אז דער באדען אונטער אונזערע פיס שאקעלט זיך נים.

מיר האבען געארבייט פרעהליך און לוסטיג, איינינע האבען געזונגען, אנדערע האבען געטאנצט און קיינער האט נים געפיהלט, וויא שווער דיא ארבייט איז.

ווען מיר זיינען שוין געוועזען באלד פערטיג מיט אונזער ארבייט; ווען מיר האבען אויסגעזעגט אין אייז א קאנאל, וועלכער איז געוועזען גענוג ברייט, אז א גרויסעס שיף האט געקענט דורכגעהן, זיינען אנגעקומען נאך צוויא שיפען. זיי האבען שוין געפונען פאר זיך אן אפענעם קאנאל. זיי האבען זיך בענוצט מיט אונזער ארבייט.

דאס דארף אייגענטליך פערדריסען יעדען מענשען, וועלכער האט אין זיך אן עהרגעפיהל. פאר וואס זאל איך ארבייטען פאר יענעם? אויף דער יבשה, אויפ'ן פעסטען לאנד, וואלט עס געווים קיינער נים געטאהן, אדער ער וואלט געפאדערט, אז דער אנדערער זאל איהם בעצאהלען פאר זיין מיה, אויפ'ן אייזמעער איז עס אבער גאנץ אנדערש.

אויפ'ן אייזמעער זיינען דיא מענשען בעסער און פריינדליכער איינער געגען אנדערן, וויא אויף דעם פעסטען לאנד. אויפ'ן אייזמעער פיהלט זיך דער מענש אין יעדעם פאלל אין דער האנד פון גאט. ער געפינט זיך שטענדיג אין דער גרעסטער געפאר און נויט, אז נור גאט און זיינע ברידער, אנדערע מענשען, קענען איהם העלפען אין דער צייט און איהם רעטען פון דער געפאהר.

אויפ'ן אייזמעער העלפט איינער דעם אנדערן מיט דעם גרעסטען פערגניגען, מיט דער גרעסטער פרייד. יעדער וויל העלפען דעם אנדערן, מיט וואס ער קען. איך קען זאגען פעסט און זיכער, אז א רייזע פון איינינע מאנאטען אויפ'ן אייזמעער מאכט דעם ערגסטען מענשען בעסער, עדעלער און עהרליכער.

ווען דיא רעגירונגען זאלען מיך פרעגען, וואלט איך געהייסען שיקען דיא פערברעכער נים אין געפענגניסע, נים אין אסטראגען, נים אין צוכטהויז און נים אין ארבייטסהויז, זאנדערן אויפ'ן אייזמעער. יעדער פערברעכער,

חעלבער וואלט פערבראכט אפאר יאהר אויפ'ן אייזמעער, וואלט צוריקגעקומען אלס גוטער מענש. דאס אייזמעער וואלט איהם אויסגעלערנט צו שעצען א מענשען און מורא צו האבען פאר גאט.

דיא מאטראזען פון דיא צווייא שיפען, וועלכע זיינען צוגעקומען האבען אונז געהאלפען דורכזועגען דאס אייז, וואס איז נאך געבליעבען.

מיר זיינען ענדליך ארייגעפאהרען אין א גאנץ שטילעס וואסער. איך האב בעטראכט דאס מעער מיט שטוינען און פערוואונדערונג. עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז מיר געפינען זיך ניט אין וועלט מעער זאנדערן אין א זעע (אזיערא). וואו דאס וואסער איז שטיל און רוהיג, וויא אין א בעקען.

— יעצט זיינען מיר שוין זיכער, אז מיר וועלען אנקומען אין מעלוויל'ס בוכטע! האב איך איין מאל אויסגערופען, יעצט האבען מיר שוין מעהר קיין אייז פאר זיך.

— פון וואנען ווייסט דוא עס, יונגערמאן? האט מיך דער אלטער טאָרד געפרעגט, פון וואנען ביסט דוא אזוי זיכער, אז מיר וועלען שוין מעהר קיין אייז ניט אנטרעפען.

— איך זעה דאך, האב איך געענטפערט שטאלץ.

— דוא זעהסט גאר ניט, מיין יונגע, האט דער אלטער מאן געזאגט ערנסט, ווען דוא זאלסט עפעס זעהן, וואלסט דוא דאך געוואוסט, אז מיר געפינען זיך יעצט צווישען צווייא ווענט פון אייז.

— וואס רעדט איהר? וואו זעהט איהר אייז?

— יונגערמאן, דוא דארפסט נאך פיעל לערנען, פיעל רייזען און פיעל ארבייטען, אידער דוא וועסט ווערן אגוטער מאַטראָז, האט דער אלטער טאָרד געזאגט ערנסט און טרויעריג. — ווייסט דוא, פאר וואס דאס מעער איז אזוי שטיל? פערשטעהסט דוא, פאר וואס דאס מעער איז אזוי רוהיג? קענסט דוא מיר ערקלערן, פאר וואס אונזער שיף געהט אזוי לאנגזאם?

איך האב געשוויעגען. איך האב ווירקליך ניט געוואוסט, פאר וואס דאס מעער ארום אונז איז אזוי שטיל און רוהיג. איך האב געזעהן, אז אונזער שיף געהט זעהר לאנגזאם, זיא קריעכט, איך האב אבער מיר ניט געקענט ערקלערן, פאר וואס זיא געהט אזוי לאנגזאם.

— ווייסט דוא, פאר וואס מיר פאהרען אזוי לאנגזאם? האט דער אלטער מאן געפרעגט נאך אמאל.

— איך ווייס ניט, האב איך געענטפערט.

— נון, וועל איך דיר ערקלערן, מיר געפינען זיך יעצט צווישען צווייא גרויסע אייזפעלדער, איין אייזפעלד געפינט זיך הינטער אונז. מיר האבען דורכגעזעגט א וועג דורך איהם. דאס צווייטע אייזפעלד געפינט זיך פאר אונז. עס מאכט ניט אויס, וויא וויט עס איז נאך פון אונז, עס געפינט

זיך אבער. דאס וואסער פונ'ם וועלטמעער איז איינגעשלאסען צווישען צוויא אײזעלדער, דער פאר איז עס אזוי שטיל און רוהיג. דאס וואסער אין א טייך רוישט, קאָכט און לויפט. נעהם א ביסעל פון דיעזעם וואסער אין א שיעסעל און עס וועט בלייבען רוהיג, ווייל עס איז איינגעשלאסען פון אלע זייטען מיט דיא ווענט פון דער שיעסעל. אונזער שיף געפינט זיך יעצט אין א גרויסער שיעסעל מיט וואסער. פון צוויא זייטען געפינט זיך דאס אייז; הינטער אונז און פאר אונז. פון דיא צוויא אנדערע זייטען געפינט זיך פעסטעס לאַנד. דער פאר איז דאס מעער אזוי שטיל, אזוי רוהיג און אזוי גלאַט.

איך האב פערביסען מיט דיא ליפען פאר שאנדע. איך האב איינגעזעהן, אז איך וויים נאך גאר ניט און פערשטעה נאך גאר ניט פון א רייזע אויפ'ן אייזמעער. איך האב מיך שפעטער איבערצייגט, אז דער אלטער טאָדד האט געוואוסט, וואס ער האט געזאגט.

מיר זיינען געפאהרען א גאנצען טאג, דאס הייסט פיער און צוואנציג שטונדען אין דיעזעם שטילע וואסער. אזוי וויא עס איז קיין ווינד געווען און אונזער שיף איז אפט געבליעבען שטעהן, האט דער שיפסקאַפּיטאן געהייסען אראפלאזען דיא באָאָטע, מאַטראָזען זאלען זיך אריינזעצען אין זיי און זאלען שלעפען דאס שיף מיט שטריק.

דאס איז געווען אשווערע, לאנגווייליגע און העכסט אונאנגענעהמע ארבייט. זעגען דאס אייז איז מיר געווען פיעל ליעבער, וויא זיצען אין א באָאָט און שלעפען דאס שיף.

דעם אנדערן טאג איז אנגעקומען א ווארעמער ווינד פון זידען (דרום זייט). מיר האבען זיך דערפרעהט, ווייל מיר האבען ניט געדארפט מעהר שלעפען דאס שיף: דער ווינד האט זיא געטריעבען. דער שיפסקאַפּיטאן האט געהייסען אויפציעהען אלע זעגעל און מיר האבען באלד אויסגעפאלגט זיינע בעפעהלע.

איך האב אבער געזעהן, אז דער שיפסקאַפּיטאן אליין איז ארויפגעקראָכען אויפ'ן העכסטען זעגעלבוים און האט זיך אריינגעזעצט אין דעם „נעסט".

אויף אלע שיפען, וועלכע פאהרען אויפ'ן אייזמעער, געפינט זיך אויפ'ן העכסטען זעגעלבוים א פלאַכעס דעכעל, אויף וועלכען עס שטעהט א גרוים פאַס אהן א באָדען (דנאָ). דיעזעם פאַס רופען דיא מאַטראָזען „דער נעסט" ווייל עס ווייזט אוים, וויא דער נעסט פון א פויגעל.

אין דיעזען נעסט זיצט שטענדיג א מאַטראָז און קוקט אויפ'ן מעער. דאס פאַס שיצט איהם אביסעל געגען דיא שרעקליכע אייז קאלטע ווינטען אויפ'ן דעכעלע אליין, אהן א פאַס, וואלט קיין מענש ניט געקענט אויסהאלטען קיין צעהן מינוט. ער וואלט פערפראָרען געווארען. אין פאַס אבער

לעגט מען אן היי, אדער פעל פון טהיערע און דער מאַטראַז קען זיצען רוהיג און ווארם און פון צייט צו צייט זיך אויפהייבען און א קוק טאהן אויפ'ן מעער.

ביז אהער פלעגט זיצען אין „נעסט" אַן אלטער מאַטראַז. אונז, יונגע לייט, פלעגט מען ניט ארויפשיקען, ווייל מען קען זיך אויף אונז ניט פערלאזען. מיר זיינען נאך ניט געוואוינט צום אַיזמעער און קענען ניט פערשטעהן אלעס, וואס מיר וועלען זעהן.

אויף אונזער שיף האבען זיך געפונען געננג אלטע און פעהיגע מאטראָזען, וועלכע פלעגען האלטען דיא וואַך אין „נעסט". מען קען זיך יעצט ערקלערן, וויא איבערראשט איך בין געווען, ווען איך האב געזעהן, אז דער שיפסקאַפּיטאן אליין איז ארויפגעקראכען אויפ'ן העכסטען זעגעלבוים און האט זיך אריינגעזעצט אין „נעסט".

— דא מוז עפעס זיין ניט גלאַט, האב איך געזאגט צו מיר אליין. ווען דער קאַפּיטאן האלט עס פאר נעטהיג אליין זיך צו שטעלען אין „נעסט", מוז ערגעץ זיין א גרויסע געפאהר. — וואו איז אבער דיעזע געפאהר?

איך בין געשטאנען, וויא א צומישטער און האב אויף קיין פאלל ניט געקענט פערשטעהן, וואס דא קומט פאָר. איך האב אבער ניט לאנג געדארפט ווארטען. אין א פיערטעל שטונדע ארום האט דער שיפסקאַפּיטאן קאָמאַנדירט פון זיין „נעסט":

— איינציעהען דיא זעגעל! שנעלל!

מיר זיינען געלאפען אויסצופאלגען זיין בעפעהל. איך בין ארויפגעקלעטערט אויף א זעגעלבוים אום איינצוציעהען דעם אייבערשטען זעגעל. אזוי וויא איך האב געארבייט אויבען, האב איך צופעליגערווייזע א קוק געטאהן אויף דאס מעער און האב דערזעהן, אז עס קומען אַן אונז ענטגעגען א גאנצע אַרמעע פון אַייזבערג. דאס ווארעמע וועטער האט צו שמאָלצען דאס אַייז, וועלכעס האט זיך געפונען פאר אונז, און גרויסע, שרעקליכע אַייזבערג זיינען יעצט געשוואומען גלייך אויף אונז.

איך האב יעצט פערשטאנען, אין וואס פאר א געפאהר מיר געפינען זיך. וואס זעהט זיך אן אונזער שיף געגען יענע ריעזען? ווען צוויא אַייזבערג וועלען זיך צונויפקומען, וועלען זיי צוקוועטשען אונזער שיף, וויא אַ נוס קנאַקער צוקוועטשט א נוס.

דער שיפסקאַפּיטאן איז אויך באלד אראפגעלאפען פון זיין „נעסט" און האט זיך געשטעלט אויפ'ן בריקעל. יעצט האט ער אליין געמוזט קאָמאַנדירען.

דיא שטיקער אַייז זיינען צוגעקומען נעהנטער צו אונז. צוערשט זיינען אָנגעקומען גלאַט גרויסע שטיקער אַייז. יעדעס שטיק איז געווען גרויס וויא א הויז. זיי האבען געטאנצט, געשפרונגען איינער איבערן אנדערן, זיך

אנגעשלאגען, זיך צושלאגען, זיך צונויפגעשלאגען, נאכגעלאפען איינער דעם אנדערן, וויא ווילדע, אויסגעלאסענע קינדער.

פאר זיי האבען מיר נאך קיין מורא געהאט. געגען זיי האבען מיר נאך געקענט בעשטעהן. אונזער שיף איז געווען שטארק גענוג אויסצוהאלטען דעם שטויס פון אזעלכע שטיקלעך אייז. נאך דיעזע „יונגע שקצים" האבען זיך אבער אנגעהויבען צו ווייזען ריעזען, שטיקער אייז פון עטליכע מייל דיא לענג און דיא ברייט. זיי זיינען געקומען לאנגזאם און אנשטענדיג; זיי זיינען שוין ניט געלאפען, ניט געשפרונגען און ניט געטאנצט. זיי זיינען געשוואומען רוהיג און זעהר לאנגזאם. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז דאס אייזמעער שיקט געגען אונז צו זיינע שווערע ארטילעריע. מיט א שווערער קאנאנע קען מען ניט לויפען. מיט איהר מוז מען פאהרען פאמעלעך, ווייל זיא איז זעהר שווער.

— גרייט אן דיא אייז זעגען! האט קאמאנדירט דער שיפסקאפיטאן, מאכט פערטיג דיא באטע! נעהמט מיט דיא אייז הוקען!

ער האט ארויסגעזאגט דיעזע ווערטער האסטיג, אונרוהיג, זאגאר דער-שראקען. מען האט באלד אויסגעפיהרט זיינע בעפעהלע. אגרויסער שווערער אייזבערג פון עטליכע מייל דיא ברייט און דיא לענג, איז אונז ענטגעגען געקומען.

— פאהרט צו צום אייזבערג און זעגט אויס אין איהם אדאק (פריסטאן)! האט אונזער שיפסקאפיטאן קאמאנדירט.

מיר האבען אנגעהויבען אראפצולאזען דיא באטע.

— שנעלער, ווען דאס לעבען איז אייך ליעב! האט דער שיפסקאפיטאן געשריען. — האקט אויס אין אייזבערג א טיעפען איינשניט, וואו אונזער שיף זאל קענען אריינגעהן! — שנעל! פערליערט קיין צייט!

מיר האבען געארבייט מיט אלע אונזערע קרעפטע, ביז דער שוויס האט איך געגאסען פון אונז טייכען וויים. מיר זיינען צוגעקומען צום אייזבערג און האבען אויף איהם ארויפגעווארפען דיא אייז הוקען.

דער אייז הוק איז אגרוים שטיק אייזען, אויסגעבויגען האלב קיילעכדיג מיט א שארפען שפיץ אם ענדע. ער איז זעהר שווער, און ווען מען גיט איהם אווארף מיט אגרויסער קראפט, שטעכט ער זיך אריין אין אייז.

מיר האבען אריינגעשטעקט אין אייז עטליכע אייז הוקען און האבען צו זיי צוגעבונדען אונזערע באטע. דאן האבען מיר אנגעהויבען צו האקען דאס אייז מיט גרויסע העק און צו זעגען עס מיט אייז זעגען.

איך האב אנפאנגס ניט פערשטאנען, וואס דער שיפסקאפיטאן האט געמיינט מיט זיין בעפעהל, אז מיר זאלען אויסהאקען אדאק אין אייז. איך האב געטאהן, וואס מען האט מיר געהייסען. דער ערשטער אפיציער איז געווען מיט אונז, און ער האט קאמאנדירט דיא ארבייט.

צו ביסלעכווייס האב איך אנגעהויבען צו פערשטעהן, וואס איך האב געטאהן. מיר האבען אויסגעשניטען פון דעם אַייזבערג אַ זא גרויס שטיק, אז אונזער שיף האט געקענט אריינגעהן און זיך בעהאלטען אין אַייזבערג, וויא עס בעהאלט זיך א שיף אין א זיכערן פאָרט פון אשטורם, וועלכער דארף אנקומען. דער אַייזבערג אליין האט אונז געשיצט און פערדעקט געגען זיינע קאַמעראדען. ער האט אונז פערשטעלט פון אלע זייטען מיט זיינע גראָבע ווענט.

דער פּלאַן פון אונזער שיפסקאַפּיטאַן איז געוועזן אריכטיגער, ער איז אבער ניט געוועזן אזוי לייכט אויס צו פיהרען. מיר האבען געארבייט, וויא דיא אייזלען איינינע שטונדען, איידער מיר האבען אויסגעהאקט און אויסגעזעגט אזא גרויסען פּלאַץ, אז אונזער שיף האט געקענט אריינגעהן און זיך בעהאלטען.

אין דער צייט וואס מיר האבען געארבייט, האט דער שיפסקאַפּיטאַן געדרעהט און געקירעוועט זיין שיף. ער האט זיא געשטעלט פאַרן אַייזבערג, אז דער אַייזבערג זאל זיא שיצען געגען דיא אנדערע אַייזבערג.

איך האב קיין צייט געהאט זיך צו צוקוקען, וויא דער שיפסקאַפּיטאַן דרעהט זיין שיף, איך האב אבער שפּעטער פערשטאנען, אז נור אגוטער און פעהיגער שיפסקאַפּיטאַן קען זיך אזוי קינסטליך אויסדרעהן פון דיא שרעקליכע מאסען אייז, וועלכע זיינען מיט יעדער מינוט אנגעקומען פון דער מעלווילל בוכטע.

ענדליך איז אונזער ארבייט געלונגען. מיר האבען אריינגעשלעפּט דאס שיף אין דעם דאָק, אדער אין דער בוכטע, וועלכע מיר האבען אליין געמאכט פאר איהר. דער מיט אבער האט זיך אונזער ארבייט נאך ניט געענדיגט. מיר האבען נאך געמוזט פערזאָרגען אונזער שיף פון פאָרנט, פון דער זייט, וואו זיא איז ניט געוועזן געשיצט.

דער אַייזבערג שטעהט ניט אויף איין אָרט. ער שווימט און דרעהט זיך. אונזער שיפסקאַפּיטאַן האט גאנץ ריכטיג פאָראויס געזעהן, אז עס קען זיין, אז דער אַייזבערג זאל זיך אויסדרעהן, און אונזער שיף זאל אויסקומען אין נאָרדען (דרום זייט), פון וואנען דיא אַייזבערג קומען. עס קען דאן אנקומען אן אַייזבערג און זיך אָנשלאגען אן אונזער שיף.

מיר האבען דאן געזוכט ארומצולעגען גרויסע שטיקער אַייז ארום דיא אָפענע זייט פון אונזער שיף. דאס האט אויך פערנומען ביי אונז פיעל צייט.

מיר זיינען געוועזן אזוי בעשעפטיגט מיט אונזער ארבייט, אז מיר האבען ניט געקענט זעהן, וואס דיא אנדערע שיפען האבען געטאהן. אין א געפאַהר דענקט יעדער פריהער אָן זיך, און דערנאך אן אנדערע, ערשט ווען אונזער ארבייט איז פערטיג געווארען, האבען מיר אנגעהויבען זיך אומצוקוקען, וואס אונזערע קאַמעראדען אויף יענע שיפען טהוען.



## 39-טעם קאפיטעל

## מיר רעטען דיא מאַטראָזען פון אַנאַנדער שיף.

אין דער גאנצער צייט וואס מיר האבען געאַרבייט אום צו בעוואָרענען אונזער שיף, האבען מיר געהערט א שרעקליכען גערויש. עס האט געקנאַקט, געקראַכט און געשאָסען, וויא אויף א שלאַכטפעלד, וואו עס פלאַצען טויזענדער באָמבעס און גראַנאַטען.

ביי מיר איז עס געוועזען אנייעס. איך האב נאך קיינמאל ניט געהערט אזא קנאַקען, רוישען, שיעסען און קראַכען. איך האב אבער געוואוסט וואס דאס איז. איך האב פערשטאנען, אז ערגעץ וויט פון אונז איז דאס מעער אונרוהיג, און דיא אַייזבערג שלאגען זיך צונויף, ברעכען זיך, פלאַצען און ווערי צוזעצט אויף טויזענדע שטיקער.

— גאט זייא דאנק! מיר זיינען זיכער! האבען אויסגערופען עטליכע מאַטראָזען.

איך בין אויך געוועזען פעסט איבערצייגט, אז אונזער שיף געפינט זיך אין א זיכערן פאָרט, וואו מיר זיינען געשיצט. פון דעסטוועגען האב איך א פרעג געטאהן דעם אלטען שאָדד:

— וואס דענקט איהר? זיינען מיר זיכער אין אונזער פאָרט?

— דאס וויים גאט אליין, האט דער אלטער מאַן געענטפערט רוהיג.

איך האב באלד איינגעזעהן, אז ער האט רעכט געהאט. עס איז באלד אָנגעקומען אגאנצע אַרמעע פון שטיקער אַייז, וועלכע זיינען געלאָפען מיט אזא מאכט, אז זיי האבען אויסגעדרעהט אונזער אַייזבערג אין אַן אנדער זייט.

ווער עס האט אַמאל געזעהן אשרעקליכע ערדציטערניש, ווען אלעס פאַלט, אלעס ברעכט זיך, אלעס טאַנצט און שפרינגט אין דער לופטען, דער קען האבען א בעגריף, וואס עס איז פאָרגעקומען ארום אונזער שיף. גרויסע שטיקער אַייז פון עטליכע הונדערט פונט זיינען ארויפגעשפרונגען אויף אונזער דעק, גלייך וויא זיי וואָלטען געוועזען פרעהליכע פייגעל.

אונזער שיף האט געציטערט, געקנאַקט און געקרעכצט אין איהר זיכערן פאָרט. מיר האבען ניט געקענט שטעהן אויפ'ן דעק. מיר האבען געמוזט ארויפקריעכען אויף דיא זעגעלביימער, אדער זיך בעהאלטען אין דיא קאַיוטען אום זיך צו שיצען געגען דיא שטיקער אַייז, וועלכע זיינען געפלויגען פון אלע זייטען.

ענדליך האט זיך דיא ווילדע אַרמעע אביסעל בערוהיגט. דאס רוישען, קנאַקען, דונערן און שיעסען האט אביסעל אויפגעהערט. מיר האבען זיך גע-קענט אומקוקען, וואו מיר זיינען ערגעץ אין דער וועלט. איך און נאך עטליכע יונגע לייט זיינען ארויפגעקראכען אויפ'ן אַייזבערג, וועלכער איז געווען פיעל

העכער פון אונזער שיף, און מיר האבען געקוקט אויף דער געגענד ארום.

מיר האבען זיא ניט דערקענט. פריהער זיינען מיר געפאהרען אין אשטילעס, רוהיגעס וואסער, יעצט איז דאס וואסער פערשוואונדען געווארען וויא דורך אצויבער. און דאס גאנצע מעער, וויא וויים דאס אויג האט געקענט גרייכען, איז געווען בעדעקט מיט בערג, בערגלעך און טאָהלען פון אייז. אין ערטער זיינען דיא שטיקער אייז געווען אזוי צובראכען און אזוי צו וואָרפען, אז זיי האבען אויסגעוויעזען, וויא דיא רואינען (חורבות) פון אצערשטערטער שטאָדט.

צובראָכענע ווענט, איינגעפאַלענע טהורעמס, צו וואָרפענע שטיינער זיינען געליגען צוזעמט און צושפרייט איבער דער גאנצער געגענד; דאס זיינען אבער געווען קיינע ווענד, קיינע טהורעמס און קיינע שטיינער, זאָנדערן אייז און אייז.

דער וואַרעמער ווינט האט אויפגעבראכען אגאנצע בוכטע מיט אייז און האט זיא געבראכט אהער. אין ערטער זיינען דיא שטיקער אייז געווען אָנגעפאַקט אזוי געדיכט, אז זיי זיינען אָנגפאלען איינער איבערן אנדערן און האבען געבילדעט אגאנץ הויכען און ווילדען הויפען פון אייז. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז ריעזען זיינען פון ערגעץ אָנגעקומען, און יעדער פון זיי האט ארויפגעוואַרפען אגרויס שטיק אייז אויף איין אָרט, ביז עס איז פון זיי געווארען אהויכער הויפען אייז.

יעצט האבען מיר צייט געהאט זיך אומצוקוקען אויף דיא איבעריגע צוויא שיפען. מיר האבען געזעהן, אז איין שיף האט אונז נאכגעטאהן און האט זיך אויך איינגעגראבען אין אַן אייזבערג, דאס אנדערע שיף אבער האט ניט געהאט קיין צייט אדער קיין מעגליכקייט זיך צו בעוואָרענען און צו שיצען. זיא איז געשטאנען לעבען אגרויסען הויפען אייז, זיא איז אבער געווען אָנגעבויגען שטארק אויף א זייט.

— זיא איז אין אָנגעפאהר! האט אויסגערופען איינער פון אונז.

— מיר מוזען העלפען דיא אונגליקליכע! האט געזאגט אצווייטער.

— לאמיר עס דערצעהלען אונזער שיפסקאַפּיטאן, האט געזאגט אדריטער.

— אונזער שיפסקאַפּיטאן וועט ניט דערלאזען, אז מענשען זאלען אומקומען, ווען מיר קענען זיי העלפען, האט זיך אָפּגערופען אפיערטער.

מיר זיינען אראפּ פון'ם אייזבערג און האבען דערצעהלט דעם שיפסקאַפּיטאן, וואס מיר האבען געזעהן. דער שיפסקאַפּיטאן, דער ערשטער אָפיציער און דער אלטער מאָדר זיינען ארויפגעקראכען אויפ'ן אייזבערג, און האבען בעטראכט דאס אונגליקליכע שיף. ווען זיי זיינען אראפּגעקומען, האט דער אלטער טאָדד געזאגט:

— דאס שיף געפינט זיך אין דער גרעסטער נויט. עס איז זעהר מעגליך,

אז פיעלע פון איהרע מאטראָזען זיינן שוין דערטרונקען געוואָרען. ווען איהר ווילט מיר ערלויבען, וועל איך מיט מיר נעהמען עטליכע מענשען און וועל צו געהן זעהן, וואס מיר קענען טאהן פאר איהר.

— זאג ניט ערלויבען, האט אונזער שיפסקאַפּיטאַן אויסגערופען, איך בעט דיך דוא זאלסט געהן העלפען יענע מענשען. נעהם וויפיעל מענשען דוא ווילסט, נעהמט מיט שטריק, הוקען, און אלע נעטהיגע זאכען און געה צו יענעם שיף.

דער אלטער טאָדד האט באלד אויסגערופען:

— ווער וויל געהן מיט מיר צו יענעם שיף?

אלע האבען געוואלט געהן רעטען דיא אונגליקליכע. טאָאָד אבער האט אויסגעקליעבען נור צעהן שטארקע מענשען, און האט אראפגעלאזען דאס גרעסטע באָאָט וואס איז געווען אויפ'ן שיף. דאס אַייז ארום איז צוואר געווען אזוי פעסט, אז מען האט קיין באָאָט ניט געדארפט, מיר האבען געקענט צוגעהן צום שיף אויפ'ן אַייז, טאָדד האט אבער מורא געהאט, פיעלייכט וועלען מיר אַנטרעפען אויפ'ן וועג אַן אָרט וואו עס איז דא וואסער, און מיר וועלען מוזען בענוצען דאס באָאָט.

מיר האבען דערוויל געמוזט שלעפען דאס באָאָט אויפ'ן אַייז. מיר זיינען צוגעקומען אויף איינינע הונדערט שריט וויט פון'ם שיף, און האבען געמוזט אריבער קריכען א וואַנד פון אַייז. ווען מיר זיינען ארויפגעקלעטערט אויפ'ן העכסטען פונקט פון דער וואנד, האבען מיר דערהערט אשרעקליכען קראַך. עס האט אונז אויסגעוויעזען, אז אגרויס הויז איז מיט אמאל צובראָכען געווארען אויף שטיקלעך.

דער מיטעלסטער זעגעלבוים פון דעם פרעמדען שיף איז אראפ געפאלען, נאך איהם זיינען צובראָכען געווארען און אראפגעפאלען דיא אנדערע צוויא זעגעלביימער. מיר האבען געהערט, וויא דאס אונגליקליכע שיף ווערט צו קוועטשט, צובראָכען און צושטיקעלט פון'ם אַייז.

— אך! דיא אונגליקליכע מאַטראָזען! האט אויסגערופען איינער פון אונז.

דאס אַייז האט זיך צוזאמען געדריקט אזוי שטארק, אז עס האט צובראָכען דאס אונגליקליכע שיף, און זיא צוריסען אויף צווייען. איינינע מינוטען זיינען מיר געשטאנען פערגליבטע, צומישט און בעטויבט. קיינער פון אונז האט ניט געקענט ארויסזאגען א ווארט. קיינער האט זיך ניט געקענט ריהרען פון'ם אָרט. דער גערויש, דאס קנאַקען, דאס ברעכען פון דיא ברעטער און קלעצער פון'ם שיף איז געווען אזוי שרעקליך, אז מיר האבען געגלויבט, אז דאס גאנצע אַייז האט זיך גערירט פון אָרט.

ענדליך איז אלעס שטיל געווארען. מיר זיינען געקומען צו זיך.

— וואו זיינען דיא מענשען? וואו זיינען דיא מאַטראָזען פון'ן שיף?

מיר האבען אנגעהויבען זיך אומצוקוקען און צו זוכען דיא מאַטראזען פון'ם ענגליקליכען שיף. מיר האבען זיי אין ערגעץ ניט געזעהן.

— זיי זיינען אלע אומגעקומען, האט געזאגט איינער פון אונז, — מיר האבען שוין ניט וועמען צו העלפען, לאמיר געהן צוריק צו אונזער שיף.

— לאמיר פרובירען זיי רופען, האט געזאגט אַן אנדערער.

מיר האבען אנגעהייבען צו שרייען און דערהויך:

— וואו זייט איהר, מענער? לעבט איהר נאך?

עס זיינען פערגאנגען איניגע מינוט און קיינער האט ניט געענטפערט. מיר האבען שוין געוואלט געהן צוריק צו אונזער שיף, ווען מיר האבען דער־הערט א שוואכע שטימע פרעגען:

— ווער זייט איהר?

— מיר זיינען געקומען אייך צו הילף, האבען מיר געענטפערט.

— קומט אהער און רעטעט אונז, האט דיזעלבע שוואכע שטימע געבעטען.

מיר זיינען געגאנגען נאך דער שטימע און זיינען צוגעקומען צו אהויפען אייז, אונטער וועלכען עס זיינען געליגען עטליכע געשטאלטען. מיר האבען אנגעהויבען אוועקצושאַרען און אוועק צושלעפען דאס אייז, און האבען ארויס געשלעפט צוועלף מענשען. איניגע פון זיי זיינען געווען פערוואונדעט, צו־שלאגען און פערבלוטיגט; אנדערע זיינען געווען אזוי צו מישט און אזוי דער־שראקען, אז זיי האבען ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט זיי.

מיר האבען זיי אריינגעזעצט אין באָאָט, האבען זיי צו געדעקט מיט שטיקער זעגעל טוך, און האבען זיי געבראכט אויף אונזער שיף. אונזער דאקטאר האט בעטראכט זייערע וואונדען, האט זיי פערבונדען און האט געהייסען געבען יעדען פון זיי א גלאז הייסען פאָנש. דאס האט זיי דערוואַרימט און בערוהיגט. אונזער דאקטאר האט זעהר גוט געוואוסט, אז דיא בעסטע מעדיצין פאר א מאַטראז איז א גלאז פאָנש.

ווען זיי זיינען אין גאנצען געקומען צו זיך, האבען זיי דערצעהלט זייער געשיכטע. זייער שיפסקאַפּיטאן האט צו שפעט דערזעהן דיא געפאהר, אין וועלכע זיי געפינען זיך. ער האט געוואלט צופיהרען דאס שיף צו אַן אייזבערג און עס פעראַנקערן, עס איז אבער געווען צו שפעט. צוויא גרויסע שטיקער אייז זיינען אנגעקומען מיט אשרעקליכער קראפט, און האבען אוועק געשלעפט זיין שיף ווייט פון אייזבערג. דאס אייז איז דאן אנגעלאפען מיט אזא קראפט, אז איידער זיי האבען זיך אומגעקוקט, איז זייער שיף געווען ארומגערינגעלט פון אייז פון אלע זייטען.

זיי האבען גערעכנט, אז זיי זיינען שוין זיכער, ווייל ארום זייער שיף געפינען זיך גרויסע שטיקער אייז, באלד אבער האט עס אנגעהויבען צו שאָקלען

און צו ווארפען דאס שיף אין דער הויך. עס איז אָנגעקומען אַייז אונטערז וואסער, און האט אונטערגעהויבען דאס שיף. אזוי וויא עס איז אבער גע-זעסען פעסט צווישען גרויסע שטיקער אַייז, איז עס צוקוועטשט געווארען און צו בראכען געווארען אויף שטיקלעך.

זיי האבען געזעהען דיא געפאַהר און האבען געוואלט אנטלויפען, אבער נור איינינע פון זיי, — דיא צוועלף, וועלכע מיר האבען גערעטעט, — איז עס געלונגען אראפצושפרינגען פון שיף, דיא איבעריגע זיינען אומגעקומען מיט'ן שיף.

מיר זיינען נאך אמאל געגאנגען צו דעם אָרט, וואו דאס אונגליקליכע שיף איז צובראכען געווארען אויף אַזא שרעקליכער אַרט, און מיר האבען אויס-געזוכט פיעלע זאכען, וועלכע קענען אונז נאך נוצען, בעזאָנדערס אבער פראָוויאַנט. מיר האבען יעצט געהאט אויף אונזער שיף נאך צוועלף מענשען, וועלכע מען דארף גיבען עסען. מען מוז אלזא האבען, וואס זיי צו גיבען עסען.

מיר זיינען געווען זיכער אין אונזער געשיצטען פאָרט, מיר זיינען געווען צופריעדען, וואס מיר האבען געטאהן אגוטע זאך: מיר האבען גערעטעט צוועלף מענשען דאס לעבען. יעדער פון אונז אבער האט געפיהלט, אז אונזער גע-פעהרליכע רייזע האט זיך ערשט אָנגעהויבען. איך האב אָנגעהויבען צו פער-שטעהן, אז דער אלטער טאָדד האט פאָלקאמען רעכט געהאט, ווען ער האט געזאגט, אז מיר דארפען זיין בערייט איבער צו ווינטערן אין דיעזע געגענדען.

איך האב יעצט געזוכט דעם אלטען מאן. איך האב געוואלט רעדען מיט איהם, איך האב געוואלט איהם אויספרעגען, אויב עס טרעפען זיך אָפט אזעלכע אונגליקען אויפ'ן אַייז מעער.

## 40-טעס קאפיטעל

## טאָדד האט זיך צורעדט.

מיר האבען היינט ניט געהאט וואס צו טאהן. מיר האבען ניט געדארפט שטעהן אויף דער וואַך, ווייל מיר האבען געהאט אגוטע וואַך ארום אונז — דאס אַייז. דער שיפסקאַפיטאן האט געהייסען, אז נור איין מאן זאל זיך שטעלען אין „נעסט" און זאל האלטען דיא וואַך, דיא איבעריגע האבען ניט געהאט וואס צו טאהן. יעדער האט זיך בעשעפטיגט, מיט וואס ער האט געוואלט.

איך האב געפונען דעם אלטען טאָדד זיצענדיג אין א ווינקעלע און רויכענדיג זיין קורצע לעהמענע ליולקע.

— נון, וואס זאגט איהר יעצט, טאָדד? האב איך געפרעגט. מיר

זיינען זיכער, און װעלען באלד אריינפאָהרען אין אשטילעס רוהיגעס װאסער װאו מיר װעלען געפינען געגוג װאַללפיש.

— װייסט דוא, װען א מאטראָז איז זיכער מיט זיין לעבען?

— װען ער איז אין קיין געפאַהר, האב איך געענטפערט.

— ניין, װען ער שלאפט ביי זיך אין דערהיים, האט דער אלטער טאָרד געענטפערט קורץ און שארף.

— טרעפען זיך דען אזוי אָפט אונגליקען אויפ'ן מעער?

— אויף אלע װאסערן זעהר אָפט, אויפ'ן אַייזמעער בעשטענדיג, האט געזאגט דער אלטער מאַטראז.

איך האב אשמייכעל געטאהן, דער אלטער מאן האט מיך פערשטאנען. ער האט פערשטאנען, אז איך גלויב איהם ניט. דאס האט איהם פערדראָסען. ער האט געשאָקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ, און האט געזאגט:

— דוא גלויבסט מיר ניט, װייל דוא ביסט נאך יונג און קענסט נאך ניט דאס מעער. דוא װייסט נאך ניט, װאס פאר א פאלשע, בעטריעגערישע זאך דאס װאסער איז. װען פון דיעזען פאלשען װאסער װערט נאך אַייז, איז עס שוין גאר געפעהרליך. מיט עטליכע יאהר צוריק בין איך געװען אויף אװאַללפיש פאנגער אין דיעזע געגענדען. אונזער רייזע האט זיך אנגעהויבען זעהר גליקליך. אלע פישער, װעלכע מיר האבען געהאט אויפ'ן דעק, זיינען שוין געװען פול מיט פישטראָהן, און מיר האבען געהאפט צו פערדינען אויף דיעזער רייזע אזוי פיעל געלד, אז מיר זאלען קענען אגאנץ יאהר זיך אפרוהען אין דער היים. איינינע פון אונז, יונגע לייט, האבען זאגאר גערעכנט צו קויפען זיך אשטיקעל לאנד, צו הייראטהען און מעהר ניט צו פאהרען אויפ'ן אַייזמעער.

װאס איז אבער געװארען פון אונזער פרייד און פון אלע אונזערע האָפ־נונגען? דער אָנפאנג פון'ם זומער איז געװען שעהן, מילד און װארם, אז מיר האבען גאר פערגעסען, װאו מיר געפינען זיך, באלד אבער האט דאס אַייזמעער ארויסגעװיעזען, װאס ער קען. ענדע יולי האבען זיך אָנגעהויבען שטורמװינדען, שנעע שטירמע (זאַװארוכעס) און שרעקליכע קעלטען. ניינצעהן שיפען, װעלכע האבען זיך געפונען אין דיעזע געגענדען, זיינען אונטערגעגאנגען.

מיר האבען געזעהן, װיא א שיף האט זיך פעראַנקערט לעבען אַן אַייז־בערג, און דיא מאטראָזען האבען זיך געפרעהט, זיי האבען געדענקט, אז זיי זיינען שוין זיכער מיט זייער לעבען. פלוצלונג האט זיך דער אַייזבערג איבער־געקערט און האט מיטגעשלעפט דאס שיף מיט זיך. ניט איין מענש האט זיך גערעטעט.

אויך אונזער שיף איז אונטערגעגאנגען, און מיר זיינען נאך געװען אזוי װייט גליקליך, װאס מיר האבען אלע גערעטעט אונזער לעבען. אונזער שיף איז אונטערגעגאנגען ניט װייט פון גרענלאַנד, און מיר האבען זיך מיט נויט

און מיט שווערער מיה צו געשלעפּט צום לאנד. דארט האבען מיר געפונען אנדערע מאטראָזען: פראנצויזען, ענגלענדער, שוועדען און דענעמארקער, וועלכע האבען זיך אויך גערעטעט וויא מיר.

זיי האבען זיך אויסגעבויט געצעלטען אדער הייזער פון אַייז און שנעע. ווען מיר זיינען צוגעקומען, האבען זיי אונז אויפגענומען זעהר פריינדליך, האבען אונז געוויעזען, וויא צו מאכען הייזער פון אַייז און שנעע, און האבען זיך געטהיילט מיט אונז מיט זייער פראָוויאַנט, גלייך וויא מיר וואלטען געווען זייערע ברידער.

צום גליק אדער צום אונגליק, איך ווייס אליין ניט וויא צו זאגען, זיינען אנגעקומען פרישע שיפען, און זיינען אויך אונטערגעגאנגען ניט וויט פון דער געגענד, וואו מיר האבען זיך געפונען. פיעלע פון זיי האבען זיך גערעטעט אויף דעמזעלבען לאנד, וואו מיר האבען זיך געפונען, און האבען אויפגעשלאגען זייער לאגער ניט וויט פון אונז.

אזוי וויא מיר און זיי פלעגען אָפט צוקומען צום מעער זוכען, פיעלייכט וועט דאס מעער עפּעס ארויס ווארפען פון דיא אונטערגעגאנגענע שיפען, האבען מיר זיך בעגעגענט. מיר האבען זיך צורעדט, יעדער האט דערצעהלט זיין געשיכטע, און מיר האבען איינגעלאַדען דיא פרעמדע צו זיך.

מיר זיינען יעצט געווען אַן ערך פון טויזענד מענשען, און האבען אויס-געבויט א גאנץ אָנשטאנדיגע שטאדט מיט גאַסען, מיט א מאַרק, מיט אגרויסען פלאַץ פאר פערזאמלונגען, און זאגאר אגרויסען אויווען, וואו מיר האבען געקענט מאכען א פייער, ווען מיר האבען געפונען ביים ברעג מעער גענוג האלץ, אום צו מאכען א פייער.

מיר פלעגען געהן יעדען טאג צום ברעג מעער, און פלעגען אויפקלויבען אלעס וואס דאס מעער האט ארויסגעוואָרפען פון דיא אונטערגעגאנגענע שיפען: קאַסטענס, פעסער, ברעטער, שטיקער פון זעגעלביימער, שטיינען פון פייגעל אין הונדערטער אזעלכע ארטיקעל.

ווען עס פלעגט זיין שעהן אין דרויסען און מיר פלעגען האבען גענוג האלץ, פלעגען מיר צולעגען א גרויס פייער אויפ'ן פּאַראַדע-פלאַץ פון אונזער שטאדט, פלעגען זיך פערזאמלען, פלעגען זינגען, טאנצען און זאגאר שפּיעלען. א פּאָר פראנצייזיש'ע מאַטראָזען האבען גערעטעט פון זייער שיף א פידעל און א גיטאַררע אין זיי פלעגען אונז שפּיעלען דיא בעסטע שטיק, וואס זיי האבען געקענט. —

— איז אייך דען דאמאלס געלעגען אין קאָפּ זינגען, שפּיעלען און טאנצען? האב איך געפרעגט. איך קען ניט פערשטעהן, וויא א מענש אין אזא לאגע קען גאר דענקען פון טאנצען.

— דוא קענסט עס ניט פערשטעהן און וועסט עס ניט פערשטעהן,

ביז דוא ווערסט עס פראבירען, האט דער אלטער מאן געענטפערט בייז. מיינסט דוא, אז מיר האבען געטאנצט אויס פערגניגען? — מיר האבען געמוזט טאנצען! מיינסט דוא, אז מיר האבען געזונגען, ווייל מיר האבען געוואלט אפט גיבען קאָנצערט פאר דיא אייזבערג? — מיר האבען געמוזט זינגען!

אין דיא קאלטע געגענדען מוז דער מענש עפעס טאהן, ער מוז עפעס ארבייטען, אום דאס בלוט זאל לויפען שנעלער אין זיינע אָדערן. ווען דער מענש טהוט גאר נישט אין דיא קאלטע לענדער, ווערט ער קראנק און שטארבט אין שרעקליכע שמערצען. ווייסט דוא פון א קראנקהייט, וועלכע דיא דאקטוירים רופען סקאָרבוט?

— איך וויים ניט, האב איך געזאגט שטילערהייט און האב מיך פערשעהמט.

— דוא ווייסט גאר ניט! האט דער אלטער טאָדד אויסגערופען בייז, דער סקאָרבוט איז איינע פון דיא געפעהרליכסטע און שרעקליכסטע קראנק-הייטען. געפעהרליך איז זיא, ווייל זעלטען בלייבט איינער לעבען פון דיעזער קראנקהייט; שרעקליך איז זיא, ווייל זיא איז אנשטעקענד — זיא געהט איבער פון איין מענשען אויפ'ן אנדערן, —

— איך האב אבער קיין מאל ניט געהערט פון אזא קראנקהייט אין ענגלאנד, האב איך מיר ערלויבט צו בעמערקען.

— ווייל דער סקאָרבוט איז אקראנקהייט, וועלכע קומט פאר נור אין דיא קאלטע לענדער, האט טאָדד געענטפערט. זיא קומט פאר, ווען מענשען ווילען זיך שיצען פון דער קעלט און פערשפארען זיך אין ענגע הייזער. עס מאכט ניט אוים, אויב דיא הייזער זינען געמאכט פון שנעע, פון האלץ אדער פון שטיינער: קוים בלייבען מענשען רוהיג און טהוען גאר נישט אייניגע צייט אין דיא קאלטע לענדער, בעקומען זיי דעם סקאָרבוט.

— וואס איז דאס פאר א קראנקהייט? האב איך געפרעגט.

מיך האט שטארק פעראינטערעסירט דיא דערצעהלונג פון'ם אלטען טאָדד און איך האב אומיסטען איהם געשטעלט דיעזע פראגע, ער זאל מיר אלעם ערקלערן.

— דער סקארבוט הייבט זיך אן מיט אלייכטען פיעבער. דער מענש בעקומט היטץ און צו צייטען ווערט איהם קאלט. דאס צאָהן פלייש (דיא יאַסלעס) ווערט בעדעקט מיט וואונדען פון וועלכע עס רינט בלוט. דיעזע וואונדען פערשפרייטען זיך איבערן גאנצען מויל, געהן אריבער אויפ'ן קערפער און דער מענש שטארבט אין שרעקליכע שמערצען.

— איז דען ניטא קיין מיטעל געגען דיעזע קראנקהייט?

— מיטלען זיינען שוין דא גענוג, וואו נעהמט מען זיי אבער? דאס

בעסטע מיטעל איז דער זאַפט פון אציטראָנע , אַלימינע . וואו נעהמט מען אבער לימינעס אין אזא קאלטער געגענד ? וואו קען מען נעהמען לימינעס , ווען דאס שיף איז אונטערגעגאנגען און דיא אונגליקליכע מאַטראָזען האבען זיך קוים גערעטעט מיט'ן לעבען ? — עס איז אלזא דא אנ'אנדער מיטעל אבעסערעס מיטעל , — אז מען זאל גאר ניט בעקומען דעם סקאָרבוט . דיעזעס מיטעל איז ארבייט , בעשעפטיגונג , ארומגעהן אויף דער פרייער לופט . וויא קאלט עס מעג זיין , וויא שטארק דער פראָסט זאל זיין , מוז מען יעדען טאג פערברענגען אייניגע שטונדען ביי אַן ארבייט אויף דער פרייער לופט .

צווישען אונז זיינען געווען אלטע , ערפאַהרענע שיפסקאַפּיטאַנע און זאָגאַר דרייא דאקטוירים . זיי האבען זיך געזארגט , אז מיר זאלען בלייבען געזונד און דער סקאָרבוט זאל זיך ניט ארײנהאפען אין אונזער שטאָדט . זיי פלעגען אונז צווינגען צו טאַנצען , צו שפּרינגען און צו זינגען . אויפ'ן הארצען האט געקענט זיין טרויעריג , אז מען האט געדארפט וויינען , דיא פיס האבען אבער געמוזט טאנצען .

— האט איהר דען ניט געקענט געפינען קיין אנדערע בעשעפטיגונג ?

— וואס פאר אנ'אנדערע בעשעפטיגונג קען מען האבען אין דיעזע געגענדען ? מען קען ניט געהן אויף דער יאַגד ; מען קען ניט האקען קיין האלץ , ווייל עס זיינען ניטא קיין וועלדער . מען קען ניט גראָבען דיא ערד , ווייל זיא איז איינגעפראָרען אויף עטליכע פוס דיא טיעף און איז האַרט , וויא א שטיין . אום צו גראָבען אין אזא ערד דארף מען האבען גאנץ אנדערע אינסטרומענטען . וואס האבען מיר אלזא געקענט טאהן ? — מיר האבען געמוזט טאנצען .

דיא איינציגע בעשעפטיגונג , וואס מיר האבען געהאט אויסער טאנצען , איז געווען צו געהן צום ברעג מעער און זעהן , אויב דאס מעער האט ניט ארויסגעווארפען עפּעס , וואס קען אונז נוצען . דאס האבען מיר אבער געקענט טאהן נור דאן , ווען דיא ברעגעס פונ'ם מעער זיינען ניט געווען פערפראָרען , דאס פלעגט אבער פארקומען זעהר זעלטען .

— פאר וואס זייט איהר ניט געגאנגען חאפען פיש ? האב איך געפרעגט .

— דאס פלעגען מיר טאהן , מיר פלעגען אבער זעלטען חאפען אזוי פיעל , אז עס זאל זיין גענוג פאר אלעמען . דיא פיש האלטען זיך ניט אויף ביי דיא ברעגעס פון א לאנד , וועלכע זיינען שטענדיג בעדעקט מיט אַייז . זיי האלטען זיך אויף ווייטער אין מעער , וואו עס געפינען זיך טייכען , וועלכע ברענגען זיי וואס צו עסען . מיר פלעגען חאפען פיש , אבער אזוי ווענינ , אז מיר פלעגען זיך איינטהיילען , פלעגט אויסקומען א פאר ביסען אויף א מענשען .

— וואס איז געווארען דאס ענדע? וויא האט איהר זיך גערעטעט?

— איך האב דאך אייך געזאגט, אז דער אנפאנג זומער איז געוועזען אזוי מילד אוןווארם, אז מיר האבען געגלויבט, אז עס וועט שוין גאר קיין ווינטער ניט זיין. פיעלע שיפען, וועלכע האבען געזעהן דאס שעהנע,ווארעמע וועטער, זיינען אנגעפאהרען אין דיעזע געגענד. פיעלע זיינען אונטערגעגאנגען, איניגע אבער זיינען נור איינגעפראָרען געווארען און זיינען געבליעבען גאנץ. פון דיעזע גאנצע שיפען האבען מיר ניט אראפגעלאזען קיין אייז. מיר האבען זיי בעזוכט, האבען מיט גענומען זייער שיפסקאַפיטאן און זייערע מאַטראָזען צו אונז אין שטאדט און מיר האבען אפגערעדט, אז קוים וועט דאס אַייז אויפברעכען, זאלען זיי אונז אויפנעהמען.

מיר האבען זיך דערווארט. עס איז ענדליך אנגעקומען א ווארעמער ווינט, דאס אַייז איז צושמאָלצען געווארען און מיר האבען זיך גערעטעט אויף דיא איינגע שיפען.

איהר קענט אייך לייכט פארשטעלען, וויא ענג עס איז געווארען אויף דיעזע שיפען, ווען זיי האבען אונז אויפגענומען. עס איז ניט געוועזען קיין פלאַץ וואו צו שלאפען פאר אלעמען און איניגע האבען געמוזט שלאפען אויפ'ן דעק. דיא גוטע מענשען האבען זיך געטהיילט מיט אונז מיט'ן לעצטען ביסען ברויט. מיר זיינען ענדליך אנגעקומען קיין ענגלאַנד הונגעריג, שלעפעריג, נאקעט, מיעד, צובראָכען און אהן א פעני געלד.

## 41-טעם קאפיטעל

## מעלווילס בוכטע.

דער אלטער מאַדד האט געענדיגט זיין ערצעהלונג און האט געשוויעגען. איך האב שוין לאנג געוואוסט, אז ער איז אַן אלטער, ערפאהרענער מאַטראָז, וועלכער איז שוין עטליכע מאל געוועזען אויפ'ן אַייזמעער, איך האב אבער ניט געוואוסט, אז ער האט אזוי פיעל דורכגעלעבט, אזוי פיעל דורכגעליטען און אזוי פיעל דורכגעמאכט אין זיין לעבען.

ערשט יעצט האב איך פערשטאנען, אז ווען ער זאגט עפעס, ווייס ער, וואס ער זאגט, ווייל ער האט עס דורכגעמאכט. איך האב מיך באלד איבערצייגט, אז ער האט פאָלקאמען רעכט: מיר געפינען זיך נאך אין געפאהר.

אזוי וויא דיא זון איז ניט אונטערגעגאנגען, האבען מיר ניט געקענט וויסען, וואס פאר א טאג אין מאָנאַט מיר האבען. דיא איינציגע מענשען, וועלכע האבען געפיהרט אגענויע רעכנונג איבער דער צייט, זיינען געוועזען דער שיפסקאַפיטאן און דער דאקטאר. דער שיפסקאפיטאן האט געפיהרט

א זשורנאַל, דאס הייסט א טאג בוך. ווען עס האבען זיך געענדיגט פיער און צוואנציג שטונדען, האט ער פערשריעבען, אז דיעזער טאג האט זיך געענדיגט און א נייער טאג האט זיך אנגעהויבען.

ווען איינער פון אונז האט געוואלט וויסען, וואס פאר א טאג אין דער וואך מיר האבען, האט ער געמוזט פרעגען דעם שיפסקאַפּיטאן אדער דעם דאקטאר.

דעם אנדערן טאג, דאס הייסט, דער שיפסקאַפּיטאן האט אונז געזאגט, אז עס איז דער אנדערער טאג, האט זיך אויפגעהויבען א קאלטער ווינט. דאס אַייז ארום אונז איז געווארען נאך פעסטער און מיר זיינען געווען ביכשטעבליך איינגעפראָרען אין אַייז. דער שיפסקאַפּיטאן האט אונז געהייסען געהן און זעהן, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן אַייז. מיר זיינען ארומגעגאנגען א גאנצען טאג און האבען געפונען, אז מיר זיינען זעהר ווייט פון א לאנד. ארום אונז איז געווען אַייז און — אַייז.

איך האב אנגעהויבען צו גלויבען דעם אלטען טאָדד, אז עס קען זיין טרויעריג אויפ'ן הארצען, דיא אויגען ווילען וויינען און דיא פיס מוזען טאנצען. דיא קעלט האט געדויערט דרייא טאג, און מיר, יונגע לייט, האבען שוין אנגעהויבען צו דענקען, אז מיר וועלען מוזען איבערווינטערן איינגעפראָרען אין אַייזבערג.

— מיר דארפען זיך פארבערייטען צום טאנצען, האב איך א מאל געזאגט צום אלטען טאָדד, מיר וועלען שוין דא איבערווינטערן.

— נאך ניט, האט דער אלטער געענטפערט, מיר געפינען זיך אין דער מיט זומער, אין ענגלאנד מאכט זיך אויך א קאלטער טאג אין דער מיט זומער. דאס האט דער נאָרדפּאָל זיך א שפּיעל געטאהן מיט אונז און האט אויף אונז א קאלט'ן בלאָז געטאהן, עס וועט אבער לאנג ניט דויערן, מיר וועלען נאך האבען וואַרם.

אבט לאנגווייליגע און מרויעריגע טעג זיינען מיר געווען איינגעשלאסען אין אַייז. דער שיפסקאַפּיטאן און דער דאקטאר האבען מורא געהאט פאר'ן סקאָרבוט און האבען געטאהן אלעס מעגליכע אונז צו בעשעפטיגען, אונז צו גיבען ארבייט. מיר האבען געמוזט פערברייננגען צוועלף שטונדען אין מעת לעת אויף דער פרייער לופט. מיר האבען געזעהן, אז מען הייסט אונז טאהן זאכען, וועלכע האבען קיין זינן, קיין ווערטה און קיין נוצען. זא צום ביישפּיעל, האט מען אונז געהייסען ארומהאקען און ארומזעגען דאס אַייז ארום אונזער שיף. מיר האבען געמוזט דורכהאקען שטיקער אַייז, וועלכע זיינען געווען פינף-צעהן יאַרד דיא גרעב. — צו וואס האט מען עס גאדארפט?

אייניגע יונגע לייט זיינען געווען זעהר אונצופריעדען מיט דיעזע ארבייט; זיי וואלט'ן זיך פיעלליכט אפגעזאגט זיא צו טאהן; ווען זיי האבען אבער

זעהן, אז דיא אלטע מאַטראָזען ארבייטען פלייסיג, האבען זיי זיך גע־שעהמט און האבען אויך געאַרבייט.

ענדליך איז ווידער ווארם געווארען. דאס אייז האט אנגעהויבען צו שמעלצען און עס האבען זיך געבילדעט טייכען, גרויסע שטיקער וואסער אין דערמיט פונ'ם אייז. דער שיפסקאַפּיטאן איז יעדע דרייא־פיער שטונדען ארויפגעקראכען אויפ'ן אייזבערג מיט זיין ספעקטיוו און דער האנד און האט בעטראכט דיא געגענד ארום.

איין מאל, ווען עס איז געווען נאכט, דאס הייסט, ווען דיא זון האט געשיינט, און דער שיפסקאַפּיטאן האט אונז געזאגט, אז עס איז נאכט און מען דארף געהן שלאפען, האבען מיר דערהערט דאס האסטיגע, אונרוהיגע פייפען פונ'ם ערשטען אָפיציער און א הויכען, שטרענגען בעפעהל:

— אלע הענד אויפ'ן דעק!

יעדער איז אויפגעשפרונגען פון זיין געלעגער און איז ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק.

— ארויספיהרען דאס שיף! האט דער שיפסקאַפּיטאן קאָמאַנדירט.

מיר האבען געטאנצט פאר פרייד.

— ענדליך זיינען מיר פריי! האבען אויסגערופען איינינע פון אונז — ענדליך פאהרען מיר ארויס פון דיעזער שרעקליכער געגענד!

מיר האבען יעצט געהאט צוועלף פרישע „הענד", דיא מאַטראָזען, וועלכע מיר האבען געראטעוועט, זיינען אונטערדעסען געווארען פאָלקאָמען געזונד און האבען געקענט אונז העלפען. מיר האבען אנגעהויבען צו ארבייטען און ארויסצופיהרען אונזער שיף פון דעם קאלטען פאָרט, וועלכע מיר האבען אליין געמאכט פאר איהר.

דער שיפסקאַפּיטאן איז געשטאנען ביים רעדעל און האט קאָמאַנדירט. מיר האבען געמוזט אראפגעהן אויפ'ן אייז און ארויסשלעפען דאס שיף פון איהר פאָרט, ריכטיגער געזאגט, פון איהר דאָק. מען האט צוגעבונדען שטריק צו דיא זעגעלבוימער, און לעבען קאַפּיטאן, אדרעהראָד, מיט וועלכען מען קען צושלעפען א שיף, וואוהין מען דארף. מיר האבען געאַרבייט איינינע שטונדען זעהר שווער.

ענדליך איז עס אונז דאך געלונגען. מיר האבען ארויסגעשלעפט דאס שיף.

— רעכטס! אין טייך! האט קאָמאַנדירט דער שיפסקאַפּיטאן.

מיר האבען געזעהן, אז אין דער רעכטער זייט פונ'ם אייזבערג האט זיך געפונען א שמאָלער פאַס וואסער. אהין האבען מיר אריינגעשלעפט אונזער שיף.

איך וויל ניט בעשרייבען, וויא פיעל מיה עס האט אונז געקאסט און

וויעפיעל שוועריגקייטען מיר האבען געהאט אום אויסצופיהרען דיא בעפעהלע פון אונזער שיפסקאַפּיטאן. איך וויל נור זאגען, אז מיר האבען געאַרבייט זעהר שווער, ביז מיר האבען געבראכט אונזער שיף אין א שמאָלען קאַנאַל, וועלכער האט געפיהרט קיין נאָרדען (צפון זייט).

מיר האבען געאַרבייט אויפ'ן אַייז און דער שוויס האט זיך געגאסען פון אונז טייכען ווייס. ווען מיר האבען ענדליך אריינגעפיהרט דאס שיף אין דעם קאַנאַל, אויף וועלכען דער שיפסקאַפּיטאן האט אונז אנגעוויזען, האבען מיר געהערט דאס קאָמאַנדאָ פון אונזער שיפסקאַפּיטאן:

— אלע הענד אויפ'ן דעק!

מיר זיינען אלע ארויפגעקלעטערט אויפ'ן דעק. מיר זיינען געווען שרעקליך מיעד און האבען געוואלט זיך לעגען אפרוהען, דאס איז אבער יעצט אונמעגליך געווען. מיר האבען געמוזט קלעטערן אויף דיא זעגעלבוימער, צונעהמען דיא זעגעל און אויסבעסערן אלעס, וואס דאס אַייז האט צובראכען אדער פערדאָרבען.

מיר האבען געמוזט ארבייטען אויפ'ן דעק נאך זעקס שטונדען. דער פאר אבער האבען מיר געהאט דאס גרויסע פערגניגען צו זעהן, אז אונזער שיף געפינט זיך אין א שטילעם רוהיגעם מעער, וואו מען האט געקענט זעהן אַייז נור הינטער אונז און פון ביידע זייטען. פאר אונז איז דאס מעער געווען גלאַט, וויא א שפּיגעל, און רוהיג, וויא וואסער אין א גלאָז.

יעצט האבען מיר זיך געקענט אפרוהען. יעדער, ווער עס האט ניט געדארפט שטעהן אויף דער וואַך, איז אראפּגעלאָפען אין דער קאַיוטע און האט זיך געווארפען אויף זיין געלעגער. מיר זיינען אנטשלאפען געווארען, וויא דיא דערהרגעטע.

ווען מיר האבען זיך אויפגעהאפּט און זיינען ארויפגעקומען אויפ'ן דעק, האבען מיר דערזעהן מיט פרייד, אז איבער אונז איז א קלאָרער, בלויער הימעל און אונטער אונז איז דאס שטילע, רוהיגע מעער. מיט פיער און־צוואנציג שטונדען שפּעטער זיינען מיר אנגעקומען אין דער מעלוויל בוכטע, וועלכע איז אזוי בעריהמט ביי אלע וואַללפיש פאנגער, וויל אין איהר געפינען זיך שטענדיג פיעל וואַללפיש.

איך בין שוין געווען אזוי ווייט בעקאנט מיט'ן אַייזמעער, אז מיין אויג האט מיך שוין ניט געקענט אפּנאררען. ווען איך האב געזעהן א בארג אדער א שטיק אַייז און עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך קען עס חאפּען מיט דער האנד, האב איך געוואוסט, אז עס איז נאך ווייט פון מיר צעהנדליגער מיילען.

איך האב יעצט בעטראכט דיא בעריהמטע מעלוויל בוכטע. איך האב געזעהן פון דער ווייטענס בערג פון טהייערן מאַרמאָר, בעהאנגען מיט לאנגע

שטיקער אַייז. אין ערטער איז דאס אַייז צושמאָלצען געווארען און פון דיא בערג האבען זיך אראפגעגאסען טייכען מיט פרישען, קלאָרען וואַסער. אין ערטער זיינען דיא אַייזעפלעך אראפגעהאנגען פון דיא שטיינער; דאס זיינען אבער געווען גאנץ אנדערע אַייזעפלעך אלס דיא, וועלכע מיר זעהן אראפ-הענגען פון אונזערע דעכער אין ענגלאַנד. יעדער אַייז צאַפּ איז געווען גרויס און גראָב, וויא א זייל אז׳ער וויא א זעגעלבוים. עס האט זיך אייסגעוויעזען, אז דארט זיינען געבויט פאַלאַצען, וועלכע שטעהן אויף זיילען אדער קאָלאָנען.

דער אנבליק איז שעהן, גראָסארטיג שעהן, אונבעשרייבליך שעהן. ווען מען פערגעסט אויף א מינוט, וואו מען געפינט זיך, מיינט מען, אז מען געפינט זיך אין א צויבערלאַנד, וואו מען זעהט פאר זיך פערצויבערטע פאַלאַצען, שלעסער, טעמפּעל, קירכען, אַרקען און זאָגאַר טונעלען אונטער דער ערד.

דער טאג איז געווען בעזאָנדערס וואַרם. עס איז געווען אזוי ווארם, אז אייניגע פון אונז האבען געמוזט אראפ ווארפען זייערע הייסע ווינטער קליידער. זיי האבען געמיינט, אז זיי זיינען שוין אין דערהיים, וואו דער זומער געדויערט אייניגע מאָנאַטע.

אין דער צייט וואס פיעלע פון אונז, יונגע לייט, האבען בעטראכט דיא שעהנע סצענען ארום, איז אונזער שיפסקאַפּיטאן ארויפגעקראכען אויפ׳ן העכסטען זעגעלבוים, האט זיך געשטעלט אין „נעסט" און האט געקוקט אויפ׳ן מעער.

ער האט געזוכט וואַללפיש. איהם האט ווייניג געקימערט דיא שעהנע סצענע ארום. אלס עכטער ענגלענדער האט ער נור געזוכט וואו צו פער-דיענען א שיללינג. מיר זיינען געווען אלע אויסגערוהט און פריש. מיר האבען געוואלט ארבייטען.

— וואַללפיש! וואַללפיש! האט פלוצלונג אויסגערופען אונזער שיפס-קאַפּיטאן פון אויבען, איך זעה א גאנצע העערדע (סטאַדאָ) פון וואַללפיש!

מיר האבען פערגעסען דיא שעהנע סצענע ארום אונז. יעדער האט געקוקט אין דער זייט, וואו דער שיפסקאַפּיטאן האט געוויעזען מיט דער האנד.

— פאָרבערייטען דיא באָאָטע! האט קאָמאַנדירט אונזער שיפסקאַפּיטאן.

אזוי וויא מיר האבען געהאט נור זיעבען באָאָטע, וויינען נור זיעבען מענשען צוגעלאפען צו דיא באָאָטע.

— אלע הענד צו דיא באָאָטע! האט וויעדער קאָמאַנדירט דער שיפס-קאַפּיטאן, — אראפלאזען דיא באָאָטע! — איך זעה צעהן — צוואַנציג וואַללפיש זיך שפּיעלען!

מיט דיזע ווערטער איז ער אראפגעגאנגען פון זעגעלבוים און האט זיך געשטעלט אויפ'ן בריקעל.

מיר זיינען אלע צוגעלאפען צו דיא באָאָטע, האבען אנגעגרייט אלע אינסטרומענטען צופאנגען א וואַללפיש און אין א פיערטעל שטונדע זיינען מיר געוועזען אויפ'ן וואסער און האבען געררודערט צו דיא וואַללפיש. מיר האבען יעצט געזעהן, וויא דיא וואַללפיש שפיעלען זיך, וויא זיי שפריצען ארויס זייער מיט וואסער פון זייערע נאָזלעכער און וויא זיי פּאַטשען דאס וואסער מיט זייער שרעקליכען עק.

מיר זיינען צוגעקומען נעהנטער און האבען דערזעהן, אז מיר האבען פאר אונז א גאנץ אנדערן סאָרט וואַללפיש וויא דיא, וועלכע מיר האבען ביז אהער געהאפט. דאס האב איך אויך געקענט זעהן, איך האב אבער דאמאלס ניט געוואוסט, אז עס געפינען זיך פערשיעדענע סאָרטען וואַללפיש.

זייט איך האב מיך איבערצייגט, אז דער אלטער טאָדד איז בעקאנט מיט'ן אייזמעער אזוי גוט, וויא אונזער שיפסקאַפּיטאן אדער פיעלייכט נאך בעסער פון איהם, פלעג איך זוכען צו זיין לעבען איהם. איך פלעג מיך זעצען אויפ'ן דעק לעבען איהם און פלעג מיר געבען אלע מעגליכע מיה צו זיצען אין א באָאָט לעבען איהם. איך בין יעצט אויך געזעסען אין זיין באָאָט.

— וואס איז דאס פאר א סאָרט וואַללפיש? האב איך איהם געפרעגט, מיר דאכט, אז ער האט עפּעס אויפ'ן קאָפּ, וויא א האָרן. וואס איז דאס? איך האב נאך קיין מאל ניט געזעהן אזא פיש.

— דאס איז אייגענטליך קיין וואַללפיש, האט דער אלטער מאַטראָז געענטפערט, — דאס איז א נאַרוואַלל.

— וואס איז אזעלכעס א נאַרוואַלל?

— דאס איז אגאנץ גרויסער פיש, וועלכער האט אויף דער נאָז, ריכטיגער געזאגט, אויף דער איבערשטער ליפּ אַלאַנגען ביין, וועלכער ווייזט אויס, וויא א גלייכער האָרן, דאס איז אבער קיין האָרן, דאס איז אַן אינסטרומענט, מיט וועלכען דער נאַרוואַלל ברעכט אויף דאס אייז, ווען ער דארף אטהעמען. דיא מאַטראָזען רופען איהם: דער איינהאָרן פון מעער.

איך האב געוואלט נאך עפּעס פרעגען און נאך עפּעס געוואָהר ווערען איבער דיזע זאנדערבארע בעשעפעניש, אין דיזע מינוט אבער האט אונזער ערשטער אָפיציער קאָמאנדירט.

— אויפמערקזאם! — האלטען אנגעגרייט דיא האַרפונע!

דער אלטער טאָדד איז אויפגעשטאַנען און האט אויפגעהויבען דיא שווערע האַרפונע. איך האב געמוזט רודערן. מיר האבען מעהר ניט געקענט רעדען. יעדער האט געמוזט זיין אויפמערקזאם אויף זיין ארבייט.

מיר זיינען יעצט צוגעקומען געהנטער צו דיא נאַרוואַללס. זיי האבען זיך געשפּיעלט גאנץ רוהיג און האבען זיך ניט דערשראָקען פאר אונז. עס איז זעהר מעגליך, אז זיי האבען נאך קיין מאל ניט געזעהן זייער ערגסטען פיינד — דעם מענשען.

אונזער באָאָט איז צוגעקומען אזוי נאהענט צו איינעם פון דיא נאַרוואַללס, אז דער אלטער טאָאָר האט געקענט אין איהם אריינוואַרפען זיין שווערע שארפע און שפּיציגע האַרפונע. דער נאַרוואַלל האט באלד דערפיהלט דעם שרעקליכען שמערץ, און האט זיך אראפּגעלאָזען אונטערן וואסער, ער האט זיך אבער דארט לאנג ניט געקענט אויפהאלטען. ער האט געמוזט באלד ארויפשווימען אום צו אָטהעמען.

טאָדר האט אין איהם אריינגעוואָרפען אצווייטע האַרפונע. דער נאַרוואַלל האט זיך געוואָרפען אייניגע מינוט, האט אנגעהויבען צו שפּריצען מיט בלוט, און איז באלד געבליעבען ליגען טויט. מיר האבען איהם צוגעבונדען צו אונזער באָאָט און האבען איהם אוועק געשלעפּט צום שיף.

איך האב געמיינט, אז מיר וועלען זיך באלד נעהמען איהם אויסרייניגען, איך האב אבער אַ טעות געהאט. קוים האבען מיר איהם ציגעבראכט צום שיף, האט דער שיפסקאַפּיטאן געהייסען איהם צובינדען מיט שטריק צום שיף, און מיר האבען געמוזט פאהרען נאך אמאל צו דער העערדע (סטאַדע) נאַרוואַללס.

עס איז אונז אויך געלונגען. מיר האבען געטייטעט אצווייטען נאַרוואַלל. אונזער ערשטער אָפיציער איז היינטיגען טאג געווען אזוי גליקליך, אז ער האט געפאנגען גאנצע דרייא שטיק. אין אצייט פון זעקס שטונדען האבען מיר גע־טייטעט פונפצעהן שטיק. דאס האט געהייסען אגליקליכער טאג. יעדער פון אונז האט געפיהלט, אז ער האט היינט פערדינט א שטיק געלד.

מיר זיינען ענדליך צוריק געקומען, האבען אפּגעגעסען און האבען זיך גענומען צו דער ארבייט-אויסצורייניגען אונזערע פיש. ערשט יעצט האב איך געקענט בעטראכטען דעם נאַרוואַלל, און זעהן וואס פאר א בעשעפעניש דאס איז.

דער נאַרוואַלל איז קורצער, אבער דיקער פון'ם וואַללפיש. אין זיין גרויסען מויל געפינען זיך ניט דיא ווייכע שטאנגען, אדער דער פישביין, וועלכען מען געפינט ביים וואַללפיש, דערפאר אבער איז דער נאַרוואַלל פעטער פון'ם וואַללפיש, זיין פישטראָהן אדער פישאייל איז פיעל בעסער און פיעל טהייערער, וויא דאס פישטראהן פון'ם וואַללפיש. זיין פלייש קען מען עסען. ווען מען געפינט זיך אלענגערע צייט אויפ'ן מעער, וואו מען קען ניט בעקומען קיין פרישעס שטיקעל פלייש, עסט מען אשטיק געבראָטענס פון א נאַרוואַלל מיט פערגניגען.

דער האָרן פון'ם נאַרוואַל, דער קיילעכדיגער ביין, וועלכער שטעקט ארויס פון זיין אויבערשטע ליפּ, איז א גאנץ טהייערער ארטיקעל. עס איז אזוי

טהייער, וויא עלפֿענביין, און מען מאכט פֿון איהם אלערליי זאכען, וועלכע מען מאכט פֿון עלפֿענביין.

דער שיפֿסקאַפּיטאן האט געהייסען אָנגרייטען נייע גוטע פֿעסער אויפֿצו־נעהמען דאס שמאַלץ פֿון דיא נאַרוואַללס, וועלכע מיר האבען געפֿאנגען. פֿאר דיעזע פֿעסער האט מען געמאכט אבעזונדערן אָרט אין טריום, טיעף אינטי׳ן אין שיף. דאס שמאַלץ פֿון׳ם נאַרוואַלל ווערט ניט פֿערקויפֿט אלס פֿישטראהן, זאנדערן אלס פֿיש אייל. עס צאהלט זיך פֿיעל טהייערער אלס פֿישטראהן.

דער נאַרוואַלל איז פֿיעלשוואכער פֿין׳ם וואַללפֿיש. עס איז איהם לייכטער צו פֿאנגען. און פֿון אגרויסען אלטען נאַרוואַלל נעהמט מען ארויס אזוי פֿיעל פֿעסער שמאַלץ, וויפֿיעל פֿון א וואַללפֿיש. ווען א וואַללפֿיש פֿאנגער טרעפֿט אַן נאַרוואַלל׳ס, איז ער מיט זיי מעהר צופֿריעדען וויא מיט וואַללפֿיש.

מיר האבען פֿערבראכט אין דער מעלוויל בוכטע א גאנצען מאנאַט. און האבען געכאפּט זעהר פֿיעל פֿיש. מיר האבען געפֿיהרט א פֿרעהליכעס און צופֿריעדענעס לעבען אין דער בוכטע. ווען עס פֿלעגט זיין שעהנעס וועטער, פֿלעגען מיר חאפֿען נאַרוואַללס, פֿלעגט זיין אשלעכטעס וועטער, פֿלעגען מיר זיצען אויפֿ׳ן שיף, פֿלעגען אויסבעסערן אונזערע זאכען, און פֿלעגען זיך אויס־רוהען, אום ווידער צו קענען זיך נעהמען צו דער ארבייט, ווען עס וועט שעהן ווערן.

ענדליך האבען אָנגעהויבען דיא נאַרוואַללס צו ווערן זעלטענער. אנפֿאנגס אויגוסט זיינען מיר ארומגעפֿאהרען דרייא טאג און האבען ניט געטראפֿען ניט איין פֿיש. אונזער שיפֿסקאַפּיטאן האט זיך ענטשלאסען צו פֿאהרען אהיים.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא פֿרעהליך איך בין געווען, ווען איך האב דערהערט דיא גוטע בשורה, אז מיר פֿאהרען אהיים. ענדליך וועל איך ווידער זעהן מיינע עלטערן, מיינע ברידער, מיינע שוועסטער, און דיא גוטע און שעהנע העלענאַ.

איך האב געטאנצט פֿאר פֿרייד. ווען איך זאל געווען קענען, וואלט איך געשלעפּט דאס שיף ביז ענגלאנד. איך האב געזעהן, אז אלע מיינע קאַמעראדען זיינען אזוי פֿרעהליך וויא איך. אלע זיינען צופֿריעדען. יעדער ווייס, אז ווען ער וועט קומען אהיים, וועט ער בעקומען שעהנע עטליכע פֿונט שטערלינג, און וועט קענען זיך אויסרוהען פֿון דער לאנגער און שווערער רייזע.

---

## 42-טעם קאפּיטעל

## אלליין אויפֿ׳ן אַייז.

עס זיינען פֿערגאנגען עטליכע טעג, און וועלכע עס האט גאר ניט

פּאַסירט. דאס איינציגע נייעס איז געווען, וואס מיר האבען ווידער בעקומען נאכט. דיא זון האט אנגעהויבען אונטער צו געהן. דעם ערשטען טאג איז זיא אונטערגעגאנגען נור אויף איניגע מינוט; וואס ווייטער אבער מיר זיינען גע-פאהרען, איז דיא נאכט געווארען גרעסער.

מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון דיא שטילע וואסערן פון דער מעלווילל בוכטע, און האבען ווידער אנגעהויבען צו בעגעגענען שטיקער אייז, מיר האבען אנגעהויבען צו פיהלען, אז דער זומער פון יענע געגענדען ענדיגט זיך. עס האט אנגעהויבען צו ווערן קעלטער, און מיר האבען געמוזט טראגען אלע אונזערע ווארעמע קליידער, ווען מיר זיינען געשטאנען אויף דער וואך.

דאס וועטער איז צוואר געווען זעהר שעהן, אבער שטיל און רוהיג, זאגאר צו שטיל. איך האב עס ניט אזוי גוט בעמערקט, מיין פריינד אבער, אנדריו טהאמפסאן, האט מיר איינמאל געזאגט.

— איך פרשטעהע ניט דיעזעס וועטער, עס איז געווארען קעלטער, דאס ווינד אבער האט אין גאנצען אויפגעהערט. וואס זאל דאס הייסען?

— דאס מעער געפעלט מיר אויך ניט, האט אנ'אנדער מאטראָז בעמערקט.

— וואס זעהסט דוא דען אויפ'ן מעער?

— עס איז עפעס צו גערינכט.

איך האב מיך צוגעקוקט צום מעער און האב בעמערקט, אז זיינע וואסערן, וועלכע זיינען געווען ביז אהער גרין און דורכזיכטיג, זיינען פלוצלונג געווארען דונקעל און טריב (מוטנע). עס האט זיך ארויסגעוויעזען, אז אונזער שיף פאָהרט אין אמעער פון אייל.

— מיר געפעהלט ניט דאס מעער, האט געזאגט אדריטער, מיר ווייזט אוים, אז דאס וועטער וועט זיך ענדערן. מיר וועלען האבען אשטורם.

אזוי וויא מיר האבען אזוי גערעדט, האט דיא וואַך פוין אויבען, פון דעם „נעסט" אויסגערופען:

— א וואַללפיש! א וואַללפיש! — נאך איינער! — איינער רעכטס און איינער לינקס!

דער שיפסקאַפּיטאן איז ארויסגעלאפען פון זיין קאַיוטע און האט געקוקט דורך זיין ספּעקטיוו. ער האט געזעהן ביידע וואַללפיש, וועלכע זיינען געווען אויף איניגע מייל ווייט פון אונזער שיף.

— אנגרייטען דיא באָאָטע! האט ער קאָמאנדירט. — זיך איינטהיילען אין צוויא פּאַרטיען! איינע זאל געהן קיין נאָרדען (צפון זייט), און דיא אנדערע קיין זידען (דרום זייט)!

איך בין געווען זעהר אונצופריעדען מיט דיעזען בעפעהל. איך האב גע-וואלט פאָהרען אהיים, וויא צום גיכסטען. דאס זעלבע האבען געוואלט פיעלע מאַטראזען פון אונזער שיף. עס האט אונז אבער גאר ניט געהאלפען. מיר

האבען געמוזט אויספאָלגען דיא בעפעהלע פון אונזער שיפסקאַפּיטאַן.

— אראפלאזען דיא באָאָטע! האט קאָמאנדירט דער שיפסקאַפּיטאַן.

מען האט אראפגעלאזען דיא באָאָטע, און מיר האבען זיך אריינגעזעצט אין זיי. איך מוז נאך בעמערקען, אז מיינע פריינד פון דער „פּאָקאַהאָנטאַס": אַנדריו טהאָמפּסאָן, טערענס אָ'קאָננאָר און סטאָקס, פלעגען זיך שטענדיג האלטען ארום מיר, מיט אנדערע ווערטער, מיר פלעגען זיך שטענדיג האלטען צוזאמען, וויא אלטע גוטע פריינד, וועלכע האבען אזוי פיעל געליטען, און אזוי פיעל דורכגעלעבט צוזאמען.

מיר זיינען אויך יעצט געפאָהרען צוזאמען. אויף אונז איז געפאלען דער גורל צו פאָהרען קיין זידען (דרום). מיר זיינען ארויסגעפאהרען מונטער און פרעהליך. אזוי וויא דער ערשטער אָפיציער, דער בעסטער וואַללפיש פאנגער אויף אונזער שיף, איז געפאהרען קיין נאָרדען (צפון), האט ער מיט זיך מיטגענומען נור דרייא באָאָטע, און אינז האט ער געגעבען פיער באָאָטע.

איך האב שוין דערצעהלט, אז אויף יעדען באָאָט זיינען געווען זעקס מענשען. פיער פלעגען רודערן, איינער האט געהאלטען דיא האַרפונע, און איינער פלעגט שטעהן ביים רעדעל מיט'ן שטריק. מיר זיינען אלזאָ צוזאמען געווען פיער און צוואנציג מענשען. מיר זיינען געפאהרען אונגערן. איך וואלט מיט פערגניגען געשענקט דאס געלד, וואס איך האב געקענט פערדיענען פון דעם וואַללפיש אום ניט צו פאָהרען. דאס הערץ האט מיר געזאגט, איך זאל ניט פאָהרען, איך האב אבער געמוזט פאהרען, ווייל אלע מיינע קאַמעראדען זיינען געפאהרען.

מיר האבען געאַרבייט זעהר שווער, איידער מיר זיינען צוגעקומען צום וואַללפיש. אין דער צייט וואס מיר האבען גערודערט צו איהם, איז ער ניט געבליעבען אויף איין אָרט. עס איז איהם ניט איינגעפאלען צו ווארטען אויף אונז. ער איז זיך וויטער געשוואומען, האט זיך אומגעקעהרט, האט זיך געשפיעלט, האט ארויסגעבלאזען פון זיין נאזלאָך אהויכען זייל מיט וואסער און דאַמפף, און איז זיך רוהיג ארומגעשוואומען אין דיא רוהיגע וואסערן.

מיר האבען געזעהן, אז מיר געפינען זיך ניט וויט פון א לאנד, דאס האט אונז אבער זעהר ווענינ געקימערט. מיר האבען געוואלט חאפען דעם וואַללפיש, וויא אַם שנעלסטען איהם טייטען, און איהם ברענגען צו אונזער שיף.

עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, אי דער מיר זיינען צוגעקומען צו איהם. דאס איז געווען אַן עכטער וואַללפיש, אבער א ריעז. איך האב אין מיין לעבען קיין מאל ניט געזעהן א זאַ גרויסען וואַללפיש.

מיר זיינען ענדליך צוגעקומען צו איהם גאנץ נאהענט, און דאס ערשטע באָאָט האט אין איהם אריינגעווארפען א האַרפונע. דער וואַללפיש האט זיך באלד אראפגעלאזען אונטערן וואסער און האט מיטגעשלעפט דאס באָאָט. עס

איז פערגאנגען אגערוימע צייט, איידער ער האט זיך ווידער געוויעזען אויפ'ן וואסער, און אונזער צווייטעס באָאָט האט אין איהם אריינגעווארפ'ען דיא צווייטע האַרפונע.

דאס איז געווען אשטארקער וואַללפיש, וועלכער האט זיך ניט געלאזען אזוי לייכט פאנגען. מיר האבען אוועקגעאַרבייט גאנצע זעקס שטונדען, איידער מיר האבען דערזעהן, אז ער שפריצט מיט בלוט, אַ צייכען, אז דיא האַרפונע איז אריינגעקראכען טיעף אין זיין פלייש, און איז צוגעקומען צו זיין בויך.

ער האט זיך אבער נאך אלץ ניט בערוהיגט. ווען ער האט געזעהן, אז זיינע פיינד זיינען גאנץ נאהענט, האט ער אנגעהויבען צו צו שווימען צום לאנד. ער איז צו געשוואומען צו אגרויסען בארג, אגרויסע מאסע שטיינער, וועלכע האבען זיך אויסגעבויגען, און זיינען אריבער געהאנגען איבער דאס מעער.

מיר האבען געמוזט איהם נאך פאהרען, ווייל אלע פיער באָאָטע האבען אין איהם אריינגעווארפען זייערע האַרפונען. מיר זיינ'ען געווען אזוי בעשעפטיגט מיט'ן וואַללפיש, אז מיר האבען זיך ניט אומגעקוקט, וואס עס טהוט זיך ארום אונז.

איך האב געזעהן, וויא אַנדריו טהאָמפסאָן האט זיך אויפגעשטעלט אין זיין באָאָט, האט אקוק געטאהן אין דער זייט, וואו אונזער שיף האט זיך גע-פונען, און אפינסטערער וואלקען האט זיך געוויעזען אויף זיין אלטעס, פער-ברענטעס געזיכט. איך האב געזעהן, אז ער האט זיך פערענדערט און איז געווארען אונרוהיג. אזוי וויא ער האט אבער וויטער געטאהן זיין ארבייט, און איך האב געדארפט טאהן מיין ארבייט, האב איך איהם ניט געפרעגט, וואס עס איז געשעהן, און פאר וואס ער איז געווארען אזוי אונרוהיג.

דער וואַללפיש איז ענדליך געבליעבען ליגען טויט. מיר זיינען צו גע-פאהרען נעהנטער צו איהם, און האבען אנגעהויבען איהם צו צובינדען, אום איהם צו שלעפען צום שיף. איך האב געהאט איניגע מינוט פרייע צייט, און האב מיך אויפגעשטעלט אין מיין באָאָט, און האב געזוכט מיט דיא אויגען אונזער שיף.

צו מיין גרעסטעס ערשטוינען, האב איך דערזעהן, אז דער הימעל איז געווארען געל, ריכטיגער געזאגט, דונקעל ברוין, אדער שמוציג ברוין. דיא זון האט נאך געשיינט, זיא איז אבער געווען וויא איבערגעצויגען מיט אדינעם שלייער. איהר ליכטיגקייט איז געווען עפעס ניט קלאָר ניט דייטליך. איך האב אקוק געטאהן אין דער געגענד, וואו אונזער שיף איז געשטאנען, און האב קוים בעקענט זעהן דיא שפיצען פון דיא זעגעל ביימער.

— מיר זיינען זעהר וויט פון אונזער שיף, האב איך בעמערקט.

— מיר מוזען זיך איילען, האט אַנדריו טהאָמפסאָן געזאגט טרויעריג. ואס שנעלער מיר וועלען קומען אויפ'ן שיף, איז אלץ בעסער פאר אונז.

— איך דענק, אז וואס שנעלער דאס שיף וועט קומען אונז אויפנעהמען, איז אלץ בעסער פאר אונז, האט דער אלטער טאָדד פלוצלונג זיך אָנגערופען וואס רעדט איהר, טאָדד? האט א יונגער מאַטראז געפרעגט, מיר דארפען פאהרען צום שיף, ניט דאס שיף צו אונז.

— איך ווייס ניט, אויב מיר וועלען דערגרייכען דאס שיף, האט טאָדד בעמערקט, וויא אַ מענש וועלכער רעדט צו זיך אליין. איהר זעהט ניט, אז עס איז שוין שפעט, באלד וועט ווערן נאכט. וויא קענען מיר פאָהרען אין דער פינסטער, און נאך שלעפען אַזא שווערן וואַללפיש?

— זיא קען דאך אבער ניט צוקומען צו אונז, ווייל עס איז גאר קיין ווינט ניטא, האט איינער זיך ארייגעמישט, מיר מוזען פאָהרען צו איהר.

דער אלטער טאָדד האט געווארפען אפינסטערן בליק אויף דעם מאַטראז, וועלכער האט געמאכט דיא לעצטע בעמערקונג, און האט גאר ניט געענטפערט.

איך האב פערשטאנען, אז מיט אונז איז עפעס ניט גלאַט: מיר געפינען זיך עפעס אין א געפאהר, אין וואס פאר א געפאַהר אבער מיר געפינען זיך, האב איך אויף קיין פאַלל ניט געקענט פערשטעהן. מיר זיינען פיער און צוואנציג גוטע מאטראָזען, האבען פיער שטארקע באָאָטע, איינינע מייל ווייט פון אונז געפינט זיך אונזער גוטעס, שטארקעס שיף. וואס פאר א געפאַהר קען אלזא זיין פאר אונז?

אונטערדעסען האט יעדער פון אונז געטאהן, וואס ער האט געדארפט. מען האט דורכגעלעכערט דעם עק פון'ם וואַללפיש, און מען האט איהם צו-געבונדען מיט שטארקע שטריק. מען האט צוגעבונדען זיין קאפ אזוי שטארק, אז מיר זיינען געווען זיכער, אז מיר וועלען קענען איהם צושלעפען צום שיף, און מען האט געטאהן אלעס, וואס מען האט געדארפט טאהן, אין אַזא פאַלל.

ווען אונזער ארבייט האט זיך געענדיגט, האט זיך איינער פון אונז אויפ-געהויבען און האט געזאגט:

— יעצט שנעלער צום שיף!

אין דער זעלבער מינוט אבער האט ער אויסגערופען דערשראָקען:

— וואו איז אבער אונזער שיף? — איך זעה דאס שיף ניט!

מיר זיינען אלע אויפגעשפרונגען וויא דיא אָפגעבריהטע, און האבען גע-קוקט אין דער זייט, וואו דאס שיף איז געשטאנען, — עס איז פערשוואונדען, גלייך וויא דאס מעער האט עס פערשלונגען.

אונטערדעסען איז דיא זון אראפגעקומען גאנץ ניעדעריג, און האט גע-האלטען ביים אינטערגעהן. דאס וואסער פון'ם מעער איז געווארען שווערער און געדיכטער, דיא פאַרב פון'ם הימעל איז געווארען דונקעלער און שמוציגער. עס איז געווארען וואַרעמער, אבער דריקענד. מען האט געפילט, אז עפעס טהוט זיך אין דער לופט.

— לאמיר לויפען וואס שנעלער צום שיף! האבען אויסגערופען עטליכע פון אונז, זיא מוז זיין ערגעץ ניט וויט.

— לויפען? וואוהין וועט איהר לויפען, איהר נאררען? האט דער אלטער טאָדד געזאגט בייז.

— וואס דען זאלען מיר טאהן? האבען איניגע געפרעגט.

— מיר האבען צווייא וועגען פאר אונז, האט טהאָמפּסאָן געזאָגט, מיר קענען אפשניידען דיא שטריק, לאזען דעם וואַללפיש דא, און אליין רוד'ערן מיט אלע קרעפטע צום שיף. לויפען, וויא איהר האט געזאגט, אדער מיר קענען צו רודערן צום ברעג, אויפשטעלען א פאָהן אוןווארטען, ביז דאס שיף וועט קומען אונז זוכען. אונזער שיפסקאַפּיטאַן איז א גוט'ער מענש און אַן עהרליכער מאַן, ער וועט ניט אוועקפאהרען פון דאנען און אונז איבערלאזען אליין. ער וועט בלייבען דא א גאנצע וואָך, און זאגאר א מאנאַט, וועט אונז זוכען און וועט אונז געוויס געפינען.

— מיר מוזען לאזען דעם וואַללפיש און לויפען צום שיף, האט דער אלטער טאָדד געזאגט, איהר ווייסט ניט גוט דיזע געגענדען, איהר ווייסט ניט וואס עס טהוט זיך יעצט ארום אונז, עס קומט אָן א שרעקליכער שטורם, וועלכער קען געדויערן עטליכע טעג. ער קען פערווארפען אונזער שיף אזוי וויט, אז זיא וועט ניט זיין אים שטאנד צו קומען צוריק אונז זוכען.

— אלזא שנעלל! האט איינער אויסגערופען, — שנעלל! איבער שניידען דיא שטריק!

מיר האבען זיך יעצט געאיילט. יעדער פון אונז האט אנגעהויבען צו פערשטעהן, וויא גרויס עס איז דיא געפאַהר, אין וועלכער מיר געפינען זיך. דיא ארבייט האט געברענט אין אונזערע הענד. און איניגע מינוט זיינען מיר פערטיג געווארען, און יעדער פון אונז האט גענומען אַ רודער (וויאָסלאָ), און האט געוואלט אנהייבען צו רודערן.

קוים זיינען מיר אוועק געפאהרען צעהן שריט, האט זיך אויפגעהויבען אשרעקליכער ווינט, א נאסער אייזקאלטער ווינט פון יענע געגענדען. דאס מעער איז געווארען שווארץ וויא טינט, דער הימעל איז בעדעקט געווארען מיט וואָלקענס. דיא וועלען (כוואַליעס) פון'ם מעער האבען געשליידערט אונזערע קליינע באָאָטע, וויא דיא שאלעכץ פון ניס. עס האט זיך אָנגעהויבען אשטורם.

— צוריק צום ברעג! האט געשריען דער אלטער טאָאַד.

— צוריק! צוריק! האבען געשריען פיעלע פון אונז.

עס איז געווארען אזוי פינסטער, אז מיר האבען קוים געקענט זעהן איינער דעם אנדערן. דער ווינד האט געראוישט, געפייפט און געהיילט (געוואָיעט). עס האט אָנגעהויבען צו פאַלען אַשנעע, אבער ניט א ווייבער, נאסער שנעע, וויא ער פאלט ביי אונז; דאס איז געוועזן א קאלטער בייסענדער שנעע מיט

לאנגע שארפע נאָדלען, וועלכע האבען געשניטען אונזערע הענד און אונזערע געזיכטער, וויא מיט מעסער.

מיר האבען געמוזט אויפהערען צו רודערן, און זיינען געוועזען העכסט צו־פריעדען, ווען אונזערע באָאָטע האבען זיך אָנגעשלאגען אָן א האַרטע זאך. מיר האבען דאמאלס ניט געוואוסט, וואס דאס איז. א שטיק אַייז אדער דער ברעג פון׳ם לאנד. מיר זינען ארויפגעקראכען אויף׳ן אַייז, האבען ארויפגעשלעפט אונזערע באָאָטע, און האבען פון זיי ארויסגענומען דיא שטריק מיט דיא שטיקער זעגעל, וועלכע האבען זיך דארט געפונען. אויף דיא שטריק האבען מיר זיך אניעדער געזעצט, מיט דיא שטיקער זעגעל טוך האבען מיר זיך צוגעדעקט, אום זיך אביסעל צו שיצען געגען שרעקליכען ווינט.

# 43-טעס קאפיטעל

## מיר בעזעצען זיך אויף׳ן לאַנד.

מיר האבען זיך צוגערוקט איינער צום אנדערן אום זיך צו ווארעמען, און זיינען אזוי אוועק געזעסען איניגע צייט.

— וואס וועט ווערן פון אונז? האב איך געפרעגט שטילערהייד.

— קינדער, עס האט זיך אנגעהויבען אשרעקליכער שטורם, האט דער אלטער טאָדד געזאגט, א זא שטורם געדענק איך ניט, זייט איך האב אנגעהויבען צו פאהרען אויף׳ן אַייז מעער. ווען מארגען אין דער פריה וועט אונזער שיף ניט קומען אונז רעטען, דענק איך, אז פיעלע מענשען אויף איהר וואלטען זיך געשעצט גליקליך צו זיין אויף אונזער פלאַטץ.

דענקט איהר, אז אונזער שיף וועט ניט קענען אויסהאלטען א זא שטורם? האב איך געפרעגט.

— אויף׳ן אַייזמעער איז אלעס מעגליך, האט דער אלטער געענטפערט קורץ און שאַרף.

מיר זיינען אלע געוועזען שרעקליך הונגעריג, עס איז אבער קיינעם ניט געקומען אין קאפ צו רעדען פון עסען. מיר האבען געהאט ביי זיך פראָוויאנט און זאָגאר אקליין אייוועלע, וועלכעס מען האט געקענט הייצען מיט פיש אייל. קיינער האט אבער ניט געדענקט יעצט פון עסען.

פון צייט צו צייט פלעגט איינער פון אונז ארויס שטעקען דעם קאפ פון אונטער דעם זעגעלטוך, אום צו זעהן וואס עס טהוט זיך ארום אונז. — אלעס איז געוועזען פינסטער, אלעס איז געוועזען בעדעקט מיט שנעע.

איך האב אין מיין לעבען ניט געזעהן אזא געדיכטען שנעע. דיא גאנצע לופט פון דיא וואלקענס ביז צו דער ערד איז געוועזען פול מיט שנעע. איידער

מיר האבען זיך אומגעקוקט, איז געווארען א־ום אונז א בארג מיט שנעע. מיר זיינען פעדשנעעט געווארען. דאס איז אבער געווען אונזער גליק. אונטערן שנעע איז אונז געווען ווארם און מיר האבען געקענט זיצען רוהיג אויף אן ארט.

מיר וואלטען שוין געווען צופריעדען און וואלטען געזעסען רוהיג אויף אונזער אָרט, ביז דער שטורם וואלט פאראיבערגעגאנגען, פלוצלונג אבער האבען מיר געפיהלט, אז דיא וועללען (כוואלעעס) פון'ם מעער האבען אנגעהויבען אונז צו וואשען.

— שנעלער, קינדער! לאמיר אנטלויפען פון דאנען! האט דער אלטער טאָדד געשריען.

— נעהמט מיט דיא באָאָטע! האט טהאמפסאן אויסגערופען, — שנעלל! אדער מיר זיינען פערלארען.

דערשראקען, מיעד, אונרוהיג, פערפראָרען און הונגעריג האבען מיר געמוזט זיך אויפהייבען פון אונזערע ווארעמע ערטער נעהמען דיא באָאָטע און קריעכען מיט זיי אין טיעפען שנעע. דער אלטער טאָדד איז געגאנגען פאראויס און האט אונז געוויעזען דען וועג.

מען האט געדארפט זיין גוט בעקאנט מיט דיעזע געגענדען אום צו געפינען דעם וועג אין אזא שרעקליכען שטורם. דער אלטער טאדד אבער האט געוואוסט, וואס ער טהוט און וואהין עס פיהרט אונז, מיר האבען געפיהלט, אז מיר געהן העכער און העכער, בארג ארויף. ענדליך איז ער געבליבען שטעהן און האט געזאגט.

— שארט אוועק דעם שנעע און שטעלט אוים דיא באָאָטע אין אל'ע פיער זייטען.

מיר האבען איהם פערשטאנען און האבען געארבייט, וויא דיא א־יזלען. מיט דיא רודער פון דיא באָאָטע האבען מיר אוו־ק געשאררט דעם שנעע, האבען אויסגעשט־לט דיא באָאָטע און אלע פיער זייטען און האבען זיך אריינגעזעצט אין דער מיט.

מיר האבען זיך ווידער צוגערוקט איינער צום אנדערן און האבען זיך צוגעדעקט מיט דיא שטיקער זעגעל. עס איז פערגאנגען אגערוימע צייט. ביז מיר האבען זיך אנגעווארעמט און האבען ווידער געקענט רעדען אווארט איינער צום אנדערן.

— וואס איז דארט אזעלכעס געשעהן? האט געפרעגט איינער פון אינז.

— עס קומט אן דיא פלוט, האט דער אלטער טאָדד ערקלערט, היינט ביי נאכט וועט זיין אזעהר הויכע פלוט, דער שטורם טרייבט דאס וואסער פון'ם מעער אויפ'ן ברעג. ווען מיר וואלטען געבליבען אויף יענעם ארט, וואלט דיא פלוט אונז פערגאסען און מיר וואלטען דערטרונקען געווארען.

דאס וואסער אין מעער קומט צו אלע זעקס שטונדען און פערגיעסט דעם ברעג; דיא אנדערע זעקס שטונדען לויפט עס אוועק פון'ם ברעג, — עס ציעהט זיך צוריק. דיא צייט ווען דאס מעער קומט צו צום ברעג, הייסט „פלוט". דיא צייט ווען דאס מעער ציעהט זיך אפ פון ברעג הייסט „עבבע".

מיר זיינען געזעסען אויפ'ן ברעג גאנץ נאהענט צום וואסער. דאס מעער האט אנגעהויבען צו צוקומען אין אונז צו פערגיעסען. מיר האבען געמוזט אנטלויפען אויף א העכערן אָרט, וואו דיא פלוט האט ניט געקענט צו קומען.

מיר זיינען יעצט געווען זיכער, ווען מען קען זאגען „זיכער" אויף מענשען, וועלכע געפינען זיך אין אזא זאנדערבארער לאגע, מיר זיינען אבער דערווייל געווען זיכער געגען דאס מעער.

דער שטורם האט נאך אליץ גערוישט און געקאכט איבער אונז און ארום אונז. מיר האבען זיך אביסעל דערווארמט און זיינען אנטשלאפען געווארען. איך וויים ניט, אויב אלע זיינען געשלאפען, איך וועניגסטענס בין געווען אזוי מיעד און אזוי צובראכען, אז איך האב אנגעשפארט מיין קאפ אויף איינעם פון מיינע קאמעראדען און בין געשמאק אנטשלאפען געווארען.

וויא לאנג איך בין אזוי געשלאפען, וויים איך ניט. איך האב מיך אויפגעחאפט, ווייל עס איז מיר געווארען שרעקליך קאלט. איך האב גע־ציטערט פאר קעלט, עס האט מיר געקלאפט איין צאהן אן אנדערן און איך האב געוואלט אויפשפרינגען און אנהויבען צו טאנצען אום מיך אביסעל אנ־צו־ווארעמען, איך האב אבער געהערט, אז מיינע קאמעראדען לעבען מיר שלאפען געשמאק און האב זיי ניט געוואלט וועקען.

איך האב מיך נור צוגערוקט נעהנטער צו זיי און האב אנגעהויבען צו הויכען אין דיא הענד אום זיך אביסער צו דער ווארעמען. אין מיין קאפ זיינען געקראכען אלערלייא טרויעריגע געדאנקען.

— וואס וועט דען ווערן פון אונז? האב איך מיך געטראכט, ווען דיעזער שטורם וועט ווירקליך געדויערן עטליכע טעג, וויא דער אלטער טאָדד האט געזאגט, דאן וועלען מיר פערפרארען ווערן, אדער מיר וועלען שטארבען פון הונגער און פון קעלט.

איך האב מיך דערמאנט אן דער שרעקליכער קראנקהייט — סקאָרבוט וועלכע טרעפט זיך נור אין דיעזע געגענדען, און בין געווארען נאך טרויערי־גער. דער אלטער טאָדד האט בעשריעבען דיעזע קראנקהייט אלס שרעקליך און געפעהרליך.

— וואס וועט אלזא זיין, ווען איינער פון אונז וועט בעקומען דעם סקאָרבוט?

אזוי וויא איך האב אזוי געטראכט. האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך הער איינעם רעדען. עפעס א גראבע, ווילדע, אונמענשליכע שטימע

האט געברומט אדער געערדט צו זיך אליין. איך האב מיך אנפאנגס דער-שראקען און האב געוואלט אויפוועקען מיינע קאמעראדען, באלד אבער האב איך מיך איבערלעגט, אז זיי וועלען מיך דאך אויסלאכען.

— ווער קען דען קומען אין דיעזער ווילדער געגענד? רויבער האבען דא ניט וואס צו טאהן, רייזענדע קומען ניט אהער.

איך האב אויפגעשטעלט מיינע אויערן און האב מיך בעסער צו גע-הערט. — מען ברומט, מען שאררט, מען קראצט און מען עסט!

— וואס זאל דאס זיין? האב איך אויסגערופען. — איך מוז עס זעהן.

איך האב שטילערהייט אויפגעהויבען דעם זעגעלטוך, מיט וועלכען מיר האבען אונז צו געדעקט, און האב דערזעהן מיט שרעק און שטוינען א גרויסען ווייסען בער. ער האט אוועק געשאררט דעם שנעע פון אונזערע באָטע, האט ארויסגענומען אלעס, וואס ער האט נור געקענט עסען און האט עס אויפגעגעסען, ווען איך האב איהם דערזעהן, האט ער געגעסען א גרויס שטיק געזאלצענעס פלייש, וועלכעס מיר האבען מיט גענומען פון'ם שיף.

דאס האט מיך שוין פערדראסען. איך בין אויפגעשפרונגען, האב גע-חאפט א שפיעז פון דעם באָט לעבען מיר און האב איהם אריינגעשטאכען דעם בער אין פוס. איך האב געוואלט איהם טרעפען אין בויך, איך בין אבער געוועזן אזוי איבערראשט, אז איך האב איהם געטראפען אין פוס.

דער בער איז א פאר אויגענבליקע געוועזן איבערראשט, ער האט ניט ערווארטעט, אז מען זאל איהם שטערן אין זיין פריהשטיק און איז געוועזן זעהר אינצופריעדען, וואס איך האב איהם אויפגענומען אזוי אונפריינדליך. ער האט געקוקט אויף מיר א פאר אויגענבליקע, דאן האט ער ארויסגעלאזען א שרעקליכען ברום און האט זיך אווארף געטאהן אויף מיר.

איך בין אבער געשטאנען אביסעל צו ווייט פון איהם און ער איז ארויפגעשפרונגען אויף מיינע קאמעראדען. אלע האבען זיך אויפגעהאפט און זיינען אויפגעשפרונגען, וויא דיא אפגעבריהטע.

— וואס איז דא? ווער איז דא? האבען זיי געשריען.

— עס איז א ווייסער בער! האפט אייערע שפיעזען און דיא הארפונען! האב איך געשריען צו זיי.

דער בער איז געווארען צומישט, עס האט זיך איהם קיין מאל ניט געחלומט, אז ער וועט דא טרעפען אזא גרויסע געזעלשאפט. ער האט אליין ניט געוואוסט, פאר וועמען ער זאל זיך צו ערשט פארשטעלען. אויך מיינע קאמעראדען זיינען אין דער ערשטער מינוט געוועזן איבערראשט. זיי האבען זיך אויך ניט געריכט אויף א וויזיט פון הערן ווייסבער.

דער ערשטער װעלכער איז געקומען צו זיך פון זיין שרעק און איבער־ראשונג, איז געװען אנדריו טהאמפסאן. ער האט געחאפט א הארפונע און האט זיא איװארף געטאהן דעם בער אין קאפ. װאלט ער געטראפען דעם בער מיט דער שארפער זייט פון דער הארפונע, װאלט ער איהם פיעלייכט גע־טייטעט, ער האט איהם אבער געטראפען מיט דער ברייטער זייט פון דער הארפונע און האט איהם נור געגעבען א שטארקען זעץ אין קאפ.

דער בער איז אניעדער געפאלען האט זיך אבער באלד אויפגעהויבען, האט זיך געשטעלט אויף דיא הינטערשטע פיס, האט אנגעהויבען שרעקליך צו ברומען און האט געװאלט אזעץ טאהן איינעם פון אונז מיט זיין ברייטע פארדערסטע לאפע.

דאס האט איהם אבער דער אלטער טאָדד ניט ערלויבט. ער האט געחאפט דיא צװייטע הארפינע און האט זיא אריינגעשטאכען דעם בער אין ריקען. דער בער איז אומגעפאַלען, טהאמפסאן און אונזערע האבען איהם דאן דערשטאכען מיט דיא שפיעזען.

אין איינינע מינוט איז דער בער געװען טויט. אונזער געזעלשאפט איז איהם ניט װאיל בעקומען, ער איז אבער אליין שולדיג געװען אין דעם, װאס מיר האבען איהם אויפגענומען אזוי אונהעפליך. מיר האבען זיך ערשט אומגעקוקט און האבען דערזעהן, אז ער האט אויפגעגעסען אונזער גאנצען פראָװיאַנט.

— װייסט איהר, קינדער, װאס פאר אלעקציאן דער בער האט אונז געגעבען? האט טהאמפסאן געפרעגט.

אזוי װיא קיינער האט איהם ניט געענטפערט, האט ער װייטער געזאגט:

— ער האט אונז געלערענט, אז מען מוז שטענדיג שטעהן אויף דער װאך. מען טאר ניט אלע אנטשלאפען װערן.

— ער האט אונז געגיבען נאך אן ערגערע לעקציאן, האט זיך איינער אפגערופען, ער האט אויפגעפרעסען אונזער פראָװיאַנט.

— ער האט אונז אבער איבערגעלאזען אנדער פראָװיאַנט, האט דער אלטער טאָדד געענטפערט.

— װאו? װאס פאר א פראָװיאַנט האט ער אונז איבערגעלאזען?

— זיין פעל און זיין־פלייש, האט טאָדד געענטפעעט, אזא בער װעגט געװיים איבער דרייא הונדערט פונט און בערן פלייש איז גאר ניט אזוי שלעכט צו עסען.

דער שנעע האט אויפגעהערט, דער שטורם אבער האט נאך אלץ געדויערט. דער הימעל איז נאך אלץ געװען בעדעקט מיט װאלקענס און דאס מעער האט געקאכט, װיא א קעסעל. דיא נאכט איז פאראיבער עס איז אבער געקומען אזאנדערבארער טאג. עס איז געװען ניט טאג און ניט

נאבט. עס איז געווען אזוי דונקעל, אז מען האט קיים געקענט זעהן אויף עטליכע הונדערט שריט ווייט פון זיך.

מיר האבען גאר ניט געקענט טאהן אין אזא וועטער און איינע פון אונז האבען געזאגט:

— וואס וועלען מיר שטעהן און קוקען אויף דיזע טרויעריגע געגענד, לאמיר זיך צוריק לעגען שלאפען, פיעלייכט וועט דער שטורם אין גאנצען אויפהערען און מיר וועלען קענען עפעס טאן אים צו געפינען אונזער שיף.

— מיר מוזען אבער אויסשטעלען א וואך, האט טאד געזאגט, ווער וויל זיין דער ערשטער צו האלטען דיא וואך?

— איך וויל ניט שלאפען, האב איך געזאגט, איך וויל שטעהן אויף דער וואך.

מיר האבען אפגערעדט, אז יעדער פון אונז זאל שטעהן אשטונדע אויף דער וואך. אזוי וויא מיר האבען ניט געהאט קיין זייגער ביי זיך, האט יעדער געדארפט בערעכנענען דיא שטונדע, וויא ער האט עס פערשטאנען.

מיינע קאמעראדען האבען אוועק געשארט דעם שנעע, האבען אניעדערגעלעגט דעם טויטען בער אין דער מיט און האבען אנגעשפארט זייערע קעפ אויף איהם. האבען א וויסען בער אלס קישען אין גאר ניט אזוי שלעכט. זיינע לאנגע געדיכטע ווייסע האר זיינען גאנץ ווארם.

זיי האבען זיך אניעדערגעלעגט, האבען זיך צו געדעקט מיט דיא זעגעל און זיינען אויך באלד אנטשלאפען געווארען. דאס האט מיך ניט געוואונדערט. ווען מען ארבייט אפ צעהן—פונפצעהן שטונדען נאך אנאנד ביים האפען פון א וואללפיש, קען מען שוין מיעד ווערן און מען וויל שוין שלאפען.

איך בין געשטאנען אויף דער וואך. אום זיך אנצו ווארעמען האב איך געטאנצט, געקלאפט מיט דיא הענד און אונטערגעשפרונגען. איך וויים, אז ווען איינער פון אייראפא זאל געווען מיך זעהן שטעהן אויף דער וואך, וואלט ער פון מיר געוויס געלאכט. עס איז אבער קיינער ניט געווען און איך האב געקענט טאהן, וואס איך האב געוואלט.

איך האב אניעדערגעשטעלט לעבען מיר דרייא שפיעזע און א הארפונע. מיט דיזע אינסטרומענטען האב איך געוואלט עמפפאנגען אנאנדער בער, ווען ער וועט וועלען מאכען אונז א וויזיט.

איך בין אזוי אוועקגעשטאנען גענען א האלבע שטונדע, ווען דאס שטיק זעגעלטוך האט זיך אויפגעהויבען און אנדריו טהאמפסאן איז ארויס-געקראכען פון אונטער איהר.

— עס איז נאך פריה, טהאָמפּסאָן, האב איך איהם געזאגט, איהר מעגט נאך שלאפען.

— איך קען ניט שלאפען, דיק, האט ער געענטפערט, געה דוא שלאפען און איך וועל שטעהן אויף דער וואך.

— איך וויל נאך ניט שלאפען.

— דאן וועלען מיר ביידע שטעהן אויף דער וואך.

ער האט אויך אביסעל אונטערגעטאנצט און אונטערגעשפרונגען אום זיך אנצו ווארעמען און ווען ער האט זיך אנגעווארעמט, האט ער ארייגגע-שטאכען א שפיעז אין שנעע און האט זיך אויף איהם אנגעשפארט.

— ווייסט דוא, דיק, אז מיר געפינען זיך אין א זעהר ניט גוטע לאגע, האט ער געזאגט צו מיר. איך ווייס ניט, אויב אונזער שיף האט אויסגעהאלטען דעם שרעקליכען שטורם.

— אונזער שיפסקאפיטאן איז אן אלטער, ערפאהרענער מאטראָז, האב איך בעמערקט, ער וועט שוין וויסען, וויא צו קאָמאנדירען זיין שיף אין אזא שטורם, ביי איהם איז עס געווים ניט דאס ערשטע מאל.

— דאס איז גאנץ ריכטיג, וואס וועט אבער זיין, ווען דער שטורם האט פערווארפען דאס שיף זעהר ווייט פון דאנען? וואס וועט זיין, ווען דער שטורם האט אנגעבראכט אזוי פיעל אייז אין דיעזע געגענד, אז ער וועט ניט קענען צו קומען צו אונז? וואס וועט דאן זיין?

— איך ווייס ניט, האב איך געענטפערט.

— הער נור, דיק, איך ווייס, אז דוא ביסט א געבילדעטער יונגערמאן. פון דעם ערשטען מאל, וואס איך האב דיך דערזעהן, ביסט דוא מיר געפעלען. איך קען מיר ניט ערקלערן, פאר וואס דאס איז, איך האב אבער צוטרויען צו דיר. איך זעה יעצט, אז מיר געפינען זיך אין אזא שלעכטער און טרויעריגער לאגע, וויא מיר האבען זיך נאך קיין מאל ניט געפונען.

— איך זעה אויך, אז אונזער לאגע איז ניט אם בעסטען, האב איך געענטפערט, מיר האבען שוין צוזאמען דורכגעמאכט גענוג געפאהרען. ווען מיר האבען זיך געפונען אייפ'ן אייזבערג, איז אונזער לאגע געוועזען זעהר אונאנגענעהם. מיר האבען זיך געפינען יעדע מינוט אין לעבענס געפאהר, מיר האבען אבער געהאט א האפנונג, אז א שיף וועט אנקומען און וועט אונז רעטען. אזוי איז עס אויך געשעהן.

— דוא האסט פאלקאָמען רעכט, האט טהאָמפּסאָן געזאגט, יעצט אבער האבען מיר דיעזע האפנונג ניט. ווען אונזער שיף וועט ניט קומען אונז צו-הילף, וועלען מיר מוזען איבערווינטערן אין דיעזע געגענד. מיר וועלען מוזען פערברענגען דא א גאנץ יאהר, אדער וועניגסטענס עלף מאנאטע. וויא מיר

וועלען זיך דורכשלאגען, וויא מיר וועלען אויסהאלטען דעם שרעקליכען ווינטער, פון וואס מיר וועלען לעבען, — ווייס איך ניט.

— וואס קענען מיר אלזא טאהן?

— דאס איינציגע, וואס מיר קענען דערוויל טאהן, איז אויפצומונטערן אונזערע קאמעראדען, זיי איינציפליעסען כוטה און זיי אויפצומונטערן. מיר טארען ניט דערלאזען, אז איינער פון זיי זאל פערצווייפלען, זאל פערליערען דעם קוראזש און זאל ניט וועלען ארבייטען. מיר מוזען אויסזוכען בעשעפטיגונג פאר זיי און ניט דערלאזען, אז זיי זאלען זיצען אויף איין ארט.

— האבען מיר דען שוין גאר קיין האפנונג? האב איך געפרעגט.

— איך זעה קיינע רעטונג פאר אונז, האט טהאמפסאן געענטפערט, דיעזער שטורם איז דער ערשטער אין דיעזען ווינטער, עס וועלען קומען נאך אנדערע שטורמווינטען. אין דיעזע געגענדען קען מען קיין מאל ניט וויסען, ווען עס וועט קומען א שטורם. איך גלויב ניט, אז אונזער שיף אדער אנ- אנדער שיף זאל נאך דורכפאהרען דיעזע געגענד און זאל אינז דערזעהן.

— איך דענק, אז אונזער שיפסקאפיטאן וועט קומען אונז זוכען.

— דענק גאר ניט, דיק! קאפיטאן ראנדאל, — אזוי האט געהייסען אונזער שיפסקאפיטאן, איז א גוטער און אן עהרליכער מאן, ער וועט אבער ניט ריזיקירען זיין לעבען און דאס לעבען פון זיינע מאטראזען און קומען אהער, וואו ער קען געפינען נור אייז.

— וואס דען זאלען מיר טאהן?

מיר וועלען מוזען זיך בויען אהויז דא ערגעץ און איבערווינטערן, האט טהאמפסאן ענדליך זיך ארויסגעזאגט.

— ווען מיר זאלען האבען האלץ, פון וואס צובויען א הויז, וואלטען מיר עס געטאהן, מיר האבען דאך אבער נור אונזערע באטס, וואס קענען מיר מאכען מיט זיי? מיר וועלען דאך פערפרארען ווערן, וויא דיא היהנער, ווען עס וועט זיך אנהויבען דיא גרויסע קעלט.

— דיא עסקימאסען האבען אויך קיין האלץ און זיי לעבען דאך אין דיעזער געגענד, האט טהאמפסאן בעמערקט. מיר וועלען מוזען זיך לערנען פון דיא עסקימאסען, וויא צו צוברענגען א ווינטער אויפ'ן אייזמעער.

עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען, ווען איך האב געזעהן, וויא טרויעריג און פערצווייפעלט מיין פריינד טהאמפסאן איז. און דענאך האט ער מיר געמאכט מוטה, האט מיר איינגעפליעסט קוראזש און האט מיר גע- וואלט איינרעדען, אז מיר וועלען זיך דאך דורכשלאגען.

מיר האבען אזוי אוועקגערעדט איניגע שטונדען, קיינער האט ניט געוואלט שלאפען פון צייט צו צייט פלעגט איינער פון אונז נעהמען א שפיעז

אין דער האנד און ארויפגעהן אויף אבערגעל ניט ווייט זעהן, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן מעער.

דער שטורם האט אנגעהויבען זיך צו בערוהיגען אויפ'ן לאנד, אויפ'ן מעער אבער האט ער נאך אלץ געקאכט און גערוישט. דיא כוואליעס זיינען געוועזן הויך, וויא בערג, און האבען זיך אנגעשלאגען אן דיא שטיינער פון דעם לאנד, וואו מיר האבען זיך געפונען.

וואו מיר האבען זיך געפונען, אין גרענלאנד, אדער ערגעץ אויף אן אינזעל, האט קיינער פון אונז דערוויל ניט געוואוסט.

— דיא איינציגע וויכטיגע פראגע פאר אונז איז: געפינען זיך עסקימאסען אין דיעזער געגענד, אדער ניט? האט טהאמפסאן געזאגט צו מיר.

— וואס מאכט עס אונז אויס?

— ווען עס געפינען זיך דא עסקימאסען, וועלען מיר איבערווינטערן ביי זיי, האט טהאמפסאן געענטפערט.

## 44-טעס קאפיטעל

### מיר זעהען א שיף.

מיינע קאמעראדען האבען זיך ענדליך אנגעהויבען אויפצוהעבען פון זייערע געלעגער. איינער נאכ'ן אנדערן האבען זיי זיך אויפגעהאפט, זיינען ארויסגעקראכען פון אונטער'ן זעגעל און האבען אקוק געטאהן אויף דאס מעער און אויפ'ן הימעל.

טרויעריג האט יעדער אראפגעלאזען דעם קאפ, ווען ער האט דער-זעהן, אז דאס מעער איז נאך ווילד און דער הימעל איז נאך פערדעקט מיט וואלקענס. יעדער האט געמורמעלט שטילערהייט:

— אלזא, קיין הילף און קיין רעטונג!

ערשט יעצט האב איך פערשטאנען, וואס אנדריו טהאמפסאן האט מיר געזאגט מיט עטליכע שטונדען צוריק, אז מיר דארפען ניט דערלאזען אונזערע קאמעראדען פעו צווייפלען. איך האב געוואוסט, אז זיי דארפען זיין הונגעריג און דאך האט קיינער ניט גערעדט פון עסען. איך האב געוואוסט, אז יעדער דארף זיין נייגיעריג צו וויסען, אויב מען האט ניט געזעהן אונזער שיף און דאך האט קיינער ניט גערעדט אווארט פון רעטונג, פון א שיף אדער פון איבערווינטערן.

אגליקליכער געדאנק איז מיר געקומען אין קאפ.

— פריינד! האב איך אויסגערופען, דיא ערשטע זאך, וואס מיר מוזען טאהן, איז אוים צו וועהלען אן עלטסטען, א קאפיטאן, וועלכער זאל

אונז פיהרען און זאל זיך זארגען פאר אלעמען. ער זאל בעפעהלען און מיר וועלען אויספאלגען אלעס, וואס ער וועט אונז הייסען טאהן. אין אונזער לאגע וועט עס זיין זעהר שלעכט, ווען איינער וועט טאהן אזוי און דער אנדערער וועט טאהן אנדערש.

מיין פלאן איז געפעלען. מען האט אנגעהויבען צו רעדען און צו טראכטען, ווער עס זאל זיין אונזער קאפיטאן. איינינע האבען געזאגט, אז דער אלטער טאָדד זאל זיין אונזער קאפיטאן, אנדערע האבען געוואלט אַנדריו טהאָמפסאָן, ווייל ער איז אינגער און שטארקער פונ'ם אלטען טאָדד.

אלע זיינען געווארען לעבעדיגער. מען האט אנגעהויבען צורעדען, צו ערקלערן, צו שטרייטען, צושפארען זיך און זאָגאַר זיך צו קריעגען. ענדליך האט מען בעשלאסען, אז מען זאל אבשטימען. ווער עס וועט האבען מעהר שטימען, דער וועט זיין קאפיטאן. מען האט אבגעשטימט און מיין פריינד, אַנדריו טהאָמפסאָן, איז געוועהלט געווארען אלס קאפיטאן.

איך בין געווען זעהר צופריעדען מיט דעם געוועהלטען קאפיטאן, טאָדד איז געווען אַן אלטער, ערפאַהרענער און זעהר פעהיגער מאַטראָז, ער האט אבער ניט געטויגט אלס קאפיטאן, אלס פיהרער פון א הויפען מענשען.

אַנדריו טהאָמפסאָן האט איינגעוויליגט צו זיין אונזער קאפיטאן, אבער נור מיט דער בעדינגונג, אז וואס ער וועט הייסען, זאל מען באלד אויספאלגען, אלע האבען איינגעוויליגט.

— דיא ערשטע זאך, וואס איך וועל בעפעהלען אלס אייער קאפיטאן, האט טהאָמפסאָן געזאגט, איז איהר זאלט אפשינדען דעם וויסען בער, איהם אויסרייניגען און זיך שטעלען קאָכען א ווארעמע זופ פאר אלעמען.

דערביי האט ער געזאגט, ווער עס זאל אפשינדען דעם בער, ווער עס זאל מאכען פייער אין דעם קליינעם אייל אויווען, וועלכען מיר האבען געהאט ביי זיך, און ווער עס זאל קאָכען.

מיר האבען באלד זיך איבערצייגט, אז מיר האבען אויסגעקליבען דעם ריכטיגען מענשען. אַנדריו טהאָמפסאָן האט געוואוסט וויא צו בע־שעפטיגען זיינע מענשען.

אזוי וויא יעדער מאַטראָז האט ביי זיך זיין פייער געציג, איז עס אונז ניט שווער געווען צו מאכען א פייער אין אונזער קליינעם, אייזערנעם אייוועלע. מיר האבען געהאט ביי זיך קעסעלעך און בלעכלעך. מיר האבען אין זיי אנגעלעגט שנעע און האבען אנגעהויבען צו קאָכען.

מען האט אפגעשונדען דעם וויסען בער, מען האט אויסגעשניטען פון איהם שטיקער פלייש און מען האט אנגעהויבען זיי צו קאָכען.

יעדער איז געווען בעשעפטיגט, יעדער האט געהאט אַן ארבייט; קיינער

האט קיין צייט געהאט צו דענקען איבער זיין לאַגע, ווייל ער האט געמוזט אויספאלגען, וואס דער קאַפּיטאן האט געהייסען.

איך בין אויך ניט געשטאנען לעדיג. טהאָמפּסאָן האט מיך און נאך איינעם געשיקט צום ברעג פונ'ם מעער זעהן, פיעלייכט וועלען מיר געפינען א זאך, וואס מען קען עסען.

— יעצט איז דיא צייט פון עבבע, האט ער געזאגט צו אונז, דאס מעער האט זיך צוריק געצויגען פון ברעג. געוועהנליך ברענגט אן דיא פלוט פערשיעדענע זאכען, וועלכע בלייבען ליעגען אויפ'ן ברעג, ווען דיא עבבע קומט אן. ברענגט, וואס איהר וועט געפינען.

מיר זיינען געגאנגען מיט פערגניגען צום ברעג פונ'ם מעער. דאס מעער האט ווירקליך ארויסגעווארפען פערשיעדענע זאכען, וועלכע האבען אונז אבער ניט גענוצט. דיא איינציגע זאך, וועלכע מיר האבען געקענט נוצען, איז געווען א גרויסער קלאָץ, א שטיק פון א זעגעלבוים אדער א קלאָץ פון אן אונטערגעגאנגענעם שיף.

מיר האבען פערווארפען א שטריק אויפ'ן קלאָץ און האבען איהם גע-בראכט אין לאַגער.

— עס וועט אונז צוניצקומען, האט טהאָמפּסאָן געזאגט, ער וועט אונז נוצען, ווען מיר וועלען בויען א הויז אדער מיר וועלען מאכען פון איהם פייער.

אונטערדעסען איז דאס עסען פערטיג געווארען. טהאָמפּסאָן האט אונז צוטהיילט אין פיער פארטיען, אין יעדער פארטיע זיינען געווען זעקס מענשען. יעדע פארטיע האט זיך געזעצט אין איהר באָאָט און האט געגעסען פון דעם געשירר, וועלכעס האט זיך געפונען אין באָאָט.

דיא ווארעמע זופּ האט אונז דערקוויקט. דאס פלייש פון א ווייסען בער איז ניט אזוי געשמאַק, מיר האבען עס אבער געגעסען מיט'ן בעסטען אפּעטיט, ווייל מיר זיינען אלע געווען שרעקליך הונגעריג.

נאכ'ן עסען זיינען אלע געווארען אביסעל פרעהליכער. מיר האבען זיך אויסגעזעצט אין דיא באָאָטע, וואו מיר האבען געגעסען און האבען אנגעהויבען צו רעדען און זיך צוברעכען איבער אונזער לאַגע.

— מיר האבען יעצט אפּגעגעסען און זיך אנגעווארעמט, האט זיך אפּ-גערופען איינער פון אונז, — וואס ווערט אבער דער פון? מיר געפינען זיך אין אשרעקליך קאלטער געגענד. דער ווינטער הייבט זיך ערשט אן. דערוויל האבען מיר נאך א לאנגען טאג און א קורצע נאכט. וואָס וועלען מיר טאהן, ווען דער שטרענגער ווינטער וועט זיך אנהייבען? עס וועט ווערן אזוי, קאלט, אז א ווייסער בער קען פערדארבען ווערן. וויא וועלען מיר עס אויסהאלטען?

— זעהט, קינדער, וויא אונגערעכט איהר זייט! האט אַנדריו טהאָמפּסאָן

געענטפערט, איהר זעהט דאך אליין, אז פראָוויאַנט איז געקומען צו אונז, ווען מיר האבען עס ניט ערוואַרטעט, פאר וואס זאלען מיר אלזא ניט האפען, אז מיר וועלען האבען דיא מעגליכקייט איבער צו ווינטערן אין דיזער געגענד?

— איהר פערגעסט, טהאָמפסאָן, אז דאס איז געווען א צופאַלל, האט איהם איינער געענטפערט. ניט אלע טאג קומען ווייסע בערן און לאָזען זיך אזוי לייכט טייטען. עס איז נאך גוט יעצט, ווען מיר האבען אלאנגע טאג און דיא קעלט איז ניט אזוי שטארק. יעצט איז נאך דאס מעער ניט אין גאנצען פעעפראָרען און מיר קענען נאך געפינען אין מעער וואס צו עסען. וואס וועלען מיר אבער טאהן, ווען דיא קעלט וועט אנקומען, דאס מעער וועט פערפראָרען ווערן, מיר וועלען מוזען זיצען אויף איין אָרט און וועלען אויס-שטארבען פון הונגער און קעלט.

— ווייסט איהר דען ניט, אז פיעלע מענשען פאר אונז האבען איבער-געווינטערט אין דיזע געגענדען? האט טהאָמפסאָן געפרעגט. ווייסט איהר דען ניט, אז הונדערטער שיפען זיינען שוין אונטערגעגאנגען אין דיזע געגענדען, דיא מאטראָזען האבען זיך גערעטעט, און האבען פערבראכט א יאָהר, און זאָגאַר צוויא יאהר אין דיזע קאלטע לענדער? פאר וואס זאלען מיר ניט זיין אים שטאנד עס צו טאהן? פאר וואס זאלען מיר פערליערען דעם מוטה? פאר וואס זאלען מיר פערצווייפ׳עלן? פאר וואס זאלען מיר פערליערן יעדע האפנונג?

דיזע ווערטער האבען אביסעל בערוהיגט אונזערע קאַמעראַדען.

— וואס זאלען מיר אבער טאהן? האט מען געפרעגט, מיר קענען דאך ניט בלייבען, וואו מיר זיינען?

— מיר מוזען אָבוואַרטען, ביז דער שטורם אויפ׳ן מעער וועט אויפהערן, האט טהאָמפסאָן ערקלערט, מיר האבען נאך א האָפנונג, אז אונזער שיף וועט קומען אונז זוכען. מיר האבען נאך אַן אנדערע האפנונג, —

— וואס פאר אַן אנדערע האפנונג האבען מיר נאך?

— מיר ווייסען נאך ניט, אויב אונזער שיף איז געווען דאס לעצטע אין דער מעלווילל בוכטע. עס קען זיין, אז דארט געפינען זיך נאך שיפען, וועלכע וועלען באלד פאַרביי פאהרען דיזע געגענד. זיי וועלען דערזעהן אונזער סיג-נאַל און וועלען קומען אונז רעטען. מיר מוזען אלזא בלייבען דא נאך עטליכע טעג, ווען מיר וועלען זיך איבערציינגען, אז מיר האבען שוין גאר קיין האפנונג, וועלען מיר בויען אהויז פארן ווינטער, און וועלען אנגרייטען אלעס, וואס מיר וועלען קענען, אויפ׳ן ווינטער.

אלע זיינען געווען צופריעדען דער מיט, און האבען אנגעהייבען צו מאכען אבעסערע קווארטיר פאר דיא קאלטע נאכט. אונזערע באָאָטע זיינען אונז יעצט צו נוץ געקומען. מיר האבען זיי אויפגעשטעלט אין דער הויך, און האבען זיי איבערגעדעקט מיט שטיקער זעגעל טוך. מיר האבען אלזא געמאכט א געצעלט,

וואו מיר האבען געקענט זיצען. דאס פעל פון'ם ווייסען בער האבען מיר אויס-געשפרייט אויף דער ערד, און מיר האבען זיך אויסגעזעצט אויף איהר.

דער טאג איז אזוי פערגאנגען, עס איז ווידער געווארען נאכט. טהאמפסאן האט איינגעטהיילט דיא וואכען, און יעדער פון אונז איז געשטאנען פינקטליך זיין צייט אויף דער וואך.

אום עס זאל אונז זיין ווארעמער אין אונזער געצעלט, האט טהאמפסאן געהייסען אנצינדען דעם אויווען. ווען מיר זיינען אוועק געפאהרען פון שיף, האבען מיר מיטגענומען אביסעל פישטראהן און אבלעכעל, אום צו הייצען דער מיט דעם אויווען. יעצט אבער איז דער פישטראהן אויסגעגאנגען. מיר האבען איהם אין גאנצען אויסגעברענט, ווען מיר האבען געקאכט אונזער מיטאג. טהאמפסאן האט געהייסען נעהמען דאס שמאלץ פון'ם ווייסען בער און עס אנלעגען אין אויווען. דאס שמאלץ האט געברענט זעהר גוט, און מיר האבען געהאט ביי וואס זיך צו ווארעמען.

דיא נאכט איז פערגאנגען גאנץ רוהיג. קיין בער איז מעהר ניט געקומען אונז בעזובען, און מיר האבען געקענט שלאפען בעסער און בעקוועמער אין אונזער געצעלט, וויא דיא פאריגע נאכט. מיר האבען זיך גוט אויסגעשלאפען, און זיינען אויפגעשטאנען אין דער פריה מונטער און פרעהליך.

דער שטורם האט אביסעל נאכגעלאזען, דאס מעער איז אבער נאך אלץ געווען זעהר אונרוהיג.

מיר זיינען ארויפגעקראכען אויף א בערגעל, וועלכער האט זיך געפונען ניט ווייט פון אונזער לאגער, און האבען געקוקט אויפ'ן מעער. — קיין שפור פון א שיף! מיר האבען אריינגעשטעקט א שפיעז אויפ'ן בערגעל, און האבען צו איהם צוגעבונדען א רויט העמד פון א מאטראז. דאס איז געווען אונזער פאהן, א סיגנאל, אז דא געפינען זיך מענשען אין דער נויט, וועלכע בעטען, מען זאל זיי העלפען.

ווען מיר האבען געענדיגט דיעזע ארבייט, האבען מיר געמאכט פריהשטיק. דער ווייל האבען מיר נאך געהאט גענוג שמאלץ פאר אונזער אויווען, און גענוג פלייש צו קאכען. מיר האבען אלזא אפגעקאכט גענוג פלייש.

נאכ'ן עסען האבען מיר ווידער זיך בעראטהען איבער אונזער לאגע.

— ווען דער ווינד זאל אויפהערן, וואלטען מיר געקענט פאהרען חאפען פיש, האט טהאמפסאן געזאגט. ווען מיר האבען געקענט חאפען וואללפיש און נארוואללע פאר פרעמדע, פאר וואס זאלען מיר עס ניט קענען פאר זיך? ווען מיר זיינען געווען אין שטאדט „ליפלי", האבען מיר געזעהן, וויא דיא עסקימאסען בויען זייערע הייזער פון דיא ביינער פון דיא וואללפיש, פאר וואס זאלען מיר זיי ניט נאכטאהן?

דאס איז געווען א גאנץ נייער פלאן וויא איבער צו ווינטערן אין דיעזער

געגענד. דיעזער פלאן איז אויך געוועזן א גאנץ ריכטיגער. מיר זיינען פיער און צוואנציג מענשען, אלע גוטע וואַללפיש פאנגער. ווען מיר האבען געקענט פאנגען וואַללפיש און נאַרוואַללס פאר פרעמדע, פאר געלד, פאר וואס זאלען מיר עס ניט טאהן פאר זיך? דיא ביינער פון'ם וואַללפיש און דער פישביין, קען אונז ניצען אלס מאטעריאַל צו בויען אהויז, מיט דיא פעל פון'ם וואַללפיש קענען מיר צודעקען אונזער הויז און מאכען ווענט. ווען מיר וועלען נאך ארומלעגען דיא ווענט מיט שנעע, וועלען מיר האבען א גאנץ וואַרעמעס הויז. דאס שמאַלץ פון'ם וואַללפיש קען אונז דיענען אלס הייצונג. מיר וועלען זיך אלוא דורכשלאגען.

מיר האבען אפגערעדט, אז טהאָמפסאָן, איך און אָ'קאָננאָר זאלען מאכען א קליינע רייזע. מיר זאלען געהן מיט'ן ברעג פון'ם מעער, און זעהן וואס עס טהוט זיך דארטען. מיר וועלען זיך בעסער בעקענען מיט דער געגענד, און וועלען פיעלייכט אויסגעפינען א בעסערן פלאץ, וואו צו בויען אונזער ווינטער הויז.

פאַרן אוועק געהן האט טהאָמפסאָן אנגעזאגט יעדען, וואס ער זאל דער וויל טאהן.

מיר האבען זיך געלאזען אויף דער רייזע. יעדער פון אונז האט געהאט אשפיעז אין דער האנד, און א העקעל אין גאַרטעל. מיר זיינען צוגעקומען צום מעער, און האבען בעטראכט מיט שטוינען, וואס דער שטורם האט אָנגעמאכט אין דיעזע פאָר טעג. גרויסע שטיקער אַייז זיינען אראפגעפאלען פון דיא בערג אין מעער, און זיינען אוועק געשוואומען, דערפאר אבער האט דאס מעער אנגעבראכט אנדערע שטיקער אייז, און האט זיי אָנגעווארפען אויפ'ן ברעג.

וויא וויים אונזער אויג האט געקענט גרייכען, האבען מיר געזעהן נור שטיקער אַייז. עס איז מיר געוועזן אוואונדער, וואס נעכטען האב איך ניט געזעהן אזוי פיעל אַייז אויפ'ן ברעג, און איך האב עס געזאגט טהאָמפסאָנען.

— דאס איז גאר קיין וואונדער, האט טהאָמפסאָן געענטפערט, נעכטען האט געוועהט דער ווינט פון אַנ'אנדער זייט, ער האט אוועק געטריבען דאס אַייז פון דיא ברעגעס אין מעער, היינט אבער קומט דער ווינט פון מעער און טרייבט דאס אַייז צו דיא ברעגעס.

מיר זיינען ארומגעגאנגען איניגע צייט צווישען דיא שטיקער אַייז און האבען געקוקט אויפ'ן מעער. מיר האבען אבער גאר ניט געזעהן. מיר האבען געוואוסט, אז ערשט מיט דרייא טאג צוריק האבען מיר געזעהן עטליכע וואַללפיש אין דיעזער געגענד, מיר האבען אבער געוואוסט, אז דיא וואַללפיש האבען אויך ניט ליעב קיין שטורם. זיי בעהאלטען זיך אין דער צייט פון אשטורם אין א זיכערן אָרט.

— קיין פיש האט ניט ליעב קיין שטורם, האט טהאָמפסאָן אונז ערקלערט, דאס מעער ווערד צו ווילד פאר זיי. אזוי וויא דיא פייגעל אויף דער יבשה

האבען פיינט דעם שטורם, און בעהאלטען זיך פאר איהם, אזוי האבען דיא פיש אין מעער פיינט דעם שטורם און בעהאלטען זיך פאר איהם.

אזוי וויא מיר האבען גאר ניט אויסגעפונען, און דאס מעער איז נאך אלץ געווען אונרוהיג, האבען מיר שוין געוואלט געהן אהיים, צוריק צו אונזער געצעלט.

פלוצלונג האט אָ'קאָננאָר אויסגערופען:

— א שיף! א שיף! — איך זעה א שיף!

מיר האבען זיך צוגעקוקט צו דער זייט, וואו אָ'קאָננאָר האט אנגעוויעזען, און האבען דערזעהן פון דער ווייטען צוויא ווייסע פלעקען, וועלכע האבען אויסגעוויעזען, וויא דיא פליגעל פון א פויגעל.

— א שיף! מיר זיינען גערעטעט! מיר וועלען ניט דארפען איבערווינטערן אין דיעזער געגענד! האט געשריען אָ'קאָננאָר, און האט געטאנצט פאר פרייד.

טהאָמפסאָן אבער איז געבליעבען רוהיג און פערטראכט. ער האט ניט אראפגעלאזען זיין אויג פון דיא ווייסע פלעקען. עס איז שווער געווען צו זאגען, אויב דאס זיינען דיא ווייסע זעגעל פון אשיף, ווייל זיי זיינען נאך געווען זעהר וויים פון אונז.

עס זיינען פערגאנגען עטליכע מינוט, איידער טהאָמפסאָן האט זיך איבערצייגט, אז דאס זיינען ווירקליך דיא זעגעל פון א שיף.

— וואס ווערט דערפון, וואס מיר זעהן אשיף? האט ער ענדליך געזאגט ווען דאס שיף אונז דערזעהן? וויא קענען מיר גיבען דעם שיף א סיגנאַל, אז מיר געפינען זיך דא? ווען מיר זאלען האבען ביקסען —.

— מיר האבען אַביקס ביי אונז אין באָאָט! האט אָ'קאָננאָר אויסגערופען.

— וואס קענען מיר דען מאכען מיט דער ביקס? ווען מיר זאלען האבען א ראַקעטע, וואלטען מיר געקענט אויסשיעסען א ראַקעטע, און דערמיט גיבען א סיגנאַל, אז מיר געפינען זיך אין דער נויט. יעצט קענען מיר גאר ניט טאהן.

— איך וועל לויפען צו אונזערע קאַמעראדען און זיי מעלדען, אז אשיף קומט אָן, האט דער אונרוהיגער אָ'קאָננאָר אויסגערופען.

— בלייב דא! האט טהאָמפסאָן געזאגט שטרענג, איך הייס אזוי!

צום ערשטען מאל האט טהאָמפסאָן גערעדט וויא א קאפיטאַן; צום ערשטען מאל האט ער געגיעבען אשטרענגען בעפעהל. מיך האט עס געוואונדערט, ווייל איך האב געקענט אַנדריו טהאָמפסאָן פאר אשטילען רוהיגען מענשען, וועלכער האט קיין מאל ניט געוואלט ווייזען, אז ער איז עלטער פון אַנ'אנדערן. וויא קומט עס אלזא, וואס דיעזער רוהיגער, איבערלעגטער מענש האט פלוצלונג געגעבען א זאַ שטרענגען בעפעהל? — טהאָמפסאָן אליין האט עס אונז באלד ערקלערט.

— נארישער יונגערמאן! האט ער אויסגערופען מיט א אָפּאָרוואורף, ווען

דאס שיף דערזעהן אונזער סיגנאַל און וועט קומען אונז רעטען, מאכט דאך ניט אויס, ווען אונזערע קאַמעראַדען וועלען דער פון געוואהר ווערן מיט א פּאָר שטונדען שפּעטער; וועט אבער דאס שיף ניט דערזעהן אונזער סיגנאַל, און וועט ווייטער אוועקפאָהרען, צו וואס זאלען מיר בעאונרוהיגען אונזערע קאַ-מעראַדען? צו וואס זאלען מיר דערוועקען אין זיי א האָפנונג, וועלכע קען ניט אויסגעפיהרט ווערן? — ווייסט איהר, יונגערמאַן, וואס עס הייסט זעהן פאר זיך רעטונג, פרייהייט, לעבען, גליק און זיי ניט קענען דערגרייכען? ווייסט איהר, אז אין א זא פאַל פערליערט דער מענש אין גאנצען דעם מוטה, און וויל שוין גאר ניט טאהן אום זיך צו רעטען?

מיר האבען איינגעזעהן אז טהאָמפּסאָן האט פאָלקאָמען רעכט.

— ענשולדיגט מיר פריינד! האט אָ'קאָננאָר געבעטען.

— איך ענטשולדיג אייך, האט טהאָמפּסאָן געענטפערט, איך וויל נור, אז דאס זאל אייך דיענען אלס לעהרע, אז איהר זאלט זיך ווייטער ניט איבער-איילען. „איילע מיט ווילע" זאגט אַן אלטעס שפּריכוואָרט, אנייעס שפּריכוואָרט זאגט: „פון איילעניש קען קיין גוטעס ניט ארויסקומען". ביידע שפּריכווערטער האבען רעכט. יעדע זאך, וואס ווערט געטאהן אין דער איילע, טויג ניט. לאמיר וואַרטען, לאמיר זעהן, אויב דאס שיף געהט צו אונז, אדער זיא געהט זיך איהר וועג ווייט פון אונז.

מיר זיינען געבליעבען שטעהן און האבען געקוקט אויפ'ן שיף; זיא איז צוגעקומען נעהנטער. מיר האבען געקענט זעהן דייטליך איהר זעגעלביימער. וואס האט עס אונז אבער געהאָלפען? זיא איז נאך געוועזן זעהר ווייט פון אונז מיר האבען זיך דערמאָהנט, אז אין דיעזע געגענדען קען מען זעהן זעהר ווייט, וייל דיא לופט איז זעהר ריין, און עס האט אונז פערקלעמט ביים הארצען. מיר האבען פערשטאַנען, אז דאס שיף איז זעהר ווייט פון אונז, און מיר האבען ניט געוועהן קיין צייכען, אז מען האט אונז דערזעהן פון'ם שיף.

צום אונגליק, האבען אונזערע קאַמעראַדען אין אונזער געצעלט אויך דערזעהן דאס שיף, און זיינען געקומען צולויפען צו אונז מיט געשרייען און געוואלדען:

— א שיף! א שיף! — מיר זיינען געראַטעוועט!

איך האב געזעהן, וויא א פינסטערער וואָלקען האט זיך געוויעזען אויף אַנדריו טהאָמפּסאָנ'ס געזיכט. ער האט זעהר גוט געוואוסט, וואס עס וועט ארויסקומען דערפון, ווען דאס שיף וועט ניט צוקומען צו אונז. דיא מענשען וועלען אין גאנצען פערליערן דעם מוטה. ער האט אבער גאר ניט געקענט העלפען.

אלס קלוגער קאַפּיטאַן האט ער געהייסען איינעם, ער זאל ברענגען דיא פאָהן, וועלכע מיר פלעגען ארויפציעהען אויף אונזער באָאָט, ווען מיר האבען געבעטען הילף.

אזוי וויא מיר האבען געהאט פיער האָטע , האבען מיר געהאט פיער אזעלכע פאָהנען. מען האט זיי געבראכט , און מיר האבען זיי אויפגעהויבען אזוי הויך, וויא מיר האבען נור געקענט .

מיר האבען געשאָקעלט מיט דיא פאָהנען, האבען געשריען, האבען גערופען , האבען געליארמט, אום דיא מענשען אויפ'ן שיף זאלען אונז בעמערקען און זאלען קומען אונז צו הילף , — אלעס אומזיסט !

אָנפאנגס האט זיך אונז אויסגעוויעזען, אז דאס שיף פאָהרט צו אונז , דאס האט זיך אונז אבער נור אויסגעוויעזען . דאס שיף האט זיך נור אויסגעדרעהט אום צו פאהרען ווייטער .

מען האט אונז ניט בעמערקט אויפ'ן שיף , מען האט ניט דערזעהן אונזערע צייכענס . מיר זיינען געווען צו ווייט , און אונזערע סיגנאלען זיינען געווען צו קליין און צו ווינציג, מען זאל אונז בעמערקען .

דיא קעלט איז געווען שרעקליך . דער ווינט האט אינז דורכגענומען , און האט אונז געוואַרפען פון דיא פיס. אייניגע האבען געשריען אזוי לאנג, ביז זיי זיינען הייזעריג געווארען, אנדערע זיינען ארומגעלאָפען מיט דיא פאָהנען וויא דיא וואהנזיניגע, און האבען ניט אויפגעהערט צו שרייען און צו רופען , ביז זיי האבען געזעהן, אז דאס שיף הייבט אן צו פערשווינדען. דאן זיינען זיי געבליעבען שטעהן , וויא די צומישטע , און האבען זיך ניט געוואלט ריהרען פון אָרט .

# 45-טעם קאפיטעל

## מיר מאכען א רייזע .

איך בין ניט אים שטאנד צו בעשרייבען דיא טרויעריגע סצענען , וועלכע האבען זיך אָפגעשפיעלט , ווען מיר האבען געזעהן , אז דאס שיף האט אונז ניט דערזעהן , און איז זיך אוועקגעפאָהרען איהר וועג . אייניגע האבען זיך געשטעלט וויינען , וויא דיא קליינע קינדער . אנדערע האבען זיך געווארפען אויפ'ן שנעע און האבען געזאגט :

— עס איז פערפאלען ! עס איז אונז בעשערט צו שטארבען . צו וואס זאלען מיר געהן און זיך ווייטער פלאגען ? לאמיר זיך אַניעדערלעגען און שטארבען .

ווידער אנדערע זיינען געווארען בייז און האבען אנגעהויבען צו שילטען און צו זידלען אַנדריו טהאָמפסאָן , מיך און אָ'קאָננאָר , גלייך וויא מיר וואָלטען שולדיג געווען דאריןן , וואס דאס שיף האט אונז ניט דערזעהן .

— פאר וואס האסט דו זיך אונטערגענומען צו זיין אונזער שיפסקאפּיטאן , ווען דו קענסט ניט אונז רעטען ? האבען זיי געשריען צו אַנדריו טהאָמפּסאָן .

אַנדערע זיינען אָנגעפֿאַלען אויף מיך און אָ׳קאָננאָר און האָבען געשריען צו אונז:

— פֿאַר וואָס האָט איהר אינז באַלד ניט געמעלדעט, אַז איהר זעהט אַ שיף? מיר וואָלטען שיין געפֿונען אַ מיטעל וויא אַזוי צו ציעהען אויף אונז דיא אויפֿמערקזאַמקייט פֿון דעם שיף.

זעלבסטפֿערשטענדליך, אַז ניט איך, ניט אָ׳קאָננאָר, און ניט אַנדריו טהאָמפּסאָן האָבען זיי ניט געענטפֿערט אַ וואָרט. מיר האָבען זיי געלאָזען שרייען, לאַכען, און זיך זידלען, וויפֿיעל זיי האָבען אַליין געוואָלט. מיר האָבען געוואוסט, אַז זיי וועלען דאָך ענדליך פֿערשטעהן, אַז מיר האָבען געוואָלט, אַז דאָס שיף זאָל אונז בעמערקען, פּונקט וויא זיי. אונזער לעבען איז ביי אונז אַזוי טהייער, וויא זייער לעבען ביי זיי.

ענדליך האָבען זיי אָנגעהויבען זיך צו בערוהיגען. דיא וואָס האָבען געוויינט, האָבען אויפֿגעהערט צו וויינען, און דיא וואָס האָבען זיך געזידעלט, האָבען אויפֿגעהערט זיך צו זידלען. זיי האָבען זיך בעטראַכט און האָבען איינגעזעהן, אַז זיי האָבען געהאַנדעלט וויא נאַרישע קינדער.

— ברידער! האָט אַנדריו טהאָמפּסאָן אויסגערופֿען, — איהר זעהט יעצט אַליין, אַז גאָט וויל אַזוי. גאָט וויל, אַז מיר זאָלען בלייבען איבערן ווינטער אויף דיעזער אינזעל. ווען גאָט וויל אַזוי, איז עס געווים צו אונזער בעסטען. ווער ווייס, אויב דיעזעס שיף, אויף וועלכעס מיר האָבען אַזוי געברענט זיך צו רעטען, וועט ניט באַלד אונטערגעהן, און אַלע מענשען אויף איהר וועלען דערטרונקען ווערן?

פֿערלאָזט אייך אויף גאָט און לאָמיר האָפֿען, אַז ער וועט אונז אויסהעלפֿען פֿון אונזער נויט. איך, אָ׳קאָננאָר און ריטשאַרד קעמדען, האָבען זיך געפֿונען אין אַן ערגערע לאַגע, ווען אונזער שיף איז אונטערגעגאַנגען, און מיר האָבען זיך גערעטעט אויף אַן אייזבערג. פֿון דעסטוועגען האָט אונז גאָט געהאָלפֿען, און מיר האָבען נאָך פֿערדיענט פֿיעל געלד. גאָט וועט אונז אויך העלפֿען.

איך האָב קיינמאָל ניט געהערט פֿון אַנדריו טהאָמפּסאָן אַזעלכע פֿרומע רעד. איך מוז אָבער אַנערקענען, אַז זיינע רעד האָבען יעצט געפּאַסט, זיי האָבען געווירקט. אונזערע קאַמעראַדען זיינען געוואָרען מוטהיגער און לעבעדיגער. זיי האָבען אָנגעהויבען צו האָפֿען, און ווען אַ מענש האָפֿט, זוכט ער צו טהאָן עפּעס.

— יעצט, קינדער, מאַרש! — צוריק צו אונזער געצעלט! האָט טהאָמפּסאָן קאָמאַנדירט.

מיר האָבען אָנגעהויבען צו געהן צוריק צו אונזער געצעלט. איינינגע זיינען אָבער געגאַנגען זעהר לאַנגזאַם, גלייך וויא זיי האָבען ניט געקענט זיך אָפּרייסען פֿון דיעזען ברעג, ווייל זיי האָבען געזעהן דאָס שיף אַוועקפֿאָהרען פֿון זיי.

— שנעלער! שנעלער! האט זיי טהאָמפסאָן אנטערגעטריעבען, איהר פערגעסט, אז איהר האט געלאזען אונזער געצעלט אליין. עס האט געקענט אנקומען אַ בער און צו נעהמען ביי אונז אונזער לעצטעס ביסעל פראָוויאַנט.

אלע האבען איינגעזעהן, אז טהאָמפסאָן האט רעכט און האבען אנגעהויבען צו געהן שנעלער.

אונטערדעסען האט אנגעהויבען צו ווערן שפעט. דער שטורם האט צו ביסלעכוויים נאכגעלאזען, דער הימעל האט אנגעהויבען זיך אויסצולייטערן, דער פאר אבער איז די קעלט געווארען גרעסער און מיר האבען געמוזט געהן שנעל אום זיך צו דערווארעמען.

ווען מיר זיינען ענדליך צוגעקומען צו אונזער געצעלט, איז געווארען נאכט, מיר האבען אנגעצונדען דאס פייער אין אונזער אייוועלע און האבען אנגעהויבען צו קאכען אונזער אבענד עסען.

אלע זיינען געווען שטיל און טרויעריג.

שטילערהייט האט מען אפגעקאָכט דאס עסען, שטילערהייט האט מען אפגעגעסען און שטילערהייט האט מען זיך געלעגט שלאפען. וויא אַנדריו טהאָמפסאָן האט זיי ניט בערוהיגט, וויא ער האט זיך ניט געגעבען די מיה זיי צו טרייסטען און זיי צוגעבען האָפנונג, עס איז איהם דאך ניט געלונגען. אלע זיינען געזעסען די קעפ אראפגעלאזען, טרויעריג און פערטראכט. אזוי האט מען זיך געלעגט שלאפען.

טהאָמפסאָן האט געהאלטען די ערשטע וואך. ער איז צוואר געווען קאַפּיטאַן און האט געקענט זיין פריי דערפון, ער האט אבער געוואלט ווייזען, אז ער איז גלייך מיט אלעמען און טהוט אלע שווערע ארבייטען פאר אלעמען.

די נאכט איז פאַראיבער רוהיג. דער שטורם האט אין גאנצען אויפגעהערט, די קעלט אבער איז געווען שרעקליך, אונערטרעגליך. איך האב מיך אויפגעהאפט אַ פאָר מאל און בין ארויסגעלאפען פון געצעלט טאנצען און שפרינגען אום זיך צו דערווארעמען. אנדערע האבען געטאהן דאס זעלבע.

די נאכט איז שוין געווען גרויס, אין יענע געגענדען זיינען דער טאג און די נאכט אנדערש איינגעריכטעט, וויא ביי אונז. ווען די נאכט הייבט אן גרויס צו ווערן, ווערט זיא מיט יעדען טאג גרעסער. ערשט מיט אַ פאר וואכען צוריק האבען מיר גאר קיין נאכט ניט געהאט, יעצט האט די נאכט שוין געדויערט אכט שטונדען.

ווען די זון איז אויפגעגאנגען, איז אין דרויסען געווען אזוי קאלט, אז קיינער האט ניט געקענט שלאפען. אלע האבען זיך אויפגעהאפט, אלע האבען געציטערט פאר קעלט, ביי אלעמען האט עס געקלאפט אַ צאָהן אן אַ צאָהן און עס האט זיך אנגעהויבען: אַ טאַנצען און אַ שפרינגען, היא אַזוי אַ באַלל אין אַ שיסטער קלוב.

מיר האָבען אַלע אַזוי געטאַנצט, אַז ווען אַ פֿרעמדער מענש וואָלט אונז דאַמאָלס געזעהן, וואָלט ער געמוזט זיך האַלטען ביי דיא זייטען פֿאַר געלעכטער. מיר האָבען אָבער ניט געהאַלטען ביים לאַכען. דער ווינטער פֿון'ם אייזמעער האָט אונז געוויזען אַ קליינע פּראָבע, וואָס ער קען און יעדער האָט געדאַרפֿט צופֿריעדען זיין מיט דער פּראָבע.

קוים האָבען מיר זיך אַ ביסעל אנגעוואַרעמט, האָבען מיר אָנגעהויבען צו מאַכען פֿריהשטיק, דערביי האָבען מיר בעמערקט מיט שרעק, אַז אונזער פּראָוויאַנט איז געוואָרען אַזוי ווייניג, אַז מיר וועלען קוים האָבען נאָך אויף אַ טאָג צו עסען. דער ווייסער בער איז באַקע געווען זעהר גרויס, אָבער פֿיער אונצוואַנציג שטאַרקע מענשען קענען אויפֿעסען אַ ווייסען בער אין דריי טעג.

— מיר מוזען זוכען פּראָוויאַנט! האָט טהאָמפּסאָן געזאָגט, דאָס מעער איז רוהיג מיר מוזען זיך נעהמען צו אונזער אַלטער בעשעפֿטיגונג — כאַפּען וואַללפֿיש.

— דאָס פֿלייש פֿון אַ וואַללפֿיש קען מען אָבער ניט עסען, האָט איינער בעמערקט.

— פֿיעלייכט וועלען מיר קענען כאַפּען אַ נאַרוואַלל אָדער אַ פּאָר זעעהינט, האָט טהאָמפּסאָן געענטפֿערט.

מיר האָבען שנעלל אָפּגעגעסען און טהאָמפּסאָן האָט אונז געהייסען זיך צוטהיילען אויף צוויא פּאַרטיען צו צעהן מענשען אין אַ פּאַרטיע. יעדע פּאַרטיע זאָל מיטנעהמען צוויא באָאָטע און זאָל אַרויספֿאָהרען אין מעער זוכען פּראָוויאַנט. פֿיער מענשען זיינען געבליעבען אין געצעלט. זיי האָבען אויך ניט געדאַרפֿט זיצען לעדיג. זיי האָבען געדאַרפֿט מאַכען אַ קורצע רייזע וויטער אין לאַנד און זעהן, פֿיעלייכט וועלען זייא געפֿינען אַ בעסערען אָרט, וואו מיר זאָלען קענען בויען אונזער הויז.

— מיר געפֿינען זיך אויף אַ פֿרייען פּלאַץ, האָט טהאָמפּסאָן ערקלערט, דער ווינד בלאָזט דאָ פֿון אַלע זייטען און דיא דינע ווענט פֿון אונזער געצעלט קענען אונז ניט שיצען געגען די קעלט; ווען מיר זאָלען אָבער געפֿינען אַן אָרט, וועלכער איז געשיצט פֿון דרייא זייטען פֿון בערג אָדער פֿון שטיינער און מיר זאָלען דאָרט אויסבויען אונזער הויז, וועט אונז זיין פֿיעל וואַרעמער.

יעדער האָט איינגעזעהן, אַז טהאָמפּסאָן האָט רעכט און קיינער האָט ניט געענטפֿערט דאַגעגען. היינט איז יעדער געווען לעבעדיגער און האָט געטהאָן מיט פֿערגניגען, וואָס מען האָט איהם געהייסען. יעדער האָט איינגעזעהן, אַז מיר האָבען מעהר קיין האָפֿנונג אויף הילף פֿון אַ פֿרעמדער שיף. מיר מוזען שוין איבערווינטערן אין דיעזער געגענד און מיר מוזען זיך ראַנגלען פֿאַר אונזער לעבען.

מיר זיינען זיך צוגאַנגען, יעדער אין זיין זייט. אַ גאַנצען טאָג זיינען

מיר ארומגעפאהרען אויפ'ן מעער. מיר האבען געזעהן מיט שרעק, אז דאס מעער איז אין פיעלע ערטער בעדעקט מיט אייז. עס האט שוין אנגעהויבען פערפרוירען צו ווערן.

עס איז אונז געלונגען צו האפען א נארוואלל און מיר האבען איהם מיט פרייד צו געשלעפט* צום ברעג. מיר האבען געוואלט איהם ארויפשלעפען אויפ'ן בערגעל, צו אונזער געצעלט, דאס איז אבער געווען אונמעגליך. ער איז געווען צו שווער.

מיר האבען געמוזט איהם צו שניידען און שטיקערווייס ארויפשלעפען אין אונזער שפייזע קאמער. טהאמפסאן איז געפאלען אויף דער גליקליכער אידעע: מיר זאלען בענוצען א באָאט וויא א שליטען. מיר זאלען אנלעגען אין איהם שטיקער פלייש און שמאלץ פון'ם נארוואלל און זאלען איהם צושלעפען צו אונזער הויז.

ערשט שפעט אין דער נאכט זיינען מיר פערטיג געווארען מיט אונזער ארבייט. מיר האבען מורא געהאט צו לאזען דאס פלייש פון'ם נארוואלל אויפ'ן ברעג, דיא ווייס'ע בערן וועלען עס דערשמעקען און וועלען עס איפפרעסען.

מיר האבען יעצט געהאט פיש שמאלץ צום ברענען, ריכטיגער געזאגט, צום הייצען און פלייש צו עסען.

דיא פארטיע, וועלכע איז געגאנגען זוכען א פלאץ, וואו צו בויען א הויז, האט אפגעגעבען דעם ראפארט, אז אין דער זייט, וואו זיי זיינען געגאנגען, האבען זיי גאר ניט געפונען. זיי האבען געזעהן הויכע בערג, אבער גאנץ ווייט פון דאנען, מארגען וועלען זיי געהן אין אנאנדער זייט.

— מיר וועלען מארגען זעהן, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן, האט טהאמפסאן בעמערקט.

מיר זיינען אלע געווען מיעד און הונגעריג און האבען געגעסען דאס פלייש פון'ם נארוואלל מיט דעם בעסטען אפעטיט.

נאכ'ן עסען האבען מיר זיך געלעגט שלאפען. אזוי וויא מיר האבען יעצט געהאט גענוג מאטעריאל צו הייצען אינזער אייוועלע און אזוי וויא דאס שמאלץ פון א נארוואלל ברענט פיעל בעסער און פיעל העלער, וויא בערן שמאלץ, האבען מיר אנגעגאסען אונזער אייוועלע מיט שמאלץ און האבען איהם אנגעצונדען.

איין זאך האט אונז אנגעהויבען צו פעהלען: דער קנויט פון'ם אייוועלע האט זיך אויסגעלאזען און אום צו האבען א גרויס פייער האבען מיר געדארפט א גרויס'ען קנויט. וואו נעהמט מען אבער א קנויט אין דיעזער געגענד?

דערצו האט דער אלטער טאָדד געפונען אמיטעל. ער האט אפגעשניטען א שטיק פון זיין העמד, האט עס צונומען אויף פעדים און האט דער פון געמאכט א גרויסען קנויט.

מיר האבען אנ׳עדערגעשטעלט דאס אייוועלע אין דערמיט פון אונזער געצעלט, האבען עס אנגעצונדען און האבען ארויפגעשטעלט אויף איהם א קעסעלע מיט שטיקלעך אייז, עס זאל זיך קאכען. דאס קעסעלע האט זיך אנגעווארעמט, דאס אייז איז צו שמאלצען געווארען און האט אנגעהויבען צו זיעדען. דאס האט געווארמט. אלע האבען זיך אויסגעלעגט מיט דיא פיס צום אייוועלע, אום עס זאל אונז זייןווארם אין דיא פיס. ווען דיא פיס זיינען ווארם, איז עס ווארם דעם גאנצען קערפער.

מיר זיינען געשמאק אנטשלאפען געווארען און האבען זיך זעהר גוט גע-פיהלט, ווייל עס איז אונז געווען פיעל ווארעמער דיעזע נאכט, וויא דיא פאריגע נאכט, עס איז אונז אבער ניט בעשערט געווען לאנג צו שלאפען דיעזע נאכט.

מיר זיינען געשלאפען קוים א פאָר שטונדען, ווען אָ׳קאָננאָר, וועלכער איז גראדע געשטאנען אויף דער וואַך, האט אנגעהויבען צו שרייען מיט אן אונמענשליכע שטימע:

— שטעהט אויף! דיא ווייסע בערן! געוואלד! רעטעט!

מיר זיינען אויפגעשפרונגען, וויא דיא אפגעבריהטע, און זיינען ארויס-געלאפען פון אונזער ווארעמען געצעלט. מיר האבען דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, וויא דרייא ווייסע בערן שטהן לעבען באָאָט, אין וועלכען עס איז געלעגען דאס פלייש פון׳ם נאַרוואַלל, און פרעסען גאנץ רוהיג. זיי האבען זיך ווייניג דערשראקען פאר אונזער וואַך און זיינען זאגאר אויף איהם ניט אנגעפאלען. זיי האבען וואהרשיינליך גערעכענט, אז אזא מענשעלע וועט זיין ווייניג פאר זיי דרייא און זיי האבען זיך בעסער גענומען צו דיא פעטע שטיקער נאַרוואַלל.

דיא בערן זיינען געווען גאר פערטיעפט אין זייער אנגענעהמער בע-שעפטיגונג, אז זיי האבען זיך זאגאר ניט דערשראקען, ווען מיר זיינען אלע ארויסגעלאפען פון געצעלט. עס איז זעהר מעגליך, אז זיי האבען נאך אין זייער לעבען ניט געזעהן קיין מענשען און האבען נאך גאר ניט געוואוסט, וואס פאר א שרעקליכער פיינד דאס איז.

— פארזיכטיג, קינדער! טרעפט זיי אין קאפ! האט טהאמפסאן קאמאנדירט.

ער האט געהאפט דיא ערשטע הארפונע, וואס איז איהם געקומען צו דער האנד און האט זיא א ווארף געטאהן אויף דיא בערן. ער איז אבער געווען דערשראקען און אויפגערעגט און האט ניט געטראפען.

דיא בערן האבען אנגעהויבען שרעקליך צו ברומען, גלייך וויא זיי האבען געוואלט אונז ווארענען, אז מיר זאלען זיי לאזען צו רוה, ווייל זיי האבען פיינט א בעליידיגונג.

דער אלטער טאָדד האט פראבירט זיין קונסט און געשיקליכקייט און

האט געווארפען א צווייטע הארפונע אויף דיא בערן, ער האט אויך ניט געטראפען.

— דיא שפיזען אהער! נעהמט דיא שפיזען! האט טהאמפסאן געשריען.

מיר האבען געהאט צעהן שפיזען בייא זיך. ווער עס האט געקענט, דער האט געהאפט א שפיז און האט זיא אויפגעשטעלט גענען דיא בערן. דאס איז דיא בערן ניט געפעלען. יעדער פון זיי האט געהאפט א שטיק פלייש פון'ם נארוואלל, און איז זיך אוועק געגאנגען מיט איהם.

מיר האבען זיי ניט נאכגעיאגט. ווען מיר זאלען געווען האבען ביקסען, פולווער און קוגעלן, וואלטען מיר געווען געשאסען אויף זיי. נאכיאגען זיך אבער נאך א ווייסען בער ביי נאכט מיט א שפיז אין דער האנד, איז געפעהרליך. דער ווייסער בער האט פיינט זיך צושלאגען. ער איז א גרויסער גנב, אבער קיין רויבער און קיין מערדער. ער האט ליעב, אז יענער זאל אנ ריטען און ער זאל עס אויפעסען. רייצט מען איהם אבער, צווינגט מען איהם, ער זאל זיך פערטהיידיגען און זאל קעמפפען פאר זיין לעבען, ווערט ער געפעהרליך. ער קריעכט דאן אויף זיין פיינט און עס הארט איהם ניט, ווען מען פערוואונדעט איהם.

דער ווייסער בער איז דאן איינער פון דיא געפעהרליכסטע ווילדע טהיערע אין דער וועלט. ער איז אונגעהייער שטארק. מיט איין זעץ פון זיין שטארקער לאפע קען ער טייטען אמענשען.

דיעזע נאכט האבען מיר װעניג געשלאפען. מיר האבען אזוי מורא געהאט פאר דיא ווייסע בערן, אז אנשטאט וואס ביז אהער פלעגט שטעהן נור איינער אויף דער וואך, האבען יעצט געמוזט שטעהן דרייא מיט אמאל, דיא ווייסע בערן האבען ניט אפגעטרעטען פון לאגער. זיי זיינען נאך עטליכע מאל צוריקגעקומען און מיר האבען זיי פערטריעבען.

מיר האבען ז'י געזעהן ארומגעהן ארום לאגער, מיר האבען געהערט זייער אונאנגענעהמעס ברומען און מיר האבען זיך ניט געקענט ערלויבען אנטשלאפען צו ווערן.

מיר האבען קוים דערלעבט דעם טאג. ווען עס איז טאג געווארען, זיינען דיא ווייסע בערן פערשוואונדען. מיר האבען אפגעקאכט א זופ, האבען זיך אביסעל דערווארמט און האבען אנגעהויבען זיך צו בעראטהען, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן.

— מיר קענען ניט בלייבען, האט דער אלטער טאָדד געזאגט, קוים האבען דיא ווייסע בערן דערשמעקט, אז מיר האבען פראָוויאַנט, ווערען זיי ניט אפטרעטען פון אונז, מיר ווערען קענען זיך איינהיטען פון זיי זא לאנג עס וועט נאך זייןווארם אין דרויסען, און דאס וועטער וועט ויין שעהן. קוים

אבער ווען ווערט א שטורם און עס ווערט זיין שווער צו שטעהן אויף דער וואך, וועלען זיי צו נעהמען אינזער פראָוויאַנט און וועלען נאָך אויפפרעסען איינינע פון אונז. מיר מוזען אוועק פון דאנען.

— דיא פראגע איז נור, וואוהין זאלען מיר געהן? האט איינער געפרעגט.

— געהן איז א שווערע זאך, האט טהאמפסאן זיך אפגערופען, מיר האבען יעצט פיעל פראָוויאַנט, ווען מיר וועלען געהן צו פוס, וועלען מיר מוזען עס שלעפען אויף דיא פלייצעס. מיר וועלען שלעפען דיא באָאָטע, דיא הארפונען און אלע אינסטרומענטען צו האפען פיש. מיר וועלען דאן מוזען געהן זעהר לאנגזאם און פערליערן פיעל צייט. דאס קענען מיר ניט, וויל דער ווינטער קומט אן.

— אלזא, וואס טהוט מען? האט איינער געפרעגט.

— מיר מוזען פאהרען?

קיינער האט איהם ניט פערשטאנען.

— פאהרען? וויא אזוי וועלען מיר פאהרען? האט מען געפרעגט פון אלע זייטען.

— מיר דארפען נור אפרעדען, וואוהין מיר זאלען פאהרען ביים ברעג, ביז מיר וועלען געפינען א פלאץ, וועלכער וועט פאסען צו בויען זיך א הויז.

מיר האבען געקענט פאהרען אין צוויא זייטען: קיין אָסטען (מזרח זייט) און קיין וועסטען (מעריב זייט). אין זידען (דרום זייט) איז געווען דאס מעער, אין נאָרדען (צפון זייט) איז געווען לאנד, אבער אן אונבעקאנטעס לאנד, בעדעקט מיט שנעע און אייז. מיר האבען ניט געקענט אוועק ווייט פון'ם מעער, וויל דאס מעער האט אונז געגעבען פראָוויאַנט און אלעס וואס מיר האבען געדארפט.

מיר מוזען אלזא זיך ארייגזעצען אין דיא [illegible], און פאהרען קיין מזרח אדער קיין מעריב.

טהאמפסאן האט געראטהען, אז מיר זאלען [illegible] קיין אָסטען (מזרח) און אלע זיינען געווען דער מיט צופריעדען. עס איז אונז געווען אלעס איינס: עס האט אונז ניט אויסגעמאכט וואוהין צו פאהרען. יעדער האט פערשטאנען, אז מיר קענען ניט בלייבען לענגער אויף אונזער פלאץ.

מען האט אוועק געערדט נאָך איינינע צייט, ביז מען האט אלעס אפגערעדט.

— מיר מוזען אויפשלאגען אונזער לאגער ביים ברעג פון א טייך, האט דער אלטער טאָדד ערקלערט. מיר האבען ביז אהער ניט געהאט קיין וואסער. ווען מיר האבען געדארפט אביסעל וואסער, האבען מיר געמוזט דער ווארעמען אייז אדער שנעע. דאס טויג ניט, עס נעהמט צו צו פיעל

צייט און דאס וואסער איז ניט גאַנץ גוט. מיר מוזען בויען אונזער הויז לעבען א טייך, פון וועלכען מיר זאלען קענען שעפען וואסער, ווען מיר וועלען דארפען. מיר מוזען ווייטער געפינען א פלאץ, וואו אונזער הויז זאל זיין צו געשפארט אין צווייא אדער דרייא זייטען צו א שטיין אדער א בארג, דיא ווייסע בערן זאלען ניט קענען אנפאלען אויף אונזער הויז פון אלע זייטען. ווען אונזער הויז וועט זיין געשיצט פון דרייא זייטען פון אבארג אדער פון שטיינער, וועלען מיר דארפען פערטהיידיגען נור איין זייט, דאס קען טאהן איין מענש.

— אלזא, איינגעפאקט און מארש! האט טהאמפסאן קאמאנדירט.

מיר האבען ניט געהאט וואס איינצופאקען. אין איניגע מינוט האבען מיר צונויפגעלעגט אלעס, וואס מיר האבען געהאט, אין דיא באָאָטע און האבען זיי אראפגעשלעפט צום וואסער. אראפ בארג איז אלעס געוועזען זעהר לייכט. אין א האלבע שטונדע זיינען מיר געזעסען אין אונזערע באָאָטע און זיינען ווידער געפאהרען אויפ'ן וועלט מעער.

אנדריו טהאמפסאן אלס אונזער קאפיטאן איז געפאהרען פאראוים. אונז האט זיך אויסגעוויעזען, אז מיר וועלען זעהר לייכט געפינען א פלאץ, וואו זיך צו בעזעצען, מיר האבען אבער באלד ארויסגעזעהן, אז „ניט אזוי גיך טהוט זיך, וויא עס רעדט זיך".

מיר האבען באלד געזעהן, אז עס איז ניט אזוי לייכט צו צו קומען צום ברעג, מיר זיינען געפאהרען לעבען א הויכע וואנט. שווארצע שטיינער האבען ארויסגעשטעקט פון'ם לאנד און זיינען געהאנגען איבער אונזערע קעפ. מיר זיינען געפאהרען מיט פערגניגען אונטער דיעזע שטיינער, ווייל זיי האבען אונז געשיצט פון'ם קאלטען ווינט און דאס מעער אונטער זיי איז געוועזען גאנץ רוהיג, עס איז אבער געוועזען אוממעגליך צו זעהן דאס לאנד און ארויסצוגעהן אויפ'ן לאנד.

מיר זיינען אוועק געפאהרען א גאנצען טאג אונטער דיעזע שטיינער און האבען ניט געפונען א שפאלט אדער א שטיקעל אָרט, וואו מיר זאלען קענען ארויסגעהן אויפ'ן לאנד. פאר אונז האבען זיך אויפגעהויבען גלייכע וואנט פון שטיינער.

מיר האבען געזעהן נעסטער פון פייגעל אין דיעזע שטיינער, מיר האבען אבער ניט געקענט צו קומען צו זיי. אין ערטער זיינען פון דיעזע שטיינער אראפגעהאנגען גאנצע זייל'ן פון אייז און מיר האבען זיי געמוזט אויס־מיידען, אונזערע באָאָטע זאל זיך ניט אפשלאגען אן זיי.

מיר זיינען געפאהרען א גאנצען טאג און האבען ניט געפונען קיין פלאץ, וואו מיר זאלען קענען ארויסגעהן פון אונזערע באָאָטע. דיא זון איז אונטער־געגאנגען עס איז נאכט געווארען.

— האלט! בלייבט שטעהן האט טהאָמפסאָן קאמאנדירט.

מיר זיינען אריינגעפאהרען אין א סאָרט הייל אין דיא שטיינער איבער אונז. דאס מעער האט אויסגעהוילט א גרויס שטיק פלאץ אין בארג. איבער אונזערע קעפּ איז געווען א געוועלב פון שטיין. מיר זיינען געווען געשיצט פון דרייא זייטען געגען ווינט.

— דא מוזען מיר איבערנעכטיגען, האט טהאָמפסאָן געזאגט. מיר מוזען צונויפבינדען אלע אונזערע באָאָטע צוזאמען און זיי צושטעלען צו דער וואנט. איך האף, אז מיר וועלען דא שלאפען רוהיגער, וויא אין אונזער פריהעריגען לאגער.

מיר זיינען אלע געווען שרעקליך מיעד און זיינען געווען העבסט צופריעדען, וואס מיר האבען ענדליך געקענט עפּעס עסען און זיך לעגען שלאפען. מיר האבען געוואלט קאבען דאס פלייש פון'ם נאַרוואלל, מיר האבען אבער נים געהאט קיין וואסער. מיר האבען געקענט נעהמען א שטיק אייז, עס צו קלאפען און עס צו שמעלצען, דאס אייז איבער אונז איז אבער געווען הויך און דאס אייז אויפ'ן מעער איז געווען אזוי ביטער און אזוי געזאלצען, אז מיר האבען ניט געקענט עס געברויכען.

מיר האבען געמוזט זיך לעגען שלאָפען מיט א לעדיגען מאָגען. דאס שלאָפען איז אויך געווען ניט גאנץ בעקוועם. מיר האבען געכוזט שלאפען צו זיעבען מענשען אין א באָאָט. מיר האבען געמוזט זיך צונויפקאָרטשען, צונויפדרעהן און צונויפקייקלען. עס איז אונז געווען וואַרם, זאגאר זעהר וואַרם, מיר האבען אבער ניט געקענט זיך אויסשטרעקען, מיר האבען ניט געקענט ריהרען מיט א האנד אדער א פוס.

ערגער פון אלעמען איז געווען דעם, וועלכער האט געדארפט שטעהן אויף דער וואַך. ווען מען שטעהט אויף דער וואַך אויף א פרייען פלאץ, קען מען געהן, מען קען זיך ריהרען, מען קען אביסעל טאנצען, ווען עס ווערט קאלט, שטעהן אבער אויף דער וואַך אין אן ענגען באָאָט ווען מען מוז מערזיצען, וויא שטעהן, איז ווירקליך א פלאָגע.

מיר האבען זיך אויפגעהאפט פאר טאג און האבען געווארט מיט אונגעדולד, עס זאל שוין טאג ווערען און מיר זאלען שוין אוועקפאָהרען פון דאנען.

## 46-טעס קאפּיטעל.

### מיר געפינען אן אונטערגעגאנגענעס שיף.

ענדליך איז ליכטיג געווארען און מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון דער

הייל. מיר זיינען געפאהרען אלץ ווייטער און ווייטער. געגען מיטאג האבען מיר געטראפען אן אָרט, וואו עס זיינען אראפגעגאנגען פון דיא בערג גרויסע צעפלעך אייז, מיר האבען אפגעבראכען איינעם פון זיי, האבען איהם צו קלאפט און האבען איהם פערזוכט. ער איז געווען פון גוטעס וואסער.

מיר האבען אָפגעקאָכט א זופּ און האבען זיך דער קוויקט. מיר האבען יעצט ערשט פערשטאנען, וואס עס הייסט זיסעס וואסער אויפ'ן מעער. ארום אונז איז געווען וואסער און מיר זיינען שיער ניט געשטארבען פאר דורשט.

איך וויל ניט בעשרייבען אלעס, וואס האט אונז פאסירט אויף אינזער לאנגער רייזע. איך וועל דערצעהלען קורץ, אז מיר האבען אזוי א־ומגעוואנ־דערט דרייא לאנגע און שווערע טעג און האבען ניט געפונען קיין פלאץ וואו זיך צו בעזעצען.

אונזערע קאמעראדען זיינען געווארען מיעד, אונצופריעדען און בייז. זיי האבען אנגעהויבען זיך צו בעקלאגען אויף אונזער קאפיטאן, אז ער פיהרט זיי אויף א שלעכטען וועג. אַנדריו טהאָמפּסאָן האט געטאהן אלעס מעגליכע אום צו בערוהיגען. ער האט גערעדט צו זיי, האט זיי דערקלערט זייער לאגע, האט זיי געגעבען צו פערשטעהן, אז מיר האבען אנדערש ניט געקענט טאהן, אז מיר מוזען בענוצען דאס שעהנע וועטער אום אויסצוגעפינען א זיכערן אָרט, וואו מיר זאלען קענען איבערווינטערן. ים האט אבער קיין זאך ניט געהאלפען.

דעם פיערטען טאג זיינען מיר א גאנצען טאג געפאהרען און האבען אויך נור געקענט זעהן ווענט פון שטיינער פאר אונז. דיא מענשען זיינען געווארען אזוי בייז, אז זיי האבען אין גאנצען אויפגעהערט צו רודערן.

איך האב אנגעהויבען צו רעדען מיט זיי, ערקלערן זיי און זיי אויפ־מונטערן, זיי זאלען ווייטער פאהרען, זיי האבען אבער מיך ניט געוואלט הערן. איך, טהאָמפּסאָן, אָ'קאָננאָר, סטאָקס און דער אלטער טאָדד האבען געמוזט ארבייטען פאר אלעמען. מיר האבען גערודערט, וויא וויט אונזערע קרעפטע האבען עס ערלויבט. אבער אויך מיר זיינען ענדליך מיעד געווארען און האבען געמוזט אוועק לעגען דיא רודער.

עס איז געווארען שפעט. דיא זון איז געשטאנען זעהר ניעדעריג און האט געהאלטעןביים אונטערגעהן. איך האב מיך אויפגעשטעלט און האב בעטראכט דאס מעער.

— א שיף! האב איך אויסגערופען, איך זעה א שיף שטעהן דארט לעבען דיא שטיינער.

— ער טרוימט! ער איז וואהנזיניג! (משוגע), האט מען געשריען אויף מיר. — וויא קומט א שיף אהער? פון וואנען האט זיך גענומען א שיף אין דיעזער געגענד?

— אבער זעהט! קוקט איך צו! האב איך געבעטען, אָט שטעהט דארט א שיף.

איינינע האבען זיך צו געקוקט און האבען גאר ניט געזעהן אדער האבען ניט געוואלט זעהן, עס איז אויך מעגליך, אז זיי האבען ניט געקענט זעהן, ווייל דיא זון איז אונטערדעסען אונטערגעגאנגען און אויפ'ן מעער האט זיך אויפגעהויבען א לייכטער נעבעל (טומאַן).

מיר האבען געמוזט בלייבען שטעהן און דא איבערנעכטיגען. אלע זיינען געווען אזוי מיעד און צו בראכען, אז זיי האבען אפגעגעסען און האבען זיך באלד געלעגט שלאפען. איך האב ניט געקענט שלאפען א גאנצע נאכט. מיר איז ניט ארויס פון קאָפּ דאס שיף, וואס איך האב געזעהן.

— איך בין ניט בלינד, האב איך געזאגט צו זיך אליין, איך האב געזעהן גאנץ דייטליך דיא זעגעל בוימער פון א שיף.

איך האב געצעהלט דיא מינוטען, עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז דיא נאכט וויל זיך גאר ניט ענדיגען. איך האב קוים דערלעבט דעם ערשטען שיין פון'ם יונגען טאג. איך בין דאן אויפגעשפרונגען און האב ווידער געקוקט אין דער זייט, וואו איך האב נעכטען געזעהן דאס שיף.

אין דרויסען איז געווארען העלער און העלער. דיא זון איז ארויסגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא געגענד. איך זעה ווידער דאס שיף. איך האב צו גערופען אַנדריו טהאָמפסאָן און האב איהם געוויעזען דאס שיף.

— זעהט איהר דען ניט, אז איינינע מייל וויט פון אונז שטעהט א שיף צוגעשפארט צום ברעג?

טהאמפסאן האט געקוקט איינינע צייט און האט געזאגט:

— עס קען זיין, אז דוא האסט רעכט, דיק, עס וויזט אויס צו זיין א שיף. וויא קומט אבער א שיף אהער? — וואו זיינען דיא זעגעל פון דיעזעס שיף? פאר וואס שטעהט זיא אליין אויף איין אָרט?

אויף דיעזע פראַגען האב איך ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— אלענפאלס מוזען מיר זעהן צו פאהרען אהין וויא אָם שנעלסטען, האט טהאמפסאן געזאגט היא צו זיך אליין, עס קען זעהר זיין, אז דיעזעס שיף איז דאס איינציגע מיטעל אונז צו רעטען.

איך האב געוויעזען איינינע פון אונזערע מאַטראָזען אויף דאס שיף, זיי האבען מיך ווידער אויסגעלאַכט, און זאנדערבאר! זאגאר דער קלוגער און ערפאַהרענער אלטער טאָדד האט ניט געגלויבט, אז דאס איז א שיף.

— דאס האט העננען געווים אראפ צאַפּענס אייז, וועלכע ווייזען זיך אויס, וויא א שיף, האט ער געזאגט, איך גלויב ניט, אז א שיף זאל זיך נאך יעצט געפינען אין דיעזע געגענדען.

מיר האבען שנעל אפגעגעסען, איך האב גאר ניט געגעסען, און

מיר האבען אנגעהויבען צו רודערן צו דעם אָרט, וואו איך האב געזעהן דאס שיף.

וואס ווייטער מיר זיינען געפאהרען, אלס דייטליכער האבען מיר געזעהן, אז דאס איז א שיף. ענדליך האבען זיך אלע מיינע קאמעראדען איבערצייגט, אז איך בין ניט משוגע. זיי זיינען לעבעדיגער געווארען און האבען אנגעהויבען צו רודערן מיט אלע זייערע קרעפטע.

אין א שטונדע ארום זיינען מיר צוגעקומען אזוי נאהענט, אז מיר האבען געקענט זעהן גאנץ דייטליך, וואס דא איז געשעהן.

דאס שיף איז געשטאנען פעסט צווישען צוויא גרויסע שטיינער. זיא איז געשטאנען אין אן אויסשניט אין דיא שטיינער פון ברעג, אין א סאָרט הייל. זיא איז געווען איינגעפראָרען אין אייז. קיין זעגעל האט מען אויף איהר ניט געזעהן, אבער איהרע זעגעל ביימער און דיא רעען — דיא באלקענס, וועלכע הענגען אויף דיא זעגעל ביימער, און זאגאר דיא שטריקלייטער זיינען געווען גאנץ.

מיר זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צו איהר, האבען זיא בעטראכט און האבען געלעזען איהר טרויעריגע געשיכטע. וויא פון א בוך. זיא איז געווען זעהר אלט און געבויט ניט, וויא מען בויט היינט שיפען, וועלכע פאהרען איפ'ן אייז מעער. איהרע ווענט זיינען געווען שווארץ און בעדעקט מיט מושעלן (אזעלכע זשאַבע שיסעלעך). אלעס האט געזאגט קלאר און דייטליך, אז דיעזעס שיף שטעהט שוין אויף דיעזען אָרט זייט לאנגע יאהרען.

מיר האבען זיא בעטראכט עטליכע מינוט מיט שרעק און שטוינען. זיא האט אויסגעוויעזען אזוי אלט, אזוי שוואַך און אזוי צובראכען, אז מיר האבען זאגאר מורא געהאט ארויפצוגעהן אויף איהר דעק.

— וואס איז דאס פיר א שיף? וויא קומט זיא אהער? וויא לאנג געפינט זיא זיך אין דיעזער הייל? וואו זיינען דיא מענשען, וועלכע האבען געלעבט אויף איהר? האט מען געפרעגט פון אלע זייטען.

קיינער אבער האט ניט געקענט ענטפערן אויף דיעזע פראַגען.

— ווער וויל ארויפקלעטערן אויפ'ן דעק פון דיעזעס שיף? האט טהאָמפסאָן געפרעגט.

טהאָמפסאָן וואלט אליין געווען ארויפגעקלעטערט אויף איהר, דאס איז אבער געווען ניט לייכט, ווייל זיא איז געווען זעהר הויך. עס האט עס געדארפט טאהן א יונגער מאַן.

אָ'קאָננאָר האט זיך אונטערגענומען ארויפצוקלעטערן אויפ'ן דעק פון דיעזעס זאנדערבארע שיף. ער האט געקלעטערט, וויא א קאַץ, און אין איינינע מינוטען איז ער געווען אויפ'ן דעק און האט אונז אראפגעווארפען א שטריקלייטער.

מיר זיינען באלד אלע געשטאנען אויפ'ן דעק פון דעם שיף. דער דעק איז געווען בעדעקט מיט אייז און שנעע. דיא זעגעלביימער, דיא שטריקלייטער, דאס בריקעל און דיא קאַיוטען, — אלעס איז געווען בעדעקט מיט אייז און שנעע. עס איז זעהר מעגליך, אז דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס דאס שיף איז ניט פערפוילט געווארען און איז ניט צושפּאָלטען געווארען אויף שטיקער.

דיא קאַיוטען זיינען געווען פערמאכט און פערשלאָסען. דיא קיך, דיא שפייז קאַמערן, און דער פּאָרקעסל זיינען געווען פערמאכט, פעררינעלט און פערשלאָסען. עס איז געווען דייטליך, אז דיא מענשען פון'ם שיף זיינען אוועקגעגאנגען נור אויף א קורצער צייט. זיי האבען גערעכענט באלד צוריק צו קומען און האבען בעוואָרענט זייער שיף, אז מען זאל זיי ניט בערויבען אין דער צייט, ווען זיי וועלען ניט זיין אין דערהיים.

מיר זיינען געשטאנען איינינע צייט און האבען בעוואונדערט דיעזעס זאנדערבארע שיף.

— מיר דאכט, אז דאס איז אן אל'טעס האָלענדישעס שיף, האט ענדליך דער אלטער טאָדד געזאגט, ווען איך בין געווען אין ראָטערדאַם, האב איך געזעהן אזא אלט מאָדישעס שיף, מ'ין האט זיא פערקויפט אויף האָלץ.

— לאמיר אריינגעהן אין דער קאַיוטע, האט טהאָמפסאָן געזאגט, מיר וועלען דארט פיעלייכט געפינען דאָקומענטען, וועלכע וועלען אונז זאגען, וואס דאס איז פיר א שיף און וויא זיא קומט אהער.

מיר האבען זעהר לייכט אפגעריסען דעם שלאָס פון דער קאַיוטע און זיינען אריינגעגאנגען אין קאפיטאנס קאַיוטע. אלעס איז געווען גאנץ. יעדעס שטיק מעבעל איז געשטאנען אויפ'ן ארט, גלייך וויא מען וואלט עס ניר וואס אוועקגעשטעלט. מיר האבען געפונען איינינע ביכער און פיעלע פאפיערן און דאָקומענטען, אלע אבער אין דער האָללענדישער שפּראַכע. אזוי וויא קיינער פון אונז האט ניט פערשטאנען קיין האָללענדיש האבען מיר ניט געקענט וויסען, וואס אין דיעזע דאָקומענטען איז אנגעשריעבען.

פון דעם קאפיטאנס קאַיוטע זיינען מיר אריינגעגאנגען אין דיא אונטער־שטע אבטהיילונגען פון'ם שיף. מיר האבען דארט ניט געפונען קיין פיש אייל, ניט קיין פיש ביין און ניט קיין אנדערע פיש פּראָדוקטען.

— וויא עס ווייזט אויס, האט דיעזעס שיף נאך ניט געפאנגען ניט איין וואַללפיש, ווען עס איז פערשלאָגען געווארען אין דיעזע בוכטע, האט דער אלטער טאָדד ערקלערט.

מיר האבען געעפענט דיא שפּייזע קאַמערן און האבען זיי געפונען פול געפּאַקט מיט פּראָוויאַנט. דיא פעסער מיט געזאַלצענעם פלייש זיינען געווען פערפראָרען אין פּאָרגעשטעלט א שטיק אייז. מיר האבען ניט געקענט וויסען, אויב עס איז נאך גוט, אדער עס איז שוין פערדאָרבען. מיר האבען אבער אויך

געפונען פעסער מיט צוויבאק (סובארעס). זיי זיינען געווען פריש און גוט גלייך וויא מען וואלט זיי ערשט נעכטען געבראכט אייפ'ן שיף.

מיר האבען געזוכט ווייטער און האבען געפונען פעסער מיט מעהל, מיט באהנען (בעבלעך) און אנדערע פריכטע. אלעס איז געווען פריש און גוט, וויא מען וואלט עס ערשט נעכטען ארויפגעבראכט אויפ'ן שיף.

— דאס איז קיין וואונדער, האט דער אלטער טאָדד געזאגט, אין דער גרויסער קעלט, וועלכע הערשט אין דיעזע געגענדען, קען אַן עסענווערק ניט פערדאָרבען ווערן. אלעס ווערט פערפראָרען און האַרט וויא א שטיין. עס קען אוועקליעגען יאהרען לאנג און בלייבען פריש און גוט.

מיר האבען געפונען קאסטענס מיט טהעע, קאַפּעע, קאַקאָ, צוקער און פיעלע איינגעמאכטע פריכט (איינגעמאַכץ). מיר האבען זיך דערמאָנט, אז מיר זיינען הונגעריג, און האבען באלד פערטיג געמאכט אגרויסען מאָהלצייט, איך וואלט געקענט זאגען, אבאַלל.

מיר האבען געפונען האלץ און קוילען, און האבען צולעגט אגרויס פייער אין קיך, און האבען זיך געשטעלט קאכען און בראָטען.

איך האב געזעהן, וויא איניגע פון אונזערע מענשען זיינען ארומגעגאנגען אין דיא קאַמערן און האבען עפּעס געזוכט, איך האב זיי געפרעגט:

— וואס זוכט איהר נאך?

זיי האבען מיר אבער ניט געענטפערט. דאס איז מיר זעהר ניט געפעלען, און איך האב ניט אָפּגעטרעטען פון זיי. איך בין באלד געוואָהר געווארען, אז זיי זוכען שנאַפּס, קאניאַק אדער ראָם. דאס איז מיר שטארק ניט געפעלען.

— ווען זיי וועלען געפינען שנאַפּס, וועלען זיי זיך אָנשיכירן און וועלען נאך ווערן ווילד, האב איך געזאגט צו זיך אליין. איך מוז עס דערצעהלען אַנדריו טהאָמפסאָן.

איך האב אויפגעזוכט אַנדריו טהאָמפסאָן און האב איהם דערצעהלט, וואס איך האב געזעהן.

— לאזען זיי זוכען, האט ער געזאגט מיט א שמייכעל, זיי וועלען גאר ניכשט געפינען. דיא פלעשער און קריג מיט שנאַפּס זיינען אַלע צופּלאצט געווארען פון דער שרעקליכער קעלט אים ווינטער. זיי וועלען געפינען נור לעדיגע פלעשער. עס געפינען זיך אין איין אָרט עט־ליכע פעסלעך ראָם, איך האב אבער גוט בעווארענט דיא קאַמער, וואו זיי געפינען זיך.

מיר זיינען געזעסען אין קאַפּיטאנס קאַיוטע און האבען געוואַרט, דאס עסען זאל פערטיג ווערן. דיא מאַטראזען, וועלכע האבען געזוכט שנאַפּס, זיינען באלד אויך אריינגעקומען אין קאַיוטע, און האבען אויסגערופען בייז און פערדראָסען.

— אלע פלעשער, וועלכע מיר האבען געפונען, זיינען צובראכען און לעדיג. מיר האבען זעהר געוואלט טרינקען אביסעל ראָם און זיך דערוואַרעמען.

— איהר טהוט זעהר שלעכט, קינדער, וואס איהר זוכט שנאַפּס, האט טהאָמפּסאָן געזאגט גאנץ פריינדליך. איהר ווייסט פיעלייכט ניט אז אין דיעזע קאַלטע געגענדען, טאר מען קיין שנאַפּס ניט טרינקען. ווען מען ווערט שיכור, קען מען זעהר לייכט פערפראָרען ווערן. ווען עס זאלען זיך געפינען ראָם, קאָניאַק, אדער אנדערע שארפע געטראנקען, אויף דיעזען שיף, דארף מען זיי בעהאלטען פאר קראנקע. מיר זיינען יעצט אלע געזונד, דאס איז זעהר גוט; מיר זיינען דאך אבער נור מענשען, און אמענש קען קראנק ווערן. דאמאלס מוז ער האבען א ביסעל ראָם אדער א ביסעל וויין.

טהאָמפּסאָנ'ס רעד האט געווירקט. זיי האבען זיך אביסעל בערוהיגט, און האבען מעהר ניט געזוכט נאך שנאַפּס.

באלד האט מען געבראכט דאס עסען, און מיר האבען ווידער געגעסען וויא מענשען. מיר האבען געפונען, גאָפּעל, לעפעל, מעסער, טעלער, און אלעס נעטהיגע טיש געשירר, און מיר האבען זיי בענוצט מיט פערגניגען. ווען מען לעבט אגעוויסעם צייט, וויא א ווילדעס טהיער. מען לכט זאכען, צו וועלכע מען איז ניט געוואהנט, און מען עכט זיי ניט, וויא מען איז געוואהנט, פיהלט מען ערשט, וויא גליקליך עס לעבען דיא ציוויליזירטע מענשען, וועלכע זעצען זיך ביי א טיש און עסען וויא מענשען, ניט וויא דיא ווילדע טהיערע.

נאכ'ן עסען האבען מיר זיך אָנגעהויבען צו בעראַטהען, וואס מיר זאלען וויי טער טאהן.

— מיר דארפען ניט בויען קיין הויז, האט זיך אפגערופען איינער, מיר דארפען ניט זוכען קיין אנדער אָרט וואו צו וואונען. מיר האבען א גוטעס שיף, וואו מיר קענען זעהר גוט איבערווינטערן. וואס דארפען מיר בעסערס?

— איהר האט אונרעכט, האט טהאָמפּסאָן געזאגט. דענקט איהר, אז מיר וועלען קענען אויסהאַלטען דיא שטארקע קעלט, אין דיעזע דיענע הילצערנע ווענטלאך? ווען מען זאל געוועז קענען איבערווינטערן אויף דיעזעס שיף, וואלטען דיא מאַטראזען פ'ן'ם שיף זיא ניט אוועקגעווארפען. פערשטעהט איהר דען ניט, אז זיי האבען ניט געקענט לעבען אויפ'ן שיף; זיי האבען ניט געקענט אויסהאלטען דיא שרעקליכע קעלט, און זיינען געגאנגען זוכען אַן אָרט, וואו צו בויען א הויז. דערביי האט זיי פּאַסירט אַן אונגליק, און זיי זיינען שוין ניט צוריק געקומען?

— פון וואנען ווייסט איהר עס אזוי גענוי? האט איינער געפערגט.

— דאס שיף רעדט גאנץ דייטליך, און דערצעהלט וואס עס האט פּאַסירט מיט איהרע מענשען, האט טהאָמפּסאָן געענטפערט. — האבען מיר דען ניט געפונען אלעס פערמאכט און פערשלאסען? האבען מיר דען ניט געפונען אלע

ין דער בעסטער אָרדנונג ? — ווער האט פערמאכט און פערשלאסען דיעזע קאַיוטען און דיעזע קאַמערן ? — דיא מאַטראזען פון'ם שיף . — וואו זיינען זיי ? — זיי זיינען ערגעץ אויסגעשטאָרבען און פערפראָרען געווארען . — האט איהר געפונען א שפור פון א מענשען אויף'ן דעק ? — ניין . ווען דיא מאַטראזען וואלטען צוריק געקומען , וואלט געבליעבען צייכענס פון זייערע פיס אויף'ן שנעע פון'ם דעק . ווען מיר זיינען ארויפגעקומען אויף'ן דעק , האבען מיר ניט געפונען קיין שפור , קיין צייכען פון א מענשליכען פוס . דאס רעד .. יט , דיש א געוויסער צייט איז קיין מענש ניט געקומען אויף'ן שיף .

אייניגע מינוטען האבען אלע געשוויעגען . זיי האבען .. הן , אז טהאָמפסאָן האט רעכט , זיי האבען אבער ניט געוואלט איבע .. אזען דאס שיף , וואו זיי האבען געפונען פראָוויאַנט און א ווארעמע קיך .

— וואס דען זאלען מיר טהאן ? האט איינער .. זיי געפרעגט .

— מיין ראַטה איז , מיר זאלען ווייטער פאָ .. ען , ביז מיר וועלען געפונען א פלאַץ , וואו מיר וועלען קענען אויסבויען א פעסטעס און וואַרעמעס הויז . מיר וועלען דאן צוריק קומען צו דיעזער שיף , און וועלען נעהמען אלע לעבענס מיטעל , וועלכע קענען אונז נוצען , און זיי ברענגען אין אונזער הויז . איך זעה , אז אויף דיעזעס שיף איז ניטא קיין הייצונג . עס איז דא נור אביסעל האלץ , וועלכעס איז נעטהיג פאר דער קיך . מיר כוזען אלזא זעהן צו חאפען נאך א וואַללפיש , אדער נאך א נאַרוואַלל , און זיך אנגרייטען הייצונג אויף'ן ווינטער . ווען איהר דענקט , אז מיר האבען יעצט ווינטער , האט איהר אגרויסען טעות . וויא קאלט עס איז , הייסט עס נאך זומער , אין דיעזער געגענד . איהר וועט ערשט שפעטער געוואָהר ווערן , וואס ווינטער הייסט .

— ער האט רעכט ! האט דער אלטער טאָדד אויסגערופען , איך האב שוין צווייא מאל איבערגעווינטערט אין דיעזע געגענדען . איך וויים , וואס עס הייסט ווינטער אין דיעזע געגענדען . עס ווערט אזוי קאַלט , אז א מענש קען קוים אויסהאלטען צעהן מינוט אין דרויסען . מען מוז זיצען אין א וואַרעמער שטוב , זאנסט ווערט מען פערפראָרען . מיר וועלען ניט קענען אויסהאלטען דיא קעלט אין דיא דינע , האלב פערפוילטע ווענטלעך פון דיעזעס שיף .

— קינדער ! איך האב אייך געזאגט מיין פלאַן , האט טהאָמפסאָן אויס-גערופען , ווען איינער האט אבעסערן פלאַן , זאל ער איהם זאגען . ווען זיין פלאַן וועט זיין .. וט , וועל איך איהם מיט פערגניגען אָננעהמען .

אלע האבען געשוויעגען . קיינער האט ניט געהאט קיין בעסערן פלאַן .

— אונזער קאַפּיטאַן האָט רעכט ! האב איך אויסגערופען , מיר קענען ניט איבערווינטערן אויף א זאַ אַלטעס שיף , וועלכע קען יעדע מינוט צובראכען ווערן . מיר מוזען בויען א הויז .

— מיר מוזען בויען א הויז ! האבען .. עשריען נאך אייניגע .

מיר האבען באלד איינגעזעהן, אז טהאמפסאָן איז װירקליך א גוטער קאַפּיטאַן. ער איז ניט געװען קיין געשיקטער װאַללפיש פאַנגער, אבער װען מען האט געדארפט עפּעס אויפטאהן, זארגען זיך פאר אלעמען, און װייזען אלעמען װאס צו טאהן, איז ער געװען דער ריכטיגער מענש אויפ'ן ריכטיגען פּלאַץ.

מיר האבען פערבראכט אגאנצען טאג אויפ'ן שיף. טהאָמפסאָן האט אונז געװייזען װיא צו מאכען שליטענס, און מיר האבען געפונען אויפ'ן שיף ברעטער און אלערליי אינסטרומענטען פון א ציממערמאַן (סטאָליאַר), מיט װעלכע מיר האבען געמאכט דיא שליטענס. מיר האבען אויך געפונען עטליכע אלטע ביקסען, א קאַסטען מיט פּולװער, און א קעסטעל מיט קוילען.

מיר האבען אָנגעפּאַקט אונזערע שליטענס מיט טהעע, קאַפע, צוקער, סוכאַרעס, און אנדערע ארטיקעל, װעלכע זיינען נאָטהװענדיג אויף דער רייזע.

---

# 47-טעם קאפּיטעל

## מיר בױען אַ הױז.

דיא קעלט איז געװען שרעקליך. װען דיא זון איז אונטערגעגאנגען, איז געװען אונמעגליך איינצושטעהן אויפ'ן דעק פון'ם שיף. איך האב אָנפאנגס גערעכענט, אז דיא שטיינער פון'ם ברעג דארפען אונז שיצען געגען דעם שרעקליכען קאלטען װינט, אזוי װיא מיר פלעגען זיך שיצען ביז אהער אונטער דיא שטיינער.

דאס איז אבער געװען א טעות. אויף דיא ניעדעריגע באָאָטע האבען מיר געקענט פערקריעכען אין א שפּאַלט פון א שטיין, און זיין געשיצט פון'ם װינט. אויפ'ן הויכען שיף אבער האט דער װינט געבלאזען פון אלע זייטען, און עס איז געװען אונמעגליך איינצושטעהן אויפ'ן דעק.

אין דער קאַיוטע איז אויך געװען שרעקליך קאַלט, עס איז אבער גע־שטאנען אין איהר אגרויסער אַייזערנער אויװען. מיר האבען געמאכט פייער אין איהם און האבען זיך אָנגעװאַרעמט. אויף דער װאַך האט קיינער ניט געװאָלט שטעהן, װייל עס איז געװען שרעקליך קאַלט.

— מיר האבען פאר קיינעם קיין מורא ניט אויפ'ן שיף, און מען דארף ניט האלטען דיא װאַך, האבען זיי געזאגט.

טהאָמפסאָן אבער האט געפאָדערט, אז יעדער זאל אויסשטעהן זיין שטונדע אויף דער װאַך. װען עס װעט איהם װערן שטארק קאַלט, זאל ער אריינגעהן אין קאַיוטע זיך אָנװאַרעמען.

דיא מאַטראזען זיינען דערמיט געװען ניט שטארק צופריעדען, און האבען

אָנגעהויבען צו ברומען, אז טהאָמפּסאָן איז א שלעכטער מענש, וועלכער וויל זיי פּלאַגען אומזיסט.

— איך וועל דער ערשטער שטעהן אויף דער וואַך, האט טהאָמפּסאָן געזאגט.

— און איך דער צווייטער! האב איך אויסגערופען.

— און איך דער דריטער! האט אָ'קאָננאָר געשריעען.

— און איך דער פיערטער! האט סטאָקס זיך אריינגעמישט.

— מיר וועלען אלע שטעהן אויף דער וואַך! האבען אלע אויסגערופען.

מיר האבען זיך געלעגט שלאָפען, און יעדער פון אונז איז אָפּגעשטאנען גאנץ רוהיג זיין שטונדע אויף דער וואַך.

דיא נאכט איז פערגאנגען גאנץ רוהיג. איינעגע פון אונז האבען צוואר דערצעהלט, אז ווען זיי זיינען געשטאנען אויף דער וואַך, האבען זיי געהערט שווערע טריט אויבען אויפ'ן באַרג, אזוי וויא זיי האבען אבער קיינעם ניט געזעהן, האט מען זיי ניט געוואלט גלויבען.

דיא קעלט איז ביי נאכט געווען אזוי שטארק, אז דיא ברעגעס פון'ם מעער זיינען אין גאנצען פערפראָרען געווארן, און מיר האבען געקענט געהן אויפ'ן אייז, לעבען דיא שטיינערנע ווענט. מיר האבען יעצט געהאט שליטענס, און האבען ניט געדארפט אונזערע באָאָטע, דענאך האט טהאָמפּסאָן געהייסען מיטנעהמען א באָאָט אויך.

מיר האבען אָפּגעגעסען אונזער פריהשטיק, און האבען אנגעהויבען אונזער רייזע. מיר זיינען אוועקגעגאנגען א גאנצען טאג, און האבען ניט געפונען קיין פּלאַץ, וואו מיר זאלען קענען ארויסגעהן אויפ'ן ברעג. פאר אונז האבען זיך אויפגעהויבען הויכע שטיינערנע ווענט, אויף וועלכע מען האט געקענט ארויפקלעטערן נור מיט לייטערס.

ווען דיא זון איז אונטערגעגאנגען, האבען מיר אויסגעשטעלט אונזערע שליטענס און אונזער באָאָט פון דרייא זייטען, און האבען געמאכט א לאַגער, וואו מיר זאלען איבערנעכטיגען. מיר האבען אָנגעצונדען אונזער אויוועלע, און האבען אָפּגעקאכט אונזער נאכט עסען. אזוי וויא אלע זיינען געווען זעהר מיעד, האבען מיר זיך באלד געלעגט שלאָפען.

ווען מיר זיינען אויפגעשטאנען אין דער פריה, האבען אייניגע געזאגט, אז זיי ווילען ווייטער ניט געהן.

— מיר מוזען זיך אומקעהרן צום שיף, מאכען לייטערס און ארויפקריכען אויפ'ן ברעג, האבען זיי געזאגט, ווען מיר וועלען זיין אויפ'ן ברעג, וועלען מיר זוכען אפּלאַץ, וואו צו בויען אהויז.

עס האט געקאסט טהאָמפּסאָן און מיר פיעל מיה זיי איינצורעדען, זיי זאלען נאך איין טאג ווייטער געהן. אלע זיינען געווען אזוי מיעד, אז זיי האבען

געוואלט זיך אויסרוהען עטליכע טעג אויפ'ן שיף. טהאָמפּסאָן האט ניט געוואלט זיי אויסזאגען, אז וויא מיעד זיי זיינען, איז דאך ניט יעצט דיא צייט זיך אויסצורוהען. יעצט איז דיא צייט צו ארבייטען, אָנצוגרייטען און זיך צופערזאָרגען אויפ'ן ווינטער. ווען עס וועט קומען דיא לאנגע נאכט, וועלכע געדויערט גאנצע צוויא-דרייא מאָנאטען, וועלען זיי זיך אויסרוהען, וויפיעל זיי וועלען אליין וועלען.

מיר האבען זיך ווייטער געלאזען אויף דער רייזע, זיינען ווידער אוועקגעגאנגען אגאנצען טאג, און האבען גאר ניט געפונען. אונזערע קאַמעראדען האבען אנגעהויבען צו ווערן בייז און אונרוהיג.

— וואס פיהרט ער אונז אויפ'ן אייז? האבען זיי אנגעהויבען צו ברומען אונטער דער נאָז, — האבען מיר דען ניט געזאגט, אז מיר פלאַגען זיך אומזיסט? האבען מיר דען נעכט'ן ניט געבעטען, מיר זאלען זיך אומקעהרען צום שיף?

מיר האבען אָפּגעגעסען שטילערהייד, און האבען זיך באלד געלעגט שלאפען. טהאָמפּסאָן האט מיך געבעטען, איך זאל זיין דער עשטער צו שטעהן אויף דער וואַך. איך האב עס איהם צוליעב געטאהן.

קוים זיינען אלע אנטשלאָפען געווארען, איז טהאָמפּסאָן אויפגעשטאנען און איז צוגעקומען צו מיר.

— ריטשאַרד, איך וויל דיך עפּעס בעטען, האט ער געזאגט מיט א פערצווייפעלטער שטימע.

— וואס קען איך טאהן פון אייערט וועגען?

— איך ווייס, אז זיי וועלען מארגען אויף קיין פאַלל ניט וועלען ווייטער געהן, זיי וועלען מיך צווינגען צוגעהן צוריק צום שיף און דארט איבערווינטערן. דאס איז אונמעגליך. קוים וועלען מיר איבער ווינטערן אין שיף, וועלען מיר אלע אויסשטארבען פון קעלט און קראנקהייטען. דיא ערשטע זאך, וואס וועט אונז אויספעהלען, איז — הייצונג. יעצט קען מען נאך חאַפּען א וואַללפיש, אדער א נאַרוואַלל, שפּעטער וועט דאס גאנצע מעער פערפראָרען ווערן, און מיר וועלען זאגאַר ניט האבען מיט וואס אָנצוצינדען אונזער אייל אויוועלע. —

— וואס קען איך אבער העלפען? האב איך איהם אונטערבראָכען.

— ווען עס וועט ווערן טאג, זאלסט דוא איינער אליין געהן ווייטער און זוכען, פיעלייכט וועסט דוא דאך געפינען אַן אָרט, וואו מיר קענען בויען א הויז. איך וועל טאהן אלעס וואס איך קען, אום זיי אויפצוהאלטען וואס לענגער דא אויפ'ן אָרט. וועלען זיי ווערן שטארק אונגעדולדיג, וועל איך זיי זאגען, אז דוא ביסט ערגעץ אוועקגעגאנגען, און מיר מוזען וואַרטען, ביז דוא וועסט צוריק קומען.

— איך וועל טאהן, וואס איהר פערלאנגט, האב איך געענטפערט, איך זעה אבער ניט איין, אז עס זאל מיר געלינגען אויסצוגעפינען עפּעס. מיר דאכט זיך, אז דיא ברעגעס פון'ם לאנד, וואו מיר געפינען זיך, זיינען אלע זעהר הויך.

— מיר מוזען אבער דאך פראָבירען זוכען, האט טהאָמפּסאָן בעמערקט, מיר האבען דאך געזעהן, אז דאס ערשטע מאל האבען מיר געטראָפען אַן אָרט, וואו דיא ברעגעס זיינען פלאַך. ווען מיר האבען געטראָפען איין אָרט, קענען מיר טרעפען נאך אַן אָרט.

מיר האבען גערעדט נאך איינינע מינוט. טהאָמפּסאָן האט זיך צוריק געלעגט, און איך בין נאך געשטאנען איינינע צייט אויף דער וואַך, דאן האב איך אויפגעוועקט אַן אנדערן, און איך האב מיך געלעגט שלאָפען.

גאנץ פריה, ווען עס האט נור וואס אנגעהויבען צו טאָגען, האט מיך טהאָמפּסאָן אויפגעוועקט. איך בין שנעל אויפגעשטאנען, האב גענומען אשפּיעז אין דיא הענד, און א האַק אין גאַרטעל, און בין אוועקגעגאנגען.

— וואוהין געהסט דוא, דיק? האט מיך געפרעגט דער מאַן, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואַך.

— איך וועל באלד צוריק קומען, האב איך געענטפערט קורץ, און בין ווייטער געגאנגען.

איך בין אוועקגעגאנגען געגען א פּאָר שטונדען. אזוי וויא דיא קעלט איז געוועזן זעהר שטארק, האב איך געמוזט געהן האַסטיג, אום זיך צו דער וואַרעמען.

דיא זון איז אויפגעגאנגען און האט בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד. איך בין געגאנגען אין שאָטען, ווייל דיא הויכע ווענט פון'ם ברעג האבען געוואָרפען זייער שאָטען אויף מיין וועג. וויא גרויס איז דאהער געוועזן מיין איבערראַשונג, ווען איך האב פּלוצלונג דערזעהן, אז דער שאָטען איז פערשוואונדען געוואָרען, און איך געפין מיך אויף אנלייכען פלאַץ, וועלכער איז געוועזן נור אין ערטער בעדעקט מיט שנעע.

איך בין געבליעבען שטעהן איינינע מינוט, וויא א צומישטער, באלד אבער בין איך געקומען צו זיך, און האב אנגעהויבען צו בעטראַכטען דיא געגענד. איך האב דערזעהן, אז דיא הויכע וואַנט פון'ם ברעג איז פּלוצלונג אבגעשניטען, אָפּגעריסען, אפּגעבראָכען. פאר מיר איז געלעגען א ברייטער פּאס אַייז, וועלכען איך האב באלד דערקענט, אז דאס מוז זיין א טייך, וועלכער איז יעצט פערפראָרען. עס איז זעהר מעגליך, אז מיט עטליכע טעג צוריק האט דיעזער טייך נאך גאנץ פרעהליך גערוישט און געקייקעלט זיינע קלארע וואסערן צום וועלט מעער. יעצט אבער איז איבער איהם געליעגען אשווערער דעק פון אַייז. — ווייטער אין לאנד האב איך געזעהן העכערע און ניעדריגערע בערג, וועלכע זיינען געוועזן פריי פון שנעע, און דיא שווארצע שטיינער האבען ארויסגעשטעקט, הויל, נאַקעט און טרויעריג.

— דאס איז דער אָרט! האב איך אויסגערופען, דא וועלען מיר קענען בויען א הויז און איבערווינטערן. דער טייך איז צוואר פערפראָרען, דאס מאכט אבער ניט אויס. מיר וועלען שטענדיג קענען אויסהאַקען אין איהם אלאָך, און אָנשעפּען פרישעס וואסער.

איך בין געלאפען צוריק צו מיינע קאמעראדען און האב זיי דערצעהלט, וואס איך האב געפונען. זיי האבען אנפאנגס מיר ניט געוואלט גלויבען, און האבען געפאָדערט, אז מיר זאלען גלייך געהן צוריק צום שיף. טהאמפסאָן האט זיי קוים איינגעבעטען צו צוגעהן נאך דאס קליינע שטיקעל וועג. זיי זיינען צוגעקומען און אלעמען איז געפעלען דער פלאץ.

די ערשטע זאך, וואס מיר האבען געטאהן, איז געווען אויסצוהאקען אגרויסען לאך אין דעם אייז אויפ'ן טייך, און צו פראָבירען דאס וואסער. מיר האבען געפונען, אז דער טייך איז גאנץ טיעף, און דאס וואסער אין איהם איז גוט צום טרינקען. מיר האבען אלע געטרונקען דאס פרישע וואסער מיט פערגניגען. זייט מיר זיינען אראפ פון אונזער שיף, און „שעטלאנד" האבען מיר געמוזט טרינקען וואסער פון צושמאָלצענעם אייז אדער שנעע.

מיר האבען דאן אויסגעזוכט א בארג, ריכטיגער געזאגט, א שטיינערנע וואנד פון א בארג, וואו מיר האבען געקענט בויען א הויז. מיר האבען געדארפט בויען נור צוויא ווענט, די אנדערע צוויא ווענט האבען מיר געהאט פערטיגע — די ווענט פון'ם בארג.

מיר האבען געפונען גענוג שטיינער און ערד, פון וואס צו בויען די אנדערע צוויא ווענט. יעצט זיינען שוין אלע געווען צופריעדען, וואס זיי זיינען געקומען אהער, יעדער האט איינגעזעהן, אז מיר קענען זעהר לייכט זיך אויסבויען א הויז, וואו מיר זאלען קענען זיין געשיצט געגען די שרעקליכע קעלט, און געגען די ווייסע בערן.

אלע האבען זיך גענומען מוטהיג צו דער ארבייט, און אין איניגע שטונדען איז אונזער נייעס הויז געווען האלב פערטיג. מיר האבען צונויפגעשלעפט גרויסע שטיינער און האבען זיי אויסגעלעגט, וויא מען לעגט אויס ציעגעל. די לעכער צווישען איין שטיין און דעם אנדערן האבען מיר פערשאָטען מיט ערד. מיר האבען געמאכט די ווענט אזוי הויך, וויא מיר האבען געקענט.

פענסטער האבען מיר ניט געדארפט. אהויז אין יענע קאלטע געגענדען דארף קיינע פענסטער. וואו נעהמט מען אבער אטהיר צום הויז? אָהן אטהיר קען מען זיך דאך ניט בעגעהן. דאן האבען מיר ניט געוואוסט, פון וואס צו מאכען א דאך פאר אונזער הויז. ווען מיר זאלען האבען באלקענס און ברעטער, וואלטען מיר געקענט זיי ארויפלעגען אויף די שטיינערנע ווענט און ארויפשיטען אויף זיי ערד. וואו נעהמט מען אבער באלקענס מיט ברעטער?

מיר האבען געארבייט א גאנצען טאג זעהר שווער, און אויף ביי נאכט האבען מיר געהאט דאס זעלטענע פערגניגען צו שלאפען אין אונזער אייגענעם הויז. מיר האבען דערווייל צוגעדעקט דאס הויז מיט שטיקער זעגעל טוך פון אונזערע באָאָטע, און וויא שלעכט דיעזער דאך איז געווען, איז אונז דיעזע

נאכט געווען פיעל ווארעמער צו שלאפען, וויא אלע נעכט, וועלכע מיר האבען צוגעבראכט אין דיא געצעלטען.

מיר האבען אפגעגעסען און געשלאפען דיעזע נאכט גאנץ געשמאק.

## 48-טעם קאפיטעל

## ווידער אמאל ווייסע בערן.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האבען מיר אנגעהויבען זיך צו בע-ראטהען, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן. דיא הויפט פראגע איז געווען, פון וואס מאכט מען א דאך אויף אונזער הויז?

— מיר מוזען אריבערברענגען אהער אלע זאכען, וועלכע געפינען זיך אויף דעם פערראונגליקטען שיף, האט טהאמפסאן געזאגט, דאן וועלען מיר צו נעהמען דאס שיף אויף ברעטער און באלקענס, און מאכען פון זיי א דאך און א טהיר פאר אונזער הויז.

— דאס וואלט געווען רעכט, ווען דאס שיף זאל זיך געפינען ניט ווייט פון אונזער הויז, האט זיך איינער אפגערופען, זיא איז דאך אבער זעהר ווייט פון דאנען. אריבער פיהרען אלעס וועט ביי אונז צו נעהמען צו פיעל צייט. דער ווינטער קומט אן זעהר שנעל, דער טאג איז שוין פיעל קורצער פון דער נאכט. מיר וועלען מוזען ארבייטען צווייא וואכען שווער און ביטער, איידער מיר וועלען אריבערברענגען אהער אלע זאכען פון'ם שיף, דאן ערשט וועלען מיר קענען אנהייבען צו נעהמען דאס שיף אויף ברעטער און ענדיגען אונזער הויז. וועלען מיר אבער האבען צייט דער צו? דערוויל האבען מיר שעהנעס וועטער, וואס וועלען מיר טאהן, ווען עס וועט זיך אנהייבען אשנעע שטורם?

— אלזא, וואס דען זאלען מיר טאהן? האט טהאמפסאן געפרעגט, האט איהר דען אבעסרן פלאן.

— פיעלייכט קענען מיר דאך איבערווינטערן אויפ'ן שיף? האט איינער אויסגערופען.

— ווייסט איהר וואס? האט טהאמפסאן געענטפערט, איך און מיינע גוטע פריינד וועלען איבערווינטערן דא אין הויז, ווער עס וויל בלייבען אויפ'ן שיף, דער מעג עס טאהן. מיר וועלען באלד זעהן, ווער עס האט רעכט.

דארויף האבען אלע געשוויעגען. טהאמפסאן האט געהייסען איבערלאזען ריא באאטע מיט'ן פראוויאנט אין הויז, זיי ארומלעגען מיט גרויסע שטיינער, אז דיא ווייסע בערן זאלען זיי ניט קענען ארויסגנבענען, און מיר זיינען צוריק געגאנגען צום שיף.

מיר זיינען יעצט געווען לעדיג, מיר האבען מיט זיך נוט געהאט קיין שווערע משא, און מיר זיינען דעם אנדערן טאג אין דער פריה אנגעקומען צום שיף, און זיינען אלע לוסטיג און פרעהליך ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק.

— וואס איז דאס? ווער האט עס געלאזען אָפען דיא טהיר פון קאַפּיטאנס קאַיוטע? האט אויסגערופען איינער פון אונז.

— וואס האסט דוא מורא? האט דער אנדערער געלאַכט, דא זיינען נישא קיין גנבים. קיינער איז ניט געקומען בערויבען דאס שיף.

— איך געדענק זעהר גוט, אז איך האב פערמאכט דיא טהיר, ווען מיר זיינען אוועק געגאנגען, האט אָ'קאָננאָר געזאגט, ווער האט זיא אלזא געקענט עפענען?

מיט דיעזע ווערטער איז ער אראפגעשפרונגען דיא עטליכע טרעפעלעך, וועלכע האבען געפיהרט אראפ צו דער קאַיוטע. קוים אבער איז ער איבער-געטרעטען דיא שוועל פון דער קאַיוטע, איז ער צוריק געשפרונגען מיט שרעק. זיינע האָר האבען זיך אויפגעשטעלט וויא שפּיזלעך, און ער איז אזוי שטארק צוריק געלאפען, אז ער איז ארויפגעפאלען אויף דעם מאַן, וועלכער איז געגאנגען הינטער איהם, אוןביידע זיינען אומגעפאַלען.

אין דיעזע מינוט האבען מיר געהערט פון דער קאַיוטע א שרעקליכעס ברומען. מיר האבען שוין געוואוסט, וואס דיעזעס ברומען בעדייטעט. מיר האבען שוין געקענט דאס ברומען פון א ווייסען בער.

— פערמאכט דיא טהיר! שנעל! האט געשריען דער אלטער טאָדד, וועלכער איז געשטאנען פון הינטען.

דיא טהיר פון דער קאַיוטע האט זיך געעפענט פון דרויסען און ניט פון אינעווייג, עס איז דאהער געווען ניט שווער זיא צו פערמאכען, און אויף א זא אָרט צו פערשפאַרען דעם בער אין דער קאַיוטע און האלטען איהם געפאנגען, וויא אין אשטייג. אָ'קאָננאָר האט אבער אָנגעמאכט א זא שרעק, אז קיינער האט ניט געוואַגט אראפצוגעהן און צו פערמאכען דיא טהיר.

אַנדריו טהאָמפסאָן איז געווען דער איינציגער, וועלכער האט געהאט אזוי פיעל מוטה אראפצושפּריגען און אָנצוחאַפּען דיא טהיר. אין דיעזע מינוט האט דער ווייסער בער ארויסגעשטעקט זיין גרויסען קאפ און א פאָר שטארקע לאַפּעס. טהאָמפסאָן האט איהם אבער א קוועץ געטאהן מיט דער טהיר אין דער נאָז, און האט פערמאכט און פערריעגעלט דיא טהיר

ערשט יעצט האט דער בער אָנגעהויבען צו טאנצען און צו ברומען אין דער קאַיוטע. ער האט פערשטאנען, אז ער האט דא זעהר שלעכט אָנגעטראפען, און האט אנגעהויבען צו רייסען דיא טהיר, און צו קראַצען דיא ווענט, און דיא קליינע קיילעכדיגע פענסטערלעך פון דער קאַיוטע. ער האט באַלד אויסגעבראכען א פאָר פענסטערלעך, און האט ארויסגעשטעקט דורך זיי זיין נאָז און זיין לאַפּע.

— גיט אהער א ביקס! האט דער אלטער טאָדר געשריען.

אזוי וויא אלע האבען געוואוסט, אז איך שיעס גוט און ציעל גוט, האט מען מיר געגיבען דיא עהרע צו שיעסען דעם בער. איך האב דאס מאל גע-האט א לייכטע אַרבייט. איך האב נור אפגעווארט, ביז דער בער האט צו-געלעגט זיין קאפ צום פענסטעריל און האב אויסגעשאָסען. מיין קוגעל האט גוט געטראפען און דער בער איז אניעדער געפאַלען, מיר האבען דאן געעפענט דיא טהיר און איך האב איהם געשאָסען נאך א מאל.

ערשט יעצט האבען מיר דערזעהן, וואס פאר א שווערן גאסט מיר האבען. דאס איז געווען איינער פון דיא גרעסטע ווייסע בערן, וועלכע גע-פינען זיך אין יענער געגענד. מען האט געמוזט נעהמען פינף שטארקע מענשען אום איהם ארויסצושלעפען פון דער קאַיוטע.

קוים זיינען מיר פערטיג געווארען מיט אונזער גאסט, האבען מיר דער-הערט א שרעקליכעס ברומען אין פאָרקאַסל, אין דעם אנדערען טהייל פון'ם שיף. מיר האבען געלאזען דעם טויטען בער און זיינען געלאפען זעהן, וואס עס טהוט זיך אין פאָרקאַסל. א צווייטער בער איז לאנגזאם ארויפגעגאנגען אויף דיא טרעפ און האט געווארפען אויף אונז א בייזען בליק גלייך וויא ער וואלט אונז געפרעגט:

— ווער זייט איהר און וואס האט א י ה ר דא צו טאהן?

איך האב אויסגעשאָסען אויף איהם, האב איהם אבער ניט געטראפען, זוייל ער איז געווען פערשטעלט מיט דיא טרעפ. ער האט אנגעהויבען שטארק צו ברומען און איז זיך צוריקגעגאנגען אין פאָרקאַסל. — דער פאָרקאַסל איז א גרויסער צימער, אדער א גרויסע קאַיוטע, וואו דיא מאַטראָזען שלאָפען. עס האט געוועהנליך קיינע פענסטערלעך און מען מוז דאָרט שטענדיג ברענען א לאָמפּ,

מיר זיינען יעצט געווען אין א גרויסער פערלעגענהייט. אראפגעהן אין פאָרקאַסל און אנפאלען אויפ'ן בער אין דער פינסטער האט געהייסען א זיכע-רער טויט. פערמאכען דיא טהיר און פערשליעסען דעם בער אין פאָרקאַסל איז געפעהרליך. דער בער וועט דאָרט ניט בלייבען רוהיג. אויסער דעם האט קיינער ניט געוואַגט ארונטער צו געהן.

דאס ערגסטע איז געווען, וואס מיר האבען ניט געוואוסט, אויב דאָרט געפינט זיך נור איין אדער דער עטליכע.

— וואס טהוט מען אלזא? האט איינער געפרעגט, מיר קענען ניט עסען אדער טרינקען רוהיג, זאָ לאַנג מיר האבען אזעלכע אונאנגענעהמע געסט אויף אונזער שיף. מיר מוזען זעהן פון זיי לויז צו ווערן.

מיר האבען אלע געטראכט דאס זעלבע, קיינער האט אבער ניט גע-וואוסט וואס צו טאהן און וויא אזוי לויז צו ווערן פון דיא בערן.

פלוצלונג האט דער אלטער טאָדד אויסגערופען:

— איך האב געפונען! — איך האב א מיטעל וויא ארויפצונארען דעם בער אדער דיא בערן אויפ'ן דעק!

מיר האבען אלע געעפענט מויל און אויערן צו הערן, וואס פאר א מיטעל דער אלטער טאָדד האט אויסגעפונען.

— מיין מיטעל איז אן אלטעס אבער א זיכערעס, האט דער אלטער מאַטראָז געזאגט. מיר האבען געזאלצענעס פלייש אין פעסער. מיר וועלען נעהמען א גרויס שטיק פלייש, וועלען עס אביסעל צו בראָטען, עס זאל שמעקען, וועלען עס דאן אנשטעקען אויף א שפיעז און וועלען עס אראפלאזען אויף דיא טרעפ פון „פאָרקאַסל". דער בער וועט דערשמעקען דאס פלייש און וועט וועלען עס חאפען. מען דארף עס ביי איהם אוועקנעהמען און עס איהם ווידער ווייזען, ביז מען וועט איהם ארויפפיהרען אויפ'ן דעק. אין דער זעלבער צייט דארפען זיך אלע בעוואָפענען. יעדער דארף נעהמען אין דער האנד א ביקס, א שפיעז, א מעסער אדער וואס ער וועט קענען. יעדער דארף זיין בערייט צו געברויכען זיין וואָפען, ווען דער בער וועט ארויפקומען. איך בין געשיקט מיט דער האַרפונע, איך וועל נעהמען א האַרפונע אין דיא הענד און וועל טאהן אלעס מעגליכע אום צו טרעפען דעם בער מיט דער האַרפונע.

דער פלאן איז אלעמען געפעלען און מיר האבען איהם באלד אויסגעפיהרט וויא דער אלטער טאָדד האט אונז געלערנט. יעדער פון אונז האט זיך בעוואָפענט, מיט וואס ער האט געקענט און האט געוואַרט, אז דער בער אדער דיא בערן זאלען ארויפקומען אויפ'ן דעק. דאס שטיק פלייש איז אויך באלד פערטיג געווארען אין א שטארקער אירלענדער האט גענומען דעם שפיעז און האט איהם לאנגזאם אראפגעלאזען אויף דיא פינסטערע טרעפ פון'ם פאָרקאַסל.

קוים האבען דיא בערן דערשמעקט דעם גערוך פון געבראָטענעם פלייש, זיינען זיי ארויסגעגאנגען פון'ם פאָרקאַסל און האבען געוואלט חאפען דאס פלייש. דער אירלענדער האט אויפגעהויבען דעם שפיעז. דיא בערן זיינען אים נאכגעלאָפען. דער אירלענדער האט ארויפגעשלעפט דאס פלייש העכער. דיא בערן זיינען געווארען אזוי צורייצט, אז זיי זיינען ארויפגעקומען אויפ'ן דעק.

ערשט יעצט האבען מיר געקענט זעהן, אז מיר האבען צו טאהן ניט מיט איין בער, זאָנדערן מיט דרייא: מיט א מוטער און צוויא קינדער. וויא עס ווייזט אויס, האבען מיר געהאט דיא גרויסע עהרע צו טרעפען אויפ'ן שיף א גאנצע פאמיליע פון ווייסע בערן. דער שרעקליכער בער, וועלכען מיר האבען געטייטעט אין דער קאפיטאנס קאַיוטע, איז געוועזן דער פאָטער. יעצט האבען מיר פאר אונז דיא מוטער מיט איהרע ליעבענסווירדיגע קינדער, וועלכע האבען אונז געוויעזען, אז זיי האבען שוין גאנץ שאַרפע צעהנדעלעך און לאַפקעלעך מיט וועלכע זיי קענען דערהרגענען דעם שטארקסטען מענשען.

מיר האבען זיי אויפגענומען אזוי העפליך, וויא א מענש קען אויפנעהמען א ווייסען בער, וועלכער איז געקומען צו איהם צו גאַסט. איך און נאך צווייא מאַטראָזען האבען געשאָסען אויף זיי. דער אלטער טאָדד האט זיי מכבד געווען מיט דער שווערער האַרפונע. דיא אנדערע האבען זיי אויפגענומען מיט שפיעזען און מיט מעסערם.

דעם ווייסען בער איז אבער ניט אזוי לייכט צו טייטען, ער האט א זעהר הארטעם לעבען. עס האט אונז געקאָסט גענוג מיה און גענוג שרעק, ביז מיר האבען געטייטעט אלע דרייא בערן.

ווען עס איז אונז ענדליך געלונגען און דיא פיער בערן זיינען געליעגען טויט אויפ'ן דעק, האבען מיר אנגעהויבען זיך אומצוקוקען, וואס דיא בערן האבען אפגעטאהן אין דער צייט פון זייער בעזוך. מיר האבען געזעהן מיט שרעק און שטוינען, וויא זיי האבען צו ווארפען און צו בראכען פיעלע זאכען אין דיא קאַיוטען. זיי זיינען געווען אין שפייזע קאַמער און האבען אויפגע-פרעסען אלעם וואס זיי האבען נור געקענט געפינען.

זיי האבען דערשמעקט דיא פעסער מיט געזאַלצענעם שווין פלייש, אבער נור איין פעסעל איז געווען אָפען, דיא איבעריגע זיינען געווען פער-מאכט. זיי האבען פראָבירט צו עפענען א פעסעל און האבען עס ניט גע-קענט. אין דעם אָפענעם פעסעל איז געווען זעהר ווייניג פלייש.

דיא בערן האבען אונז געמאכט פיעל שאַדען, זיי האבען אבער זעהר ווייניג צו גענומען ביי אונז. זא, צום ביישפיעל, האבען זיי צו בראכען א קאסטען מיט טהעע און האבען איהם אויסגעשאָטען. זיי האבען פראבירט עסען דיא טהעע און ער איז זיי שטארק ניט געפעלען.

מיר האבען יעצט איינגעזעהן, וויא מען מוז שטענדיג זיין פאָרזיכטיג און מען דארף שטענדיג פערמאכען און פערשליעסען דיא טהירען, ווען מען געהט אוועק פון דער היים. דיא בערן זיינען וואהרשיינליך שוין עטליכע מאל געווען אויפ'ן שיף און האבען פראָבירט עפענען דיא טהירען, זיי האבען עס אבער ניט געקענט, ווייל דיא טהירען זיינען געווען גוט בעוואָרענט, יעצט זיינען זיי ווידער געקומען און האבען געפונען דיא טהירען נור צוגעמאכט, אבער ניט פערשלאָסען, און זיי האבען געמאכט א קליינע הויז אונטערזוכונג (אָביסק) אויפ'ן שיף.

מיר האבען יעצט געמוזט ארבייטען אייניגע צייט, ביז מיר האבען ווידער געבראכט אין אָרדנונג אלעם, וואס דיא בערן האבען צו וואָרפען און צובראָכען.

— מיר דאכט, אז דיא ווייסע בערן געהן אונז נאך טריט ביי טריט, האט דער אלטער טאָדד בעמערקט, איך גלויב ניט, אז זיי זיינען שוין אמאל געווען אויפ'ן שיף און האבען גאר ניט געקענט בעקומען. זיי זיינען קיין מאל

ניט געווען אויף דיעזען שיף. זיי האבען אונז דערשמעקט, ווייל מיר זיינען דיא ערשטע און דיא איינציגע מענשען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין זייער לאנד. זיי האבען פראָבירט אונז מאכען א וויזיט און פערזוכען אונזער פראָוויאַנט. עס איז זיי געפעלען, מיר זיינען אבער געווען זעהר אונהעפליך געגען זיי און האבען זיי אויפגענומען מיט שפיזען, האַרפונען און קוגעלן. זיי זיינען געווארען קליגער און געהן אונז נאך פון דערווייטען. זיי היטען אונז אפ, זיי האלטען אויך א וואַך און ווען זיי זעהן, אז מיר זיינען ווייט פון אונזער לאגער, קומען זיי זעהן, וואס מיר האבען אנגעגרייט פון זייערט וועגען.

— איך דענק אויך אזוי, האט טהאמפסאן געזאגט, דיא ווייסע בערן היטען אונז גיכער אפ, וויא מיר זיי. איך האב דער פאר געראטהען, אז מיר זאלען בויען א פעסטעס הויז, צו וועלכען זיי זאלען ניט קענען צו קומען. ווען מיר בלייבען אויפ'ן שיף, וועלען מיר זיי שטענדיג האבען צו גאַסט.

אלע האבען יעצט איינגעזעהן, אז עס איז אונמעגליך צו בלייבען אויפ'ן שיף איבערן ווינטער. יעדער האט יעצט געוואוסט, אז מיט דיא ווייסע בערן טאָר מען ניט שפּאַסען. מיר האבען דאהער ש:על אפגעגעסען און האבען אנגעהויבען זיך פאָרצובערייטען אראפּ צו נעהמען אלע זאכען פון'ם שיף און זיי צו ברענגען אין אונזער נייעם הויז.

מיר האבען געמוזט מאכען נאך עטליכע שליטענס, אויף וועלכע מיר זאלען קענען אָנלאָדען דיא זאכען פון'ם שיף. דאס האט ביי אונז פערנומען א גאנצען טאג. מיר האבען איבערגענעכטיגט אויפ'ן שיף און דעם אנדערן טאג אין דער פריה האבען מיר אָנגעלאָדען אונזערע שליטענס און זיינען אוועקגע- גאנגען צו אונזער נייעם הויז. זעלבסטפערשטענדליך, אז יעצט האבען מיר שוין גוט בעוואָרענט דיא טהירען פון דיא קאַיוטען.

# 49-טעם קאפיטעל.

## מיר בעקומען פריינד.

אונזער רייזע איז יעצט געווען א זעהר שווערע און לאנגזאַמע. אונזערע שליטענס זיינען געווען אזוי שווער אָנגעלאָדען, אז מיר האבען געקענט געהן נור זעהר לאנגזאַם. עס האט יעצט ביי אונז געדויערט גאנצע דרייא טעג, ביז מיר זיינען צו געקומען צו דעם אָרט, וואו מיר האבען אויסגעבויט אונזער הויז.

ווען מיר זיינען צו געקומען צו דעם אָרט, וואו דיא שטיינערנע וואַנט פון דיא ברעגעס הערט אויף און דער טייך גיעסט זיך אריין אין מעער, האבען

מיר דערזעהן מיט שטיינען און פערוואונדערונג, אז ארום אונזער נייעם הויז שטעהן געשטאלטען וועלכע ווייזען אוים, וויא מענשען. זיי האבען געהאט פעלצען אויף זיך און וואלטען ניכער אויסגעוויזען, וויא ווייסע בערן, אלס וויא מענשען; זיי זיינען אבער געגאנגען אויף צווייא פים, און ווען זיי האבען אונז דערזעהן, האבען זיי זיך אויסגעשטעלט אין א לאנגע שורה און זיינען געגאנגען אינז ענטגעגען.

מיר האבען געזעהן, אז זיי זיינען צווייא מאל אזוי פיעל, וויא מיר, און יעדער פון זיי האט געטראגען א לאנגען שפיעז אין דער האנד און א פייל און בויגען אויפ'ן ריקען. מיר האבען ניט געקענט וויסען, אויב דאס זיינען פיינד אדער פריינד.

— בלייבט שטעהן! האט טהאמפסאן קאמאנדירט, — יעדער זאל זיך בעוואפ'נען, מיט וואס ער קען!

מיר האבען אויסגעפאלגט זיין בעפעהל און זיינען געבליעבען שטעהן און ווארטען, ביז זיי וועלען צו קומען צו אונז. קוים זיינען זיי צו געקומען אביסעל נעהנטער, האב איך באלד דערקענט ווער זיי זיינען.

— דאס זיינען עסקימאסען! האב איך אויסגערופען, זיי וואינען געווים אין דיעזער געגענד!

— ווייזט זיי, אז מיר זיינען זייערע פריינד, האט טהאמפסאן אויסגערופען.

— וואס זאלען מיר דען טאהן?

— לעגט אוועק אייערע שפיעזען און אייערע ביקסען אויפ'ן אייז, האט טהאמפסאן געזאגט, זיי וועלען דאן זעהן, אז מיר ווילען זיך ניט שלאגען מיט זיי.

מיר האבען געטאהן, וויא טהאמפסאן האט אונז געהייסען, און האבען געזעהן מיט פרייד און צופריעדענהייט, אז דיא עסקימאסען האבען אויך אוועקגעלעגט אויפ'ן אייז זייערע שפיעזען און זייערע פייל און בויגען און האבען געשריען אין דער הויך:

— טימאַ! טימאַ!

שפעטער זיינען מיר געוואהר געווארען, אז דאס ווארט „טימאַ" אויף דער עסקימאסען שפראַכע הייסט: א פריינד. מיר האבען אויך געשריען:

— טימאַ! טימאַ! און זיינען זיי ענטגעגען געגאנגען.

ווען מיר זיינען צו געקומען אויף הונדערט שריט ווייט פון זיי, האבען זיי אויסגעשטרעקט זייערע הענד צו אונז.

— מיר זיינען ניט דיא ערשטע אייראפעער, וועלכע קומען אהער האט דער אלטער טאָדד געזאגט.

— פון וואנען ווייסט איהר עס?

— ביי דיא עסקימאסען בעגריסט מען זיך אנדערש, וויא ביי אונז, האט דער אלטער טאָדד ערקלערט. ווען צוויא עסקימאסען בעגעגענען זיך און ווילען זיך בעגריסען אלס גוטע פריינד, געהן זיי צו איינער צום אנדערן, לעגען צו איין נאָז צום אנדערן און רייבען זייערע נעזער איינער אן דעם אנדערן. דאס הייסט ביי זיי בעגריסט א פריינד. ווען דיזע עסקימאסען שערעקען אויס זייערע הענד, איז עס דער בעסטער בעוויז, אז זיי האבען געזעהן, וויא ציוויליזירטע מענשען בעגריסען זיך און זיי ווילען עס נאכטאהן.

מיר זיינען צו געקומען עטליכע שריט נעהנטער און האבען אויך אויס־געשטרעקט דיא הענד צו זיי. רעדען האבען מיר ניט געקענט מיט זיי. אויסער דאס וואָרט „טימאַ", וועלכעס מיר האבען דאמאלס נאך אויך ניט פערשטאנען, האבען מיר ניט געקענט ניט איין וואָרט פון זייער שפראכע, מיר האבען פראָבירט רעדען ענגליש, דאס האבען זיי אבער ניט פערשטאנען. מיר האבען געמוזט רעדען אויף שטום —לשון— דורך צייכענס.

וויא ווייט זיי האבען פערשטאנען אונזערע צייכענס, קען איך ניט זאגען, איך וויס נור, אז ווען מיר זיינען ענדליך צו געקומען גאנץ נאהענט צו זיי און האבען זיי אויסגעשטרעקט דיא הענד, האבען זיי אנגעחאפט אונזערע הענד, האבען געהויכט אויף זיי און האבען זיי געוואַרמט און האבען זיי געשאָקעלט און האבען זיי געדריקט. דאס האט אונז געצייגט גאנץ דייטליך, אז זיי האלטען אונז פאר גוטע פריינד.

זיי זיינען געווען אנגעטאהן אין פעל פון טהיערע מיט דיא האָר אין דרויסען און האבען אליין אויך אויסגעוויעזען, וויא דיא ווילדע טהיערע. מיר האבען געזעהן, אז צווישען זיי געפינען זיך פיעלע קינדער און ווען עס גע־פינען זיך קינדער, מוזען זיין פרויען אויך צווישען זיי, ווייל קינדער לאזט מען קיין מאל ניט געהן אליין אהן דער מוטער.

— צום טייפעל! האט אָ'קאָננאָר אויסגערופען, וואו זיינען דיא פרויען? וועלכער פון זיי איז א מאן און וועלכע איז א פרוי?

דאס איז געווען ניט לייכט צו דערקענען, אלע זיינען געגאנגען אנגע־טאהן אין פעל פון טהיערע, אלע האבען געטראגען א סאָרט „באַשליק" אויפ'ן קאָפּ, דורך וועלכען מען האט געקענט זעהן נור דיא אויגען מיט דער נאז, אז ווער עס איז מיט זיי ניט בעקאנט, דער קען ווירקליך ניט וויסען, ווער פון זיי איז א מאן און ווער איז א פרוי.

מיר האבען גערעדט אויף שטום —לשון— דורך צייכענס, אזוי וויא אבער ניט מיר און ניט זיי זיינען געווען גרויסע קינסטלער אין דיזער שפראכע, האבען מיר איינער דעם אנדערן ניט פערשטאנען.

מיר האבען זיי אנגענומען ביי דיא הענד און האבען זי' צו געפיהרט צו אונזער הויז. מיר האבען געגלויבט, אז דיא עסקימאסען האבען צוגענומען

פיעלע זאכען פון דיא, וועלכע מיר האבען איבערגעלאזען אין הויז, ווען מיר זיינען געגאנגען צום שיף.

וויא גרויס איז אבער געוועזן אונזער ערשטוינען, ווען מיר האבען געפונען אלע אונזערע זאכען אויפ'ן ארט. עס איז ניט געריהרט געווארען קיין האר.

— דאס הייסט עהרליך! האט אַ' קאַנאַר אויסגערופען, ווען איך וועל קומען אהיים, וועל איך שרייען אין אלע גאסען, אז עהרליכקייט געפינט מען נור ביי דיא עסקימאָסען.

מיט דיעזע ווערטער איז ער צוגעלאָפען צום ערשטען עסקימאָס, וועלכער איז געשטאנען לעבען איהם און האט איהם ארומגענומען. דער עסקימאָס האט געלאכט, ער האט נאך קיין מאל ניט געזעהן, אז צוויי אונבעקאנטע מענשען זאלען זיך ארומנעהמען.

— מיר האבען ווייניג צייט צו פערברענגען מיט זיי, האט ענדליך געזאגט אַנדריו טהאָמפסאָן, מיר מוזען אויספאקען אונזערע זאכען און מארגען געהן נאך א מאל צום שיף.

אזוי וויא דיא עסקימאָסען זיינען געשטאנען ארום אונז און זייערע פרויען און קינדער זיינען געוועזן זעהר נייגיעריג און האבען אונז בעטראכט, גלייך וויא מיר וואלטען געוועזן זעלטענע טהיערע, איז טהאָמפסאָן געפאלען אויף א נייעם געדאנק.

ער האט אנגענומען איין עסקימאָס ביי דיא פלייצעס, האט איהם אוועקגעפיהרט אביסעל ווייטער, האט איהם אניעדערגעזעצט און האט זיך אויך א נידערגעזעצט לעבען איהם. דאן האט ער זיך אויפגעהויבען, האט אנגענומען אַנאַנדערן און האט איהם אניעדערגעזעצט לעבען ערשטען, דאן אדריטען, ביז ער האט זיי אלע אויסגעזעצט און זיי געגעבען צופערשטעהן דורך צייכענס, אז זיי זאלען זיצען רוהיג, ביז מיר וועלען ענדיגען אונזער ארבייט. דאס האבען דיא עסקימאָסען פערשטאנען און זיי זיינען געבליעבען זיצען גאנץ רוהיג, ביז מיר האבען אויסגעפאקט אונזערע שליטענס און האבען צונויפגעלעגט אונזערע זאכען.

ווען מיר האבען אלעס צונויפגעלעגט, האבען מיר אנגעהויבען צו קאָכען אונזער נאכט עסען. דאס האבען שוין דיא פרויען ניט געקענט אויסהאלטען. זיי האבען געוואלט זעהן, אויב מיר קענען בעסער קאָכען פון זיי און זיי זיינען צוגעקומען צו אונז און האבען זיך ארומגעשטעלט ארום אונזער אייוועלע.

ערשט יעצט האבען מיר אנגעהויבען צו דערקענען, אז דאס זיינען פרויען. מיר האבען געזעהן, אז זייערע קליידער זיינען ברייטער און לענגער

פון דיא מענער קליידער. מיר האבען וויטער געזעהן, אז דיא קינדער האלטען זיך מעהר לעבען דיא פרויען, וויא לעבען דיא מענער.

אַנדריו טהאָמפסאָן האט דאן געזאגט צו אונז.

— מיר מוזען זיין העפליך געגען דאמען און דארפען זיי אויפנעהמען, וויא עס פאסט פאר העפליכע קאַוואַלירען.

ער האט אנגעהאקט עטליכע שטיקער צוקער און האט געגעבען יעדער דאמע און יעדען קינד א שטיקעל צוקער. אנפאנגס האבען דיא עסקימאָס'ן דאמ'ן ניט געוואוסט, וואס מען טהוט מיט דיעזע הארטע, וויס'ע שטיקער. טהאָמפסאָן האט גענומען א שטיקעל צוקער און האט עס אריינגעלעגט אין מויל, דיא דאמען האבען איהם נאכגעטאהן און דער צוקער איז זיי שטארק געפעלען. איניגע, נאַשערינ'ס האבען אראפגעשלונגען דיא שטיקער צוקער און האבען קיינעם ניט געגעבען א בראָקען. אנדערע אבער, געזעצטערע בעלהבית'טעס, האבען צוקייט דעם צוקער, האבען ארויסגענומען א שטיק צוקייטען צוקער פון מויל און האבען עס צוגעטראגען צו זייערע מאנען.

מיר האבען געמיינט, אז דיא מענער וועלען זיך מיאוס'ן צו עסען פון דיא מיילער פון זייערע פרויען, דיא עסקימאָסען זיינען אבער ניט שטארק עדעל ערצויגען; זיי האבען געהאפט דיא צוקייטע שטיקלעך צוקער און האבען זיי פערשלונגען מיט פערגניגען.

טהאָמפסאָן האט גאר ניט געוואוסט, וואס פאר א קלוגע פאליטיק ער האט דא געשפיעלט. ער האט געוואונען דיא עסקימאָסען דאמען. זיי האבען אנגעהויבען צובעטראכטען איהם אלס אונזער עלטסטען, אלס אונ- זער קאפיטאן, און זיינען ניט אפגעטרעטען פון איהם. זיי האבען געבעטען נאך צוקער.

דיא העפליכקייט האט געפאָדערט, אז מיר זאלען מאכען א באלל פאר אונזערע ליעבע געסט, מיר האבען דאהער אנגעקאכט גענוג עסען און האבען איינגעלאדען אונזערע געסט צום נאכט עסען. באלד האבען מיר ארויס גע- זעהן, אז מיר האבען געמאכט א שרעקליכען פעהלער. אונזערע געסט, האבען אונז געוויזען, אז זיי האבען אזא שעהנעם אפעטיט, מיט וועלכען אַן עלעפאנט דארף זיך ניט שעהמען. איידער מיר האבען צייט געהאט צו נעהמען אביסען אין מויל, האבען אונזערע געסט איינגעשלונגען אלעס, וואס מיר האבען אנגעקאכט.

אויף אזא שעהנעם אפעטיט האבען מיר זיך ניט גערעכנט. מיר האבען זעהר גוט געזעהן אז אונזערע געסט זיינען געבליבען הונגעריג און אלס העפליכע מענשען, האבען מיר זיי געוויזען, אז מיר האבען נור רויעס נאַרוואַלל פלייש. דיא עסקימאָסען האבען אונז אבער ניט פערשטאנען; זיי

האבען געמיינט, אז מיר הייסען זיי עסען דאס נארוואלל פלייש און זיי האבען אפגעשניטען מיט זייערע מעסערס גרויסע שטיקער נארוואלל פלייש און האבען זיי פערשלונגען, גלייך וויא עס וואלט געווען ווארעמע קניידלעך.

אונזערע געסט האבען דאך א ביסעל געשטילט זייער הונגער, מיר אבער זיינען געבליעבען הונגעריג און האבען געדאנקט גאט, ווען דיא עסקימאָסען האבען אפגעגעסען און האבען זיך פערטיג געמאכט אוועק צו געהן פון אונז.

עס איז שוין געווען גוט פינסטער, ווען אונזערע ליעבע געסט זיינען צוגעגאנגען צו אונז, האבען אונז געגעבען זייערע הענד, האבען עפעס גע-געזאגט, האבען עפעס געוויזען אויף דיא בערג ניט ווייט און זיינען זיך ענדליך אוועקגעגאנגען.

ערשט יעצט האבען מיר אנגעהויבען צו קאָכען עפעס עסען פון אונזערט וועגען. איינינע פון אונז זיינען געווען אנצופריעדען, וואס טהאָמפסאָן האט אוועקגעגעבען אונזער עסען דיא עסקימאָסען.

— זיי וואוינען ערגעץ דא ניט ווייט, האט טהאָמפסאָן זיך פערענטפערט, מיר מוזען זיין גוטע פריינד מיט זיי. מיר קענען נאך גאר ניט וויסען, וויא ווייט זיי וועלען אונז נוצען. מיר וועלען נאך פיעלייכט דארפען אנקומען צו זיי.

מיר האבען אפגעגעסען, האבען אויסגעשטעלט וואכען און האבען זיך געלעגט שלאפען. גאנץ פריה האבען מיר אפגערעדט צו געהן נאך א מאל צום שיף און ברענגען דאס נעטהיגע האלץ צו ענדיגען אונזער הויז. אזוי וויא מיר האבען שוין געהאט פיעלע זאכען אין אונזער הויז און מיר האבען יעצט מורא געהאט פאר ווייסע בערן און פאר אונזערע פריינד, דיא עס-קימאָסען, איז ביי אונז געבליעבען, אז דריי מענשען זאלען בלייבען אין הויז און זאלען אפהיטען אונזער פערמעגען, דיא איבעריגע זאלען געהן צום שיף.

מיר האבען באלד אויסגעקליעבען דריי שטארקע מענשען און האבען זיי געלאזען אלס וועכטער. אָ' קאָננאָר איז געווען איינער פון זיי. איהם האט מען געמוזט לאזען דא, ווייל ער האט זעהר גוט געקענט שיעסען.

מיר האבען יעצט געמאכט א שנעלע רייזע, ווייל דאס וועטער איז געווען שעהן, עס איז זאגאר געווארען א ביסעל ווארעמער און מיר האבען געוואלט האבען א דאך איבער אונזער קאָפּ, איידער עס וועלען זיך אנהייבען דיא שנעע און דיא ווינטען. מיר האבען געפונען דאס שיף אין אָרדנונג קיינער איז ניט געווען אויף איהר אין דער צייט, וואס מיר זיינען געווען אין אונזער הויז.

דאס מאל האבען מיר ניט גענומען קיין פראָוויאַנט. מיר האבען זיך איבערלעגט, אז יעצט דארפען מיר האבען מאַטעריאַל צו ענדיגען אונזער

הויז. מיר האבען אלזא אונטערגעזעגט דיא זעגעלבוימער און האבען צוזמען דיא קיך פת'ם שיף. דעם גרויסען אייזערנעם אויוען, וועלכער איז געשטאנען אין קיך, האבען מיר מיטגענומען.

— מיר וועלען איהם אניעדערשטעלען ביי אונז אין הויז. און וועלען איהם הייצען, האט איינער פון אונז געזאגט, אזא גרויסער אויוען קען ווארעמען א הויז, אויסער דעם וועלען מיר קאכען אויף איהם.

מיר האבען אנגעלאדען אונזערע שליטענס, וויא פיעל עס האט געקענט ארויפגעהן אויף זיי, און זיינען צוריק געגאנגען צו אונזער הויז.

# 50-טעם קאפיטעל

## דיא עסקימאָסען העלפען אונז.

ווען מיר זיינען אנגעקומען צו אונזער הויז, האט א' קאַננאַר אונז דערצעהלט, אז דיא עסקימאָסען זיינען ווידער געקומען און האבען זיי גערופען צו זיך אין דא־ף. אזוי וויא זיי האבען אבער ניט געקענט רעדען איינער מיט'ן אנדערן, איז פערגאנגען א גערוימע צייט, ביז זיי האבען געקענט ערקלערן דיא עסקימאָסען דורך צייכענס, אז זיי טארען ניט אוועקגעהן פון דאנען, ביז מיר וועלען צוריק קומען.

— מיר האבען געהאט שפאס! האט א' קאַננאַר געלאכט, דיא עסקימאָסען זיינען דאך גאנץ גוטע מענשען, זיי האבען אונז געבראכט שמאַלץ פון וואַלפיש, וועלכעס האט אזוי געשטונקען, אז מיר האבען געמוזט זיך צוהאלטען דיא נאָז. ביי זיי אבער איז דאס א גאנץ גוטעס עסען, מיט וועלכען מען נעהמט איף געסט. זיי האבען אונז געשטופט דיא פערשטונק'נע שטיקער שמאַלץ אין מויל און אזוי וויא מיר האבען עס ניט געוואלט עסען, האבען זיי עס אליין אויפגעגעסען. מיר האבען זיי איינגענומען מיט קאַפע, עס האט זיי אבער ניט געשמעקט און דיא עדעלע דאמען האבען פערדרעהט דעם נאָז און האבען ניט געוואלט טרינקען אונזער קאַפע.

מיר האבען זיך איבערצייגט, אז דיא עסקימאָסען ווילען לעבען פריינדליך מיט אונז און וועלען אונז קיין שלעכטעס ניט טאהן. דערמיט זייבען מיר געווען זעהר צופריעדען.

דעם אנדערן טאג גאנץ פריה, ווען מיר זיינען נאך אלע געשלאפען, זיינען אנגעקומען אונזערע פריינד, דיא עסקימאָסען, מיט א געשריי און א לאַרם, אז מיר האבען זיך אויפגעהאפט, וויא דיא אבגעבריהטע. מיר זיינען ארויסגעלאפען פון אונזער הויז און האבען דערזעהן, אז דיא עסקימאָסען

יינען אנגעקומען אויף זייערע שליטענס . אין יעדען שליטען זיינען געווען איינגעשפאנט פון אכט ביז צוועלף הינט .

מיר האבען בעטראכט זייערע שליטענס , און האבען געזעהן , אז זיי זיינען לייכטער און בעסער פון אונזערע · זיי זיינען ניט געמאכט פין האלץ , וויל אין יענער געגענד איז קיין האלץ ניטא ; זיי זיינען געמאכט פון דיא ביינער פון וואללפיש , אדער פון אנדערע גרויסע פיש , און זיינען צוזאמען געבונדען מיט רימענס פון זעהינט לעדער .

אויף יעדען שליטען זיצט נור איין מענש , מען קען אבער אנלעגען אויף איהם פיעלע זאכען , ווען מען וויים נור , וויא אזוי ארומצוגעהן מיט איהם . אכט אדער צוועלף שטארקע הינט , וועלבע זיינען איינגעשפאנט אין איהם , קענען שלעפען אשווערע משא .

דיא עסקימאסען זיינען צוגעקומען צו אונז , האבען אונז געגיעבען דיא הענד גאנץ פריינדליך , און האבען עפעס גערעדט צו אונז . אזוי וויא מיר האבען זיי ניט פערשטאנען , האבען זיי אונז געוויעזען אין דער זייט , וואו דאס שיף האט זיך געפונען און אויף זייערע שליטענס . זיי האבען אזוי לאנג גערעדט און געמאכט אונז אלערלייא צייכענס , ביז מיר האבען פערשטאנען , אז זיי ווילען אונז העלפען איבערפיהרען דיא זאכען פון'ם שיף אויף זייערע שליטענס .

אנפאנגס האבען מיר עס ניט געוואלט ; מיר האבען ניט געוואלט , אז זיי זאלען וויסען , וואו מיר נעהמען פראוויאנט . מיר האבען געוואלט בעסער שלעפען אונזערע שווערע שליטענס אליין , אלס אנצונעהמען זייער הילף . זיי האבען אבער געוויעזען אויף אונזערע אונגעלומפערטע שליטענס , האבען געלאכט , האבען גענומען איינעם פון אונז , האבען איהם אריינגעזעצט אין זייער אשליטען און זיינען געפאהרען מיט איהם עטליכע מינוט , און האבען אונז אזוי פריינדליך געגיעבען צו פערשטעהן , אז זיי ווילען אונז טאהן גוטעס , אז מיר האבען געמוזט נאכגעבען און פאהרען מיט זיי .

מיר האבען שנעל עפעס אפגעגעסען , און זיינען צוגעגאנגען צו דיא שליטענס פון דיא עסקימאסען . יעדער פון זיי האט גענומען איינעם פון אונז , האט איהם אניעדער געזעצט אויפ'ן שליטען , האט זיך געזעצט לעבען איהם , און האט אנגעהויבען צו שרייען אויף זיינע הינד .

מיר האבען ערשט יעצט איינגעזעהן , אז עס איז פיעל בעסער צו פאהרען אויף הינט אלס צו שלעפען דיא שליטענס מיט דיא הענד . דיא שליטענס זיינען היינט געפלויגען , וויא דער ווינט אויפ'ן גלאטען אייז , און מיר זיינען צוגעקומען צום שיף . אריינע , וועלכע פלעגט ביי אונז געדויערן א טאג און דרייא טאג , האבען מיר געמאכט אין איינינע שטונדען . דער וועג צוריק האט שוין לענגער געדויערט , וויל דיא שליטענס זיינען געווען שווער אנגעלאדען , דערפאר אבער זיינען מיר ניט אזוי מיעד געווארען .

דיא עסקימאָסען האבען בעטראכט דאס שיף מיט שטוינען. עס איז געווען דייטליך, אז זיי זיינען נאך קיין מאל ניט געווען אויף א שיף. זיי האבען בעטראכט יעדער זאך און האבען מורא געהאט זיך אנצורירען צו איניגע זאכען, וועלכע זיי האבען ניט געוואוסט, וואס דאס איז.

אייניגע פון זיי זיינען מיט אונז אריינגעקומען אין קאַפּיטאנס קאַיוטע, וואו עס איז געהאנגען א שפיעגעל. דער ערשטער, וועלכער האט א קוק געטאהן אין שפיעגעל און האט דערזעהן זיין אייגענע געזיכט, איז געבליעבן שטעהן, וויא א צומישטער. ער האט גאר ניט געקענט פערשטעהן, פון וואנען עס האט זיך גענומען דער אנדערער עסקימאָס אין שפיעגעל. פלוצלונג האט ער זיך א וואָרף געטאהן, דער עסקימאס אין שפיעגעל האט זיך אויך א וואָרף גע-טאהן. ער האט געמאכט א גרימאַסע, האט אויפגעהויבען דיא האנד, האט א שפרונג געטאהן, — דער עסקימאָס אין שפיעגעל האט איהם אלעס נאָכגעטאהן.

אונטערדעסען זיינען צוגעקומען צום שפיעגעל אנדערע עסקימאָסען, און האבען אויך דערזעהן, וואס אין שפיעגעל טהוט זיך. זיי האבען אנגעהויבען צו רעדען, דאן האבען זיי זיך צולאכט, עס איז געווארען אגעשריי און א גע-לעכטער, אז מיר האבען געמוזט פערהענגען דעם שפיעגעל.

מיר האבען זיי דאן אריינגעפיהרט אין פאָרקאַסל, וואו עס זיינען געליעגען דיא טויטע בערן, וועלכע מיר האבען קיין צייט געהאט אָבצושינדען, און מיר האבען זיך אויך ניט געאַיילט, ווייל מיר האבען געהאט גענוג פראָוויאַנט. קוים האבען דיא עסקימאָסען דערזעהן דיא בערן, זיינען זיי צוגעלאפען צו זיי און האבען אָנגעהויבען צו בעטראכטען, וויא אזוי זיי זיינען געטייטעט געווארען. עס איז געווען דייטליך, אז דיא עסקימאָסען האבען געוואלט וויסען, אויב מיר זיינען שטארק, און וויא אזוי מען טייטעט ווייסע בערן ביי אונז.

אזוי וויא אויף יעדער שיף. וועלכעס פאָהרט ארום פאנגען וואַללפיש, געפינען זיך אלערליי קלייניגקייטען, וועלכע מען נעהמט מיט אום צו האנדלען מיט דיא עסקימאָסען, אין פאַל מען וועט דארפען צוקומען צו זיי, האבען זיך אויף אונזער שיף אויך געפונען פיעלע אזעלכע אַרטיקעל. וויא א מעסער, העק, נאָדלען, נעגעל, און שערן. מיר האבען געשענקט יעדען עסקימאָס אייניגע פון דיעזע ארטיקעל.

זיי האבען געוויעזען אויף דיא טויטע בערן, און האבען אונז געבעטען דורך צייכענס, מיר זאלען זיי ערלויבען אָפּצושינדען דיא בערן. מיר האבען עס ערלויבט. דיא עסקימאָסען האבען זיך באלד גענומען צו דער ארבייט, און האבען אויפגעעפענט דיא בערן, דאן אבער האבען זיי אָנגעהויבען אויסצושניידען גרויסע שטיקער שמאַלץ און זיי אויפצופרעסען.

מיר האבען שוין געקענט זייער אַפּעטיט און האבען געוואוסט, אז איין עסקימאָס קען אויפעסען אין א טאג מעהר אלס פינף ווייסע מענטשן; מיר

האבען אבער יעצט ניט געדארפט אזוי נעטהיג דאס פלייש פון דיא בערן, און האבען זיי געלאזען עסען, וויעפיעל זיי האבען אליין געוואלט.

מיר האבען געאַרבייט אגאנצען טאג אָנצולאָדען דיא שליטענס פון דיא עסקימאָסען מיט זאכען, וועלכע מיר האבען געפונען פאר נעטהיג איבערצו־פיהרען אין אונזער הויז, עס האבען זיך אבער געפונען אויפ'ן שיף אזוי פיעל נוצליכע זאכען, אז עס איז געווען אונמעגליך אלעס איבערצופיהרען אין איין טאג. אַנדריו טהאָמפסאָן איז געפאלען אויף אַגליקליכען געדאנק.

— לאמיר אנגרייטען אלע זאכען, וועלכע מיר דארפען איבערפיהרען אין אונזער הויז, האט ער געזאגט, מיר קענען זיך שוין אזוי וויט צוזאמען רעדען מיט דיא עסקימאָסען, אז מיר קענען זיי דינגען, זיי זאלען איבערפיהרען אלעס וואס מיר דארפען. מיר וועלען דאן קענען בלייבען לעבען אין אונזער הויז און עס ענדיגען. מיר האבען נאך זעהר פיעל אַרבייט צו טאהן, אום צו מאכען אונזער הויז גוט גענוג, אז מיר זאלען קענען איבערווינטערן אין איהם. מיר מוזען נאך מאַכען א שפייזע קאַמער. לעבען אונזער הויז דארפען מיר אויסבויען א קאַמער, וואו מיר זאלען קענען האלטען אונזער פראָוויאַנט. מיר מוזען נאך מאכען א קוימען, פון וואנען דער רויך זאל ארויסגעהן.

אלע זיינען געווען איינפערשטאנען מיט איהם, און מיר האבען אנגעהויבען אָנצוגרייטען אלע זאכען, וועלכע מיר האבען געוואלט נעהמען פון שיף, און איבערטראַנספּאָרטירען אין אונזער הויז.

— מיר וועלען גרינדען א טראַנספּאָרט געזעללשאפט, האט דער אלטער טאָדד געלאכט, אונזערע געזעלשאפט וועט הייסען „עסקימאָסען־הינט־טראנס־פּאָרט געזעלשאַפט„, און וועט זיך אונטערנעהמען צו טראַנספּאָרטירען סחורות אויף אלע אינזעלן, וואו עס וואוגען עסקימאָסען.

מיר האבען איבערגענעכטיגט אויפ'ן שיף, און דעם אנדערן טאג איז איינער פון אונז געפאָהר'ען מיט דיא עסקימאָסען, און דיא איבעריגע זיינען געבליעבען אויפ'ן שיף. מיר האבען געפונען פאר נעטהיג צו שיקען איינעם פון אונז דאס ערשטע מאל מיט דיא עסקימאָסען, ווייל מיר האבען דאך ניט געקענט אזוי גוט זיי ערקלערן מיט צייכענס, וואס מיר ווילען.

אין דריי טעג ארום זיינען זיי צוריקגעקומען, און מיר האבען ווידער אנגעלאָדען זייערע שליטענס, און זיינען געפאהרען מיט זיי;

ווען מיר זיינען געקומען אין אונזער הויז, האבען מיר נאך א מאל ער־קלערט דיא עסקימאָסען, וואס מיר פערלאנגען, און זיי האבען אונז גאנץ גוט פערשטאנען. ווען זיי האבען זיך אויסגערוהט און האבען געלאזען זייערע הינט זיך אויסרוהען, זיינען זיי ווידער געפאהרען צום שיף, און מיר האבען אנ־געהויבען צו ענדיגען אונזער הויז.

מיר האבען בעמערקט זייט איניגע טעג, אז דאס וועטער הייבט אן זיך

צוענדערן . עס איז געוואָרען פיעל קעלטער . פון נאָרדען (צפון) האט אנגעהויבען צו וועהן אַן אַייזקאַלטער ווינט . מיר האבען ניט געקענט שטעהן לעדיג א מינוט . עס איז געווען אוממעגליך זיך צו צוריהרען צו א שטיק אַייזען .

דיא ערשטע זאַך , וואס מיר האבען געמוזט טאהן , איז געווען צו מאכען א דאַך איבער אונזער הויז . דאס איז לייכט צו זאגען , פאר מענשען אבער , וועלכע האבען קיין מאל ניט געבויט קיין הויז , איז עס א זעהר שווערע ארבייט . מיר האבען צונויפגעלעגט שטיינער און האבען „גענאגט" , אז דאס זיינען ווענט , זיי זיינען אבער געווען אזוי שוואַך , אז עס איז געווען אוממעגליך ארויפצולעגען אויף זיי באַלקענס און ברעטער . מיר האבען געמוזט איינשטעלען פיער קלעצער אין אלע פיער ווינקעל פון׳ם הויז , און אויף דיעזע קלעצער ארויפלעגען דיא באַלקענס , אויף דיא באַלקענס ארויפלעגען ברעטער , און אויף דיא ברעטער אָנשיטען ערד .

דאס האט בייא אונז פערנומען עטליכע טעג , אין וועלכע מיר האבען געארבייט זעהר שווער . דיא עסקימאָסען זיינען אנגעקומען מיט דיא זאכען פון׳ם שיף , און מיר זיינען געווען זעהר צופריעדען , וואס אונזער „טראַנספּאָרט־געזעלשאפט„ איז גאנץ עהרליך , אין שטעלט צו אלעס פינקטליך און ריכטיג .

ווען זיי פלעגען ניט פאָהרען צום שיף אדער פון׳ם שיף , פלעגען זיי אונז העלפען בויען אונזער הויז , און ברענגען אלעס אין אָרדנונג .

מיר זיינען געווארען אזוי פריינדליך און אזוי ברידערליך בעקאַנט מיט זיי , אז זיי פלעגען זעהר אָפט נעכטיגען אין דערהיים און קומען גאנץ פריה צו אונז מיט זייערע פרויען און קינדער . איך האב אין מיין לעבען ניט בעגעגענט אזעלכע שטילע , רוהיגע , עהרליכע און פריינדליכע מענשען , וויא דיעזע עסקימאָסען .

איך האב זעהר געוואלט פערשטעהן זייער שפראכע , און האב מיך בעפריינדעט מיט איינעם פון זיי , און האב אנגעהויבען מיט איהם צו שטודירען דיא עסקימאָסען שפראכע . איך האב איהם געוויעזען אויף זיך , און האב געזאגט :

— איך הייס דיק , קענסט דוא זאגען : דיק ?

— איך האב אזוי לאנג וויעדערהאָלט דאס וואָרט דיק , ביז דער עסקימאָס האט מיך פערשטאנען , און פלעגט מיך רופען דיק . דאן האב איך געוויעזען אויף איהם , און האב איהם געפרעגט :

— וויא הייסט דוא ?

איך האב איהם געוויעזען מיט דיא הענד , און איהם געמאכט אלערליי צייכענס , ביז ער האט געזאגט א וואָרט , וועלכעס האט זיך מיר אויסגעוויעזען , אז מען דארף עס זאגען : איקמאַליק .

איך האב געזאגט עטליכע מאל אין דערהייך :

— דוא הייסט א י ק מ אָ ל י ק ?

דער עסקימאָם האט געלאַכט און האט זיך געפרעהט, וואס איך ווייס, וויא ער הייסט. אויף א זאַ אַרט האב איך אויסגעלערנט נאך עטליכע ווערטער. איך האב געוואוסט, וויא עם הייסט אויף זייער שפראכע א שליטען, א הונט, א הויז, א שטיק אַייז, שנעע און נאך אזעלכע זאכען. דיא עסקימאָסען האבען איינגעהאפט עטליכע ענגלישע ווערטער, און האבען זיי ארויסגעזאגט אויף א זאַ אַרט, אז קיין ענגלענדער וואלט זיי ניט פערשטאנען. איך האב געוואוסט, אז איך רעד זייער שפראכע אויך ניט פיעל בעסער, עס איז מיר אבער געווען גענוג, וואס מיר האבען געקענט רעדען א פאָר ווערטער איינער מיט'ן אנדערן.

ענדליך איז אונזער הויז אזוי ווייט פערטיג געווארען, אז מיר האבען געקענט שלאפען אין איהם וויא מענשען. מיר האבען געמאכט ברייטע דיוואַנעס פון ברעטער, אויף וועלכע א מענש האט געקענט שלאָפ'ן אין דער ברייט. דאס איז געווען זעהר נעטהיג. טהאָמפסאָן האט בערעכענט, אז אין דער צייט פון דיא גרויסע קעלטען וועלען מיר מוזען הייצען דעם גרויסען אויווען, וועלכען מיר האבען געבראכט פון שיף. יעדער פון אונז וועט דאן מוזען ליעגען מיט'ן קאָפּ צו דער וואנט פון'ם הויז, און מיט דיא פיס צום ווארעמען אויווען.

אונטערדעססען זיינען דיא טעג געווארען קלייגער און קלייגער. דער טאג פלעגט מעהר ניט זיין וויא פינף שטונדען. דיא נעכט זיינען געווארען לאנג, טרויעריג און קאַלט. מען האט געפיהלט, אז דער שווערער, שטרענגער, גרימיגער ווינטער פון דיעזע געגענדען קומט אָן.

איין מאל זיינען דיא עסקימאָסען ניט געקומען צו אונז גאנצע דריא טעג; מיר האבען ניט געקענט פערשטעהן, וואס דאס איז. מיר זיינען שוין אזוי געוואוינט געווארען מיט זיי, אז זיי פלעגען אונז פעהלען, ווען זיי פלעגען ניט קומען.

אויפ'ן פערטען טאג אין דער פריה, זיינען זיי געקומען צופאָהרען אויף זייערע לייכטע שליטענס פול פרייד. זיי האבען געטאנצט, געזונגען, געשפרונגען, גערעדט צו אונז, און אונז געמאכט אלערליי צייכענס.

## 51-טעס קאפיטעל

## מיר פאָהרען צו די עסקימאָסען.

איינינע צייט האבען מיר זיך ניט געקענט צוגויפרעדען. ענדליך האבען מיר דאך אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז זיי לאַדען אונז איין צו זיך אין דאָרף אויף א באַלל.

מיר האבען זיך בעראַטהען איינינע מינוט, וואס מיר זאלען טאהן.

טהאָמפסאָן האט געפונען, אז צום ערשטען מאל זאלען פאהרען צו זיי נור פינף מענשען, זיי זאלען זעהן וואס פאר א דאָרף דאס איז און וויא מען וועט זייא אויפנעהמען; ווען דיעזע פינף וועלען צוריק קומען, זאלען פאהרען אנדערע צעהן.

איך האב געוואלט זיין פון דיא ערשטע פינף און טהאמפסאן האט עס מיר ערלויבט. איך האב מיך געזעצט אויפ'ן שליטען פון מיין פריינד איקמאַלליק, דער אלטער טאָדד און דריי אנדערע האבען זיך געזעצט מיט אנדערע עס־קימאסען און מיר זיינען אוועק געפאהרען. דיא עסקימאסען האבען אנגעטריעבען זייערע הינט און דיא לייכטע שליטענס זיינען געפלויגען איבערן שנעע, וויא א שטורם ווינד. אין א האלבע שטונדע זיינען מיר אנגעקומען אין עסקימאסען דאָרף.

מיר האבען געזעהן מיט שטוינען, וויא קלוג און פראַקטיש דיא עס־קימאסען האבען אויסגעקליעבען א פלאַץ פאר זייער דאָרף. זייא האבען אויס־געזוכט א טאָהל צווישען צווייא בערג גאנץ נאָהענט צו א קליינע בוכטע. דאָרט האבען זיי אויסגעבויט זייערע הייזער, וויא וויט אן עסקימאסען אַרכיטעקטאָר קען אויסבויען א הויז.

זיי גראָבען אויס א פיערעקיגע גרוב אין דער ערד, שטעלען אריין ביי דיא ווענט ביינער פון א גרויסען פיש, וועלכע זיינען האלב קיילעכדיג. עס ווערט דער פון א סאָרט ארקע, א בויגען, אויף וועלכע זיי לעגען ארויף שטיקער הויט פון א וואַללפיש אדער פעל פון זעע הינט, איבער דיעזע פעל לעגען זיי אוים א פאַך ערד און איבער דער ערד לעגט מען אוים האַרטע ציעגעל פון שנעע, וועלכע מען בעגיעסט מיט וואַסער און מען לאָזט פערפראָרען ווערן. אום דיעזע ציעגעל זאלען זיין האַרטער און שטארקער, פרעסט מען דעם שנעע, איידער ער ווערט פערפראָרען. מען לעגט אויף איהם ארויף גרויסע און שווערע שטיינער.

וויא אריג דיא געגענד איז, וויא טרויעריג און קאַלט זיא איז און וויא ווילד דיא עסקימאסען זיינען, האבען זיי עס דאך געבראכט אזוי וויט, אז זייערע הייזער זיינען גאנץ ווארם. זייער דאָרף איז געשיצט פון דיא בערג גע־גען דיא קאַלטע נאָרד ווינטען. דאגעגען שטעהט עס אָפען פאר דעם וואַרעמען ווינט, וועלכער קומט פון זידען (דרום זייט).

איך האב בעוואונדערט דיא אָרדנונג, אין וועלכער זייערע הייזער זיינען געשטאנען. יעדעס הויז איז געווען דרייסיג ביז פופציג שריט וויט פון'ם אנדערן. אלע זיינען געשטאנען אין א לאנגע ליניע ביים ברעג פון'ם מעער. פון דער וויטען וואלט מען געקענט מיינען, אז דאס זיינען הויפענס שנעע, איך האב שוין אבער געזעהן הייזער פון עסקימאסען אין דער שטאדט ליפל און האב זיי באלד דערקענט.

קוים זיינען מיר צו געפאהרען צום דארף, זיינען אלע איינוואוינער ארויסגעלאפען פון זייערע הייזער און זיינען אונז ענטגעגען געקומען. מענער, פרויען, קינדער און הינט — דיא איינציגע פיערפיסיגע לעבעדיגע זאך, וועלכע דיא עסקימאסען האלטען ביי זיך אין דער היים — זיינען אונז ענטגעגען געקומען, האבען געשריען, געליארמט, זיך געפרעהט און אונז בעגריסט פריינדליך, וויא אלטע בעקאנטע.

מיר זיינען צו געפאהרען צו דיא הייזער. מיין פריינד איקמאַלליק האט מיך אריינגעפיהרט אין זיין פאלאץ. דער אריינגאנג אין פאלאץ איז ניט געווען אזוי שעהן, דיא טהיר איז געווען אזוי ניעדעריג, אזוי ענג, אז א מענש האט קוים געקענט דורכקריעכען. דיא טהיר איז געמאכט פוןביינער פון פיש, איבער וועלכע מען ציעהט איבער א פעל פון א זעע הונט אדער פון א ווייסען בער. דיא פעל ווערט צו גענעהט צו דיא ביינער און וויזט אויס וויא א דעקע (קאָלדרע). זיא איז אבער אזוי צו געפאסט צום לאָך אין דער ערד, אז זיא דעקט איהם צו פאלקאמען און לאזט ניט אריין דיא קעלט.

ווען עס ווערט שטארק קאלט, מאכט מען צווייא טהירען, איינע פער־דעקט דעם אריינגאנג פון דרויסען און איינע פערשטעלט דעם אריינגאנג פון אינעווייניג. פענסטער איז ניט אין דער מאָדע ביי דיא עסקימאסען, נור אין ד'א הייזער פון דיא גאנץ רייכע געפינט זיך א שטיק אייז אין דאך, וועלכער דיענט אלס פענסטער. געוועהנליך ברענט אין דיא הייזער א לאָמפ און בעלייכ־טעט טאג און נאכט דאס הויז.

דער לאָמפ איז געמאכט פון שטיין אדער פון לעהם. דאס איז א גרויסע שיעסעל, אין וועלכער מען גיעסט אָן פישטראָהן אדער שמאלץ פון א פיש אדער פון א זעע הונט און דינע שטיקלעך לעדער מיט האָר דיענען אלס קנויט. איך דארף ניט זאגען, אז אזא לאָמפ רייכערט זעהר שטארק און שטינקט אזוי ניט שעהן, אז ווער עס איז ניט געוואינט צו אזעלכע פערפומען, קען ניט אויסהאלטען קיין צעהן מינוט אין אזא פאַלאץ.

מאדאם איקמאַלליק מיט איהרע קינדער זיינען אונז ענטגעגען געקומען און האבען אונז אריינגעפיהרט אין פאלאץ. אייניגע מינוטען האב איך געמיינט, אז מען האט מיך אראפגעפיהרט אין אנומער אין גיהנום. איך האב ניט גע־זעהן, וואו איך געפין מיך׳ דער רויך פון׳ם לאָמפ און פון׳ם אויוועץ איז געווען אזוי געדיכט, אז איך בין געבליעבען שטעהן אויף איין אָרט און האב מיך ניט געקענט ריהרען.

איקמאַלליק האט פערשטאנען, אז איך קען דעם רויך ניט איבערטראגען און האט געעפענט דיא טהיר. עס איז אנגעקומען אביסעל פרישע, ריינע, קאלטע לופט און האט ארויסגעטריעבען דעם רויך. איך האב יעצט געקענט זעהן, וויא דאס הויז איז איינגעריכטעט. דאס הויז, ריכטיגער געזאגט, דיא

גרוב איז געווען א לאנגער און א שמאָלער דרייעק און האט אויסגעוויזען וויא דיעזע פיגור ▷. אין דער ענגער און שמאָלער זייט איז געווען דיא טהיר. אין איין ווינקעל אין דער ברייטער זייט איז געווען דאס בעט פון דער פאמיליע. אויף דער ערד זיינען געליעגען פעל פון זעע הונד און אנדערע טהיערע און דא פלעגט דיא פאמיליע שלאפען. אין דעם אנדערן ווינקעל איז געווען דיא קיך.

ווען איך בין אריינגעקומען, האט מאדאם איקמאַלליק געענדיגט קאָבען אונזער פריהשטיק. אין א גרויסער שיעסעל פון שטיין איז געליעגען א גרויס שטיק פלייש פון א זעע הונד אדער פון אנאנדער טהיער בעגאסען מיט וואסער. מאדאם האט צוגליהט עטליכע קילעכדיגע שטיינדלעך אויפ'ן לאָמפ און האט זיי אריינגעווארפען אין דער שטיינערנער שיעסעל מיט'ן פלייש. דיא שטיינער האבען אנגעהויבען צו זיעדען און עס איז געווארען אזא דאַמף (פאַרע), אז עס איז געווען אונמעגליך איינצושטעהן.

מאדאם איקמאַלליק איז אבער געווען א פאָרטרעפליכע ווירטהין און האט געמעגט קאָבען פאר א קייסער, זעלבסטפערשטענדליך נור פאר אן עסקימאסען קייסער. איך האב געזעהן מיט פערוואונדערונג, אז זיא האט געבראכט איינגע גראָזען און האט זיי אריינגעווארפען אין שיעסעל, וואו דאס פלייש האט זיך געקאָכט. ווען איך זאל געווען קענען רעדען מיט איהר, וואלט איך זיא גע-פרעגט, וואס פאר גראָזען דאס זיינען און וואו זיא נעהמט זיי, איך האב אבער ניט געקענט זיך צונויפרעדען מיט איהר און האב געמוזט קוקען און שווייגען.

איך האב מיט געבראכט מיט מיר עטליכע שטיקלעך צוקער און אזוי ווייא איך האב געוואלט זיין אהעפליכער קאַוואַליער און מיך פאָרשטעלען אלס פיינער מענש, האב איך געגיבען מאדאם איקמאַלליק און דיא קליינע איקמאַלליקס צו שטיקלעך צוקער. דער מיט האב איך זיי אָפגעקויפט. דיא קליינע איק-מאַלליקס האבען שוין גאר ניט געוואלט אָפטרעטען פון מיר, און מאדאם האט מיך בעטראכט, וויא דיא פרוי פון אן ענגלישען אַרבייטער וואלט בעטראכט א לאָרד אדער א פרינץ, וועלכער האט איהר ערוויזען דיא גרויסע עהרע זיא צו בעזוכען.

זיא האט אויסגעשפרייט אויף דער ערד א פעל פון א הונט און האט גאנץ העפליך מיך געבעטען זיצען. איך מוז דא בעמערקען, אז דער פוסבאָדען (דער פאָל) פון איקמאַלליק'ס פאלאץ איז געווען אזוי שמוציג, אז עס איז געוועזען אונמעגליך זיך צו זעצען אויף איהם און פון טישען און בענק ווייסען נאך דער וויל דיא עסקימאסען ניט. עס איז ניט אין דער מאָדע צו זעטצען זיך אויף א באַנק אדער צו עסען ביי א טיש.

אין א האַלבע שטונדע איז דאס עסען פערטיג געווארען. מאדאם האט

גענומען דיא גרויסע שיסעל, אין וועלכען זיא האט געקאָכט דאס עסען, און האט זיא אניעדערגעשטעלט אין דער מיט שטוב ניט ווייט פון א בעט. מיר, אלס גאַסט, האט מען געגעבען דעם אויבען אָן: מען האט מיך אניעדערגע-זעצט אויפ'ן בעט. דיא גאנצע פאַמיליע האט זיך אניעדערגעזעצט אויף דער ערד ארום דער שיסעל.

יעצט האט מאדאם איקמאַליק געוויזען, אז זיא איז א גוטע ווירטהין און ווייס וויא אויפצונעהמען געסט. זיא האט אנגעהויבען צו צו שניידען דאס שטיק פלייש מיט א ביינערנעם מעסער און גיבען יעדען זיין חלק. איך האב איהר געשענקט מיין מאַטראָזען מעסער און האב איהר געוויזען, אז מיט א שטאָלענעם מעסער איז בעסער צו שניידען פלייש, וויא מיט א ביינענעם מעסער.

זיא איז געווען אזוי צופריעדען פון מיין געשענק, אז זיא האט אוועק-געווארפען איהר ביינערנעם מעסער און האט בענוצט נור מיינעם. זיא האט אפגעשניטען א גרויס שטיק פלייש, האט עס אָנגעשטאָכען אויף א שטיק ביין פון א פיש און האט עס מיר דערלאנגט.

אין אנאַנדער צייט וואלט מיר שלעכט געווארען און איך וואלט פיעלייכט געבראָכען, ווען איך האב געזעהן, וויא ריין עס געהט צו ביים קאָכען און ביים צו שניידען דאס פלייש. ווען מען לעבט אבער איינינע צייט אויפ'ן אייז מעער געוועהנט מען זיך צו פיעלע זאכען. אויפ'ן אייז מעער קען מען ניט זיין פערצערטעלט (א מפונק), מען מוז עסען, וואס מען האט און מען מוז זאָגאַר פערגעסען, אז עס איז דא אויף דער וועלט א וואָרט „שמוציג".

אין א געבילדעטעם לאַנד וואלט איך אזא עסען ניט געקענט נעהמען אין מויל איך וואלט זאגאר ניט געקענט קוקען אויף אזא עסען, אין אן עסקימאסען דאָרף האב איך געגעסען דאס שטיק פלייש מיט אפעטיט. זעלבסטפערשטענד-ליך, אז פון טעלער, לעפעל, גאָפעל און מעסער האט קיין רעדע ניט געקענט זיין. יעדער האט גענומען דאס שטיק פלייש, וואס מאדאם האט דערלאנגט און האט געביסען, געריסען, געשלונגען און געקייט, וויא ער האט אליין געוואלט.

איך האב נאָך אמאל געהאט דיא געלעגענהייט צו בעוואונדערן דעם אפעטיט פון דיא עסקימאָסען. מאַדאַם איקמאַליק און איהרע ליבענסווירדיגע קינדער האבען געוויזען אזא שעהנעם אפעטיט, אז זיי האבען אין איינינע מינוט אויפגעגעסען מעהר, וויאפיעל איך וואלט געקענט אויפעסען אין דרייא טעג.

נאכ'ן עסען האט מאַדאַם אויפגעגען א סארט צושפייז, א צימעס, פון פיש טראָהן, גראָזען און נאָך איינינע זאכען, וועלכע זיינען מיר ניט בעקאנט. ליידער, האב איך ניט געקענט עסען דיזע עדעלע געריכט

עס איז זעהר מעגליך, אז עס איז א פיינעס עסען, דיא פאמיליע איקמאַליק האט געלעקט דער פון דיא פינגער, מיר איז אבער שלעכט געווארען יעדעס מאל, ווען איך האב מיך צוגעריהרט צו דיעזעס עסען.

דער רויך און דער דאַמפף פונ'ם צימער זיינען צו ביסלעך ווייס פער־שוואונדען געווארען און איך האב געקענט בעסער בעטראכטען דאס הויז. אויף דיא ווענט זיינען געהאנגען דיא וואַפען פונ'ם ווירטה. דאס זיינען געוועזען שפיעזען און הוקס געמאכט פון ביין. עס האט זיך אויך געפונען אסאָרט קיילע (בולאַוואַ) אויסגעטאקט פון אהאַרטען ביין.

דיעזע בולאַוואַ איז א שווערער, קיילעכדיגער קאָפ מיט אקורץ הענטעל. עס איז געוועזען דייטליך, אז דיעזע וואַפע ניצט צו שלאגען א טהיער איבערן קאָפ. איך בין שפעטער געוואהר געווארען, אז מיט דיעזער וואַפע טייטען דיא עסקימאָסען דעם זעעהונד.

זיי שפירען אוים דעם ארט, וואו דיא זעעהונד שלאפען אויפ'ן אייז, זנבענען זיך צו צו איהם שטילערהייט און גיבען איהם א זעץ איבערן קאָפ מיט דיעזער בולאַוואַ. א פעהיגער יעגער טייטעט א זעעהונד מיט איין זעץ איבערן קאפ.

איך בין שוין אביסעל צוגעוואוינט געווארען צו אַן עסקימאָסען שטוב, פון דעסטוועגען האב איך לאנג גיט געקענט זיצען אין איקמאַלליק'ס פאַלאַץ און בין ארויסגעגאנגען אין דרויסען. איך האב געפונען מיינע קאַמעראַדען אויך אין דרויסען. זיי האבען אויך ניט געקענט אויסהאלטען צו לאנג אין דיא הייזער. מיר זיינען יעצט אלע געגאנגען בעטראכטען דאס דארף. ארום אונז האבען זיך פערזאמעלט יונגע מענער, פרויען און קינדער.

באלד האט מען אנגעהויבען צו זינגען און צו טאַנצען. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך געפין מיך אין דער היים. אין אונזער דאָרף, ווען יונגע מענער און יונגע מעדכען פערזאמלען זיך אין א וואַרעמען זונטאג אַבענד, זינגען זיי און טאַנצען.

ווען מען זעהט דאס ערשטע מאל דיא עסקימאָסען, מיינט מען, אז זיי זיינען זעהר גראָב, בעזאָנדערס גראָב זעהן אוים דיא קינדער; זיי וויזען אוים צו זיין קיילעכדיג, וויא א קוגעל. דאס וויזט זיך אבער נור אוים, ווייל זיי טראגען אויף זיך פיעלע קליידער, זיי זיינען אזוי אנגעפעלצט, אז עס איז אונמעגליך צו זעהן זייער ריכטיגע געשטאלט.

דיא עסקימאָסען זיינען ניעדריגע מענשען. זייערע האָר זיינען שוואַרץ און הענגען אראפ פון זייערע קעפ וויא שטריקלעך. ווען זיי זיינען יונג, זיינען זיי נאך ניט מיאוס, אייניגע זיינען זאָגאַר שעהן, ווען זיי ווערן אבער עלטער, ווערן זיי העסליך, מיאוס, אבשייליך. דיא פרויען געזיכטער וואלטען

געוועז ערטרעגליך, אבער דיא פרויען פאַרבען זייער געזיכט, בעזאנדערס
דיא ליפען און דיא קינן באַקען מיט א שווארצליך — בלויע פאַרב.

זיי מיינען געוויס, אז דאס איז שעהן, מיר אבער איז עס פארגעקומען
אבשייליך. מיין ווירטהין, מאַדאַם איקמאַלליק, וואלט געוועז א שעהנע
עסקימאָסען פרוי, ווען זיא זאל ניט געוועז זיך פארבען דאס געזיכט און זאל
געוועז זיין א ביסעל רייגער. איך האב זיי ענטשולדיגט, ווייל עס איז ביי זיי
אזוי דיא מאָדע. איך ווייס, אז אונזערע ציוויליזירטע דאַמען טהוען אויך זעהר
אָפט גרויסע נארישקייטען, נור ווייל עס איז מאָדע.

אזוי וויא עס האט אנגעהויבען נאכט צו ווערן, האבען מיר געבעטען
אונזערע פריינד, זיי זאלען אונז אפפיהרען אהיים; זיי האבען אבער גע-
ענטפערט, אז זיי וועלען אונז ניט אפלאזען, מיר מוזען ביי זיי איבער
נעכטיגען. מיר איז זעהר ניט געפעלען דער געדאנק צו נעכטיגען אין א שטוב
פון אַן עסקימאָס, איך האב מיר אבער ניט געקענט העלפען.

מען האט אנגעהויבען אונז איינצולאַדען פון איין שטוב אין דיא אנדערע
און אין יעדער שטוב האט מען אונז אויפגענומען מיט דיא בעסטע געריכטען,
וואס אַן עסקימאָסען דאַמע האט נור געקענט אויסטראכטען. זיי האבען זיך
זעהר געוואונדערט, וואס מיר עסען אזוי ווייניג. זיי האבען אויף קיין פאַלל
ניט געקענט פערשטעהן, וויא מען קען זיך אפזאגען פון אזעלכע געשמאַקע
עסענס, וועלכע זיי האבען אנגעקאכט פון אונזערט וועגען.

מיין פריינד איקמאַלליק האט געוואלט ווייזען, וויא ער האט מיך ליעב
און האט אנגעהויבען מיר צו שטופען אין מויל דיא בעסטע שטיקער שמאַלץ
פון א זעעהונד אדער פון אנ'אנדער טהיער. ער האט עס געטאהן מיט אזא
פרייד און מיט אזוי פיעל פריינדשאפט, אז איך האב איהם ניט געקענט אפ
זאגען און האב געמוזט מיך פערשטעלען, אז איך עס אויף אלעס, וואס ער
גיט מיר.

אזוי וויא מיר זיינען אזוי געזעסען און געגעסען, איז אריינגעלאפען
איינער פון זיי און האט עפעס געזאגט. אלע זיינען אויפגעשפרונגען פול
פרייד, האבען געחאפט זייערע שפיעזען און זייערע בולאַוואַלעס און זיינען
ארויסגעלאפען. אונז האבען זיי אנגענומען ביי דיא הענט און האבען אונז
מיט געפיהרט.

מיר האבען ניט געוואוסט, וואס דא טהוט זיך און וואלטען זיך דער
שראקען, מיר האבען אבער געזעהן אז אלע זיינען פרעהליך און צופריעדען
און מיר זיינען געווארען נייגיעריג צו זעהן, וואס דא וועט פארקומען.

אלע זיינען געלאפען צום מעער. אונטער א גרויסען שטיין ניט ווייט
פון מעער זיינען געשטאנען עטליכע שיפלעך. קאַיאַקס, וויא דיא עסקימאָסען
רופען זיי. דיא עסקימאָסען האבען אראפגענומען זייערע לייכטע קאַיאַקס,

דאבען מיטגענומען זייערע וואפען און מיר זיינען אלע אוועקגעגאנגען אויפ'ן אייז.

עס איז געווען נאכט, אבער דיא נאכט אין יענע געגענדען איז ניט אזוי פינסטער וויא ביי אונז, ווען דאס וועטער איז שעהן. דיא לבנה לייכט דארט אזוי העל און דער הימעל איז אזוי קלאר, אז אזא נאכט איז אפט פיעל העלער, וויא א טריבער, וואלקענדיגער טאג אין ענגלאנד.

קוים זיינען מיר אוועקגעגאנגען עטליכע הונדערט שריט, האבען מיר דערזעהן, פאר וואס דיא עסקימאסען זיינען אזוי ארויסגעלאפען פון זייערע געצעלטען. ניט וייט פון דעם ארט, וואו מיר האבען זיך יעצט געפונען, איז דאס מעהר ניט געווען פערפרארען אויף א גרויסע שטרעקע, אויף דעם ארט האבען זיך ארויסגעוויעזען פון וואסער זאנדערבארע קעפ.

איך האב ניט געוואוסט, וואס פאר א טהיער דאס איז און האב גע־פרעגט דעם אלטען טאדד.

— דאס איז א וואללראס, אדער א מעער עלעפאנט, האט דער אלטער טאדד מיר ערקלערט, איך האב געזעהן אויף מיינע רייזען אויפ'ן אייזמעער עטליכע מאל א וואללראס, איך האב אבער קיין מאל ניט געזעהן אזוי פיעל צוזאמען. וויא עס ווייזט אויס, זיינען זיך דא צונויפגעקומען א גאנצע ארמעע פון דיעזע זאנדערבארע טהיערע.

איך האב צוואר געלעזען אין ביכער זעהר פיעל איבער דעם וואללראס, ווען מען געפינט זיך אבער אויפ'ן אייזמעער אין א געזעלשאפט פון עסקימאסען, פערגעסט מען אלעס, וואס מען האט אמאל געלערנט אדער געלעזען: מען געפינט זיך אין א גאנץ אנדערער וועלט. דאס איז א וועלט ניט פון ביכער, זאנדערן פוןווירקליכען, הארטען און שטרענגען לעבען.

איך האב געבעטען דעם אלטען טאדד, ער זאל מיר ערקלערן עפעס מעהר איבער דעם וואללראס. אזוי וויא אויף דיא קאיאק'ס פון דיא עסקימאסען קען זיך זעצען נור איין מענש און אויסער דעם האבען מיר ניט געהאט ביי זיך אונזערע אינסטרומענטען צו חאפען גרויסע טהיערע פונ'ם מעער, האבען מיר געמוזט בלייבען אויפ'ן אייז און צו זעהן, וויא דיא עסקימאסען האבען זיך נאכגעיאגט נאך דיא וואללראסע. מיר האבען אלזא צייט געהאט צורעדען און דער אלטער טאדד האט מיר ערקלערט:

— דער וואללראס איז א סארט זעהונד, ער איז אבער פיעל גרעסער און פיעל שטארקער פון א זעהונד. דער זעהונד האט ניט מיט וואס זיך צו פערטהיידיגען, ווען א פיינד פאלט אן אויף איהם, דער וואללראס אבער האט פון פארנט אין מויל צוויא גרויסע, לאנגע און שטארקע צעהנער. זיי ווייזען אויס, וויא דיא צעהנער פון אן עלעפאנט און זיינען אזוי וויים און אזוי טהייער, וויא עלפענביין. ביים עלעפאנט אבער געהן דיא צעהנער

איינגעבויגען ארויף צום קאָפּ, ביים וואַללראָס נעהן זיי אראָפּגעבויגען צום האַלז. מיט דיעזע צוויא צעהנער קען דער וואַללראָס איבערקעהרן דאס גרעסטע באָאָט און ווען ער טרעפט א מענשען מיט דיעזע צעהנער, קען ער איהם טייטען אויפ'ן ארט.

דער וואַללראָס האט א דיקע פעל, בעדעקט מיט הארטע געלע האָר. אונטער דער הויט ליעגט ביי איהם א גראָבער פאַך שמאַלץ, וויא ביי א וואַללפיש, איך וואלט געזאגט, וויא ביי א שווייו, דאס וועט אבער זיין ניט ריכטיג, ווייל ביי א גאנץ פעטען שוויין איז דאס שמאַלץ נור דרייא-פיער צאָלל דיא גרעב, ביי א גרויסען וואַללראָס אבער איז דאס שמאַלץ א פוס דיא גרעב. אונטערן שמאַלץ ליעגען דאס פלייש און דיא ביינער פונ'ם וואַללראָס. איינינע וואַללראָסע זיינען זעהר גרויס און פערדינען גאנץ עהרליך דעם נאמען זעע עלעפאַנט, מעער עלעפאנט. פון אזא וואַללראָס קענען דיא עסקימאָסען האבען פלייש און שמאַלץ אויף א גאנצע וואָך.

מיר האבען געזעהן וויא דיא עסקימאָסען האבען שטילערהייט און פאָר-זיכטיג אראפגעלאזען זייערע קאַיאַק'ס אין וואסער. יעדער האט געהאלפען דעם אנדערן זיך אניעדערזעצען און איהם צובינדען צום קאַיאַק. דער עסקימאָס זיצט ניט פריי אין זיין קאַיאַק, ער איז צוגעבונדען צו איהם און ווען דער קאַיאַק קעהרט זיך איבער, דרעהט זיך דער עסקימאָס אוים און זיצט ווידער אויפ'ן וואסער.

איך האב געזעהן מיט שטוינען, אז יעדער עסקימאָס האט גענומען א ביסעל זאַמד אדער ערד אין אלעדערנעם בייטעל און האט אויפגעהאנגען דעם בייטעל אויפ'ן האַלז. איך האב ניט געקענט פערשטעהן, צו וואס זיי טהוען עס, ביז וואנען דיא עסקימאָסען האבען אנגעהויבען זייער יאַגד אויף דיא וואַללראָסע.

דיא וואַללראָסע האבען ניט בעמערקט זייערע פיינד, אדער האבען פאר זיי קיין מורא געהאט. זיי זיינען ניט אנטלאפען, ווען דיא עסקימאָסען זיינען צוגעקומען נעהנטער צו זיי. קוים איז אַן עסקימאָס מיט זיין קאַיאַק צוגעקומען נאָהענט צו א וואַללראָס, האט ער איהם א זעץ געטאהן איבער קאָפּ מיט זיין בולאַוואַ אדער ער האט איהם געשטאָכען מיט זיין שפּיעז. דער מיט אבער האבען דיא עסקימאָסען ניט געטייטעט דעם שטארקען וואַללראָס, זיי האבען איהם נור פערוואונדעט.

דער וואַללראָס איז בייז געווארען און האט זיך געוואלט ארויפווארפען אויף זיין פיינד. ווען ער איז צוגעקומען גאנץ נאהענט צום קאַיאַק, האט איהם דער עסקימאָס א ווארף געטאהן זאַמד אין דיא אויגען און האט אזוי געשיקט און אזוי גוט געטראָפען, אז דער וואַללראָס האט ניט געקענט זעהן איניגע מינוט. דאס האט בענוצט דער עסקימאָס און האט ווידער א זעץ געטאהן

דעם וואַללראָס אין קאָפּ אדער האט איהם געשטאָכען אין האלז אדער אין דער ברוסט.

— ווען מיר זאלען האבען אונזערע האַרפונען, וואלטען מיר געוויזען דיא ארימע עסקימאָסען, וויא מען האפט וואַללראסע! האט דער אלטער מאָדד אויסגערופען.

דיא עסקימאָסען האבען אבער מיט זייערע ביינערנע אינסטרומענטען אזוי גוט געארבייט, וויא מיר מיט אונזערע אייזערנע. עס איז געוועזען א פערגניגען צו זעהן, וויא זיי האבען זיך גֶעדרעהט אויף זייערע לייכטע קאַיאַקס, האבען געשוואומען, וויא דיא פיש, זיינען אנגעפאללען אויף דיא וואַללראָסע, האבען זיי פערוואונדערט און זיינען אנטלאָפען.

דיא ניט פערוואונדעטע וואַללראָסע האבען ענדליך מורא בעקומען און האבען אנגעהויבען צו אנטלויפען, דיא פערוואונדעטע זיינען געווארען אלע מאל שוואכער און ענדליך האט יעדער איינציגער אדער יעדע צווייא עסקימאָסען פערוואָרפען אלאנגען ריעמען איבערן קאָפּ פון אטויטען אדער א שטארק פערוואונדעטען וואַללראָס און זיינען געפאהרען אהיים.

מיר האבען זיי געהאָלפען שלעפען דיא טויטע וואַללראָסע. מיין פריינד איק־אַלליק איז געווען אזוי גליקליך, אז ער אליין האט געהאט א וואַללראָס. איך האב געמיינט, אז ער וועט איהם ברענגען אהיים און מען וועט איהם דארט אפשינדען און אויפעפענען, דאס איז אבער ניט אין דער מאָדע ביי דיא עסקימאָסען.

זיי האבען צוגעשלעפט דיא טויטע וואַללראָסע צום ברעג, וואו זייערע פרויען און קינדער האבען געווארט אויף זיי. דארט האט מען אפגעשונדען דיא פעל פון דיא וואַללראָסע, וועלכע זיינען א גאנץ וויכטיגער ארטיקעל פאר דיא עסקימאָסען. זיי מאכען פון איהר שיף און זאַקען. דיא פרויען זיינען גרויסע בריות און מאכען פון דיא וואַללראָס פעל פיעלע שעהנע זאכען, בעזאָנדערס אבער קליידער און שוך ווערק.

עס האט זיך אָנגעהויבען א פייערטאג. דיא פרויען און דיא קינדער האבען אפגעשניטען שטיקער שמאלץ פון דיא טויטע וואַללראָסע, און האבען זיי איינגעשלונגען, גלייך וויא עס וואלט געווען א נאשעריי. דיא מענער האבען צושניטען דיא וואַלראָסע, האבען אויסגעשניטען דיא בעסטע שטיקער אויף מארגען, און דעם רעסט האבען זייא בעהאלטען אין אַייז קעלער.

איך האב צום ערשטען מאל אין מיין לעבען געזעהן אַן אייז קעללער פון אַן עסקימאָס. דאס איז אגרוב אין דער ערד, אויסגעפלאַסטערט מיט אַייז. אין דיעזער גרוב האלטען זיי דאס פלייש, וועלכעס זיי קענען ניט אויפעסען אין איין טאג. זיי פערשיטען דיא גרוב מיט שנעע, און קייקלען ארויף אויפ'ן

שנעע גרויסע און שווערע שטיינער, דיא ווייסע בערן זאלען ניט ארויסגנבענען דאס פלייש.

ווען אלעס האט זיך געענדיגט, האט יעדער עסקימאָס געגעבען זיין פרוי און זיינע קינדער גרויסע שטיקער פלייש, זיי זאלען עס טראגען א היים. מאַדאם איקמאַליק האט געמוזט טראגען אשטיק פלייש, וועלכעס האט געדארפט וועגען זיעבעציג־אכציג פונט. זיא האט עס געטראגען אויפ'ן קאפ, און עס האט איהר ווייניג געהארט, וואס דאס בלוט און דאס שמאלץ איז איהר אראפ גערונען איבערן געזיכט.

מיט געזאנג און טענץ זיינען מיר צוריקגעגאנגען אין דאָרף. מיר האבען געמיינט, אז היינט האבען מיר שוין גענוג געגעסען, און מיר וועלען זיך באלד לעגען שלאָפען, דאס איז אבער ניט אין דער מאָדע ביי דיא עסקימאָסען. מאראַם איקמאַלליק האט ערשט אָנגעהויבען צו קאָכען און צו מאכען אלערליי געריכטען פאר אונזער נאכט עסען.

איך האב ווידער געמוזט ליידען פון'ם רויך און פון'ם דאַמפף, און ענדליך ווען דאס עסען איז פערטיג געווארען, האב איך ערשט געמוזט עסען. דאס איז געוועזן דאס ערגסטע פאר מיר. איך בין געוועזן זאַט און דאב ניט געקענט נעהמען א ביסען אין מויל. מיין גוטער ווירטה אבער און מיין ליעבענס־ווירדיגע ווירטהין האבען מיך ניט אָפגעלאזען, און האבען מיר געשטאָפּט אין מויל גרויסע שטיקער שמאַלץ פון'ם וואַללראָס.

איך האב געדאנקט גאט, ווען דאס עסען האט זיך געענדיגט, און דיא פאַמיליע פון מיין פריינד האט אנגעהויבען צו טראַכטען פון שלאפען געהן. איך בין געוועזן זעהר נייגיעריג צו וויסען, וואו מען וועט מאכען א געלעגער פאר מיר. איך האב גערעכענט, אז מיין ליבענסווירדיגע ווירטהין וועט מיר אויסבעטען א געלעגער אין אַן אנדער ווינקעל אין הויז.

צו מיין ערשטוינען האב איך געזעהן, אז מאַדאם איקמאַלליק האט צו־רעכט געמאכט דיא פעל, וועלכע זיינען געליעגען אין בעט, האט זיי אויס־געשפרייט א ביסעל ווייטער, האט א ניעדער געלעגט דיא קינדער שלאפען, און האט זיך געלעגט לעבען זיי.

הערר איקמאַלליק האט זיך געלעגט לעבען זיין פרוי, און האט מיר גע־וויעזען איך זאל זיך לעגען לעבען איהם. מיר איז שטארק ניט געפעלען מיין קאמפאני און מיין שלאָף צימער, איך האב מיר אבער ניט געקענט העלפען. איך האב מיך געמוזט לעגען לעבען זיי, און זיך צו דעקען מיט א פעל פון א ווייסען בער.

ניט ווייט פון אונז זיינען געשלאפען איקמאַלליקס הינט אויף דער נאסער און זעהר שמוציגער ערד. דער לאָמפּ האט געברענט אגאנצע נאכט. דיא

פאמיליע איקמאַלליק איז באלד אנטשלאָפען געווארען, און האט אנגעהויבען אזוי צו חראָפּען, אז איך האב ניט געקענט צו מאכען אַן אויג.

אין שטוב איז געווען וואַרם, זאגאר הייס, אונאַנגענעהם וואַרם. און, איך מוז בעליידיגען מאַדאם איקמאַלליק, עס האט אזוי געשטונקען, אז איך האב געמיינט, אז איך וועל עס ניט אויס־האַלטען. איך בין א פּאָר מאל ארויסגעגאנגען אין דרויסען אַטהעמען פרישע לופט, עס איז אבער געווען אזוי קאַלט, אז איך האב באלד געמוזט צוריק אריינגעהן.

ענדליך בין איך אנטשלאָפען געווארען, און האב איבערגעשלאָפען דיא נאכט. ווען מיר זיינען אויפגעשטאנען אין דער פריה, האט זיך מיין ווירטה'ין באלד גענומען צום קאָכען. איך האב צוואר געבעטען, מען זאל מיך פיהרען צוריק צו אונזערע קאַמעראדען, איקמאַלליק אבער האט מיר געגיעבען צו פערשטעהן, אז א מענש קען ניט ארויספאהרען אין וועג פאַר'ן עסען.

מיר האבען אלזא געמוזט פריהשטיקען ביי אונזערע פריינד, און ערשט נאכ'ן פריהשטיק האבען זיי איינגעשפאנט זייערע שליטענס, און האבען אינז אָפּגעפיהרט אהיים מיט געשרייען און געזאנג.

ווען מיר זיינען צוריק געקומען, האבען אונזערע קאַמעראדען געמוזט פאָהרען צו גאסט צו דיא עסקימאָסען, וועלכע האבען זיי אויך אויפגענומען אזוי פריינדליך, און אזוי ברידערליך וויא אונז.

## 52-טעם קאפּיטעל

## עס ווערט קאַלט.

אין דער צייט וואס מיר זיינען ניט געווען אין דערהיים, זיינען אונזערע קאַמעראדען ניט געזעסען לעדיג. זיי האבען געאַרבייט וויא דיא אָקסען, צו ענדיגען אונזער הויז. זיי האבען געגראָבען ערד און ארומגעשאָטען ארום דיא ווענט, האבען פערדעקט דעם דאַך מיט ערד און מיט שנעע, און האבען געטאהן אלעס, וואס זיי האבען געפונען פאר נעטהיג, אז אונזער הויז זאל זיין וואַרעם.

דיא איינציגע זאך, וואס אונז האט געפעהלט, איז געווען הייצונג. מיר האבען זעהר גוט געוואוסט, אז דאס איינציגע מאַטעריאל צום הייצען אין דיעזער געגענד, איז פישטראָהן אדער שמאַלץ פון טהיערע. פון האָלץ אדער ערד קוילען קען קיין רעדע ניט זיין. האלץ איז אין יענע געגענדען ניטא, און ערד קוילען, ווען זיי זיינען שוין יאַ דא, ליעגען בעהאלטען אזוי טיעף אין דער ערד, אז מיר קענען ניט צוקומען צו זיי.

מיר האבען דאהער אָפּגערעדט, אז קוים וועט אונזער הויז זיין אין גאנצען פערטיג, זאלען מיר ארויספאָהרען אויף דער יאַגד אויף זעע הינט, וואַללפיש, נאַרוואַללס, אדער וואַללראָסע, און מיר זאלען אנגרייטען זייער שמאלץ אלס הייצונג אויף'ן ווינטער.

איך און אנדערע יונגע לייט האבען נאך ניט געוואוסט, וואס עס הייסט ווינטער אין יענע געגענדען. ווען עס קומט אָן דער רעכטער ווינטער, און דאס מעער ווערט אין גאנצען פערפראָרען, שטארבט אלעס אויס. מען זעהט קיין וואַללפיש, קיין זעע הינט, און קיין פויגעל, זאגאר דיא ווייסע בערן אנטלויפען אין ווארעמע געגענדען.

דער ווינטער ווערט אזוי שרעקליך, אז קיין לעבעדיגע זאך געפינט זיך ניט מעהר אין דער געגענד, און מען מוז פאָהרען ערגעץ גאנץ ווייט אום צו קריעגען עפעס עסען. דיא עסקימאָסען, דיא אלטע איינוואוינער פון דיעזע קאַלטע געגענדען, ליידען דאמאלס הונגער, און מוזען זוכען ערגעץ אַן אָרט, וואו דאס מעער איז ניט שטארק פערפראָרען, און זיי קענען האפען זעע הינט אדער אנדערע טהיערע פון'ם מעער.

עס מאכט זיך אמאל, אין א גאנץ שטרענגען ווינטער, אז דיא עסקימאָסען געפינען אויך גאר נישט, און זיי שטארבען אויס פון הונגער און קעלט. עס זיינען פאָרגעקומען פעלע, ווען מען האט געפונען א גאנצען דאָרף פון עסקימאָסען אויסגעפראָרען און אויסגעשטאָרבען. דאס איז דיא אורזאכע, ווארום דאס עסקימאָסען פאלק פערמעהרט זיך זעהר וועניג. יעדעס פאלק וואקסט און ווערט מעהר: עס ווערן מעהר מענשען געבארען, וויפיעל עס שטארבען. ביי דיא עסקימאָסען אבער קומט עס ניט פאָר. עס פערגעהן עטליכע מילדע ווינטערן, ווען דיא עסקימאָסען האבען גענוג וואס צו עסען, און זיי פערמעהרען זיך. פלוצלונג קומט א קאַלטער, שטרענגער ווינטער, ווען דיא עסקימאָסען האבען ניט וואס צו עסען, און זיי פאַלען וויא דיא פליעגען.

דאס אלעס בין איך שפעטער געוואָהר געווארען. מיר האבען דערווייל נור געזעהן, אז עס ווערט אלע מאל קעלטער און קעלטער. מיר האבען אנגעהויבען צו בעמערקען, אז אונזער הויז, וועלכעס מיר האבען אויפגעבויט מיט אזוי פיעל מיה און מיט אזוי פיעל שוועריגקייטען, איז צו קאַלט פאַרן ווינטער. מיר האבען אנגעהויבען צו פיהלען, אז ביי נאכט ווערט אונז אזוי קאַלט, אז מיר מוזען אויפשטעהן און שפרינגען, אום זיך אָנצוווארעמען.

— מיר מוזען זיך פערזארגען מיט בעסערע קליידער, האט טהאָמפסאָן געזאגט, אונזערע קליידער זיינען צו לייכט פאר דיעזע געגענדען.

— וואו זאלען מיר אבער נעהמען ווארעמע קליידער?

— מיר מוזען געהן אויף דער יאַגד, מיר מוזען פאנגען זעע הינט און

זיך מאכעןווארעמע קליידער פון זייערע פעלל. דיא עסקימאָסען געהן אנגעטאהן פיעל ווארעמער פון אונז.

מיר האבען ניט לאנג גערעדט, און זיינען אין א שעהנעם פריהמארגען ארויסגעגאנגען אויפ'ן אייז מיט אונזערע ביקסען, האַרפונען און אנדערע אינס־טרומענטען צו זוכען און פאנגען זעע הינט אדער אנדערע טהיערע. מיר זיינען ארומגעגאנגען א גאנצען טאג, און האבען געטייטעט נור איין וואַללראָס.

דאס איז געווען צו וועניג פאר אונז, מיר האבען זיך אבער געמוזט דערמיט צופריעדען שטעלען, און זיינען געקומען אהיים מיעד, מאַט און צו־בראכען. מיר האבען זיך געלעגט שלאָפען גאנץ פריה, און האבען געמאכט אגרויסעם פייער אין איוועז.

ביי נאכט איז אבער געווארען אזוי קאלט אין אונזער שטוב, אז מיר האבען אלע געמוזט אויפשטעהן פון אונזער געלעגער, און זיך ארומשטעלען ארום איוועז. דאס איז געווען דער ערשטער פראָסט פון דיזע געגענדען.

מיר האבען פערגעסען דיא צייט רעכנונג, און האבען ניט געקענט זאגען גענוי, וואס פאר א מאנאַט עס איז יעצט. נאך אונזער רעכנונג האט עס גע־דארפט זיין דער מאָנאַט אקטאָבער, אויף געוויס האבען מיר עס אבער ניט געקענט זאגען.

דער טאג איז געווארען אזוי קליין, אז דיא זון פלעגט זיך נור ווייזען אויפ'ן הימעל און פלעגט באלד אונטערגעהן.

מיר האבען צוגעבראכט א זעהר שלעכטע נאכט. יעדער האט געפיהלט, אז ער וועט ניט קענען אויסהאלטען דעם שרעקליכען ווינטער, און יעדער האט טרויעריג אראפגעלאזען דעם קאפ.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה זיינען אנגעקומען אונזערע פריינד, דיא עסקימאָסען. אזוי וויא זיי האבען אונז אויפגענומען זעהר פריינדליך, האבען מיר עס געהאלטען פאר אונזער פפליכט און שולדיגקייט זיי אויפצונעהמען פריינדליך, און צו מאכען פון זייערט וועגען א באַלל.

מיר האבען זיי איינגעלאַדען אין אונזער הויז, און האבען זיך געשטעלט קאָבען דאס פלייש פון'ם וואַללראָס, וועלכען מיר האבען נעכטען געטייטעט. דיא עסקימאָסען האבען בעטראכט אונזער הויז מיט שטוינען. זיי האבען ניט פערשטאנען, וויא מענשען קענען אויסהאַלטען דעם ווינטער אין א זאַ הויז.

זיי האבען אנגעהויבען צו ערקלערן אונז דורך צייכענס, אז ווען מיר וועלען בלייבען אין דיזעס הויז אויפ'ן ווינטער, וועלען מיר אויסגעפֿראָרען ווערן, וויא דיא פליעגען. עס איז געווען אינטערעסאנט צו זעהן, וויא זיי האבען אונז ערקלערט, אז מיר וועלען שטארבען, ווען מיר וועלען בלייבען וואונען אין אונזער הויז.

זיי האבען זיך פערשטעלט, אז זיי ציטערן און עס קלאפט זיי איין צאָהן

אַן דעם אנדערן, דאן האבען זיי פערמאכט דיא אויגען און זיינען געבליעבען ליעגען וויא טויט. דאס האט געהייסען, אז ווען מיר בלייבען אין הויז, וועלען מיר ציטערן פאר קעלט און וועלען שטארבען.

מיר האבען אנגעהויבען צו פרעגען, וואס דען זאלען מיר טאהן? וויא זאלען מיר עס מאכען אז עס זאל אונז זיין ווארם? — זיי האבען אונז געוויעזען, אז מיר מוזען גראבען אונזער ערד, מיט אנדערע ווערטער, מיר מוזען מאכען אהויז, וויא זיי מאכען עס. אין דיעזע געגענדען מוז א וואוינונג זיין אין דער ערד, ערשט דאן קען זיא זיין ווארם.

דיא עסקימאָסען האבען זיך ניט בעגניגט מיט זאגען. זיי זיינען ארויס־געגאנגען אין דרויסען, האבען אויסגעזוכט אַן ארט, וועלכער איז גוט פער־שטעלט געגען אלע קאלטע ווינטען, האבען אָפּגעשאַרט דעם שנעע און האבען אָנגעהויבען צו גראָבען דיא ערד מיט זייערע ביינערנע אינסטרומענטען.

מיר האבען זיי געגעבען העק און אנדערע אינסטרומענטען, און האבען זיי געוויעזען, אז מיט אייזען קען מען בעסער און שנעלער ארבייטען, וויא מיט ביינערנע אינסטרומענטען. מיר האבען זיי אויך מיטגעהאָלפען, און אין א קורצע צייט זיינען דיא אונטערשטע ווענט פון אונזער נייעם הויז פערטיג געווארען. מיר האבען אויסגעגראבען א זא טיעפע גרוב אין דער ערד, אז ווען א מענש איז געשטאנען אין איהר, האט זיך נור זיין קאָפּ ארויסגעזעהן.

יעצט האבען מיר געדארפט מאכען דעם דאַך. דיא עסקימאָסען האבען אונז געוויעזען, וויא צו דעקען דעם דאַך מיט ציעגעל פון שנעע. מיר האבען שפעטער זיך איבערציינגט, אז דער שנעע האלט פיעל מעהר דיא ווארימקייט אלס יעדעס אנדערע מאטעריאַל.

וואס עס האט אונז מעהר איבערראשט, איז געווען דיא שנעלליגקייט, מיט וועלכער זיי בויען זייערע הייזער. אַן עסקימאָס פאמיליע בויט זיך אויס א הויז אין איין טאָג. זיי דארפען קיין בעזאנדערעס מאטעריאַל, ווייל זיי דעקען זייערע הייזער מיט שנעע. ווען דער דאַך איז פערטיג, גיעסען זיי וואסער אויפ'ן שנעע, דאס וואסער ווערט באלד פערפראָרען, און זיי האבען א פעסטען און א ווארעמען דאַך.

דאס בויען פון אונזער הויז האט געדויערט צוויא טאג, ווייל עס איז געווען זעהר גרויס. מיר זיינען געווען פיער און צוואנציג מענשען. דיא הייזער פון דיא עסקימאָסען זיינען געוועהנליך זייער קליין, ווייל זייערע פאמיליען זיינען ניט גרויס. זיי הייראטהען יונג און יעדעס יונגע פאָר פאלק בויט זיך אויס אַן אייגענעם הויז.

ווען דיא עסקימאָסען האבען געענדיגט אונזער הויז, האבען מיר זיי גע־דאנקט, וויא מיר האבען געקענט, און האבען גערעכענט, אז זיי וועלען זיך באלד אוועק פאהרען צוריק אהיים. וויא גרויס איז דאהער געווען אונזער

איבערראַשונג, ווען מיר האבען געזעהן, אז ניט ווייט פון אונזער נייעס הויז, האבען זיי אָנגעהויבען צו בויען נאך א הויז, און נאך איינס, און נאך איינס.

— זיי ווילען זיך בעזעצען לעבען אונז! האט דער אלטער טאָדר אויסגערופען.

— איך וואלט געווען צופריעדען, זיי זאלען וואינען אביסעל ווייטער פון אונז, האט סטאָקס געזאגט אונגעדולדיג.

סטאָקס איז געווען א פערצערטעלטער (א מפונק). ווען ער איז געווען בייא דיא עסקימאסען אין דאָרף און האט געזעהן, וויא זיי לעבען און מיט וואס מען האט איהם אויפגענומען, איז איהם געווארען אזוי שלעכט, אז ער איז געקומען צוריק א קראַנקער. ער האט דרייא טעג נאך אַנאַנד ניט געקענט עסען. ווען ער האט געוואלט נעהמען א ביסען אין מויל, איז איהם שלעכט געווארען און ער האט אנגעהויבען צו ברעכען. ער האט אזוי פיינט בעקומען דאס לעבען פון דיא עסקימאסען, דעם שמוץ און דעם געשטאַנק אין זייערע הייזער, אז עס פלעגט איהם שלעכט ווערן, ווען ער פלעגט דערזעהן אן עסקימאָס. — בעזאָנדערס אבער האט ער פיינט בעקומען דיא עסקימאָסען דאַמען.

איך האב שוין איין מאל געזאגט, אז וויא שעהן און וויא ליעבענס־ווירדיג מאדאם איקמאַלליק איז געווען, האב איך ניט געקענט איבערטראָגען איהר שעהנעם און גוטעס קאָבען און איך האב ניט איין מאל געוואלט ברעכען, ווען זיא פלעגט זיין אזוי פריינדליך און מיר אריין שטופען א שטיק שמאַלץ אין מויל.

דעם ארימען סטאָקס איז עס אבער געגאנגען פיעל ערגער פון מיר ער איז איינגעשטאַנען בייא א דאַמע, וועלכע איז געווען אזוי שמוציג און האט געהאלטען אזוי שלעכט איהר הויז, אז א ציוויליזירטער מענש האט עס ווירקליך ניט געקענט אויסהאַלטען.

דאס איז געווען דיא אורזאַכע, וואס סטאָקס האט געבעטען גאט, אז דיא עסקימאסען זאלען זיך ניט בעזעצען לעבען אונז.

— איך זעה ניט איין, פאר וואס מיר זאלען ניט לאזען זיי זיך בעזעצען לעבען אונז, האט טהאָמפסאָן געזאגט, זיי האבען אונז בעוויעזען, אז זיי זייגען עהרליך און וויסען וויא צו שעצען אונזער פריינדשאַפט. ווען מיר זאלען קענען זיך צונויפרעדען, וואלטען זיי אונז געוויס ערקלערט, פאר וואס זיי ווילען זיך בעזעצען לעבען אונז.

— זיי ווילען, עס זאל זיי זיין פרעהליכער, האט סטאָקס אויסגערופען.

— איך גלויב עס ניט, האט טהאָמפסאָן געענטפערט, זיי דארפען ניט האבען אונזער געזעלשאפט; ווען זיי בעזעצען זיך לעבען אנז, האבען זיי

געווים עפּעס א צוועק דער ביי. מיר קענען ניט זאגען, אז זיי מיינען צו טאהן אונז שלעכטס. פאר וואס אלזא זאלען מיר זיך צו קריעגען מיט זיי?

— מיר טאָרען ניט און דארפען ניט זיך צוקריעגען מיט זיי! האט דער אלטער טאָדד אויסגערופען, מיר מוזען זיין זייערע פריינד, ווייל זיי וועלען אונז העלפען איבערטראָגען דעם שווערן ווינטער.

מיר האבען מעהר דאריבער ניט גערעדט. דיא עסקימאסען האבען געבויט זייערע הייזער און האבען באלד דאריבער געבראכט זייערע פאַמיליען. מיר האבען געקענט זאגען מיט שמחה, אז פון אונזער דערפעל איז געווארען א שטעדטעל.

אין א קורצער צייט איז געווארען א גאנץ שעהנעס שטעדטעל ארום אונז. אין דיא גאַסען פון אונזער שטעדטעל האבען מיר געזעהן פרויען, מעדכען און קינדער ארומגעהן, לויפען, ארבייטען, רייניגען דעם שנעע, מאכען ציעגעל פון שנעע, זינגען, טאַנצען און שפּרינגען.

עס איז ווירקליך געווארען פרעהליך ביי אונז. דיא עסקימאסען, בעזאָנדערס אבער זייערע פרויען, פלעגען זעהר אָפט קומען צו אונז און מאכען אונז א וויזיט. אינזערע מאַטראָזען פלעגען בעזוכען דיא עסקימאסען דאַמען און איינינגע האבען זיך זאָגאר פערליעבט אין שעהנע עסקימאסען מעדכען.

דיא קינדער פלעגען גאר ניט וועלען אָפּטרעטען פון אונז און אזוי וויא מיר האבען זיי א פּאָר מאל געגעבען צו שטיקלעך צוקער, פלעגען זיי אונז רייסען ביי דיא פּאָלעס און פלעגען שרייען:

אַקליק! אַקליק!

מיר האבען ניט געוואוסט, וואס „אַקליק" הייסט, מיר האבען אבער פערשטאנען, אז דיא עסקימאסען האבען א נאָמען געגעבען צוקער אַקליק. שפּעטער בין איך געוואהר געווארען, אז אַקליק הייסט געשמאַקער שנעע. דיא עסקימאסען האבען געזעהן, אז צוקער איז וויים וויא שנעע, ער איז אבער זעהר זים און געשמאַק און זיי האבען איהם אנאָמען געגעבען אַקליק: געשמאַקער שנעע.

דיא עסקימאסען קינדער האבען זעהר ליעב זיך צו שפּיעלען און זיי מאַכען זיך, אדער זייערע עלטערן מאכען פאר זיי, קליינע שליטענס פון פיש ביין, וועלכע זיי שלעפּען ארום אויפ'ן אייז. זיי לערנען זיך אויך צו בויען שטיבעלעך פון שנעע און ווען זיי זיינען גאר פרעהליך, נעהמען זיי א שטיק פיש ביין און דרעהן עס אין זייערע הענד אזוי שנעל, אז עס הייבט אן צו מאכען: זש... זש.... דאס מאכט זיי פערגניגען.

איך האב זאגאר געזעהן, וויא עסקימאסען קינדער האבען זיך געמאכט פופּען (קוקלעס) פון שטיקלעך לעדער און האבען זיי אָנגעטאהן נאך דער נייעסטער עסקימאסען מאָדע.

ווען דיא קינדער ווערן אַכט יאָהר אלט, נעהמט זיי שוין דער פאטער מיט אין זיין קאַיאַק און לערנט זיי, וויא צו רודערן א קאַיאַק, וויא צו חאפּען א זעע הונט, וויא צו טייטען א וואללראס און וויא צו לעבען, וויא אן אנשטענדיגער עסקימאס דארף לעבען. ווען זיי ווערן אלט עלף—צוועלף יאָהר, זיינען זיי שוין פאָלשטענדיגע מענשען און דענקען שוין צו הייראטהען און צו בויען זיך אן אייגענעם הויז.

דאס הייראַטהען איז אבער א גאנץ טהייערער אַרטיקעל ביי דיא עסקימאסען. דער ברייטיגאַם (חתן) דארף אפּקויפען דיא בראַוט (כלה) פון איהרע עלטערן. ער דארף זי גיבען א פאָר פעל פון וויסע בערן, איינינע פעל פון זעע הונט און זעהר פיעל שמאַלץ און פלייש פון א וואללראס אדער א נאַרוואַלל. ווען א יונגער מאן וויל הייראטהען, מוז ער אלזא ארבייטען זעהר שווער און זיך אָנגרייטען אלע גוטע זאכען, פאר וועלכע ער וויל קויפען דאס מעדכען וועלכעס געפעלט איהם.

דאס איז אבער נאך ניט אלעס. דיא רייכקייט פון דיא עסקימאסען בעשטעהט אין זייערע הינט. ווען אן עסקימאָס האט דרייסיג—פיערציג הינט, איז ער א רייכער מאַן; ווען איינער האט הונדערט הינט, איז ער א מילליאָנער. ווען איינער האט אבער נור זעקס—אַכט הינט, איז ער אן ארימאַן.

דער הונט ווערט אין אלע לענדער בעטראכטעט אלס דער פריינד פון'ם מענשען, ביי דעם עסקימאס אבער איז דער הונט ניט נור א פריינד און א טרייער וועכטער, זאָנדערן אלעס. דער הונד איז דאס פערד, דיא קוה, דער הונט און דער שעפּס פון'ם עסקימאס. דער הונט גיט איהם אלעס. אהן דעם הונט קען דער עסקימאס ניט לעבען.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס דיא עסקימאָסען פרויען זאָרגען זיך פאר זייערע הינט מעהר וויא פאר זייערע קינדער. ווען אהונט דארף האבען הינטעלעך, נעהמען איהם דיא עסקימאסען פרויען אריין אין הויז, מאכען איהם א געלעגער און היטען אפּ איהם מיט דיא קליינע הינטעלעך בעסער וויא זייערע קראַנקע קינדער, דערפאר זיינען דיא הינט אזוי געטריי און אזוי צוגעבונדען צו דיא עסקימאסען פרויען, אז זיי פאָלגען דיא פרויען מעהר וויא דיא מענער, ווען א פרוי זיצט אויף א שליטען און טרייבט אז דיא הינט, לויפען זיי וויא דער שטורם ווינד.

ווען א יונגער מאַן וויל הייראַטהען, מוז ער שענקען דיא עלטערן פון זיין בראַוט עטליכע הינט אלס געשענק אדער אלס אויסקויף געלד. יעדע פאַמיליע מוז אלזא האבען הינט און אן עסקימאס פערקויפט זעלטען זיינע הינט, אויסער ווען מען בעצאָהלט איהם שוין אזוי גוט, אז ער קען פאר דעם געלד אדער פאר דיא זאכען קויפען אנדערע הינט.

איך בין געווארען מיט יעדען טאג אלץ מעהר בעפריינדעט מיט דער

פאמיליע איקמאַלליק, מאדאם און איהרע שענע קינדער האבען שוין געוואוסט, אז איך היים דיק און פלעגען מיך שוין רופען ביים נאמען. איך האב פראָבירט זיי לערנען ענגליש רעדען און האב געזעהן מיט שטוינען, אז דיא קינדער האבען זעהר שנעל אויפגעפאַסט דיא ענגלישע ווערטער און האבען זיי ארויס־געזאגט ניט גאנץ שלעכט. זיי וואלטען זיך געוויס אויסגעלערנט ענגליש, ווען איך זאל נור געווען האבען מעהר צייט מיך אָפצוגעבען מיט זיי.

איך האב אבער געהאט ווענינ צייט. דער ווינטער איז אָנגעקומען האַסטיג מיט אמאל און מיר האבען אָנגעהויבען צו פיהלען, אז מיר זיינען זומעריג אַנגעטאָהן. מיר האבען געוואלט קויפען קליידער ביי דיא עסקימאסען, דאס איז אבער ניט אין דער מאָדע ביי דיעזע איינפאַכע פעלקער. ווען זיי האבען גענוג פעל, מאכען זיי זיך דיא נעטהיגע קליידער און זאכען, וואס זיי קאנען מאכען פון פעל אדער לעדער. אָנגרייטען פעל, האלטען זיי אלענ־גערע צייט און האנדלען מיט זיי, דערפון וויסען נור דיא עסקימאסען, וועלכע וואינען צוואמען מיט אייראפעער און וויסען שוין, וואס עס הייסט קויפען און פערקויפען, וויא דיא עסקימאסען אין דער שטאָדט ליפלי. אונזערע עסקי־מאסען אבער האבען נאך ניט געוואוסט, וואס געלד איז און וואס עס הייסט האַנדלען.

מיר האבען געהאט דיא פעל פון דיא ווייסע בערן און פון צוויא וואלל־ראסע, אזוי וויא דאס איז אבער געווען ווענינ פאר פיער און צוואנציג מענשען, האבען מיר געמאכט פון דיעזע פעל א דעקע, א קאָלדרע, מיט וועלכער מיר פלעגען זיך צודעקען ביי נאַכט. וואו נעהמט מען אבער וואַרעמע קליידער?

דיעזע וויכטיגע פראַגע האט אונז אלעמען בעשעפטיגט, מיר האבען זיך בעראַטהען, האבען געטראכט, געקלערט און נאכגעדאכט, האבען אבער גאר ניט געקענט אויסטראכטען. איך האב מיך ענדליך ענטשלאָסען, איך זאל מיך בעראַטהען מיט מיין פריינד איקמאַלליק.

איך בין אוועקגעגאנגען צו איהם און האב איהם ערקלערט, וואס עס פעהלט מיר. איך האב איהם אזוי גוט געגעבען צו פערשטעהן דורך צייכענס, אז עס איז מיר קאַלט, ווייל איך האב ניט אזעלכע קליידער, וויא ער, אז ער האט מיך פאָלקאָמען פערשטאנען. ער האט ארויס גענומען א פעל פון זיין בעט און האט זיא מיר געוואלט גיבען. איך וואלט זיך ניט געשעהמט און וואלט זיא גענומען; זיא איז אבער געווען אזוי שמוציג און עס האט פון איהר אזוי געשטונקען, אז איך האב זיא ניט געקענט נעהמען;

איקמאַלליק האט געטראכט אביסעל, איז פלוצלונג אויפגעשפרונגען און האט אנגעהויבען צו טאנצען. ער האט מיר עפעס געזאגט, איך האב איהם אבער ניט פערשטאנען. ער האט מיר דאן געגיבען צו פערשטעהן מיט צייכענס,

אז איך זאל מיטנעהמען מיינע וואפען, עסען אויף עטליכע טעג און נאך אייניגע זאכען און זאל קומען צו איהם מארגען אין דער פריה.

איך האב אזוי פיעל פערשטאנען פון זיינע צייכענס, אז מיר וועלען געהן זוכען פעל פון טהיערע, וועלכע געהן אויף פיער פיס און האבען הערנער. וואוהין מיר וועלען געהן, וואס פאר טהיערע דאס זיינען און וואו מען געפינט זיי, האב איך ניט געקענט פערשטעהן פון זיינע צייכענס.

איך האב דערצעהלט אנדריו טהאמפסאן, וואס איך האב אפגערעדט מיט איקמאלליק.

— נעהם מיט א ביקס, פולווער און קוגעלן, האט טהאמפסאן געזאגט צו מיר, נעהם אויך מיט עסען אויף א פאר טאג און געה מיט איהם, פיעלייכט וועט ער דיר ווירקליך ווייזען א מיטעל וויא אזוי צו בעקומען פעל אויף קליידער פאר אונז.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה בין איך געקומען צו איקמאלליק. איך האב איהם געפונען פערטיג אויף דיא רייזע. דער שליטען איז געווען איינגע-שפאנט, אבער ניט מיט אכט הינט, וויא ער פלעגט פאהרען ביז אהער, זאנדערן מיט צוואנציג הינט. איך האב ניט געקענט פערשטעהן, צו וואס ער נעהמט מיט אזוי פיעל הינט און האב אויך קיין צייט געהאט איהם צו פרעגען קוים האט ער מיך דערזעהן, האט ער מיך אריינגעזעצט אין שליטען, האט מיך איינגעדעקט מיט א ווארעמע פעל האט זיך געזעצט לעבען מיר און מיר זיינען אוועק געפאהרען.

דאס מאל זיינען מיר ניט געפאהרען צום מעער, זאנדערן אין דער זייט, וואו דאס לאנד האט זיך געפונען. מיר זיינען געפאהרען אין דיא בערג. איקמאלליק האט געקנאקט מיט זיין לאנגער בייטש, האט געשלאגען דיא הינט און זיי אנגעטריעבען, ביז זיי זיינען געפלויגען וויא דיא טייפעל.

מיר זיינען געפאהרען איבער שנעע פעלדער, איבער בערג און טאהלען און האבען געזעהן פאר זיך נור שנעע אדער נאקעטע שווארצע שטיינער. וועלכע האבען ארויסגעשטעקט פון שנעע. דיא געגענד איז געווען שרעקליך-טרויעריג. קיין שפור פון מענשען, קיין צייכען פון אלעבעדיגע זאך. אלעס איז געווען שטיל, רוהיג, אויסגעשטארבען און טרויעריג.

מיר זיינען געפאהרען א גאנצען טאג און האבען זיך נור אייגמאל אפ-גערוהט. מיר האבען געמוזט לאזען אונזערע הינט זיך אפרוהען און עפעס עסען. ווען עס איז געווארען פינסטער און איקמאלליק האט געפונען, אז דיא הינט זיינען שוין שטארק מיעד, איז ער געבליעבען שטעהן, האט אויסגע-שפאנט דיא הינט און האט געמאכט פון אונזערט וועגען א שטיבעלע פון שנעע.

און ריעזיגע שטיבעלע האבען פאר איבערגענעכטיגט. מיר האבען זיך

געהאט מיט זיך וואס צו קאָכען אונז עסען און מיר האבען געגעסען קאַלטע זאבען, איקמאַלליק האט געהאט מיט זיך שמאַלץ און געקאָכטעס פלייש פון א וואללראָס, איך האב מיט גענומען צוויבאַק (סוכאַרעס) און א שטיק געקאָכטעס פלייש פון א נאַרוואַלל.

מיר זיינען געשלאָפען גאנץ געשמאַק אין אונזער שנעע האָטעל. פאר טאָג האט מיך איקמאַלליק אויפגעוועקט און מיר האבען זיך ווידער אריינגע-זעצט אין אינזער שליטען.

מיר זיינען אוועקגעפאָהרען געגען א פּאָר שטונדען. עס האט אנגע-הויבען ליכטיג צו ווערן. איך האב אבער געזעהן נור שנעע און שנעע. דיא אויגען האבען מיר אנגעהויבען וועה צו טאהן קוקענדיג אויפ'ן ווייסען, קלאָרען שנעע.

איך האב באלד בעמערקט, אז מיין פריינר טרייבט ניט דיא הינט, זאָנדערן ער לאזט זיי לויפען, וואו זיי ווילען און ער אליין קוקט עפּעס אין אלע זייטען. איך האב אויך געקוקט און האב גאר ניט געזעהן, איקמאַלליק האט אבער געהאט שאַרפערע אויגען פון מיר.

אלע נאַטור פעלקער, אלע האלב ווילדע פעלקער, האבען א זעהר שאַרפעס געזיכט (חוש הראות) און א שאַרפעס געהער (חוש השמע). דער געבילדעטער מענש האט געוועהנליך שוואַכע אויגען און שוואַכע אויערן. דער אינדיאַנער אין אַמעריקא לעגט צו דעם אויער צו דער ערד און הערט דיא שריט פון א רייטער אויף צעהן-צוואנציג מייל ווייט. דער עסקימאָס דערזעהט מיט זיינע קליינע אויגעלעך א ווייסען בער אויף דעם ווייסען שנעע אויף צעהן מייל דיא ווייט.

פלוצלונג האט איקמאַלליק איינגעהאלטען דיא הינט, האט זיי אויס-געשפאַנט און האט זיי געלאזען לויפען. ייי זיינען באלד פערשוואונדען גע-ווארען אין שנעע און איך בין געזעסען אויפ'ן שליטען, וויא א צומישטער. איך האב ניט פערשטאנען, וואס דא קומט פאָר.

איקמאַלליק האט מיר אבער ניט געלאזען לאנג טראכטען. ער האט מיך אָנגענומען ביי דער פלייצע און האט מיר געהייסען געהן מיט איהם. מיר האבען געלאזען דעם שליטען מיט אונזער פראָוויאַנט שטעהן אליין און מיר זיינען אוועקגעגאנגען.

מיר זיינען געגאנגען איבער א זעהר ניט גלייכע געגענד. אין ערטער האבען מיר געמוזט קלעטערן איבער בערג, אין ערטער האבען מיר זיך אראפגעגליטשט אין טאהלען און אין ערטער איז דער שנעע געווען אזוי צו-גראָבען, צוריסען און צו וואָרפען, אז מיר זיינען קוים, קוים געגאנגען איבער אזא שטיק פעלד.

~~~
~~~

# 53-טעם קאפיטעל

## דער מאָשום אָקם.

איך בין באלד מיעד געווארען און האב געבעטען מיין פריינד, ער זאל מיך לאזען אליין און ער זאל ווייטער געהן, איקמאַלליק האט אבער דער פון ניט געוואלט וויסען. ער האט מיך געשלעפט, געריסען און געצוואונגען ווייטער צו געהן.

מיר זיינען אנגעקומען צו א ניט זעהר הויכען בערגעל און האבען מיט שווערער מיה ארויפגעקלעטערט אויף איהם. ווען מיר זיינען ארויפגעקומ׳ן אויפ׳ן שפיץ פונ׳ם בערגעל, האב איך דערזעהן מיט שטוינען, אז דיא הינט שטעהן ארום צוויי זאָנדערבאַרע בעשעפנישען, וועלכע איך האב ביז אהער ניט געזעהן.

אנפאנגס האב איך געמיינט, אז דאס זיינען וויסע בערן, איך האב מיך אבער באלד איבערלעגט, אז וויא שטארק דיא עסקימאָסען הינט זיינען, האבען זיי דאך רעספעקט פאר א וויסען בער, וויל זיי וויסען, אז מיט א וויסען בער טאר מען ניט שפאַסען. דא אבער האב איך געזעהן, אז דיא הינט לויפען צו צו דיא צוויי בעשעפענישען, פאלען אן אויף זיי, דיא טהיערע וועהרען זיך, דיא הינט אנטלויפען און קומען באלד ווידער צוריק.

איקמאַלליק האט אנגעגרייט זיין שפיעז. איך האב גענומען מיין ביקס, האב געציעלט און האב אויסגעשאסען. איינער פון דיא צוויא טהיערע איז געפאלען. דער אנדערער איז געבליעבען שטעהן, וויא א צומישטער. ניט נור דאס ווילדע טהיער האט זיך דערשראקען פאר דעם קנאַק פון מיין ביקס, אויך איקמאַלליק איז געפאלען פאר מיר אויף דיא קניע און האט געציטערט, וויא אין א פיעבער. ער האט אויך קיין מאל ניט געהערט קיין קנאַק פון א ביקס און זהאט אויף קיין פאַל ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי איך האב געטייטעט דאס טהיער, וועלכעס געפינט זיך אזוי וויט פון מיר.

איך האב אבער קיין צייט געהאט צו רעדען מיט מיין פריינד. איך האב ווידער אנגעלאדען מיין ביקס און האב געציעלט אויפ׳ן צווייטען טהיער, איך האב איהם אויך געטראפען און ער איז געפאלען טויט. ווען ז׳יא הינט האבען דערזעהן, אז ביידע טהיערע זיינען טויט, האבען זיי אנגעהויבען צו היילען (וואָיען) און צו ברומען. איך האב אנגענומען מיין פריינד ביי דיא הענד און האב איהם אראפגעפיהרט פון בערגעל. איקמאַלליק האט אנגעהויבען מורא צו האבען פאר מיר, בעזאָנדערס פאר מיין ביקס. ער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז אין מיין ביקס ליעגט בעהאלטען עפעס א צויבער א כישוף, וועלכער קען טייטען און לעבעדיג מאכען.

איך האב קיין צייט געהאט איהם צו ערקלערן, וואס פאר א זאָנדער־באַרער אינסטרומענט א ביקס איז, ווייל איך האב געוואלט זעהן, וואס פאר א סאָרט טהיער איך האב געטייטעט.

איך בין צוגעגאנגען צו דיא טויטע טהיערע און האב דערזעהן פאר מיר א חיה, וועלכע איז א ביסעל גרעסער פון א ציעג. איהר קערפער איז בעדעקט מיט לאנגע, ווייכע, ווארעמע האָר. זיא האט גאנץ קורצע פיס און ווען זיא געהט, דערגרייכען דיא לאנגע האָר ביז צו דער ערד. דער קאפּ איז פיעל גרעסער פון א קאפּ פון א ציעג. איבער דיא אויגען געהן ארום צוויא גאנץ ברייטע און קרומע הערנער, וועלכע זיינען אויסגעבויגען ניט ארויף צום קאפּ, זאָנדערן אראפּ צו דער ערד.

איך בין שפּעטער געוואהר געווארען, אז דאס איז דער מאָשוס אָקס, דאס איינציגע טהיער, וועלכעס קען לעבען אין דיעזע קאלטע געגענדען. דיא געלערנטע מענשען ווייסען ביז אויף היינטיגען טאג נאך אזוי וועניג איבער דעם מאָשוס אָקס, אז זיי קענען איהם נאך ניט בעשרייבען. עס איז נאך קיינעם ניט געלונגען צו חאפּען א לעבעדיגען מאָשוס אָקס. מען ווייס ניט, פון וואס זיי לעבען אין דיעזע געגענדען פון שנעע און אייז און וויא זיי דער־נעהרען זיך. מען ווייס נור, אז מען טרעפט א מאל א הערדע (סטאַדאָ) פון פיפציג־זעכציג שטיק.

דאס פלייש פון'ם מאָשוס אָקס טויג ניט צום עסען, ווייל עס שטינקט מאָשוס (פּיזעם), דער פּאר אבער איז זיין פעל אזוי וואַרם, אז דיא עסקימאָסען זיינען גליקליך, ווען זיי קענען זיך מאכען קליידער פון דיא פעל פון מאָשוס אָקסען. דער עסקימאָס מוז שוין זיין שטארק הונגעריג, ווען ער ענטשליסט זיך צו עסען דאס פלייש פון א מאָשוס אָקס.

איקמאַלליק איז צוגעלאפען צו דיא געפאלענע מאָשוס אָקסען, האט אויסגעמישט זייער בלוט מיט שנעע און האט עס געשלונגען שטיקלעך ווייס. מיר האבען דאן אנגעהויבען אראפּצוציעהען דיא פעל פון דיא אָקסען. דאס איז געוועזן נאָטהווענדיג, ווייל דיא קעלט איז געוועזן שרעקליך און ווען מיר וואלטען געלאזען דיא טויטע אָקסען פערפראָרען ווערן, וואלטען מיר שפּעטער ניט געקענט זיי אפשינדען.

איקמאַלליק און איך האבען געאַרבייט זעהר שווער, ביז מיר האבען אפּגעשונדען דיא פעל פון דיא געטייטעטע אָקסען. דאן האט איקמאַלליק מיך ארומגעוויקעלט מיט אַ פעל און האט מיר געוויעזען, וויא וואַרם זיא איז. דיא פעל פון א מאָשוס אָקס איז ווירקליך אזוי וואַרם, וויא דיא פעל פון א ווייסען בער, זיא איז אבער פיעל ווייכער פון דער פעל פון א ווייסען בער און פיעל לייכטער.

איקמאַלליק האט אויסגעשניטען גרויסע שטיקער פלייש פון דיא אָקסען

און האט זיי געוואָרפען פאר זיינע הינט, וועלכע האבען זייא פערשלונגען, ווייא דיא הונגעריגע וועלף. ער האט זעהר געוואלט מיטנעהמען דאס פלייש פון דיא מאָשוס אָקסען אהיים, מיר האבען אבער געהאט נור איין שליטען, אויף וועלכען עס האבען געקענט זיצען נור צווייא מענשען און עס איז קיין פּלאַץ געוועזען פאר אזוי פיעל פלייש. ער האט אבער ניט געוואלט אוועק וואַרפען דאס פלייש גאר אין גאנצען.

ער האט עס צו שניטען אויף גרויסע שטיקער, האט צונויפגעלעגט דיא שטיקער אין איין אָרט און האט זיי בעדעקט מיט שנעע. אום ער זאל ניט פערגעסען, וואו ער האט זיי אניעדערגעלעגט, האט ער געמאכט א צייכען אויף דעם ארט. ער האט אויסגעזוכט עטליכע שטיינער און האט זיי אויסגעלעגט ארום דעם הויפען שנעע אים ער זאל אין א פאר טעג ארום קענען קומען און עס ברענגען אהיים. ער האט זעהר גוט געוואוסט אז ווען ער וועט ניט האבען דאס פלייש פון דעם מאָשוס אָקס, וועט ער מוזען געבען עסען זיינע הינט דאס פלייש פון א וואַללראָס אדער פון א זעע-הונט, און עסען, וועלכעס ער האט בעסער געוואלט בעהאלטען פאר זיך און זיין פאמיליע.

דאס אפשינדען פון דיא מאָשוס אָקסען און דאס בעהאלטען זייער פלייש האט ביי אונז פערנומען דעם גאנצען קורצען טאג. איידער מיר האבען זיך אומגעקוקט, איז געווארען נאכט. מיר האבען ווידער געמוזט אויפ-בויען א האָטעל פון שנעע און איבערנעכטיגען אין איהם.

ערשט אויפ'ן דריטען טאג זיינען מיר צוריק געקומען אהיים, דא אונזערע קאַמעראַדען האבען אונז בעגריסט מיט פרייד און איך האב זיי דערצעהלט, אז אין דיעזע שרעקליכע געגענדען געפינען זיך נאך טהיערע וועלכע קענען אונז פערזארגען מיט ווארעמע פעלצען.

---

## 34-טעס קאפיטעל

## דיא לאַנגע נאַכט.

איך האב געמיינט, אז איך וויים שוין, וואס קעלט איז אין יענע געגענדען. איך האב גערעכענט, אז איך האב שוין איבערגעליטען גענוג קעלט, באלד אבער האב איך מיך איבערצייגט, אז דאס איז ערשט געוועזען אַן אָנהויב. דער ווינטער האט אונז ביז אהער נור געגעבען א פראָבע פון זיין קונסט, יעצט אבער האט ער אנגעהויבען צו ווייזען, וואס ער קען.

דער טאג איז געווארען אזוי קליין אז דיא זון פלעגט זיך ווייזען נור

אויף איינינע מינוט און פלעגט באלד אונטערגעהן. ענדליך איז זיא אין גאנצען פערשוואונדען געווארען. עס האט זיך אנגעהויבען דיא לאנגע נאכט, וועלכע דויערט אין יענע געגענדען קנאפע צווייא מאנאטען.

דעם פינף און צוואנציגסטען נאָוועמבער נאך מיין רעכנונג, איך קען ניט זאגען אויף געווס אויב עס איז ווירקליך געוועזן דער פינף און צוואנציגסטער נאָוועמבער, — האט זיך אויפגעהויבען אשרעקליכער שטורם. דער שנעע איז געפאלען אזוי גערעכט, אז עס איז געוועזן אונמעגליך ארויס צוגעהן פון אונזער הויז. מיר זיינען דרייא טעג נאך אנ'אנד געזעסען אין שטוב און האבען ניט געקענט ארויסגעהן אין דרויסען. זאגאר דיא עסקימאָסען, וועלכע פלעגען יעדעס מאל קומען אונז בעזוכען, זיינען געבליעבען אין זייערע ווארעמע שנעע הייזער.

דיא קעלט איז געווארען אזוי שרעקליך, אז עס איז געוועזן אונמעגליך זיך צו צוריה־רען צו אזאך פון אייזען, מעש, אדער אנ'אנדער מעטאל. אונזער אויוועז האט ניט געווארמט און מיר האבען געמוזט פערמאכען דעם קוימען און אנצינדען א לאמפ, וויא ביי דיא עסקימאָסען, און האבען איהם געלאזען ברענען ביי טאג און ביי נאכט.

דריי לאנגע טעג האט געדויערט דער שנעע שטורם. איך זאג: דרייא לאנגע טעג נאך מיין רעכנונג, אין דער וואהרהייט אבער וויים איך ניט, וויא לאנג דער שטורם האט געדויערט. ענדליך האט דער שטורם נאכגעלאזען און מיר האבען געקענט ארויסגעהען אין דרויסען. עס איז געוועזן נאכט. דיא זון האט זיך מעהר ניט געוויעזען און מיר האבען זיא אויך ניט ערווארטעט. מיר האבען געוואוסט, אז עס האט זיך אנגעהויבען דיא שרעקליכע לאנגע נאכט פון דיא פאלאר געגענדען.

מיינט אבער ניט, אז יענע נאכט איז אזוי דונקעל, וויא א נאָוועמבער נאכט אין ענגלאנד, אין יענע געגענדען איז דיא נאכט גאנץ אנדערש, וויא ביי אונז. דיא לבנה שיינט העל, דער הימעל איז בלוי און קלאר. טויזענ־דער גרויסע, העלע שטערן פינקעלן, גלענצען און בעלייכטען דיא לאנגע אכט.

דאס זאנדערבארסטע פון יענע געגענדען אבער איז דאס נארדליכט, אן ערשיינונג, א נאטור וואונדער, וועלכעס קומט פאר נור אין יענע געגענדען.

איך וויל בעשרייבען נור איין מאל, וויא איך האב עס געזעהן, ווייל דיעזעס מאל איז עס געוועזן בעזאנדערס שעהן, גראסארטיג שעהן, וואונדער־באר און איבערראשענד.

איך בין נור וואס אויפגעשטאנען פון שלאף און האב געוואלט מאכען א בעזוך מיין פריינד איקמאלליק. איך בין ארויסגעגאנגען פון אונזער שטוב און האב דערזעהן, אז אין נארדען (צפון זייט) איז דער הימעל געווארען

רויט, וויא פייער, וויא עס קומט פאר אין ענגלאנד, איידער דיא זון געהט אויף.

דיא רויטקייט איז געווארען העלער, שטארקער און פייעריגער. פלוצלונג האט זיך געוויעזען א רעגענבויגען מיט אלע זיינע שעהנע פארבען, וועלכער האט פערדעקט דעם גאנצען הימעל אין נאָרדען. הינטער דעם ערשטען רעגענבויגען האט זיך געוויעזען א צווייטער, א דריטער, א פיערטער און א פינפטער. דיא רעגענבויגענס זיינען ניט געשטאנען אויף איין ארט. זיי האבען אנגעהויבען זיך צו ריהרען, צו דרעהען און צו פלעכטען, גלייך וויא עס וואלט איינער געשטאנען איבער זיי און האט געוואלט עפּעס אויס-פלעכטען פון זיי, עפּעס מאכען פון זיי.

עס האט זיך אנגעהויבען א פאַרבען שפּיעל, וועלכעס מען קען ניט אויסמאָלען מיט א פּינזעל און מען קען ניט בעשרייבען מיט א פעדער. אלע מעגליכע פאַרבען: רויט, גרין, געל, בלוי, וויאָלעט, אָראַנזש, ווייס און ראָזאַ האבען זיך אויסגעמישט און האבען פערבלענדעט דאס אויג. צו צייטען פלעגען העלע, ווייסע פאַסען ליכט ציטערן, וויא א בליץ דורך דער לופט, און האבען אזוי בעלייכטעט דיא גאנצע געגענד, אז מען האט ניט געקענט זעהן דיא שטערן אויפ'ן הימעל.

איך בין געשטאנען איינינע מינוטען איבערראַשט, צומישט און בע-טויבט. איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך האב געוואלט לויפען צו מיין פריינד, איקמאַלליק, אדער צוריק געהן צו מיינע קאַמעראַדען, איך האב עס אבער ניט געקענט. איך בין געשטאנען, וויא צוגעשמידט אויף איין ארט און האב מיך ניט געקענט ריהרען.

דיעזעס זאָנדערבאַרע שפּיעל האט געדויערט אונגעפעהר (אָן ערך) פון צוויא שטונדען. דאן האבען דיא רעגענבויגענס אנגעהויבען צו ווערן בלאַסער. עס האבען זיך געוויעזען אין זיי דונקעלע פונקטען, וועלכע זיינען מיט יעדער מינוט געווארען גרעסער.

איך בין געווארען פערפראָרען, פערגליווערט, פערשטארצט, אז איך האב מיך ניט געקענט ריהרען פון אָרט, איך וואלט געוויס געווען פערפראָרען געווארען, ווען מיין פריינד, איקמאַלליק, זאל ניט געווען צו קומען צו מיר און זאל מיך ניט געווען מיט געוואלד אוועקשלעפען אין זיין הויז.

ווען איך בין אריינגעקומען אין איקמאַלליק'ס הויז, בין איך אניעדער געפאלען אויף זיין בעט און בין אוועקגעלעגען איינינע צייט בעוואוסטלאָז. מאַדאַם איקמאַלליק האט פערשטאנען, וואס מיט מיר איז געשעהן און האט זיך בעמיהט מיך אויפצומונטערן און מיך צורופען צו זיך, זיא האט מיר גע-ריעבען דיא שלייפען מיט שנעע, האט מיר געשטופּט אין מויל שטיקער

פלייש פון וואַללראָס אדער מאָשוס אָקס, האט מיר געהויכט אינס געזיכט. ביז איך בין ענדליך געקומען צו זיך.

איך האב געעפענט דיא אויגען, איך האב אבער גאר ניט געזעהן, איך בין געוועזן בלינד. דאס נאָרד ליכט האט מיך בלינד געמאכט. עס איז פערגאנגען א גערוימער צייט, ביז איך האב ווידער געקענט זעהן און מיך אומקוקען, וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט.

איקמאַלליק האט מיר דערלאנגט א זאך, וועלכעס איך האב אנפאנגס גאר ניט פערשטאנען.

דאס זיינען געוועזן א סאָרט ברילען, אבער ניט דיא ברילען, וועלכע מען טראגט אין אייראָפּאַ, וועלכע בעשטעהן פון צווייא קיילעכדיגע גלעזער פאר דיא אויגען, דאס זיינען געוועזן צווייא הילצערנע לאָדען פאר דיא אויגען, וועלכע איקמאַלליק האט מיר אנגעטאהן איוף דער נאָז. אזוי וויא איך האב זיי איוף קיין פאלל ניט געקענט טראגען און האב ניט געקענט ערקלערן מיין זאָנדערבארען פריינד, פאר וואס איך קען זיי ניט טראגען, ווייל איך האב נאך אלץ ניט גערעדט אזוי גוט דיא עסקימאָסען שפראכע, האב איך נור געשאָקעלט מיט׳ן קאפ, און האב געוויעזען מיין פריינד, אז איך קען זיינע ברילען ניט טראגען.

ער האט מיך ארויסגעפיהרט אין דרויסען, האט מיר געוויעזען דעם ווייסען קלארען שנעע, דאן האט ער מיר געוויעזען איוף מיינע אויגען. ער האט מיר דערמיט געגיעבען צו פערשטעהן גאנץ דייטליך, אז דער ווייסער שנעע שאַדעט מיר צו דיא אויגען. ווען איך האב עס פערשטאנען, האט ער מיר אנגעטאהן דיא הילצערנע ברילען.

דיא עסקימאָסען פיהלען זעהר גוט, אז דער ווייסער שנעע, וועלכער ליעגט אוועק מאנאַטע לאנג אין זייער געגענד, שאַדעט זעהר צו דיא אויגען, און זיי האבען אויסגעקלערט א סאָרט ברילען, וועלכע זיי מאכען פון גאנץ דינע ברעטעלעך. דאס האלץ איז אזוי דין, אז מען קען עס דורכקוקען, און דיא ברילען טהוען פאר זיי דעמזעלבען דיענסט, וועלכען בלויע אדער טונקעלע ברילען טהוען פאר דעם אייראָפּעער, וועלכער האט שוואכע אויגען; זיי פערשטעלען דאס צושאַרפע ליכט פון דער זון אדער פון׳ם ווייסען שנעע.

דיעזע ברילען בעשטעהן פון צווייא פיערעקיגע גאנץ דינע ברעטעלעך, וועלכע זיינען צוגעבונדען איינס צום אנדערן מיט א פּאָדים פון א געדערם (קישקע) פון א וואַללראָס. אנדערע צווייא אזעלכע פעדים זיינען צוגעבונדען צו דיא ברעטעלעך פון איין זייט, און צו דיא אויערן פון דער אנדערער זייט.

דאס זיינען עסקימאָסען ברילען. אנפאנגס האב איך זיי ניט געקענט טראגען, שפעטער בין איך אבער אזוי געוואונט געווארען צו זיי, אז איך פלעג ניט קענען געהן אָן זיי. ווען מיינע קאַמעראַדען האבען מיך דערזעהן צום ערשטען מאל אין דיא ברילען, האבען זיי ארויסגעלאזען א געלכטער.

שפעטער האבען זיי געבעטען דיא פאבריקאנטען פון עסקימאָסען בריללען, זיי זאלען מאכען פאר זיי אייך אזעלכע בריללען.

דיא פאבריקאנטען האבען עס געוואלט טאהן מיט פערגניגען, עס האט זיי אבער געפעהלט דאס מאטעריאַל דערצו. דיא טהייערסטע זאך פארן עס-קימאָס איז—האָלץ. פאר א שטיקעל האלץ וועט ער אוועקגיבען אלעס, וואס ער האט, זאגאר זיינע הינט. אזוי וויא אין יענע געגענדען וואַקסען קיין בוים, האבען דיא עסקימאָסען קיין האָלץ, נור זעלטען, זעהר זעלטען ברענגט אן דאס מעער א קלאָץ אדער אברעט. דאס איז פאר דיא עסקימאָסען א גאנצער אוצר. זיי טהיילען זיך איין מיט'ן קלאָץ, און יעדער בעקומט א שטיקעל, פון וועלכען ער מאכט דיא זאכען, וועלכע מען קען ניט מאכען פון קיין אנדער מאטעריאַל.

אין ערטער, וואו זיי האבען גאר קיין האָלץ, מאכען זיי זייערע בריללען פון גאנץ דין אויסגעארבייטעטע פעל פון טהיערע, וועלכע זיי שמירען אן מיט שמאַלץ פון א וואַלפיש אדער פון א וואללראָס.

דיעזע סאָרט בריללען איז אבער ניט אזוי גוט, און ניט אזוי בעקוועם, וויא בריללען פון האָלץ.

ווען דער עסקימאָס זאל ניט האבען זיינע בריללען פון האָלץ, וואלט ער בלינד געווארען אין דער לאנגער ווינטער נאכט, ווען זיין אויג זעהט ארום זיך נור ווייסען שנעע.

ווען מיר זיינען געווען פערזארגט מיט בריללען, האבען מיר אנגעהויבען צו זוכען פרישע שפייז. מיר האבען געהאט גענוג פראָוויאַנט פון'ם אונטער-געגאנגענעם שיף, עס האט אבער אנגעהויבען אונז צו פעהלען הייצונג, דאס הייסט, שמאַלץ פון טהיערע פאר אונזער לאָמפ.

אַנדריו טהאָמפסאָן פלעגט אונז ניט לאזען זיצען אין דערהיים. ער האט זעהר גוט געוואוסט, אז אין יענע געגענדען מוז מען ערשט זיין אויף דער פרייער פרישער לופט, ווען מען וויל בלייבען געזונד און ניט מורא האבען פאר דער קראנקהייט — סקאָרבוט. ער האט דאהער אָפגערעדט מיט דיא עס-קימאָסען, זיי זאלען אונז רופען אויף דער יאַגד.

מיט דער קעלט זיינען פערשוואונדען אלע טהיערע און אלע פייגעל, וועלכע מיר פלעגען זעהן ביז אהער, זאגאר דער ווייסער בער, וועלכער איז געוואוינט צו יענע קאלטע געגענדען, קען ניט אויסהאלטען דעם שטארקען ווינטער מיט זיין לאנגער נאכט, און וואַנדערט אוועק אין ווארעמע געגענדען.

דיא איינציגע טהיערע, וועלכע מען קען געפינען זאגאר אין שטארקסטען ווינטער, זיינען דיא זעע הינט, און דער וואַללראָס. דיעזע ביידע טהיערע האבען קיין מורא פאר דער קעלט. זיי שווימען ארום לוסטיג און פרעהליך אין וואסער, און חאפען פיש און אנדערע לעבעדיגע זאכען, וועלכע געפינען זיך אין אָיוזמעער.

ווען דאס וואסער הייבט אבער אן פערפראָרען צו ווערן, הייבען אן דיעזע טהיערע צו מאכען לעבער אין אייז, דורך וועלכע זיי קענען אטהעמען. דער עסקימאָס היט זיי אפּ, ווען זיי שטעקען ארויס דעם קאָפּ אום צו אַטהעמען, און טייטעט זיי דאן מיט זיין בולאַווע.

ערשט אין, מאנאַט דעצעמבער האבען מיר אנגעהויבען צו פיהלען, וואס עס הייסט קעלט אין יענע געגענדען. אלעס, וואס מיר האבען געהאט צו עסען און צו טרינקען, איז פערפראָרען געווארען האַרט וויא א שטיין. מען האט גע-מוזט קאָכען א שטיק אַייז שטונדען לאנג, איידער עס איז צושמאָלצען געווארען, און עס איז דערפון געווארען וואסער.

און ביי א זאַ קעלט, וועלכע א ווייסער בער קען ניט אויסהאלטען, האבען מיר געמוזט ארומגעהן יעדען טאג אין דרויסען, אויף דער פרייער לופט איינינע שטונדען. טהאָמפסאָן האט אונז ניט געלאזען רוהען, ער פלעגט אונז טרייבען אין דרויסען. ווען איינער פלעגט ווערן פויל און פלעגט ניט וועלען געהן, פלעגט איהם טהאָמפסאָן ארויסשלעפען מיט גוואלד אין דרויסען.

דאס האט אונז געראַטעוועט פון דער געפעהרליכער קראנקהייט, — סקאָר-בוט. ווען עס פלעגט זיין א גאנץ שעהנעס וועטער; ווען דיא לופט איז געווען שטיל, דער הימעל ריין, און דער שנעע האַרט וויא שטיין, פלעגען מיר געהן אויף דער יאַגד אויף זעע הינט און וואַללראָסע. מיר זיינען געווען עטליכע מאל אויף דעם פערראונגליקטען האָלענדישען שיף, און האבען גענומען וואס מיר האבען געדארפט. אונזערע פריינד, דיא עסקימאָסען, האבען אונז געבעטען, מיר זאלען זיי גיבען עטליכע שטיקלעך האלץ. מיר האבען אויסגעבראכען ברעטער פון׳ם שיף, און האבען יעדען געגעבען א שטיק ברעט.

דיא עסקימאָסען האבען זיך געפרעהט, וויא קליינע קינדער, ווען זיי האבען בעקומען א זא טהייערע זאך, וויא א גאנצעס ברעט. אזוי פיעל האלץ האט נאך קיינער פון זיי קיין מאל ניט געהאט.

אזוי איז ענדליך פערגאנגען דיא שרעקליכע לאנגע נאכט, וועלכע האט אין יענע געגענדען געדויערט זעקס וואָכען. זעקס לאנגע וואָכען האבען מיר ניט געזעהן דיא זון. ענדליך געגען דעם צעהנטען אדער פופצעהנטען יאַנואַר האט זיך דיא זון צום ערשטען מאל ווידער געוויעזען אויפ׳ן הימעל.

איך בין ניט אים שטאנד איבערצוגעבען, וויא גרויס אונזער פרייד איז געווען, ווען מיר האבען ווידער דערזעהן דיא ליעבע זון. ווער עס האט ניט דורכגעלעבט אלאנגע נאכט פון זעקס וואָכען, דער קען ניט פערשטעהן, וויא גליקליך דער מענש פיהלט זיך, וועלכער קען זעהן דעם געלען שיין פון דער זון.

## 53-טעם קאפיטעל

## מיר פאָהרען אַוועק.

[illegible]גס האט זיך דיא זון געוויעזען נור אויף איינינע אויגענבליקע ריכטיגער געזאגט, זיא האט זיך גאר ניט געוויעזען. עס פלעגט רויט ווערן אין אָסטען (מזרח זייט), אזוי וויא עס ווערט רויט ביי אונז, איידער דיא זון געהט אויף. באלד אבער איז דיא רויטקייט פערשוואונדען, און עס האט זיך ווידער אנגעהויבען א נאכט פון דרייא און צוואנציג דרייא פיערטעל שטונדע.

מיט יעדען טאג אבער איז דיא נאכט געווארען קלעינער, דיא זון איז ענדליך אין גאנצען ארויסגעגאנגען, און האט בעלייכטעט דעם הימעל. געגען ענדע יאַנואַר האבען מיר שוין געהאט א גאנצע שטונדע טאג. דיא זון האט געשיינט א גאנצע שטונדע.

מיר האבען גערעכענט, אז יעצט הייבט זיך שוין אן, דיא גוטע פרעה־ליבע צייט, דער פריהלינג (ווסנא), מיר האבען אבער א טעות געהאט. פעברואר איז דער שווערסטער און שרעקליכסטער מאנאט אין יענע געגענדען. עס האבען זיך אנגעהויבען שנעע שטירמע, וועלכע פלעגען דויערן איינינע טעג נאך אנאנד. איין שנעע שטורם (זאַוואַרוכע) האט געדויערט גאנצע אכט טעג.

מיר האבען ניט געקענט ארויסגעהן אויף א מינוט אין דרויסען. מיר האבען ניט געקענט בעזוכען אונזערע פריינד, דיא עסקימאָסען. פיעלע פון מיינע קאַמעראדען זיינען געווארען אזוי פערצווייפעלט, אז זיי האבען אויפ־געהערט צו עסען און צו טרינקען. טהאָמפסאָן איז געוועזען אייסער זיך.

דיא פערצווייפעלטע מאטראָזען פלעגען ליעגען אויף זייערע געלעגערס, פלעגען ניט רעדען, ניט עסען און ניט טרינקען, נור פון צייט צו צייט פלעגען זיי פרעגען מיט א שוואכער, טרויעריגער שטימע:

— וואס הערט זיך אין דרויסען?

— האט דער שטורם נאך ניט אויפגעהערט?

מיר פלעגען מורא האבען צו ענטפערן, אז דער שטורם האט נאך ניט אויפגעהערט, און פלעגען זאגען, אז אין דרויסען איז שוין רוהיג. דיא אונגליקליכע פלעגען זיך אויפהייבען. פלעגען צו געהן צו דער טהיר, אקוק טאהן אין דרויסען און שטיל ערהייט זיך צוריק לעגען.

טהאָמפסאָן אליין איז אויך געוועזען פערצווייפעלט, און האט מיר ניט איינמאל געזאגט:

— ווען דער סקאָרבוט וועט אויסברעכען צווישען אונז, זיינען מיר פערלאָרען.

ער פלעגט אויסטראכטען אלערליי געשיכטען, וועלכע ער פלעגט דערצעהלען פאר אלעמען. זיינע געשיכטען פלעגען אמאל זיין אזוי אינטערעסאַנט, אז זאגאר דיא פערצווייפעלטע מאטראָזען פלעגען זיך אויפהייבען פון זייער געלעגער און פלעגען איהם צוהערן אויפמערקזאַם. דאס האט זיי גערעטעט פון ם סקאָרבוט.

ענדליך איז אבער דער שרעקליכער פעברואַר פאָראיבער געגאנגען, און מיר האבען וויעדער געקענט ארויסגעהן אין דרויסען און זעהן דיא ליעבע זון. דיא קעלט איז נאך אלץ געווען זעהר שטארק, מיר האבען אבער שוין זעהר אָפט געקענט געהן שפאַצירען אויפ'ן מעער.

מיר האבען אנגעהויבען צו דענק'ן פון פאָהרען אהיים. צוואר האט יעדער פון אונז געוואוסט, אז דאס קען ניט געשעהן אזוי לייכט, אזוי וויא מיר האבען אבער שוין מעהר ניט געהאט פון וואס צו רעדען, האבען מיר גערעדט דערפון.

— איך גלויב ניט, אז א שיף זאל צוקומען צו דיעזער געגענד פאר מאָנאט אויגוסט, האט דער אלטער טאָדד געזאגט, מיר האבען נאך אלזא פינף לאנגע מאָנאַטע צו ווארטען, ביז מיר וועלען קענען האָפען, אז מען וועט קומען אונז אויסלעזען פון דאנען. מיר ווייסען נאך ניט, אויב א שיף וועט גאר צוקומען אהער. מיר געפינען זיך ווייט פון דעם וועג, וואו שיפען געהן. עס קען זיין, אז קיין שיף וועט ניט צוקומען אהער, און מיר וועלען מוזען פערברענגען דא נאך א ווינטער.

— אויף קיין פאַלל! האט אויסגערופען איינער פון אונז, איך וועל בעסער שטארבען אלס צוברענגען נאך א ווינטער אין דיעזער פערדאמטער געגענד.

— אלזא, וואס טהוט מען?

— מיר מוזען בויען אשיף, ריכטיגער געזאגט, אגרויסעם באָאָט, האט דער אלטער טאָדד ערקלערט, מיר האבען אונזערע באָאָטע, אויף זיי וועלען מיר אָנגלעגען ברעטער און קלעצער פון האָללענדישען שיף, און מיר וועלען אוועקפאָהרען פון דאנען. אויפ'ן וועג וועלען מיר געוויס טרעפען א שיף, וועלכעס וועט אונז אויפנעהמען.

אין אזעלכע געשפרעכע פלעגען מיר פערברענגען דיא צייט. מיר האבען געמאכט פלאַנען, וויא צו בויען אונזער באָאָט, וואס פאר פראָוויאַנט מיר זאלען מיטנעהמען, און ווען מיר זאלען ארויספאָהרען. דיא האפנונג באלד צו קומען צווישען מענשען, צווישען ציוויליזירטע מענשען, האט זיך וויעדער אויפגעוועקט אין דיא הערצער פון אונז אלעמען, און אלע האבען זיך וויעדער גענומען צו דער ארבייט מיט פרייד און לוסט.

דאס האט געוואלט אַנדריו טהאָמפסאָן. קוים האבען דיא מענשען אנגעהויבען צו האָפען, אז זיי וועלען באלד אויסגעלעזט ווערן פון דאנען, זייגען

אַ לעבעדיג געווארען, און האבען אָנגעהויבען צו טראכטען, אויף וואס פאר אַן ארט דאס קען געשעהן.

אונטערדעסען איז געווארען מערץ. דער טאג איז געווארען גרעסער און גרעסער. געגען דעם פונפצעהנטען מערץ האט זיך אונז אויסגעוויעזען, אז דער שנעע הייבט אָן געשמאָלצען צו ווערן פון דער זון. ענדע מערץ האבען מיר שוין געקענט צוברענגען א גאנצען טאג אין דרויסען, זעלבסט פערשטענדליך, אז מיר האבען אויך דאַמאָלס געמוזט טראגען אונזערע וואַרעמע קליידער פון פעל פון זעע הינט אדער מאָשוס אָקסען.

אבער ערשט אין מאי האבען מיר אנגעהויבען צו פיהלען, אז דער זומער קומט ענדליך אָן. עס האבען אָנגעהויבען זיך צו ווייזען פערשיעדענע פייגעל, און איין טאג, ווען מיר זיינען גאנץ פריה ארויסגעגאנגען פון אונזער שטוב, האבען מיר געפונען אויפ'ן שנעע צייכענס פון דיא גרויסע לאַפּעס פון א ווייסען בער, וועלכער איז געקומען אונז מאכען א וויזיט.

מיר זיינען צוגעגאנגען צום מעער און האבען געהאָפּט צו געפינען אין איהם אָפענע שטרעקען. צו אונזער בעדויערן אבער איז דאס מעער נאך געווען בעדעקט מיט אַייז. וויא וויט אונזער אויג האט געקענט גרייכען, האט עס געזעהן נור אַייז און אַייז. עס איז זעהר מעגליך, אז איינינע מייל וויט פון ברעג איז שוין דאס מעער געווען פריי פון אַייז, ארום דעם לאנד אבער, וואו מיר האבען זיך געפונען, איז דאס מעער נאך געווען בעדעקט מיט א גראבער און פעסטער דעק פון אַייז.

אזוי וויא דער טאג איז שוין געווען פיעל גרעסער פון דער נאכט, און ביי טאג איז שוין געווען אזוי פיעל וואַרם, אז מיר האבען געקענט וואַשען אונזערע קליידער, און זיי אויסטריקענען אין דרויסען, האבען מיר אָנגעהויבען גאנץ ערנסט צו דענקען פון בויען א שיף אדער א באָאָט, אויף וועלכען מיר זאלען קענען אוועקפאָהרען.

מיר האבען געבעטען אונזערע פריינד, דיא עסקימאָסען, זיי זאלען איינ-שפּאַנען זייערע שליטענס, און זאלען פאָהרען מיט אונז צום האָלענדישען שיף; זיי האבען עס געטאהן מיט פערגניגען, און מיר האבען אנגעהויבען צו ברעכען דאס שיף, און צו פיהרען דיא ברעטער און קלעצער צו אונזער דאָרף.

דיא עסקימאָסען האבען אונז געהאָלפען, וויא טרייע פריינד, און ענדע מאַי האבען מיר דערזעהן מיט פרייד, אז א פאר מייל פון'ם ברעג האט זיך דאס מעער בעפרייט פון אייז. מיר האבען בעגריסט דאס ריינע, קלארע, גרינע מעער וואסער מיט דער זעלבער פרייד, מיט וועלכער מיר האבען בעגריסט דיא זון, ווען זיא איז צום ערשטען מאל ארויסגעקומען.

מיר האבען זיך גענומען בויען אונזער שיף. דיא עסקימאסען האבען אונז געהאָלפען, וויא וויט זיי האבען געקענט. זיי האבען זעהר גוט פערשטאנען,

אז מיר ווילען אוועקפאהרען פון זיי און האבען אינז ניט איין מאל געוויעזען, אז זיי האבען אונז ליעב בעקומען אין זיי בעדויערן זעהר, וואס מיר ווילען זיי פערלאזען. מיר האבען זיי געוויעזען אונזער דאנקבארקייט דער מיט, וואס מיר פלעגען זעהר אפט געהן מיט זיי אויף דער יאגד און חאפען פאר זיי וואַללפיש, נאַרוואַללס און זעע הינט.

יעצט אין זומער צייט האבען מיר ניט געדארפט האבען דאס שמאלץ פון ריא פיש אלס הייצונג און מיר פלעגען עס אוועקגיבען דיא עסקימאסען, נור זעלטען ווען מיר פלעגען שוין וועלען עסען א פרישעס שטיקעל פלייש, פלעגען מיר ביי זיי נעהמען א שטיק פון א נאַרוואַלל.

ענדע יוני איז דער שנעע אין פיעלע ערטער פערשוואונדען געווארען און עס האבען זיך בעוויעזען גרינע גראזען. איך בין ניט אים שטאנד צו בעשרייבען אונזער פרייד ווען מיר האבען צום ערשטען מאל דערזעהן דאס פרישע געזונדע און פרעהליכע גרינע פארב פון דיא גראזען.

דיא עסקימאסען, וויא איינינע פון אונזערע מאַטראָזען, האבען זיך געלעגט אויף דער ערד און האבען געפרעסען דאס וויכע יונגע גראָז, וויא דיא בהמות. עס איז אבער אויך ניט געוועזן פיעל וואס צו עסען. דיא גראָזען שטעקען ניר ארויס פון דער ערד זייערע געלבליך-גרינע קעפעלעך, זיי וואַקסען אבער ניט אויס וויא בייא אונז אין ענגלאנד. זיי ווערן ניט גרויס, דיא קעלט לאזט זיי ניט וואַקסען הויך. זיי בלייבען צווערגע (קאַרליקעס). דיא גראָזען אין ענגלאנד זיינען ריעזען געגען זיי. מיר זיינען אבער געוועזן העכסט גליקליך, ווען מיר האבען געקענט זעהן אויך דיעזע צווערגע.

מיר האבען געארבייט זעהר שווער ארום אונזער שיף. גרויסע קינסטלער צו בויען א שיף זיינען מיר ניט געוועזן; מיר האבען געבויט אינזער שיף אָהן א פלאַן, אָהן דיא נעטהיגע מאַטעריאַלען דער צו. מיר האבען זיא געבויט, וויא מיר האבען געקענט. מיר האבען אוועקגעאַרבייט זעהר שווער דיא מאָנאַטע יוני, יולי און דיא ערשטע טעג פון אויגוסט.

אין דער גאנצער צייט האבען מיר ניט געזעהן ניט איין שיף דורכגעהן ניט קיין נאָרדען (צפון זייט) און ניט קיין זידען (דרום זייט). דער אלטער טאָדד האט רעכט געהאט: מיר האבען זיך געפונען אין א געגענד, וועלכע איז ווייט פון דעם וועג, וואו שיפען פאָהרען.

געגען דעם צעהנטען אויגוסט איז אונזער שיף פערטיג געווארען. מיר האבען אנגעהויבען צוטראכטען וויא אזוי מיר זאלען זיא ברענגען צום וואַסער. ביי דיא ברעגעס פון אונזער אינזעל איז דאס מעער נאך אלץ געוועזן פערפראָרען. מיר האבען באלד זיך איבערצייגט, אז דיא ברעגעס פון דיעזער געגענד בלייבען פערפראָרען יאָהרענלאנג. דיא עסקימאסען האבען אונז דערצעהלט, אז נור גאנץ זעלטען ווערט דאס אַייז פון דיא ברעגעס צושמאָלצען.

מיר האבען אויסגעטראכט אלערלייא מאשינען אראָפּצוקייקלען דאס שיף אין וואסער. מיר האבען אונטערגעלעגט אונטער איהר שטיקער האָלץ און זאגאר שטיקער אייז; עס איז זאגאר געלונגען זיא אראפצוקייקלען אויפ'ן אייז פון'ם ברעג, צום אונגליק אבער, איז דער אָרט וואו מיר האבען זיא געבויט, געווען צו הויך. ווען מיר און דיא עסקימאָסען האבען מיט אלע קרעפטע אנגעהויבען זיא צו שלעפען מיט שטריק צום וואסער, איז זיא פלוצלונג אראפגעפאלען מיט אזא קראפט, אז זיא האט זיך איבערגעקעהרט אויפ'ן אייז.

אונזערע קאמעראדען זיינען געווען פערצווייפעלט:

— פערפאלען! האט אויסגערופען דער אלטער טאָדד, — מיר מוזען שוין דא שטארבען. איך זעה פאר אונז קיין האָפנונג און קיינע רעטונג.

קיינער האט איהם ניט געענטפערט. יעדער האט געפיהלט, אז ער האט רעכט. מיר מוזען זעהן זיך בעפריינדען מיט דיא עסקימאסען און פערבלייבען ביי זיי. איינינע יונגע לייט פון אונז האבען זאגאר אנגעהויבען צו טראכטען פון הייראטהען עסקימאסען מעדכען און ווערן עסקימאסען. יעדער האט איינגעזעהן, אז מיר האבען ניט וואס צו האָפען און ניט וואס צו ערווארטען. מיר זיינען פערווארפען אין א געגענד, וואו קיין שיף קומט ניט.

אנדריו טהאָמפסאָן האט געטאהן אלעס מעגליכע אום צו טרייסטען און אונז צו גיבען מוטה. ער האט אונז ניט דערלאזען הייראטהען עסקימאסען מעדכען און האט אונז פערזיכערט, אז ענדע אויגוסט וועט דאך אנקומען א שיף, וועלכעס וועט אונז אויפנעהמען.

— דאבען מיר דען פאר א יאָהרען ניט געזעהן א שיף פארביפאָהרען? האט ער געפרעגט, ווען פאר א יאהרען איז פארביגעפאהרען א שיף ניט ווייט פון דיעזער אינזעל, פאר וואס זאל היינטיגעס יאהר ניט פארבייפאהרען א שיף?

אנדריו טהאמפסאן האט אוועקגערעדט שטונדען לאנג, האט אונז אויפגעמונטערט און האט אונז ענדליך איבערגערעדט, מיר זאלען ווארטען.

ער האט ווידער געהייסען אויסשטעלען וואכען טאג און נאכט, וועלכע זאלען ניט אראפלאזען קיין אויג פון'ם מעער.

איין מאל געגען ענדע אויגוסט בין איך געשטאנען אויף דער וואך און האב געקוקט אין אלע זייטען. פלוצלונג האב איך דערזעהן דעם זעגעל פון א שיף.

— א שיף! א שיף! האב איך אויסגערופען פול פרייד.

אזוי וויא מיינע קאמעראדען זיינען נאך געשלאָפען און האבען גיט געהערט מיין געשריי. בין איך צוגעלאפען צו אונזער הויז און האב אנגעהויבען אזוי צו שרייען און צו קלאפען, אז אלע האבען זיך אויפגעהאפט, וויא דיא אָפגעבריהטע, און זיינען ארויסגעלאָפען אין דרויסען.

— א שיף! א שיף! מיר זיינען געראַטעוועט האבען אלע געשריען מיט איין קול.

עס האט זיך יעצט אנגעהויבען א פרייד, וועלכע קיין מענשליכע פעדער איז ניט אים שטאנד צו בעשרייבען. איינינע האבען געטאנצט, אנדערע האבען געשפרונגען, וויעדער אנדערע האבען געזונגען, געלאכט, געשריען, גערופען, געליאַרמט און געמאַכט צייכענס צום שיף.

דער איינציגער מענש, וועלכער איז געבליעבען רוהיגער פון אונז אלע, איז געוועזען אַנדריו טהאָמפסאָן. ער האט גאנץ ריכטיג בערעכענט, אז פון דעם שרייען און ליאַרמען וועט גאר ניט ווערן. דאס שיף איז נאך צו ווייט אום צוהערען אונזערע געשרייען.

— גרייט אָן דיא ביקסען! האט ער קאָמאנדירט. לאָדעט זיי אָן פול, וויא ווייט איהר וועט קענען! שיט אָן אין זיי פולווער ביז אין מויל. מיר מוזען ווארטען, ביז דאס שיף וועט צוקומען נעהנטער און דאַן זאלען מיר אויסשיעסען פון אלע אונזערע ביקסען, פיעלייכט וועלען דאַן דיא מענשען אויפ'ן שיף דער הערן אונזערע נויט שיעסע און וועלען קומען אונז רעטען.

טהאָמפסאָן האט רעכט געהאט. קוים איז דאס שיף צו געקומען אזוי נאָהענט, אז מען האט געקענט הערן אויף איהר דעם קנאַלל פון א ביקס, האט ער געהייסען אויסשיעסען מיט א מאל. פינף, גוט גלאָדענע ביקסען האבען אויסגעשאָסען מיט א מאל. ווען דער רויך פון'ם פולווער איז פערגאַנגען, האבען מיר דערזעהן, וויא אויפ'ן שיף האט מען אויסגעצויגען א פאָהן.

— מען האט אונז דערהערט! מען וועט קומען אונז רעטען! האבען מיינע קאַמעראַדען אויסגערופען מיט איין קול.

מיר האבען געזעהן, וויא דאס שיף איז צו געקומען נעהנטער און נעהנטער צו דיא ברעגעס פון אונזער אינזעל. מיר האבען אבער געוואוסט, אז גאנץ נאָהענט קען זיא ניט צו קומען, ווייל דאס מעער איז נאך אלץ געווען פערפראָרען ביי דיא ברעגעס.

— אין דיא באָאָטע! אין דיא קאַיאַקס! האבען געשריען איינינע.

— ברידער! פריינד! האט אַנדריו טהאָמפסאָן אויסגערופען, עס איז וואהר, אז מיר ווילען זיך רעטען. מיר ווילען וויעדער א מאל זיין צווישען גע-בילדעטע מענשען. פיעלע פון אונז האבען פריינד, בעקאַנטע און פערוואַנדטע אין דער היים. ניט איינער פון אונז האט אין דער היים פרוי און קינדער, וועלכע ער וויל זעהן. פערגעסט אבער ניט, ברידער, אז מיר האבען אונגעפעהר א גאנץ יאהר געלעבט מיט דיא עסקימאסען. זיי האבען אונז בעהאנדעלט, וויא ברידער. זאלען מיר זיי ווייזען, אז מיר זיינען ווילדע טהיערע? זאלען מיר אוועקפאָהרען פון דאנען און זאגאר קיין אבשיעד נעהמען פון זיי? — ניין, ברידער! דאס וועט איהר ניט טאהן! לאמיר זיי ווייזען, אז מיר זיינען מענשען.

לאמיר זיי איבערלאזען אן אנדענק. לאמיר זיי אוועק גיבען אונזער פראוויאנט און אלע זאכען, וועלכע קענען זיי ניצען.

אייניגע זיינען צוואר ניט געווען צופריעדען מיט טהאמפסאנ׳ס רעדע, עס האט זיי אבער וועניג געהאלפען, דיא איבעריגע האבען געפונען, אז ער האט רעכט. ער האט געשיקט איינעם פון אונז צונויפרופען דיא עסקימאסען און ווען זיי זיינען זיך צונויפגעקומען, האט ער זיי געוויזען אויף דאס שיף און האט זיי ערקלערט, אז מיר פאהרען אוועק און לאזען זיי איבער.

איך האב געמיינט, אז זיי וועלען בלייבען רוהיג און גלייכגילטיג; וויא איבערראשט בין איך אבער געווען, ווען איך האב דערזעהן, וויא דיעזע ווילדע, אונוויסענדע, ניט ציוויליזירטע מענשען האבען אנגעהויבען צו וויינען, ווען זיי האבען דערהערט, אז מיר פאהרען אוועק פון זיי! מיין פריינד איק־מאלליק, זיין פרוי און זיינע קינדער זיינען צוגעלאפען צו מיר, האבען זיך געווארפען אויף מיין האלז, האבען מיך ארומגענומען, האבען מיך געקושט, האבען געוויינט און געבעטען, איך זאל בלייבען ביי זיי.

איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב אויך אנגעהויבען צו וויינען. פיעלע פון מיינע קאמעראדען האבען אויך געוויינט.

מיר האבען איועקגעגעבען דיא עסקימאסען אלעס, וואס מיר האבען געהאט, אלעס וואס האט זייא געקענט ניצען. דיא עסקימאסען זיינען אונז דאנקבאר געווען און האבען אונז געהאלפען אראפשלעפען אונזערע באאטע צום ברעג פון אייז.

ווען איך האב מיך אריינגעזעצט אין באאט, האט מיך איקמאלליק ארומגענומען צום לעצטען מאל און איך האב מיך ערשט דאן איבערציינגט, וויא ליעב ער האט מיך.

זייט דעם זיינען פערגאנגען פיעלע, פיעלע יאהרען. איך האב פיעלעס איבערגעלעבט אויף דער וועלט, האב פיעלע פריינד, אבער נאך היינט בין איך שטאלץ, וואס איך האב געהאט אזא פריינד, וויא איקמאלליק. דאס איז פיעלייכט געווען מיין איינציגער וואהרער פריינד אין מיין לעבען.

מיר האבען זיך ענדליך ארייגעזעצט אין אונזערע באאטע און זיינען צוגעפאהרען צום שיף. דיא מאטראזען האבען אונז אויפגענומען זעהר פריינדליך, מיר האבען אבער באלד דערזעהן, אז אויפ׳ן שיף איז עפעס ניט גלאט. דיא מענשען זיינען געווען אונרוהיג און טרויעריג.

מיר זיינען באלד געוואהר געווארען דיא אורזאכע פון זייער טרויער.

דאס שיף האט געהייסען סענט דשאן און איז געקומען פון קאנאדא. זיא איז געווען א וואללפישפאנגער. זיא האט אבער געהאט וועניג גליק און האט געפאנגען נור צווייא וואללפיש, ווען דער שיפסקאפיטאן איז קראנק גע־ווארען און דעם ערשטען אפיציער האט פאסירט אן אונגליק. אין דער צייט

פון א שטורמווינד איז אראפגעפאלען אויף זיין פוס א גרויסער קלאָץ און האט איהם צו בראכען דעם פוס. אויפ'ן שיף איז ניט געווען קיין דאקטאר. דיא צוויא קראַנקע זיינען געלעגען אין זייערע קאַיוטען און האבען געקרעכצט.

דאס שיף האט קאמאנדירט אַן אלטער מאַטראָז, וועלכען מען פלעגט רופען דער צווייטער אפיציער, ער איז אבער געווען אַן איינפאַכער מאַטראָז, וועלכער האט קוים געקענט לעזען און שרייבען. ער האט ניט געקענט אויס־רעכענען, וואו דאס שיף געפינט זיך און האט געפיהרט דאס שיף אויף גאטס בעראטה.

אלע האבען זיך דערפרעהט, ווען זיי האבען דערהערט אונזער שיעסען. זיי האבען געהאפט אז צווישען אונז וועט זיך געפינען איינער, וועלכער איז אים שטאנד צו פיהרען א שיף. זיי האבען גערעכענט, אז מיר געהערען צו א שיף, וועלכע איז אונטערגעגאנגען, און צווישען אונז געפינט זיך דער שיפסקאַפיטאַן, ער וועט אלזא קאמאנדירען דיא סענט דשאן און וועט זיא ברענגען קיין ניופינדלענד אדער קיין קוועבעק.

דאס איז געווען דיא אורזאכע, וואס מען האט אונז אויפגענומען אזוי פריינדליך. ווען זיי זיינען געוואהר געווארען, אז מיר זיינען נור איינפאַכע מאַטראזען, זיינען זיי ווידער געווארען זעהר טרויעריג.

אזוי וויא איך האב שוין פיעלעס געלערנט און קאפיטאן ארמשטראנג, וויא דשאן האוק האבען מיר געוויזען, וויא אויסצורעכענען וואו א שיף געפינט זיך און וויא אזוי זיא צופיהרען אין א געוויסען פונקט, האב איך מיך פאר־געשטעלט, אז איך מיט'ן צווייטען אפיציער וועלען פיהרען דיא סענט דשאן קיין קוועבעק.

דאס האט אביסעל בערוהיגט דיא מאטראזען פון'ם סענט דשאן. איך בין מיט א מאל געווארען א שיפסקאפיטאן געגען מיין וויללען.

איך האב באלד גענומען אלע מעער קארטען און לאַנד קארטען און האב אנגעהויבען זיי אויסצושטודירען. דער קראַנקער ערשטער אפיציער האט מיר געהאלפען, וויא וויט ער האט געקענט מיט'ן שיפסקאפיטאן האב איך ניט געקענט רעדען, ווייל ער איז געלעגען אין א שרעקליכער היץ און האט ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. דער ערשטער אפיציער אבער איז געווען ביי זיין פולען פערשטאנד און איך האב געקענט רעדען מיט איהם און זיך בעראטהען, וואס צו טאהן און וואוהין צו פאהרען.

איך האב מיך גענומען גאנץ ערנסט צו מיין אויפגאבע און איך בין מיט שטאלץ צו זאגען, אז איך האב זיא אויסגעפיהרט גאנץ עהרליך און צו דער צופריעדענהייט פון אלעמען.

אונזער רייזע איז געווען זעהר א שווערע און א לאנגווייליגע. קאָמאַנ־דירען א שיף אויפ'ן אַייזמעער איז פיעל שווערער, וויא קאָמאַנדירען א שיף

איןווארעמע געגענדען. מען מוז זיך דורכשלאגען דורך שטיקער אייז, מען מוז וויסען זיך אויסצודרעהן פון אַן אַייזבערג און מען מוז אפט קעמפפען מיט שרעקליכע שטורמווינדען.

צום גליק האב איך געטראפפען אויף שטילע, רוהיגע מאַטראָזען, וועלכע האבען מיר געפאלגט, גלייך וויא איך וואלט ווירקליך געווען זייער שיפסקאַפּיטאן.

מיר האבען בעגעגענט אויף'ן וועג וואַללפיש, וועלכע מיר וואלטען געקענט חאפען, דיא מאַטראָזען האבען אבער געוואלט קומען אהיים וויא צום גיכסטען, ווייל דער שיפסקאַפּיטאן איז געווארען מיט יעדען טאג ערגער און דער אונגליקליכער ערשטער אָפיציער האט געמוזט האבען א ריכטיגען דאקטאר.

דעם פינף און צוואנציגסטען אקטאָבער זיינען מיר אנגעקומען קיין קוועבעק. דיא קאָמפּאַני, צו וועלכען דאס שיף האט געהערט, האט באלד געשיקט א מענשען הערן, וואס דאס שיף האט עפעס אויפגעטאהן און אויב זיא האט געבראכט עפעס סחורה. מען קען זיך לייכט דענקען, וויא עס איז געווען דעם מענשען אויף'ן הארצען, ווען ער האט געפונען, אז דער שיפסקאַפּיטאן איז טויט קראנק, דער ערשטער אָפיציער ליעגט מיט א צו־בראכענעם פוס, דיא מאַטראָזען זיינען טרויעריג און פערצווייפעלט און דאס שיף אין גאנצען איז טרויעריג, פערנאכלעסיגט און פערלאזען.

דעם קראנקען קאפּיטאן האט מען באלד גענומען אהיים. — ער האט געוואוינט אין קוועבעק. — דעם ערשטען אָפיציער האט מען אוועק געשיקט אין א האָספּיטאַל און דיא מאַטראָזען האט מען בעצאהלט זייער אָרימען געהאלט און מען האט זיי געהייסען געהן אהיים. מען דארף זייא מעהר ניט.

אויף מיך און מיינע קאַמעראַדען האט מען זיך גאר ניט געוואלט אומקוקען. מען האט אונז אראפּגעטריעבען פון שיף און מען האט גאר מיט אונז ניט געוואלט רעדען.

**ענדע דעם ערשטען טהייל.**

# צווייטער טהייל.

## 56-טעם קאפיטעל.

## ווידער סילאַס פלינט.

מיר זיינען ווידער צווישען געבילדעטע מענשען; מיר זיינען ווידער אין א גרויסער שטאדט. וואס ווערט אבער דער פון? מיר זיינען אפגעריסען, אפגעשליסען, נאַקעט און באָרפוס, הונגעריג און דורשטיג, מיעד און שלעפעריג און האבען ניט וואו אניעדערצולעגען דעם קאפ. אין אָקטאָבער איז שוין אין קוועבעק גוט קאלט און קיינער פון אונז האט ניט געהאט א סענט אין קעשענע צו בעצאהלען פאר א נאכטלעגער. דיא ערשטע נאכט, וואס מיר האבען פערבראכט אין קוועבעק, האבען מיר געמוזט שלאפען אין דרויסען.

אָנפאנגס האָב איך אפגערעדט מיט אַנדריו טהאָמפסאָן, אָ׳ קאָננאָר און סטאָקס מיר זאלען זיך האלטען צוזאמען, וויא מיר האבען זיך געהאלטען צוזאמען, זייט מיר האבען זיך בעקענט אויף דעם אמעריקאנישען שיף „פאָקאָהאָנטאָס”, וואס העלפט אבער דאס אפרעדען, ווען מען איז הונגעריג? קען מען זיך האלטען צוזאמען, ווען יעדער מוז זוכען פאר זיך א דאַך איבערן קאָפּ און א שטיקעל ברויט צו שטילען דעם הונגער?

איך האב יעצט געהאט פאר מיר צוויא וועגען. דער ערשטער וועג איז געווען אויסזוכען א שיף, וועלכעס געהט קיין ענגלאַנד, אריינטרעטען אויף איהר אלס מאַטראָז און פאהרען אהיים צו מיינע עלטערן. דאס איז אייגענטליך געווען דער ריכטיגער וועג. — דער צווייטער וועג אבער, דער וועג, וואוהין מיין הערץ האט מיך געצויגען, איז געווען נאך צו פארשען, וואו עס געפינט זיך ערגעץ קאַפּיטאן אַרמסטראָנג מיט זיין שיף „סאַנקט העלענאַ”.

— וואס וועל איך יעצט טאהן אין דערהיים ביי מיינע עלטערן? האב איך מיר געטראכט. איך בין עוין צו אַלט אום זיך ווידער צו זעצען אויף דער באַנק און ווידער אנהייבען צו לערנען. זיצען און עסען ביי מיינע עלטערן קען איך אויך ניט. וואס וועל איך אלזא טאהן אין דער היים? — איך בין שוין געוואוינט צום שווערן לעבען פון א מאַטראָז, דאס מעער איז מיר ליעב געווארען. איך האב שוין זיך אויסגעלערנט צו קוקען יעדע געפאהר

-לייך אין דיא אויגען, מיר זיינען גאר געפעלען דיא געפאהרען, וועלכע א מאַטראָז האט אויסצושטעהן. — איך מוז אלזא בלייבען א מאַטראָז!

דאס איז געוועזן מיין פעסטער בעשלוס. איך האב קיין מאל ניט פערגעסען דאס שעהנע, גוטע און ליעבענסווירדיגע העלענאַ, קאפיטאן אַרמסטראָנגס טאכטער. איך האב יעצט געוואוסט, אז איך ליעב זיא און וועל זיא ליעבען ביז מיין לעבען לאנג. איך האב ניט פערגעסען אן איהר, ווען איך בין געפאהרען מיט מיינע קאַמעראַדען חאפען וואַללפיש; איך האב ניט פערגעסען אן איהר, ווען איך האב געוואוינט מיט דיא עסקימאָסען אין גרענלאַנד; איך האב ניט פערגעסען אן איהר, ווען איך האב געפיהרט דאס אונגליקליכע שיף סענט דשאָן קיין קוועבעק און איך האב ניט פערגעסען אן איהר יעצט, ווען איך בין ארומגעגאנגען אין דיא גאסען פון קוועבעק, אָרם, עלענד און פערלאַסען פון גאט און פון מענשען.

אַנדריו טהאָמפסאָן, אָ׳ קאָננאָר און סטאָקס האבען זיך געווענדעט צום אַמעריקאַנישען קאָנסול אין קוועבעק, האבען איהם דערצעהלט זייער געשיכטע און אלס מאַטראָזען פון אַן אמעריקאַנישעס קריעגס שיף האט זיי דער קאָנסול באלד אוועק געשיקט קיין באָסטאָן, וואו עס געפינט זיך אַן אבטהיילונג פון דער אמעריקאַנער מאַרינע (פלאָטע).

איך האב אבער ניט געקענט מיך ווייזען פאר דעם אמעריקאַנישען קאָנסול, ווייל איך בין דאך געוועזן א פערבראכענער, א פערברעכער, וועלכען מען פערשיקט אויף א שיף צור שטראַפע. מיינע קאַמעראַדען האבען זעהר גוט געקענט מיין געשיכטע און האבען מיר ניט געראטהען צו פאהרען צוריק קיין אמעריקא. זיי האבען שטענדיג בעוויעזען, אז זיי זיינען עהרליכע און גוטע קאַמעראַדען. דער אמעריקאַנער קאָנסול האט זיי געגעבען עטליכע דאָללאַר, זיי זאלען זיך קויפען דיא נעטהיגע קליידער. זיי האבען אויס-געגעבען נור אדריטעל פונ׳ם געלד און דעם רעסט האבען זיי מיר אוועק-געגעבען. דער ביי האט מיר טהאָמפסאָן געזאגט:

— נעהם דוא דאס געלד, דיק, מיר וועלען באלד זיין ביי דיא אונזעריגע, פון קוועבעק קיין באָסטאָן איז ניט וויט. ווען עס וועט זיך ניט מאכען קיין שיף קיין באָסטאָן, וועלען מיר פאהרען מיט דער אַייזענבאהן. דוא אבער דארפסט האבען דאס געלד.

אין אנ׳אַנדער צייט וואלט איך דאס געלד ניט גענומען, יעצט אבער האב איך געמוזט עס נעהמען. איך האב געמוזט מיר קויפען איינִיגע נעטהיגע קליידער און האב געמוזט ערגעץ אויסזוכען א ביליגעס גאסט הויז, וואו איך זאל קענען נעכטיגען, ביז איך וועל מיך אומקוקען אין קוועבעק.

אויפ׳ן פיערטען טאג נאך אונזער אנקומען קיין קוועבעק זיינען מיינע בעסטע פריינד, אַנדריו טהאָמפסאָן, טערענס אָ׳ קאָננאָר און הענרי סטאָקס

אוועקגעפאהרען קיין באָסטאָן. איך האב זיי בעגלייטעט צום שיף און האב פון זיי אבשיעד גענומען מיט טרעהרען אין דיא אויגען.

איך האב זיי מעהר ניט געזעהן און ניט געהערט פון זיי.

— וואו זייט איהר, מיינע גוטע און ליעבע פריינד, יעצט ווען איך שרייב דיעזע ציילען? האט איהר מיך אמאל דערמאנט? — לעבט איהר נאך? האט איהר געפונען אייער טויט אין דיא ווייטע וואסערן פונ'ם מעער, וועלכעס איז דאס בעט פון יעדען מאַטראָז?

איך האב זיי ניט פערגעסען און האב ניט איינמאל אין מיינע שפעטערע יאהרען דערמאנט מיינע פריינד, מיט וועלכע איך האב פערבראכט א גאנץ יאהר אויפ'ן אייזמעער.

איך וויים ניט, וואס עס איז געווארען פון אונזערע איבעריגע קאַמע־ראַדען, וועלכע האבען איבערגעווינטערט מיט אונז אין גרענלאַנד. זיי זיינען זיך צוגאנגען אין אלע זייטען און איך האב זיי מעהר ניט געזעהן.

איך בין יעצט געבליעבען גאנץ אליין אין קוועבעק און האב אנגעהויבען נאך צו פרעגען ביי דיא שיפסאגענטען, אויב זיי וויסען ניט, וואו עס געפינט זיך יעצט דיא „סאַנקט העלענאַ", שיפסקאַפיטאַן אַרמסטראָנג, איך האב אבער גאר ניט געקענט אויסגעפינען. ווען איך זאל געוועזן קומען צו זיי אלס רייכער מאן און זאל זיי געווען פארלעגען א געשעפט, וואלטען זיי שוין געווען אויסגעזוכט, וואו דיא „סאַנקט העלענאַ" געפינט זיך, אויף אן ארימאן אבער, וויא איך בין דאמאלס געווען, האט זיך קיינער ניט אומגעקוקט און קיינער האט זיך ניט געוואלט נעהמען דיא מיה זוכען אין דיא צייטונגען, בעזאָנדערס אין דיא שיפסצייטונגען, וואו דיא „סאַנקט העלענאַ" געפינט זיך יעצט, אדער וועניגסטענס, וואו זיא האט זיך געפונען פאריגען זומער.

אונטערדעסען איז מיר אויסגעגאנגען דאס געלד, וועלכעס מיינע פריינד האבען מיר געגעבען. איך האב געמוזט זוכען אַן ארבייט אום צו האבען פון וואנען צולעבען. איך האב אנגעהויבען צו געהן יעדען טאג צו דיא דאָקס, וואו דיא שיפען שטעהן און האב דארט געפונען ארבייט ביים אָנלאָדען און אויסלאָדען דיא שיפען.

דיא ארבייט איז געווען א זעהר שווערע און האט זיך זעהר שלעכט בעצאהלט, איך האב אבער פערדינט אזוי פיעל, אז איך האב געהאט פון וואנען צו לעבען און האב נאך געקענט אפשפאָרען יעדע וואך עפעס געלד. קיום האב איך געהאט א פרייען טאג, פלעג איך קויפען דעם לאָנדאָנער „שיפפינג זשורנאַל" און פלעג אין איהם זוכען דעם נאמען פון קאַפיטאַן אַרמסטראָנג און זיין שיף „סאַנקט העלענאַ".

איך האב זאָגאַר געמאכט אַן אנצייגע אין דיעזער צייטונג, אין וועלכער איך האב געבעטען יעדען, ווער עס וויים, וואו דיא „סאַנקט העלענאַ" געפינט

זיך, זאל עס מיר מעלדען אין קוועבעק. איך האב מיר ערלויבט צו זאגען א ליגען, אז איך האב א ברודער אויף דער „סאַנקט העלענאַ״, פון וועלכען איך האב שון לאנג קיין נאבריכט ניט ערהאלטען.

איך בין געוועזן זיכער, אז עס וועט זיך געפינען א גוטער מענש, וועלכער וועט וועלען אויסגעבען פאַסט געלד אויף א בריעף און מיר מעלדען, וואו דיא „סאַנקט העלענאַ״ געפינט זיך. עס זיינען אבער פערגאַנגען וואכען, און איך האב קיין נאבריכט ניט ערהאלטען.

צום אונגליק איז נאך געוועזן דאס יאהר א שטרענגער ווינטער. דער פאַרט איז פערפראָרען געווארען. עס זיינען אנגעקומען ווענינ שיפען און איך האב ניט געקענט קריעגען קיין ארבייט אויפ׳ן דאק.

איך האב מיך ווידער געפונען אין א פערצווייפעלטער לאַגע. דיא פאָר דאָללאַר, וועלכע איך האב אפגעשפאַרט, האב איך באלד אויפגעגעסען און איך האב ניט געהאט קיין אויסזיכט צו קריעגען באלד ארבייט.

איך בין ארומגעגאנגען אין דיא גאסען פון קוועבעק טרויעריג, פערזארגט און פערצווייפעלט. אין אזא שלעכטער לאגע בין איך נאך קיין מאל ניט געוועזן. איין מאל בין איך אזוי געגאנגען און האב געקוקט אויף דיא בערג, פיעלייכט וועט פון זיי קומען מיין הילף. איך בין געוועזן אזוי פערטראכט, אז איך האב מיך ניט אומגעקוקט אויף דיא מענשען, וועלכע זיינען געגאנגען לעבען מיר און פאר מיר.

פלוצלונג האט זיך א שווערע האנד ארויפגעלעגט אויף מיין פלייצע. איך האב מיך אומגעקוקט און האב דערזעהן פאר מיר א רייך געקליידעטען אין אטהייערן פעלץ פון סויבעל.

— דיק, דוא ביסט עס? האט דער מאן מיך געפרעגט.

איך האב אויסגעגלאָצט אפאר אויגען און האב ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— דוא דערקענסט מיך ניט, דיק? האט דער מאן ווידער געפרעגט.

— איך דער קען אייך ניט, מיין הערר, האב איך געשטאמעלט.

— דערקענסט דוא ניט דיין אלטען פריינד, סילאַס פלינט?

— איהר זייט סילאַס פלינט? האב איך אויסגערופען פערוואונדערט.

— איך בין עס אין בלוט און פלייש, האט סילאַס פלינט געלאכט.

איך וואלט איהם אויף קיין פאלל ניט דערקענט. איך האב געקענט א סילאַס פלינט א יעגער, וועלכער פלעגט געהן גאנץ אנדערש אנגעטאהן און פלעגט האבען א רויטליכע באָרד, יעצט אבער איז געשטאנען פאר מיר א רייך געקליידעטער מאן מיט א פולעס געזיכט און מיט א גראָבען בויך.

— זייט איהר עס סילאַס פלינט, מיט וועלכען איך בין געגאנגען אויף דער יאַגד אויף ווילדע טהיערע?

— איך בין עס, דיק! וויא קומט עס, וואס דוא דערקענסט מיך ניט?

איך האב איהם ניט געענטפערט, ווייל איך האב ניט געוואוסט וואס איהם צו ענטפערן.

— וואס וועלען מיר שטעהן אויף דער גאַס? האט סילאַס פלינט ענדליך געזאגט, קום מיט מיר אהיים, און לאמיר אביסעל פלוידערן.

עס איז ווירקליך געוועזן ניט גאַנץ אַנגענעהם צו שטעהן אויף דער גאַס, בעזאָנדערס פאר מיר, ווייל איך בין געגאנגען צו לייכט געקליידעט, און דער פראָסט האט געברענט, וויא אין גרענלאַנד.

סילאַס פלינט האט מיך געפיהרט אין דיא שעהנסטע גאַסען, און האט מיך צוגעפיהרט צו א גרויס הויז.

— דאס איז מיין הויז, האט ער געזאגט, קום אריין, דיק.

ער האט מיך אריינגעפיהרט אין א שעהנעם, העלעם און וואַרעמעם צימער. האט אראָפגעוואָרפען פון זיך זיין פעלץ מאַנטעל, און האט מיר געהייסען טאהן דאס זעלבע. דאַן האט ער אָנגעקלונגען, א דיענער איז אריינגעקומען, און האט געפרעגט, וואס ער פערלאנגט.

— ברענג אריין אַקליין טישעלע, א פריהשטיק פאר צוויא מענשען, און א גוטע פלאש וויין.

אין איניגע מינוטען ארום זיינען מיר ביידע געזעסען ביים טיש און האבען געגעסען. איך בין געוועזן הונגעריג, וויא א יונגער וואָלף, און האב געוויעזען, אז איך האב מיך ניט צו שעהמען מיט מיין אפעטיט. ער האט עס פערשטאַנען, און האט מיר אלע מאל דערלאנגט פרישעס מאטעריאַל פאר מיין אפעטיט.

ווען איך האב מיך זאַט אָנגעגעסען, און האב געפונען אז זיין וויין איז גאר ניט שלעכט, האט ער געזאגט צו מיר:

— יעצט, דיק, דערצעהל מיר, וואס עס האט פאַסירט מיט דיר, זייט דוא ביסט אוועק פון מיר.

איך האם איהם דערצעהלט אלעס זאגאר פון מיין ליעבע צו קאַפּיטאַן אַרמסטראָנגס טאכטער. איך האב ניט געהאט וואס צו שעהמען זיך מיט מיין ליעבע. סילאַס פלינט האט מיך אויסגעהערט אויפמערקזאַם, און ווען איך האב געענדיגט מיין ערצעהלונג, האט ער געזאגט:

— עס איז אַן אונגליק מיט איך, יונגע לייט, וועלכע פערליעבען זיך באלד. ווען דוא וואלסט געוועזן בלייבען ביי מיר, וואלסט דוא יעצט געוועזן אַרייכער מאן וויא איך.

— זייט איהר דען רייך געווארען פון דער יאַגד? האב איך געפרעגט,

— דאס ניט, אבער אין דער צייט וואס איך האב מיך ארומגעיאָגט נאך ווילדע טהיערע, האב איך אויסגעפונען א גאָלד מינע, וועלכע איך האב אָפגעקויפט פון דער רעגירונג פאר אקלייניגקייט, ווייל דאס לאנד טויג ניט צו בעארבייטען, און האט קיין ווערטה געהאט פאר עמיגראַנטען. דיא רעגיערונג איז געוועז צופריעדען מיר צו פערקויפען אזא שטיק לאנד פאר אשפּאָט פרייז. איך האב אָנגעהויבען עס צו בעארבייטען אליין. יעצט געהערט עס צו א קאָמפּאַני, און איך בין דער פּרעזידענט און דער דירעקטאָר פון דער קאָמפּאַני.

איך האב איהם געמוזט גלויבען. איך האב געזעהן, אז ער איז זעהר רייך. אין אמעריקא איז עס אויך קיין וואונדער. אזעלכע זאכען קומען דארט פאָר זעהר אפט.

— זעהסט דוא, דיק, האט סילאַס פלינט ווייטער געזאגט, ווען דוא זאלסט דאמאלס געווען בלייבען ביי מיר, וואלסט דוא יעצט אויך געווען א רייכער מאן, וויא איך.

וואס האב איך איהם געקענט ענטפערן דארויף? ער האט געוויס רעכט געהאט, איך האב אבער אויך רעכט געהאט ביי מיר. איך האב דאמאלס געמוזט צוריק פאָהרען קיין קוועבעק, וואו איך האב געהאָפט צו געפינען מיין געליעבטע העלענא, און מיט איהר אוועקצופאָהרען אויף איהר פאטערס שיף.

איינינע מינוטען האבען מיר ביידע געשוויגען. סילאַס פלינט האט פערשטאנען, אז איך האב ניט וואס איהם צו ענטפערן, און האט ענדליך געזאגט:

— ווען דוא ווילסט, וועל איך דיר געבען א שטעללע אין מיין גאָלד מינע, דוא וועסט פערדיענען פיעל געלד. און אין איניגע יאהר קענסט דוא ווערן א רייכער מאן.

איך האב מיך אבער איין מאל ענטשלאָסען אויפצוזוכען מיין געליעבטע, און האב מיך דערביי געהאלטען.

— ווען דוא ווילסט ניט אָננעהמען קיין שטעלע ביי מיר, וועל איך דיר העלפען אויסזוכען דיין געליעבטע, האט ענדליך סילאַס פלינט געזאגט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער מיר געגיבען א צעטעלע אין אגרויסען האָטעל, און אנ'אַנדער צעטעלע צו קליידער הענדלער.

— קליידער כאבען לייט, האט ער געשפּאַסט, צו ערשט מוזט דוא געהן אָנגעטהאָהן וויא א מענש, דאן וועלען מיר רעדען פון אנדערע זאכען.

ער האט מיר אָנגעזאגט, איך זאל קומען אָפט איהם בעזוכען, און זאל איהם דערצעהלען, וויא איך האב פערבראכט דעם ווינטער ביי דיא עסקימאָסען.

איך בין אוועקגעגאנגען פון איהם העכסט צופריעדען. איך האב געמוזט האבען נייע קליידער, ווייל דיא קליידער, וועלכע איך האב געטראגען פאר מיין פריינד איקמאַלליק און זיין ליבענסווירדיגע פאַמיליע, האב איך אויף קיין

פאַלל ניט געקענט טראגען אין דיא גאסען פון קוועבעק, און דיא קליידער, וועלכע איך האב מיר געקויפט פאר דאס געלד, וועלכע אַנדריו טהאָמפסאָן האט מיר געגעבען, זיינען געווען אזוי אָרים, אז איך האב מיך געשעהמט צו וויזען אין זיי אויף דער גאַס.

איך בין געגאנגען צום קליידער הענדלער מיט סילאַס פלינט צעטעלע, און האב מיר געקויפט ניט גאנץ רייכע, אבער אנשטענדיגע און ווארעמע קליידער. דאן האב איך אפגענומען א צימער אין דעם האָטעל, וואו סילאַס פלינט האט מיך געשיקט.

איך בין יעצט געווען א גליקליכער מענש. איך בין געגאנגען שעהן אנגעטאהן, האב געהאט וואס צו עסען, און האב ניט געדארפט ארבייטען, איך האב אבער ניט געקענט איבערטראגען דעם געדאנק, אז א פרעמדער מענש שענקט מיר דאס אלעס, איך לעב אויף יענעם׳ס רעכנונג, יענער שענקט מיר דאס אלעס. אויסער דעם האט זיך אין מיר אויפגעוועקט דער געדאנק אַן מיין ליעבע און גוטע העלענא מיט אבעזונדערע מאכט.

איך פלעג אפט קומען צו סילאַס פלינט, און איהם פרעגען, אויב ער איז שוין געוואָהר געווארען, וואו קאַפּיטאַן ארמסטראָנג געפינט זיך. ליידער, איז עס געווען ניט אזוי לייכט, וויא איך האב מיר פריהער געדאכט. קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג האט געהאט אַן אייגענעם שיף, און האט געזוכט בעשעפטיגונג. אין ענגלאַנד איז איהם שווער געווען צו קאָנקורירען מיט דיא פיעלע קאַמפּאני׳ס, וועלכע האבען פיעלע שיפען צו פערדינגען, און וועלכע זיינען אים שטאנד שטענדיג צו געפינען בעשעפטיגונג פאר זייערע שיפען. ער האט דאהער געזוכט בעשעפטיגונג אין דיא אמעריקאַנשע פּאָרטען, און וויא עס וויזט אויס, האט ער אויך געפונען גענוג בעשעפטיגונג אין דיא לענדער פון אמעריקא, וועלכע האבען ווענינ האנדעלס שיפען, אדער טראנספּאָרט שיפען.

א טראנספּאָרט שיף איז א פוהרמאַן, א איזוואשטשיק, וועלכער פיהרט וואַארע פון איין פּאָרט צום אנדערן, עס מאכט איהם ניט אויס, וואוהין מען שיקט איהם, ווען מען בעצאהלט איהם נור גוט פאר זיין ארבייט, פערדינגט ער זיך צום ערשטען בעסטען.

דיא אמעריקאַנער האבען אויסגעפונען אריכטיגען נאמען פאר אזא שיף. זיי רופען עס א „טרעמפּ שיף„ — א „בראַדיאַגע שיף״, א וואגאבאנד שיף. דער נאמען איז גאנץ ריכטיג און פאַסענד. עס מאכט זיך זעהר אָפט, אז א באַנקיר אדער א קאַמפּאני דינגט אָפּ אזא שיף פאר דעם טראַנספּאָרט פון פּאסאַזשירען, בעזאנדערס פאר גאנץ אָרימע פּאַשאזשירען, וועלכע וואַנדערן אויס פון אייראָפּא קיין אמעריקא. זעלבסט פערשטענדליך, אז אויף אזא שיף קענען דיא פּאסאַזשירען ניט האבען דיא בעקוועמליכקייט, וועלכע זיי האבען אויף אנדערע שיפען. —

דער שיפסקאַפּיטאן האט ניט צו שאַפען מיט זיי. מען דינגט איהם, ער זאל פאָהרען א געוויסע שטרעקע און ניט מעהר. דיא קאָמפּאני אדער דער אונטערנעהמער, — דער „פּאָדריאַטשיק" בעזארגט שוין אלעס.

עס טהוט מיר זעהר לייד, וואס איך האב גערופען דיא „סאַנקט העלענאַ" מיט'ן אמעריקאַנישען נאמען: א „טרעמפּ שיפּ", עס איז אבער דיא ריינע וואהרהייט. אין אמעריקא געפינען זיך טויזענדער א זעלבע שיפען, וועלכע האבען קיין בעשטימטע בעשעפטיגונג, זאנדערן נעהמען אן יעדע ארבייט, וועלכע מען גיט זיי. היינט זיינען זיי פּאַסאזשיר שיפען, און פיהרען פּאַסאַזשירען פון איין פּאָרט צום אנדערן, מאָרגען פיהרען זיי אלערליי וואארען, איבער-מאָרגען פערדינגען זיי זיך אלס פישער שיפען און פאָהרען חאפּען פיש.

## 57-טעס קאפּיטעל

## אין האַוואנע.

עס זיינען פערגאנגען דרייא מאנאַטע, זייט איך האב געפינען מיין אלטען בעקאנטען סילאַס פלינט. איך האב געגעסען, געטרונקען, געשלאפען, און האב זעהר אָפט געהערט פון סילאַס פלינט, וואס פאר גליקליכע געשעפטען ער מאכט.

יעדעס מאל, ווען איך פלעג קומען צו איהם, פלעג איך איהם פרעגען, אויב ער איז שוין געוואָהר געווארען, וואו דיא „סאַנקט העלענאַ" געפינט זיך ערגעץ, און יעדעס מאל פלעגט ער מיר ענטפערן:

— וואס איילסט דוא זיך אזוי, דיק? פעהלט דיר עפּעס ביי מיר?

— עס פעהלט מיר גאר נישט, האב איך געענטפערט, איך קען אבער ניט זיצען לעדיג, עסען און טרינקען און גאר ניט טאהן.

— ווען דוא ווילסט עפּעס טאהן, דיק, וועל איך דיר געבען א בעשעפטיגונג.

— ניין, פריינד סילאַס! האב איך אויסגערופען, איך בין שוין געוואוינט צום מעער און צו זיינע געפאַהרען, און איך קען מיך צו קיין אנדערע בעשעפטיגונג ניט נעהמען.

— דוא ביסט גאַנץ ערנסט פערליעבט, האט סילאַס פלינט געלאכט.

— דענקט, וואס איהר ווילט פון מיר, איך קען לענגער דא ניט בלייבען, האב איך געענטפערט בייז.

סילאַס פלינט האט געטראכט איינגע מינוטען, און האט מיר דאן געזאגט:

— אלזא ביסט דוא פעסט ענטשלאָסען אויסצוזוכען קאַפּיטאן אַרמסטראָנג, ריכטיגער געזאגט, זיין שעהנע טאָכטער?

— יאַ, פריינד סילאַס פלינט! פערשאַפט מיר דיא מעגליכקייט צו קומען צו מיין אלט׳ן פריינד, קאפיטאַן אַרמסטראָנג, און איך וועל אייך אייביג דאַנקבאר זיין.

— דאן קען איך דיר זאגען, אז קאַפיטאַן אַרמסטראָנג האט זיך מיט צוויא מאנאַטען צוריק געפונען אין האַוואַנאַ, דיא הויפט שטאדט פון דער אינזעל קובאַ.

איך בין אויפגעשפרונגען פאר פרייד און האב אויסגערופען:

— איז עס וואָהר? פון וואנען ווייסט איהר עס?

סילאַס פלינט האט ארויסגענומען פון קעשינע אַן ענגלישע צייטונג, וועלכע זוערד ארויסגעגעבען אין האַוואַנא אין האט מיר געוויעזען, אז דעם פינפטען דעצעמבער איז דאס ענגלישע שיף „סאַנקט העלענאַ״, קאַפיטאַן ארמסטראָנג, אָנגעקומען קיין האַוואַנאַ.

— איהר האט עס לאנג שוין געוואוסט, און האט עס בעהאלטען פון מיר! האב איך אויסגערופען מיט א פאָרוואורף.

— ניין, פריינד דיק, האט ער געענטפערט, איך האב ערשט געסטערן ערהאלטען דיעזע צייטונג פון מיינעם א געשעפטס פריינד אין האַוואַנאַ.

ער האט עס געזאגט אזוי ערנסט, אז איך האב געמוזט איהם גלויבען.

— דאן גיט מיר דיא מעגליכקייט צו פאָהרען קיין האַוואַנא! האב איך געבעטען.

— איך וועל דיר גיבען געלד צו פאָהרען קיין האַוואַנאַ, האט ער געזאגט, איך זאג דיר אבער נאך אמאל, בלייב בעסער ביי מיר, און דוא וועסט ווערן א רייכער מאַן.

זייט איך האב מיך בעגעגענט מיט סילאַס פלינט, האט ער שטענדיג געזוכט מיך אויפצוהאלטען לעבען זיך. איך האב דאמאלס ניט געקענט פערשטעהן. ערשט אין דיא שפעטערע יאָהרען, ווען איך האב גענוג געלעבט אויף דער וועלט, און האב בעסער געקענט דיא וועלט און דיא מענשען, האב איך אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז דיא מענשען, וועלכע האבען זיך פיעל אָנגעפלאַגט און אָנגעליטען אין דער וועלט, און זיינען צוזאמענגעקומען מיט מעהר שלעכטע אלס גוטע מענשען, זוכען צו האבען לעבען זיך א פרישען, יונגען, אונשולדיגען מענשען, וועלכער זוכט זיי ניט צו בעטריעגען, צו בע־שווינדלען, צו ציעהען פון זיי נוצען. מיט אזא מענשען קענען זיי זיך אויס־רעדען, פאר אזא מענשען קענען זיי אויסגיעסען זייער הערץ.

סילאַס פלינט און דשאן האַוק זיינען געווען אזעלכע מענשען, זיי האבען באלד דערקענט אין מיר, איונגען נאך ניט פערדאָרבענעם מענשען, און האבען געוואלט מיך האבען לעבען זיך. קאַפיטאַן דשאן האַוק האט עס מיר געזאגט פריי און אָפענהערציג. ער איז געווען געבילדעטער און ערפאהרענער

פון סילאַס פלינט. קאפּיטאן האוק איז געווען א פּיראַט, א מעער רויבער, אבער א העכסט געבילדעטער מאן, איך קען זאגען א געלערענטער מאן. סילאַס פלונט איז געווען אן עכטער אמעריקאנער, וועלכער וויס נור צו מאכען געלד און ווען ער האט שוין געמאכט דאס געלד, זעהט ער זיך ארום, אז ער געפינט זיך אין א זעהר שלעכטע געזעלשאפט און ער זוכט צו האבען בעשטענדיג לעבען זיך א יונגען, ריינעם אונשולדיגען מענשען, מיט וועמען ער זאל א מאל קענען רעדען א וואָרט פון הארצען ארויס.

ווען ער האט אבער געזעהן, אז מיין ליעבע איז שטארקער פון אלע רייכטהימער, וועלכע ער קען מיר אנביעטען, האט ער געמוזט נאכגעבען.

אזוי וויא עס געהן זעהר זעלטען שיפען פון קוועבעק קיין האוואנא, האט ער מיר געגעבען געלד, און האט מיר געראטהען, איך זאל פאָהרען מיט דער באהן קיין ניו אָרלינס און פון דארט געהן בעשטענדיג שיפען קיין האַוואַנאַ.

אויפ'ן דריטען טאג האב איך אבשיעד גענומען פון סילאַס פלינט און בין אוועקגעפאָהרען קיין ניו אָרלינס. עס האט מיר צוואהר וועה געטאהן דאס הערץ צו שיידען זיך פון דעם מענשען, וועלכער האט געטאהן פון מיינעט וועגען אזוי פיעל גוטעס, איך האב אבער ביים אבשיעד ניט געוויינט, וויא איך האב געוויינט, ווען איך האב מיך צושיידט מיט אַנדריו טהאָמפּסאָן.

אַנדריו טהאָמפּסאָן איז געווען מיין וואהרער פריינד, וועלכען איך האב קיין מאל ניט געקענט פערגעסען, סילאַס פלינט איז געווען מיין גוטער בעקאנטער, וועלכער האט מיר אויסגעהאלפען אין א נויט און איך בין איהם געווען זעהר דאנקבאר דערפאר.

איך וויל ניט בעשרייבען מיין רייזע ביז האַוואַנאַ, ווייל עס האט אויף איהר גאר ניט פאסירט. דיא אמעריקאנער אייזענבאהנען געהן שנעל. איך בין געפאהרען פון קוועבעק קיין שיקאגא און פון שיקאגא קיין ניו אָרלינס. ווען איך בין אנגעקומען קיין ניו אָרלינס, האב איך מיך דערמאנט אן דעם גוטען און עהרליכען קאפּיטאן סערל מיט זיין שיף „סוסאַנאַה". איך האב נאכגעפרעגט נאך איהם און נאך זיין שיף, האב אבער גאר גיט געקענט אויסגעפינען און בין אוועקגעפאהרען מיט'ן ערשטען שיף קיין האַוואַנאַה.

איך האב געהאט אַ גליקליכע רייזע. ווען מען פערברענגט א קיילעכדיג יאהר אויפ'ן אייז מ'צער, איז מען צופריעדען צופאהרען איןווארעמע געגענדען, וואו דיא זון ברענט, וויא פייער, און דאס מעער שטעלט פאָר אנדערע בילדער, אנדערע סצענען און אנאנדערעס לעבען.

איך האב געמוזט פאהרען אויף א ביליגעס שיף, ווייל איך האב ניט געוואוסט, אויב איך וועל טרעפען קאפּיטאן ארמשטראנג אין האַוואַנאַ און וועל פיעלייכט דארפען בלייבען דארט איניגע צייט אדער פאהרען ווייטער איהם

זוכען. איך האב דאהער געמוזט לעבען זעהר עקאנאמיש און איבערוועגען יעדען גראשען, איידער איך האב איהם אויסגעגעבען. איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז אין קוועבעק, א לאנד, וועלכעס געהערט צו ענגלאנד און וואו מען רעדט דיא ענגלישע שפראכע האב איך געקענט געפינען ארבייט אויפ'ן דאָק. האַוואַנאַ אבער, וויא דיא גאנצע אינזעל קובא, געהערט צו שפאניען, וואו דער שקלאפענהאנדעל איז נאך ערלויבט. אין קובא געפינען זיך הונדער-טער טויזענד נעגער, וועלכע טהוען אלע גראבע און שווערע ארבייטען. ווען איך וועל אין האַוואַנאַ ניט האבען קיין געלד, וועל איך קענען שטארבען פון הונגער און קיינער וועט זיך אויף מיר ניט אומקוקען.

דאס איז אייגענטליך ניט נור אין האוואנא אליין, זאנדערן אין אלע לענדער, וועלכע זיינען בעוואינט פון שפאניער, בעזאנדערס אבער אין אמעריקא.

ווען איך בין אנגעקומען קיין האוואנא, בין איך ניט אפגעשטיגען אין א האָטעל, זאנדערן האב געלאזען מיינע זאכען אויפ'ן שיף און בין ארומגע-לאפען אויף דיא דאָקס זוכען דיא „סאנקט העלענא״.

האוואנא איז א גרויסע שטאדט אין יענע געגענדען. זיא צעהלט איבער צוויא הונדערט טויזענד איינוואינער, האט א פארטרעפליכען פאָרט, אין וועלכ'ן מען קען געפינען שיפען פון אלע לענדער פון דער וועלט. האוואנא פיהרט א גרויס'ען האנדעל מיט טאבאק, ציגאַררען, ראָם, צוקער און פיעלע אנדערע פראדוקטען. דיא שפאניער האבען וועניג שיפען און אלע זייערע פראדוקטען ווערן מייסטענס טראַנספּאָרטירט אויף ענגלישע און אמעריקא-נישע שיפען.

אין האוואנא געפינען זיך יעצט 55 טויזענד נעגער. יעצט זיינען זיי פרייע מענשען, אבער ווען איך בין געוועזען אין האוואנא, זיינען זיי נאך געווע'ן שקלאפען. מען האט זיי געקויפט און פערקויפט, וויא דיא אָקסען. דיא רייכע שפאניער פלעגען זיי פערדינגען אלס ארבייטער אויף דיא דאָקס אדער אויף דיא פלאַנטאַציאָנען פון טאבאק און צוקער ראהר.

דיא ערשטע שוויעריגקייט, וואס האט זיך מיר פאָרגעשטעלט אין האוואנא, איז געוועזען דיא שפראכע. איך האב גיט פערשטאנען א וואָרט שפאניש און דיא מענשען, וועלכע איך האב געטראפען אין דיא גאסען פאר דיא דאָקס, האבען ניט פערשטאנען א וואָרט ענגליש. איך האב מיך מיט זיי ניט גע-קענט צונויפרעדען, וויא איך האב מיך ניט געקענט צונויפרעדען מיט מיין פריינד איקמאללי.

איך בין ארומגעגאנגען איניגע שטונדען און האב ניט געקענט אויס-געפינען דיא „סאנק'ט העלענא״. דיא היץ האט געברענט, וויא פייער. איך האב

מיך געבאָדען אין שוויים און האב געמוזט אריינגעהן אין א שענק זיך אביסעל אפקיהלען.

צום ערשטען מאל אין מיין לעבען האב איך מיך בעקענט מיט א שענק אין א שפאנישער שטאדט. דאס איז ניט אן ארט, וואו מען קען עפעס טרינקען, דאס איז א גיהנם, א העללע, וואו מען שפיעלט אין קארטען, אין ווירפעל און אין אלע האזארד שפיעלע. מען שפיעלט אזוי לאנג, ביז מען צושלאגט זיך, מעסער פונקלען אין דער לופט און געוועהנליך קומט אן דיא פאָליציי און צו טרייבט דיא געסט, אדער זיי דערהרגענען איינער דעם אנדערן און צו לויפען זיך. איך האב שוין געהערט דער פון, דיא היץ איז אבער געוועזען אזוי שטארק, אז איך האב געמוזט אריינגעהן אין א שענק און נעהמען א גלאָז לימאָנאַד אדער אַנאַנדער קיהלען געטראנק.

איך בין אריינגעגאנגען אין ערשטען בעסטען שענק, וועלכען איך האב געטראפען, און האב מיר געהייסען גיבען א גלאָז לימאָנאַד.

איך האב מיך אניעדערגעזעצט ביי א טישעל אין א ווינקעלע און האב לאנגזאם געטרונקען מיין לימאָנאַד. דער שענק איז געוועזען פול מיט געסט, מייסטענס מאַטראָזען און ארבייטער פון'ם דאָק.

איך בין אוועקגעזעסען נור איינינע מינוט, ווען איך האב דערהערט רעדען ענגליש. איך האב מיך דערפרעהט, גלייך וויא איך וואלט דערהערט דיא שטימע פון מיין פאטער, און בין באלד צוגעקומען צו דיא מענשען, וועלכע האבען גערעדט מיין מוטערשפראַכע. דאס זיינען געוועזען מאַטראָזען פון אַן ענגלישעם שיף.

איך בין צוגעקומען צו זיי און האב זיי געפרעגט:

— ווייסט איהר ניט, אויב עס געפינט זיך אין פאָרט אן ענלישעם שיף „סאנקט העלענא", קאפיטאן ארמסטראנג?

— זיא שטעהט גאנץ ווייט פון דאנען, האט מיר איינער פון זיי געענטפערט.

— אלזא, איז זיא דא אין האַוואַנאַ, האב איך אויסגערופען פול פרייד.

— געוויס איז זיא דא אין האַוואַנאַ? האט דער מאַטראָז מיר געענטפערט.

ער האט מיר געזאגט, וואוהין איך דארף געהן און וויא איך זאל מיך אָנפרעגען, ווען איך וועל זיא אזוי גיך ניט געפינען.

ווער קען אויסמאָלען, ווער קען בעשרייבען מיין פרייד, ווען איך בין ארויסגעגאנגען פון שענק.

— ענדליך האב איך געפונען קאפיטען ארמסטראנג! האב איך אויסגערופען, ענדליך וועל איך זעהן מיין געליעבטע, מיין שעהנע און מיין גוטע העלענא!

איך בין געלאפען, וויא א וואהנזיניגער, עס איז אבער געוועזען אווייטע

שטרעקע ביז אין דעם אָרט, וואו דיא „סאנקט העלענא" איז געשטאנען און דער פּאָרט איז דארט ניט גלייך, זאנדערן געדרעהט אין געקרימט.

ענדליך האב איך דערזעהן דאס שעהנע שיף מיט דיא גרויסע, ווייסע בוכשטאבען אויף איהר: סאנקט העלענא. איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר. איך בין ארויפגעלאפען אויף דאס ברעט, וועלכעס איז געליגען פון'ם דאָק אויף דער „סאנקט העלענא", וויא א שטורמווינד און בין געלאפען גלייך צו דער קאַיוטע פון'ם שיפסקאפּיטאן. — זיא איז געוועזן פערשלאסען.

איך בין געבליעבען שטעהן, וויא א צומישטער. איך האב אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא עס קומט, וואס דיא קאַיוטע פון קאפּיטאן ארמסטראנג איז געשלאסען.

איינינע מינוט בין איך געשטאנען, וויא א פערשטיינערטער, און האב מיך ניט געקענט ריהרען, ענדליך בין איך געקומען צו זיך און האב אנגע-הויבען מיך אומצוקוקען און צו זוכען א בעקאנטען מאַטראָז. איך האב דער-זעהן מיט שרעק און שטוינען אונבעקאנטע מענשען מיט דונקעלע ברוינע געזיכטער, וויא דיא ציגיינער.

אויפ'ן דעק זיינען דאמאלס געוועזן ניר דרייא מענשען, אלע שפאניער אדער פארטוגיעזען, ריכטיגער געזאגט בראזיליאנער.

איך בין צוגעגאנגען צום מאַטראָז, וועלכער איז געשטאנען אויף דער זאַך און האב איהם געפרעגט:

— וואו איז קאפּיטאן ארמסטראנג?

— צו וואס דארפט איהר איהם?

— איך וויל איהם זעהן, האב איך געענטפערט, איך דארף עפּעס רעדען מיט איהם.

— איהר קענט איהם ניט זעהן, האט דער מאַטראָז געענטפערט קורץ און שארף.

ער איז געוועזן א שפאניער און האט גערעדט נור אביסעל ענגליש. איך האב ניט געקענט זיך מיט איהם גוט צונויפרעדען און האב איהם געפרעגט:

— קען איך ניט זעהן קאַפּיטאַן ארמסטראנגס טאכטער?

— איהר קענט זיא אויך ניט זעהן.

— איז דאס קאפּיטאן ארמסטראנגס שיף? האב איך אויסגערופען אין ערצווייפלונג.

איך האב געמיינט, אז איך עפין מיך אויף אנאנדער שיף, וועלכע הייסט אויך „סאנקט העלענא", געהערט אבער ניט צו קאפּיטאן ארמסטראנג. מיין געשריי האט דערהערט דער קאָך, דער איינציגער מענש, וועלכער

האט געהערט גוט ענגליש. ער איז צו געקומען צו מיר און האט מיך געפרעגט וואס איך דארף און וועמען איך דארף.

— איך וויל זעהן קאפיטאן ארמסטראנג אדער זיין טאכטער.

— קאפיטאן ארמסטראנג איז מיט צוויא טאג צוריק קראנק געווארען.

— קראנק? האב איך איבערגעפרעגט מיט שרעק און שטוינען.

— ער האט בעקומען דאס געלע פיעבער און מען האט איהם גענומען אין האָספּיטאל, האט דער קאָך מיר ערקלערט. איהר ווייסט דאך געוויס, אז דאס געלע פיעבער איז אַנשטעקענד און איז זעהר געפעהרליך. ווען ער זאָל געווען קראנק ווערן אויפ'ן שיף, וואלט מען געווען דאס גאנצע שיף געהאלטען אין קאראנטין, אזוי וויא ער איז אבער קראנק געוואָרען, ווען ער איז געווען אין שטאדט, האט מען איהם באלד צוגענומען אין האָספּיטאַל פאר געפעהרליכע אַנשטעקענדע קראנקהייטען און דאס שיף איז פריי.

ווען דער בליץ זאל געווען טרעפען לעבען מיר, וואלט איך מיך אזוי ניט דערשראָקען, וויא יעצט, ווען ער האט מיר ארויסגעזאגט דאס וואָרט „געלע פיעבער". איך האב געוואוסט, וויא געפעהרליך דיעזע עכט אַמעריקאנישע קראנקהייט איז. זיא איז געפעהרליכער, וויא דיא כאָלערא און דיא פעסט. מען שטארבט פון איהר אין איינינע שטונדען. אין איינינע געגענדען, וואו דאס געלע פיבער קומט אפט פאָר, פערברענען דיא איינוואוינער דאס הויז, וואו עס איז געשטארבען א מענש פון געלען פיעבער.

יעצט האב איך אלעס פערשטאנען. קאפיטאן אַרמסטראָנג איז קראנק, זיין פרוי און זיין טאכטער געפינען זיך לעבען איהם. דאס שיף איז אהן א קאפיטאן, אהן א בעל הבית, יעדער טהוט, וואס ער וויל. דיא מאַטראָזען זיינען אראפגעגאנגען אין שטאדט לעבען א גוטען טאג. עס זיינען נור גע-בליעבען צוויא-דרייא, וועלכע שטעהן אויף דער וואַך. מען האט אומיסטען איבערגעלאזען אויפ'ן דעק שפאַנישע מאַטראָזען, ווייל דאס שיף געפינט זיך אין אשפאַנישער שטאָדט.

— וואו איז ערגעץ דאס האָספּיטאַל, וואו קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג גע-פינט זיך?

— דאס ווייס איך ניט, ווייל איך בין קיין היגער, האט דער קאָך געענטפערט.

— ווייס איינער אויפ'ן שיף, וואו דאס האָספּיטאל געפינט זיך?

— קיינער ווייס עס ניט, ווייל אלע זיינען פרעמדע.

איך האב מעהר ניט געהאט וואס צו טאהן אויפ'ן שיף. עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען און איך האב אנגעהויבען צו וויינען, וויא א קליין קינד. ערשט מיט איינינע מינוטען צוריק בין איך ארויפגעלאָפען אויף דיעזעס שיף אזוי פרעהליך, אזוי גליקליך, מיט אזוי פיעל האפנונגען און יעצט...

אָ! ווער ווייס, אויב דער גוטער, עדעלער קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג לעבט נאָך?

איך בין אראפּגעלאפען פון שיף, וויא א וואַהנזיננער און בין געלאפען אין דיא גאַסען פון האַוואַנאַ. ווען איך האב בעגעגענט, האב איך גע־פרעגט, וואו עס געפינט זיך דאס האָספּיטאל פאר קראנקע פון געלען פיעבער.

איך קען ניט געדענקען יעצט, אויב איך האב געפונען איינעם, ווער עס האט מיך צוגעפיהרט צום האָספּיטאל. איך געדענק ניט, וויא אזוי איך האב עס אויפגעזוכט; איך געדענק ניט, וואס עס האט זיך געטאָהן מיט מיר אין דיא גאַסען פון האַוואַנאַ, איך געדענק נור, אז איך בין צו געקומען צו א הויכער מויער, און וועלכער עס האט זיך געפונען א קליין טהירעל. איך האב אנגעקלונגען. אבריינער שפּאַניער מיט א שווארצער באָרד האט גע־עפענט דיא טהיר, האט ארויסגעשטעקט דעם קאפּ און האט געפרעגט, וואס איך דארף.

— קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג! האב איך אויסגערופען.

איך האב איהם געוואָלט פרעגען, וואס קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג מאכט, איך האב אבער ניט געקענט קיין וואָרט שפּאַניש. אַך! וויא איך האב דאמאלס בעדויערט, וואס איך האב ניט געלערנט קיין שפּאַניש.

דער ענגלענדער און זיין ברודער, דער אמעריקאנער, זיינען געוועהנליך זעהר שטאלץ מיט זייער שפּראכע און זאגען: לאז דער פרעמדער לערנען אונזער שפּראכע, מיר דארפען ניט קענען פרעמדע שפּראכען. דאס איז אבער א טעות. יעדער מענש, וועלכער פאהרט אויף דער וועלט, מוז קענען פרעמדע שפּראכען.

אין איינינע מינוט ארום האט זיך דאס טהירעל ווידער געעפענט און העלענאַ אַרמסטראָנג איז ארויסגעקומען. זיא איז געווען בלייך, אבגעמאַגערט, טרויעריג, ניעדערגעשלאגען, מיט רויטע, פערוויינטע און פערשוואָלענע אויגען. זיא איז געשטאנען פאר מיר דעם קאפּ אראפּגעלאזען, פערזארגט און פערטרויערט, וויא א בילד פון טרויער און שמערצען.

זיא האט מיך ניט דערקענט.

— העלענאַ! האב איך אויסגערופען.

זיא האט א ציטער געטאָהן און האט אויפגעהויבען דיא אויגען.

— דיק! ריטשאַרד! — דוא ביסט עס? וויא קומסט דוא אהער? האט זיא אויסגערופען און האט אנגעהויבען צו וויינען.

איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען און האב געוואָלט זיא ארום־נעהמען און זיא צופרעסען צו מיין ברוסט.

— ריהר מיך ניט אן, דיק! האט זיא געשריעען, דוא ווייסט דאך געוויס, פון וואס פאר אנארט איך קום.

איך האב געוואוסט, וויא געפעהרליך דיעזע קראנקהייט איז און וויא ליעב און טריי מיין העלענא איז מיר. איך האב געוואוסט גענוג אין דיעזע מינוט. אין דיעזע עטליכע ווערטער איז געליעגען אגאנצער מעער פון וואהרע ריינע הייליגע ליעבע.

— וואס מאכט דער פאטער, העלענא? האב איך געפרעגט

— ער איז קראנק.

— וואס זאגען דיא דאקטוירים? האבען זיי האפנונג?

— ביז אהער האבען איהם בעהאנדעלט שפאנישע דאקטוירים, האט העלענא ערקלערט, איך האב אבער ניט געוואלט מיך פערלאזען אויף זיי און האב געשריעבען צום ענגלישען גענעראל קאנסול, ער זאל מיר שיקען דעם דאקטאר פון ענגלישען קאנסולאט. איך ערווארט איהם יעדע מינוט. פון איהם וועל איך וויסען, וואס איך האב צו האפען און וואס צו ערווארטען.

איך האב געוואלט נאך עפעס רעדען מיט איהר, נאך עפעס אויספרעגען, זיא האט מיר אבער ניט געלאזען פיעל רעדען.

— איך מוז געהן צוריק צו מיין קראנקען פאטער, דיק, האט זיא געזאגט, קום אהער געגען זעקס אוהר פאר נאכט, וועל איך קענען מיט דיר מעהר רעדען.

— געה צו דיין קראנקען פאטער, ליעבע, גוטע העלענא! האב איך אויסגערופען, איך וויל דיך מעהר ניט אויפהאלטען.

זיא האט מיך געגריסט מיט'ן קאפ און איז פערשוואונדען געווארען אין קליינעם טהירעלע.

---

## 58-טעם קאפיטעל

## איך ווער קאפיטאן פון דער "סאנקט העלענא".

איך בין געבליעבען אליין אויף דער גאס לעבען דער הויכער מויער פון האספיטאל. איינינע מינוטען בין איך געשטאנען, וויא א צומישטער און האב ניט געוואוסט, וואס צו טאהן און וואוהין צו געהן.

עס איז געווען געגען איינס אוהר נאך מיטאג. ביז זעכס אוהר האב איך נאך געהאט גאנצע פינף שטונדען.

— וואס זאל איך טאהן אין דיעזע פינף לאנגע שטונדען פון אונגעוויסהייט, ערווארטונג און פערצווייפלונג? האב איך מיך געטראכט. וואוהין זאל איך געהן אין א פרעמדער, מיר גאנץ אונבעקאנטער שטאדט?

שטעהן אויף דער גאס אין דער ברענענדער היץ פון האוואנא איז אבער אויך געווען אונמעגליך. איך האב געמוזט אויסזוכען א רעסטאראן אדער א האטעל, וואו איך זאל קענען איבערזיצען דיזע לאנגע און שרעקליכע פינף שטונדען.

איך האב באלד געפונען, וואס איך האב געדארפט. איך האב געפונען א גאסטהויז, וואו איך האב גענומען א צימער. איך בין אריינגעגאנגען אין מיין צימעריל און בין אניעדערגעפאלען אויפ'ן בעט. איך בין געווען מיעד, מאט, אויפגערעגט און צו בראכען. איך האב היינט דורכגעלעבט זעהר פיעל.

דער מענש לעבט אמאל דורך אין איניגע שטונדען א גאנצעס לעבען. איינער ליידעט אמאל אין איניגע שטונדען מעהר, וויפיעל אנאנדערער האט דורכגעליטען אין זיעבעציג יאהר; איינער פיהלט אמאל דורך אין אשטונדע מעהר וויעפיעל אנ'אנדערער פיהלט דורך אין א לאנגעס לעבען.

איך בין געבליעבען ליעגען, וויא א צומישטער. טויזענדער געדאנקען, פינסטערע, טרויעריגע, שרעקליכע, אונרוהיגע געדאנקען זיינען מיר געקראכען אין קאפ. איך האב ניט געקענט דענקען, איך האב ניט געקענט טראכטען, איך האב ניט געקענט מיך איבערלעגען, איך האב ניט געקענט קלערן איבער מיין איצטיגער לאגע.

זאנדערבאר! אין דער צייט וואס איך האב געדארפט טראכטען פון זיך און פון העלענא; אין דער צייט ווען איך האב געדארפט קלערן, וואס עס וועט ווערן פון העלענא'ן, ווען איהר פאטער וועט שטארבען, זיינען מיר געקראכען אין קאפ בילדער און שאטענס פון מענשען און זאכען, וועלכע איך האב אין דיזע שטונדען געדארפט פערגעסען.

באלד האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איקמאלליק רופט מיך צו זיך; באלד האב איך געזעהן פאר מיר קאפיטאן האוק מיט'ן נעגער מארק אנטאנ'ן און באלד איז מיר פארגעקומען, אז סילאס פלינט רופט מיך אויף דער יאגד אין דיא וועלדער פון קאנאדא.

מיינע געדאנקען האבען זיך אזוי פערמישט, פערדרעהט און פערפלאנטערט, אז איך האב שוין גאר ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר און איך בין אנטשלאפען געווארען.

דאס איז געווען מיין גליק. דער שלאף האט מיך דערקוויקט און בערוהיגט. איך בין געשלאפען אפאר שטונדען און בין אויפגעשטאנען א גאנץ אנדערער מענש. איך האב גאנץ רוהיג געקענט נאכדענקען איבער מיין לאגע.

— צוערשט מוז איך וויסען, וויא עס שטעהט מיט קאפיטאן ארמסטראנג, האב איך געזאגט צו זיך אליין. איך קען דערוויל גאר ניט טאהן. איך מוז זיצען אין האטעל אוןווארטען, וואס עס וועט געשעהן.

איך בין געזעסען, וויא איף הייסע קוילען. ביי דער וויינער האט גע-
ווייזען א פיערטעל צו זעכס. דאן בין איך געלאפען צום האָספּיטאָל און האב
ווידער אנגעקלונגען. העלענאַ איז באלד ארויסגעקומען.

— וואס הערט זיך, ליעבע העלענאַ? וואס האט געזאגט דער דאקטאר
פונ'ם ענגלישען קאָנסולאַט?

— היינט ביי נאכט דארף זיין דיא קריזיס, האט העלענאַ ערקלערט,
דיא קראנקהייט דארף ברעכען און זיך ענטשיידען — אהער אדער....

זיא האט ניט געענדיגט איהרע רעדע. אַשטראָם טרעהרען האט זיך
א גאָס געטאהן פון איהרע אויגען.

עס האט מיר געשניטען דאס הערץ וויא מיט מעסערס, ווען איך האב
געזעהן מיין ליעבע, טהייערע העלענאַ וויינען; איך האב אבער ניט געקענט
העלפען. איך האב איהר זאָגאַר ניט געקענט טרייסטען, ווייל איך האב
זעהר גוט געוואוסט, אז זא לאנג דער ענגלישער דאקטאר האט איהר ניט
געגעבען קיין האפנונג, אז איהר פאטער וועט לעבען, שטעהט עס מיט
איהם זעהר שלעכט.

דאס ערגעטע פאר מיר איז געווען, וואס איך האב מיט איהר ניט
געקענט רעדען. איך האב ניט געקענט זיא אויספרעגען: וואו איז איהר
מוטער? ווער גיט אכטונג אויפ'ן שיף? וויא לאנג זיינען זיי שוין אין האַוואַנאַ?

— קום מארגען אין דער פריה, דיק, האט העלענאַ געבעטען און איז
צוריק געלאפען צו איהר פאטער.

איך האב געמוזט צוריק געהן אין מיין האָטעל און פערברענגען אלאנ-
וויליגע, טרויעריגע נאכט, אין וועלכער איך האב קיין אויג ניט צו געמאכט.

דיא גאסטהייזער אין האַוואַנאַ, וויא אין אלע הייסע לענדער, וואו
עס וואוינען שפאניער, זיינען זעהר שמוציג און פול מיט אלערליי קליינע
חיה'לעך, וועלכע פערביטערן דאס לעבען פון א מענשען, וועלכער איז ניט
געוואוינט צו זיי. עס איז מיר אפט פארגעקומען, אז אין איקבאַלליק'ס
פּאלאץ איז שוין געווען אנגענעהמער צו שלאפען, וויא אין האָטעל פון
האַוואַנאַ, וואו עס האט געקאכט פון פּלעה, וואַנצען און אנדערע גוטע זאכען,
וועלכע גאט האט בעשאפען פונ'ם מענשענ'ס וועגען.

איך האב דורכגעליטען איף ריעזע נאכט. דער מענש איז שטארקער
פון אייזען. איך האב אויסגעהאלטען דיא לאנגע, שרעקליכע נעכט אין
קאלטען גרענלאַנד און דיא קורצע, הייסע, שטיקענדע און דריקענדע נעכט
פון האַוואַנאַ און קען זאגען, אז איך האב געשלאפען פיעל געשמאַקער אין
דער שמוציגען שטיבעלע פון שנעע און אייז פון מיין פריינד איקמאַלליק אלס
אין האָטעל פון האַוואַנאַ.

דעם אנדער'ן טאג אין דער פריה בין איך געלאפען אין האָספּיטאל

געוואהר ווערן, וואס קאַפּיטאן אַרמסטראָנג מאכט. העלענאַ איז באַלד ארויס־געקומען. זיא איז היינט געוועזן נאך בלייכער און נאך מיעדער וויא נעכטען, אבער פיעל רוהיגער.

— דיא קראנקהייט האט געבראכען, האט זיא אויסגערופען פול פרייד. מיין פאטער וועט לעבען!

וויא גליקליך וואלט איך געוועזן, ווען איך זאל געוועזן קענען זיא ארום־נעהמען, אנריהרען איהר האנד, איהר א קוש טאהן! דאס איז אבער יעצט געוועזן אונמעגליך.

— העלענאַ, איהר מוזט זיך אויסרוהען, האב איך געזאגט, איהר מוזט שלאפען און עסען עפּעס, זאָנסט קענט איהר נאך קראנק ווערן.

— דער ענגלישער דאקטאר האט מיר צוגעזאגט צו קומען היינט אין דער פריה בעזוכען מיין פאטער. איך מוז הערן, וואס ער וועט מיר זאגען, דאן וועל איך קענען דענקען פון זיך.

— ווייס אייער פאטער, אז איך בין דא?

— וואס רעדסט דוא, דיק? מיין פאטער ווייס נאך דער וויל ניט, וואס עס טהוט זיך מיט איהם. איך ווייס נור אזוי פיעל, אז ער איז יעצט אביסעל רוהיגער און דער האָספּיטאל דאָקטאָר האט מיר געזאגט, אז דיא קריזיס איז פאָראיבער.

— ווער איז דערוויל דער אויפזעהר אויף דער „סאַנקט העלענאַ"? האב איך געפרעגט.

— קיינער ניט, האט העלענאַ געענטפערט, מיין פאטער איז פּלוצלונג קראנק געווארען און האט קיין צייט געהאט צו בעזאָרגען זיין שיף. איך האב ניט געקענט אפטרעטען פון איהם און האב ניט געקענט דענקען פון אונזער שיף.

— קענסט דוא מיר ניט געבען א צעטעלע, אז איך זאל דער וויל אכטונג געבען אויפ'ן שיף?

— דוא האסט רעכט, דיק! האט העלענאַ אויסגערופען פול פרייד. דוא ביסט דער איינציגער מענש, וועמען איך קען אלעס פערטרויען.

לאנג רעדען מיט איהר האב איך נאך היינט אויך ניט געקענט. זיא איז צוריק געגאנגען אין האָספּיטאל, האט אנגעשריעבען א בריעף, אז איך בין דער ערשטער אָפיציער און דער פערוואלטער פון דער „סאַנקט העלענאַ" און האט מיר געבראכט דיא שליסעל פון איהר פאטערס קאַיוטע.

איך האב אבגענומען מיינע זאכען פון שיף, אויף וועלכען איך בין געקומען, און האב זיי געבראכט אויף דער „סאַנקט העלענאַ". דאן האב איך צונויפגערופען אלע מאטראָזען און האב זיי געוויעזען העלענא'ס בריעף, און וועלכען זיא בעט זיי, אז זיי זאלען מיר פאלגען און טאהן אלעס, וואס איך

וועל זיי הייסען.

איך האב דערזעהן מיט שטוינען, אז פון דיא אלטע מאטראזען, וועלכע קאפיטאן אַרמסטראָנג האט מיטגעבראכט פון ענגלאנד, זיינען געבליעבען נור דריי, דיא איבעריגע זיינען געוועזן שפאניער אדער פאָרטוגעזען פון בראַזיליען. אָנפאנגס האט עס מיך זעהר געוואונדערט, שפעטער בין איך געוואָהר געווארען, אז קאַפיטאן אַרמסטראָנג האט געפונען גאנץ קאָנוועני־רענדע בעשעפטיגונג אין אמעריקא און האט ניט געוואלט צוריקפאהרען אזוי גיך קיין ענגלאנד. דיא אלטע מאַטראָזען, וועלכע האבען געהאט פרויען און קינדער אין ענגלאנד, האבען ניט געוואלט בלייבען אויף א שיף, וועלכעס פאהרט ארום נור אין אמעריקאנישע וואסערן.

ווען זייער קאָנטראקט האט זיך געענדיגט, זיינען זיי אוועקגעפאהרען אהיים. קאַפיטאן אַרמסטראָנג איז געווען געצוואונגען צו זוכען נייע מאַטראָזען און ער האט אויפגענומען שפאניער און בראַזיליאַנער. זיין ערשטער און צווייטער אָפיציער האבען איהם אויך אוועקגעווארפען און זיינען זיך אוועק געפאהרען קיין ענגלאנד.

קאַפיטאן אַרמסטראָנג האט געמוזט צונעהמען אנדערע אָפיציערן. אזוי זייא העלענאַ האט זעהר גוט פערשטאנען צו רעגירען א שיף און האט צו יעדער צייט געקענט טאהן דיא ארבייטען פון א צווייטען און זאָגאר פון אַן ערשטען אָפיציער, האט קאפיטאן אַרמסטראָנג אויפגענומען נור איין פעהיגען מענשען אלס געהילפע, אדער ערשטער אָפיציער, און העלענאַ האט געהאלפען איהר פאטער, וויא וויט זיא האט געקענט.

דער ערשטער אָפיציער, וועלכען קאפיטאן אַרמסטראָנג האט אויפ־גענומען, איז געווען א בראזיליאַנער מיט'ן נאמען אלוואַרעז. ער איז ניט געווען אויפ'ן שיף דאס ערשטע מאל, ווען איך בין געקומען זוכען קאפיטאן אַרמסטראָנג, און ניט דאס צווייטע מאל, ווען איך בין געקומען מיט העלענא'ס בריעף.

דאס האט מיך אביסעל געוואונדערט. איך האב פערשטאנען, אז ווען דער שיפסקאפיטאן איז קראנק, דארף זיך דער ערשטער אָפיציער, דער קאָמאנדיר פונ'ם שיף, בעשטענדיג געפינען אויפ'ן שיף. אזוי וויא ער איז אבער ניט געווען אויפ'ן שיף, האב איך באלד איבערגענומען דאס קאמאנדא און האב געהייסען דיא מאטראזען טאהן אלעס, וואס איך האב דערוויילגעפונען פאר נעטהיג.

ערשט שפעט פאר נאכט איז דאָם אַלוואַרעז, וויא ער האט געהייסען זיך רופען, אנגעקומען אויפ'ן שיף און איז געוואהר געווארען, אז העלענאַ האט צוגעשיקט אן ענגלענדער אלס ערשטען אָפיציער און קאמאנדיר פונ'ם שיף, ביז איהר פאטער וועט געזונד ווערן.

ער איז באלד געקומען צו מיר, און האט זיך פאָרגעשטעלט, מיט אלאנגען פּאָרטוגיעזישען נאמען, פון וועלכען איך האב געקענט געדענקען נור דיא צווייא: דאָם אַלוואַרעז.

איך מוז דערביי בעמערקען, אז דאס ווארט „דאָם" אין דער פּאָרטוגיעזישער שפּראכע, איז דאס זעלבע, וואס דאס ווארט „דאָן" אין דער שפּאנישער שפּראכע. דאס איז א טיטול, וועלכען עס האבען נור עדעל לייט. עס איז דאס זעלבע, וויא דאס ווארט „פאָן" אין דייטשלאנד. ווער עס האט דיעזען טיטול, דער איז א באַראָן.

אַלוואַרעז האט זיך פאָרגעשטעלט מיט'ן טיטול „דאָם", אום איך זאל וויסען, אז ער איז קיין איינפאכער מאַטראז, ער איז קיין פּראָסטער מענש, ער איז אַן עדעל מאַן, א „דאָם".

איך האב מיך צוגעקוקט צום ערשטען אָפיציער פון דער „סאַנקט העלענאַ". מיך האט זעהר ווענינ געקימערט, אויב ער האט דעם טיטול „דאָם" אדער ניט. איך האב געוואלט קענען דעם מענשען.

דאס איז געוועזען א מענש פון א יאהר פינף און דרייסיג-פיערציג, מיט א דונקעל ברוינע געזיכט, וויא אלע בראַזיליאַנער. ער איז געוועזען ניעדעריג, אבער שטארק געבויט, מיט שווארצע געקרייזעלטע האָר, און מיט א פּאָר פייעריגע אויגען, וועלכע האבען דורכגעשטאכען דעם מענשען, אויף וועלכען זיי האבען געקוקט.

ער האט גערעדט זעהר גוט ענגליש, פראנצייזיש, איטאַליעניש, און איינינע אנדערע שפּראכען. איך האב איהם איינגעלאַדען צו מיר אין קאַיוטע, און האב איהם געבעטען עסען מיט מיר צוזאמען. איך האב געוואלט מיך בעקענען מיט דיעזען מענשען. ער איז געוועזען העפליך, פריינדליך, און וויא וועניג ער האט מיך געקענט, האט ער מיר אין דער ערשטער שטונדע פון אונזער בעקאנטשאפט געזאגט אזוי פיעל קאָמפּלימעטען, און האט מיך אזוי געחנ'פעט, אז עס האט מיך געעקעלט.

דאס איז מיר שטארק ניט געפעלען. פון צופיעל צוקער פערדאַרבט מען זיך דעם מאָגען. אַלוואַרעז רעד זיינען געוועזען אזוי זיס, אז עס איז מיר שלעכט געווארען. אַנ'אנדער האראַקטער צוג איז מיר אין איהם ניט געפעלען, — ער האט שטענדיג זיך געלויבט, און האט זיך פאָרגעשטעלט אלס דער בעסטער שיפסקאַפּיטאן אין דער וועלט.

ווען אמענש לויבט זיך צו פיעל, איז עס דער בעסטער בעווייז, אז ער האט אזוי פיעל פעהלער, אז ער מוז זיי פערגלעטען, ער מוז זיי פערשמיערן, ער מוז זיי אָפּלאַקירען, אז דער פרעמדער זאל זיי ניט זעהן.

דאס האט מיר א מאל געזאגט מיין פאטער. און איך האב מיך שפּעטער איבערצייגט, אז ער האט רעכט געהאט. יעדעס מאל ווען איך בין מיך צונויפ-

געקומען מיט א מענשען, וועלכער האט זיך צופיעל געריהמט, האב איך שפעטער ארויסגעזעהן, אז ער איז א טויגעניכטס.

דאם אלווארעז איז מיר אויך שטארק ניט געפעלען, איך האב עס אבער ניט ארויסגעוויזען, און האב מיך מיט איהם אונטערהאלטען גאנץ פריינדליך גלייך וויא מיר וואלטען געוועזען גוטע אלטע בעקאנטע. פון איהם בין איך געוואהר געווארען, אז דיא „סאנקט העלענא“ איז אנגעלאדען מיט אלערליי טהייערע סחורות, און געהט קיין בוענאס איירעס, דיא הויפט שטאדט פון ארגענטיניען. זיא האט געדארפט ארויסגעהן פון פארט דעם אנדערן טאג אין דערפריה, ווען קאפיטאן ארמסטראנג איז פלוצלונג קראנק געווארען.

אלווארעז האט מיר ווייטער דערצעהלט, אז מיט יעדען טאג, וואס דיא „סאנקט העלענא“ בלייבט שטעהן אין האוואנא, פערליערט קאפיטאן ארמסטראנג פיעל געלד. ער האט מיר געמאכט א רעכנונג וויפיעל געלד עס קאסט קאפיטאן ארמסטראנג א טאג שטעהן אין האוואנא.

— אויסער דעם, ווערט דער פראוויאנט פערדארבען, האט אלווארעז ווייטער ערקלעהרט, און ווען דיא „סאנקט העלענא“ וועט מוזען בלייבען אין האוואנא נאך אכט-צעהן טאג, וועט מען מוזען קויפען פרישען פראוויאנט.

דאס איז ביי מיר געוועזען א נייעס. איך האב ניט געוואוסט, אז דיא „סאנקט העלענא“ איז פול אנגעלאדען. העלענא איז געוועזען אזוי טרויעריג און אזוי ניעדערגעשלאגען, אז זיא האט מיט מיר ניט געקענט רעדען פון געשעפטען. קאפיטאן ארמסטראנג איז אזוי פלוצלונג קראנק געווארען, אז ער האט ניט געקענט פערזארגען זיינע געשעפטען, און ווען זיין קראנקהייט זאל זיך פערשלעפען וואכען לאנג, וויא עס מאכט זיך אמאל, קען ער רואינירט ווערן.

אלווארעז האט זיך געגעבען אלע מיה מיך אויסצופארשען, ווער איך בין, און וויא עס קומט, וואס העלענא האט מיר איבערגעגעבען דאס קאמאנדא פון'ם שיף. אזוי וויא ער איז איהר ניט געפעלען, האב איך איהם געענטפערט קורץ און שארף.

— איך בין אן אנפערוואנדטער (קרוב) פון קאפיטאן ארמסטראנג, און קום פון אמעריקא.

איך האב געוואלט איהם דערצעהלען, אז העלענא איז מיר טהייער אויף א גאנץ אנדערער אורזאכע, און אז קאפיטאן ארמסטראנג וויים גאר ניט, אז איך בין דא. קיים איז מיר דער מענש ניט געפעלען, האב איך מיר צוגעקנעפעלט, און האב מיט איהם זעהר ווייניג גערעדט איבער זיך.

מיר האבען גערעדט פון'ם שיף. אלווארעז האט געפונען, אז דיא „סאנקט העלענא“ איז א שטארקעס שיף, וועלכעס קען אויסהאלטען דעם שווערסטען שטורם, און האט זיך געוואונדערט, פאר וואס קאפיטאן ארמסטראנג פערדינגט זיין שיף צו פרעמדע מענשען, ער וואלט דאך פיעל גלייבער געטאהן,

ער זאל אנהייבען צו מאכען געשעפטען אויף אייגענער רעכנונג.

— וואס פאר געשעפטען קען ער דען מאכען? האב איך געפרעגט.

— ער קען קויפען טאבאק, ציגאררען, קאפע, צוקער און אנדערע וואארען, און זיי פיהרען קיין לאנדאן, קיין מארסייל, קיין האמבורג, און פערדיענען דערביי פיעל געלד.

— מעגליך, אז קאפיטאן ארמסטראנג האט ניט אזויפיעל געלד צו קויפען דיא לאדונג פון א גאנצעס שיף, האב איך בעמערקט.

— מען קען קויפען וואארע אויף קרעדיט, האט אלווארעז געזאגט.

— עס איז דאך אבער א ריזיקא! וואס טהוט מען, ווען עס פאלען דיא פרייזען, און מען מוז גאר צו לעגען געלד?

— מען קען געפינען געשעפטען, ביי וועלכע מען רעזיקירט זעהר וועניג, און מען פערדיענט זעהר פיעל, האט אלווארעז געזאגט נאכלעסיג.

— וואס פאר געשעפטען קענען עס זיין? האב איך געפרעגט נייגיעריג.

— ווייסט איהר דען ניט, אז אין גאנץ אמעריקא דארף מען האבען שקלאפען? ווייסט איהר דען ניט, אז דיא נעגער אין אפריקא קאסטען זעהר ביללינ, און אין אמעריקא איז אגוטער שטארקער נעגער ווערטה ביז טויזענד דאללאר?

— אבער קאפיטאן ארמסטראנג וויל ניט זיין קיין שקלאפענהענדלער! האב איך אויסגערופען.

— פאר וואס ניט? יעדער האנדעל איז געגרינדעט אויף שווינדעל, האט אלווארעז געענטפערט, פאר וואס זאל דער שקלאפענהאנדעל זיין ערגער פון אנ'אנדער האנדעל? מען פערדיענט דער ביי געלד, און דאס איז אלעס, וואס מען דאַרף.

מיר איז זעהר ניט געפעלען, וואס אלווארעז דענקט אזוי פון שקלאפען האנדעל. עס איז געווען דייטליך, אז ווען דיא „סאנקט העלענא" זאל געהערן צו איהם, וואלט ער זיך ניט בעשעפטיגט מיט טראנספארטירען וואארע פון איין פארט צום אנדערן, ער וואלט ניט געווען קיין בעל עגלה, ער וואלט געווארען א שקלאפען הענדלער.

איך האב זעהר אפט געהערט פון דעם שרעקליכען, אבשייליכען און אונמענשליכען שקלאפען האנדעל, ווען איך בין נאך געווען אין דערהיים, פלעג איך אפט הערן און לעזען אין דיא צייטונגען, וויא שרעקליך, וויא אונמענשליך דיא שקלאפען הענדלער בעהאנדלען דיא אונגליקליכע נעגער. דיא צייטונגען אין ענגלאנד האבען געשריען: געוואלד! און האבען אויפגעפאדערט דיא ענגלישע רעגירונג, זיא זאל זעהן איינהאלטען דעם שקלאפען האנדעל, און דיא רעגירונג האט ארויסגעשיקט קריעגס שיפען וועלכע זאלען ניט דערלאזען ארויס-פיהרען קיין נעגער פון אפריקא, זאלען האפען יעדעס שקלאפען שיף און זאלען

ברענגען דעם שיפסקאפיטאן און דיא מאטראזען קיין ענגלאנד אלס געפאנגענע.
איך האב אן דעם אלעמען פערגעסן, אין דער צייט וואס איך בין ארויס־געפאהרען אויפ'ן מעער. אלווארעז האט מיך דערמאנט אן דעם שקלאפענ־האנדעל. ווען איך זאל ניט געוועזן קומען פון גרענלאנד, וואלט איך פיעלייכט געוועזן דערקענט בעסער דעם חאראקטער פון דעם מענשען, וועלכער האט גערעדט מיט מיר. איך בין אבער געקומען פון גרענלאנד, וואו איקמאלליק איז געוועזן מיין וואהרער טרייער פריינד; אנדריו טהאמפסאן און מיינע איבעריגע קאמעראדען זיינען געוועזן גוטע, עהרליכע מענשען, און זאגאר סילאס פלינט, איז געוועזן א גוטער, עהרליכער מאן. איך האב אלזא געהאט צוטרויען צו מענשען.
אלווארעז איז אבער געוועזן א גאנץ אנדערער מענש. וויא ער איז מיר ניט געפעלען, האב איך נאך אלץ געהאט צוטרויען צו איהם וויא צו אמענשען, און דיעזעס צוטרויען האט מיר געקאסט זעהר טהייער.

---

## 59-טעס קאפיטעל.

## איך פאהר קיין בוענאס איירעס

פאר נאכט בין איך וויעדער געגאנגען אין האספיטאל, און בין געוועזן השכבה גליקליך, וואס איך האב געפונען העלענא'ן פיעל רוהיגער און פיעל פרעהליכער. קאפיטאן ארמסטראנגס קראנקהייט האט ווירקליך געבראכען, ער איז אבער נאך געוועזן אזוי שוואך, אז דיא דאקטורים האבען שטרענג אנגעזאגט, אז מען זאל צו איהם קיינעם ניט צולאזען.
דאס געלבע פיעבער איז א זאנדערבארע קראנקהייט. זעהר אפט שטארבט דער קראנקער אין איניגע שטונדען. עס מאכט זיך אבער ניט זעלטען, אז דער קראנקער האלט אוים דיא קראנקהייט, דאן אבער ווערט ער ניט געזונד מיט א מאל, וויא נאך אנ'אנדער קראנקהייט, זאנד'ערן עס פערגעהן א מאל דרייא, פיער, און זאגאר זעקס מאנאטע, ביז ער ווערט פאלקאמען געזונד.
זעהר אפט מוז אזא קראנקער ארויספאהרען אין אנ'אנדער געגענד, וואו דיא לופט איז פרישער און געזונדער. אזא קראנקען מוז מען זעהר אפהיטען, מען מוז ארומגעהן ארום איהם, וויא ארום א קינד.
דיעזער פאל האט יעצט פאסירט מיט קאפיטאן ארמסטראנג. זיין שטארקער קערפער האט אויסגעהאלטען דיא קראנקהייט, ער איז נאך אבער געוועזן אזוי שוואך, אז דיא דאקטורים האבען קיינעם ניט צוגעלאזען צו איהם.
איך האב אבער געקענט רעדען מיט העלענא, און זיא האט מיר דער־צעהלט, אז איהר מוטער איז געשטארבען מיט א יאהר צוריק. איהר פאטער

האט געמאכט אין אמעריקא אזעלכע גוטע געשעפטען, אז ער האט גערעכענט צו פערבלייבען אין אמעריקא נאך צוויא-דרייא יאהר, ביז ער וועט זיך צונויפ-לעגען א קאפיטאל, פון וועלכען ער וועט קענען לעבען אין ענגלאנד. דאן וועט ער פערקויפען זיין שיף און וועט זיך בזעצען אין ענגלאנד, וואו ער וועט פערלעבען רוהיג זיינע עלטערע יאהרען.

דאס געלבע פיעבער האט צערשטערט אלע זיינע פלענער. עס איז אבער יעצט אונמעגליך געווען צו רעדען מיט איהם פון געשעפטען. איך האב זאגאר מיט העלענא'ן ניט געוואלט רעדען פון איהר שיף, און פון דעם וואס אלווארעז האט מיר דערצעהלט וועגען דעם גרויסען שאדען, וועלכען קאפיטאן ארמסטראנג ליידעט יעדען טאג, וואס זיין שיף בלייבט שטעהן אין האוואנא.

אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע טעג. קאפיטאן ארמסטראנג איז ארויס פון געפאהר, דיא דאקטורים אבער האבען איהם געהייסען ארויספאהרען פון האיואנא, וואו דאס קלימא איז זעהר שלעכט, און פאהרען אין דיא בערג. פון געהן אויף זיין שיף און פאהרען קיין בוענאס איירעס האט קיין רעדע ניט געקענט זיין. דאס וואלט געוועזן זיין טויט.

אויפ'ן אכטען טאג נאך מיין אנקומען קיין האוואנא, איז קאפיטאן ארמסטראנג געווען אזוי ווייט געזונד, אז מען האט איהם איבערגעטראגען פון'ם האספיטאל אין א האטעל. געהן האט ער נאך ניט געקענט.

העלענא איז געווען גליקליך, וואס ער האט געקענט זיצען א פאר שטונ-דען אין טאג, און האט געקענט עסען, וואס דיא דאקטורים האבען איהם געהייסען גיבען.

ער האט זעהר געבעטען, מען זאל איהם ברענגען אויף זיין שיף, דאס האט אבער דער ענגלישער דאקטאר ניט ערלויבט. העלענא האט געפרעגט דעם דאקטאר, אויב איהר פאטער מעג זעהן א גוטען פריינד, וועלכען ער האט שוין לאנג ניט געזעהן, און דער דאקטאר האט עס ענדליך ערלויבט.

איך האב געזעהן קאפיטאן ארמסטראנג אין האטעל, וואוהין מען האט איהם איבערגעטראגען פון האספיטאל. איך האב איהם ניט דערקענט. דאס געלבע פיעבער האט אין איניגע שטונדען צובראכען דיזען שטארקען, קרעפטיגען מאן.

ער איז נאך אין גאנצען געווען געל, גלייך וויא מען וואלט איהם אפ-געפארבט מיט זאפרען עסענץ, זיין שטימע איז געווען שוואך און הייזעריק. זיינע פיס זיינען געווען וויא געלעהמט. ער האט מיט זיי ניט געקענט ריהרען. מיט דיא הענד האט ער גערירט, זיי זיינען נאך אבער געווען אזוי שוואך, אז ער האט נאך ניט געקענט צוטראגען א לעפעל צום מויל. העלענא האט גע-מוזט איהם פיטערן, וויא מען פיטערט א קליין קינד.

זיין פערשטאנד אבער האט ווייניג געליטען. ער האט זעהר גוט געקענט

זיין לאַגע, און האט זעהר גוט געוואוסט, וויא לאנג דיעזע קראנקהייט וועט דויערן, און וואס מען דארף טאהן אום פאָלקאמען געזונד צו ווערן.

ער איז געוועזען פול פרייד, ווען ער האט דערהערט, אז איך בין געקומען קיין האַוואַנא, און האט געבעטען, מען זאל מיך ברענגען צו איהם. אזוי וויא דיא געפאהר, אז דיא קראנקהייט זאל איבערגעהן אויף אַנ׳אנדער מענשען, איז שוין פאָראיבערגעגאנגען, האט מיך העלענא ארייגעפיהרט צו איהם. ער האט מיך ארומגענומען, גלייך וויא איך וואלט געוועזען זיין איינציגער זאהן, האט מיך געקושט און האט געוויינט.

דאס זיינען אבער געוועזען טרעהרן פון פרייד און גליק, וועלכע האבען זעהר גוט געווירקט אויף איהם; ער איז געווארען לעבעדיגער, פרעהליכער און האט מיך ניט אפגעלאזען פון זיך. איך האב געמוזט איהם דערצעהלען אלעס, וואס עס האט פאַסירט מיט מיר, זייט מיר האבען זיך צושיידט אין טשארלסטאן, ביז איך בין געקומען קיין האַוואַנא.

איך האב איהם אלעס דערצעהלט פריי און אפענהערציג, און האב מיך גאר ניט געשעהמט איהם צו זאגען, וויא טהייער און וויא ליעב העלענא איז מיר געווארען. ער האט מיר געגלויבט, דער גוטער מענש, און איך האב געלעזען אין זיין געזיכט, אז ער איז דערמיט צופריעדען. העלענא האט איהם דערצעהלט, אז זיא האט מיר איבערגעגיבען דאס קאמאנדא איבער זיין שיף, ביז ער וועט געזונד ווערן, און ער האט אויסגערופען פול פרייד:

— קיין בעסערן מענשען, וועמען צו פערטרויען מיין שיף, האב איך ניט געקענט געפינען.

אזוי וויא ער איז נאך געוועזען זעהר שוואַך, האב איך ניט געקענט רעדען מיט איהם אגאנצען טאג. איך בין געזעסען לעבען איהם א פאר שטונדען, דאן האב איך מיט העלענאַ׳ן איהם געלעגט שלאפען, און מירביידע זיינען געזעסען לעבען איהם, און האבען געוואכט איבער איהם.

איך האב געבעטען העלענאַ׳ן, זיא זאל לאזען מיך אליין לעבען איהר קראנקען פאטער, און זיא זאל זיך בעסער אויסרוהען, זיא האט אבער דערפון ניט געוואלט וויסען. אזוי וויא זיא האט צוגענומען א קראנקען ווערטערין, האט זיא געהאט צייט זיך אויסצורוהען און אויסצושלאפען.

עס זיינען אזוי פערגאנגען ווידער צוויא טעג, אין וועלכע איך האב מיך אויסגערעדט מיט קאַפּיטאן אַרמסטראָנג און מיט זיין געליעבטער העלענאַ. וויא גליקליך בין איך געוועזען אין דיעזע צוויא טעג! איך האב גערדאנקט גאט, וואס עס האט זיך אזוי געמאכט, וואס איך האב געקענט זיצען לעבען מיין געליעבטער, האלטען איהרע הענט אין מיינע, רעדען מיט איהר, און פון צייט צו צייט איהר א קוש טאהן.

מיר האבען ניט גערארפט ערקלערן, אז מיר ליעבען זיך. יעדער פון אונז

האט געוואוסט, אז פון דער ערשטער מינוט, וואס מיר האבען זיך דערזעהן, האבען מיר געהערט איינער דעם אנדערן.

אויפ'ן דריטען טאג האט קאַפּיטאַן אַרמסטראָנג געבעטען, מיר זאלען איהם אויפזעצען אויף זיין בעט, ווייל ער האט מיט אונז עפּעס צו רעדען.

מיר האבען איהם אויפגעזעצט, צורעכט געמאכט זיין געלעגער און האבען זיך געזעצט לעבען איהם.

— קינדער, איך זעה, אז איהר ליעבט איינער דעם אנדערן, האט ער געזאגט, איך האב עס שוין לאנג געזעהן און לאנג געוואוסט דערפון. איך האב עס אָנפאנגס ניט געוואלט, ווייל איך האב דיך ווייניג געקענט, דיק. וואס העלפט אבער דער ווילען פון א פאטער? וואס קען מאכען דער וואונש פון עלטערן געגען דער ליעבע? — איך זעה יעצט, אז איהר ליעבט אייך עהרליך, טריי און הייליג. איך וויל ניט זיין דאגעגען. — זייט גליקליך, קינדער!

איך און העלענאַ האבען אנגעבויגען דעם קאפּ אויף זיין שויס. ער האט אונז צו געפּרעסט צו זיין הארץ' און האט ארויפגעלעגט זיינע שוואַכע, ציטערענדע הענד אויף אונזערע קעפּ.

— זייט גליקליך, קינדער! האט ער געזאגט נאך אמאל. זייט גליקליך, עהרליך און געטריי איינער דעם אנדערן, וויא איהר זייט געוועזען ביז אהער.

מיר האבען איהם ארומגענומען און האבען געשווארען, אז מיר וועלען זיך ליעבען און וועלען טאהן אלעס, וואס מיר וועלען קענען אום צו פערזיסען זיינע עלטערע יאהרען.

ווען מיר האבען זיך אביסעל בערוהיגט, האט ער געזאגט:

— יעצט קען איך רעדען מיט אייך פון געשעפטען.

דאס האב איך ערווארטעט. איך האב אליין געוואלט רעדען מיט איהם פון געשעפטען.

— מיין שיף איז אָנגעלאָדען מיט וואַארע, וועלכע איז בעשטימט פאר בוענאָס אַיירעס, דיא הויפּט שטאדט פון ארגענטיניען, האט ער געזאגט. איך האב אפּגעשלאסען א קאנטראַקט מיט דיא פערלאַדער און איך מוז איהם האלטען. איך בין יעצט קראנק און דיא דאָקטוירים ראטהען מיר איך זאל ארויספאָהרען אין דיא בערג, וואו דיא לופט איז ריין און געזונד. אין דעם צושטאנד, וואס איך געפין מיך יעצט, קען איך אליין ניט פאָהרען. איך מוז האבען מיט מיר א מענשען, וועך עס זאל ארומגעהן ארום מיר.

— פאטער! איך וועל דיך ניט פערלאזען! האט העלענא אויסגערופען, איך וועל פאָהרען מיט דיר, איך וועל ארומגעהן ארום דיר, איך וועל דיך אָפּהיטען, ביז דוא וועסט ווערן פאָלקאָמען געזונד.

— דאס האב איך געוואוסט, ליעבע טאָכטער, האט קאַפּיטאַן ארמ־שטראנג געענטפערט.

— איך וואלט אויך געפאהרען מיט אייך, האב איך בעמערקט.

— דאס ווייס איך אויך, האט קאפּיטאַן אַ־מסטראָנג געזאגט, — דאס איז דער וויכטיגסטער פונקט, איבער וועלכען איך וויל מיט אייך רעדען. — זיא „סאנקט העלענא" האט געדארפט ארויספאָהרען מיט פינפצעהן טאָג צוריק. איך בין אבער קראנק געווארען און האב ניט געקענט דענקען פון ארויס־פאָהרען. איך פערליער יעדען טאָג געלד. איך מוז צו שטעלען דיא וואארען, וועלכע מען האט מיר פערטרויט, אויף דעם פלאַץ, וואו איך האב מיך פער־בונדען מיט א קאָנטראקט זיא צו צושטעלען.

— איך ווייס אלעס, האב איך בעמערקט, ליעטענאַט אלווארעז האט מיר אלעס ערקלערט.

— ווען דוא ווייסט אלעס, דיק, דאן דארף איך דיר ניט דערצעהלען, אז מיינע ענגלישע מאַטראָזען און אפיציערן, וועלכע האבען פרויען און קינדער אין ענגלאנד, האבען מיך פערלאזען און זיינען אוועקגעפאָהרען א היים. איך האב געמוזט צונעהמען נייע מענשען, מייסטענס שפאניער, פּאָרטוגיעזען פון בראזיליען און איניגע אמעריקאנער. איך האב צו זיי קיין גרויסעם צוטרויען. איך קען זיי זעהר ווענינ און ווייס ניט, ווער זיי זיינען פריהער געוועזן און וואס זיי זיינען פריהער געוועזן.

— האבען זיי דען אייך ניט געבראכט קיין רעקאָמענדאַציאָנס בריעף, ווען איהר האט זיי אויפגענומען? האב איך געפרעגט.

— געוויס, ליעבער דיק! דוא קענסט אבער נאך ניט דיא אמעריקאנער, בעזאָנדערס דיא שפּאַניער אין אמעריקא. וואס פאר א ווערטה האט אין אמעריקא רעקאָמענדאַציאָנס בריעף, ווען א וואָרט איז קיין וואָרט ניט און א שוואור (א שבועה) איז קיין שוואור ניט. דער שפּאַניער אין אמעריקא גיט רעקאָמענדאַציאָנס בריעף און נעהמט רעקאָמענדאַציאָנס בריעף, ווען ער דארף. דער ערגסטער מענש קען בעקומען דיא בעסטע רעקאָמענדאַציאָנס בריעף.

איך האב איהם אנגעקוקט מיט שטוינען. איך האב נאך ווירקליך ניט געקענט אמעריקא און האב ניט געוואוסט, אז אלעס, וואס איז אין אייראפּא טהייער און הייליג, האט אין אמעריקא קיין ווערטה.

— זא לאנג איך בין געווען געזונד און האב אליין געקענט קאָמאַנדירען דיא „סאנקט העלענא", האט מיך ווענינ געהארט, ווער מיינע מאַטראָזען זיינען. איך האב געהאנדעלט געגען זיי עהרליך און האב זיי ערלויבט אוועק־צוגעהן, ווען עס איז זיי ניט געפעלען ביי מיר. יעצט אבער מוז איך אוועקשיקען מיין שיף אונטער דאס קאָמאנדא פון פרעמדע מענשען. ווילסט דוא נעהמען

אויף זיך דיא שווערע פעראנטווארטליכקייט צו פיהרען דיא „סאנקט העלענא" קיין בוענאָס-אַיירעס ?

— איך וויל עס טאהן מיט פערגניגען, האב איך געענטפערט, איך בין אבער קיין מאל ניט געווען אין יענע וואסערן. איך בין נאך אויך ניט פעהיג צו פיהרען א שיף.

— דאס וויים איך, האט קאפיטאן ארמסטראנג געזאגט, איך האב אבער אויפ'ן שיף א בראזיליאנער מיט'ן נאמען אלווארעז. ער איז א גוטער מאַטראָז און איז גאנץ גוט בעקאנט מיט דיעזע געגענדען. ער וועט פיהרען דאס שיף אונטער דיין קאמאנדא. ער וועט בלייבען ערשטער אפיציער און וועט פיהרען דאס שיף, דוא וועסט הייסען דער שיפסקאפיטאן, ריכטיגער געזאגט, דער אייגענטהימער פון'ם שיף. איך וועל ערקלערן אלווארעז און אלע מאַטראָזען, אז דוא ביסט דער בריטיגאַם פון מיין טאָכטער און דיא סאנקט העלענא" געהערט דיר. זיי וועלען דאן האבען רעספעקט פאר דיר און וועלען פאָלגען אלעס, וואס דוא וועסט זיי הייסען.

— איך וועל עס טאהן מיט פערגניגען.

— דיא רייזע קיין בוענאָס אַיירעס און צוריק דארף דויערן דריא ביז פיער מאָנאַט, האט קאַפיטאן ארמסטראנג ווייטער געזאגט, אין דיעזע צייט האָף איך צו זיין פאָלקאָמען געזונד. ווען דוא וועסט צוריק קומען, וועט זיין דיא האָכצייט, דוא וועסט הייראטהען העלענא'ן און מיר וועלען דאן זעהן, וואס מיר האבען ווייטער צו טאהן. מיר וועלען ווייטער ארבייטען אין אמע-ריקא, אדער מיר וועלען פאהרען צוריק קיין ענגלאנד.

עס איז מיר געווען זעהר שווער אזוי גיך צו שיידען זיך פון מיינע גע-ליעבטע, מיט וועלכער איך האב נאך קיין צייט געהאט זיך דורכצורעדען, איך האב אבער געמוזט פאָהרען קיין בוענאָס איירעס.

קאפיטאן ארמסטראנג האט געשיקט רופען אַלוואַרעז מיט דיא איבעריגע מאַטראָזען, האט זיי ערקלערט, ווער איך בין און אין וואס פאר בעציהונגען איך שטעה צו זיין פאמיליע און האט זיי געזאגט, אז איך נעהם איבער דאס קאמאנדא, איבער דיא „סאנקט העלענא" און מארגען אין דער פריה וועלען מיר ארויספאָהרען קיין בוענאָס אַיירעס.

אַלוואַרעז איז געווארען פול פרייד, וואס מיר פאָהרען ענדליך ארויס און האט אויסגערופען:

— איך זאג איך צו, קאפיטאן ארמסטראנג, אז איך וועל אָפּהיטען אייער שיף, גלייך וויא ווען איהר וואלט אליין געווען אויפ'ן דעק. אין דרייאן מאָנאַטע ארום בין איך צוריק. איהר וועט מיט מיר צופריעדען זיין, קאפיטאן ארמסטראנג.

דיא איבעריגע מאַטראָזען האָבען אויך צו געזאגט, אז זיי וועלען טאהן אלעס מעגליכע אום צו ברענגען דאס שיף קיין בוענאָס איירעס און צוריק.

קאפיטאן ארמסטראנג האט זיי געדאנקט און האט צוגעזאגט צו געבען יעדען א דאָפּעלן געהאלט פאר א מאָנאַט ווען זיי וועלען צוריק קומען.

## 60-טעם קאפיטעל

## אינגראַהאַמ׳ס געשיכטע.

איך בין אגאנצען טאָג געווען בעשעפטיגט. אַלוואַרעז האט געזאגט און בעוויעזען אז מען דארף קויפען פרישען פראָוויאַנט און פיעלע נעטהיגע זאכען פארן שיף. איך בין נאך קיין מאל ניט געווען אין יענע געגענדען און האב צום ערשטען מאל אין מיין לעבען געדארפט פערזארגען א שיף אויף א וויטע רייזע. איך האב ניט געקענט פרעגען קאפיטאן ארמסטראנג וועגען יעדע קלייניגקייט און האב געמוזט קויפען און אָנשאפען אלעס, וואס אַלוואַרעז האט געפונען פאר נעטהיג.

מיר איז עס פאָרגעקומען זאָנדערבאר וואס אַלוואַרעז קויפט זאכען, וועלכע זיינען גאר ניט נעטהיג; איך האב אבער געמוזט שווייגען, ווייל איך בין נאך געווען א צווייטער שיפסקאפיטאן, ריכטיגער געזאגט, איך בין גאר ניט געווען קיין שיפסקאפיטען, דער וואהרער שיפסקאפיטאן איז געווען אלווארעז.

קוים האבען מיר אלעס געבראכט אין אָרדנונג, בין איך געלאפען צו קאפיטאן ארמסטראנג און צו מיין געליעבטער העלענא. איך האב געוואלט פערברענגען מיט איהר דעם לעצטען אבענד פאר מיין אוועק פאָהרען.

קאפיטאן ארמסטראנג האט מיך אויפגענומען זעהר פריינדליך און האט מיר אָנגעזאגט, וויא איך זאל מיך אויפפיהרען געגען מיינע מאטראָזען און בעזאָנדערס געגען אלווארעז.

— איך האב קיין גרויסעס צוטרויען צו איהם, האט ער געזאגט, ווען דיא „סאנקט העלענא״ זאל דארפען געהן קיין אפריקא אדער קיין אויסטראליען, וואלט איך מיך איבערגעלעגט, אויב איך זאל שיקען מיט אַלוואַרעז, בוענאָס איירעס אבער איז ניט וויט, דוא קענסט זעהן דעם וועג אויף דער מעער קארטע. אויף אזא קורצע רייזע מעג מען איהם שוין געטרויען.

דער ביי האט ער אניעדערגעלעגט פאר מיר א גרויסע קארטע פון׳ם אטלאנטישען מעער און האט מיר געוויזען דעם וועג. אויף וועלכען איך דארף פאָהרען.

— איך האב נאך אן איבערראשונג פאר דיר, דיק, האט קאפיטאן ארמסטראנג געזאגט, מיט איניגע צייט צוריק איז געקומען צו מיר א יונגער ענגלישער מאַטראָז מיט׳ן נאמען אינגראַהאַם און האט מיך געבעטען, איך זאל איהם אויפנעהמען. דערביי האט ער מיר געוויזען אטעסטאטען פון ענגלישע שיפסקאפיטאנע, וועלכע איך קען זעהר גוט. איך האב זעהר געוואלט איהם אויפנעהמען, האב אבער קיין פלאַץ געהאט פאר איהם, איך האב געהאט גענוג מענשען און איך האב ניט געקענט אפזאגען א מענשען צו ליעב איהם. היינט ווען מ׳ר האבען אפגערעדט, אז דוא זאלסט פאָהרען מיט׳ן שיף קיין בוענאָס אַיירעס, האב איך געשיקט איהם רופען און צום גליק, האט ער נאך קיין שטעלע ניט געפונען און איז איינגעטרעטען ביי מיר. איך האב איהם צו געזאגט צו מאכען איהם פאר׳ן צווייטען אפיציער, ווייל ער איז א פעהיגער און געבילדעטער יונגער מאן און פערשטעהט זעהר גוט, וויא צו רעגיערן א שיף. איך האף, אז דוא וועסט מיט איהם צופריעדען זיין.

ווען איהר לויבט איהם אזוי, וועל איך מיט איהם געוויס צופריעדען זיין, האב איך געענטפערט.

— עס איז שטענדיג בעסער צו האבען לעבען זיך לאנדסלייט, אלס פרעמדע, האט קאפיטאן ארמסטראנג בעמערקט. אינגראַהאַם האט מיר געזאגט, אז ער וועט נאך היינט ביי נאכט, אדער מאָרגען גאנץ פריה קומען אויפ׳ן שיף.

וויא שוואַך קאַפיטאַן אַרמסטראָנג איז נאך געווען, איז ער דאך געזעסען מיט אונז ביז שפעט אין דער נאַכט, האט מיך געלערנט, וויא צו פאָהרען און וויא זיך צובעגעהן מיט דיא מענשען און וואס איך זאל טאהן, ווען איך וועל איבערגיבען דיא וואַרען אין בוענאָס אַיירעס. אלס פראקטישער מענש און קלוגער שיפסקאפיטאן האט ער ניט געוואלט, אז זיין שיף זאל פאָהרען פון בוענאָס איירעס לעדיג. ער האט מיר גענעבען דיא אדרעסען פון ענגלישע שיפס אגענטען אין בוענאָס אַיירעס, וועלכע וועלען מיר בעזארגען מיט פראַכט צוריק קיין האַוואַנאַ אדער אין אנאנדער פאָרט אין אמעריקא.

מיר האבען אלעס אפגערעדט און איך מיט העלענא׳ן האבען איהם געלעגט שלאפען. איך בין געבליעבען מיט העלענא׳ן אליין. פון שלאפען האט קיין רעדע ניט געקענט זיין. מיר זיינען ארומגעגאנגען אין דרויסען, האבען זיך גענומען אונטערן אַרם און זיינען דיא גאנצע נאכט ארומגעגאנגען אויף דיא דאָקס.

דאס איז געווען דיא גליקליכסטע נאכט פון מיין לעבען. איך האב געזעהן, וויא היים, וויא עהרליך און וויא ריין העלענא ליעבט מיך. אין א גאנץ קורצע צייט וועל איך קומען צוריק, העלענאַ וועט ווערן מיין פרוי, קאפיטאן אַרמסטראָנג וועט זיין געזונד און איך וועל ערשט אנהייבען צו לעבען.

מיר האבען געערדעט פון אינזער ליעבע און וויא מיר וועלען זיך איינ־אָרדנען נאך אונזער חאָכצייט. מיר האבען געמאכט פלאַנען, וויא מיר וועלען אויסבויען פאר אונז א בעזונדערע קאַיוטע און וועלען פיהרען א גליקליכע ווירטהשאפט.

קאַפּיטאן אַרמסטראָנג איז שוין גוט בעקאנט אין דיעזע געגענדען. אלע האבען צוטרויען צו איהם, מיר וועלען שטענדיג האבען גוטע בעשעפ־טיגונג און ווען מיר וועלען מאכען א גרויסען קאַפּיטאַל, וועלען מיר צוריק פאָהרען קיין ענגלאַנד און זיך דאָרט בעזעצען אויף אייביג.

מיין גליק האט אבער ניט געקענט לאנג דויערן. דיא קורצע נאכט איז באלד פערשוואונדען. עס האט אנגעהייבען צו טאָגען. מיר זיינען צו־געקומען צו דער „סאַנקט העלענאַ״. אַלוואַרעז איז שוין ניט געשלאפען. ער האט שוין קאמאנדירט און האט שוין געהייסען צו גרייטען אלעס צו דער אברייזע.

מיר זיינען ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק. העלענאַ האט געוואלט אראפּ־נעהמען פון שיף איהרע קליידער און פיעלע זאכען, וועלכע זיא האט געדארפט האבען, ווען זיא וועט וואינען מיט איהר פאטער אין דיא בערג.

דאס האט אלעס געדארפט פערנעהמען צייט. איך האב מיך בעגריסט מיט אַלוואַרעז און האב איהם געזאגט: איהר וועט געוויס שוין טאָהן אלעס וואס מען דאַרף, קאַפּיטאן אַרמסטראָנג האט אייך געליבט און האט געזאגט, אז אויף אייך מעג מען זיך פערלאזען.

אַלוואַרעז האט געדאנקט קאַפּיטאן ארמסטראָנג פאר זיין גוטע מיינונג איבער איהם און האט ווייטער געענדיגט דיא פאַרבערייטונגען צו דער אברייזע.

אין דער צייט ווען איך בין געוועזן מיט העלענא'ן אין איהר פאטערס קאַיוטע אין האב איהר געהאלפען צונויפלעגען און צוזאמענפאַקען דיא זאכען, וועלכע זיא האט געדארפט, איז אנגעקומען מיין נייער צווייטער אָפיציער דער ענגלענדער איגגראַהאַם און האט זיך מיר פאָרגעשטעלט.

פון'ם ערשטען בליק איז ער מיר געפעלען. דאס איז געוועזן א געביל־רעטער, לעבעדיגער און לוסטיגער יונגער מאן, וועלכער האט אונז באלד בעוויעזען, וויא פלינק און געשיקט ער איז.

ער האט באלד צונויפגעלעגט און צוזאמענגעפאַקט העלענא'ס זאכען און וויא ער איז נאך ניט געוועזן בעקאנט אויף דער „סאַנקט העלענא״, דאך האט ער באלד געפונען א קאסטען, אין וועלכען זיי ארייינצולעגען. דאן איז ער אראפגעלאפען פון דעק און האט געבראכט א וואגען, וועלכער זאל ברענגען דעם קאָסטען אין האָטעל, וואו קאַפּיטאן אַרמסטראָנג איז איינגעשטאנען. — קורץ, אין דער ערשטער שטונדע פון אונזער בעקאנטשאפט האט ער זיך גע־וויעזען פאר א פריינדליכען און פעהיגען מענשען.

אונטערדעסען איז דיא זון אויפגעגאנגען, אלע פארבערייטונגען האב[illegible] ויך געענדיגט און אלווארעז איז צוגעקומען צו מיר און האט מיך געפרעגט גאנץ העפליך:

— ווען זאל איך הייסען אויפהייבען דעם אנקער?

— איך מוז נאך נעהמען אבשיעד פון קאפיטאן ארמסטראנג, האב איך געענטפערט.

איך האב געוואלט בלייבען נאך א שטונדע מיט מיין געליעבטע העלענא; איך האב נאך געוואלט געהן מיט איהר צו איהר פאטער. איך האב געבעטען אינגראהאם, ער זאל אלעס פערזארגען און זאל אוועקשיקען א ן האטעל אלעס, וואס העלענא האט געפונען פאר נעטהיג מיט צונעהמען. אינגראהאם האט עס געטאהן מיט פערגניגען.

איך מיט העלענא'ן זיינען אראפגעגאנגען פון שיף. זיא האט געפיהלט, אז מיר מוזען זיך שיידען, האט זיך אויפגעהאנגען אויף מיר, האט געוויינט, האט געבעטען, איך זאל איהר שרייבען בריעף ביי יעדער געלעגענהייט, ווען איך וועל בעגעגענען א שיף אדער מיר וועלען צופאהרען צו א פארט.

אונזער אבשיעד איז געווען א טרויעריגער. העלענא האט געוויינט, קאפיטאן ארמסטראנג האט קוים איינגעהאלטען דיא טרעהרין, וועלכע האבען איהם געשטיקט. איך האב אויך געוויינט, עהרליכע, הייסע, ביטערע טרעהרין, דיא ערשטע טרעהרין, וואס איך האב פערגאסען ניט אלס קינד, זאנדערן אלס ערוואקסענער, אלע מאן, וועלכער האט שוין גענוג געליטען און גענוג דורכגעלעבט.

איך האב מיך ענדליך ארויסגעריסען פון מיין געליעבטער, פון איהר פאטער און פון אלע זיסע האפנונגען און בין געלאפען צום שיף. איך האב יעצט געוואלט ארויספאהרען וואס שנעללער.

מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון האוואנא אין א שעהנעם, שטילען, הייסען טאג. דער אנפאנג פון אונזער רייזע איז געווען גליקליך, וויא עס קען נור זיין א רייזע אויף א זעגעל שיף אין יענע געגענדען. דיא זון האט געברענט וויא פייער, אויפ'ן דעק איז געווען אזוי הייס, אז דיא מאטראזען האבען זיך געמאכט א שפאס און פלעגען בראטען שטיקלעך פלייש און שטיקלעך פיש אויף דיא שטיקער אייזען און מעש, וועלכע האבען זיך געפונען אויפ'ן דעק.

דיא „סאנקט העלענא" האט געמוזט געהן זעהר לאנגזאם, ווייל דער ווינד האט אין גאנצען אויפגעהערט און דאס מעער איז געווען גלאט וויא אשפיעגעל, און רוהיג, וויא דאס וואסער אין א גלאז. זא לאנג מיר האבען זיך געפונען ניט ווייט פון לאנד, האט נאך געוועהט א שוואכעס ווינטעלע און האט נאך לאנגזאם געשריעבען דאס שיף; קוים אבער זיינען מיר אוועק-

געפאהרען געגען אהונדערט מייל וויט פון קובא, האט דער ווינט אין גאנצען אויפגעהערט, און דיא „סאנקט העלענא“ איז געבליעבען ליגען שטיל אויף איין ארט.

איך האב געהייסען אויפציעהען אלע זעגעל, עס האט אונז אבער װעניג געהאלפען. דיא זעגעל זיינען אראפגעפאלען און זיינען געבליעבען הענגען אין דער לופט, וויא דיא ארבעל פון אמענשען אהן הענט.

איך האב ניט געהאט וואס צו טאהן אויפ'ן דעק און האב אנגעזאגט דעם מאטראז, וועלכער איז געשטאנען אויף דער וואך, אז קיים וועט זיך אויפהייבען א ווינטעל, זאל ער עס מיר מעלדען. דאן בין איך מיט אינגראהאם אראפגעגאנגען אין מיין קאיוטע.

עס איז געווען געגען צווייא אוהר. איך האב פון נעכטען אן נאך ניט געהאט אין מיין מויל. דיא נאטור האט געפאדערט, וואס עס קומט איהר. איך האב געהייסען דעם סטיואַרד — דעם פראוויאנט מייסטער — ער זאל מיר געבען פריהשטיק. אינגראהאם האט נאך אויך ניט געגעסען היינט און מיר האבען זיך ביידע געזעצט עסען.

ביים עסען האב איך מיך צורעדט מיט אינגראהאם און האב איהם אויסגעפרעגט, ווער ער איז און וויא ער קומט קיין האוואנא. ער האט מיר דערצעהלט, אז זיינע עלטערן האבען דורכאויס געוואלט מאכען פון איהם אגעלערענטען, ער האט אבער ניט געוואלט לערנען. ער איז געבארען גע-ווארען אין אקליין שטעדטעל אין ענגלאנד ביים מעער און פון קינד וויים אן האט ער געוואלט פאהרען אויפ'ן מעער און קענען לענדער און מענשען.

דאס האבען אבער זיינע עלטערן אויף קיין פאלל ניט געוואלט. ער האט געמוזט לערנען און האט אויסשטודירט אלס בעמיקער און אפטהעקער. זיינע עלטערן האבען פערלאנגט, ער זאל זיך בעזעצען אין אשטעדטעל, זאל הייראטהען און זאל זיך עפענען אן אפטהעק אדער זיך קויפען אן אפטהעק. ער האט אבער ניט געקענט בעהערשען זיין ליידענשאפט צו וואנדערן. ער האט געמוזט פאהרען אויפ'ן מעער און זיך בעקענען מיט דער וועלט.

ער האט זיך ארויסגעגנבעט פון זיינע עלטערן און איז אריינגעטרעטען אויף א שיף אלס יונגע. „איך בין נאך געווען צו יונג אום צו וויסען, אז עס זיינען דא אלערליי שיפען, אז ניט אלע שיפען פיהרען אן עהרליכען האנדעל. דער קאפיטאן פונ'ם שיף, אויף וועלכען איך בין איינגעטרעטען, האט מיר געזאגט, אז ער פאהרט קיין סענעגאל אין אפריקא, וואו ער קויפט ביי דיא ווילדע נעגער גאלד און עלפענביין.

דאס איז מיר זעהר געפעלען. זעהן אפריקא, נעגער, שווארצע מענשען, שווארצע הערשער איז געווען דאס בעסטע, וואס איך האב ערווארטעט און נאך וועלכע מיין הערץ האט געבענקט פון מיין קינדהייט אן. אפריקא איז

א וואונדער לאנד, פול מיט געהייגניסע, וועלכע יעדער געבילדעטער מענש וויל אויספֿארשען און פערשטעהן. ניט איין געבילדעטער מאן איז געווארען גרוים און בעריהמט אין דער וועלט דורך זיינע רייזען אין אפריקא.

איך האב איינגעטרעטען אויפ'ן שיף אלס יונגע, ווען דער שיפס-קאפיטאן איז אבער געוואהר געווארען אז איך בין פון פראָפעסיאָן איין אַפּטהעקער, האט ער מיך בעפרייט פון דיא גראָבע ארבייט אלס יונגע און האט מיך געמאכט פאר'ן דאָקטאָר פונ'ם שיף.

איך האב ניט געהאט וואס צו טאהן, ווייל דיא מאטראזען זיינען געווען געזונד און פּ.סאזשירען אויפ'ן שיף האבען מיר ניט געהאט. מיר האבען געהאט א גליקליכע רייזע און זיינען אין אייניגע וואכען אנגעקומען קיין סענעגאַל. מיר האבען געמוזט פעראַנקערן אונזער שיף געגען א מייל וויים פון ברעג, ווייל אין יענער געגענד איז ניט געווען קיין פּאָרט און קיין דאָק. מיר זיינען געבליעבען שטעהן אין דעם ארט, וואו א טייך גיעסט זיך אריין אין מעער. אונזער שיף איז געשטאנען פון איין זייט טייך, פון דער אנדערער זייט טייך איז געשטאנען אנ'אנדער שיף.

אייניגע טעג נאך אונזער אנקומען איז געקומען צו אונז דער שיפס-קאפיטאן פון דעם שיף, וועלכעס איז געשטאנען פון יענער זייט טייך, און האט געבעטען ביי אונזער שיפסקאַפּיטאן אייניגע זאכען, וועלכע האבען איהם אויסגעפעהלט, דערפאר האט ער אונז געגעבען זאכען, וועלכע מיר האבען בעדארפט.

אויס העפליכקייט האט איהם אונזער שיפסקאַפּיטאן איינגעלאדען אויף מיטאג און ביים עסען האבען מיר זיך צורעדט. ער האט מיך איינגעלאדען צו זיך און האט מיר פערשפּראָכען צו געהן מיט מיר אויף דער יאַגד. איך האב אנגענומען דיא איינלאַדונג מיט פערגניגען. מיר זיינען געשטאנען שוין עטליכע טעג ביים ברעג פון סענעגאַל און איך האב געזעהן נור עטליכע נעגער פון דער וויטען, ווייל אין דעם ארט, וואו מיר זיינען געשטאנען איז ניט געווען קיין שטאדט און קיין דאָרף. אונזער שיפסקאפיטאן האט ער-ווארטעט, אז אַן אפריקאַנישער קעניג זאל צו קומען צום טייך און זאל אנהייבען צו האנדלען מיט איהם.

מיך האבען ווייניג געקימערט דיא געשעפטען, וועלכע אונזער שיפס-קאפיטאן וויל מאכען מיט דיא אפריקאַנער; איך האב געוואלט זעהן אפריקא, זיין אין אפריקא, זיך בעקענען מיט דער געגענד און מיט דיא איינוואוינער. איך האב דאהער אנגענומען דיא איינלאדונג פונ'ם פרעמדען שיפסקאפיטאן מיט פערגניגען און בין מיט איהם אוועקגעפאהרען אויף זיין שיף.

מיר האבען מיטגענומען ביקסען, פולווער, קוגעלן און אלעס, וואס איז נעטהיג פאר דער יאַגד אין דיא וועלדער פון אפריקא. דער שיפסקאפיטאן

האט געהייסען אראפלאזען א באָאָט מיט צעהן מאטראזען. פינף פון זיי האבען געדארפט געהן מיט אונז אלס יעגער און פינף זאלען בלייבען אין באָאָט און ווארטען, ביז מיר וועלען צוריק קומען.

מיר זיינען ארויסגעפאהרען מונטער און פרעהליך און האבען געהאפט צו האבען פיעלע פערגניגען פון אונזער רייזע. מיר האבען געדארפט רודערן נעגען א מייל אדער אנדערטהאלבען ביז צום ברעג.

איך קען מיר ביז היינט ניט ערקלערן, וואס עס איז געשעהן מיט אונזער באָאָט. זיינען דיא מאטראזען געווען אונטערגעטרונקען און האבען ניט געוואוסט, וואוהין זיי פאהרען, אדער זיי זיינען ניט געווען בעקאנט מיט דיא אפריקאנישע וואסערן, אדער זיי זיינען געווען אונצופריעדען מיט זייער שיפס-קאפיטאן און האבען געוואלט איהם דערטרענקען. איך וויים עס ניט און קען עס ניט ערקלערן.

איך וויים נור, אז אונזער באָאָט איז ארייננעפאהרען אין א וואסער-שטרודעל, — אַן אָרט וואו דאס וואסער פונ'ם טייך בעגעגענט זיך מיט'ן וואסער פונ'ם מעער. דאס וואסער פונ'ם טייך רייסט זיך צום מעער און דאס וואסער פונ'ם מעער דרענגט עס צוריק. עס ווערט דער פון א סאָרט קעסעל גרוב, וואו ביידע וואסערן קאָכען, רוישען, זיעדען און שוימען.

איידער מיר האבען צייט געהאט זיך אומצוקוקען, איז אונזער באָאָט געווען אין דער מיט פונ'ם וואסער שטרודעל. דיא וואסערן האבען איהם אויפגעהאפט פון אלע זייטען און האבען איהם איבערגעקעהרט. מיר זיינען אלע ארייננעפאלען אין וואסער און האבען אנגעהויבען צו שווימען. איך בין געבאָרען געווארען און בין אויפגעוואקסען ביים מעער און בין געווען אגוטער שווימער. דיא איבעריגע האבען אויך געקענט גוט שווימען.

זעלבסט פערשטענדליך, אז אין אזא פאַל קען מען דיא מענשען ניט קאמאַנדירען און זיי האלטען צוזאמען. דאס לעבען איז ליעב און יעדער זוכט צורעטען זיין לעבען, וויא ער קען און דענקט ניט פון יענעם.

צום גליק פאר אונז, וועניגסטענס פאר מיר, האט דיעזעלבע קראפט פונ'ם וואסער, וועלכע האט איבערגעקעהרט אונזער באָאָט, אונז ארויס-געווארפען אויפ'ן ברעג. מיר זיינען אבער געווען אזוי מיעד פונ'ם שווימען און אזוי איבערגעשראקען פונ'ם פלוצלונגען אונגליק, וואס האט אונז פאסירט, אז מיר זיינען געבליעבען ליעגען אין ווייבען זאַמד פונ'ם ברעג.

קוים האט זיך איינער פון אונז געוואלט אויפהייבען, איז אנגעקומען א גרויסע און שטארקע וועללע (כוואַליע) און האט איהם אומגעווארפען און פערגאסען מיט געזאַלצענעם וואסער. עס איז זעהר מעגליך, אז מיר וואלטען גלייך דערטרונקען געווארען, ווייל עס איז דאמאלס געווען דיא צייט פון

פלוט, ווען דאס מעער קומט צו, און דאס מעער האט שרעקליך גערוישט און געקאכט אין דעם אָרט, וואו דער טייך האט אינז ארויסגעווארפען.

פלוצלונג האבען מיר געפיהלט, אז מען שלעפט אונז. מיר האבען זיך אומגעקוקט און האבען דערזעהן, אז איבער אונז שטעהן שווארצע געזיכטער און שלעפען אונז ארויף אויף'ן ברעג. מיר האבען געמיינט, אז זיי זיינען געקומען אונז רעטען און מיר האבען געדאנקט גאט, וואס ער האט אונז צו געשיקט דיזע גוטע און מענשענפריינדליכע נעגער. אונזער פרייד איז אבער געווען צו פריה.

קוים האבען דיא נעגער אונז ארויסגעשלעפט פונ'ם זאַמד, האבען זיי אנגעהויבען אראפצושלעפען פון אונז אונזערע קליידער. זיי האבען אונז אויסגעטאהן נאַקעט. אייניגע פון אונזערע מאַטראָזען וועלכע זיינען נאָך געווען שטארק גענוג אום זיך צו וועהרן, האבען זיך ניט געלאזען אויסטאהן. אהויכער און אשטארקער נעגער האט איינעם אזעץ געטאהן איבערן קאפ, אז ער איז געבליעבען ליעגען פערטומעלט.

מיר האבען באלד איינגעזעהן, אז שטעלען זיך געגען זיי, וועהרן זיך איז אונמעגליך. זיי זיינען געווען צעהן געגען איינעם פון אונז. מיר האבען אלזא געמוזט רוהיג ווארטען, וואס ווייטער וועט זיין.

מיר האבען ניט לאנג געדארפט ווארטען. דיא נעגער האבען אונז אויסגעטאהן נאקעט, וויא אונזער מוטער האט אונז געבארען, דאן האבען זיי אונז געבונדען דיא הענט אויפ'ן רוקען און האבען אונז געלאזען ליעגען, ביז זיי האבען זיך צוטהיילט מיט אונזערע קליידער. דאן האבען זיי זיך בעראטהען אייניגע מינוט און האבען עפעס געגעסען.

אונטערדעסען איז געווארען שפעט. דיא זון האט געהאלטען ביים אונטערגעהן. מיר זיינען געווען צופריעדען מיט דער נאכט, ווייל דיא היץ ביי טאג אין יענער געגענד איז אונערטרעגליך. מיר האבען אלזא געהאָפט, אז ביי נאכט וועט ווערן קיהלער און מיר וועלען זיין אים שטאנד עפעס צו רעדען און צו בעראטהען זיך, וואס מיר זאלען טאהן.

דיא נעגער האבען אונז געהייסען אויפשטעהן; ווער עס האט ניט גע-פאלגט, דעם האבען זיי געשלאגען מיט א בייטש פון היפּאָפּאָטאַמוס לעדער. דיא גראבע לאָקשען פון דער בייטש זיינען געפאלען אויף אונזערע נאקעטע קערפער און וואו זיי האבען געטראפען, דארט האט זיך באלד געוויזען בלוט.

מיר האבען געמוזט אויפשטעהן און געהן, וואוהין מען האט אונז גע-לאזען. מען האט אונז געטריעבען, וויא מען טרייבט ביי אונז אָקסען, זעהר

עס האט ניט געוואלט געהן, דער האט בעקומען א שניט מיט דער שרעקליכער ביטש.

דיא זון איז אונטערגעגאנגען, עס איז געווארען נאכט. מיר האבען גע־האפט, אז ביי נאכט וועט אונז זיין א ביסעל קיהלער און לייכטער צו געהן. מיר האבען אבער א טעות געהאט. ביי נאכט האבען זיך ערשט אנגעהויבען אונזערע ליידען. אויף אונז זיינען אָנגעפאלען גאנצע הויפענס מאָסקיטאָס (קאָמאַרעס), וועלכע האבען אונז געביסען, געשטאָכען און געזויגט אונזער בלוט אָהן רחמנות. מיר האבען זיך ניט געקענט וועהרען געגען זיי, ווייל אונזערע הענד זיינען געוועזען געבונדען.

איך בין ניט אים שטאנד צו בעשרייבען, וואס מיר האבען איבערגעליטען פון דיא מאָסקיטאָס. מיר האבען געטאנצט, געשפרונגען, זיך געדרעהט, זיך געקוייטשעט פאר שמערץ, קיינער האט זיך אבער אויף אונז ניט אומגעקוקט. מען האט אונז געטריעבען אלץ ווייטער און ווייטער איבער פעלדער און וועלדער.

גאנץ פריה זיינען מיר אנגעקומען אין א דאָרף, וואו אונזערע פייניגער האבען זיך אפגערוהט, און האבען געגעסען זייער פריהשטיק. אונז האט מען געגעבען א פאָר אָפגעקאכטע טירקישע ווייץ (קוקורוז) יעדען. אום מיר זאלען קענען עסען, האט מען אפגעבונדען אונזערע הענד פון'ם רוקען, און מען האט זיי געבונדען פון פאָרנט אזוי, אז יעדער זאל קענען צוטראגען דיא האנד צים מויל.

מיר זיינען געוועזען שרעקליך מיעד און שרעקליך הונגעריג, און יעדער פון אונז האט פערשלונגען דיא פאָר שטיקלעך טירקישע ווייץ מיט'ן גרעסטען אפעטיט.

נאכ'ן עסען האט מען אונז געלאזען זיך אָפרוהען א פאר שטונדען, דאן האט מען אונז ווייטער געטריעבען. מיר זיינען דורכגעגאנגען פיעלע דערפער. זא לאנג מיר זיינען געוועזען נאהענט פון'ם מעער, פלעגען דיא איינוואוינער אונז אנקוקען זעהר בייז, און קינדער פלעגען אפט ווארפען אויף אונז שטיינער און שטיקער האלץ; וואס ווייטער אבער מיר זיינען געקומען אין לאנד, אלץ פריינדליכער זיינען דיא איינוואוינער געווארען געגען אונז. עס איז געוועזען דייטליך. אז פיעלע פון זיי, בעזאָנדערס דיא פרויען און דיא קינדער, האבען צום ערשטען מאל אין זייער לעבען געזעהן א מענשען מיט א ווייסער הויט. זיי פלעגען אונז בעטראכטען מיט שרעק און שטוינען.

פרויען און קינדער פלעגען מיינען, אז מיר האבען אָפגעפארבט אונזער הויט מיט א ווייסער פארב, און פלעגען פראָבירען אונז אפוואשען, זיי האבען זיך גאר ניט געקענט פאָרשטעלען, אז אויף דער וועלט זיינען דא מענשען וועלכע זיינען ניט שווארץ.

אלע זיינען געגאַנגען נאַקעט און האבען נור געטראַגען א גאַרטעל פון אבלויען שטאָף ארום דיא לענדען. זעלטען פלעגט איינער פון זיי, שוין א גאַנץ רייכער מאַן, טראַגען א לאַנגעס העמד פון א לייכטען שטאָף.

אונזער רייזע האט געדויערט דרייא לאַנגע און שווערע טעג. מיר זיינען אין דיעזע דרייא טעג אזוי אָפּגעמאַגערט געוואָרען, אזוי אָפּגעבּרענט געוואָרען פון דער זון, אז אונזערע קאַמעראַדען, וואָלטען אונז ניט דערקענט.

ענדליך זיינען מיר אַנגעקומען אין אַגרויסע שטאָדט. מיינט אָבער ניט, אז א שטאָדט אין אַפריקא איז דאַס זעלבע, וואָס א שטאָדט אין אייראָפּאַ. ווען איך זאָג א גרויסע שטאָדט, מיין איך פיעל הייזער, געבויט פון פלעגער און פון באַמבוק, מיט קיילעכדיגע דעכער.

ארום שטאָדט איז געווען א פאַרקען פון קלעצער. דאָס איז געווען דיא שטאָדט, וואוהין מען האט אונז געבּראַכט״

## 61-טעם קאַפּיטעל

## דער נעגער קעניג.

„מען האט אונז אַריינגעפיהרט דורך א טויער פון קלעצער, וועלכער איז געהאַנגען אויף שטאַרקע קלעצער, און איז געווען צוגעבונדען צו זיי מיט שטריק. מען האט אונז געפיהרט אין א גאַס, וואו עס זיינען געווען הייזער פוןביידע זייטען. דיא איינוואוינער האבען אונז ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, און האבען אונז בעטראַכט, וויא מען בעטראַכט ביי אונז א ווילדעס טהיר.

ענדליך האט מען אונז אַריינגעפיהרט אין אַגרויסען פאַרקען. דאָס איז געווען א סאָרט גאָרטען, ארומגערינגעלט מיט א פאַרקען פון קלעצער. און דערמיט גאָרטען איז געשטאַנען אַגרויסעס הויז, וועלכעס איז געווען אָפען פון אלע זייטען. דאָס איז געווען א סאָרט סאַראַי, א דאַך איז געליגען אויף הילצערנע זיילען.

אונטער דיעזען דאַך איז געזעסען אויף אויסגעשפּרייטע פעל און קליידער, אַן אלטער, שטאַרקער, ווילדער און בייזער נעגער מיט פיער יונגע פרויען. אלע זיינען געווען שוואַרץ, וויא קויל, מיט ברייטע, גראָבּע ליפּען. ארום זיי, אביסעל פון דער ווייטענס, זיינען געשטאַנען הויבע, שטאַרקע נעגער מיט שפּיעזען און מיט פייל און בויגען.

שפּעטער זיינען מיר געוואָהר געוואָרען, אז דער אלטער נעגער איז דער קעניג פון דעם לאַנד, וואו מיר געפינען זיך.

אלע נעגער זיינען געגאַנגען גאַנץ נאַקעט, וויא זייער מוטער האט זיי געבאָרען, נור דער קעניג מיט זיינע פרויען האבען געטראַגען קליידער, וועלכע

זיינען בעשטאנען פון א שטיק מאַטעריע ארומגעבונדען ארום דיא לענדען, און דיא עקען זיינען אראפגעפאלען פוןביידע זייטען. דאס האט געהייסען ביי זיי קליידער.

אויסער דעם האט דער קעניג מיט זיינע פרויען געטראגען גאלדענע בראַסלעטען אויף דיא הענט, און עטליכע רייהען (שורות) פון קרעלען אויף זייערע העלזער. דיא פרויען האבען געטראגען אזוי פיעל קרעלען און גלעזערנע פערל, אז זיי האבען פערדעקט זייער ברוסט.

וויא שווארץ דיא פרויען זיינען געוועזען, זיינען זיי דאך געוועזען שעהן, און האבען געהאט גאנץ רעגעלמעסיגע געזיכטער. מיר האבען פערשטאנען, אז דאס זיינען דיא שעהנסטע נעגער פרויען אין יענעם לאנד.

דיא פרויען האבען אונז בעטראכט מיט נייגיערדע, דער אלטער קעניג אבער האט אויף אונז געווארפען א ווילדען און בייזען בליק, פון וועלכען עס איז אונז פערקיהלט געווארען דאס בלוט אין אונזערע אָדערן.

פלוצלונג איז ער אויפגעשפרונגען, האט געחאפט א שווערד ביי איינעם פון זיינע מענשען, און איז צוגעלאפען צו אינז. איך בין גראַדע געשטאנען נעהנטער צו איהם, וויא מיינע קאַמעראדען און ער איז צו מיר צוגעלאפען צום ערשטען, האט מיך א חאפ געטאהן ביי דער האנד, אז איך האַב אגעשריי געטאהן פאר שמערץ, און האט מיר אנגעבויגען דעם קאפ.

איך וויים ניט, אויב איהם האט פערדראָסען, וואס מיר זיינען ניט נעפאלען פאר איהם אויף דיא קניע, וויא זיינע שווארצע אונטערטהאַנען, אדער מיר זיינען גלאט אזוי איהם ניט געפעלען; איך ווייס נור, אז ער האט אויפגעהויבען דעם שווערד און האט געוואלט מיר אָפּהאַקען דעם קאפ. אין דיעזע מינוט זיינען אבער דיא פיער יונגע פרויען צו געלאפען צו איהם. איינע, דיא שעהנסטע פון אלע, האט ביי איהם ארויסגעריסען דעם שווערד פון דער האנד, דיא איבעריגע האבען איהם צוגעהאלטען ביי דיא הענד, און האבען עפעס גערעדט צו איהם.

מיר האבען ניט פערשטאנען, וואס זיי האבען גערעדט, עס איז אבער געוועזען דייטליך, אז זיי בעטען איהם, ער זאל אונז שענקען דאס לעבען. זיי האבען אזוי לאנג גערעדט, און אזוי לאנג געבעטען, ביז ער האט זיך א ביסעל בערוהיגט, און האט זיך צוריק געזעצט אויף זיין טראָהן.

דיא פרויען האבען אונז דאן בעטראכט. אזוי וויא איך בין געוועזען דער אינגערער פון דיא געפאנגענע, און האב דאמאלס געטראגען לאנגע האָר, האבען זיי מיך בעזאנדערס בעטראכט. זיי האבען אָנפאנגס געמיינט, אז איך האב מיר צוגעקלעפט דיא האָר צום קאפ. דיא האָר פון דיא נעגער איז שווארץ און שטארק געקרייזעלט, וויא דיא וואָל פון א שעפס, מיינע האר אבער זיינען

גְעווען בלאָנד און גלייך. דאס האבען זיי ניט געקענט פערשטעהן, און האבען גערעכענט, אז איך האב מיר צוגעקלעפט דיא האָר.

זיי האבען פראָבירט אראפ נעהמען פון מיר דיא האָר, האבען געריסען און געצופט, ביז זיי האבען זיך איבערציינגט, אז איך טראג קיין פעריק, און דאס זיינען ווירקליך מיינע האָר. ווען זיי האבען אונז גוט בעטראכט, האבען זיי געהייסען אונז אָפּבינדען דיא הענד און אונז גיבען עסען. קיין מענש טאר אבער ניט עסען פאר'ן קעניג. מען האט אלזא געהייסען אונז אוועק פיהרען אין אַנ'אנדער הויז, אדער סאַראַי, ווייל אלע הייזער אין יענער געגענד האבען נור א דאַך, וועלכער ליעגט אויף קלעצער, און קיינע וועגט, נור ווען עס רעגענט, שטעלט מען ארום דאס הויז מיט ווענטלעך, וועלכע זיינען אויסגעפלאָכטען פון צווייגען פון ביימער, אדער פון באַמבוק (טראָסטינע).

מען האט אונז אלזא אריינגעפיהרט אין אזאַ הויז און מען האט אונז געגעבען עסען. מיינע הענד האבען מיר אזוי וועה געטאהן, אז איך האב ניט געקענט צוטראגען דאס עסען צום מויל. דיא יונגע פרויען פון'ם קעניג האבען מיט אונז מיטלייד געהאט, און האבען אונז געפיטערט, וויא מען פיטערט קליינע קינדער.

נאכ'ן עסען האט מען אנגעהויבען איינצורייבען אונזערע גליעדער מיט א סאָרט אייל, אדער א סאָרט באלזאם, פון וועלכען עס האבען זיך פערהיילט אונזערע וואונדען. אין אייניגע טעג ארום זיינען מיר געווארען פאָלקאמען געזונד און פריש, וויא פריהער.

מען האט אונז געגעבען צו עסען און צו טרינקען, וויפיעל מיר האבען געוואלט, מען האט אונז אבער שטארק בעוואַכט, און מיר פלעגען געהן שפאצירען, נור אין א גאַנץ ענגען פלאַץ, וועלכער איז געווען ארומגעצוימט מיט הויכע און שטארקע פלעקער.

פון אנטלויפען האט קיין רעדע ניט געקענט זיין. מיר פלעגען זעהר אָפט רעדען פון אנטלויפען, מיר האבען אבער זעהר גוט געזעהן, אז עס איז א זאכע דער אונמעגליכקייט. קעניג ראָקאַרואַ האט אונז גוט בעוואַכט, און ער האט געהאט געגוג שקלאַפען און אונטערטהאַנען אונז צו בעוואַכען. מיר האבען אנגעבויגען דעם קאָפּ און האבען געווארט, וואס וויטער וועט מיט אונז זיין.

אזוי זיינען פערגאנגען דרייא וואָכען. און דיעזע גאנצע צייט האט מען אונז געגיבען עסען און טרינקען, און מען האט אונז בעהאנדעלט זעהר פריינדליך. דעם קעניגס פרויען פלעגען קומען זעהר אפט אונז בעזוכען, און פלעגען אונז ברענגען פריכטע און אייניגע נאשערייען, וויא פרישען האניג און קאַלטעס וואסער. וואו זיי האבען גענומען דאס קאַלטע וואסער, האב איך דאמאלס ניט געוואוסט. פון אייז ווייס מען ניט אין יענע געגענדען. שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז זיי גיעסען אן וואסער אין לעהמענע קריג, און

האלטען דיא קריג אין א הייל אדער אין א גרוב אין דער ערד, אין דאס וואסער ווערט קיהל.

אין א שעהנעם פריה מארגען זיינען אנגעקומען עטליכע נעגער, און האבען מיך אוועקגענומען פון מיינע קאמעראדען. זיי האבען מיך געבראכט פאר'ן קעניג. דאס מאל האב איך שוין געוואוסט, וויא מען דארף שטעהן פאר זיינע שווארצע מאיעסטעט, און איך האב אנגעבויגען זעהר ניעדעריג מיין קאפ.

דער קעניג האט א ווינק געטאהן און מען האט מיך אוועקגעפיהרט אן אזייט. דארט האט מען מיר אנגעטאהן א קייט, וועלכע איז בעשטאנען פון צוויא אייזערנע רינגען, און א לאנגע דינע און לייכטע אייזערנע קייט, וויא דיא קייט, אויף וועלכע מען פיהרט ביי אונז א הונט. איין רינג האט מען מיר אנגעטאהן אויפ'ן רעכטען פוס, און דעם אנדערן רינג אויף דער רעכטער האנד. פון איין רינג צום אנדערן איז געהאנגען דיא קייט.

דיעזע נייע ציערונג איז מיר שטארק ניט געפעלען, איך האב מיר אבער ניט געקענט העלפען. דאן האט מען מיר אנגעטאהן אויפ'ן קאפ א באנד (לענטע) מיט פעדערן, און מען האט ארומגעוויקעלט ארום מיינע לענדען אשטיקעל בלויע מאטעריע. אזוי א'יסגעפוצט האט מען מיך צוריק געפיהרט צום קעניג. איך האב ווידער שטארק אנגעבויגען מיין קאפ פארן שווארצען הערשער. ער האט מיר געהייסען זיך שטעלען הינטער איינער פון זיינע פרויען, און צוואר הינטער דער אינגסטער און שעהנסטער.

אזוי וויא איך האב ניט פערשטאנען, וואס זיינע שווארצע מאיעסטעט רעדט, האט מען מיך צוגעפיהרט צו דעם ארט, וואו איך האב געדארפט שטעהן, און מען האט מיר געגיבען צו פערשטעהן, אז איך בין דער שקלאף פון דער יונגער קעניגין, און דארף פאלגען אלעס, וואס זיא וועט מיר הייסען.

איך בין אייגענטליך געווען צופריעדען מיט מיין שיקזאל. איך האב קיין מאל ניט ערווארטעט, אין זאל ווערן קאמער העדר און ערשטער דיענער ביי א קעניגין. מיין דיענסט האט זיך באלד אנגעהויבען. עס איז געקומען דיא צייט פון עסען, און איך האב געדארפט דערלאנגען דיא עסענס פאר זייערע שווארצע מאיעסטעטען.

מען האט מיר געגעבען אגרויסע הילצערנע שיעסעל מיט א סארט קאשע וועלכע איך האב גערארפט אניעדער שטעלען אויף א מאטע (ראגאזשע), וועלכע איז געליגען אויף דער ערד פאר זייערע מאיעסטעטען, איך בין נאך אבער געווען אזוי ניי און אזוי אונגעשיקט אין מיין נייעם דיענסט, אז ווען איך האב גערארפט אניעדער שטעלען דיא שיעסעל, האב איך מיך אויסגעגליטשט, בין אניעדערגעפאלען, און האב אויסגעגאסען דאס עסען.

איך האב מיך זעהר פערשעהמט און בין אנטלאפען. דער אלטער און

ווילדער הערשער פון דיא שווארצע האט אנגעהויבען צו ברומען , וויא א ווילדעס טהיער. ער וואלט מיך געוויס געווען געטייטעט, ווען זיינע פרויען זאלען ניט געווען ארויסלאזען אגרוים געלעכטער . דיעזער געלעכטער האט מיר געראטעוועט דאס לעבען. דער אלטער קעניג האט זיך א ביסעל בערוהיגט ; ער האט אבער ניט געלאכט, זאָנדערן האט מיך אנגעקוקט בייז און פערדראָסען , גלייך וויא ער האט מיר געוואלט זאָגען :

— ווען דוא קענסט ניט דערלאנגען קיין עסען, צו וואס דען טויגסט דוא ?

נאכ'ן עסען האט זיך דיא יונגע קעניגין אויפגעהויבען און האט מיר גע-הייסען געהן מיט איהר. זיא האט מיך געפיהרט אין איהר פאלאץ. דאס איז געווען אזא שטוב, וויא דעם קעניגס ; זיא איז אבער ניט געווען אָהן ווענט ; זיא האט געהאט ווענט פון גערינקט געפלאָכטענע באַמבוק שטעקענס . ארום הויז אדער פאַלאץ — עס פאַסט דאך ניט , אז אקעניגין זאל וואונען אין א גע-וועהנליכעס הויז, אלזא מוז עס זיין א פאַלאץ. — ארום פאַלאץ אלזא איז גע-ווען א גאָרטען , אין וועלכען עס האבען זיך געפונען היהנער, און אנדערע מיר ניט בעקאנטע פייגעל, א פאָר קליינע הירשען , און נאך עטליכע טהיערע.

זיא האט מיר אָנגעוויזען דורך צייכענס , וואס איך דארף טאהן. ווען זיא לעגט זיך שלאפען , זאל איך שטעהן פאר דער טהיר פון איהר פאלאץ, און זאל קיינעם ניט אריינלאזען. ווען איהרע אונטערטהאַנען ווערן צו פרעהליך, ווען זיא שלאפט , זאל איך זיי וויזען , אז זיא שלאָפט , וועלען זיי שווייגען. דאן האב איך געדארפט פערזארגען דיא פייגעל און דיא טהיערע מיט עסען. אויסער דעם האב איך געדארפט האלטען ריין דאס הויז און דעם גאָרטען.

דיא קעניגין האט צוואר געהאט נאך שקלאפען , זיי האבען אבער געטאן דיא גראבע ארבייטען: צו שטויסען קאָרן און טערקישע ווייץ און מאכען פון זיי מעהל, באַקען ברויט און דערגלייכען. איך בין געווען דער קאמערהערר, אדער לייב דיענער פון איהרע קעניגליכע מאַיעסטעט . איך פלעג איהר בע-גלייטען, וואוהין זיא פלעגט געהן, און פלעג איהר נאכטראגען דיא זאכען, וועלכע זיא פלעגט דארפען.

יעדער אין דער פריה פלעגט זיא ארויפגעהן אויף א בערגעל און פלעגט דיענען צו איהר גאט, דאס הייסט, צו דער זון, ווען זיא איז אויפגעגאנגען. איך פלעג מוזען געהן מיט איהר און נאכטראגען איהר א מאַטע , א סאָרט ראָגאָזשע, אויסגעפלאכטען פון לאנגע און ברייטע גראָזען. דאן פלעגט זיא געהן צום קעניג און פלעגט איהם יעדעס מאל עפעס ברענגען. אזוי איז דארט דיא מאָדע.

איך האב ניט געהאט וואס צו בעקלאגען זיך אויף מיין שקלאַפעריי. מיין הערשערין האט מיך בעהאנדעלט זעהר פריינדליך , און פלעגט מיך קיין מאל ניט שלאגען , וויא זיא פלעגט שלאגען איהרע איבעריגע שקלאַפען און

שקלאפינען. זיא פלעגט זעהר אפט רעדען צו מיר, איך האב זיא אבער ניט פערשטאנען, און זיא האט אנגעהויבען מיך צו לערנען איהר שפראכע. זיא פלעגט מיר ווייזען אויף א זאך און פלעגט מיר זאגען, וויא עס הייסט, איך האב געמוזט עס נאכזאגען אזוי לאנג, ביז איך האב ריכטיג געזאגט דאס ווארט.

אויף דיעזער ארט האב איך באלד געקענט אזוי פיעל ווערטער פון איהר שפראכע, אז מיר פלעגען קענען זיך צונויפרעדען, און פלעגען ניט דארפען אנקומען צו צייכענס.

איך האב באלד בעמערקט, אז זיא ציטערט פאר'ן אלטען קעניג נאך מעהר פון מיר, און האט איהם פיינט פונקט וויא איך האב איהם פיינט. ווען מיר פלעגען זיין ביים קעניג, פלעגט זיא מיך בעהאנדלען זעהר שטרענג, פלעגט מיר הייסען אלעס טאהן, און פלעגט מיך זאגאר שלאגען, ווען איך האב געטאהן א זאך ניט וויא זיא האט עס געוואלט, ביי זיך אין דערהיים אבער פלעגט זיא מיך בעהאנדלען פריינדליך און פלעגט מיר גיבען צו פערשטעהן, אז זיא האט מיך אומיסטען געשלאגען פאר'ן קעניג, ער זאל זעהן, אז איך בין ווירקליך איהר שקלאף.

מיינע קאמעראדען זיינען אויך געווען שקלאפען. איינער איז געווען א שקלאף ביים קעניג אליין. דיא אנדערע האט דער קעניג צו שענקט צו זיינע פרויען און צו זיינע מיניסטארען און גענעראלען. איך פלעג זיי אפט זעהן, מיר פלעגען אבער קענען רעדען איינער מיט'ן אנדערן נור א פאר ווערטער. דיא נעגער פלעגען אונז ניט לאזען זיך צונויפרעדען.

איין מאל האט מיין הערשערין פערגעסען איהר פייל און בויגען ביים קעניג, און זיא האט געהייסען מיר געהן און זיי בריינגען. איך האב גענומען א שטיקעל רינדע (קארע) פון אבוים און האב מיט'ן שפיץ פון א מעסער אנ־געשריעבען אפאר ווערטער צו מיין קאמעראד, וועלכער איז געווען ביים קעניג, אז ער זאל מיר שיקען דעם פייל און בויגען. דאס שטיקעל רינדע האב איך געשיקט דורך אקליינעם נעגער יונגען. אין אייניגע מינוט ארום איז ער צוריק געקומען און האט געבראכט, וואס איך האב פערלאנגט. דיא קעניגין האט אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא אזוי דאס איז געשעהן. פון וואנען האט יענער ווייסער שקלאף געוואוסט, אז איך בעט איהם, ער זאל מיר שיקען דעם פייל און בויגען?

— איהר ווייסע מענשען קענט רעדען איינער צום אנדערן פון דער ווייטענס! האט זיא אויסגערופען.

איך האב איהר ערקלערט, אז מיר רעדען ניט, זאנדערן מיר שרייבען איינער צום אנדערן, זיא האט אבער אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וואס עס הייסט שרייבען, און איך האב עס ניט געקענט ערקלערן. זיא האט מיר געהייסען, איך זאל אנשרייבען צו אנ'אנדער ווייסען, ער זאל מיר עפעס

שיקען, איך האב עס געטאהן און מען האט מיר געבראכט, וואס איך האב פערלאנגט. זיא האט מיר דאן געהייסען, איך זאל שרייבען צום שקלאף, וועלכער איז געוועזן ביים קעניג, ער זאל איהר שיקען עסען. מען האט געבראכט דאס עסען.

דיא יונגע קעניגין, וואמבא האט זיא געהייסען, האט געפונען, אז דיא ווייסע מענשען זיינען צויבערער און דורך כישוף ווייס איינער וואס דער אנדערער פערלאנגט. איך האב איהר ערקלערט וויא ווייט איך האב געקענט, אז דאס איז קיין צויבער.

— דאן לערן מיך אויס קריצען מיט א מעסער אויף דיא רינדע (קאָרע) פון א בוים! האט זיא אויסגערופען.

איך האב געמוזט איהר צוזאגען, אז איך וועל זיא אויסלערנען שרייבען, דערבייא אבער האט זיא פערלאנגט, אז איך זאל עס קיין אנדערן פון איהר פאלק, זאגאר דעם קעניג, ניט לערנען. זיא אליין האט געוואלט קענען דעם גרויסען כישוף, וויא צו רעדען מיט א מענשען פון דער וויטען.

איך בין אלזא געווארען לעהרער פון איהרער שווארצער מאיעסטעט. מיין אויפגאבע איז געוועזן קיין לייכטע, וויא זאל איך איהר ערקלערן בוכשטאבען, ווען איהר שפראכע איז אזוי פערשיעדען פון מיינע? פון דעסטוועגען האב איך עס געטאהן. איך האב איהר געוויעזען דיא צייכענס פון בוכשטאבען און האב איהר ערקלערט, וויא מען מאכט דערפון ווערטער. זעלבסטפערשטענדליך, אז זיא האט עס ניט פערשטאנען און אונזערע לעקציאנען האבען געדויערט זייער לאנג. דער פאר אבער פלעגען מיר ביידע זעהר אפט זיין צוזאמען.

אזוי וויא מיר זיינען ביידע געוועזן יונג, איז קיין וואונדער, וואס צווישען אונז האבען זיך ענטוויקעלט גאנץ אנדערע פערהעלטניסע און גאנץ אנדערע געפיהלע, וויא צווישען אהעררשערין און א שקלאף דארף זיין. איך האב געפיהלט, אז וואמבא ליעבט מיך און איך האב זיא אויך ליעב בעקומען.

מיר האבען אבער ביידע געציטערט פארן אלטען קעניג. איך האב געוואוסט, אז ער איז פערליעבט אין וואמבא וויא אן אלטער נעגער קען נור זיין פערליעבט. זיא איז געוועזן דיא איינציגע פרוי אין דער גאנצער שטאדט און פיעלייכט אין גאנצען לאנד, וועלכע האט געוועלטיגט איבער איהם. ער האט געטאהן אלעס וואס זיא האט פערלאנגט פון איהם און ווען זיא האט זיך איינגעשפארט, האט זיא אלעס אויסגעפיהרט ביי איהם, זיא האט אבער מורא געהאט, ער זאל ניט געוואהר ווערן, אז זיא בעהאנדעלט מיך אנדערש וויא א שקלאף, אדער אז צווישען אונז הערשען גאנץ אנדערע געפיהלע.

וויא יונג וואמבא איז געוועזן, איז זיא דאך געוועזן גאנץ קלוג און גאנץ

געשייט פאר א נעגערין . זיא האט געוואוסט , וויא זיך צו האלטען און וויא אָפצונאַררן דעם אלטען קעניג . פון דעסטוועגען פלעגען מיר שטענדיג ציטערן פאר אונזער לעבען .

איך האב מיך אָנגעזעהן אזוי פיעל גרויזאַמקייטען און ווילדקייטען פון דיזען אלטען נעגער, אז איך פלעג ציטערן פאר זיין בליק . ער פלעגט אליין טייטען דיא שקלאַפען אדער זיינע אונטערטהאַנען , וועלכע האבען זיך עפעס פערזינדיגט געגען איהם . פאר יעדען פלעגט ער אויסזוכען אנאנדער טויט און פלעגט האבען דעם גרעסטען פערגניגען , ווען ער פלעגט זעהן , וויא זיינע אָפפער ווארפען זיך און צאַפלען זיך פארן טויט" .

## 62-טעם קאפיטעל

## אינגראַהאַם צושיידט זיך מיט וואַמבאַ און קומט קיין האַוואַנאַ .

„עס זיינען אזוי פערגאנגען געגען זעקס מאָנאַטע . איינמאל האט דער אלטער קעניג פערזאמעלט אלע זיינע קריעגער און איז מיט זיי ארויסגעגאנגען אין דיא וועלדער אויף א יאַגד אויף עלעפאַנטען . מיינע קאַמעראַדען האט מען געלאזען אין שטאָדט , נור מיך האט וואַמבאַ מיט גענומען . אזוי וויא איך האב ניט געהאט קיין ביקס און האב ניט געקענט שיעסען מיט פייל און בויגען , האט וואַמבאַ מיר געגיבען א לאַנגען שפיז . זיא האט געוואלט וויזען דעם קעניג , אז איך בין אויך א יעגער . זיא אליין האט זעהר גוט געשאָסען מיט א פייל און בויגען .

דיא יאַגד איז געווען אזאַנדערבארע . אויף א פרייען פלאץ אין דער מיט וואלד האט מען געמאכט א שטארקען פאַרקען פון קלעצער מיט צוויא דרייא גרויסע טויערן , דורך וועלכע מען האט געקענט לייכט אריינגעהן , אבער ניט לייכט ארויסגעהן . ווען דער פאַרקען איז געווען פערטיג , האבען זיך דיא יעגער צושפרייט איבערן וואלד , האבען געפויקט , געקלאפט , גע-שריען און געליארמט . זיי האבען געוואלט איבערשרעקען דיא ווילדע טהיערע און זיי טרייבען צום פאַרקען .

אזוי וויא דער קעניג האט געהאט גענוג מעגישען , וועלכע האבען גע-ציטערט פאר איהם און האבען געפאלגט יעדען וווינק , וואס ער האט זיי געגעבען , האבען זיי ארומגעריגגעלט א גרויס שטיק וואלד און האבען גע-טריעבען אלע ווילדע טהיערע אין פאַרקען .

יעצט ערשט האט יעדער ארויסגעוויעזען , וואס ער האט געקענט . דער גוטער יעגער האט געשאָסען דיא טהיערע מיט זיינע פיילען און האט

ווי געטייטעט, איידער זיי זיינען צו געקומען צום פארקען. דער שלעבטער יעגער האט זיי ניט געטראפען און האט זיי געיאגט צום פארקען.

וואמבא איז געוועזן אגרויסע קינסטלערין מיט'ן בויגען. זיא פלעגט שיעסען קליינע טהיערע און פייגעל. איך פלעג מוזען לויפען, צוזאַמענקלויבען איהרע פיילען און דיא טהיערע און פייגעל, וועלכע זיא האט געטייטעט. דער אלטער קעניג פלעגט אָפט געהן מיט אונז, דאס הייסט, ער פלעגט הייסען, מען זאל איהם טראגען אויף א טראָגבאהרע (נאָסילקי). אמאל פלעגט וואמבא אויך זיצען לעבען איהם, זעהר אָפט אבער פלעגט זיא אליין געהן מיט מיר: דער קעניג איז געוועזן אלט און זעהר פויל, נור ווען ער פלעגט דארפען טייטען א מענשען, פלעגט ער לעבעדיג ווערן.

איך פלעג דאהער זעהר אָפט בלייבען מיט וואמבא אליין. זיא פלעגט שיעסען פייגעל, איך פלעג מאבען א פייער און פלעג זיי אָפבראָטען. מיר פלעגען זיך דאן בּיידע אניעדערזעצען אונטער אבוים און פלעגען זיי עסען און פלעגען רעדען און זיך אונטערהאלטען.

וואמבא האט זעהר געוואלט וויסען, פון וואנען איך קום. איך האב איהר דערצעהלט, אז ערגעץ ווייט איבער דיא גרויסע וואסערן זיינען דא לענדער, וואו עס וואינען נור ווייסע מענשען. זיי האבען גרויסע שטעדט און לעבען אנדערש, וויא איהר פאָלק. איך האב איהר דערצעהלט, אז אונזערע קעניגע האבען נור איין פרוי, וועלכע איז א וואהרע קעניגין, אהערשערין.

זיא פלעגט מיך אויסהערן מיט פערגניגען. דאן האט זיא מיר דער־צעהלט, אז אמאל זיינען ווייסע מענשען אָנגעפאלען אויפ'ן לאנד פון קעניג ראָקאָרוא און האבען אוועקגעפיהרט פיעלע געפאנגענע. זייט דאמאלס איז דער קעניג זעהר בייז אויף דיא ווייסע מענשען. דיא נעגער, וועלכע האבען אונז געפאנגען, האבען ניט דערצעהלט, אז זיי האבען אונז געפונען ביים ברעג פון'ם מעער, זאנדערן זיי זיינען אנגעפאלען אויף אונז און האבען אונז געפאנגען מיט געוואלד. דערפאר האט זיי דער אלטער קעניג אפגעגיבען גרויס עהרע. ער האט געוואלט אונז באלד טייטען, זיא אבער האט איהם געבעטען און איהם געגיבען צופערשטעהן, אז אזוי וויא דיא ווייסע האבען גע־מאכט זיינע אונטערטהאנען פאר שקלאפען, אזוי זאל ער מאכען דיא ווייסע פאר שקלאפען.

ער האט איהר געפאלגט און האט אונז געמאכט פאר שקלאפען, זיין הייסעם בלוט אבער צוקאָכט זיך יעדעס מאל, ווען ער דערמאנט זיך, אז דיא ווייסע מענשען האבען ביי איהם אוועקגערויבט זיינע אונטערטהאנען.

דיא יאַגד האט געדויערט גאנצע צוויא מאָנאטע. דער קעניג האט געפונען פיעלע טהיערע. אייניגע פלעגט מען טייטען אויפ'ן אָרט און אָפ־

שינדען זייער פעל, אנדערע פלעגט מען אוועקפיהרען לעבעדיגערהייט אין שטאָדט, וואו מען פלעגט זיי געוועהנען צו א מענשען.

דיא נעגער האבען אויך געפאנגען פיעלע עלעפאנטען. קעניג ראָקאַרואַ האט זעהר גוט געוואוסט, אז עלפען ביין איז א טהייערער ארטיקעל, פאר וועלכען מען קען בעקומען קליידער, מעסערס און אנדערע גוטע זאכען.

אזוי איז פערגאנגען דיא צייט. וואמבא האט זיך אליך מעהר פערליעבט אין מיר און איך האב געענטפערט איהר ליעבע. איך האב מיך אזוי צו־געוועהנט צו איהר און צום ווילדען לעבען פון דיא נעגער, אז איך האב שוין אויפגעהערט צו בענקען אהיים און וואלט שוין צופריעדען געווען צו בלייבען ביי קעניג ראָקאַרואַ.

איך האב געוואוסט, אז ער וועט שוין לאנג ניט לעבען און האב געקענט האפען, אז נאך זיין טויט וועט אלעס אנדערש ווערן. אזוי וויא וואַמבאַ איז געווען זעהר בעליעבט ביי אלעמען, איז זעהר מעגליך, אז מען זאל זיא מאכען פאר קעניגין, דאן קען איך נאך ווערן א קעניג איבער א נע־גער פאָלק.

דיעזע האפנונג איז צוואר נאך געווען זעהר וויט, זיא איז אבער מעגליך געווען. דאס פאָלק האט פיינט געהאט דעם ווילדען ראָקאַרואַ און האט געוואַרט אויף זיין טויט.

איך האב אלזא אויפגעהערט צו טראכטען פון אנטלויפען און פלעג מיט פערגניגען בלייבען ביי מיין געליעבטער וואַמבאַ.

דער קעניג האט געהייסען זיינע אונטערטהאנען געהן אליך וויטער. עס איז איהם געווען אזוי פרעהליך אויף דער יאַגד, אז ער האט גאר ניט גע־וואלט פאָהרען אהיים. וואַמבאַ האט מיר פערטרויט א געהיימניס, אז דער קעניג פאָהרט אליך וויטער, וויל ער דענקט אָנצופאלען אויף א פאָלק, וועלכעס וואינט ערגעץ ניט וויט, און מאכען עטליכע הונדערט געפאַנגענע. ער האט צו ווענינ שקלאַפען אין זיין לאנד.

מיך האט עס ווענינ געקימערדט. איך בין געווען צופריעדען, ווען ער האט מיך געלאזען אליין מיט מיין געליעבטער וואַמבאַ אין פלעג נור זוכען א געלעגענהייט צו געהן מיט איהר וויט פון׳ם אלטען מערדער ראָקאַרואַ.

איין אבענד האט דער קעניג געהייסען צונויפרופען אלע זיינע מענשען. וואַמבאַ האט אויך געמוזט זיין דערבייא און איך בין געשטאַנען הינטער איהר, וויא א שקלאף דארף שטעהן לעבען זיין הערשערין. דער אלטער קעניג האט בערופען א קריעגסראַטה (וואַיעני סאָוועט) און האט זיך בעראטהען מיט זיינע מיניסטאָרען און גענעראלען, וויא אזוי אנצופאלען אויף דער שטאדט, וואו ער האט געוואלט מאכען געפאַנגענע.

מען האט זיך זעהר לאנג בעראטהען און מען האט אפגערעדט, אז

מען זאל איינלאדען דיא איינוואינער פון יענער שטאדט אויף דער יאַגד. אין דער צייט וואס זיי וועלען זיך געפינען אין וואלד, זאל אן אבטהיילונג פון בעוואפענטע מענער אנפאלען אויף דער שטאדט, וואו עס וועלען בלייבען נור פרויען, קינדער און אלטע שוואכע מענער. מען וועט זיי אלע בינדען און אוועקטרייבען אין שטאדט פון קעניג ראָקאַרואַ.

דער פלאן איז געווען א טייפעלישער און מען האט איהם אויסגעפיהרט אזוי קינסטליך און אזוי געשיקט, אז דיא אונגליקליכע נעגער פון יענער שטאדט האבען געגעסען געטרונקען און זיך אונטערהאלטען מיט דיא מענשען פון קעניג ראָקאַרואַ אין דער צייט, ווען דער קעניג מיט זיינע בעסטע קריעגער זיינען אנגעפאלען אויף דער שטאדט, האבען אויסגעקוילעט וויא דיא שעפסען אלע אלטע און שוואכע מענער און פרויען און דיא יונגע האט מען געבונדען צו צווייא צוזאמען און מען האט געוואלט זיי אוועקטרייבען.

דער קעניג מיט זיינע פרויען זיינען אויך געווען אין שטאדט, דער ווילדער און בלוטדורשטיגער ראָקאַרואַ האט מיט זיינע אייגענע הענד גע־טייטעט אלטע, קראנקע און שוואכע נעגער. איך האב געזעהן, וויא דיא אונגליקליכע וואַמבאַ האט ניט איין מאל געציטערט, ווען זיא האט געזעהן, וואס איהר מאן טהוט, זיא האט אבער ניט געקענט העלפען.

דער אלטער מערדער איז געווען אזוי זיכער, אז קיינער וועט איהם ניט שטערן, אז ער האט געהייסען מאכען א גרויסען מאָהלצייט אין דער אונגליקליכער שטאדט, וואו מיר האבען געפונען זעהר פיעל פראָוויאַנט.

אלע זיינען געווען לוסטיג און פרעהליך. דאס עסען איז פערטיג געווארען און מען האט אנגעהויבען עס צו דערלאנגען. איך האב געטראגען א גרויסע הילצערנע שיסעל, וועלכע איך האב געדארפט אניעדערשטעלען פארן קעניג און פאר וואַמבאַ.

פלוצלונג האבען מיר דערהערט שיעסען.

— טראַך! טראַך! טראַך!

דיא טויערן פון דער שטאדט זיינען אויפגעריסען געווארען און אין שטאדט זיינען אריינגעקומען אפאר הונדערט מענשען, ווייסע און שווארצע, מיט געלאדענע ביקסען, פיסטאָלעטען און רעוואָלווערס. זיי האבען ארומגערינגעלט קעניג ראָקאַרואַ מיט זיינע פרויען, מיט זיינע שקלאפען, מיט זיינע אונטערטהאנען און האבען אלעמען געבונדען.

— ווער ביסט דו? האט מען מיך געפרעגט אויף פאָרטוגעזיש.

אזוי וויא איך פערשטעה קיין ווארט פאָרטוגעזיש, האב איך געענט־פערט אויף ענגליש און האב ערקלערט, ווער איך בין און וויא איך קום אהער.

— דאן, קום מיט אונז, האט מען מיר געזאגט.

יעצט האָט זיך איבערגעקעהרט דאס בלעטעל. דיא פרעמדע האבען געפונען, דאס קעניג ראַקאַרואַ איז שוין צו אלט און מען קען איהם ניט פערקויפען אלס שקלאַף. מען האט איהם דערשאָסען פאר מיינע אויגען. דאן האט מען אלעמען געבונדען און מען האט זיי אוועקגעטריעבען. מיך אלס ווייסען מענשען, בעזאָנדערס אבער אלס ענגלענדער, האט מען מיטגענומען און מען האט מיך בעהאנדעלט זעהר פריינדליך.

עס האט זיך געפונען צווישען זיי איינער, וועלכער האט זעהר גוט גערעדט ענגליש. איהם האב איך דערצעהלט אלעס, וואס האט פאסירט מיט מיר און מיט מיינע קאַמעראדען. איך האב געזעהן מיט שמערץ און מיט-לייד, וויא מען האט מיין געליבטע וואַמבאַ צוגעבונדען צו נאך א יונגע נעגערין און מען האט זייביידען געטריעבען וויטער. איך האב געבעטען, אז מען זאל זיא בעפרייען, מען זאל זיא מיר שענקען, מען האט מיך אבער ניט געוואלט הערן. וואַמבאַ איז געווען יונג און שעהן, פאר אזא שעהנע שקלאַפין קען מען אין אמעריקא נעהמען טויזענד און זאגאר פופצעהן הונדערט דאָללאַר.

איך בין באלד געוואהר געווארען, אז דיא ווייסע וועלכע האבען גע-פאנגען קעניג ראַקאַרואַ'ס מענשען, זיינען פאָרטוגעזען פון בראַזיליען. זיי געהערן צו א שקלאַפענהענדלער, — א שיף, וועלכעס פאהרט קיין אפריקא פאנגען נעגער אום זיי צופערקויפען אין אמעריקא אלס שקלאפען. דער שיפס-קאפיטאן איז אויך געווען מיט זיי. ער האט געמאכט א גוטעס געשעפט, אהן פיעל מיה האט ער בעקומען עטליכע הונדערט שקלאַפען, אלע יונג און שטארק, פאר וועלכע ער וועט נעהמען אין בראַזיליען א גוטען פרייז.

אויפ'ן וועג פון דער שטאדט ביז צום ברעג פונ'ם מעער האב איך בעגלייטעט וואַמבאַ, איך האב איהר געבראכט עסען, האב געטאהן אלעס מעגליכע אום צו ערלייכטערן איהרע ליידען. מעהר אבער האב איך ניט געקענט טאהן פון איהרטוועגען. ווען איך זאל געווען האבען געלד, וואלט איך זיא אויסגעקויפט. איך האב אבער ניט געהאט ביי מיר א גראָשען און דער שיפסקאַפיטאן האט ניט געוואלט אוועק שענקען אזא שעהנע שקלאפין, וויא וואַמבאַ.

אין צווייא טעג ארום זיינען מיר צוגעקומען צום ברעג פונ'ם מעער, דארט איז געשטאנען א גרויסעס און שעהנעס שיף. מען האט אנגעהויבען צו טראַנספּאָרטירען דיא שקלאַפען אויפ'ן שיף. איך האב געוויינט און געבעטען, אז מען זאל וואַמבאַ ניט צונויפפאקען מיט דיא איבעריגע שקלאפען, ווייל זיא איז דאך א קעניגין.

— זיא איז א שקלאַפין, האט מען מיר געענטפערט.

איך האב מיך געשטעלט, האב פראָטעסטירט, האב געדראהעט, אז

איך וועל מיך ווענדען צו דער ענגלישער רעגיערונג און וועל דערצעהלען, אויף וואס פאר א שרעקליכער אונמענשליכער ארט דיא בראזיליאנער האבען בעקומען זייערע שקלאפען. — אומזיסט! קיינער האט מיך ניט געוואלט הערן. 
ס איז געקומען אזוי וויט, אז דער שיפסקאפיטאן האט מיר געזאגט:

— ווען דוא וועסט רעדען נאך א ווארט, וועלען מיר דיך לאזען דא ביי דיינע אפריקאנישע פריינד.

איך וויל ניט בעשרייבען דיא שרעקליכע, אונמענשליכע סצענען, וועלכע האבען זיך אפגעשפיעלט ביים ארויפברענגען דיא נעגער אויפ'ן שיף און וויא מען האט זיי פערפאקט אין גרויסע הילצערנע שטייגען, וויא דיא ווילדע טהיערע, מענער, פרויען און קינדער צוזאמען. אין איניגע שטייגען איז געווען אזוי ענג, אז דיא אונגליקליכע האבען קוים געהאט פלאץ, וואו זיך צו לעגען.

דאס איינציגע, וואס איך האב געקענט אויסבעטען פאר וואמבא, איז געווען מען זאל זיא האלטען אין א שטייג, וואו עס געפינען זיך נור פרויען.

אין איניגע טעג ארום זיינען מיר אוועקגעפאהרען פון אפריקא. איך בין צוואר ארומגעגאנגען פריי אויפ'ן דעק, מען האט מיך אבער געהיט, וויא מען היט א גנב. אין דער גאנצער צייט פון אונזער רייזע האב איך נור אפאר מאל געקענט זעהן וואמבא. זיא האט זיך אזוי פערענדערט, אז עס איז געווען שווער זיא צו דערקענען. איך האב געגלויבט, אז זיא וועט ניט אויסהאלט'ן דיא רייזע, זיא וועט שטארבען אויפ'ן וועג, איהר שטארקע נאטור אבער האט אויסגעהאלטען.

אונזער שיף איז געפאהרען קיין ריא דע זשאנייראָ, דיא הויפט שטאדט פון בראזיליען. אויפ'ן וועג האבען מיר בעגעגענט שיפען, מיר האבען זיי אבער אייסגעמיעדען. דער דורכגעטריעבענער שיפסקאפיטאן האט ניט געוואלט וויזען, וואס פאר א סחורה ער פיהרט פון אפריקא.

ער וואלט געווען געפאהרען גלייך קיין ריא דע זשאנייראָ און וואלט זיך אין ערגעץ ניט אפגעשטעלט. עס איז איהם אבער אויסגעגאנגען וואסער און ער האט געמוזט צו קומען צום פארט פון האוואנא אום זיך צו פערזארגען מיט וואסער.

איך האב בענוצט דיעזע געלעגענהייט און בין אנטלאפען פון שיף. מיין ערשטער גאנג איז געווען צום ענגלישען קאנסול אין האוואנא. איך האב איהם דערצעהלט אלעס און האב איהם געבעטען, ער זאל אויפהאלטען דאס שיף מיט דיא שקלאפען, ווייל דער שקלאפען האנדעל איז פערבאטען.

דער ענגלישער קאנסול האט מיר אבער גאר ניט געקענט העלפען, ווייל דער שקלאפען האנדעל איז ערלויבט אין קובא.

— איך האב מעהר ניט געזעהן מיין געליעבטע וואמבא, האט אינג-

ראַהאַם געענדיגט זיין ערצעהלונג, וואו איז זיא ערגעץ יעצט? לעבט זיא נאָך? איז זיא ערגעץ אשקלאַפין ביי אריינבען פלאַנטאַטאָר אין בראַזיליען? — איך ווייס עס ניט. איך וויים נור, אז איך ליעבע דיעזע פרוי, אבוואהל זיא איז א נעגערין".

## 63-טעס קאַפּיטעל

## אַלוואַרעז האט מיך פעררעטהען.

אינגראַהאַם'ס געשיכטע האט געמאכט אויף מיר א טיעפען איינדרוק. איך האב געזעהן, אז ער ליעבט ווירקליך זיין שעהנע נעגערין און זיא איז יעצט זעהר אונגליקליך. איך האב מיטלייד געהאט מיט איהם און האב איהם געטרייסט, וויא וויים איך האב געקענט. איך האב איהם געהאלטען ביי מיר, און האב איהם געהייסען עסען מיט מיר צוזאמען און שלאפען אין מיין קאַיוטע. מיר זיינען באלד געווארען גוטע פריינד.

אַלוואַרעז אלס ערשטער אָפיציער און אלס ווירקליכער שיפסקאַפּיטאַן פלעגט אויך עסען מיט אונז צוזאמען, ער פלעגט אבער שלאפען אין א בעזונדער קאַיוטע. ער איז שטענדיג געווען זעהר העפליך געגען מיר. ער פלעגט אבער ווענינ רעדען ביים טיש.

אונזער רייזע איז אין דיא ערשטע עטליכע טעג געווען אגאַנץ גליקליכע. דאס וועטער איז געווען שעהן און דיא „סאַנקט העלענאַ" איז געגאַנגען לאַנגזאם אבער זיכער איהר וועג. איך האב געהאט זעהר וועניג ארבייט, ווייל אַלוואַרעז פלעגט טאָהן אלעם, וואס מען האט נור געדארפט. ער איז געווען אזוי פריינדליך, אז ער האט מיר זאָגאַר ניט געלאזען שטעהן אויף דער וואַך. איך בין געווען אזוי אונערפאהרען און האב געהאט אזוי פיעל צוטרויען צו מענשען, אז איך האב איהם געגלויבט און האב מיך אין גאנצען פערלאזען אויף איהם.

איין מאל איז אינגראַהאַם געקומען צו מיר און האט מיר געזאגט שטילערהייט:

— מיר געפעלט ניט אַלוואַרעז.

— פאר וואס? האב איך אויסגערופען, וואס האסט דוא דען געזעהן פון איהם?

— איך האב געזעהן, אז ער רעדט עפעס מיט דיא מאַטראָזען שטילערהייט, האט אינגראַהאַם געענטפערט, איך האב געזעהן, אז מען היט זיך פאַר מיר. איך זעה, ווי מען סוד'עט זיך און ווען איך קום צו צו זיי, בלייבט מען שטיל. דא איז עפעס ניט גלאַט.

— עס דאכט זיך דיר, אינגראַהאַם, האב איך געלאכט, וואס קען דען אַלוואַרעז מיר טאהן? ער איז דאך נור דער ערשטער אָפיציער, איך בין דער שיפסקאַפּיטאַן!

אינגראַהאַם האט אבער אנדערש געדאכט און האט אנגעהויבען זיך שטארק צו צוקוקען צו אַלוואַרעז.

עס זיינען וויעדער פערגאנגען אייניגע טעג, אין וועלכע עס האט גאר ניט פאַסירט. אינגראַהאַם פלעגט מיר יעדען טאג זאגען, אז עפּעס איז ניט גלאַט אויף דער „סאַנקט העלענאַ" און, אז איך וואלט גלייבער געטאהן זיך אומצוקעהרען אדער ארייגפאהרען אין א פּאָרט און הייסען אַלוואַרעז אויס-שטייגען פון שיף. איך האב דערפון ניט געוואלט וויסען.

איין מאל נאך מיטאג, ווען דיא היץ האט געברענט וויא פייער און אלע מאטראוזען אויסער דיא וואַכען און דער מאן ביים רודער, זיינען גע-שלאַפען אדער האבען זיך בעהאלטען פון דער זון, איז אינגראַהאַם געקומען צו לויפען צו מיר אויפגערעגט און דערשראָקען.

— איהר האט מיר ניט געוואלט גלויבען ביז אהער, מיסטער קעמדען! האט ער אויסגערופען, געהט און איבערצייגט אייך. אז עפּעס איז ניט גלאַט. אַלוואַרעז האט געענדערט דעם קורס פון'ם שיף! מיר פאהרען גאר ניט קיין בוענאָס איירעס!

איך בין אויפגעשפרונגען, וויא אַן אפגעבריהטער, און בין ארויפגעלאפען אויף'ן דעק. איך בין צוגעלאפען צום קאָמפּאַס, האב מיך צוגעקוקט צו דער קאַרטע און האב דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז אינגראַהאַם האט רעכט: אַנשטאדט צו פאהרען גלייך קיין זידען (דרום זייט), וואו בוענאָס איירעס געפינט זיך, זיינען מיר געפאהרען קיין אָסטען (מזרח זייט).

איך האב באלד געשיקט רופען אַלוואַרעז, האב איהם געוויעזען, אז ער פאהרט ניט, וואוהין איך דארף, און האב איהם געמאכט פאָרווירפע און האב איהם געדראָהעט, אז איך וועל עס אנצייגען אין ערשטען פּאָרט, וואוהין מיר וועלען קומען.

אַלוואַרעז האט מיר ערקלערט, אז עס איז א קלייניגער פעהלער פון'ם שטייערמאַן, — דער מענש, וועלכער איז געשטאנען ביים רעדעל, און אז איך דארף ניט בייז זיין, ווייל איך האב דאך גאר ניט פערלארען: מען קען אויף דיעזען וועג אויך קומען קיין בוענאס איירעס.

וואלט איך געווען בעסער בעקאנט געווען מיט'ן וועג, וואלט איך גע-וואוסט, וויא וויים אַלוואַרעז איז אראפּ פון ריכטיגען וועג. איך בין אבער צום ערשטען מאל געפאהרען אין דיעזע וואסערן. ווען איך זאל וועלען וויסען גענוי, וויא וויים מיר זיינען אראב פון וועג, דארף איך מאכען אלאנגע און שווערע רעכנונג, וועלכע וואלט פערנומען ביי מיר פיעל צייט.

איך האב מיך דאהער ענטשלאסען זיך בעסער צו צוקוקען צום קאָמפּאַס און צו דיא מעער קארטען און זיך מעהר ניט פערלאזען אויף אַלוואַרעז.

עס זיינען וויעדער פערגאנגען אפאר טאג, אין וועלכע איך האב גע-פונען אלעס אין אָרדנונג. אַלוואַרעז איז מיר געקראכען דורך דיא נעגעל. ער האט געארבייט מעהר פון אלעמען און האט געטאהן אלעס מעגליכע מיר צו בעוויזען, אז איך האב איהם אומזיסט חושד געווען. דאס האט אבער אינגראַהאַם ניט דערלאזען. ער פלעגט יעדע האלבע שטונדע אקוק טאהן אויפ'ן קאָמפּאַס, פלעגט זיך צו קוקען צו דער מעער קארטע און האט אויס-גערעכענט גענוי, וויא וויט מיר זיינען אראפגעפאהרען פון וועג.

נאך זיין רעכנונג זיינען מיר גאר געפאהרען קיין בראַזיליען. איך האב געפונען, אז אינגראַהאַם האט אונרעכט און איז אומזיסט חושד אַלוואַרעז אז ער מיינט עפּעס שלעכטעס.

איין מאל בין איך מיט אינגראַהאַם געזעסען ביים עסען. אַלוואַרעז איז ניט געקומען צום טיש. איך האב איהם געשיקט רופען, ער האט זיך ענט-שולדיגט, אז ער האט יעצט קיין צייט. מיר האבען אפגעגעסען אהן איהם און דער סטיואַרד (פּראָוויאַנט מייסטער) האט אונז געבראכט א פלאַש גאנץ קיהלער לעמאָנאַד, וועלכעס מיר האבען אויסגעטרונקען מיט פערגניגען.

באלד נאכ'ן טרינקען האב איך געפיהלט, אז דער קאָפּ ווערט מיר שווער, גלייך וויא ער וואלט געווען אנגעגאָסען מיט בליי; עס איז מיר שווער געווארען צוריהרען מיט דיא הענד און מיט דיא פיס און עס איז אויף מיר אנגעפאַלען אזא שלאָף, אז איך האב מיך מיט שווערער מיה צוגעשלעפּט צו מיין בעטעל, וואו איך בין אניעדערגעפאלען, וויא א דערהר'געטער.

וואס ווייטער איז געווען ווייס איך ניט. ווען איך האב מיך אויפ-געחאפּט, האב איך געפיהלט, אז דער קאָפּ טהוט מיר שטארק וועה און איך בין אזוי מיעד און שוואַך, אז איך קען מיך ניט ריהרען. איך האב אנגע-הויבען צו רופען אינגראַהאַם, דעם סטיואַרד און דיא מאטראזען, אשוואכע שטימע האט מיר געענטפערט:

— איך קען מיך ניט ריהרען!

איך האב דערקענט דיזע שטימע. דאס איז געווען אינגראַהאַם. איך האב ווייטער גערופען, געשריען און געבעטען, קיינער האט מיר ניט געענטפערט.

— מיר מוזעןווארטען, ביז עס וועט קומען מיטאָגסצייט, וועט מען אונז ברענגען עסען, האב איך מיר געטראכט.

אבער שטונדע נאך שטונדע זיינען פערגאנגען און דיא טהיר פון מיין קאַיוטע האט זיך ניט געעפענט, קיינער איז ניט געקומען צו אונז. פאר נאכט האט זיך אינגראהאם צו געשלעפּט צו מיר און האט מיר געגעבען אלעפּעל

מעדיצין. איך האב עס איינגענומען און אין אַ שטונדע אַרום האב איך מיך געפיהלט פיעל בעסער.

— רוף אריין וועמען עס איז, אינגראהאם! האב איך געזאגט צו איהם מיט א פארוואורף.

— דיא טהיר פון אונזער קאַיוטע איז פערשלאָסען פון דרויסען, האט אינגראהאם געענטפערט, מיר זיינען געפאנגען.

— דאס קען ניט זיין, דאס איז אונמעגליך! האב איך אויסגערופען.

— אלעס איז מעגליך ביי א שלעכטען מענשען, האט אינגראהאם געזאגט טרויעריג, ווייסט איהר, וואס מיר האבען געטרונקען מיט לעמאָנאַד, וועלכען מען האט אונז נעכטען געגעבען? — אָפּיום! איך בין אַן אַפּטהעקער און ווייס, וואס דאס איז. איך האב באלד דערפיהלט, אז מען האט געוואלט אונז פערגיפטען אדער ווענינגסטענס אונז איינשלעפערן אויף איניגע צייט. צום גליק, געפינט זיך אין דער קאַיוטע דער קאַסטען מיט מעדיצין. איך האב באלד גענומען אגעגען-גיפט און האב אייך געגעבען אגוטע פּאָרציאָן. מיר האבען אבער אויסגעטרונקען אזוי פיעל אָפּיום, אז מיר האבען געמוזט אנטשלאפען ווערן.

דאס מאל האב איך איהם געגלויבט. איך האב ערשט יעצט איינגע- זעהן, אז אלווארעז האט שטענדיג געטראכט מיר צוטאהן שלעכטעס, עס איז אבער געווען צו שפעט.

עס איז געווארען נאכט. אין אונזער קאַיוטע איז געווארען שטארק פינסטער. דיא הייץ איז געווארען שרעקליך. איך און אינגראהאם האבען זיך צוגעשלעפט צו דער טהיר, האבען געקלאפּט, גערופען, געבעטען, מען זאל אונז ווענינגסטענס געבען וואסער. קיינער האט אונז ניט געענטפערט.

ערשט פאר טאג האט זיך געעפענט דיא טהיר פון אונזער קאַיוטע און אלווארעז איז אריינגעקומען מיט א לאנטערנע אין איין האנד און מיט א געלאָדענעם רעוואָלווער אין דער אנדערער האנד. יעצט איז ער שוין ניט געווען העפליך. ער האט געזאגט צו אונז גאנץ גראָב:

— ווילט איהר זיך פערהאלטען רוהיג און ניט שרייען, ניט ליאַרמען, ניט קלאַפּען, וועט איהר בלייבען לעבען; קוים אבער וועט איהר ווערן אונ- רוהיג, וועל איך אייך דערשיעסען, וויא מען דערשיעסט משוגעגע הינט.

וואס האבען מיר געקענט ענטפערן דארויף? רעדען, קריעגען זיך, מאכען איהם פארווירפע, דראָהען איהם, — אלעס איז דאך געווען אומזיסט. עס איז געווען דייטליך, אז ער האט איבעררעדט דיא מאטראזען, זיי זאלען צונעהמען דאס שעהנע שיף מיט אלע סחורות. זיי וועלען ערגעץ פערקויפען דיא סחורות און מיט דעם שיף וועלען זיי פאהרען קיין אפריקא האנדלען שקלאַפען.

דאס איינציגע, וואס איך האב געקענט זאגעז צו איהם. איז געוועזן :

— גיב אונז וואסער ·

— איהר וועט האבען וואסער און אלעס, וואס איהר דארפט, נור בלייבט רוהיג, האט ער געענטפערט .

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען, און האט פערשלאסען דיא טהיר פון אונזער קאַיוטע. אין איינינע מינוט ארום האט מען אונז דערלאנגט וואסער און עפעס עסען . מיר האבען ניט געגעסען, וואסער אבער האבען מיר געמוזט טרונקען, ווייל מיר זיינען פערברענט געווארען פאר דורשט .

עס איז ענדליך טאג געווארען . דיא זון איז אויפגעגאנגען און האט אריינ- געשיינט אין מיין קאַיוטע, אין וועלכער איך בין יעצט געוועזן אַן ארעסטאנט . מיר האבען געהערט דיא טריט פון דיא מאטראָזען איבער אונזערע קעפּ, קיינער איז אבער ניט צוגעקומען צו אונז, קיינער האט צו אונז ניט גערעדט, און מיר האבען מורא געהאט צו שרייען און צו רופען ווימען. מיר האבען גע- וואוסט, אז אַלוואַרעז וועט האלטען ווארט און וועט אונז טייטען .

נעגען מיטאגס צייט האט זיך געעפענט א פענסטעריל פון אונזער קאיוטע, און א האַנד האט אונז אריינגעבראכט עסען און טרינקען . מיר זיינען נאך גע- וועזן געגוג שוואַך, מיר זיינען אבער געווארען הונגעריג, און האבען געגעסען, וואס מען האט אונז געגעבען .

אזוי זיינען פערגאנגען עטליכע טעג . איך און אינגראַהאַם זיינען געווארען פּאַלקאַמעז געזונד, און האבען געטראכט, געקלערט, און זיך געבראכען דעם קאָפּ, וויא מיר זאלען זיך רעטען. מיר האבען אבער גאר ניט געקענט אויס- טראכטען . מיר האבען געוואוסט, אז מיר ווערן גוט בעוואכט, און קוים וועלען מיר וועלען אויסברעכען א טהיר אדער א פענסטער, וועט מען אונז דערשיעסען . מיר האבען געמוזט שווייגען און ווארטען, וואס אַלוואַרעז וועט ווייטער מאכען מיט אונז .

איין זאך האבען מיר ניט געקענט פערשטעהן : פאר וואס האט אונז אַלוואַרעז ניט געטייטעט, ווען מיר זייצען געשלאָפען פון'ם אָפּיום, וועלכען ער האט אונז געגעבען ? וואס האט ער אזוי מורא פאר אונז ? פאר וואס טייטעט ער אונז ניט יעצט ? פאר וואס לאזט ער אונז לעבען ? עס איז דאך דייטליך, אז אַלוואַרעז וויל צונעהמען דיא „סאַנקט העלענאַ״. ער האט געוויס צוגעזאגט דיא מאַטראָזען גאלדענע בערג, ווען זיי וועלען איהם פאלגען. איך און אינגראהאם זיינען דיא איינציגע מענשען, פון וועלכע ער מוז לויז ווערן, ווייל מיר וועלען אויף קיין פאלל ניט איינוויליגען אויף זיינע פלענער. פאר וואס [illegible] ער אונז לעבען ?

אן אנטווארט אויף דיעזע פראגען האב איך ערהאלטען ערשט מיט איניגע יאהר שפעטער .

אויפ'ן זיעבעטען אדער אכטען טאג פון אונזער געפאנגענשאפט האבען מיר געהערט, אז דאס שיף בלייבט שטעהן, און מען האט אראפגעלאזען דעם אַנקער.

— מיר זיינען צוגעקומען צו א פאָרט, האט אינגראַהאַם געזאגט, יעצט וועט אַלווארעז אונז ענדליך ארויסלאזען.

— דאס וועט ער מורא האבען צו טאהן, האב איך געענטפערט. ער וויים דאך זעהר גוט, אז מיר וועלען זיך ווענדען צום ענגלישען קאָנסול.

— ווער וויים, וואו מיר געפינען זיך? מעגליך, ער האט אונז צו־געפיהרט צו א ווילדער אינזעל, וואו עס וואוינען קיינע מענשען און וויל אונז לאזען דא.

מען קען זיך לייכט דענקען, וויא אונרוהיג איך און אינגראַהאַם זיינען געווען, וויא אונזער הערץ האט געקלאפט, און וויא מיר האבען געציטערט יעדער מינוט, אז אַלווארעז וועט אונז אראפ לאזען אויף א ווילדער אינזעל.

געגען האלבע נאכט איז אַלווארעז געקומען צו אונז מיט פיער פרעמדע מענשען, וועלכע זיינען געווען אָנגעטאהן, וויא זשאַנדארמען אדער פאליסלייט. צווייא זיינען צוגעקומען צו מיר, און האבען מיר אנגעטאהן קייטען אויף דיא הענד, און צווייא האבען אנגעטאהן קייטען אויף אינגראַהאַם'ס הענד.

איך האב גערעדט, געוויינט, געבעטען און פראָטעסטירט, עס האט מיר אבער ניט געהאלפען. דיא זשאנדארמען האבען מיך ניט פערשטאנען. זיי האבען גערעדט פאָרטוגיעזיש, און איך האב גערעדט ענגליש.

— מאכט קיין ליאַרם און געהט רוהיג מיט דיעזע מענשען, האט אַלווארעז געזאגט צו אונז.

— מיר וועלען געהן, אבער מיר וועלען דיך ברענגען אויפ'ן עשאַפאט! האב איך אויסגערופען.

— נון, מיסטער קעמדען, דאס וועט איהר ניט טאהן, האט געזאגט אַלווארעז ערנסט.

דיא זשאַנדארמען האבען אונז ניט געלאזען פיעל רעדען, און האבען אונז ארויפגעפיהרט אויפ'ן דעק. פון דארט האט מען אונז ארויפגעפיהרט אין אין אגרויסעם באָאָט, וואו עס האבען זיך געפונען נאך מענשען אנגעטאהן וויא זשאַנדארמען.

קוים זיינען מיר אריין אין באָאָט, האט מען איהם אפגעבונדען און מען איז אפגעפאָהרען פון שיף. אין אהאלבע שטונדע איז דאס באָאָט צוגעקומען צום ברעג, און מען האט אונז געהייסען ארויסגעהן. מען האט אונז געפיהרט דורך גאַסען מיט צווייא שורות הויכע הייזער פוןביידע זייטען. עס איז געווען רייטליך, אז מיר געפינען זיך אין אגרויסער שטאדט.

וואו זיינען מיר ערגעץ אין דער וועלט ? וואוהין פיהרט מען אונז ? האב איך געפרעגט .

— ווער ווייס ? האט אינגראַהאַם געענטפערט .

איינער פון דיא זשאַנדארמען האט אַגעשריי געטאהן :

— סילענסיאָ ! (שווייגען) !

דאס ווארט האט אינגראַהאַם זעהר גוט פערשטאנען , וויל ער איז גע-פאהרען אויף א פּאָרטוגיעזישעס שיף .

ענדליך האט מען אונז צוגעפיהרט צו א גרויסע געביידע מיט שווערע אייזערנע טויערן , וואוהין מען האט אונז אריינגעפיהרט . דיא זשאַנדארמען , וועלכע האבען אונז געבראכט , האבען ארויסגענומען א פאפיער און האבען עס דערלאַנגט א מאן , וועלכע איז אראפּגעקומען פון אויבערשטען עטאַזש .

מען האט עפּעס גערעדט , עפּעס געזאגט און עפּעס געהייסען . עס זיינען אנגעקומען צוויא מענשען און האבען אונז אוועקגעפיהרט . זיי האבען אונז דורכגעפיהרט דורך א גרויסען הויף , האבען אונז אריינגעפיהרט אין א שוואַך בעלייכטעטען קאָרידאר . דא האבען זיי געעפענט א טהיר , און האבען אונז ביידען אריינגעלאזען אין א גרויסען הויף , וואו עס האבען זיך געפונען פיעלע מענשען .

דיא טהיר הינטער אונז האט זיך פערמאכט , און מיר זיינען געבליעבען שטעהן , וויא פערשטיינערט . אז מיר געפינען זיך אין א געפענגניס , האבען מיר זעהר גוט פערשטאנען . אבער פאר וואס ? מיט וואס האבען מיר געזינדיגט ? וואס איז אונזער פערברעכען ?

אזוי וויא מיר זיינען געשטאנען אזוי און האבען געטראכט , וואו מיר זיינען ערגעץ אין דער וועלט , זיינען צוגעקומען צו אונז איניגע פון דיא מענשען , וועלכע האבען זיך געפונען אין דיעזען פלאַץ , און האבען אנגעהויבען אונז צו בעטראכטען ביים ליכט פון דער לבנה , וועלכע האט זיך נור וואס געוויעזען אויפ'ן הימעל .

זיי האבען גערעדט צו אונז אויף פּאָרטוגיעזיש , און מיר האבען זיי געענטפערט אויף ענגליש .

— אינגלעזע ! אינגלעזע ! האבען זיי געשריען .

דאס הייסט מיר זיינען ענגלענדער און פערשטעהן זיי ניט . איניגע מינוטען שפּעטער , איז צו אונז צוגעקומען א יונגער נעגער , און האט אונז געזאגט .

— איך רעד אביסעל ענגליש .

מיר האבען זיך דערפרעהט , וואס מיר האבען געפונען ווענינגסטענס איין מענשען , מיט וועלכען מיר קענען אויסרעדען א ווארט .

— וואו זיינען מיר ערגעץ ? האבען מיר איהם געפרעגט .

— אללע , וועלכע וואינען אין ריאָ , ווייסען , אז פון דיעזען געפענגניס שיקט מען אוועק מענשען גראבען דיאמאנטען , האט דער נעגער געענטפערט .

— וואס הייסט עס? וואס מיינסט דוא דערמיט? האבען מיר איהם איבערגעפרעגט.

— פון דאנען שיקט מען אוועק מענשען צו גראבען דיאמאנטען, ביז זיי שטארבען, האט דער נעגער געענטפערט.

עס איז פערגאנגען אגרוימע צייט, ביז מיר האבען ארויסגעבראכט פון׳ם נעגער, אז מיר געפינען זיך אין ריאָ דע זשאַניירא, דיא הויפט שטאדט פון בראזיליען, — דאס פאלק רופט זיא קורץ ריאָ — און אז דיא בראזיליאַנישע רעגירונג שיקט דיא געפעהרליכע פערברעכער אין דיא מינען, וואו מען גראבט אויס דיאמאַנטען. ווען מען פערשיקט אהין, דער קומט שוין ניט לעבעדיג צוריק.

טרויעריג האבען מיר אראפגעלאזען אונזערע קעפ. מיר האבען פערשטאנען, וואס אַלוואַרעז האט געטאהן מיט אונז. ער האט אונז געוויס פערקלאגט פאר דער בראזיליאַנישער רעגירונג, אז מיר זיינען שרעקליכע פערברעכער און מען פערשיקט אונז אין דיא דיאמאנטען מינעם.

## 64-טעם קאפיטעל

## אין דיא דיאמאַנטען גרובען.

קיים האט אנגעהויבען צו טאָגען אין דרויסען, זיינען אריינגעקומען שמוציגע, אפגעריסענע מענשען מיט קייטען אויף דיא פלייצעס, און מיט שווערדען ביי דער זייט, און האבען אריינגעבראכט לאנגע קייטען. פון יעדער קייט זיינען אראפגעהאנגען רינגען פוןביידע זייטען. דיעזע רינגען האט מען אנגעטאהן אויף דער לינקער האנד פון דיא ארעסטאַנטען. מען האט זיי אויסגעשטעלט פאָר וויים. צווישען יעדעם פאָריל איז געווען דיא קייט. דאן האט מען יעדען אנגעטאהן א רינג אויף דער האנד. צו יעדער קייט האט מען צוגעבונדען צוואנציג מענשען, צו צעהן מענשען פון יעדער זייט. ווען איין קייט איז געווען פערטיג, דאס הייסט, אין אלע צוואנציג רינגען האבען געשטעקט צוואנציג הענט, האט מען דיא קייט ארויסגעפיהרט אין אַנ׳אנדער הויף, וואו זיי האבען געוואַרט אויף דיא אנדערע קייטען.

מיך און אינגראַהאַם האט מען אויך צוגעבונדען צו אזא קייט. אונזערע פים און איין האנד זיינען געווען פרייא, דערפאר אבער האט דיא אנדערע האנד געדארפט טראגען א טהייל פון דער לאנגער און שווערער קייט. לעבען יעדער קייט האבען זיך אויסגעשטעלט צוואנציג סאלדאַטען מיט שארף געלאָדענע ביקסען. דאס איז געווען דער קאָנוואָי וועלכער האט געדארפט אונז צושטעלען צו דיא דיאמאנטען מינען.

אין אשטונדע ארום זיינען מיר ארויסגעגאנגען פון געפענגניס. דאס וועטער איז געווען שעהן, דיא זון האט געשיינט העל און פרעהליך, און מיך האט מען געטריעבען, וויא א פערברעכער איבער דיא גאסען פון ריא די זשאנייראָ. רעדען, שרייען, פראָטעסטירען, זיך בעקלאגען איז געווען אונ-מעגליך. דער קאנוואָי האט ניט געלאזען, זאָ לאנג מיר זיינען געגאנגען אין שטאדט.

אין אצייט פון א שטונדע אדער אנדערהאלבען זיינען מיר געווען אויפ'ן פרייען פעלד, אויסער דער שטאדט, און מען האט אונז שוין ערלויבט צו רעדען. ערשט יעצט האב איך געקענט בעטראכטען דיא געזעלשאפט, אין וועלכען איך האב מיך געפינען. דיא ארעסטאנטען זיינען מייסטענס געווען נעגער, דיא וועניגע ווייסע מענשען, וועלכע האבען זיך געפונען צווישען אונז, האבען געהאט אזעלכעווילדע געזיכטער, אז יעדער, ווער עס האט זיי געזעהן, האט געמוזט צו געבען, אז דער בעסטער אָרט פאר זיי זיינען דיא דיאמאנטע גרובען. עס האבען זיך אבער אויך געפונען צווישען זיי געזיכטער, וועלכע האבען ניט געפּאסט צו דיעזער געזעלשאפט.

קוים זיינען מיר געווען א פּאָר מייל הינטער דער שטאדט, האט זיך אנגעהויבען א רעדען מיט א לאַבען, מיט א זינגען, פון וועלכע מען האט גע-קענט פערטויבט ווערן. זיי האבען גערעדט איינער מיט'ן אנדערן און מיט דיא סאלדאַטען פון קאָנוואָי. מען האט געלאכט, מען האט געזונגען ליעדער. צום גליק, האב איך זיי דאמאלס ניט פערשטאנען.

געגען מיטאג זיינען מיר געבליעבען שטעהן ערגעץ אונטער א דאָך אדער אין א וועלדעל. מען האט אונז געגיבען עסען. דאן האבען מיר זיך אויסגערוהט אפּאר שטונדען און מען האט אונז ווייטער געטריעבען.

ווען עס איז געווארען נאכט, זיינען מיר געבליעבען שטעהן. מען האט אונז וויעדער געגיבען עסען, און מען האט אונז געהייסען זיך לעגען שלאפען.

איך וויל ניט בעשרייבען אונזער לאַגע און טרויעריגע רייזע, וועלכע האט געדויערט צעהן לאנגע און שווערע וואכען. אנפאנגס האט זיך מיר אויס-געוויעזען, אז עס איז לייכט צו טראגען דיא שווערע קייט, ווייל עס האבען זיא דאָך געטראגען צוואנציג מענשען. באלד אבער איז מיין האנד, וועלכע איז געווען צוגעבונדען צו דער קייט, געשוואלען געווארען, אז איך האב געמוזט אפשניידען א שטיק פון מיין ראָק, און ארומבינדען דיא האנד אונטערן אייזערנעם רינג.

איך האב געזעהן, אז אנדערע טהוען אזוי, און איך האב זיי נאכ-געטאָהן. דיא נעגער זיינען געווען פראַקטישער פון דיא ווייסע. זיי האבען זיך אנגעגרייט שטיקער לעדער, מיט וועלכע זיי האבען ארומגעוויקעלט זייער האנד אונטערן אייזערנעם רינג.

געגען דיא אכטע וואָך פון אונזער רייזע זיינען מיר אריינגעגאנגען אין א שמאָלען וועג, א טיעפער טאָהל צווישען צוויא הויכע בערג. יעדע פינף אדער צעהן מייל האט זיך געפונען אַן עטאַפּ הויז, וואו עס האבען זיך געפונען סאָלדאַטען.

— מיר זיינען שוין ניט וויט פון דיא מינען, האט מען אונז געזאגט.

דאס האב איך זעהר גוט פערשטאנען, וויל איך האב געזעהן, אז מיר געפינען זיך אין א גאנץ ווילדע געגענד, וואו עס וואינען קיין מענשען. מען האט געזעהן הויכע בערג, ווילדע וועלדער און פון צייט צו צייט א ווילדען, רייסענדען טייך, וועלכער האט געשוימט, געקאָכט און גערוישט, וויא א ווילדעס טהיער.

וואס וויטער מיר זיינען געגאנגען, אלץ ענגער איז געווארען דער וועג און אלץ אפטער זיינען געווען דיא עטאפ הייזער, לעבען יעדעם עטאפ הויז איז דער גאנצער וועג געווען פערמויערט, נור אין דער מיט איז געווען א שטארקער, מיט אייזען בעשלאגענער טויער. ווען מיר פלעגען צו קומען צו אזא טויער, פלעגען דיא סאלדאטען מוזען אנקלאפּען און וויזען פּאפּיערען, ווער זיי זיינען, ערשט דאן האט מען זיי געעפענט און מען האט אונז אריינגעלאזען.

ענדליך זיינען מיר דורכגעגאנגען דעם לעצטען טויער. מען האט אונז אריינגעפיהרט אין א גרויסען הויף. וועלכער איז געווען פארשטעלט מיט אלערליי געביידען. אין דער מיט איז געשטאנען א גרויסעס שטיינערנעס הויז. דארט האט געוואינט דער קאמענדאנט פון דיא קייזערליכע דיאמאנטע מינען.

מען האט אונז אריינגעפיהרט אין א גרויס צימער, וואו עס זיינען געזעסען עטליכע שרייבער. דארט האט מען צוגעפיהרט יעדען צו א טיש און מען האט איהם געפרעגט, וויא אלט ער איז, וויא ער הייסט און פון וואנען ער איז. א שרייבער האט אלעס פערשריעבען אין אבוך און האט געגיבען דעם ארעסטאנט א בלעכעל מיט א נומער. ווען ער האט בעקומע דיא נומער, האט מען אראפגענומען דעם אייזערנעם רינג פון זיין האנד.

ווען דיא רייהע איז געקומען צו מיר, האב איך געזאגט, אז איך בי אַן ענגלענדער און פערשטעהע קיין וואָרט פּאָרטוגיעזיש. מען האט געבראכט א דאָלמעטשער, וועלכער האט גערעדט גוט ענגליש. איך האב איהם דערצעהלט מיין געשיכטע און האב איהם געבעטען, ער זאל זיא דערצעהלען דעם קאמענדאַנט פון דיא מינען. ער האט מיך אבער ניט געפאָלגט און האט נור געזאגט. וויא איך הייס, וויא אלט איך בין און פון וואנען איך בין.

מען האט ענדליך פון מיר אראפגענומען דעם אייזערנעם רינג פון דער

האנד אין מען האט מיר ערקלערט, אז מען גיט מיר דרייא טאג צייט זיך אפצורוהען פון וועג, דאן וועל איך מוזען ארבייטען.

איך האב מיך געווענדעט צום דאָלמעטשער און האב איהם געבעטען, ער זאל געהן מיט מיר צום קאמענדאנט און דערצעהלען, אז איך בין אונשולדיג, אז איך האב קיין פערברעכען בעגאנגען, אז מען האט מיך אומזיסט געפייניגט און געבראכט אהער.

— עס וועט אייך גאר ניט העלפען, מיין הערר, האט דער דאָלמעטשער מיר געענטפערט, יעדער ארעסטאנט, וועלכער קומט אהער, זאגט, אז ער איז אונשולדיג. ווען איהר וועט זיך אביסעל אומקוקען און וועט זיך אביסעל צו געוועהנען צום לעבען אין דיא מינען, וועט איהר געפינען, אז איך האב רעכט. אין דער גאנצער צייט פון מיין לאנגער רייזע האב איך ניט געקענט רעדען מיט איינגראַהאַם. דאס אונגליק האט געוואלט, אז ער זאל זיין צו געשמידט צו אנאנדער קייט ווייט פון מיר. איך האב איהם געזעהן עטליכע מאל אויפ'ן וועג, האב גערעדט מיט איהם א פּאָר ווערט'ער, אָבער ניט מעהר.

יעצט ערשט, ווען מען האט אונז אראפּגענומען דיא קייטען, האבען מיר זיך וויעדער געזעהן. מיר זיינען ארויפגעפאלען איינער דעם אנדערן אופ'ן האלז און האבען געוויינט.

ווען מיר האבען זיך גוט אויסגעוויינט, האבען מיר זיך אומגעקוקט, וואו מיר זיינען ערגעץ אין דער וועלט. מיר האבען אָנפאנגס מורא געהאט, מען זאל אונז ניט צו שיידען, מיר זיינען אבער באלד געוואר געווארען, אז מיר האבען ניט וואס מורא צו האבען. דיא ארעסטאנטען זיינען געווען גאנץ פריי אין דער מינע.

דיא מינע האט זיך געפונען אין א טיעפען טאָהל צווישען הויכע בערג. אין ערטער זיינען דיא שטיינער פון דיא בערג, דיא ווענט געווען אזוי גלאט, אז א פליעג וואלט ניט געקענט ארויפקלעטערן אויף זיי. אין ערטער זיינען זיי געווען פערמויערט. דארט וואו צווישען איין בארג און דעם אנדערן איז געווען א טאָהל, האט זיך געצויגען פון איין בארג צום אנדערן א הויכער מויער פון שווערע שטיינער.

אין טאָהל צווישעןביידע בערג האט געפלאסען א ניט גאנץ טיעפער טייך. דאס איז געווען דיא מינע. דאָרט ביי דיא ברעגעס פון'ם טייך פלעגען דיא ארעסטאנטען גראָבען דיאמאנטען. דער טאָהל האט געהאלטען פיער ביז פינף מייל דיא ברייט און ביז צוואנציג מייל דיא לענג. אויף דיעזען פלאַץ פלעגען דיא ארעסטאנטען ארבייטען.

דיא ארבייט איז געווען איינגעטהיילט אין א גוטער אָרדנונג און איז פינקטליך אויסגעפיהרט געווארען. יעדען מאָרגען פלעגען דיא ארעסטאַנטען ארויסגעהן איינגעטהיילט אין פאַרטיען פון צוואנציג מענשען, איבער וועלכע

עס האט זיך געפונען אַן אויפזעהר. יעדע פּאַרטיע האט זיך איסגעקליעבען א שטיקעל פּלאַץ פון איין זייט טייך אדער פון דער אַנדערער זייט און האט דאָרט געארבייט.

אויף יעדע צוואנציג ארעסטאנטען איז געווען אַן אויפזעהר, אויף יעדע פינף פּאַרטיען איז געווען אַן אינספּעקטאָר וועלכער פלעגט ארומגעהן פון איין פּאַרטיע צו דער אנדערער און פלעגט צונעהמען ביי זיי דיא דיאמאנטען, וועלכע זיי האבען געפונען.

דיא ארבייט איז ניט געווען זעהר שווער. יעדער ארעסטאַנט האט געהאט א לאָפּאַטע (שפּאַטען) מיט וועלכען ער האט געגראָבען דיא ערד און האט דיא אויסגעגראָבענע ערד אריינגעוואָרפען אין א גרויסע, הילצערנע רינע מיט לעכער אין באָדען, אנדערע ארעסטאנטען פלעגען שעפּען וואַסער פון טייך און עס גיעסען אין דער רינע. דיא ערד און דאס זאמד איז ארויסגעלאפען מיט'ן וואסער דורך דיא לעכער אין באָדען (דנאָ) פון דער רינע און דיא שטיינדלעך זיינען געבליעבען, ווייל דיא לעכער זיינען געווען אזוי קליין, ווי דיא לעכער פון א געדיכטער זיעפּ.

ווען אין דער רינע פלעגען בלייבען נור דיא שטיינדלעך, פלעגט זיי נעהמען איינער פון דיא עלטערע ארעסטאנטען אדער דער אויפזעהר און פלעגט איבער קוקען און בעטראכטען, יעדעס שטיינדעלע ווען ער האט געפונען אדיאמאנט, האט ער איהם גענומען און האט איהם אריינגעלעגט אין א גרויסען לעדערנעם בייטעל, וועלכען יעדער אויפזעהר האט געטראגען מיט זיך.

פאר נאכט, ווען דיא ארבייט האט זיך געענדיגט, האט יעדער אויפזעהר אדער אינספּעקטאָר איבערגעגעבען זיין לעדערנעם בייטעל דעם קאָמענדאַנט פון דער מינע, וועלכער האט געהאט מענשען וואס פערשטעהן זיך זעהר גוט אויף דיאמאנטען; זיי פלעגען שוין סאָרטירען דיא דיאמאנטען און פלעגען זיי אָפּשאַצען. ווען עס פלעגט זיך אָנזאמלען א געוויסע סומע דיאמאנטען, פלעגט מען זיא אוועקשיקען אונטער א שטארקען קאָנוואָי קיין ריאָ דע דע זשאַניירא.

איך בין באלד געוואהר געוואָרען, אז יעדער ארעסטאַנט, וועלכער פיהרט זיך גוט אויף, קען ווערן אַן אויפזעהר און זאָגאַר אַן אינספּעקטאָר. דיא אויפזעהר און אינספּעקטאָרען זיינען כמעט אַלע ארעסטאַנטען, וועלכע וויסען, אז זיי וועלען שוין שטארבען אין דער מינע און דער פאר האבען זיי קיין אינטערעסע צו גנבענען דיא דיאמאנטען. צו וואס טויגען זיי דיא דיאמאַנטען? וואס פאר א ווערטה האבען ביי זיי דיא דיאמאנטען? וואס קענען זיי מאַכען מיט דיא דיאמאנטען?

ביי טאָג ברענגט מען דיא ארעסטאַנטען עסען אויף דעם אָרט, וואו

וויא ארבייטען, אבענדס קומען זיך אלע צונויף אין באראקען, וואו אלע עסען צוזאמען.

אין דיעזע באראקען שלאָפען דיא ארעסטאַנטען, יעדער ארעסטאַנט אבער מעג זיך בויען א שטיבעלע פאר זיך און שלאָפען ביי זיך אין דער־היים. עס האבען זיך געפונען ארעסטאנטען, וועלכע האבען זאָגאַר געהאט אַן אייגענעם גאָרטען ארום זייער שטיבעלע, וואו זיי האבען פערזעצט אלער־ליי פריכטע און האבען געפלאַנצט ביימער.

דיעזע שטיבעלעך מעגען זיי בויען, וויא זיי ווילען, אבער נור אין דער צייט, ווען מען ארבייט ניט: ביי נאכט אדער זונטאָג, דער איינציגער טאָג אין דער וואָך, אין וועלכען מען ארבייט ניט.

איך בין געוואהר געווארען, אז כמעט אלע ווייסע ארעסטאנטען האבען זיך אויסגעבויט שטיבעלעך, וואו זיי זיינען בעזונדער. מען ערלויבט זיי זאָגאַר צו עסען ביי זיך אין דער היים. זיי מוזען נור פינקטליך קומען צו דער ארבייט און אָפארבייטען זייער צייט, דאן זיינען זיי גאנץ פריי. זיי מעגען טאהן וואס זיי ווילען.

אין דער ערשטער צייט בין איך זאָגאַר געווען איבערראַשט, וואס איך האב אין ערגעץ ניט געזעהן קיין וואַך, קיין סאָלדאַט מיט א ביקס און קיין שטרענגען וועכטער. שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז פון אנטלויפען קען גאר קיין רעדע ניט זיין.

איך האב געפונען עטליכע ענגלענדער צווישען דיא ארעסטאַנטען, זאָגאַר איינער פון דיא אינספעקטאָרען איז געווען אַן ענגלענדער. איך האב מיך צורעדט מיט איהם, האב איהם דערצעהלט, וויא איך קום אהער און אז מען האט מיך גאנץ אומזיסט פערשיקט אויף לעבען לאנג אין דער מינע.

— עס איז פערפאלען, מיין פריינד, האט מיר דער אינספעקטאָר געענטפערט, איך און איהר און אלע ארעסטאַנטען וועלען שטאַרבען דא אין דיעזען טאָהל. פאר אונז איז ניטא קיין רעטונג און קיין האָפנונג.

איך און אינגראַהאַם האבען זיך גענומען צו דער ארבייט. מיר זיינען געווען פון איין פּאַרטיע, האבען א גאַנצען טאָג געארבייט צוזאמען, געגעסען צוזאמען און געשלאפען צוזאמען. אין דער ערשטער צייט זיינען מיר גע־שלאפען אין דיא באראקען מיט דיא נעגער. עס האט אונז אבער געעקעלט צו שלאפען מיט זיי, ווייל זיי זיינען זעהר שמוציג און מיר האבען בעשלאָסען צו בויען זיך א שטיבעלע.

מיר האבען געהאט גענוג מאַטעריאַל פון וואס צו בויען אונז א שטי־בעלע. ביי דיא ברעגעס פון טייך און לעבען דיא בערג האבען געוואַקסען ביימער, וועלכע מיר האבען אויסגעהאַקט און פון וועלכע מיר האבען גע־מאכט א שטיבעלע, וויא מיר האבען געקענט. לייכט איז עס אונז ניט געווען.

זוען מען ארבייט א גאנצען טאָג אין א ברענענדער היץ, איז עס ניט גאנץ לייכט צו ארבייטען א גאנצען אבענד ביים בויען א הויז.

מיר האבען עס אבער דאך געטאהן און אין דער צייט פון אכט וואָכען האבען מיר געהאט א דאַך איבער אונזער קאפּ און פיער זוענט ארום אונז, וועלכע האבען געקענט אונז פערשטעלען געגען ווינט און רעגען.

אייגענטליך האט מען דיא ווענט גאר ניט געדארפט, ווייל יענע געגענד איז אזוי וואַרם, אז מען קען א גאנץ יאהר לעבען אויף דער פרייער לופט.

דיא דיאמאנטען מינען פון'ם קייזער פון בראזיליען געפינען זיך אין דיא בערג, וועלכע הייסען אויף פאָרטוגיעזיש סיעררא דע עספינסאַקאָ. אין דיעזע בערג ווייס מען פון קיין ווינטער און פון קיין קעלט. עס וואַקסען דאָרט אלע פריכטע פון דיא הייסע לענדער. מען דארף נור צו קראַצען דיא ערד און א־ייננווארפען זאַמען (זריעה), דיא ליעבע נאטור זארגט זיך שוין אליין, אז אלעס זאָל אויפוואַקסען.

ווען אונזער הויז איז פערטיג געווארען, האט אינגראַהאַם אָנגעהויבען צו מאכען א גאָרטען ארום איהר. דאס איז געוועזן א פיעל שווערערע ארבייט, וויא צו בויען דאס הויז, ווייל נאָהענט לעבען טייך, וואו דיא ערד איז ווייך, האט מען ניט געטאָרט ניט בויען קיין הייזער און ניט מאכען קיין גערטנער. דאָרט האט מ'ין געזוכט דיאמאנטען, בויען הייזער און מאכען גערטנער האט מען געמעגט נור לעבען דיא בערג, דאָרט איז אבער דיא ערד געוועזן האַרט וויא א שטיין. מיר האבען געמוזט טראָגען וואסער און פייכט מאכען דיא ערד, איידער מיר זיינען געוועזן אים שטאנד זיא אביסעל צו קראַצען און צו פערזעען דיא זאַמען, וועלכע מען האט אונז געגעבען. דאן האבען מיר יעדען אבענד געמוזט בעגיעסען דעם גאָרטען. קיים האבען מיר איין אבענד פערנאכלעסיגט דעם גארטען און איהם ניט בעגאָסען, איז אין איהם אלעס פערברענט גע־ווארען פון דער שרעקליכער היץ.

נאך שווערער מיה איז אונז ענדליך געראָטהען צו האבען אַן אייגענעם גאָרטען, פון וועלכען מיר האבען געהאט פיעלע זאכען צו עסען.

דיא רעגיערונג גיט דיא ארעסטאנטען א געוויסע פּאָרציאָן עסען א טאָג. דיעזע פּאָרציאָן איז אבער ניט פאר יעדען גענוג. זעהר אָפט געהט דער ארעסטאנט אוועק פון טיש הונגעריג. ווען ער האט דאן אן אייגענעם גאָרטען, קען ער זיך אָנעסען זאַט פון זיין גאָרטען.

זייט מיר זיינען געקומען אין דיא מינען, זיינען מיר אלץ געוועזן בע־שעפטיגט מיט זיך און מיט אונזער ארבייט, בעזאָנדערס אבער מיט'ן בעקענען זיך מיט אונזער נייער לאַגע, און מיר האבען קיין צייט ניט געהאט צו זעהן און צו קענען דעם קאמענדאנט מיט זיין פאמיליע. מיר האבען אויך קיין גע־לעגענהייט געהאט דער צו. זעהן דעם קאמענדאַנט, רעדען מיט איהם,

ארײנקומען צו איהם אין הויז, האבען געקענט נור דיא אינספעקטאָרען און אמאל, זעהר זעלטען, אויך דיא אויפזעהר. געוועהנליכע ארעסטאַנטען האבען זאָגאַר ניט געקענט ארײנקומען אין הויף, וואו ער האט געוואינט.

איך און אינגראַהאַם האבען דער צו נאך ניט געקענט רעדען פּאָרטו-גיעזיש און דער קאמענדאַנט האט קיין אנדערע שפּראַכע ניט גערעדט. איך האב עטליכע מאל געוואלט געהן צו איהם און איהם דערצעהלען מיין געשיכטע, איהם בעטען, ער זאל זיך אָננעהמען פאר מיר; יעדעם מאל אבער ווען איך אדער אינגראַהאַם פלעגען װעלען געהן צו איהם, פלעגט אונז אַן אויפזעהר אדער אַן אינספּעקטאָר אָפּהאלטען און אונז ערקלערן, אז עס איז אומזיסט אונזער מיה: ער װעט אונז ניט פערשטעהן און װעט זאָגאַר ניט װעלען רעדען מיט אונז, ווייל ער וועט אונז ניט פערשטעהן און ער האט פײנט צו רעדען דורך א דאָלמעטשער.

איך האב מיך דאהער גענומען פלײסיג צו שטודירען דיא פּאָרטוגיעזישע שפּראַכע. דאס איז מיר געװען ניט גאנץ שווער. איך האב געארבייט מיט פּאָרטו-גיעזען און האב שטענדיג געמוזט רעדען מיט זיי. אזוי וויא פּאָרטוגיעזיש איז אַן ענױקעל פון לאַטײן, האב איך אין א צײט פון זעקס מאָנאַטע געקענט אזוי פיעל פּאָרטוגיעזיש, אז איך האב געקענט מיך צונויפרעדען מיט א מענשען.

אינגראַהאַם האט אויך געלערנט פּאָרטוגיעזיש און האט געמאכט נאך בעסערע פּאָרשריטע פון מיר. ער האט גערעדט פּאָרטוגיעזיש, וויא אַן עכטער בראַזיליאנער. מיר האבען אָפּגערעדט צו געהן צום קאמענדאַנט אין א זונטאָג, ווען מיר האבען ניט געדארפט ארבייטען, דער צופאל אבער האט אונז פארגעשטעלט אנאנדערע געלעגענהײט צו זעהן דעם קאמענדאנט.

---

## 65-טעם קאפּיטעל

## וואַמבאַ. — איך ווער אינספּעקטאָר.

מיר זײנען געווען זיעבען מאנאַטע אין דער מינע און זײנען שוין אזוי ווײט צו געוואינט געווארען צו אונזער לאַגע, אז מיר וואלטען זיך אין גאנצען בערוהיגט, ווען מיר זאלען ניט געווען טראכטען פון אנדערע זאכען. איך האב ניט געקענט פערגעסען מיין טהייערע, געליעבטע העלענאַ; אינגראַהאַם האט אויף קיין פאלל ניט געקענט פערגעסען, אז ער איז אונשולדיג און מוז בלײבען אַן ארעסטאַנט זיין לעבען לאַנג.

זא לאַנג מיר פלעגען ארבייטען און האבען מורא געהאט, דער אויפ-זעהר זאל אונז ניט גיבען אזעץ מיט זיין שטעקען, פלעגען מיר פערגעסען

אלעס אין דער וועלט; קוים אבער האט זיך דיא ארבייט געענדיגט, פלעגט יעדער פון אונז אנהייבען צו דענקען פון זיך און וואס עס וועט זיין דאס ענדע פון איהם.

איך האב שוין דערצעהלט, אז זאנטאג פלעגען מיר ניט ארבייטען. דיא פרומע פארטוגיעזען היטען אפ דעם זונטאג. איין מאל האט אונז דער אינספעקטאר ערקלערט, אז נעכסטען מאנטאג וועלען מיר אויך ניט ארבייטען, ווייל דאס איז דער געבורטסטאג פון קייזער דאָם פעדראָ.

מיר זיינען געוועזן זעהר צופריעדען, וואס מיר האבען ניט געדארפט ארבייטען צוויא טאג נאך אנאנד און איך האב שוין אפגערעדט מיט אינגראהאַם, וויא מיר זאלען פערברענגען דיעזען געשענקטען פרייטאג. ווען מען ארבייטעט א לאנגע צייט גאך אנאנד, איז מען העכסט צופריעדען, ווען מען קען זיך אויסרוהען אן איבעריגען טאג.

ווען עס איז ענדליך געקומען דער פרעהליכער מאנטאג, דעם קייזערס געבורטס טאג, האט מען אונז אלע פערזאמעלט אין הויף פון'ם קאמענדאנט. אין דער מיט הויף זיינען געשטאנען קאטוילישע גייסטליכע מיט זייערע פאַהנען און זייערע צערעמאָניען און האבען אבגעהאלט אָן עפענטליכען גאטעס דיענסט, א געבעט פארן קייזער און זיין פאמיליע. דיעזען געבעט האבען אלע ארעסטאנטען געמוזט זיין אנוועזענד.

געגען צעהן אוהר אין דער פריה זיינען מיר זיך צונויפגעקומען אין הויף פון'ם קאמענדאנט. אלעס איז געוועזן אנגעגרייט צום געבעט, מען האט נור געווארט אויפ'ן קאמענדאנט מיט זיין פאמיליע. באלד איז ער אויך אנגעקומען. ער איז געוועזן אנגעטאהן זעהר רייך אין קליידער געשטיקט מיט גאלד און זילבער, וויא דיא בראזיליאנישע גענעראלען טראגען. מיט איהם איז געקומען זיין פאמיליע: זיין פרוי, זיינע צוויא עלטערע טעכטער און זיין זוהן. יעדען פון זיי האבען בעדיענט שווארצע שקלאפען און שקלאפינען.

קוים האט זיך אנגעהויבען דאס געבעט, האט אינגראַהאַם א געשריי געטאהן:

— וואַמבאַ! דוא ביסט עס?

איידער מיר האבען צייט געהאט זיך אימצוקוקען, האט זיך אינגראַהאַם ארומגענומען מיט א יונגע שווארצע שקלאפין, וועלכע האט געהערט צום קאמענדאנטס עלטערע טאכטער. ביידע האבען געוויינט, ביידע האבען פערגאסען טייכען טרעהרען און ביידע האבען זיך געפרעהט.

דער צופאל האט געוואלט, אז דער קאמענדאנט האט אפגעקויפט דיא געוועזענע קעניגין וואַמבאַ פאר א שקלאפין פאר איינע פון זיינע טעכטער. אינגראַהאַם האט זיא באלד דערקענט און איז איהר געפאלען אויפ'ן האלז.

דער קאמענדאנט, זיינע טעכטער, זיין פרוי, דיא גייסטליבע און אלע ארעסטאנטען האבען צוגעזעהן דיעזע זאנדערבארע סצענע מיט שטיינען. זיי האבען אויף קיין פאל ניט געקענט פערשטעהן, וויא דער ווייסער ענגלענדער קומט צו דער שווארצער אפריקאנערין. אלע זיינען אבער געווען אזוי גע־ריהרט פון דיעזער זאנדערבארער סצענע, אז אויף פיעלע געזיכטער האבען זיך געוויעזען טרעהרין.

וואמבא איז געבליעבען לעבען אינגראהאם, ביז דאס געבעט האט זיך געענדיגט און דיא ארעסטאנטען זיינען זיך צוגאנגען. דאן האט דעם קאמענ־דאנטס טאכטער גערופען איהר שקלאפין וואמבא. דיא אונגליקליכע שקלאפין האט געמוזט פאלגען.

אין א שטונדע ארום האט א נעגער גערופען אינגראהאם צום קאמענ־דאנט. דיא סצענע, ווען אינגראהאם האט וויעדער געפונען זיין וואמבא, האט געמאכט אזא איינדרוק אויפ'ן קאמענדאנט מיט זיין פאמיליע, אז דער קאמענדאנט האט איהם געשיקט רופען און האט איהם געהייסען דערצעהלען זיין געשיכטע. אינגראהאם האט איהם אלעס דערצעהלט.

אין אקורצע צייט ארום האט מען מיך גערופען צום קאמענדאנט און איך האב אויך געמוזט דערצעהלען, וויא אזוי איך בין בעקאנט געווארען מיט אינגראהאם און וויא אזוי איך בין געקומען אהער.

דאס איז געווען דיא געלעגענהייט, וועלכע האט זיך אונז פארגעשטעלט צו רעדען מיט'ן קאמענדאנט. זעלבסט פערשטענדליך, אז מיר האבען בענוצט דיעזע געלעגענהייט אום איהם צובעטען, ער זאל עפעס טאהן פון אונזער־וועגען, מען זאל אונז בעפרייען פון אונזער שקלאפערייי.

דער קאמענדאנט האט אונז אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט אונז געענטפערט אפענהערציג:

— עס טהוט מיר לייד, וואס איך מוז אייך זאגען, אז איך קען אייך גאר ניט העלפען. איך בין דער קאמענדאנט פון דיאמאנטען מינען, דא קען איך טאן אלעס, וואס איך וויל, אבער ניט בעפרייען אן ארעסטאנט. עס איז וואהר, אז איך קען שרייבען קיין ריא די זשאניירא, אז איהר זייט און־שולדיג, דאס וועט אייך אבער ווייניג העלפען. אין בראזיליען געדויערט א פראצעס יאהרענלאנג. איהר וועט פריהער שטארבען, איידער אייער פראצעס וועט זיך ענדיגען, דאס הייסט, איידער מען וועט אויסגעפינען, וויא איהר קומט אהער און פאר וואס מען האט אייך פערשיקט אהער.

— איך האב דאך אבער געהערט, אז קייזער דאם פעדרא איז אגוטער מענש און אן עהרליכער מענש, האב איך אויסגערופען, — ווען ער זאל וויסען, אז צוויי אונשולדיגע מענשען ווערן פערשמאכט אין דיא מינען, וועט ער געוויס הייסען אונז בעפרייען.

אויף דיא דינגע ליפען פון קאָמענדאנט האט זיך געוויזען א שמייכעל.

— קייזער דאָס פעדראָ איז אגרויסער מאן און א גוטער מאן, האט ער געענטפערט, וויא קום איך אבער צו איהם? איך מוז שרייבען אין מיין דערפּאַרטאַמענט, צום געהילפען (פּאָמאָשטשניק) פון פינאַנס מיניסטער, ער דארף איבערגעבען מיין ביטע צום מיניסטער, דער פינאַנס מיניסטער דארף עס איבערגעבען צום יוסטיץ מיניסטער. דער יוסטיץ מיניסטער דארף זיך אָנפרעגען ביים דעפּאַרטאַמענט פון דיא געפענגניסע, דער דעפּאַרטאַמענט פון געפענגניסע וועט זיך שעהמען צו זאגען, אז ער האט פערשיקט מענשען, וועלכע מען האט גאר ניט געשטעלט פאר א געריכט. ער וועט אפלייקענען דיא גאנצע געשיכטע. מיין ביטע וועט ארומגעהן פון איין בעאַמטען צום אנדערן און וועט ענדליך צוריק קומען צו מיר מיט א פאָרוואורף, אז איך דארף מיך ניט מישען אין זאכען, וועלכע געהן מיך ניט אן.

— אלזא, זיינען מיר פערלארען? האב איך געפרעגט, איז שוין פאר אתז גאר קיין האָפנונג ניטא?

— דאס איינציגע, וואס איך קען טאהן פון אייערט וועגען, איז צו ער־לייכטערן אייער לאגע דא, אין דער מינע. דאס וועל איך אויך טאהן.

מיר האבען נאך אוועקגערעדט מיט איהם איניגע צייט; ער האט גע־הייסען אונז געבען וויין און איינגע צוקער ווערק, א זאך וועלכע מיר האבען שוין לאנג ניט געזעהן, און ענדליך האבען מיר געמוזט געהן צוריק אהיים.

אין א פּאר טאג ארום האט דער קאָמענדאַנט מיך געמאכט פאר אַן אויפזעהער. איך האב ניט געדארפט מעהר ארבייטען, זאָנדערן פלעג ארום געהן מיט א שטעקען אין דער האנד און פלעג אכטונג געבען, אז אנדערע זאלען ארבייטען. איך האב באלד געפונען, אז זא לאנג איך פלעג ארבייטען, האב איך מיך געפיהלט בעסער: איך האב וועניגסטענס פער־געסען, וויא איך קום אהער און וויאס דאס ענדע וועט זיין פון מיר.

יעצט, ווען איך האב ניט געדארפט ארבייטען, האב איך צייט געהאט צו דענקען. מיין קאפּ האט געארבייטעט, מיינע געדאנקען האבען מיך ניט געלאזען לעבען. העלענאַ איז געשטאנען פאר מיר, וויא לעבעדיג, איך האב זיא געזעהן, וויא זיא נעהמט אבשיעד פון מיר, וויא זיא רעדט צו מיר, וויא זיא נעהמט מיך ארום, וויא זיא קושט מיך.

זעהר אפט פלעג איך מיך פערטראכטען און פלעג פערגעסען אכטונג צו געבען אויף מיינע ארעסטאנטען, ביז עס פלעגט אנקומען אַן אינספעקטאָר און פלעגט מיר געבען צו פיהלען מיט זיין שטעקען, אז איך בין דאך אַן אַרעסטאנט.

מיט איניגע צייט שפּעטער איז אינגראהאם אויך געווארען אויפזעהר.

דאס איז אבער געווען ערגער פאר אונז, ווייל יעצט פלעגען מיר זיך ניט זעהן א גאנצען טאג. מיר פלעגען ארבייטען אין פערשיעדענע געגענדען.

איך האב געוואוסט, אז אינגראהאם פלעגט זיך אפט זעהן מיט וואַמבאַ, ער פלעגט מיר אפט ברענגען עסען פון קאָמענדאַנטס טיש און איך פלעג עס עסען מיט פערגניגען, ווייל דאס עסען פון דיא ארעסטאנטען פלעגט זיין שלעכט און ווייניג. איך האב געוואוסט, אז וואַמבאַ פלעגט איהם ברענגען דאס עסען, איך פלעג איהם אבער ניט פרעגען, וואס ער רעדט מיט איהר און וואס זיא זאגט איהם.

זייט דער קאָמענדאנט האט מיר געגעבען צופערשטעהן, אז ווען ער זאל זאָגאַר וועלען עפעס טאהן פון מיינטוועגען, וועט עס מיר אויך ניט העלפען, האב איך פערלארען יעדע האפנונג ארויסצוקומען פון דאנען און בין געווען נאך אונגליקליכער און עלענדער וויא פריהער.

צום אונגליק, האט נאך געדארפט פאסירען פאלגענדע געשיכטע. איינער פון מיין פאַרטיע, פון דיא צוואנציג מענשען, איבער וועלכע איך בין געווען אויפזעהר, איז קראנק געווארען. ער איז שוין לאנג געווען אין דער מינע און איז שוין אין גאנצען געוואוינט געווארען מיט זיין לאגע.

אלס אויפזעהר האב איך געדארפט מעלדען דעם אינספעקטאר, אז איינער פון מיינע מענשען איז קראנק. דער אינספעקטאר האט עס געדארפט מעלדען דעם קאָמענדאַנט. איך האב געמיינט, אז מען וועט שיקען א דאקטאר אדער מען וועט נעהמען דעם קראנקען אין א האָספיטאל. צו מיין שטוינען און בעדויערן אבער, האט מען זיך נור איבערצייגט, אז ער איז קראנק און מען האט איהם געלאזען ליעגען אין זיין שטיבעלע. מען האט זיך אויף איהם אומגעקוקט, וויא אויף א הונט.

ווען עס איז נאכט געווארען און מיינע מענשען האבען אוועקגעלעגט דיא ארבייט, בין איך און אינגראהאם געגאנגען בעזוכען דעם קראנקען. אינגראהאם האט איהם גוט בעטראכט און האט פערצויגען מיט דיא אקסלען. ווען מיר זיינען ארויסגעגאנגען פון זיין שטיבעלע, האט מיר אינגראהאם געזאגט:

— ער וועט ניט לעבען. פאר וואס נעהמען זיי איהם ניט אין א האָספיטאל?

מען האט איהם אבער געלאזען ליעגען און מען האט זיך אויף איהם ניט אומגעקוקט. אזוי איז שוין געווען איינגעפיהרט אין דער מינע. דער ארעסטאנט איז געווען א פערד, וועלכער ארבייט מיט אלע זיינע קרעפטע און ווען ער ווערט קראנק, לאזט מען איהם שטארבען.

אינגראהאם האט אויך קיין טעות געהאט. דער מאן איז ווירקליך גע-שטארבען מיט אפאר טאג שפעטער. פארן טויט האט ער מיר איבערגע-

לאזען אלס ירושה זיין שטיבעלע און זיין גארטען, וועלכער איז געוועןֵ גרעסער פון אונזערן און בעסער בעארבייטעט, ווייל דער אונגליקליכער איז שוין געוועזען זעהר לאנג אין דער מינע.

איך האב גערעכענט, אז דיא רעגיערונג וועט ווענינגסטענס היסען איהם בעגראָבען, אבער אויך דאס האט זיא ניט געטאהן. איך און אינגראהאם האבען איהם בעגראבען אין דער הארטער ערד לעבען בערג. קיינער האט אונז ניט געהאלפען, קיינער האט זיך אויף אונז ניט אומגעקוקט, קיינער האט ניט געפרעגט, וואס דער קראנקער מאכט און ווען ער איז געשטארבען.

דאס האט מיך געמאכט נאך אונגליקליכער. ביז אהער האב איך נאך אלץ גערעכענט, אז איך בין א מענש און מען בעטראכט מיך פאר א מענש. יעצט האב איך געזעהן, וויא מען האלט ארעסטאַנטען אין בראַזיליען.

עס איז ווידער פערגאנגען א גרוימע צייט, אין וועלכע עס האט גאר ניט פּאַסירט. איין מאל איז געשטארבען אַן אינספעקטאָר און דער קאָמענדאַנט האט מיך געמאכט פאר אינספעקטאָר. יעצט האב איך גדארפט נאך ווייניגער ארבייטען און איך האב געהאט מעהר צייט צו טראכטען איבער מיין לאגע.

אלס אינספעקטאר פלעג איך יעדען טאג מוזען זיין ביים קאָמענדאַנט און איהם אפגעבען דיא דיאמאַנטען, וועלכע מען האט אויסגעפונען דעם טאג. עס פלעגען פארקומען טעג, ווען מען האט גאר ניט געפונען אדער מען האט געפונען אזעלכע קליינע דיאמאנטען, וועלכע זיינען ניט פיעל ווערטה געווען, עס פלעגט זיך אבער אמאל מאכען, אז מען פלעגט געפינען אגרויסען דיא־מאַנט, וועלכער איז ווערטה געווען טויזענדער.

אזוי וויא איך פלעג אפט זיין ביים קאָמענדאַנט, פלעג איך אפט זעהן יואַמבאַ און אמאל רעדען מיט איהר. זיא האט מיך געקענט. זיא האט גע־וואוסט, אז איך בין אינגראהאם׳ס פריינד און מיר וואוינען צוזאמען אין איין שטיבעלע. איך האב געזעהן, אז זיא איז קראנק און וועט עס אויך לאנג ניט אויסהאלטען. בייא געזונדע נעגער איז דיא הויט שווארץ און גלאַנצענדיג. וואַמבאַ׳ס הויט אבער איז געווארען שמוציג ברוין, איהרע באַקען זיינען איינ־געפאַלען און צו קנייטשט געווארען, איהרע אויגען האבען פערלארען זייער גלאַנץ. זיא איז ארומגעגאנגען א לעבעדיגע טויטע.

איך האב געהאט מיטלייד מיט דיעזער אונגליקליכער געוועזענער קעניגין. זיא איז יעצט א שקלאַפין אין אפרעמדער לאנד און מוז טאהן אלע גראָבע און שווערע ארבייטען. זיא האט עס געפיהלט און האט זיך עס אַזוי גענומען צום הארצען, אז זיא איז לאַנגזאם געשטארבען. זיא וואלט זיך פיעלייכט בערוהיגט, ווען זיא האט ווידער געפונען איהר געליעבטען, זיא־

ראַהאַם אבער איז אויך געווען א שקלאַף, א ווייסער שקלאַף, וועלכער האט זאָגאַר קיין רעכט געהאט צו קומען אין הויף פון קאָמענדאַנט.

וויא עס ווייזט אויס, פלעגען זי זיך זעהן נור אום זיך אויסצוויינען. יעדער האט דערצעהלט זיין אומגליק. פיעל זיין צוזאמען האבען זיי ניט געקענט. ווען מען וואלט זיי געטראפען צוזאמען, וואלט מען זייאביידען בעשטראָפט. דער גראָבער און שווערער שטעקען פון אַן אינספעקטאָר וואלט ארומגעטאַנצט אויף זייערע פלייצעס.

ווען איך פלעג עפעס פרעגען וואַמבאַ, פלעגט זיא מיר ענטפערן טרויעריג און שטילערהייט, אז עס פלעגט מיר רייסען דאס הערץ. און וואס האב איך איהר געקענט זאגען? מיט וואס האב איך איהר געקענט טרייסטען? — זיא האט געוואלט שטארבען. זיא האט געוואוסט, אז נור דער טויט קען זיא בעפרייען פון איהרע ליידען. — און איך? — האב איך דען געהאט אנ'אַנדער האָפנונג?

— און דענאך האב איך געלעבט. איך בין ניט קראנק געווארען, איך בין ניט שוואַך געווארען און איך האב ניט פערצווייפעלט.

## 66-טעם קאפיטעל

## אינגראַהאַם שטאַרבט.

אזוי זיינען פערגאנגען דרייא יאהר. אין מיין לעבען האט זיך גאר ניט געענדערט. איך בין געווען אינספעקטאָר, אינגראַהאַם איז געווען אויפזעהר. מיר האבען ביידע ניט געארבייט, מיר זיינען אבער געווען ארעסטאנטען און האבען צ.ביסלעכוויים פערלארען יעדע האפנונג בעפרייט צו ווערן פון אינזער געפענגניס, ריכטיגער געזאגט, פון אונזער לעבעדיגען קבר.

מיר האבען זיך אין דיעזער צייט בעסער בעקאנט מיט'ן קאָמענדאַנט פון דער מינע, ער איז זאָגאַר געווארען אונזער פריינד און פלעגט אונז אמאל איינלאדען צו זיך אויף מיטאג. איך האב מיך מיט איהם בעסער בעקאנט און האב מיך איבערצייגט, אז ער איז אין גרונד א גאנץ גוטער מענש, אבער א שטרענגער בעאַמטער, אַ טשינאָווניק, וועלכער טהוט נור, וואס מען הייסט איהם.

ער האט ווידער געוואלט ערלייכטערן אונזער שיקזאל און האט געטאהן אלעס, וואס ער האט געקענט אלס בעאַמטער. ער האט אבער געציטערט, ער זאל ניט פערלירען זיין שטעלע און האט זעהר אפט געמוזט זיין שטרענג געגען די ארעסטאנטען.

פון צייט צו צייט פלעגט אראפקומען א הויכער בעאַמטער, א רעוויזאָר, פון ריאָ די זשאַניירא, און פלעגט מאכען א רעוויזיאָן אין דער מינע. דיא הויפּטזאכע, וועלכע ער האט רעווידירט, איז געווען, אויב מען גיט אפּ דער רעגיערונג אלע דיאמאנטען, וועלכע מען געפינט. ער פלעגט ניט פרעגען דיא ארעסטאַנטען, אויב זיי האבען גענוג צו עסען, אדער וויא מען בע־האנדעלט זיי, זאנדערן וויפיעל דיאמאנטען מען געפינט, וויא גרויס זיינען דיא דיאמאנטען און פאר וואס מען געפינט אין דער לעצטער צייט אזוי וועניג גרויסע דיאמאנטען.

וויא ווייט איך האב פערשטאנען, וואס עס קומט פאָר אין דער מינע, פלעגט מען אמאל דארט געפינען זעהר פיעל דיאמאנטען; דיא פּאָרטוגעזישע רעגיערונג פלעגט זוכען פערברעכער און זאָגאַר מאכען פערברעכער, דאס הייסט נעהמען אונשולדיגע מענשען און זיי פערשיקען אין דער מינע, אים צו האבען פיעל מענשען, פיעל אומזיסטע ארבייטער אין דער מינע.

מיט דער צייט אבער האט זיך דיא מינע אויסגעשעפּט. מיט יעדען יאהר האט מען געפונען אלץ וועניגער דיאמאנטען. ווען דיא בראזיליאַנישע רעגיערונג זאל ניט געווען האבען אומזיסטיגע ארבייטער, וואלט עס גאר ניט געלוינט צו בעאַרבייטען דיא מינע, ווייל דיא ארבייטס קאָסטען וואלטען בע־טראפען מעהר, וויפיעל דיא דיאמאנטען, וועלכע מען געפינט, זיינען ווערטה.

דער בראזיליאַנישער פינאַנס מיניסטער האט געמיינט, אז מען גנבעט ביי איהם דיא דיאמאנטען און פלעגט שיקען פון צייט צו צייט א רעוויזאָר נאכזעהן, וואס עס טהוט זיך אין דער מינע און אויספארשען, פאר וואס מען געפינט יעצט אזוי וועניג דיאמאנטען.

איך בין מיט דער צייט געווארען א גרויסער קענער, אגרויסער מבין אויף רויע, ניט געשליפענע דיאמאנטען. ווען איך האב גענומען אשטיין אין דיא הענד, האב איך באלד געוואוסט, אויב עס געפינט זיך אין איהם אדיא־מאנט און וואס פאר אווערטה ער האט.

עס איז א גרויסער אונטערשיעד פון רויע ביז געשליפענע דיאמאנטען. דער ווערטה פון אדיאמאנט ווערט אפגעשאצט נאך זיין געוויכט. אדיאמאנט, וועלכער וועגט א קאַראַט, איז ווערטה דרייסיג דאָללאַר. — איך זאג עס נור צום ביישפּיעל, ווייל דיא פרייזען ענדערין זיך. — אדיאמאנט אבער, וועלכער וועגט צוויא קאַראַט, איז ווערטה ניט זעכציג דאָללאַר פאר צוויא קאַראַט, זאנדערן הונדערט און צוואנציג דאָללאַר. אדיאמאנט, וועלכער וועגט דרייא קאַראַט, איז שוין ווערטה צוויא הונדערט און פיערציג דאָללאַר.

זעלבסט פערשטענדליך, אז איך רעד נור פון גוטע, ריינע דיאמאנטען, וועלכע זיינען וואסער העלל. פון ארויען דיאמאנט אבער, וועלכער וועגט

צעהן קאַראַט, קען ארויסקומען א געשליפענער דיאמאַנט פון העכסטענס צווייא ביז דרייא קאַראַט, און א מאל ווערט ער צובראבעןביים שלייפען, און פון איהם ווערן נור קליינע שטיקלעך, אפשניצלעך — טשיפּס אויף ענגליש, וועלכע האבען זעהר אקליינעם ווערטה.

איך האב מיך צוגעקוקט צו דיא דיאמאנטען, ניט ווייל איך האב געהאט אַ'ן אינטערעס דאַרין, איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז פאר מיר האבען דיא דיאמאנטען גאר קיין ווערטה. וואס קען איך מאכען מיט דיאמאנטען? וואס קענען זיי מיר נוצען, ווען איך זאל זאגאר האבען אפול הויז מיט דיאמאנטען? — איך מוז דא ענדיגען מיין לעבען. איך מוז מיין לעבען לאנג בלייבען אַן אינספּעקטאָר איבער דיא אונגליקליכע, וועלכע ארבייטען מיט'ן שווייס פון זייער אנגעזיכט און גראבען אוים דיעזע שעהנע שטיינדלעך, וועלכע מען רופט דיאמאנטען, אבער ניט מעהר.

אין דער זעלבער מיינונג זיינען געווען אלע ארעסטאנטען. זיי האבען געארבייט, ווייל מען האט זיי געצוואונגען צו ארבייטען, ווייל מען האט זיי געשלאגען מיט א שטעקען, ווען זיי האבען ניט געארבייטעט. פאר זיי איז עס געווען גאנץ גלייך, אויב זיי וועלען געפינען אגרויסען דיאמאנט, א קליינעם דיאמאַנט, אדער ווען זיי וועלען גאר ניט געפינען. מען וועט זיי גיעבען עסען און מען וועט זיי האלטען געפאנגען, ביז זיי וועלען שטארבען. —

איך האב יעצט געהאט אַן אייגענעם הויז, א בעזונדער שטיבעלע, וועלכעם דער געשטארבענער ארעסטאנט האט מיר איבערגעלאזען אלם ירושה, פון דעסטוועגען פלעג איך וואונען מיט אינגראַהאַם אין אונזער אלטע שטיבעלע. אין דיא שטילעווארעמע נעכט, פלעגען מיר זיצען פאר אונזער שטיבעלע, רעדען און אונז דערצעהלען, וואס עס האט פּאַסירט מיט אונז, ביז שפעט אין דער נאכט.

איך פלעג אמאל נעכטיגען אין מיין הויז, ווען דיא היץ פלעגט ווערן אונערטרעגליך, און מיר האבען ניט געקנט שלאָפען צוואמען.

וואַמבאַ פלעגט אונז צומאל בעזוכען, אבער ניט זעהר אפט, דער קאַמענדאנט פלעגט עס איהר ניט ערלויבען, דערפאר אבער פלעגט זיין עלטערע טאכטער זעהר אפט אונז שיקען דורך וואַמבאַ אלערליי נאַשערייען, און אפט א געשמאקען בראַטען.

איך בין שפעטער געוואָהר געווארען, אז איך בין איהר געפעלען. זיא האט זיך פערליעבט אין מיר. זיא האט אבער זעהר גוט געוואוסט, אז פון דיעזער ליעבע קען גאר ניט ווערן, ווייל איך בין דאך אַן ארעסטאַנט, וועלכער מוז בלייבען אין דער מינע זיין לעבען לאנג. אַן ארעסטאנט דארף ניט הייראטהען, און ווען ער זאל עס מעגען, וואלט עס איהר פאטער אויף קיין פאל ניט ערלויבט.

איך האב אבער דערפון ניט געוואוסט, און פלעג מיינען אז וואַמבאַ

ברענגט עם איהר געליעבטען אינגראַהם. איך האב ניט געקענט טראכטען פון ליעבע, הייל איך האב קיין מאל ניט געקענט פערגעסען אָן מיין ליעבער. שעהנער און געטרייער העלענא.

איין מאל איז געווען אין דרויסען זעהר הייס. איך האב געשלאפען אין מיין שטוב, און אינגראַהאַם איז געשלאפען אין אונזער שטיבעלע. דאס פלעגט פּאַרקומען זעהר אפט. דעם אנדערן טאג אין דערפריה בין איך געגאנגען צו מיין ארבייט. איך בין געווען זיכער, אז איך וועל טרעפען ערגעץ אינגראַהאַם ביי זיין ארבייט.

וויא גרויס איז אבער געווען מיין ערשטוינען, ווען איך האב איהם אין ערגעץ ניט געזעהן. עס איז עפּעס ניט גלאט מיט איהם האב איך געזאגט צו מיר אליין, און בין געגאנגען איהם זוכען.

איך האב איהם געזוכט אין אלע ערטער, וואו איך האב גערעכענט איהם צו געפינען, און האב איהם ניט געפונען. איך האב געפרעגט זיינע מענשען, און זיי האבען מיר געענטפערט, אז ער איז היינט גאר ניט געקומען צו דער ארבייט.

אלס אינספּעקטאָר האב איך געמוזט געוואהר ווערן, וואס עס איז מיט איהם געשעהן, און פאר וואס ער איז ניט געקומען צו דער ארבייט. איך בין געגאנגען אין אונזער שטיבעלע, און האב געפונען דעם אָרימען אינגראַהאַם ליעגען אויף דער ערד, און זיך קייקלען וויא א שלאנג.

— וואס איז דיר, פריינד? האב איך געפרעגט.

— אין בויך, אין מאָגען, אינעווייניג טהוט מיר זעהר וועה, האט ער געענטפערט.

איך האב איהם בעטראכט, אויסגעפרעגט און אויסגעפארשט, און מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער האט א מאָגען קראַמפּף. איך האב געטאהן אלעס, וואס איך האב געקענט, אום צו ערלייכטען זיינע ליידען. איך האב געוואלט געהן צום קאָמענדאנט און איהם בעטען, ער זאל שיקען דעם דאָקטאָר צו מיין אונגליקליכען פריינד, איך האב אבער געוואוסט, אז דער איינציגער דאקטאר, וועלכער האט זיך געפונען אין דער מינע, וויל ניט געהן בעזוכען א קראנקען ארעסטאנט. דאס געהערט ניט צו איהם. ער דארף קורירען נור דיא סאלדאטען, און דיא פאמיליע פון קאמענדאנט, ווייל זיי האבען איהם בעצאהלט.

איך זאל געווען האבען געלד, וואלט איך געווען בעצאהלט דעם דאקטאר. איך וואלט איהם אוועקגעגיעבען מיין גאנצעס פערמעגען, ער זאל רעטען מיין אונגליקליכען פריינד. איך וויל שוין ניט רעדען דערפון, אז דער פּאָרטוגיזישער דאקטאר האט אזוי פיעל פערשטאנען פון מעדיצין, וויפיעל ער האט פערשטאנען פון דער כינעזישער שפּראכע. ער איז געווען אַן אלטער

מאן, וועלכער האט זיך געפונען אין דער דיאמאַנטען מינע זייט עטליכע און דרייסיג יאהר, און האט מעהר געאַרבייט אויף זיין פֿאַרם, וועלכע דיא רעגיערונג האט איהם געשענקט, אלס אין לאַזאַרעט. מיר האט זיך זאגאר אויסגעוויעזען, אז ער אליין איז אויך געווען אַן ארעסטאַנט, וועלכען מען האט פעראורטהיילט צו זיין דאקטאר פון דער מינע.

אַלענפאַלס ווען איך זאל געווען האבען געלד איהם צו בעצאהלען, וואלט איך איהם דאך גערופען. דיא ארעסטאנטען אבער פון דער דיאמאנטען מינע האבען קיין געלד געהאט, און האבען קיין געלד ניט געקענט האבען ביי זיך. איך האב דאהער געמוזט קורירען מיין אונגליקליכען פריינד, וויא איך האב געקענט, און מיט וואס איך האב געקענט,

איך האב ניט געקענט בלייבען ביי איהם אגאנצען טאג, ווייל איך האב געמוזט טאהן מיין ארבייט אויך. עס איז וואַהר, אז איך בין געווען אינספעקטאר, דאס האט מיך אבער ניט געשיצט געגען אשטראַפֿע פאר ניט טאהן מיין ארבייט. ווען דער קאָמענדאנט זאל געווען וויסען, אז איך בין א גאנצען טאג ניט ארום־געגאנגען צווישען דיא ארעסטאנטען אָפּנעהמען ביי זיי דיא דיאמאנטען, וועלכע זיי האבען געפונען, וואלט ער מיך גאר ניט געלאזען זעהן מיין אונגליקליכען פריינד.

איך האב אלזא געמוזט לאזען דעם אונגליקליכען אינגראַהאַם אין זיין שטיבעלע, און געהן צו מיין ארבייט. ערשט אבענדס, ווען מיין ארבייט האט זיך געענדיגט, האב איך ווידער געקענט זעהן דעם אונגליקליכען אינגראַהאַם.

אזוי זיינען פערגאנגען דרייא שווערע, טרויעריגע און שרעקליכע טעג. דער אונגליקליכער אינגראַהאַם האט זיך געריסען אויף דיא גלייכע ווענט, און איך האב איהם ניט געקענט העלפען.

דיא איינציגע זאך, וואס איך האב געקענט טאהן פאר איהם, איז געווען אויסצובעט'ן ביים קאמענדאנט אביסעל ריצינוס אייל, וועלכעס איך האב איינ־געגעבען דעם אונגליקליכען אינגראַהאַם. עס האט אבער ניט געווירקט.

אויפ'ן פיערטען טאג האב איך געפונען אינגראַהאַם פיעל רוהיגער. איך האב מיך דערפרעהט, און האב אויסגערופען:

— גאט זיי דאנק! ענדליך האט דיא קראנקהייט געבראכען!

— יא, זיא האט געבראכען, האט אינגראַהאַם געענטפערט טרויעריג, אבער גאנץ רוהיג, דיא קראנקהייט האט געבראכען, אבער ניט צום גוטען: זיא האט מיך צובראכען.

— רעד קיין נאררישקייטען, אינגראַהאַם! האב איך אויסגערופען, קוים האט דער שמערץ אויפגעהערט, וועסט דוא געזונד ווערן.

— ניין, פריינד ריטשאַרד, האט אינגראַהאַם געזאגט גאנץ רוהיג, דער

שמערץ האט ניט אויפגעהערט, זאנדערן מיינע גלידער זיינען פאראליזירט: זיי פיהלען שוין קיין שמערץ.

איך האב געוואלט טרייסטען און בערוהיגען מיין פריינד, עס האט מיר אבער ניט געהאלפען. אינגראהאם איז געווען א געלערנטער, ער האט פערשטאנען דיא מעדיצין פיעל בעסער פון דעם מינען דאקטאר. איהם האט מען ניט געקענט אפנאררען אין דיעזען פאלל.

— הער מיך אויס, ריטשארד, האט ער ענדליך געזאגט, אין איינינע שטונדען ארום, וועל איך זיין פריי פון דיעזעם געפענגניס.

— וואס רעדסט דוא, פריינד?

— איך וויים, וואס איך רעד. אין איינינע שטונדען ארום וועל איך זיין טויט, און א טויטער איז פריי.

ער האט עס געזאגט אזוי טרויעריג און אזוי הערצרייסענד, אז איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען, און האב אנגעהויבען צו וויינען.

— וויין ניט, פריינד, האט ער געזאגט צו מיר, דער טויט איז דער איינציגער רעטער און ערלעזער פאר אן אונגליקליכען, וויא איך בין.

— רעד ניט פון טויט! האב איך געבעטען, דוא ביסט יונג און קרעפטיג, דוא וועסט איבערטראגען דיעזע קראנקהייט.

אינגראהאם האט זיך געמאכט ניט הערענדיג און האט געזאגט:

— הער מיך אויס, ריטשארד, איך וויל דיר איבערלאזען מיין ערבשאפט, מיין (ירושה).

איך האב איהם אנגעקוקט מיט שרעק און שטוינען. מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער איז ניט ביים פולען פערשטאנד. וואס פאר א ירושה קען ער מיר לאזען? וואס האט ער? וואס קען איך דען טאהן מיט זיין ירושה?

ווען דער אלטער ענגלענדער, וועלכער איז געשטארבען מיט דרייא יאהר צוריק, האט מיר איבערגעלאזען זיין ירושה: זיין שטיבעלע און דעם גארטען ארום, האב איך עס דאמאלס געדארפט, יעצט אבער דארף איך גארנישט.

— לאמיר דערפון בעסער גיט רעדען, האב איך געזאגט, טראכט בעסער אויס א מיטעל, וויא דוא זאלסט שנעל געזונד ווערן.

— פון געזונד ווערן קען שוין קיין רעדע ניט זיין, ריטשארד, האט ער געענטפערט, איך שטארב. איך וויים ניט, אויב דוא וועסט מיך מארגען פאר נאכט נאך געפינען אלעבעדיגען — און דערפאר מוז איך איילען. — זעץ דיך נעהנטער צו מיר, ריטשארד, און בייג זיך צו צו מיר, וויל עס ווערט מיר שווער צו רעדען.

איך האב מיך צוגערוקט צו איהם און האב מיך אנגעבויגען איבער איהם.



# 67-טעם קאפיטעל.

## דער שווארצער דיאמאנט.

— ווייסט דוא, פון וואס איך שטארב? האט אינגראַהאַם מיך געפרעגט.

— איך ווייס עס ניט.

— דאן וועל איך דיר אויסזאגען מיין געהיימניס. — מיט א פּאָר וואָכען צוריק בין איך געשטאנען לעבען מיינע מענשען און האב אכטונג געגעבען, וויא זיי וואַשען אוים דיא שטיינער, וועלכע זיי גראָבען אוים. אלס אויפזעהער האב איך געדארפט איבערקוקען יעדען שטיין. פלוצלונג האב איך דערזעהן א זאנדערבארען שטיין, א דיאמאנט, וועלכער האט מיך איבערראַשט, וויל איך האב נאך אזעלכעס ניט געזעהן.

איך בין געווארען נייגיעריג. איך האב געוואוסט, אז ווען מען פער־ברענגט א לענגערע צייט אין דער מינע, ווערט מען א גרויסער קענער אויף דיאמאנטען. און דאס איז אויך קיין וואונדער. ווען מען האלט איבער אין דיא הענד אזוי פיעל דיאמאנטען, מוז מען ווערן א קענער, א מבין אויף דיאמאנטען.

ווען אזא מאן, וויא אינגראַהאַם איז געווען איבערראשט, ווען ער האט דערזעהן דעם דיאמאנט, האט שוין געמוזט זיין עטוואס בעזאנדערס.

— וואס פאר א דיאמאנט האט עס געקענט זיין, וואס דוא ביסט גע־וואַרען אזוי איבערראַשט? האב איך געפרעגט.

— עס איז געווען א גאנץ גרויסער שווארצער דיאמאנט, האט אינגראַ־האַם געענטפערט. איך ווייס, אז זייט מען בעארבייטעט דיעזע מינע, האט מען נור צוויא מאל געפונען שווארצע דיאמאנטען.ביידע מאל אבער האט מען געפונען קליינע דיאמאנטען, וועלכע געפונען זיך יעצט אין דער קרוין פון בראזיליען. אזוי וועניגסטענס האט מען מיר דערצעהלט.

— איך הער צום ערשטען מאל, אז עס זיינען דא שווארצע דיאמאנטען, האב איך בעמערקט.

אינגראַהאַם האט זיך געמאכט ניט הערענדיג און האט ווייטער דערצעהלט.

— איך האב בעטראכט דעם גרויסען שווארצען דיאמאנט און האב געוואלט איהם אריינווארפען אין טייך.

— פאר וואס האסט דוא עס געוואלט טאהן?

— לאז וועניגסטענס דיא בראזילאנישע רעגיערונג ניט האבען אזא

טהייערן ש— ין, האט אינגראַהאַם געענטפערט פערדראסען. מיינסט דוא, אז איך קען עס פערגעסען, אז מען האט אונז געהאפט ביי נאכט און מען האט אונז באלד פערשיקט? האט מען אונז געשטעלט פאר א געריכט? האט מען אונז געגעבען דיא מיטעל זיך צו פערטהיידיגען? האט מען אונז געגיבען א געלעגענהייט צו בעווייזען, אז מיר זיינען אונשולדיג?

איך האב געזעהן, אז מיין פריינד ווערט אויפגערעגט און גערייצט און האב געוואלט איהם בערוהיגען.

— רעד ניט דערפון, אינגראַהאַם, האב איך געבעטען, צו וואס זאלען מיר רעדען פון אזאך וועלכע מיר קענען ניט העלפען? עס איז דאך שוין אלעם פערלארען. דערצעהל מיר בעסער, וואס איז ווייטער געשעהן.

— אזוי וויא איך האב אזוי בעטראכט דעם שווארצען דיאמאנט און האב בעוואונדערט, וויא ער גלאנצט און פינקעלט געגען דער זון, איז אנגעקומען מיין אינספעקטאר, דער ווילדער און בייזער פּאָרטוגיעזע. דוא קאנסט איהם דאך, ריטשאַרד, דוא ווייסט דאך וויא ער האט פיינט אלע פרעמדע און זוכט צו בענוצען יעדע געלעגענהייט אינז צו בעשטראפען. זיין גרעסטעס פערגניגען איז, ווען ער קען אונז שלאגען. — דוא קענסט דאך איהם?

— איך קען איהם זעהר גוט.

— איך ווייס ניט, וואס מיט מיר איז געשעהן, האט אינגראַהאַם ווייטער דערצעהלט, קוים האב איך איהם דערזעהן, האב אין מיך אזוי דערשראקען, אז איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר און איך האב אריין געלעגט דעם שווארצען דיאמענט אין מויל.

— טויגעניכטס! דוא שטעהסט לעדיג! האט געשריען אויף מיר דער ווילדער אינספעקטאר, — פאר וואס טהוסט דוא ניט דיין ארבייט? וואס קוקסט דוא, וויא פייגעלעך פליעהען?

— איך האב געמוזט איהם עפעס ענטפערען און האב פערגעסען, אז איך האלט דעם דיאמאנט אין מויל. איך האב איהם אראפּגעשלונגען. איך וויל דיר ניט בעשרייבען, וויא שווער עס איז מיר געווען אראפצושלינגען אזא גרויסען דיאמאנט, איך האב איהם אבער דאך אראפגעשלונגען.

— האט דען דער אינספעקטאר גאר ניט בעמערקט, וויא דוא ווארגסט זיך? האב איך געפרעגט.

— דאס איז געווען מיין גליק און מיין אונגליק. ווען דער אינספעקטאר האט געזעהן, אז איך ענטפער איהם ניט אזוי שנעל, איז ער צוגעלאפען צו מיר און האט מיר אראפגעלאזען אויף מיין רוקען מיט זיין גראָבען שטעקען מיט אזא קראפט, אז איך בין שיער ניט אניעדער געפאלען. דורך דיעזען קלאפּ איז דער שווארצער דיאמאנט שנעל אראפגעגאנגען אין מיין מאגען. דער אינספעקטאָר האט איהם אראפגעשלאגען.

ער האט זיך אפגערוהט איניגע מינוט. איך האב געפיהלט. אז ער איטערט פאר שמערץ און פערדרוס, ווען ער דערמאנט זיך אן דיא קלעפ וואס ער האט בעקומען.

ווען ער האט זיך אביסעל בערוהיגט, האט ער ווייטער דערצעהלט.

— פון יענעם טאג אן האב איך געפיהלט, אז מיט מיר איז עס אויס, איך מוז שטארבען. איך האב עס דיר ניט געוואלט דערצעהלען, ווייל איך האב ניט געוואלט דיך בעטריבען און דיך בעאונרוהיגען. איך ווייס דאך, אז דוא קענסט מיר ניט העלפען, צו וואס זאלסט דוא נאך ליידען אומזיסט?

— האסט דוא גאר ניט געטאהן אום ארויסצוקריגען דעם דיאמאנט פון בויך?

— וואס האב איך געקענט טאהן? ווען מיר זאלען זיך געפינען אין א גרויסער שטאדט, וואו עס געפינען זיך געלערנטע דאקטורים, וואלט איך געבעטען, מען זאל מיר מאכען אן אפעראציאן און מען זאל ארויסנעהמען דעם דיאמאנט פון בויך. אזא אפעראציאן איז שטענדיג זעהר געפעהרליך, זעלטען אז איינער זאל בלייבען לעבען נאך אזא אפעראציאן, אבער עס טרעפט זיך דאך, אז איינער האלט עס אויס. דא אבער אין דער מיטע, קען מען דאך פון אזא אפעראציאן גאר ניט דענקען. איך האב אלזא געוואוסט, אז איך מוז שטארבען; איך האב אבער ניט גערעכענט, אז עס וועט גע-שעהן אזוי שנעל. איך האב ניט געקענט פאראויס זאגען, אז דער שטיין וועט אין גאנצען פערשטאפען מיינע געדערם און זיי וועלען פאראליזירט ווערן.

— ארימער, אונגליקליכער פריינד! האב איך אויסגערופען.

— גיב מיר דיין האנד, דיק;

איך האב איהם געגיבען מיין האנד. ער האט זיא צוגעלעגט צו זיין בויך און האט מיך געפרעגט:

— פיהלסט דוא עפעס?

— איך פיהל עפעס א הארטע זאך, האב איך געענטפערט.

— דאס איז דער שווארצער דיאמאנט, האט ער געזאגט, און האט זיך ווידער אפגערוהט א פאר מינוט.

איך האב ניט געוואוסט, וויא איהם צו טרייסטען, און האב וואס צו זאגען.

— אלזא הער מיך אויס, דיק, און גיב מיר דיין ערנווארט, אז דוא וועסט אויספאלגען מיין טעסטאמענט (צוואה).

— ליעבער, גוטער אינגראהאם! איך וועל געווים טאהן אלעס, וואס דוא וועסט מיר הייסען! האב איך אויסגערופען.

— איך פערלאנג פון דיר, אז נאך מיין טויט זאלסט דוא מיר אויפשניידען דעם בויך, און זאלסט ארויסנעהמען דעם שווארצען דיאמאנט.

— וואס רעדסט דוא, אינגראַהאַם ? צו וואס זאל איך עס טאהן ? צו וואָס טויג מיר דער דיאמאַנט ? וויים איך דען ניט, אז איך מוז אויך שטארבען דא אין דער מינע ? האב איך דען א האפנונג א מאל ארויסצוקומען פון דאנען ?

— דוא לעבסט און ביסט געזונד, האט אינגראַהאַם געענטפערט, זאָ לאנג אמענש לעבט, מוז ער האָפען. דוא קענסט נאך ניט וויסען, וואס עס קען געשעהן. עס קען זיין, אז דוא וועסט נאך א מאל זיין א פרייער מענש, און וועסט נאך ווידער זעהן העלענאַ ארמסטראָנג.

אינגראַהאַם האט בעריהרט דיא וואונד פון מיין הערצען. איך האב מיך ניט געקענט איינהאלטען, און האב ווידער אנגעהויבען צו וויינען.

— דאס וויינען איז יעצט איבעריג, האט אינגראַהאַם געזאגט מיט א פאָרוואורף, וויל דוא ליעבסט העלענאַ׳ן אזוי שטארק, דארפסט דוא זוכען מיטעל ארויסצוקומען פון דאנען. דוא מוזט ארויסנעהמען פון מיין בויך דעם שווארצען דיאמאַנט.

איך האב מיך געוועהרט דאגעגען, האב ערקלערט מיין פריינד, אז איך קען עס ניט טאהן, און דארף עס ניט טאהן; עס האט מיר אבער גאר ניט געהאלפען. אינגראַהאַם האט אזוי געבעטען, און אזוי שטארק פערלאנגט, אז נאך זיין טויט, זאל איך פון איהם ארויסנעהמען דעם שווארצען דיאמאַנט, אז איך האב געמוזט שווערן, אז איך וועל טאהן, וויא ער האט מיר געהייסען.

איך בין געבליעבען זיצען ביי איהם דיא גאַנצע נאכט, און האב געזעהן מיט שרעקען און שטוינען, אז ער ווערט מיט יעדער מינוט שוואכער און שוואכער. גאנץ פריה איז ער געשטארבען. ווען דיא גרויסע גלאָק פון דער מינע האט גערופען אלע ארעסטאנטען צו דער ארבייט, האב איך פערמאכט דיא אויגען פון מיין אונגליקליכען פריינד, און האב איהם צוגעדעקט מיט זיין ראָק.

אגאנצען טאג האב איך געאַרבייט. פאר נאכט בין איך געגאנגען צום קאָמענדאנט, האב איבערגעגיעבען דיא דיאמאַנטען, וועלכע מען האט היינט געפונען, און האב איהם ראַפּאָרטירט, אז אינגראַהאַם איז געשטארבען.

דער קאָמענדאנט האט עס פערשריעבען אין א בוך, און האט זיך מעהר ניט געקימערט וועגען דעם טויטען. ביי איהם איז עס קיין נייעס ניט געווען, און עס איז געווען איינגעפיהרט אין דער מינע, אז דיא ארעסטאנטען פלעגען אליין בעגראבען זייערע טויטע.

איך האב געזוכט וואַמבאַ מיט דיא אויגען, און האב זיא ניט געקענט געפינען. איך האב געוואלט, אז זיא זאל צום לעצטען מאל זעהן איהר געליעבטען, און בין געגאנגען צום קאמענדאַנט אין הויז פרעגען, וואו זיא איז. מען האט מיר דארט דערצעלט, אז זיא איז קראנק.

טרויעריג, צובראכען און ניעדערגעשלאגען בין איך געגאנגען אהיים. איך האב זעהר ניט געוואלט אויספיהרען דאס טעסטאמענט פון מיין פער-

שטארבענעם פריינד . איך האב געציטערט ביים געדאנק , אז איך וועל דארפען איהם אויפשניידען דעם בויך , און פון איהם ארויסנעהמען דעם דיאמאַנט , וועלכען איך דארף ניט , ווייל ער קען מיר ניט ניצען .

עס האט מיר אבער גאר ניט געהאלפען . וויא איך האב עס ניט גע-וואלט , און וויא עס האט מיך געעקעלט אויפצושניידען א טויטען קערפער , איך האב עס דאך געמוזט טאהן . איך האב געמוזט האלטען מיין וואָרט .

איך האב מיר געמאכט הארץ , בין געקומען א היים , האב אָנגעגאסען א שיסעל מיט וואסער , און האב מיך גענומען צו דער ארבייט . אין איינינע מינוט האב איך ארויסגענומען דעם דיאמאַנט , און האב איהם אריינגעווארפען אין שיסעל מיט וואסער . דאן האב איך איינגעוויקעלט דעם טויטען אין זיינע אָרימע א רעסטאַנטען קליידער , און בין געגאנגען רופען א פּאָר בעקאנטע , זיי זאלען מיר העלפען אויסגראבען א גרוב .

איך האב בעגראבען דעם אונגליקליכען איינגראַהאַם אונטער א בוים ניט וויט פון אונזער שטיבעלע . דיא צערעמאָניע איז געווען איינפאך און טרויעריג . איך האב געוויינט , און דיא מענשען , וועלכע האבען מיר געהאלפען , האבען אויך געוויינט . דאס איז געווען אלעס , וואס מיר האבען געקענט טאהן פאַר'ן אונגליקליכען .

איך בין דאן געגאנגען אין זיין שטיבעלע , האב גענומען דיא שיסעל מיט וואַסער , וואו דער דיאמאַנט איז געלעגען , און האב זיא אוועקגעטראגען אין מיין שטיבעלע . יעצט האב איך מיך פערטראכט .

וואס זאל איך טאהן מיט'ן דיאמאַנט ? איהם אריינווארפען אין וואסער , האט איינגראַהאַם ניט געהייסען . האלטען איהם ביי זיך , איז אונמעגליך . מען קען דערפון געוואהר ווערן און מיך בעשטראפען . וואס טהוט מען אלזא מיט איהם .

איך האב געטראכט א לאנגע צייט , און בין ענדליך געפאלען אויף א געדאנק , וועלכען איך האב באלד אויסגעפיהרט . איך האב אויסגעגאסען דאס וואסער פון שיסעל , און האב אנגעהויבען צו קייקלען דעם דיאמאַנט אין זאַמד , ביז עס האט זיך געבילדעט ארום איהם א גראָבע שאלעכץ פון לעהם . דאן האב איך אויסגעגראבען מיט מיין מעסער א לאָך אין דער ערד פון מיין שטיבעלע לעבען מיין געלעגער , און האב דארט א ניעדערגעלגט דעם דיאמאַנט . איך האב פערשאָטען דעם לאָך מיט ערד און מיט לעהם , און האב געזאגט :

— נון , יעצט וועסט דוא ליעגען דא גאנץ רוהיג . קיינער וועט דיך דא ניט געפינען , און קיינער וועט פון דיר קיין נוצען ניט האבען .

מיט דיעזע ווערטער האב איך צוגעטרעטען מיט דיא פיס דעם ארט , וואו דער דיאמאַנט איז געליעגען בעגראָבען , און האב מעהר פון איהם ניט געדאכט .



## 68-טעם קאפיטעל

## דיא בעפרייאונג.

נאך אינגראַהאַמ'ס טויט איז מיר געווארען פיעל שווערער אין דער מינע. איך האב געהאט פיעלע בעקאנטע צווישען דיא ארעסטאנטען, אבער קיין איינציגען פריינד, מיט וועלכען איך זאל קענען רעדען פריי און אָפען, וויא מיט אינגראַהאַם.

איך פלעג אלזא טאהן מיין ארבייט, און אין דער פרייער צייט פלעג איך זיצען לעבען מיין שטיבעלע טרויעריג און פערטראכט. אינגראַהאַם האט מיר געפעהלט. עס האט מיר געפעהלט א מענש, מיט וועמען איך זאל געוועז קענען רעדען פון העלענאַ, און פון איהר פאטער.

דעם שווארצען דיאמאַנט האב איך אין גאנצען פערגעסען. צו וואס האב איך איהם געדארפט? וואס האט ער מיר געקענט ניצען?

אזוי זיינען וויעדער פערגאנגען איינינע מאנאַטע. דיא נעגערין וואַמבא איז אונטערדעסען אויך געשטארבען. זיא האט ניט געקענט איבערטראגען דיא שקלאַפעריי. זיא איז דאך געוועז א קעניגין, א פרייע הערשערין פון אגרויס לאנד, און האט ניט געקענט איבערטראגען דיא קנעכטשאַפט.

איך האב ניט געוואוסט, ווען זיא איז געשטארבען, און וואו מען האט זיא בעגראבען. ווען איך וואלט עס געוואוסט, וואלט איך געבעטען דעם קאמענדאַנט, ער זאל הייסען, אז מען זאל זיא בעגראבען לעבען איהר געליעבטען.

דאס לעבען אין דער מינע איז מיר געווארען מיט יעדען טאג אונ-אַנגענעהמער און לאנגוויליגער. איך פלעג זעהר אָפט מיך אניעדערזעצען לעבען גראַב פון אינגראַהאַם, און פלעג טראכטען, און מיך אליין פרעגען:

— וועמען איז יעצט בעסער? מיר אדער איהם? ער האט שוין אויס-געליעטען. ער פיהלט שוין ניט. איך אבער... אַך! וויא לאנג וועל איך נאך ליידען?

איך פלעג מיך דאן גוט אויסוויינען, און פלעג צוריק געהן צו מיין ארבייט.

אין א שעהנעם פריהמארגען האט מען אונז אלע גערופען צום קאמענ-דאַנט. איך בין געגאנגען, וויל איך האב געמוזט געהן. איך האב זאגאר ניט געוואלט וויסען, פאר וואס איך געה און צו וואס איך געה. מען האט מיר בעהייסען געהן, און איך בין געגאנגען.

ווען מיר זיינען אנגעקומען אין הויף פון'ם קאמענדאַנט, האט מען אונז ערקלערט, אז א הויכער בעאַמטער, א רעוויזאָר, פון ריאָ די זשאַניירא איז

געקומען רעווידירען דיא דיאמאַנטען מינע, און זעהן אויב מען שיקט צו ריכטיג אלע דיאמאַנטען, וועלכע מען האט געפונען.

אלע אינספעקטאָרען, אויפזעהר און שרייבער פון דער מינע זיינען געווען פערזאמעלט אין גרויסען הויף, וואו עס האט זיך געפונען דיא אָפיס (קאַנטאָר) פון דער מינע, און האבען געוואַרט אויפ'ן שטרענגען רעוויזאָר.

זעלבסט פערשטענדליך, אז מיך האט עס ווניג געקימערט, וואס דער רעוויזאר וועט געפינען, און וואס ער וועט זאגען. פאר מיר איז עס געווען גאנץ גלייך. איך האב שוין גאר ניט געקענט ערווארטען פון איהם. איך האב געוואוסט, אז ווען איך זאל מיך קלאגען פאר איהם, אז מען האט מיך פערשיקט א הער אָהן אַן אורטהייל פון א געריכט, אָהן א בעפעהל פון א מיניסטער, און מען האט מיר זאָגאר ניט געזאגט, פאר וואס מען האט מיך פערשיקט, וועט ער מיר ענטפערן דאס זעלבע, וואס דער קאמענדאַנט האט מיר געענטפערט: אז ער קען פאר מיר גאר ניט טאהן.

געגען צעהן אוהר איז דער רעוויזאָר ארויסגעקומען מיט'ן קאמענדאַנט, הינטער זיי זיינען געקומען דעם קאמענדאַנט'ס פאמיליע, און נאך עטליכע הערךן און דאמען, וועלכע איך האב ניט געקענט, און איך האב מיך אויף זיי זאגאר ניט אומגעקוקט.

איך בין געשטאנען פון דער וויטען, און האב מיך זעהר ווניג געקימערט וועגען דעם רעוויזאָר. פלוצלונג האב איך דערהערט, וויא א בעקאנטע שטימע האט אויסגערופען:

— אָט איז ער!

איידער איך האב צייט געהאט מיך אומצוקוקען, האבען צוויא ווייבע, ווארעמע הענד מיך ארומגענומען, און האבען מיך צוגעפרעסט צום הארצען.

— ריטשאַרד! אָרימער ריטשאַרד! וויפיעל האסט דוא געליטען דורך מיר! דאס איז געווען העלענאַ, מיין געליעבטע, מיין בראַוט!

זיא האט מיך ארומגענומען, האט מיך צוגעפרעסט צום הארצען, האט געוויינט, און האט מיך גערופען מיט אלע נעמען, וואס א געליעבטע קען רופען.

איך בין געווען איבערראשט, צו מישט און ערשטוינט. איך האב ניט געוואוסט, וואס עס טהוט זיך מיט מיר, און האב אין דיא ערשטע עטליכע מינוט ניט געקענט ארויסרעדען א וואָרט. איך האב אבער געזעהן, וויא אלע, וועלכע זיינען געשטאנען ארום מיר, האבען געוויינט. אלע זיינען געווען גע-ריהרט פון דיזער סצענע, זאגאר אויף דיא ברוינע, פערברענטע געזיכטער פון דיא ווילדע פאָרטוגיעזען האבען זיך געוויעזען טרעהרין.

— ריטשאַרד קעמדען! האט פלוצלונג גערופען א שטרענגע, מיר גאנץ פרעמדע שטימע.

איך האב מיך ניט געריהרט פון אָרט, ווייל איך האב ניט געוואוסט ווער עס רופט מיך, און צו וואס מען רופט מיך.

— ריטשאַרד קעמדען און העלענאַ אַרמסטראָנג! האט וויעדערהאָלט דיעזעלבע שטימע.

— קום, דיק, מען רופט אונז, האט העלענא געזאגט און האט מיך צו געפיהרט צו אַן אלטען שעהנעם מאן, וועלכער איז געשטאנען לעבען קאמענדאנט.

איך האב בעטראכט דיעזען מאן פון קאפ ביז אין דיא פיס. איך האב פערשטאַנען, אז דאס מוז זיין דער רעוויזאָר, ווייל איך האב איהם ביז אהער ניט געזעהן, אויסער דעם איז ער געגאנגען זעהר שעהן אנגעטאהן און האט געטראגען א גרויסען שטערן אויף דער ברוסט.

— וויא קומט איהר אהער, ריטשאַרד קעמדען? האט מיך דער מאן געפרעגט.

איך האב איהם דערצעהלט, וויא אזוי איך בין געקומען אין דיא דיאמאנטען מינען.

— פאר וואס האט איהר זיך ניט געקלאגט, אז איהר זייט אונשולדיג? האט ער מיך געפרעגט, ווען איך האב געענדיגט מיין ערצעהלונג.

איך האב איהם געענטפערט, אז ביז איך בין אנגעקומען אין דיא מינען, האט מיך קיינער ניט געוואלט אויסהערן. מען האט מיך אויסגעלאכט, ווען איך האב ארויסגערעדט א וואָרט.

— פאר וואס האט איהר זיך ניט געקלאגט פארן קאמענדאַנט פון דער מינע?

— איך האב מיך געקלאגט פאר איהם.

— און וואס האט ער אייך געענטפערט?

— אז ער בעדויערט מיך זעהר, ער קען מיר אבער גאר ניט העלפען.

— העֶרר קאמענדאַנט! האט דער רעוויזאָר אויסגערופען שטרענג, איז עס וואהר, וואס דיעזער מאן דערצעהלט?

— עס איז וואהר, האט דער קאמענדאנט געענטפערט. דיעזער מאן האט מיר ווירקליך דערצעהלט, אז מען האט איהם געחאַפט ביי נאכט און דעם אנדערן טאג אין דער פריה האט מען איהם שוין אוועקגעשיקט אין דער מינע, איך האב אבער גאר ניט געקענט טאהן פאר איהם.

— פאר וואס? פאר וואס האט איהר עס ניט געמעלדעט דעם מיניסטער?

— ווייל עס האט מיר שוין פאַסירט אזא פאַלל מיט עטליכע יאהר צוריק. איך האב עס געמעלדעט דעם מיניסטער און ער האט מיר געענט-

פּירט, אז איך זאל מיך ניט מישען אין זאכען, וועלכע געהן מיך ניט אן. איך דארף אכטונג געבען אויף דער מינע און ווייטער איז ניט מיין זאך.

דער רעוויזאר האט פערביסען מיט דיא ליפּען. ער האט געוואוסט, אז דער קאמענדאנט האט רעכט.

— איך קען אייך נור זאגען, אז דער קאמענדאנט האט אונז בע־האנדעלט זעהר פריינדליך און מענשליך, האב איך מיך אריינגעמישט. ער איז א בעאַמטער וועלכער טהוט אלעס, וואס מען הייסט איהם פון ריאָ די זשאַניירא. ער איז אבער א גוטער און עהרליכער מענש און טהוט אלעס, וואס ער קען פאר דיא ארעסטאַנטען.

— דיעזער מאן איז פריי, האט דאן דער רעוויזיאר ערקלערט, ער וועט מיט מיר צוריקפאהרען קיין ריאָ די זשאַניירא.

העלענאַ איז ארויפגעפאלען אויף מיר און האט אויסגערופען:

— ענדליך ביסט דוא פריי! ענדליך וועסט דוא זיך שוין מיט מיר ניט צושיידען!

ווער איז אים שטאנד צו בעשרייבען מיין פריידען און מיין גליק! איך בין ווידער פריי און בין ווידער פעראייניגט מיט מיין געליעבטער העלענאַ.

דער רעוויזאר האט דאן אוועקגערופען דעם קאמענדאַנט פון דער מינע און איז מיט איהם געגאנגען רעווידירען דיא געביידען און דיא אָפּיס. איך בין געבליעבען מיט העלענאַ'ן אליין, ווייל אלע זיינען נאכגעגאנגען דעם רעוויזאר.

איך בין יעצט א פרייער מענש און קען געהן, וואוהין איך וויל. איך האב גענומען העלענאַ'ן אונטער'ן אָ־ם און האב זיי געפיהרט אין מיין שטי־בעלע אין דער מינע. איך האב איהר געוואלט וויזען, וואו איך האב גע־וואינט און וויא איך האב פערבראכט דיא פיער יאהר, וועלכע איך האב געלעבט אין דער מינע.

מיר זיינען געלאפען, וויא קינדער, וועלכע מען האט ארויסגעלאזען פון א שולע, וואו א שטרענגער לעהרער האט זיי געפּלאגט מיט זיינע וויסענשאפטען.

מיין ערשטע פראגע איז געוועזן.

— וויא קומסט דוא אהער, העלענאַ?

העלענאַ האט אזיפץ געטאהן. פלוצלונג האב איך מיך ערשט דערמאנט און האב אויסגערופען:

— אך, העלענאַ! איך האב גאר פערגעסען דיך צו פרעגען, וואס מאכט דיין פאטער?

העלענאַ האט אנגעהויבען צו וויינען.

— מיין פאטער איז געשטארבען האט זיא געענטפערט מיט טרעהרין אין דיא אויגען.

עס איז פערגאנגען א גערוימע צייט, איידער זיא האט זיך בערוהיגט און האט געקענט דערצעהלען, וואס עס האט מיט איהר פאסירט, זייט מיר האבען זיך צושיידט אין האוואנא.

## 69_טעם קאפיטעל

## העלענא דערצעהלט, וואס מיט איהר האט פאסירט.

ענדליך האט זיך העלענא אין גאנצען בערוהיגט. איך האב זיא אריינגעפיהרט אין מיין שטיבעלע, מיר האבען זיך ביידע אנידערגעזעצט אויף דער איינפאכער הילצערנער באנק און זיא האט אנגעהויבען צו דערצעהלען.

— דוא געדענקסט דאך געוויס, ריטשארד, אז דיא דאקטוירים אין האוואנא האבען געהייסען מיין פאטער פאהרען אין דיא בערג, ווייל דיא לופט איז דארט ריין און געזונד.

— איך געדענק עס זעהר גוט, העלענא! דערצעהל ווייטער.

— דוא ביסט אוועקגעפאהרען אויף דער „סאנקט העלענא" קיין ארגענטיניען, האט העלענא ווייטער דערצעהלט, דעם אנדערן טאג בין איך מיט מיין פאטער אוועקגעפאהרען אין דיא בערג. מיר האבען געלאזען אונזער אדרעס אין האטעל, אין וועלכען מיר זיינען איינגעשטאנען, איידער דוא ביסט אוועקגעפאהרען אויף דיזע אונגליקליכע רייזע, און האב אנגעזאגט, אז קוים וועט אנקומען א בריעף פון דיר, זאל מען איהם באלד איבערשיקען צו אונז.

מיר זיינען געפאהרען אין גאנצען צוויי טאג רייזע פון האוואנא און האבען זיך בעזעצט אין א זעהר שעהנער געגענד, וואו דיא לופט איז ריין און געזונד. מיין פאטער האט אנגעהויבען זיך צו פיהלען פיעל בעסער און האט שוין אנגעהויבען ארומצוגעהן אין גארטען ארום אונזער וויללא (דאטשא).

איך בין געווען גליקליך, וואס מיין פאטער איז געזינדער געווארען, און האב געווארט מיט אונגעדולד אויף א בריעף פון דיר. דוא האסט מיר צוגעזאגט, אז דוא וועסט מיר שרייבען ביי דער ערשטער געלעגענהייט, וואס וועט זיך דיר פארשטעלען. איך האב געוואוסט, אז דוא וועסט האלטען דיין ווארט און וועסט מיר שרייבען.

מיין איינציגע זארג איז דאהער געווען צו האבען א בריעף פון דיר. דיא ערשטע עטליכע וואכען האט עס מיך ווייניג געהארט. איך האב גע-

לעבט מיט דער האפנונג, אז היינט מאָרגען, וועל איך ערהאלטען א בריעף פון דיר.

ווען עס זיינען אבער פערגאנגען צוויא מאָנאַטע און איך האב פון דיר קיין בריעף ניט ערהאַלטען, בין איך געווארען זעהר אונרוהיג. מיין פאטער האט איינגעשריעבען דיא ארגענטינישער הויפט צייטונג, וואו עס ווערט געמעלדעט פון יעדען שיף, וועלכעס קומט קיין בוענאָס איירעס און יעדעס מאל, ווען מיר פלעגען ערהאלטען דיא צייטונג, פלעגען מיר זוכען דעם נאמען „סאַנקט העלענאַ".

ליידער, האבען מיר דיעזען נאמען ניט געפונען אין דער צייטונג. מיין פאַטער איז געווען איסער זיך און האט אויסגערופען:

— עס האט איהם אן אונגליק פאסירט! ער האט שוין לאנג געדארפט אנקומען קיין בוענאָס-אַיירעס.

דוא קענסט זיך דענקען וויא אונרוהיג איך בין געוועזן און וואס איך האב איבערגעליטען אין יענער צייט. איך האב ניט געקענט אויסהאלטען און האב אפגערעדט מיט מיין פאטער ער זאל בלייבען אין דער וויללאַ מיט דיא דיענער און איך זאל פאהרען קיין האַוואַנאַ נאכפרעגען ביי דיא שיפסאַגענטען, אויב זיי האבען עפעס א נאַכריכט פון דער „סאַנקט העלענא".

איך בין געקומען קיין האַוואַנאַ און האב אָנגעהויבען צו לויפען פון איין שיפס אַגענט צום אנדערן און האב געפרעגט איף אונזער שיף. קיינער האט ניט געוואוסט, וואוהין זיא איז אהינגעקומען. איך האב מיך געווענדעט צום ענגלישען קאָנסול און האב איהם געבעטען, ער זאל מיר העלפען אויסזוכען דיא „סאַנקט העלענאַ" און דיא הויפטזאכע — דיך.

דער ענגלישער קאָנסול האט געטאהן אלעס, וואס ער האט געקענט. ער האט געשריעבען און טעלעגראַפירט אין אלע פאָרשטעדט און צו אלע ענגלישע קאָנסולן אין אמעריקא, — אלעס אומזיסט, קיינער האט ניט געוואוסט, וואו דיא „סאַנקט העלענאַ" איז אהינגעקומען און קיינער האט ניט געקענט אויסגעפינען, וואס עס האט מיט איהר פאַסירט. זיא איז פערשוואונדען געווארען, גלייך וויא דאס מעער וואלט זיא פערשלונגען.

דוא קענסט דיר לייכט דענקען, מיט וואס פאר א הארץ איך בין אוועק געפאהרען פון האַוואַנאַ.

— וואס זאל איך זאגען מיין פאטער? האב איך מיך אליין געפרעגט, פערלייקענען פאר איהם? דערצעהלען איהם, אז דוא ביסט אנגעקומען קיין בוענאָס אַיירעס און פאהרסט שוין צוריק? — דוא האסט געקענט מיין פאַטער, דיך, איהם האט מען ניט געקענט אזוי לייכט אפנארען. ער איז געווען א קלוגער און ערפאַהרענער שיפסקאַפיטאַן און עס איז געווען אונמעגליך איהם אָפצונאַררען. — וואס זאל איך אלזא טאהן? דערצעהלען איהם דיא גאנצע

זואהרהייט ? ווען ער זאל געווען זיין פאָלקאָמען געזונד, וואלט איך עס גע־טאהן, ער איז אבער נאך שוואַך פון דער שווערער קראנקהייט און דיא שרעקליכע נאבריכט קען איהם נאך אין גאנצען טייטען.

א גאנצען וועג האב איך געטראכט און געקלערט, וואס איך זאל טאהן און האב מיך ענדליך ענטשלאסען צו דערצעהלען איהם אלעס, איך וואס האב געוואוסט. איך האב גערעכענט, אז ווען מיין פאטער וועט אלעס וויסען, וועט ער כיעלייכט געפינען א מיטעל, וויא אזוי געוואהר צו ווערן, וואוהין דיא „סאַנקט העלענאַ" איז אהינגעקומען.

איך בין געקומען אין דער ווילאַ (דאַטשאַ), וואו מיר האבען געוואינט, און האב דערצעהלט מיין פאטער אלעס, וואס איך האב געוואוסט און וואס איך בין געוואהר געווארען אין האַוואַנאַ. — איך האב געוואוסט, אז איך מעג מיין פאטער דערצעהלען. ער האט מיך אויס עהערט אויפמערקזאם און האט ניט געוויעזען דעם קלענסטען צייכען, אז ער איז אויפגערעגט אדער אונרוהיג, דער פאר אבער האט ער באלד אנגעהויבען צו ארבייטען.

אזוי וויא ער איז שוין געווען אזוי וויט געזונד, אז ער האט שוין געקענט שרייבען און זאָגאר טאהן לייכטע ארבייטען, האט ער אנגעהויבען צו שרייבען בריעף צו אלע ענגלישע קאָנסולן, וועלכע האבען געוואוינט אין דיא פאָרט שטעדט פון אמעריקא און זיי בעטען אנטווארט, אויב עס איז ניט געווען א שטארקער שטורמווינד אין דיעזער צייט און אויב דאס מעער האט ניט ארויסגעווארפען עפעס אזאך, פון וועלכען מען וואלט געקענט דער קענען, אז עס קומט פון דער „סאנקט העלענאַ".

דער מיט אליין איז ער נאך ניט צו פריעדען געווען. ער האט געלאזען דרוקען אין אלע ענגלישע, שפאַנישע און פאָרטוגיזישע צייטונגען וועלכע, ווערן ארויסגעגעבען אין אמעריקא, אז ער וועט געבען א בעלוינונג פון פינף הונדערט דאָללאר דעם מענשען, וועלכע וועט איהם ברענגען א נאבריכט פון דער „סאַנקט העלענאַ".

לײדער, האט עס אלעס ניט געהאלפען! איין וואך נאך דער אנדערער, איין מאנאט נאכ׳ן אנדערן זיינען פערגאנגען און קיינער האט זיך ניט אפ־גערופען, קיינער האט זיך ניט געמעלדעט, קיינער איז ניט געקומען ברענגען אנאבריכט אין פאדערן דיא פינף הונדערט דאָללאַר, וועלכע מיין פאטער האט צוגעזאגט אלס בעלוינונג.

מיין פאטער איז געווארען פערצווייפעלט. ער איז נאך ניט געווען פאלקאמען געזונד און וואלט נאך געדארפט בלייבען איינינע צייט אויף דער פרייער לופט, ער האט זיך אבער ניט געקענט איינהאלטען. ווען זיין שיף איז פערלארען געגאנגען, איז ער רואינירט. דיא קראנקהייט האט איהם אפ געקאסט א שטיק געלד און ווען זיין שיף איז אונטערגעגאנגען אדער פער־

לארען געגאנגען, וועט ער באלד מוזען זוכען אשטעלע אויף אפרעמדעס שיף אלס שיפסקאפיטאן אדער ערשטער אפיציער.

איך האב געפיהלט, וויא מיין פאטער לײדעט, וויא עס שמערצט איהם, וואס ער ווייס זאגאר ניט, וואס עס איז געווארען פון זיין שיף, איך האב איהם אבער גאר ניט געקענט העלפען. איך האב געליטען מעהר פון איהם, ווייל איך האב פערלארען מיט „סאנקט העלענא" מיין גליק, מיין ליעבע און מיין פריינד.

איך האב צוואר געבעטען מיין פאטער, ער זאל נאך בלייבען עטליכע וואכען אין דער וויללא, ביז ער וועט ווערען פאלקאמען געזונד, ער האט מיך אבער ניט געוואלט הערען. מיר זיינען צוריק געפאהרען קיין האוואנא. דארט האט מיין פאטער ווידער אנגעהויבען נאכצופרעגען נאך זיין שיף. ער האט אבער ווידער גאר ניט אויסגעפונען.

מיר האבען נאך געהאט גענוג געלד אום צו קויפען אאנדער שיף, ניט אזא גרויסע, וויא דיא „סאנקט העלענא", אזוי פיעל געלד האבען מיר ניט געהאט, אבער א שיף, אויף וועלכער מיר זאלען קענען ווידער פאהרען, פערדיענען געלד און אין דערזעלבער צייט זוכען דיא „סאנקט העלענא" און דיך.

מיין פאטער האט קיין מאל ניט געגלויבט, אז דיא „סאנקט העלענא" איז אונטערגעגאנגען. ווען א שיף געהט אונטער, מוז פון איהר עפעס בלייבען. עס מוז בלייבען א צייכען, אז זיא איז אונטערגעגאנגען, בעזאנדערס ווען דיא פאהרט אויף א וועג, אויף וועלכען מען בעגעגענט יעדעס מאל שיפען, וועלכע פאהרען הין און צוריק.

איך פלעג אפט רעדען מיט מיין פאטער וועגען דיא „סאנקט העלענא" און, וויא איך בין שפעטער געוואהר געווארען, האט ער כמעט פערראטהען דיא וואהרהייט.

— דיא „סאנקט העלענא" איז ניט אונטערגעגאנגען, פלעגט מיין פאטער זאגען, זיא איז אריינגעפאלען אין דיא הענד פון פיראטען, וועלכע האבען זיא צוגענומען, האבען זיא איבערגעפארבט, אביסעל איבערגעמאכט און איהר געגעבען אנ'אנדער נאמען.

— וואס האט אבער געקענט ווערען פון דיא מענשען אויף דער „סאנקט העלענא"?

— מען האט זיי געצוואונגען צו ווערען פיראטען, אדער זיי זיינען גע-פאלען אין געשלעג, ווען דיא רויבער זיינען אנגעפאלען אויפ'ן שיף.

ער האט רעכט געהאט, ווייל נור אויף אזא ארט האט מען געקענט זיך ערקלערן, פאר וואס קיינער ווייס ניט, וואו דיא „סאנקט העלענא" איז אריינגעקומען.

מיין פאטער איז געווען פעסט איבערצייגט, אז קוים וועט ער האבען א שיף און וועט אנהייבען ארומצופאהרען אין דיא וואסערן פון אמעריקא, וועט ער געוויס געפינען א שפור, א צייכען אדער עפעס אן אנדענק פון דער „סאַנקט העלענא״.

עס איז אלזא געבליעבען ביי איהם צו קויפען אן אנדער שיף און ווידער אנהייבען עפעס צוטאהן. וואו קויפט מען אבער אזא שיף? האוואַנא איז ניט אזא גרויסער פאָרט, אז מען זאל דארט קענען אזוי לייכט קויפען א שיף. מיר האבען געמוזט פאהרען אין א גרויסען פאָרט, וויא ניוּיאָרק, ריאָ די זשאַניירא, אדער לאָנדאָן.

קיין לאָנדאָן האט מיין פאטער ניט געוואלט פאהרען. ער האט זיך געשעהמט צו קומען קיין לאָנדאָן אלס פאסאזשיר, ווען ער איז ארויסגעפאהרען פון ענגלאנד אלס שיפסקאַפּיטאן און אלס אייגענטהימער פון א גרויסען און שעהנעם שיף.

עס איז אן אלטער רעגעל: קומען אהיים איז גוט צו קומען אלס רייכער מאן, ניט אלס אונגליקליכער, וועלכען פריינד און בעקאנטע דארפען בע-דויערן. אויסער דעם האבען מיר ניט געהאט וואס צו טאהן אין ענגלאנד, זייט מיין מוטער איז געשטארבען. מיר זיינען שוין אזוי געוואוינט געווארען מיט אמעריקא, אז מיר האבען שוין געוואלט בלייבען אין אמעריקא.

עס איז אונז אלזא געבליעבען צו פאהרען קיין ניוּיאָרק אדער קיין ריאָ דיא זשאַניירא. מיר האבען זיך איבערלעגט אייניגע צייט, ענדליך האט זיך מיין פאטער ענטשלאסען צו פאהרען קיין ריאָ די זשאַניירא. ערשטענס, איז ריאָ די זשאַניירא פיעל נעהנטער, וויא ניוּיאָרק. צווייטענס, מיין פאטער האט געהאפט, אז אין ריאָ די זשאַניירא וועט ער געפינען עפעס א שפור פון דער „סאַנקט העלענא״, גלייך וויא דאס הארץ וואלט איהם געזאגט, אז אין ריאָ די זשאַניירא דארף מען וויסען, וואס עס איז געווארען פון זיין שיף.

מיר זיינען אלזא געפאהרען אויף א פאסאזשיר שיף קיין ריאָ די זשאַניירא. דיא רייזע איז געווען א גליקליכע און מיין פאטער האט זיך געפיהלט פיעל בעסער אויפ׳ן שיף, וויא אויפ׳ן לאנד. ער איז געווען אזוי געוואוינט מיט׳ן מעער, אז ער האט ניט געקענט לעבען אהן דעם מעער.

מיר זיינען געקומען קיין ריאָ די זשאַניירא און האבען אפגענומען צימער אין א האָטעל. מיין פאטער איז באלד געגאנגען צום ענגלישען קאָנסול און האט איהם געבעטען, ער זאל איהם רעקאָמענדירען אן עהרליכען שיפס אגענט.

אין ריאָ די זשאַניירא זיינען שטענדיג דא פיעלע שיפען צו פערקויפען, עס איז אבער ניט אזוי לייכט צו קויפען א שיף. עס זיינען געווען אייניגע גוטע שיפען צו פערקויפען, מען האט אבער פערלאנגט פאר זיי זעהר

טהייער. מיר האבען ניט געהאט אזוי פיעל געלד. קיין אלטעס און שלעכטעס שיף האט מיין פאטער ניט געוואלט קויפען.

אזוי זיינען פערגאנגען וואכען און מאָנאַטע און מיין פאטער האט נאך אלץ ניט געקענט קויפען קיין שיף.

עס איז שוין פערגאנגען אגאנץ יאהר, זייט דוא מיט דער „סאַנקט העלענאַ״ זיינען פערפאלען געווארען און מיר האבען נאך אלץ ניט געפונען קיין שפור פון דיר און פון אונזער שיף. זעלבסטפערשטענדליך, אז מיר האבען אונטערדעסען דיך ניט פערגעסען און האבען נאכגעפרעגט ביי וועמען מיר האבען נור געקענט, אויב מען וויים ניט, וואו עס איז אהינגעקומען דיא „סאַנקט העלענא״.

ריאָ די זשאַניירא איז אגרויסע שטאדט, זיא איז דיא הויפט שטאדט פון בראַזיליען. דאס קלימאַט איז אבער זעהר אונגעזונד, ווייל דיא שטאדט איז געבויט אויף א זומפּ ביים ברעג פונ׳ם מעער. און ריאָ די זשאַניירא הערשט אויך דאס געלבע פיעבער און איז דא נאך געפעהרליכער, וויא אין האַוואַנאַ.

דער קייזער פון בראַזיליען, דער הויף, דיא מיניסטאָרען און אלע רייכע מענשען פון ריאָ די זשאַניירא וואוינען אין פעטראָפאָלים, אשטאדט, וועלכע געפינט זיך אויף א בארג זעקס מייל וויים פון ריאָ די זשאַניירא. אין פעטראָפאָלים איז דיא לופט ריין און געזונד, אין ריאָ די זשאַניירא אבער איז דיא לופט זעהר שלעכט און זאָגאר געפעהרליך.

דאס קלימאַ פון ריאָ די זשאַניירא איז זעהר הייס. אין זומערצייט, אין דיא הייסע מאָנאטע פון יאהר קען קיין ווייסער מענש ארויסגעהן ביי טאג אויף דער גאַס. אלע ארבייטען ווערן געטאהן פון שקלאפען, נעגער, וועלכע מען בעציעהט פון אפריקא.

פון קיין ווינטער וויים מען ניט אין ריאָ די זשאַניירא, עס זיינען דארטען דא נור אייניגע מאָנאטע, ווען עס איז אביסעל קיהלער. דיא היץ ברענט ניט אזוי און ווייסע מענשען קענען געהן אויף דער גאס און טאהן זייער ארבייט.

מיר זיינען אנגעקומען קיין ריאָ די זשאַניירא אים ווינטער, דאס הייסט, ווען דיא לופט איז אביסעל קיהלער. דער ענגלישער קאָנסול און אנדערע מענשען, מיט וועלכע מיר האבען זיך בעקענט, האבען אונז געראטהען צו נעהמען א וואוינונג אין פעטראָפאָלים און צו קומען יעדען טאג מיט׳ן אייזענבאהן קיין ריאָ די זשאַניירא, וויא עס טהוען אלע פערמעגליכע מענשען.

מיין פאטער וואלט עס פיעלייכט געטאהן, ער האט אבער געזעהן, אז דער קליינער קאפיטאל, וועלכען ער האט, ווערט מיט יעדען טאג קלענער. דאס לעבען אין א גרויסער שטאדט קאָסט זעהר טהייער, בעזאָנדערס ווען מען וואוינט אין אן אנשטענדיגען האָטעל. מיין פאטער האט

פיעלייכט רעכט געהאט. נאך דעם אונגליק, וואס האט אונז געטראפפען, איז יעדער גראשען ביי איהם געווען טהייער.

מיין פאטער איז ניט געווען קיין קארגער, עס קומען אבער פאר אומ-שטענדען אין מענשליכען לעבען, ווען דער מילדעסטער מענש מוז ציטערן איבערן גראשען. איך קען ניט מאכען א פארוואורף מיין פאטער, פאר וואס ער האט ניט געוואלט וואוינען אין פעטראפאלים, וואו דאס לעבען איז צווייא מאל אזוי טהייער, וויא אין ריא די זשאניירא. ער האט אנדערש ניט געקענט.

אזוי איז פערגאנגען דער ווינטער, דאס הייסט, דיא קיהלערע צייט. עס איז אנגעקומען דער זומער. מיין פאטער האט נאך אלץ ניט געפונען קיין שיף צו קויפען און האט שוין געטראכט צו פאהרען קיין ניויארק, דער גרעסטער פארט אין גאנץ אמעריקא.

צום אונגליק, האט זיך אבער געמאכט א שיף, וועלכע מיין פאטער האט געפונען פאר מעגליך צו קויפען, דאס שיף איז איהם געפעלען און מען האט זיך נור געדארפט אויסגלייכען מיט'ן פרייז.

דאס איז אבער אין בראזיליען ניט אזוי לייכט. דער בראזיליאנער האט ליעב זיך צו דינגען, ריכטיגער געזאגט, זיך צו ציגיינערן. ווען א בראזיליאנער פערלאנגט פאר אזאך א דאללאר, מעג מען זיין זיכער, אז מען וועט עס קויפען פאר א פיערטעל דאללאר. דער בראזיליאנער וויים זעהר גוט, אז מען וועט איהם ניט געבען, וויפיעל ער פערלאנגט, ווייל ער פערלאנגט אן אונמעגליכען פרייז, ער דארף זיך אבער דינגען; ער האט א פערגעניגען פון דעם דינגען זיך. ער מוז זיך ציגיינערן אגאנצע שטונדע, איידער ער פערקויפט א זאך, וועלכע איז ווערטה עטליכע גראשען. דאס ליעגט שוין אין באראקטער פון פאלק.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס דאס קויפען פון דעם שיף האט געמוזט געדויערן עטליכע טעג. מיין פאטער האט געמוזט יעדען טאג געהן צום פארט, בעטראכטען דאס שיף, פראבירען, וויא עס געהט, וואס פאר זעגעל עס האט און נאך אזעלכע זאכען.

מיין פאטער האט זעהר גוט געוואוסט, אז מען מוז זיין זעהר פאר-זיכטיג, ווען מען קויפט אזאך אין זיד אמעריקא. אין קיין לאנד אין דער וועלט איז דער שווינדעל און בעטרוג אזוי פערברייטערט און אזוי פריי, וויא אין זיד אמעריקא. דער שווינדעל איז דארט ערלויבט געזעצליך.

— האסט דוא זיך געלאזען בעשווינדלען און בעטריעגען, איז פער-פאלען, זאגט אייך א ריכטער אין בראזיליען.

מען מוז אלזא קוקען מיט צעהן אויגען, ווען מען וויל קויפען א גרעסערע זאך אין בראזיליען און אין גאנץ זיד אמעריקא.

---

## 70-טעס קאפיטעל

## קאפיטאן ארמסטראנג שטארבט. אלווארעז.

עס איז געווען א בעזאנדערס הייסער טאג. איך האב געבעטען מיין פאטער ער זאל היינט ניט געהן צום דאק, ער האט מיך אבער ניט געהערט, וויל ער האט געדעכענט היינט צו שליעסען דעם קויף פונ'ם שיף.

ער איז אלזא געגאנגען צום דאק און האט א גאנצען טאג פערבראכט אויפ'ן הייסען און זומפיגען דאק. פאר נאכט איז ער געקומען אהיים מיעד, אויפגערעגט און טרויעריג. ער האט זיך געקלאגט, אז דער קאפ טהוט איהם וועה, האט ניט געוואלט עסען און האט זיך באלד אניעדערגעלעגט.

געגען האלבע נאכט האט ער ווידער בעקומען דאס געלבע פיעבער. איך האב אויפגעוועקט אלע בעריהמטע דאקטוירים פון ריא די זשאניירא. איך האב געטאהן אלעס, וואס א מענש איז נור אים שטאנד צו טאהן, אים צו רעטען מיין פאטער. — אומזיסט! — דיא גרעסטע און בעסטע דאקטוירים האבען ניט געקענט העלפען.

מיין פאטער איז געשטארבען.

וואס עס איז געשעהן אין דיא ערשטע עטליכע טעג נאך זיין טויט, ווייס איך ניט. איך בין געווען אזוי צערשלאגען און אזוי צובראכען, אז פרעמדע מענשען און בעזאנדערס דער ענגלישער קאנסול האבען געטאהן אלעס, וואס זיי האבען געפונען פאר נעטהיג צו טאהן.

מען האט בעערדיגט מיין פאטער אויפ'ן ענגלישען בעערדיגונגס פלאץ. איך בין שפעטער געוואהר געווארען, אז אין ריא די זשאניירא זיינען געשטארבען אזוי פיעל ענגלענדער, אז דער ענגלישער קאנסול און דיא ענגלענדער, וועלכע וואוינען אין ריא די זשאניירא האבען געקויפט א שטיקעל ערד ניט ווייט פון דער שטאדט, וואו זיי בעערדיגען נור ענגלענדער.

אן אלטער שפריכווארט זאגט: „וואס דיא ערד פערדעקט, מוז פערגעסען ווערן". וויא ליעב איך האב געהאט מיין פאטער, וויא שרעקליך זיין טויט איז געווען פאר מיר, האב איך ענדליך דאך געמוזט אנהייבען צו טראכטען, וואס איך זאל ווייטער טאהן.

איך האב דאבאלס זעהר געוואלט שטארבען. איך האב געוואלט מיך אניעדערלעגען און אנזאגען, אז מען זאל מיך לעגען לעבען מיין פאטער.

וואס העלפט עס אבער? מען שטארבט, ווען מען מוז, ניט ווען מען וויל. יעדער טויט איז קיין פריינד, קיין העלפער אין דער נויט; ער קומט ניט דאמאלס, ווען מען דארף איהם, זאנדערן דאמאלס, ווען מען דארף איהם ניט.

איך בין ניט קראנק געווארען, האב מיך ניט אניעדערגעלעגט און בין ניט געשטארבען. איך האב אנגעהייבען צו ביסלעכוויים מיך צו בערוהיגען און צו טראכטען, וואס פון מיר קען ווערן אין א פרעמדעס, האלב ווילדעס, אונגעזונדעס לאנד.

דוא קענסט דיר לייכט פארשטעלען, וואס איך האב איבערגעליטען און איבערגעטראכט אין יענער צייט. דוא געדענקסט דאך געוויס, וויא לוסטיג, פרעהליך און גליקליך איך בין געוועזען, ווען דוא האסט מיך דערזעהן צום ערשטען מאל אויף אונזער רייזע קיין קוועבעק.

דאמאלס האבען מיינע עלטערן געלעבט אין זיינען געוועזען געזונד און שטארק; פאר מיר האט אנגעהויבען צו בליהען דיא טהייערע ראָזע פון ליעבע און לעבען. — דאס איז אבער געוועזען אמאל, מיט יאהרען צוריק. יעצט בין איך אליין אויף דער גרויסער און שלעכטער וועלט, — אליין וויא א שטיין אין דער מיט פונ'ם וועלט מעער.

איך האב קיין פריינד, קיין פערוואנדטען און קיין איינציגען מענשען, מיט וועמען איך זאל קענען רעדען פריי און אָפענהערציג. אך! וויא האב איך דאמאלס געבענקט נאך דיר, מיין געליעבטער!

מיין איינציגער פריינד איז געוועזען דער ענגלישער קאָנסול, ער האט מיר זאָגאר אנגעבאָטען זיין וואוינונג. ער האט מיך געבעטען, איך זאל וואוינען ביי איהם אין פעטראָפּאָלים. — ער מיט זיין פאמיליע פלעגען וואוינען אין פעטראָפּאָלים, אגאנצען טאג אבער פלעגט ער זיך אויפהאלטען אין קאָנסולאט אין ריאָ די זשאנייראָ.

אנפאנגס האב איך ניט געקענט מיך אפרייסען פון דעם צימער, וואו מיין פאטער האט געוואוינט מיט מיר — געשטארבען איז ער אין האָספיטאל פאר קראנקע פון געלבען פיעבער. אין אלע לענדער, וואו דיעזע שרעקליכע קראנקהייט קומט פאר, געפינען זיך בעזונדערע שפיטעלער פאר אזעלכע קראנקע. קוים ווערט אמענש קראנק פון געלבען פיעבער, נעהמט מען איהם באלד צו אין האָספיטאל. מען קוקט ניט, אויב ער איז רייך אדער אָרים. מען נעהמט איהם אין האספיטאל און מען האלט איהם ביז ער שטארבט אדער ער ווערט געזונד.

איך בין אלזא געבליעבען אין האָטעל און פלעג זעהר אפט בעזוכען דיא פאמיליע פונ'ם ענגלישען קאָנסול אין פעטראָפּאָלים. דיעזע פאמיליע איז בעשטאנען פון קאָנסול'ס פרוי, צוויי טעכטער און אזוהן. דיא טעכטער

זיינען געווען זעהר ליעבענסווירדיגע מעדכען און האבען מיך באלד אזוי ליעב בעקומען, אז זיי האבען ניט געקענט לעבען אהן מיר.

מיר פלעגען פערברענגען דיא טעג צוזאמען און זיי האבען מיך אזוי וויית געבראכט, אז איך פלעג מוזען זעהר אפט געהן מיט זיי שפאציערן אין גרויסען קייזערליכען פארק פון פעטראָפּאָלים, וואו עס פלעגען זיך פערזאמלען יעדען אבענד דיא אריסטאָקראַטען און געלערענטע פון דער הויפט שטאדט פון בראַזיליען.

איין מאל בין איך געגאנגען שפאציערן מיט זיי אין פּאַרק. עס איז געווען אשעהנער אבענד. דיא מוזיק האט געשפּיעלט אין גארטען, רייך גע-קליידעטע הערען און עלעגאנטע דאמען האבען שפאציערט, גערעדט, גע-שפאסט, געלאכט און פון צייט צו צייט געטרונקען לימאָנאַד און אנדערע קיהלע געטרענק.

איך בין געגאנגען מיט'ן ענגלישען קאָנסול'ס טעכטער. עס איז אונז געווארען זעהר הייס און מיר זיינען אריינגעגאנגען אין א פּאַוויליאָן טרינקען לימאָנאַדע. איניגע מינוט שפּעטער פון אונז איז אין דעמזעלבען פּאוויליאָן אריינגעקומען א שעהן געקליידעטער מאן מיט א יונגע דאמע אונטערן אָרים און האט אויך געהייסען זיך געבען צוויא גלאָזן לימאָנאַדע. דיא שטימע פון דיעזען מאן איז מיר פארגעקומען זעהר בעקאנט. איך האב מיך צוגעקוקט צו איהם און האב אויסגערופען פול פרייד:

— אַלוואַרעז! דאָס אַלוואַרעז! — וואו איז ריטשארד קעמדען?

דאס געזיכט פון'ם מאן איז געווארען פון אלערליי פאַרבען, ער האט זיך אביער באלד בעהערשט, און האט מיך געפרעגט אויף פּאָרטוגיזיש:

— ווער זייט איהר, פריילין?

— אַלוואַרעז! איהר דערקענט מיך ניט? האב איך אויסגערופען אויסער זיך.

איך האב שוין צוואר גערעדט אביסעל פּארטוגיזיש, איך האב אבער נאך ניט ערלערנט דיא פּארטוגיזישע שפּראכע אזוי וויית, איך זאל קענען פיהרען א געשפּרעך אויף איהר. איך האב דאהער בעסער גערעדט ענגליש אלס פּארטוגיזיש, און אזוי וויא איך האב געוואוסט, אז אַלוואַרעז רעדט זעהר גוט ענגליש, בין איך געווען זיכער, אז ער פערשטעהט מיך, און וועט מיר ענטפערן אויף מיין מוטערשפּראכע.

דער רויבער און מערדער אבער האט זיך געמאכט, אז ער קען מיך גאר ניט, און פערשטעהט ניט א וואָרט ענגליש.

— ווער זייט איהר, און וואס פערלאנגט איהר פון מיר? האט ער מיך געפרעגט, און האט מיך אנגעקוקט אזוי פרעמד, גלייך וויא ער זעהט מיך ווירקליך צום ערשטען מאל אין זיין לעבען.

איך בין געוואָרען אויסער זיך, האב איהם אנגעכאפט ביי דער האנד און האב אויסגערופען:

— אַלוואַרעז! איהר דערקענט מיך ניט? איהר זייט דאך געווען דער ערשטער אפיציער אויף מיין פאטערס שיף „סאַנקט העלענאַ“, און זייט ארויס־געפאהרען אויף איהר פון האַוואַנאַ קיין בוענאָס אַיירעס! — וואו איז דאס שיף? וואו איז מיין ברודער, ריטשארד קעמדען?

— דיא סיניאַריטאַ איז וואהנזיניג! האט אַלוואַרעז אויסגערופען פרעך.

עס האבען זיך פערזאמעלט ארום אונז מענשען, דעם קאנסולס טעכטער, וועלכע האבען זעהר גוט גערעדט פאָרטוגיזיש, האבען זיך אנגענומען פאר מיר און האבען אנגעהויבען צו ערקלערן, אז איך שטעה אונטער דעם שוץ פון דער ענגלישער רעגירונג, וועלכע וועט זיך אָננעהמען פאר מיר.

איידער מיר האבען אבער צייט געהאט זיך צו ווענדען צו א בראזיליאנישען בעאמטען, און איהם בעטען, ער זאל ארעסטירען אַלוואַרעז אלס רויבער פון מיין שיף, האט זיך אַלוואַרעז אויסגעדרעהט אונטער דיא הענט, און איז פערשוואונדען געוואָרען.

מיר האבען איהם געזוכט אין גאנצען פאַרק און האבען איהם ניט געפונען. מיר זיינען געגאנגען א היים, און איך האב דערצעהלט דעם ענגלישען קאנסול, ווען איך האב היינט דערזעהן אין פארק, און וויא ער איז פערשוואונדען געוואָרען אונטער מיינע הענד.

— יעצט וויים איך פאר געווים, אז דיא „סאַנקט העלענאַ“ איז ניט אונטערגעגאנגען, און אז מיין געליעבטער ריטשארד לעבט נאך! האב איך אויסגערופען.

מיט טרעהרען אין דיא אויגען האב איך געבעטען דעם קאָנסול, ער זאל מיר העלפען אויסזוכען דיעזען אַלוואַרעז, דער איינציגער מענש, וועלכער קען מיר ערקלערן, וואו מיין געליעבטער געפינט זיך, און וואו מיין שיף איז אהינגעקומען.

דער ענגלישער קאָנסול האט מיך אויסגעהערט אויפמערקזאם, האט מיך אויסגעפרעגט, אויב איך קען בעווייזען, אז דאס איז דערזעלבער אַלוואַרעז, וועלכער איז געווען ערשטער אפיציער אויף דער „סאנקט העלענא“, ווען זיא איז ארויסגעפאהרען פון דער האַוואַנאַ.

— איך האב דעם קאנטראַקט, וועלכען אלווארעז האט אפגעשלאָסען מיט מיין פאטער, ווען ער איז אריינגעטרעטען אלס אפיציער אויף דער „סאנקט העלענא“, האב איך געענטפערט, אויסער דעם קענען פיעלע מענשען אין האוואנא בעווייזען, אז דאס איז דערזעלבער אלווארעז וועלכער איז אוועק־געפאהרען מיט דער „סאנקט העלענא“, און איז ניט צוריק געקומען.

דער קלוגער און עהרליכער ענגלישער קאנסול, האט געשאקעלט טרויעריג מיט'ן קאפ.

— ווען מען זאל דאס אלעס קענען דערווייזען, וואלט מען פיעלייכט געקענט געוואהר ווערן, וואו דיא „סאנקט העלענא" איז אהינגעקומען, און וואו ריטשארד קעמרען געפינט זיך. וויא בעווייזט מען עס אבער? אלווארעז איז פערשוואונדען געווארען, און מען דארף איהם ערשט זוכען. דאן וועט מען ערשט מוזען ברענגען מענשען פון האוואנא, וועלכע זאלען בעווייזען, אז דאס איז דערזעלבער אלווארעז, און דאן ערשט וועט זיך אנהייבען דיא לאנגע און לאנגווייליגע געשיכטע'ז פון פיהרען א פראצעס אין בראזיליען, בעזאנדערס אבער ווען א פרעמדער פיהרט א פראצעס געגען א היימישען. אזא פראצעס קען זיך אוועקשלעפען יאהרענלאנג, ביז עס וועט נמאס ווערןביידע זייטען, און מען וועט אן איהם פערגעסען.

— אלזא, זאל איך גאר ניט טאהן? זאל איך לאזען לויפען דעם מאן, וועלכער האט מיך בערויבט, וועלכער האט צוגענומען מיין שיף, און האט געטייטעט מיין געליעבטען? האב איך אויסגערופען פול צארן.

— איך זאג ניט, אז דוא זאלסט גאר ניט טאהן, איך זאג נור, אז זא־לאנג דוא האסט קיין זיכערע בעווייזע אין דיא הענד, אז אלווארעז איז ארויבער און א מערדער, זאלסט דוא גאר ניט אנהייבען דעם פראצעס.

— קען מען זיך שוין גאר ניט פערשאפען קיין גערעכטיגקייט אין בראזיליען? האב איך אויסגערופען, איך האב דאך געהערט, אז קייזער דאם פעדרא איז א גוטער און גערעכטער העררשער! איך וועל מיך ווענדען צו איהם!

— אבער, ליעבעס קינד, מען קען דאך ניט פערקויפען דאס פעל פון א בער, איידער מען האט דעם בער, האט דער קאנסול געענטפערט, איידער מיר האבען דיעזען אלווארעז, קענען מיר דאך ניט אנהייבען קיין פראצעס געגען איהם. ער האט דיך געוויס דערקענט, און וויים זעהר גוט, אז ער דארף זיך ניט ווייזען פאר דיר. ער וועט דיך אויסמיידען. ער וועט זיך היטען פאר דיר. בראזיליען איז גרויס. אין בראזיליען קען מען זיך זעהר לייכט בעהאלטען.

— וויא אזוי זוכט מען אבער אויס דיעזען אלווארעז? וויא אזוי געפינט מען איהם?

איך בין געשפרונגען אין דער לופט, וויא א וואהנזיניגע, איך האב איינגעזעהן, אז דער קאנסול האט רעכט, עס איז מיר אבער צום ערשטען מאל אין מיין לעבען פארגעקומען צו זופען א פערברעכער, און איך האב נאך ניט געהאט קיין בעגריף, וויא שווער דאס איז.

דער גוטער קאנסול האט זיך געגעבען דיא גרעסטע מיה מיך צו בערוהיגען און האט מיר ענדליך געזאגט:

— בערוהיג דיך, העלענא, איך וועל טאהן אלעס, וואס איך וועל נאָר קענען, אום אויסצוגעפינען דיעזען אַלוואַרעז.

דער גוטער מאן האט אויך געהאלטען וואָרט. ער האט געפרעגט, געפאָרשט און געזוכט נאך א מאטראָז אדער א שיפסקאפיטאן אַלוואַרעז, עס האט זיך אבער ארויסגעוויעזען, אז אין ריאָ די זשאַניירא אליין געפינט זיך עטליכע מאטראָזען; וועלכע הייסען אַלוואַרעז.

— ווער ווייס, אויב דער טויגעניכטס האט זיך ניט אומיסטען א נאמען געגעבען אַלוואַרעז, ווייל דיעזער נאמען איז זעהר פערברייטערט אין בראזיליען? האט מיר איינמאל דער קאָנסול געזאגט.

שפעטער בין איך געוואהר געווארען, אז דער קאָנסול האט אויך גאנץ ריכטיג געראטהען, אז דער נאמען אַלוואַרעז, אונטער וועלכען מיין פאטער און איך האב איהם געקענט, איז געוועזען א פאלשער, ער האט גאר ניט געהייסען אלווארעז.

אזוי וויא מיר האבען עס אבער דאמאלס ניט געוואוסט פאר געוויס, האבען מיר געזוכט אַן אַלוואַרעז, און מיר האבען געזוכט אומזיסט. דער קאָנסול האט אנגעבאָטען דער פאליציי פון ריאָ די זשאַניירא אגרויסע סומע געלד, ווען זיא וועט אויסגעפינען דעם אַלוואַרעז, וועלכער איז אויעקגעפאהר־ען פון האַיואַנאַ מיט דער „סאנקט העלענא", אדער דעם אַלוואַרעז, וועלכען איך האב בעגעגענט אין קייזערליכען גארטען אין פעטראָפּאָליס.

אבער אונזער ארבייט, אונזער מיה, אונזער זוכען, פאָרשען און נאָכ־פרעגען, — אלעס איז געוועזען אומזיסט. מיר האבען קיין שפור און קיין צייכען פון אַלווארעז ניט געפונען.

— יעצט מוז איך בלייבען אין ריאָ די זשאניירא! האב איך אויסגערופען, איך מוז אזוי לאנג זוכען און פאָרשען, ביז איך וועל אויסגעפינען דעם ניעדער־טרעכטיגען אַלוואַרעז, און וועל פון איהם געוואהר ווערן, וואו מיין ברוטיגאַם איז אהין געקומען.

איך פלעג יעדען אָוועגד געהן שפאצירען אין קייזערליכען גארטען און אין אנדערע פערגעניגונגס פלעצער פון פעטראָפּאָליס, און ביי טאג פלעג איך ארומגעהן אין פאָרט פון ריאָ די זשאַניירא, און פלעג פרעגען אלע מאטראָזען און אלע שיפסקאַפּיטאנע, אויב זיי וויסען עפּעס פון א שיף „סאַנקט העלענא", וועלכעס איז מיט צוויא יאהר צוריק ארויס געפאהרען פון דער האַוואַנאַ, און איז ניט צוריק געקומען.

## 71-טעס קאפיטעל

## דער קאָך פון דער „סאַנקט העלענאַ״ .

אזוי זיינען ווייטער פערגאנגען זעקס מאָנאטע. דער הייסער זומער איז שוין לענגסט פאָראיבער, עס איז געוואָרען עטוואס קיהלער און געזונדער אין ריאָ די זשאַניירא, און איך האב געקענט לענגער בלייבען אין דיעזער הייסער און ניט געזונדער שטאדט, און פאָרשען און זוכען מיין געליעבטען און מיין שיף.

איך האב צוגעזאגט פיעלע מאטראָזען און פיעלע שיפסקאפיטאנע גרויסע סומען געלד, ווען זיי וועלען מיר ברענגען א נאַבריכט פון דער „סאנקט העלענא״ אדער פון דיר, ריטשאַרד.

איך האב צוגעזאגט צו גיבען א גרויסע סומע געלד, האב איך אבער געהאט אזוי פיעל געלד צו גיבען? איך האב מיך קיין מאל ניט געמישט אין מיין פאטערס געלד אנגעלעגענהייטען, ווייל איך האב עס ניט געדארפט. ווען מיין פאטער איז געשטארבען און איך בין געבליעבען אליין, האב איך איבערגענעבען דאס געלד, וואס איז מיר געבליעבען פון מיין פאטער, דעם ענגלישען קאָנסול און ער האט בעצאהלט אלע מיינע אויסגאבען.

איך האב מיך אין גאנצען פערלאזען אויף איהם, ווייל איך האב געוואוסט, אז ער איז אן עהרליכער מאן און איך קען מיך ניט בעקלאגען, אז ער האט אויסגעגעבען מיין געלד אויף זאכען, וועלכע איך האב ניט געדארפט. איך אליין אבער האב פערגעסען, אז אין א פרעמדער לאנד איז דאס געלד פיעל נעטהיגער, וויא אין דערהיים, און אז דיעזעס געלד איז דער וויל מיין איינציגע קוועלע פון וואנען צו לעבען.

ווען עס איז געקומען צו זוכען דעם רויבער אלווארעז אדער עפעס א שפור פון מיין געליעבטען, פלעג איך ניט קוקען אויף געלד און בין שטענדיג געווען בערייט אוועקצוגיבען דעם לעצטען גראָשען, וואס איך האב געהאט. דיא פאליציי פון ריאָ די זשאַניירא און דיא מאטראָזען און שיפסקאפיטאנע, וועלכע איך פלעג בעזוכען אום אויסצופארשען, פיעלייכט וויסען זיי עפעס פון דער „סאנקט העלענא״, האבען מיך אויך געקאסט פיעל געלד.

עס איז געקומען אזוי וויט, אז איין מאל האט מיך דער ענגלישער קאָנסול געשיקט רופען און האט מיר גאנץ עדעל, אבער ערנסט געגיבען צו פערשטעהן, אז איך מוז אנהויבען צו לעבען עקאָנאָמיש און זיין אביסעל קארגער, ווייל דאס קליינע קאַפּיטאל, וואס מיין פאטער האט מיר איבערגעלאזען, האלט שוין ביים באָדען (דנאָ) און קען זיך באלד אויסשעפּען.

איך האב איהם פערשטאנען און אנדערע טרויעריגע, שרעקליכע געדאנקען האבען אנגעהויבען צו קריעכען צו מיר אין קאפּ. איך האב אנגעהויבען

צו דערגעהן. וואס וועל איך טאהן, ווען דאס ביסעל געלד, וואס מיין פאטער האט מיר איבערגעלאזען, וועט אויסגעהן? — דער איינציגער וועג, וואס איז מיר געבליעבען, איז געווען — ארבייטען. אבער וואס ארבייטען? איך האב געקענט לעזען, שרייבען, אביסעל פיאַנאָ שפיעלען און פיעלע הויז ארבייטען. קען מען אבער דער מיט מאכען א לעבען? קען א יונגעס מעדכען אין א פרעמ־דעם לאנד זיך דורכשלאגען מיט דיעזע קענטניסע?

מיין לאגע איז געווארען מיט יעדען טאג פערצווייפעלטער. איך האב אנגעהויבען צו טראכטען פון פאהרען א היים — קיין ענגלאנד.

— וואס וועל איך אבער טאהן אין ענגלאנד? האב איך מיך אליין גע־פרעגט. איך האב אין ענגלאנד פערוואַנדטע (קרובים), זיי זיינען אבער ניט רייך. זיצען און עסען ביי זיי איז אונמעגליך. איך וועל אין ענגלאנד אויך מוזען זוכען עפעס אַן ארבייט, עפעס א בעשעפטיגונג.

קורץ, פאר מיר איז געשטאנען דיא אלטע, פערטרוויערטע און פער־זארגטע מאַדאַם נויט אין איהר גאנצעס, גרויסעס זעהר אונאנגענעהמעס געשטאלט.

„וויא מען לעגט דעם קראנקען, איז איהם אלץ שלעכט". וויא איך האב מיך איבערלעגט און וואס פאר א פלאן איך האב אויסגעטראַכט, איז געווען אלץ שלעכט. איך האב מיך ענדליך ענטשלאסען צו זוכען א שטעלע אלס גובערנאַנטין ביי א רייכען פאָרטוגיעזען. איך האב גערעדט ענגליש, פראנצייזיש, שפאַניש און אביסעל פאָרטוגיזיש און איך האב געהאפט צו בעקומען א שטעלע אלס גובערנאַנטין.

אין בראַזיליען, וויא אין אלע גרויסע שטעדט אין זיד אמעריקא, האלטען דיא רייכע מענשען פראנצייזישע און ענגלישע גובערנאַנטען פאר זייערע קינ־דער, ווייל יעדער רייכער מאַן וויל פערברענגען א געוויסע צייט אין פאַריז און געניעסען אלע פערגניגונגען פון פאַריזער לעבען.

דאס איז אלזא געווען מיין לעצטער בעשלוס, דער לעצטער אַנקער פון מיינע האפנונגען. ווען איך זאל ניט געווען האבען א האפנונג צו געפינען א שפור פון דיר, ריטשאַרד, אדער פון דער „סאַנקט העלענאַ", וואלט איך באלד אנגעצייגט אין דיא צייטונגען, אז איך זוך א שטעלע, אבער זייט איך האב דערזעהן אַלוואַרעז אין קייזערליכען גאַרטען, האט זיך אין מיר אויפגעוועקט דיא האפנונג דיך צו געפינען און דיעזע האפנונג האט מיך ניט געלאזען רוהען.

איך פלעג ארומגעהן אין דיא גאסען, וויא א וואהנזיניגע, און פלעג אויפהאלטען יעדען מאַטראָז און איהם אויספרעגען, אויב ער ווייס ניט עפּעס פון דער „סאנקט העלענאַ".

אין מאל בין איך אזוי געגאנגען אויפ'ן דאָק און האב געקוקט אויף דיא

שיפען, וועלכע זיינען אנגעקומען אין פּאָרט. איך בין געווען פערצווייפעלט, טרויעריג און ניעדערשלאגען, ווייל מיין גאנצע מיה, מיין גאנצעס זוכען און פאָרשען ביז אהער איז געווען אומזיסט.

עס איז דאהער קיין וואונדער, וואס איך האב ענדליך פערלארען דעם מוטה און האב שוין גערעכענט אפצולאזען דיא הענד און זיך אין גאנצען אפּזאגען פון ווייטערעס זוכען און פאָרשען.

אזוי וויא איך בין אזוי געגאנגען פערטראכט, האב איך פלוצלונג דערהערט, וויא איינער רופט מיך שטילערהייט:

— מיסס העלענאַ? זייט איהר מיסס העלענאַ אַרמסטראָנג?

איך האב אנפאנגס ניט געוואלט מיך אומקוקען, ווייל דער מאן, וואס האט מיך גערופען, איז אליין ניט געווען זיכער, אז איך בין עס העלענאַ אַרמסטראָנג און ער האט מיך גערופען אזוי שטיל, גלייך וויא ער וואלט מורא געהאט צו רופען א פרעמדע. ער איז אבער צוגעקומען נעהנטער צו מיר, האט מיך בעטראכט און האט ווידער געפרעגט:

— זייט איהר עס, מיסס העלענאַ אַרמסטראָנג? — יא, איהר זייט עס! וויא קומט איהר אהער?

— ווער זייט איהר דען, מיין הערר? האב איך געפרעגט אונגעדולדיג.

— איהר דערקענט מיך ניט, מיסס העלענאַ? איך בין געווען דער קאָך אויף דער „סאַנקט העלענאַ“, ווען זיא איז ארויסגעפאהרען פון האַוואַנאַ.

איך ווייס ניט ווען מיין פאטער זאל געווען אויפשטעהן פון דער ערד און זאל געווען אזוי פלוצלונג צו קומען צו מיר, אויב איך וואלט מיך מעהר דערפרעהט, וויא יעצט, ווען איך האב דערזעהן דעם קאָך פון דער „סאַנקט העלענאַ“. — איך בין צו געלאפען צו איהם, האב איהם ארומגענומען, האב איהם אנגעטאפּט ביי דיא הענד, האב געוויינט, געלאכט, מיך געפרעהט, געטאנצט, געשפּרונגען און זיך בעטראגען, וויא א וואהנזיניגע.

עס איז גאר קיין וואונדער, וואס ארום אונז האבען זיך פערזאמעלט מענשען, וועלכע האבען ווירקליך געגלויבט, אז איך בין פלוצלונג אראפּ פון זינען.

— וואו איז ריטשאַרד? וואו איז דיא „סאַנקט העלענאַ“? וואו איז אלוואַרעז? האב איך געשריען.

— בערוהיגט אייך! האט דער מאן געבעטען, קומט אהיים, וועל איך אייך אלעס דערצעהלען.

אזוי וויא איך האב ניט געוואלט רופען א מאנספּערזאן אין מיין צימער און האב ניט געוואלט אפלאזען דעם מאן, ביז ער וועט מיר אלעס דערצעהלען, האב איך געבעטען, מען זאל מיר ברענגען א קאַרעטע. איך האב מיך

אַריינגעזעצט אין דער קאַרעטע מיט'ן קאָך פון דער „סאַנקט העלענאַ" און האָב געהייסען פאָהרען צום ענגלישען קאָנסול.

עס האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז דער וועג איז לאַנג, וויא דאָס וועלט מעער, און דיא פערד ווילען זיך גאָר ניט ריהרען פון אָרט. מיר זיינען אָבער דאָך געפאָהרען און אין אַ האַלבע שטונדע אַרום בין איך מיט'ן קאָך געזעסען אין אַ פּריוואַט צימער פון'ם ענגלישען קאָנסול. דער קאָנסול אַליין איז געווען עפּעס בעשעפטיגט און מיר האָבען געמוזט וואַרטען אויף איהם, וויל איך האָב זעהר געוואָלט, אַז ער זאָל הערען, וואָס דער קאָך וועט דערצעהלען.

דער קאָך איז געווען אַן ענגלענדער, מיין פאָטער האָט איהם אָבער אויפגענומען אין אַמעריקאַ און איך האָב איהם ניט אַזוי גוט געקענט. ער האָט געהייסען מאָרפי, און איז געווען אַ שאָטלענדער.

ווען דער קאָנסול האָט געענדיגט זיינע געשעפטען, איז ער געקומען צו אונז און איך האָב איהם פאָרגעשטעלט מיסטער מאָרפי אַלס געוועזענער קאָך אויף דער „סאַנקט העלענאַ", ווען זיא איז צום לעצטען מאָל אַרויסגעפאָהרען פון האַוואַנאַ.

— זייט איהר אַרויסגעפאָהרען פון האַוואַנאַ אויף דער „סאַנקט העלענאַ"? האָט דער קאָנסול געפרעגט.

— איך בין אַרויסגעפאָהרען פון האַוואַנאַ אויף דער „סאַנקט העלענאַ" און בין געווען אויף איהר ביז ערשט ניט לאַנג, האָט מאָרפי געענטפערט.

— וויא איז דאָס מעגליך? דיא „סאַנקט העלענאַ" איז דאָך פערשוואונדען געוואָרען.

— דיא „סאַנקט העלענאַ" איז פערקויפט געוואָרען, אָבער ניט פערשוואונדען געוואָרען, האָט מאָרפי געענטפערט.

איך בין אויפגעשפּרונגען, וויא אַן אָבגעבריהטע און האָב אויסגערופען:

— דיא „סאַנקט העלענאַ" איז פערקויפט געוואָרען? ווער האָט עס געקענט פערקויפען מיין פאָטערס שיף?

דער קאָנסול האָט מיך בערוהיגט און האָט געבעטען מאָרפי, ער זאָל איהם דערצעהלען אַלעס, וואָס ער ווייס פון דער „סאַנקט העלענאַ" און פון דיא מענשען, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף איהר. מאָרפי האָט דערצעהלט פאָלגענדעס:

— קוים זיינען מיר אַוועקגעפאָהרען הונדערט מייל פון האַוואַנאַ, האָט דער ערשטער אָפיציער אַלוואַרעז אָנגעהויבען צו רעדען שטילערהייט מיט די מאַטראָזען. צו ערשט האָט ער גערעדט נור מיט דיא שפּאַנישע און פּאָרטוגיזישע מאַטראָזען. וואָס ער האָט גערעדט מיט זיי, ווייס איך ניט. שפּעטער האָט ער אָנגעהויבען צו רעדען מיט דיא צוויי־דריי ענגלישע מאַטראָזען, וועלכע האָבען זיך געפונען אויף'ן שיף, און ענדליך איז ער

געקומען צו מיר און האט מיר ערקלערט, אז מיר ארבייטען אלע זעהר שווער און פערדיענען זעהר וועניג. ווען מיר זאלען אבער פאהרען קיין אפריקא און קויפען נעגער ביי דיא אפריקאנישע ווילדע קעניגע, וואלטען מיר אין א קורצער צייט געווארען רייכע מענשען.

— וויא קענען מיר אבער פאהרען קיין אפריקא, ווען מיר האבען קיין שיף און קיין געלד צו קויפען דיא סחורות, וועלכע זיינען נעטהיג אום צו קויפען נעגער שקלאפען? האב איך געפרעגט.

— מיר קענען האבען אלעס, ווען מיר זאלען נור וועלען, האט אלווארעז מיר געענטפערט.

— מיר ווילען עס געווים, האב איך אויסגערופען, וואס קענען מיר אבער טאהן? וואו נעהמט מען געלד? וואו נעהמט מען א שיף?

— מיר געפינען זיך אויף א גוטעס און שטארקעס שיף, האט אלווארעז מיר ערקלערט, פאר וואס זאלען מיר ניט צו נעהמען דיעזעס שיף? — ווער קאמאנדירט איבער אונז? א יונגער מאן, א אינגעל, וועלכער דארף נאך דיענען צעהן יאהר אויף א שיף אום צו ווערן צווייטער אפיציער ניט נור שיפסקאפיטאן. איך בין דער שיפסקאפיטאן, איך פיהר דאס שיף, איך בין א געלערנטער און גוטער שיפסקאפיטאן און איך מוז פאלגען דיא בעפעהלע פון אזא אינגעל, וועלכער וויים ניט, וואו איין און וואו אוים. מיר קענען צו־נעהמען דאס שיף, פערקויפען דיא וואארען וועלכע געפינען זיך אויף איהר און פאר דיעזעס געלד קויפען וואארען, וועלכע מען דארף האבען אין אפריקא און ווען מיר געהן דרייא מאל פון אפריקא קיין אמעריקא, זיינען מיר רייכע מענשען.

— וואס וועלען מיר אבער טאהן מיט'ן שיפסקאפיטאן, ריטשארד קעמדען און מיט'ן צווייטען אפיציער, אינגראהאם? זיי קענען דאך אונז ברענגען אויפ'ן עשאפאט? האב איך געפרעגט.

— ווער עס ליעגט אויפ'ן גרונד פון'ם מעער, דער קען שוין קיינעם ניט שאדען, האט אלווארעז געענטפערט.

— איהר ווילט זיי אלזא אריינווארפען אין וואסער?

— פאר וואס ניט?

— דאס וועל איך ניט דערלאזען!

— דאן וועסט דוא ליעגען אין וואסער צוזאמען מיט זיי, האט אלווארעז געענטפערט.

איך האב פערשטאנען, אז שטעלען זיך געגען איהם קען איך ניט, איך מוז אלזא נאכגעבען און שטילערהייט ווארענען דעם שיפסקאפיטאן. איך האב ערעבענט, אז ווען איך וועל אראפטראגען עסען אין דער קאיוטע, וועל איך געבען א ווינק אונזער שיפסקאפיטאן, אז ער געפינט זיך אין א גרוים געפאהר.

וויא ערשטוינט בין איך דאהער געווען, ווען אום מיטאגס צייט איז גע-קומען צו מיר איינער פון דיא פארטוגיזישע מאטראזען און האט מיר געהייסען, איך זאל איהם גיבען דאס עסען פארן שיפסקאפיטאן און פארן ערשטען אפיציער. איך האב פערשטאנען, אז דא איז עפעס ניט גלאט, אלווארעז האט שוין עפעס אפגעטאהן, און בין געלאפען צו דער קאיוטע פון אונזער שיפס-קאפיטאן. — זיא איז געווען פערשלאסען פין דרויסען.

— אלזא האט אלווארעז פערשלאסען דעם שיפסקאפיטאן און האלט איהם געפאנגען! האב איך אויסגערופען.

איך האב ליעב בעקומען דעם יונגען ריטשארד און זיין פריינד אינגראהאם און האב זעהר געוואלט טאהן פאר זיי עפעס. איך האב געהאפט, אז עס וועט אנקומען א שיף און איך וועל קענען גיבען א צייכען, אז ביי אונז אויפ'ן דעק איז עפעס ניט ריכטיג; איך האב גערעכענט, אז איך וועל איבעררעדען דיא מאטראזען, זיי זאלען ניט בעגעהן אזא פערברעכען, קורץ, איך האב מיך פעסט ענטשלאסען צו רעטען דעם שיפסקאפיטאן און דעם צווייטען אפיציער.

א גאנצען טאג אבער האב איך גאר ניט געקענט טאהן. עס איז גערארע קיין שיף ניט אנגעקומען און אלווארעז האט מיך בעוואכט און אפגעהיט, גלייך וויא איך וואלט געווען א פערברעכער. ווען עס איז נאכט געווארען, האט אלווארעז אונז אלעמען צונויפגערופען אויפ'ן דעק און האט אונז אנגעהויבען נאך אמאל צו ערקלערן, אז ווען מיר נעהמען צו דיא „סאנקט העלענא" און פאהרען מיט איהר קיין אפריקא, וועלען מיר אין צווייא יאהר ווערן רייכע מענשען.

דיא שפאניער און דיא פארטוגיזען זיינען געווען איינפערשטאנדען מיט איהם, איך און דיא צווייא ענגלענדער, וועלכע האבען זיך געפונען אויפ'ן דעק, האבען געשוויעגען. ווען עס איז אבער געקומען צו בעראטהען זיך, וואס מען זאל טאהן מיט'ן שיפסקאפיטאן און מיט'ן צווייטען אפיציער, האבען אלע מיט איין קול אויסגערופען, אז זיי ווילען ניט, אז מען זאל זיי אריינ-ווארפען אין וואסער.

— מיר ווילען ניט טייטען קיין מענשען! האבען אלע געשריען.

— ווען איהרווילט עס ניט, וועט דער שיפסקאפיטאן מיט'ן צווייטען אפיציער בלייבען לעבען, האט אלווארעז געענטפערט.

דער מיט האט זיך געענדיגט דיא בעראטהונג. מיר האט אלווארעז אנגעזאגט, איך זאל בעסער בלייבען אין מיין קיך און זאל זיך ניט מישען אין זאכען, וועלכע געהן מיך ניט אן. דיא צווייא איבעריגע ענגלישע מאטראזען האט ער אויך געהאלטען, וויא דיא געפאנגענע. ער האט זיי געהייסען ארבייטען אונטען אין דיא קאמערן פון שיף.

אזוי זיינען פערגאנגען אייניגע טעג. איין מאל זיינען מיר ביי נאכט צוגעקומען צו א פארט. איך האב ניט געוואוסט, וואס פאר א שטאדט דאס איז און צו וואס מיר זיינען צוגעקומען און האב געוואלט ארויסגעהן אויפ'ן דעק פרעגען, וויא דיא שטאדט הייסט. מיט שרעק און שטוינען האב איך דער־זעהן, אז דיא טהיר פון דער קיך איז פערשלאָסען פון דרויסען. איך בין אלזא א געפאנגענער אין מיין קיך.

מען האט אבער געקענט פערשליעסען נור דיא טהירען פון דער קיך, דיא פענסטער זיינען געבליעבען אָפען. עס איז וואהר, אז דיא פענסטער זיינען אזוי קליין, אז קיין מענש קען ניט דורכקריעכען דורך זיי, איך האב אבער גע־קענט זעהן אלעס, וואס עס איז פאָרגעקומען אויפ'ן דעק.

איך האב געזעהן, וויא אַלוואַרעז איז געקומען מיט עטליכע מענשען, וועלכע זיינען געווען אָנגעטאהן, וויא זשאנדאַרמען, און האבען גערעדט פאָרטוגיזיש, א שפראַכע, פון וועלכער איך האב דאמאלס ניט פערשטאנען א וואָרט. איך האב געזעהן, וויא דיעזע זשאנדאַרמען האבען ארויפגעפיהרט דעם שיפסקאפיטאן און אינגראַהאַם אויפ'ן דעק און האבען זיי אראפגענומען אין א באָאָט.

איך האב אלעס געזעהן און האב ניט געקענט העלפען, ווייל איך האב געוואוסט, אז קיים וועל איך אויסרעדען א וואָרט, וועט מען מיך דערשטעכען אדער אריינווארפען אין וואַסער.

מיט א פאָר שטונדען שפעטער איז דיא „סאַנקט העלענאַ" אוועקגעפאָהרען פון יענעם פאָרט. וואוהין מיר זיינען געפאהרען, האב איך ניט געקענט וויסען. מען האט געעפענט דיא טהיר פון מיין קיך און מען האט מיר געהייסען טאהן מיין ארבייט און ניט רעדען א וואָרט. איך האב געמוזט פאלגען, וואס מען האט מיר געהייסען. אַלוואַרעז איז געווארען שיפסקאפיטאן און האט געמאכט צוויא פאָרטוגיזישע מאַטראָזען פאר זיינע אָפיציערן.

מיר זיינען ווידער געפאהרען אייניגע וואכען, דאן זיינען מיר צוגעקומען צו א וויסטער אינזעל, וואו קיין מענש האט געוואוינט. דא זיינען מיר גע־בליעבען שטעהן. אַלוואַרעז האט געהייסען איבערפאַרבען דאס שיף, אָפּקראַ־צען דעם נאמען „סאַנקט העלענאַ" און אנשרייבען מיט גרויסע בוכשטאבען דעם נאמען „פאַנדאָראַ". ער האט נאך געהייסען איבערמאכען פיעלע זאכען אויפ'ן שיף און זיא אזוי פערמאסקירען, אז ווען קאפיטאן אַרמסטראָנג אליין וואלט זיא דאן געזעהן, וואלט ער זיא ניט דערקענט. עס איז געווען א גאנץ אנדערע שיף, זאָגאר דיא זעגעל ביימער זיינען געווארען העכער און מען האט אויף זיי אויפגעהאנגען מעהר זעגעל, וויא פריהער.

אויף דער אינזעל בין איך געווען פריי און האב געקענט צוזעהן אלעס,

וואס מען האט געטאהן אום צו פערשטעלען דאס שיף און גיבען איהר א גאנץ אנדערס אויסזעהן.

ווען אלע אַרבייטען האבען זיך געענדיגט און מיר זיינען ארויסגעפאהרען אויף דער פאַנדאָראַ, שוין ניט אויף דער „סאַנקט העלענאַ", האט זיך שוין אַלוואַרעז געפיהלט זיכערער און האט מיר אָפען ערקלערט, אז אויב איך וויל בלייבען אויפ'ן שיף און איהם העלפען אין זיינע אונטערנעהמונגען, וועל איך אין צוויי יאהר ארום ווערן א רייכער מאן, ווען ניט אבער וועט ער שוין געפינען מיטעל פון מיר לויז צו ווערן, וויא ער איז לויז געווארען פון שיפס-קאפיטאן ריטשאַרד קעמדען און פון זיין צווייטען אָפיציער אינגראַהאַם.

איך האב געמוזט צוזאגען, אז איך וועל בלייבען אויף דער פאַנדאָראַ און האב געמוזט אונטערשרייבען א קאנטראקט, אז איך בין איינגעטרעטען אלס קאָך אויף דער פאנדאָרא אין דעם לאנד טשילי.

איך האב זעהר גוט פערשטאנען, אז דער רויבער און מערדער אלווארעז האט אויסגעקליבען דאס לאנד טשילי, ווייל עס איז א זעהר ווייטע געגענד, וואו עס איז שווער אויסצוגעפינען, אויב דארט איז אמאל געשטאנען אזא שיף.

מיר זיינען דאן ווידער צו געקומען צו א פארט, וואו מיר זיינען גע-בליעבען שטעהן עטליכע טעג. איך האב זעהר געוואלט אנטלויפען, איך האב עס אבער ניט געקענט, ווייל דאס שיף איז געשטאנען זעהר ווייט פון ברעג. אלווארעז האט ניט געטרויט זיינע מענשען און האט געהאלטען דיא פאַנדאָראַ ווייט פון דער שטאדט.

אין דיעזער שטאדט האט אלווארעז פערקויפט דיא סחורות, וועלכע דיא „סאנקט העלענא" האט געפיהרט קיין בוענאס איירעס און האט אנגעקויפט סחורות, וועלכע זיינען נעטהיג פארן שקלאפען האנדעל אין אפריקא.

מיר זיינען דאן אוועקגעפאהרען קיין אפריקא, האבען דארט אנגעקויפט נעגער און האבען זיי געבראכט קיין ריאָ די זשאַנייראָ. דא איז אלווארעז גע-ווען אין דער היים און האט וועניג מורא געהאט פאר זיינע מענשען.

מיר זיינען אבער ניט לאנג געבליעבען אין ריאָ די זשאַניירא. אלווארעז האט זיך געאיילט. מיר זיינען ווידער געפאהרען קיין אפריקא נאך שקלאפען. אויפ'ן וועג האבען דיא מאַטראזען געפאדערט, אז אלווארעז זאל זיי גיבען זייער טהייל פון דעם געלד, וואס ער האט פערדיענט פון דיא פערקויפטע נעגער.

אלווארעז האט צוגעווארפען יעדען עטליכע גאלד שטיקע, מיר האט ער אויך געגיבען צוויי דובלאָנען, אן ערך פון פיערציג אמעריקאנישע דאללארס. דיא מאטראזען זיינען געווען זעהר אונצופריעדען און האבען אנגעהייבען צו ברומען און צו בייזערן זיך. זיי האבען אנגעהויבען אויסצוזאגען פונ'ם חדר און

איך בין דאן פון זיי געוואהר געווארען, אז קאפיטאן ריטשארד קעמדען און אפיציער אינגראהאם האט מען איבערגעגעבען צו דער פאָליצי פין ריאָ די זשאַ־ נייראָ; אלווארעז האט געמעלדעט אין פארט פון ריאָ די זשאניירא, אז דאס זיינען זיינע צוויא מאטראזען, וועלכע האבען אפגערעדט איהם צו טייטען און צו צונעהמען זיין שיף.

— אלזא, געפינט זיך ריטשארד קעמדען אין ריאָ דיא זשאניירא? האב איך אויסגערופען און האב שוין ווייטער ניט געוואלט הערן.

דער קאנסול אבער האט מיך געבעטען, איך זאל מיך בערוהיגען און זאל אויסהערן מארפי'ס דערצעהלונג ביז צום ענדע. איך האב איהם גע־ פאָלגט און האב געבעטען מארפי, ער זאל ווייטער דערצעהלען, וואס מיט איהם האט פאסירט.

— אלווארעז האט געוואוסט וויא צו האנדלען מיט זיינע מענשען, האט מארפי ווייטער דערצעהלט. ער האט געזעהן, אז זיי זינען אונצופריעדען און האט זיי ערקלערט, אז ער האט זעהר וועניג פערדיענט דאס מאל, ווייל עס האט איהם געקאסט זעהר טהייער דיא רייזע. דאס צווייטע מאל וועלען זיי מעהר בעקומען.

ער איז א דורכגעטריבענער רויבער און וויים וויא זיך צו צו חנפענען צו איינפאבע מאטראזען און זיי איינצורעדען, אז ער וועט זיי גליקליך מאכען. ער האט אזוי לאנג גערעדט איבער זיי און זיי ערקלערט, אז אלעס געהערט דאך צו זיי, דאס שיף געהערט צו זיי, דיא וואארע געהערט צו זיי, — אלעס געהערט צו זיי, ער איז נור דער שיפסקאפיטאן, דער פיהרער פון זייער גע־ שעפט. ער זארגט זיך נור פאר זיי.

אייניגע האבען איהם געגלויבט, אנדערע האבען אנגעהויבען צו פער־ שטעהן, אז זיי ארבייטען נור פון זיינעט וועגען. ער וועט זיי צו ווארפען עטליכע דאָללאַר, וויא מען ווארפט צו א הונט א ביין. ער וועט רייך ווערן און זיי וועלען גאר ניט האבען דערפון, וואס זיי האבען בערויבט קאפיטאן ארמ־ סטראָנג. פון דעסטוועגען זיינען זיי ווייטער געפאהרען.

מיר זיינען געקומען קיין אפריקא און האבען ווידער אנגעקויפט פיעלע נעגער, מענער, פרויען און קינדער. אויפ'ן וועג צוריק קיין ריאָ די זשאַנייראָ האבען דיא מאַטראזען אפגערעדט, אז זיי זאלען קוקען אַלוואַרעז אויף דיא פינגער און זאלען פון איהם פארדערן, וואס עס קומט זיי. זיי האבען אפגע־ רעדט, אז ער זאל זיי ווייזען זיינע ביכער און זיינע רעכנונגען.

ווען מיר זיינען געקומען קיין ריאָ די זשאַנייראָ, האט אַלוואַרעז געמאכט א גרויסען באלל אויפ'ן דעק פון דער „פאַנדאָראַ" און האט געגיבען אזוי פיעל ווין און שטארקע געטרענק, אז אלע מאַטראזען זיינען געווארען שי־ . וואס טי

וויי איז ווייטער געשעהן, ווייס איך ניט. איך ווייס נור, אז מען האט זיי אלע ארעסטירט און מען האט זיי געהאלטען צווייא וואכען אין געפענגניס.

שפעטער בין איך געוואהר געווארען פון דיא מאַטראזען, אז אַלוואַרעז איז געקומען צו זיי אין געפענגניס און האט זיי דערצעהלט, אז שיכורערהייט האבען זיי געשלאגען א פּאָרטוגיזישען גענעראל, דערפאר האט מען זיי ארעס-טירט. ער האט געמוזט גיבען צעהנער טויזענדער דאללאַר אדוואקאטען אין בעאַמטע, מען זאל זיי בעפרייען.

אין דער צייט, וואס דיא מאטראזען זיינען געזעסען אין געפענגניס, האט אַלוואַרעז פערקויפט זיינע שקלאפען אין האט זיך צו גענומען דאס געלד. דיא מאטראזען האבען ווידער געארבייט אומזיסט און האבען ניט בעקומען א גראשען פאר זייער מיה. מיר האט אלוואַרעז ווידער צו געווארפען עטליכע גאלד שטיקע און האט מיר געהייסען שווייגען.

אין א קורצער צייט ארום זיינען מיר צום דריטען מאל געפאהרען קיין אפריקא נאך נעגער שקלאפען. אויפ'ן וועג האבען דיא מאטראזען אנגעהויבען צו פערשטעהן, אז אַלוואַרעז בעשווינדעלט זיי און זיי האבען בערויבט קאפיטאן אַרמסטראָנג אומזיסט. אַלוואַרעז וועט רייך ווערן און זיי וועלען בלייבען אומזיסט רויבער.

זיי האבען אנגעהויבען ארויסזאגען זייער אונצופריעדענהייט און איך האב מורא געהאט, אז עס וועט אויסברעכען א רעוואלוציאן אויפ'ן שיף און דיא מאטראזען וועלען טייטען דעם בעטריגער אַלוואַרעז. אבער אויך דיעזעס מאל איז עס געלונגען דעם רויבער אין מערדער צו בעשווינדלען זיינע קא-מעראדען. ער האט בעוויזען, אז ער איז אן ארימאן, ער האט נאך ווייניגער פון זיי און זוכט נור צו פערדיענען עפּעס געלד אום צו קענען פאהרען אהיים, דאן וועט ער זיי איבערלאזען דאס שיף מיט אלעס וואס געפינט זיך אויף איהר.

מיר זיינען געקומען קיין אפריקא. אַלוואַרעז האט אויסגעקליעבען עטליכע מאטראזען, וועלכע ער האט מיט גענומען אויפ'ן ברעג. איך האב בעמערקט, אז ער האט אויסגעקליעבען דיא מאטראזען, וועלכע זיינען געוועזן שטארק ניט צופריעדען מיט איהם און האבען ערקלערט אין דער היוך, אז זיי ווילען איהם ניט פאר זייער שיפסקאפיטאן.

אַלוואַרעז מיט דיא מאטראזען האבען פערבראכט אויפ'ן לאנד אכט טעג.

אַלוואַרעז איז צוריקגעקומען אליין. ער האט געבראכט מיט זיך פיעל נעגער, אבער ניט איינער פון דיא מאטראזען, וועלכע ער האט מיט גענומען מיט זיך, איז ניט צוריקגעקומען מיט איהם.

וואס ער האט געטאהן מיט דיא מאטראזען, האט ער זיי פערגיפטעט, אדער ער האט זיי פערקויפט, ווייס איך ניט. איך ווייס נור, אז מיר האבען

באַלד אנגעלאָדען אונזער לעבעדיגע סחו"ה און זיינען געפאָהרען צוריק קיין ריאָ די זשאַניירא.

דיא איבעריגע מאטראזען האב'ן אנגעהויבען צו פערשטעהן, וויא אַלוואַרעז בערויבט זיי און בעשווינדעלט זיי. ער האט עס צוואר פערשטאנען און האט ווידער געוואלט זיי איינרעדען און זיי אפנארען. דאס מאל אבער איז עס איהם ניט געלונגען. זיי פלעגען איהם פרעגען יעדעס מאל:

— וואו זיינען אהינגעקומען אונזערע קאמעראדען?

אלווארעז פלעגט צוואר ענטפערן, אז זיינע מאטראזען זיינען געבליעבען אין אפריקא, ווייל דער קעניג פון יענער געגענד האט זיי געמאכט פאר גרויסע לייט אין זיין לאנד און האט זיי געגעבען גרויסע שטיקער לאנד און פיעלע פרויען, קיינער אבער האט איהם מעהר ניט געגלויבט. יעדער האט געוואוסט, אז ער האט געווים געזוכט לויז צו ווערן פון מענשען, וועלכע האבען געשריען אין דער הויך, אז ער איז א רויבער און א מערדער.

אזוי וויא מיר האבען געהאט וועניגער מאטראזען, האב איך זעהר אפט געמוזט העלפען דיא מאטראזען אין זייערע ארבייטען. איך פלעג דאהער זעהר אפט רעדען מיט זיי און זיי פלעגען זיך קלאגען פאר מיר, וויא שרעקליך אלווארעז בעהאנדעלט זיי. איך האב מיך צוגעלאזען צו זיי און זיי זיינען געווארען מיינע בעסטע פריינד. דאן בין איך געוואהר געווארען, אז דער נאמען אלווארעז איז א פאלשער, ער הייסט גאר דיעגאָ די האַווילאַ און האט אנגענומען דעם נאמען אלווארעז, ווייל דיעזער נאמען איז זעהר פערברייטערט אין בראזיליען. עס איז ניט לייכט צו געפינען אן אלווארעז, ווען מען ווייס ניט גענוי, וואס פאר אן אלווארעז מען זוכט.

## 72-טעס קאפיטעל.

## מיר זוכען דיעגאַ די האַווילאַ.

— מארפי האט זיך אביסעל אפגערוהט אין זיין ערצעהלונג, האט העלענאַ הייטער דערצעהלט. דער קאנסול האט איהם אויסגעהערט אויפמערקזאם און האט פון צייט צו צייט עפעס פערשריעבען אין זיין נאָטיץ בוך.

ווען מארפי האט זיך אפגערוהט, האט דער קאנסול איבערגעקוקט זיינע נאטיצען און האט ענדליך געפרעגט.

— וואס איז געוואר'ען דאס ענדע פון דער „פאַנדאָראַ", אדער פון דער „סאַנקט העלענאַ"?

— דאס ווייס איך ניט. האט מארפי געענטפערט, איך האב אפגערעדט

מיט נאך א מאטראז, אז קוים וועלען מיר צו קומען צו א פארט, זאלען מיר מיר אנטלויפען, אזוי וויא מיר ביידע האבען געקענט גוט שווימען, האבען מיר גערעכענט, אז ווען מיר זאלען זיך אנגרייטען עטליכע ברעטער און זיי אראפלאזען אין װאַסער, וועלען מיר אויף דיעזע ברעטער שוין צו קומען צום לאנד.

איך מוז אייך זאגען, אז אנטלויפען פון דער „פאַנדאָראַ" איז ניט גע־ ווען אזוי לייכט. ווען מען פלעגט צו קומען צו א פאָרט, פלעגט אלווארעז ניט צו פאהרען צום דאָק, זאנדערן פלעגט בלייבען שטעהן דרייא־פיער מייל וויט פון ברעג. אויפ'ן דעק פון שיף פלעגט שטענדיג ארומגעהן א וואַך מיט גע־ לאדענע רעוואלווערס און קעשענע. קיין מאטראז האט ניט געטארט אראפגעהן פון שיף אהן ערלויבנים פון אלווארעז.

דענאך איז עס מיר מיט מיין קאמעראד געלונגען צו אנטלויפען אין א פינסטערע נאכט, ווען אלע זיינען געשלאפען אויפ'ן שיף. מיר האבען אלעס פארבערייטעט און זיינען געקומען צו שווימען קיין ריאָ די זשאַניירא אויף צוויא ברעטער.

מיר האבען געוואלט פערקלאגען דעם פאלשען אלווארעז און האבען זיך בעראטהען מיט אן אלטען פארטוגיעזען שיפסקאפיטאן וועלכער קען זעהר גוט דיא געזעצע פון לאנד. ער האט אונז אפגעראטהען דערפון.

— ווען איהר וועט איהם פערקלאגען וועט איהר דאך מוזען צו געבען, אז איהר האט איהם געהאלפען צו צונעהמען דיא „סאַנקט העלענאַ" און צו טייטען אדער צו ווארפען אין געפענגנים איהר שיפסקאפיטאן מיט זיין צווייטען אפיציער, איהר זייט אלזא אויך רויבער און מערדער. מען וועט אייך דער פאר פערשיקען אויף לעבענס לאנג אין א דיאמאנטען מינע.

מיר האבען פערשטאנען, אז דער אלטער מאן האט רעכט און האבען געלאזען לויפען דעם רויבער אלווארעז. אויפ'ן דריטען טאג איז דיא „פאַנדאָראַ" פערשוואונדען געווארען.

איך בין געבליעבען אליין אין ריאָ די זשאַניירא און האב געזוכט אן ענגלישעס שיף, אויף וועלכער איך זאל קענען פאהרען אהיים און האב אייך צופעליגער ווייזע בעגעגענט אויפ'ן דאק.

— דאס איז געווען אלעס, וואס מארפי האט געוואוסט, האט העלענאַ ווייטער דערצעהלט, פאר מיר וואלט עס געווען וועניג, פארן ענגלישען קאנסול איז עס געווען גענוג. ער האט שוין געוואוסט, אז דיא „סאנקט העלענאַ" איז ניט אונטערגעגאנגען, אז ריטשאַרד קעמדען לעבט נאך און אז דער רויבער פון מיין פערמעגען און פון מיין גליק הייסט ניט אלווארעז, זאנדערן דיעגאָ די האווילאַ.

איך און דער ענגלישער קאנסול האבען גערדאנקט מאַרפי פאר זיין ערצעהלונג און האבען איהם געגעבען געלד צו פאהרען אהיים.

דער ענגלישער קאנסול האט געוואינט אין בראזיליען זייט איינינע יאהר און האט גאנץ גוט געוואוסט, אז דיא רעגיערונג שיקט אוועק געפעהרליכע פערברעכער אין איהרע דיאמאנטען מינען, דאס געשעהט אבער נור אויף אן אורטהייל פון געריכט. מען מוז איינעם פערמשפט'ן, פעראורטהיילען, צו אזא שרעקליכע שטראפע.

— אלזא, מוזען מיר דאך געפינען דאקומענטען, פאפירען, אז מען האט פעראורטהיילט אזא און אזא מענשען צו אזא שטראפע, האט דער ענגלישער קאנזול געזאגט צו מיר, איך מוז אלזא אנהייבען צו זוכען אין דיא געריכטס ארכיוען, אין דיא פראטאקאלען און ביכער פון דיא קרימינאל געריכטע.

מיר האבען זעהר גוט פערשטאנען, אז אלווארעז האט געשווארען פאלש און האט אויפגעשטעלט פאלשע צייגען (עדות), אז ריטשארד קעמדען האט בעגאנגען א שרעקליכע פערברעכען, ווייל נור אויף אזא ארט האט ער גע-קענט לויז ווערן פון איהם אויף אייביג.

מיר זיינען באלד געגאנגען אין קרימינאל געריכט און האבען אנגעהויבען צו זוכען און נאכצופרעגען, אויב מען האט אמאל פערהאנדעלט געגען צוויא ענגלענדער ריטשארד קעמדען און אינגראהאם.

וויא גרויס איז געווען אונזער ערשטוינען, ווען מיר האבען דיעזע צוויא נאמען ניט געפונען אין קיין פראטאקאל און אין קיין בוך. דער ענגלישער קאנסול האט ניט געשוינט קיין געלד און קיין מיה און האט אליין איבערגע-קוקט אלע ביכער און אלע רעעסטער פון אלע פערברעכער, וועלכע מען האט פעראורטהיילט אין קרימינאל געריכט פון ריאָ די זשאנייראָ אין פעטרא-פאלים אין דער צייט פון דיא לעצטע דרייא יאהר, ער האט אבער ניט גע-פונען דעם נאמען ריטשארד קעמדען, ניט דעם נאמען אינגראהאם.

איך בין ווידער געווען פערצווייפעלט. איך האב מיר ניט געקענט פארשטעלען, אז מארפי האט אונז אפגענארט, ווייל איך האב דאך געוואוסט, אז ער וועט דערפון גאר ניט האבען, וואס ער וועט מיך אפנארען. צו וואס זאל ער עס טאהן?

— דא איז עפעס ניט גלאט, האט דער קאנסול געזאגט, דא איז עפעס פארגעקומען אזא שוידערהאפטעס פערברעכען, פון וועלכע איך האב גאר קיין בעגריף ניט. ווען איך זאל קענען האבען א ליסטע פון אלע פער-ברעכער, וועלכע געפינען זיך אין דיא מינען פון בראזיליען, וואלט איך פיעלייכט געפינען, וואס איך זוך. וואו נעהמט מען אבער אזא ליסטע? דיא בעאמטע פון דיא מינען וועלען אזא ליסטע ניט ארויסגעבען, בעזאנדערס צו א פרעמדען, צו אן ענגלענדער.

איך האב גאר ניט געקענט העלפען אין דיעזער אנגעלעגענהייט. וואס קען טאהן אן עלענדעס מעדכען אהן עלטערן אין א פרעמדען לאנד?

עס זיינען וויעדער פערגאנגען איינינע טעג און דער קאנסיל האט גאר ניט געקענט אויסגעפינען. א קאנסול איז אייגענטליך נור א האנדעלס אַגענט אין א פרעמדען לאנד; ער קען בעטען פאר זיינעם א לאַנדסמאן, ער קען אבער קיין זאך ניט פארדערן.

מיין לאגע איז יעצט געווארען פיעל ערגער. איך האב יעצט געוואוסט, אז מיין געליעבטער, מיין ברויטיגאַם לעבט, אז ער געפינט זיך ערגעץ אין א געפענגניס אדער אין א מינע און ליידעט און ווערט פערשמאכט און איך קען איהם דאך ניט העלפען.

איך וויל דיר ניט בעשרייבען, ליעבער ריטשאַרד, וואס איך האב איבער־געליטען אין דיעזע טעג. איך האב מיך געפונען אין דער לאגע פון א פאטער, וועלכער זעהט, וויא זיין קינד טרענקט זיך; וויא ער ראנגעלט זיך מיט'ן טויט, וויא עס רייסט זיך, וויא עס אַגאָניזירט (גוססט) און קען איהם דאך ניט העלפען.

איך האב אין מיין לעבען קיין מאל ניט געבעטען, דאס מאל אבער האב איך מיך ענטשלאסען צו געהן צום בראזיליאנישען יוסטיץ מיניסטער און איהם בעטען, ער זאל עפעס טאהן פון מיינעט וועגען. א מענש קען זיך אויף קיין זאך ניט פערשווערן. עס קומען פאר אין לעבען אזעלכע פֿעלע, אזעלכע סיטואַציאָנען, ווען דער מענש ווערט צו געקוועטשט צו דער וואנד און איז געצוואונגען צו טאהן זאכען, וועלכע זיינען געגען זיין געוויסען און געגען זיין כאראקטער.

איך האב אין מיין לעבען ניט געבעטען און בין דאך יעצט געוועזן געצוואונגען מיך צו ערניעדעריגען און צו בעטען. איך בין געגאנגען צום יוסטיץ מיניסטער פון בראזיליען. איך האב געמוזטווארטען אין זיין פארצימער א גאנצען טאג, ביז איך האב ענדליך געהאט דיא עהרע צו זעהן זיינע עקסעלענץ (יעוואָ פרעוואָסהאָדיטעלסטווא) און איהם דערצעהלען מיין געשיכטע און וואס איך בעט פון איהם.

— דאס איז אונמעגליך, האט מיר דער מיניסטער געענטפערט און האט מיט מיר מעהר ניט געוואלט רעדען איבער מיין ביטע.

איך בין ארויסגעגאנגען פון מיניכטער פערשעהמט, ניעדערגעשלאגען און אונמוטהיג. איך האב מיך איבערציינט, אז פון דיא בראזיליאנישע בעאַמטע קען איך גאר ניט ערווארטען. איך בין געלאפען צום ענגלישען קאָנסול, און מיט טרעהרין אין דיא אויגען האב איך איהם דערצעהלט, וואס דער יוסטיז מיניסטער האט מיר געענטפערט.

דער קאָנסול האט געטראכט איינינע מינוט, און האט ענדליך

עס איז דא נאך איין איינציגעס מיטעל אויסצוגעפינן ריטשארד קעמדען, און איהם צו בעפרייען.

— וואס זאל איך טאהן? האב איך אויסגערופען.

— זיך ווענדען צום קייזער דאָם פעדראָ, האט דער קאָנסול גענטפערט, ער איז דער איינציגער מענש, וועלכער קען עפּעס טאהן אין דיעזער אַנגעלעגענהייט.

— איך האב אויך געהערט, אז קייזער דאָם פעדראָ איז אגוטער מענש, האב איך בעמערקט. וויא קומט מען אבער צו צו איהם? מען וועט מיך געוויס פרעגען, וואס איך דארף צום קייזער, און ווען איך וועל דערצעהלען וואס איך וויל בעטען ביי איהם, וועט מען מיך צוריק שיקען צום מיניסטער.

קענט איהר ניט אלס ענגלישער קאָנסול מיר פערשאפען אַן אוידיענץ ביים קייזער?

— דאס וועט אייך ניט ניצען, האט דער קאָנסול געענטפערט, ווען איך זאל וועלען פערשאפען אייך אַן אוידיענץ ביים קייזער, מוז איך מיך ווענדען צום ענגלישען געזאנדטען. איך אלס קאָנסול האב קיין רעכט דערצו.

— פיעלייכט זאל איך געהן צום ענגלישען געזאנדטען, און זאל איהם דערצעהלען מיין געשיכטע?

— ער וועט אייך ניט גלויבען, האט דער קאָנסול געענטפערט. און ווען ער וועט אייך גלויבען, וועט ער מאכען אזא ליאַרם, אז דיא בראזיליאַנישע בעאַמטע וועלען זעהן אלעס צופערדעקען און צו פערגלעטען.

— אלזא, וואס זאל איך דען טאהן? האב איך אויסגערופען מיט פערצווייפלונג.

— קייזער דאָם פעדראָ געהט אלע פארנאכט שפאצירען מיט זיין איינציגער טאכטער אין גרויסען פאַרק פון קייזערליכען שלאס. — קייזער דאָם פעדראָ האט געהאט נור איין איינציגע טאכטער. — ווען איהר זאלט קענען אפּהיטען דיא צייט, ווען דער קייזער געהט שפאצירען נור מיט זיין טאכטער, און קיינער פון דיא הויף לייט בעגלייטען איהם ניט, און איהם דאמאלס דערצעהלען אייער געשיכטע, בין איך זיכער, אז ער וועט טאהן פון אייערט וועגען אלעס, וואס ער וועט נור קענען. איך קען דעם קייזער זעהר גוט. איך וויים, אז ער איז א גוטער, געבילדעטער און גערעכטער מאן, און וועט ניט דערלאזען, אז אונשולדיגע מענשען זאלען ליידען אומזיסט אין זיין לאנד.

דאס אלזא איז געוועזען מיין לעצטע האפנונג, דער איינציגער וועג דיך צו רעטען. דוא קענסט דיר לייכט פאָרשטעלען, ריטשארד, וויא איך האב מיך אָנגעהאפט אן דיעזעם מיטעל, וויא איך האב אנגעהויבען צו געהן יעדען טאג אין קייזערליכען פאַלאץ, און מיך בעקאנט מאכען מיט דער געגענד, און

מיט דיא מענשען ; וויא אָפט איך פלעג געבן געלד דיא נעגער , וועלכע האבן געדיענט אין הויף , און איניגע ווייסע , זיי זאלען מיך לאזען שטעהן אין הויף אדער אין גארטען .

אין בין געווארען אזא אָפטע בעזוכערין פון קייזערליכען הויף , אז קיינער פלעגט זיך שוין אויף מיר ניט אומקוקען . איך מוז דיר נאך זאגען , אז אין גרויסען הויף פון'ם קייזערליכען פאלאַץ אין פעטראפּאָליס מעג יעדער אריינגעהן . עס שטעהן צוואר וואַכען ביים טויער , זיי האַלטען אבער קיינעם ניט אויף , נור ווען מען וויל אריינגעהן אין פאלאץ , פרעגט דיא וואַך , ווער מען איז , און וואס מען דארף .

אין קייזערליכען פּאַרק מעג אויך יעדער אריינגעהן , עס איז אבער דא אבעזונדערע אבטהיילונג אין פּאַרק , וואוהין מען לאזט ניט אריין יעדען , ווייל דארט געהט געוועהנליך דער קייזער שפּאצירען . איך האב אלזא געמוזט זוכען זיך צו בעקענען מיט דיא וועכטער פון דיעזער אבטהיילונג , זיי זאלען מיך אריינלאזען אהין , ווען דער קייזער וועט געהן שפּאצירען .

אגאנצען מאָנאט פלעג איך יעדען טאג געהן אין פּאַרק , און עס איז מיר ניט געלונגען צו זעהן דעם קייזער . ענדליך האב איך מיך אריינגעגנבעט אין דער פריה , ווען דיא וואַך פאר דער בעזונדערער אבטהיילונג פון'ם פּאַרק האט זיך פערקוקט , און בין אגאַנצען טאג איבערגעזעסען אין אווינקעלע אונטער א גרויסער פּאַלמע . דיא היץ האט געברענט , וויא פייער , איך האב מיך ניט גערירט פון אָרט . דער דורשט האט מיך געקוועלט , איך בין געוועזן הונגעריג , און האב מיך דאך ניט גערירט פון אָרט . איך האב מורא געהאט , אז א וועכטער זאל מיך ניט דערזעהן .

ענדליך , ווען דיא היץ איז אראפּ , און דיא זון האט געהאלטען ביים אונטערגעהן , האב איך דערזעהן , וויא פון קייזערליכען פאלאַץ זיינען ארויס־געגאנגען א מאן און א יונגעס מעדכען אונטערן אַרם . דאס איז געוועזן קייזער דאָם פּעדראָ מיט זיין טאכטער .

איך האב דערקענט קייזער דאָם פּעדראָ נאך דיא בילדער , וואס איך האב געזעהן פון איהם אין ריאָ די זשאַניירא , פערזענליך האב איך איהם געזעהן צום ערשטען מאל . ער פלעגט צוואר קומען זעהר אפט קיין ריאָ די זשאַניירא , עס איז מיר אבער קיינמאל ניט אויסגעקומען איהם צו זעהן .

יעצט האב איך איהם דערקענט . ער איז געגאנגען אין א לייכטען זומער ראָק , און האט ניט געטראגען קיין שום צייכען אלס הערשער פון אזא גרויסעם לאנד . זיין טאכטער מאַריא איז דאמאָלס געוועזן א גאנץ יונגעס מעדכען פון א יאהר פיערצעהן . זיא האט געהאלטען איהר האנד אונטערן פאטערס אַרם . און זיי האבען ביידע גערעדט איבער עטוואס זעהר ערנסטעס . עס איז געוועזן

דייטליך, אז זיי זיינען פערטיעפט אין אן ערנסטעס געשפרעך, ווייל איך האב ניט געזעהן קיין שמייכעל אויף זייערע געזיכטער.

לאנגזאם זיינען זיי געגאנגען איבער דיא שעהנע און ריינע וועגעלעך פון'ם פארק, ביז זיי זיינען צוגעקומען גאנץ נאהענט צו דער פאלמע, אינטער וועלכער איך בין געזעסען. דא בין איך אויפגעשטאנען, און האב מיך גאנץ טיעף פערנייגט פאר זיי. פרינצעסין מאריא האט זיך אביסעל דערשראקען, ווען זיא האט מיך דערזעהן, קייזער דאם פעדרא אבער האט געווארפען אויף מיר א פריינדליכען בליק, און האט מיך געפרעגט אויף פארטוגיזיש.

— ווער זייט איהר, פריילין, און וואס פערלאנגט איהר?

איך האב איהם געענטפערט אויף ענגליש:

— קייזערליכע מאיעסטעט! איך ... געקומען צו אייך בעטען וועגען גערעכטיגקייט.

— גערעכטיגקייט? האט קייזער דאם פעדרא איבערגעפרעגט, האט אייך ווער אונרעכט געטאהן?

קייזער דאם פעדרא איז געוועזען א בעריהמטער שפראכען קענער, ער האט גערעדט אלע אייראפעאישע שפראכען.

— ווער זייט איהר דען, מיסס?

איך האב איהם געבעטען, ער זאל זיך זעצען און זאל מיך אויסהערן, ווייל מיין ערצעהלונג וועט געדויערן איניגע צייט.

— לאז דיא מיסס געהן מיט אונז, און לאז זיא אונז דערצעהלען, וואס זיא פערלאנגט, האט דיא פרינצעסין מאריא געבעטען איהר פאטער אויף ענגליש.

דיא קראנפרינצעסין האט אויך גערעדט פיעלע שפראכען, ענגליש האט זיא גערעדט, וויא א געבארענע ענגלענדערין.

— דוא האסט רעכט, מיין קינד, האט דער קייזער געזאגט צו זיין טאכטער, מיר קענען געהן און אויסהערן, וואס דיא מיסס וועט אונז דערצעהלען.

ער האט זיך דאן געווענדעט צו מיר, און האט מיך געפרעגט:

— וויא הייסט איהר?

— מיסס ארמסטראנג.

— קומט, מיסס ארמסטראנג, און דערצעהלט אונז, וואס אייך האט פאסירט אין בראזיליען, האט דער קייזער געזאגט צו מיר פריינדליך.

איך האב קיין מאל ניט גערעדט מיט א קייזער אדער מיך איהויך גע-שטעלטע פערזאן, און עס איז מיר געוועזען ניט לייכט צו געהן גאנץ נאהענט ליעבען קייזער דאם פעדרא און דערצעהלען איהם מיין געשיכטע. מיין הערץ האט געקלאפט אזוי הויך, אז דער קייזער האט עס געקענט הערען, און איך האב געקייכט, ווען איך האב גערעדט, און דערצעהלט מיין געשיכטע.

— מיסס ארמסטראנג איז דערשראקען און אויפגערעגט, האט דיא

פרינצעסין מאריא געזאגט צו איהר פאטער, זיא מוז זיך אביסעל בערוהיגען.

— דאן לאמיר אריינגעהן אין פאוויליאָן און לאמיר זיך זעצען, האט דער קייזער געענטפערט.

מיר זיינען אלע דרייא צוגעגאנגען צו א כינעזישען פאוויליאָן, וועלכער האט זיך געפונען אונטער פאלמען, אין א ווינקעל פון'ם פארק. דער קייזער מיט זיין טאכטער האבען זיך געזעצט אויף שטרויענע שטוהלען לעבען אקליין טישעלע, און דער קייזער האט מיר געהייסען זיך זעצען לעבען איהם. דאן האט ער אנגעקלונגען אין א זילבערנעם גלעקעלע, און א האָף דיענער איז באלד צוגעקומען.

— ברענג דרייא גלעזער לימאנאד, האט דער קייזער געזאגט צום דיענער.

מען האט באלד געבראכט דעם לימאנאד, און דער קייזער האט מיר געהייסען טרינקען. דער לימאנאד האט מיך דערקוויקט, איך האב געפאסט מוטה, און האב דערצעהלט דעם קייזער און זיין טאכטער מיין געשיכטע, פון אנפאנגס ביז צו ענדע.

קייזער דאָם פעדראָ האט מיך אויסגעהערט אויפמערקזאם, און האט פון צייט צו צייט מיך עפעס איבערגעפרעגט. ווען איך האב געענדיגט מיין ערצעהלונג, האט ער ארויסגענומען פון אבוזים קעשינע א נאטיץ בוך און האט זיך פערשריבען דיא נעמען פון מיין געליעבטען און פון זיין פריינד אינגראהאם. דיא צייט, ווען דיא „סאנקט העלענא" האט געדארפט אנקומען צום ערשטען מאל קיין ריאָ די זשאנייראָ, און דעם נאמען פון דיעגאָ די האווילא, אדער אלווארעז.

— געהט אהיים, מיסס ארמסטראָנג, האט ער מיר דאן געזאגט, ווען איך וועל עפעס געוואהר ווערן פון אייער ברוטיגאם, וועל איך אייך שוין מעלדען.

ווער איז אים שטאנד צו בעשרייבען מיין פרייד און מיין דאנקבארקייט געגען דעם גוטען קייזער! איך האב געוואלט איהם א קוש טאהן אין דער האנד, ער האט אבער צו גענומען דיא האנד, און האט געזאגט פריינדליך, וויא א פאטער צו א קינד.

— לאזט עס גוט זיין, מיסס! דערווייל האב איך נאך פאר אייך גאר ניט געטאהן. איהר וועט מיר דאנקען, ווען איך וועל עפעס טאהן פאר אייך.

ער האט ווידער אָנגעקלונגען, און האט געזאגט צום דיענער, וועלכער איז באלד צוגעקומען, ער זאל מיך ארויספיהרען פון פארק. איך האב געוויינט און געדאנקט דעם גוטען קייזער, וויא וויים איך האב געקענט.

מען האט מיך ארויסגעפיהרט פון פארק, און איך בין געלאפען פון דארט אהיים, דאס הייסט, צום ענגלישען קאָנסול.

עס דינען פערנאנגען איינינע טעג, און וועלכע עס האט גאר ניט פאסירט, איך בין אבער געוועזן פול מיט האפנונג; איך האב געוואוסט, אז קייזער דאָם פעדראָ וועט שוין אויסגעפינען, וואו דוא ביסט, ריטשארד.

אזוי איז עס אויך געוועזן. און א שעהנעם פריהמארגען איז געקומען צום ענגלישען קאָנסול א לאַקיי פון קייזערליכען הויף, און האט געפרעגט נאך סעניאָריטאַ אַרמסטראָנג. איך בין באלד ארויסגעקומען צו איהם, און ער האט מיר געזאגט, איך זאל קומען צום קייזער פונקט עלף אוהר.

דוא קענסט דיר דענקען, ריטשארד, אז איך בין געוועזן פינקטליך. איך בין יעצט געקומען צום קייזערליכען פאַלאץ. דיא וואַך האט מיך געפרעגט, אויב איך הייס מיסס אַרמסטראָנג, און האט מיך באלד אריינגעפיהרט אין א גרויסעם, העלעם, רייך פערציערטעם צימער. אין דער מיט איז געשטאנען א גרויסער שרייב טיש, אויף וועלכען עס זיינען געליגען אין אשטרענגער ארדנונג, פאפיערן, בריף, דאקומענטען, צייטונגען און ביכער.

אין א פאָר מינוטען ארום האט זיך אויפגעהויבען א שווערער זיידענער פאָרהאנג, און קייזער דאָם פעדראָ איז אריינגעקומען. ער איז צוגעקומען צו מיר, און האט מיר געזאגט מיט א פריינדליכען שמייכעל:

— איך האב געהאלטען וואָרט, מיסס אַרמסטראָנג, איך ווייס שוין אלעס. אייער ברוטיגאם געפינט זיך אין דיא דיאמאַנטען מינען. ער איז אונשולדיג. מען האט איהם פערשיקט, איידער מען האט איהם געשטעלט פאר א געריכט. איך האב שוין אנגעשריעבען א בעפעהל, אז ער איז פריי, און איהר וועט איהם ברענגען פרייהייט.

מיט דיעזע ווערטער האט ער מיר דערלאנגט א פערזיעגעלטען בריף. איך האב צוגענומען דעם בריף, בין געפאלען אויף דיא קניע, און האב מיט טרערהרין אין דיא אויגען געדאנקט דעם גוטען קייזער, פאר זיין גערעכטיגקייט און פריינדליכקייט.

— שטעהט אויף, מיסס אַרמסטראָנג, האט קייזער דאָם פעדראָ געזאגט צו מיר, פאלען אויף דיא קניע דארף א מענש נור פאר גאט.

— איהר זייט אבער פאר מיר געוועזן א גאט! האב איך אויסגערופען, איהר האט מיר צוריקגעגעבען מיין לעבען, מיין גליק, מיין ליעבע און מיין פרייד!

— איך האב געטאהן מיין פפליכט אלס מענש, האט קייזער דאָם פעדראָ געענטפערט, לאמיר אבער דערפון ניט רעדען. איהר קענט אליין ניט פאהרען אין דער דיאמאַנטען מינע. עס איז א וייטער וועג און א מעדכען קען ניט פאהרען אזא וייטען וועג גאנץ אליין. איך וועל שיקען מיט אייך א בעאמטען. ער וועט פאהרען מיט אייך ביז צו דער מינע, צוריק וועט איהר קומען מיט אייער ברוטיגאַם.

איך האב אוהם געקושט דיא האנד און האב געוואלט ארויסגעהן.

— איהר האט געווים קיין רייזע קאָסטען, מיסס אַרמסטראָנג, האט דער קייזער ווייטער געזאגט, און האט מיר דערלאנגט א פעקעל מיט גאָלד שטיקע.

— איך האב נאך גענוג געלד אויף רייזע קאָסטען, האב איך גע־זאגט שטילערהייט.

— נון, גוט, האט דער קייזער בעמערקט, היינט פאר נאכט וועט צוקומען צו אייער וואוינונג א קאַרעטע, און וועלכער עס וועט זיצען א בע־אַמטער. ער וועט פאהרען מיט איך ביז צו דער דיאמאנטען מינע.

איך האב נאך אמאל געדאנקט דעם גוטען קייזער, האב ווידער געקושט זיין האנד און האב ווידער געוויינט פאר פרייד. קייזער דאָם פעדראָ איז געווען גערירהרט. ער האט צוגעלעגט זיינע ליפען צו מיין שטערן און האט מיר געזאגט:

— איך ווינש אייך גליק און פרייד!

מיט דיעזע ווערטער איז ער ארויסגעגאנגען פון צימער.

פאר נאכט איז ווירקליך צוגעקומען א קאַרעטע און א נעגער האט גערופען מיסס אַרמסטראָנג.

דאס איז אלעס, מיין ליעבער ריטשאַרד האט העלענאַ געענדיגט איהר דערצעהלונג.

## 73-טעס קאפיטעל

## צוריק אין ריאָ די זשאַניירא.

ווען העלענאַ האט געענדיגט איהר דערצעהלונג, האב איך שוין ניט געהאט, וואס איהר צו דערצעהלען, זיא האט אלעס געוואוסט אזוי גוט ווי איך. אונטערדעסען איז געקומען א נעגער פון קאָמענדאַנט און האט אונז גערופען צום מיטאג.

אויפ'ן וועג האט זיך העלענאַ עפעס דערמאנט.

— וואו איז דיין לייזענם קאַמעראד? האט זיא געפרעגט, וואו איז איינגראַהאַם?

ער איז געשטארבען, האב איך געענטפערט טרויעריג.

מיר האבען מעהר ניט גערעדט דעם גאנצען וועג. איך האב געזעהן, אז איינגראהאמ'ס טויט האט געמאכט א טיעפען איינדרוק אויף מיין גוטער העלענאַ. מיר האבען אויך ניט געקענט פיעל רעדען, וויל מיר זיינען באלד

אנגעקוקט אין הויז פון קאָמענדאַנט און דער קאָמענדאַנט האט אונז איינ־ געלאַדען צום טיש.

ענדליך נאך פיער לאנגע און שווערע יאהר פון ליידען און שמערצען בין איך ווידער געזעסען לעבען מיין געליעבטער העלענאַ ביי דיעזע צווישען אנשטענדיגע מענשען.

ביים עסען האט דער קאָמענדאַנט מיך געפרעגט:

— ווען דענקט איהר אוועק צופאהרען פון דאנען?

איך האב אקוק געטאהן אויף העלענאַ'ן, איך האב זיא געפרעגט מיט דיא אויגען, וואס זיא דענקט צוטאהן. דער רעוויזאָר האט אונז בריידען אויסגעהאלפען.

מיסס אַרמסטראָנג איז מיעד פון וועג, האט ער געזאגט, לאז זיא זיך א ביסעל אויסרוהען, דאן וועט זיא מיט איהר ברוטיגאַם זיך אוועק־ פאהרען אין דער קאַרעטע, און וועלכער מיר זיינען געקומען אהער.

— איך וועל דא בלייבען ביז מארגען, ווען דער הערר קאָמענדאַנט וועט מיר ערלויבען, האט העלענאַ געענטפערט.

— איך האב פאר אייך אנגעגרייט א בעזונדער צימער, האט דער קאָמענדאַנט געזאגט העפליך, איהר און אייער ברוטיגאַם זיינען יעצט מיינע געסט.

נאכ'ן עסען האט מיר העלענאַ ערקלערט, אז זיא איז גאר ניט מיעד און האלט נאך היינט אוועקגעפאהרען, זיא וויל אבער, אז איך זאל מיך אפשערן, אפוואשען און איבערטאהן אין אנדערע קליידער. זיא וויל ניט איך זאל אויסזעהן, ווי א אַן ארעסטאַנט.

איך האב גאר פערגעסען, אז איך מוז אויסזעהן ווער פערוויילדערט און פערזשאקטען. אין דיא גאנצע פיער יאהר האב איך מיך נור צוויא מאל געלאזען אפשערען פון א בעקאנטען ארעסטאַנט. דיא רעגיערונג האט זיך ניט געקימערט, וויא דער ארעסטאנט געהט און אויב ער טראגט לאנגע אדער קורצע האָר. ווען אַן ארעסטאַנט האט געוואלט זיך אפשערן, האט ער געמוזט בעטען א בעקאנטען, ער זאל איהם טאהן דיעזע געפעלינקייט.

יעצט ווען איך בין געוועזען א פרייער מאַן, האב איך מיך געלאזט אָפשערן און אפראַזירען פונ'ם בארביער אין קאָמענדאנט'ס הויז. אין א פאַ־ שטונדען ארום בין איך געוועזען א גאנץ אנדערער מענש.

יעצט האב איך גענומען מיין געליעבטע העלענאַ אונטער'ן ארם און האב זיא ארומגעפיהרט אין דער מינע. איך האב איהר געוויזען דעם אָרט וואו אינגראַהאַם ליעגט בעגראָבען און דאס שטיבעלע, וואו איך האב גע־ וואוינט, דעם קליינעם גארטען, וועלכען איך האב בעאַרבייטעט און דיא

ביסעל זאכען, וועלכע האבען מיר געדיענט אלס בעטגעוואַנד און הויז געשיר (כלים).

דערביי האב איך מיך דערמאנט אן דעם שווארצען דיאמאַנט. איך האב אנפאנגס געוואלט איהם לאזען ליענען אויף זיין ארט, באלד אבער האב איך מיך איבערלעגט. איך האב מיך דערמאנט, אז איך האב געגעבען דעם אונגליקליכען אינגראַהאַם מיין עהרענווארט, אז איך וועל איהם ירשינען, איך וועל צונעהמען דעם דיאמאנט און וועל איהם בעטראכטען אלס דיא ערבשאפט, דיא ירושה, פון איהם.

איך האב מיך אלזא בעשלאסען אויסצוגראבען דעם דיאמאַנט פון דעם אָרט, וואו איך האב איהם פערגראָבען, און איהם מיטנעהמען אלס אנדענקען אן מיין אונגליקליכען פריינד אינגראַהאַם.

זעלבסט פערשטענדליך, אז איך האב עס ניט געטאהן, ווען העלענאַ איז געוועזען מיט מיר אין מיין שטיבעלע. איך האב עס געטאהן שפעטער, ווען זיא איז געגאנגען זיך אפרוהען אין דעם צימער, וואס דער קאָמענדאַנט האט איהר געגעבען אין זיין הויז.

דאס איז געוועזען דיא לעצטע נאכט, וועלכע איך האב פערבראכט אין דער מינע. פאר נאכט, ווען אלע ארעסטאנטען זיינען צוריק געקומען פון דער ארבייט, בין איך געגאנגען אין מיין שטיבעלע, האב אויסגעגראבען דעם דיאמאנט און האב איהם פערנעהט אין מיינע קליידער. דאן האב איך צונויפגערופען אלע ארעסטאנטען, און האב גענומען אבשיעד פון זיי.

עס זיינען געוועזען צווישען זיי פיעלע ווילדע און פערדארבענע מענשען, וועלכע האבען ווירקליך פערדיענט זייער לאָזָ (גורל) צו בלייבען אין דער מינע ביז זייער לעבען לאנג, ווייל זיי האבען ווירקליך געבראכט נור שאַדען; עס זיינען אבער געוועזען איינינע גוטע און עדעלע מענשען, וועלכע זיינען געוועזען אונשולדיג, וויא איך, אדער זיי האבען איין מאל אין זייער לעבען בעגאנגען א פערברעכען אין א מינוט פון אויפרעגונג און וואַהנזינן, ווען זיי האבען זיך ניט געקענט בעהעררשען.

פיעלע האבען געוויינט, ווען זיי האבען דערהערט, אז איך פאהר אוועק פון דער מינע, אנדערע האבען זיך געפרעהט; ווידער אנדערע, בעזאָנדערס דיא נעגער, האבען געקוקט אויף מיר גלייכגילטיג. עס האט זיי זעהר ווענינ בערירט, אויב איך בלייב, אדער איך פערלאָז זייא אויף אייביג.

איך האב דאן צוטהיילט מיין פערמעגען. איך האב דאך יעצט געהאט א שטיבעלע מיט אגוט בעארבייטעטען גארטען, אויף וועלכען עס האבען געוואקסען אלערליי פריכטע. דאן האב איך געהאט איינינע זאכען פון האלץ

צו לעהם, וויא א באנק, א פאר שיעסלען. א טאָפּ און נאך אזעלכע קליינ־קייטען. איך האב אלעס צוטהיילט און האב זיי געזאגט,

— אדיע, אויף אייביג!

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האב איך מיט העלענאַ געגעסען פריהשטיק ביים קאָמענדאַנט און ער האט מיר געגעבען אלס געשענק אנדערע קליידער, און וועלכע איך זאל קענען פאהרען ביז ריאָ די זשאַניירא. מיר זיינען צוואר געפאהרען מיט פאָסט פערד, אבער זאָגאַר מיט דער פאָסט האט דיא רייזע פון דער מינע ביז ריאָ די זשאַניירא געדויערט גאנצע אכט טעג.

נאכ'ן פריהשטיק האב איך גענומען אַבשיעד פון קאָמענדאַנט. ער האט מיך אוועקגערופען אן א זייט און האט מיר געזאגט:

— איהר ווייסט זעהר גוט, הערר קעמדען, אז דיא גאנצע צייט, וואס איהר האט זיך געפונען אין דער מינע, האב איך אייך בעהאנדעלט פריינדליך, וויא ווייט עס איז מיר מעגליך געווען. איהר פאהרט יעצט צוריק קיין ריאָ די זשאַניירא און איהר וועט געוויס פארקומען פאר'ן מיניסטער אדער זאָגאַר פאר'ן קייזער, פערגעסט מיך ניט, קעמדען! רעדט פאר מיר א גוטעס וואָרט, ווען איהר וועט האבען דיא געלעגענהייט. איך וויל ניט פערליערען דיעזע שטעלע, וועלכע פערזארגט מיך און מיין פאמיליע מיט ברויט.

איך האב צוגעזאגט דעם קאָמענדאַנט, אז איך וועל טאהן פאר איהם אלעס, וואס איך וועל נור קענען.

אין צוויא שטונדען ארום בין איך ארויסגעפאהרען פונ'ם שרעקליכען טויער צווישען דיא בערג, וועלכער האט אפגעשלאסען דיא דיאמאנטען מינע. מען האט געפענט פאר אונז דעם טויער און מען האט אונז געלאזען דורכפאהרען פריי, מען האט אונז זאָגאר ניט בעזוכט, וויא דיא רעגעל איז געווען, אז יעדען וועלכער פאהרט ארויס פון דער מינע, מוז דער אָפּיציער פון דער וואַך בעזוכען;

ווען מען האט אין קעשענע א פאפּיער פון א קייזער, קען מען פאהרען איבער אין זיין לאנד.

אויפ'ן וועג האב איך צוערשט געהאט איבערצורעדען מיט העלענאַ'ן איבער אונזערע אנגעלעגענהייטען. מיר האבען זיך שוין ביידע אזוי ווייט בערוהיגט, אז מיר האבען געקענט אנהייבען צודענקען, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן.

פון דעם גאנצען געלד, וואס העלענאַ'ס פאטער האט איהר איבער געלאזען, איז איהר יעצט געבליעבען נור צוויא הונדערט דאָללאַר, א סומע, וועלכע איז צו ווייניג אום צו לעבען און צופיעל אום צו שטארבען פון

הונגער. — וואס קען מען אנהייבען צו טאהן מיט צוויא הונדערט דאללאר?

פאהרען אהיים, קיין ענגלאנד, קומען צו מיין ארימען פאטער מיט א פרוי און זיך זעצען עסען ביי איהם, האב איך אויף קיין פאלל ניט געוואלט און ניט געקענט. בעזעצען זיך אין ריא די זשאניירא איז אויך געווען אונמעגליך. וואס קען איך טאהן אין א פרעמדער שטאדט? איך קען קיין האנדווערק און טויג ניט אלס קויפמאן. העלענא קען מיר אויך גאר ניט העלפען, ווען מיר זאלען זיך בעזעצען אין ריא די זשאניירא.

אלזא, וואס טהוט מען? עס איז מיר געבליעבען איין אויסוועג: איך זאל פערקויפען דעם שווארצען דיאמאנט און זאל מיר קויפען א שיף. העלענא איז גוט בעקאנט אלע שיפסאגענטען אין ניואָרליאנס, האוואנא, קינגסטאָן און אלע גרעסערע פּאָרט שטעדט פון נאָרד און זיד אמעריקא, וועלכע געפינען זיך אין יענער געגענד, ווען איך זאל האבען א שיף, קען איך טאהן דאס זעלבע, וואס העלענא'ס פאטער האט געטאהן. איך קען מיך בעשעפטיגען מיט טראנספּאָרטירען סחורות פון איין פּאָרט צום אנדערן. העלענא קען מיר זעהר גוט העלפען, ווייל זיא איז בעקאנט מיט יענע געגענדען און ווייס זאָגאר וויא אזוי צופיהרען א שיף. זיא פלעגט דאך טאהן אויף איהר פאטערס שיף אלע ארבייטען וואס אַן ערשטער אָפיציער דארף טאהן.

אלזא, איך מוז זעהן צו קויפען א שיף און ווערן א שיפסקאפּיטאן. ווען איך וועל פערדיענען פיעל געלד און וועל האבען אַן אייגענעם שעהנעם שיף, וועל איך מיט מיין פרוי קומען קיין ענגלאנד און מיר וועלען בעזוכען אונזערע פאמיליען.

איך האב דערצעהלט העלענאַ'ן, פון וואס אינגראהאם איז געשטארבען און וואס פאר א ירושה ער האט מיר געלאזען. העלענא האט א ציטער געטאהן און האט זאָגאר ניט געוואלט זעהן דעם דיאמאנט, וועלכער איז געקומען צו מיר אויף אזא אינגעוועהנליכער אַרט.

— איך ווייס ניט, פאר וואס, האט זיא געזאגט טרויעריג, איך קען מיר ניט ערקלערן, פאר וואס איך וויל ניט און קען ניט זעהן דעם שווארצען דיאמאנט, אבער מיין הערץ זאגט מיר, אז ער וועט אונז קיין גוטעס ניט ברענגען.

— רעד קיין נארישקייטען, העלענא! האב איך אויסגערופען. ביסט דוא דען אבערגלויביש? גלויבסט דוא דען ווירקליך, אז א שטיין קען ברענגען גוטעס אדער שלעכטעס? א שטיין איז א שטיין.

העלענא איז אבער געבליעבען פעסט ביי איהר מיינונג, אז זיא וויל

ניט זעהן דעם שווארצען דיאמאנט און וויל ניט וויסען פון איהם. איך האב מיט איהר מעהר ניט גערעדט דערפון.

## 74-טעס קאפיטעל

## אַלוואַרעז פערוואורטהיילט צום טויט.

דיא לאנגע רייזע האט זיך ענדליך געענדיגט, מיר זיינען אנגעקומען קיין ריאָ די זשאַניירא און זיינען פערפאהרען צום ענגלישען קאנסול, וואו מען האט אונז אויפגענומען מיט אזא פרייד און מיט אזא פריינדליכקייט, גלייך וויא מיר וואלטען געוועז קינדער פון הויז.

איך האב געמוזט דערצעהלען דעם קאָנסול מיין געשיכטע פון אנפאנג ביז צו ענדע און האב געמוזט איהם אנגעבען גענוי דעם טאג און זאָגאר דיא שטונדע, ווען אַלוואַרעז האט געהייסען מיך אראפנעהמען פון דער „סאַנקט העלענאַ", וואוהין מען האט מיך געפיהרט און ווען מען האט מיך אוועקגעשיקט אין דיא דימאַנטען מינע. ער האט זיך אלעס נאָטירט און פערצייכענט.

איך האב איהם געפרעגט:

— צו וואס פערצייכענט איהר אלעס? אַלוואַרעז ווייס דאך, אז העלענאַ געפינט זיך אין ריאָ די זשאַניירא און ער וועט זיך געוויס היטען זיך צו ווייזען פאר איהר.

— עס קען מיר צוניץ קומען, האט ער מיר געענטפערט קורץ.

דיא ערשטע עטליכע טעג זיינען מיר געוועז מיעד פון דער רייזע און מיר האבען זיך אויסגערוהט, איך האב צוואר ניט געקענט רוהען, ווייל איך האב אלץ געטראכט איבער דיא וויכטיגע פראַגע: וואס וועל איך ווייטער טאהן? פון וואנען וועל איך לעבען? דיעזע פראַגע האט מיך געגעסען, וויא א וואָרם, און האט מיך ניט געלאזען לעבען.

אויף'ן פינפטען טאג נאך אונזער אנקומען קיין ריאָ די זשאַניירא בין איך געזעסען מיט העלענאַ ביים פריהשטיק, ווען א בראַזיליאַנער זשאנדאַרם איז אריינגעקומען און האט געפרעגט אויף מיסס אַרמסטראָנג און ריטשאַרד קעמדען. מען האט איהם געוויעזען אויף אונז ער האט אונז איבערגעגעבען צוויא איינלאדונגען אין קרימינאַל געריכט און האט דער ביי אונז געזאגט גאנץ העפליך:

— איהר מוזט באלד קומען.

מיר זיינען געוועז איבערראשט, איך האב אויף קיין פאלל ניט געקענט

פערשטעהן, צו וואס מען קען רופען מיך און העלענאַ אין קרימינאַל געריכט. איך האב געוויעזען דיא איינלאדונג דעם ענגלישען קאָנסול און ער האט מיר געזאגט גאנץ ערנסט:

— ווען מען רופט אייך, מוזט איהר געהן.

מיר האבען אלזע שנעל אפגעגעסען און זיינען אוועקגעגאנגען אין קרימינאַל געריכט.

דער גרויסער, העלער און לופטיגער זאַל פון קרימינאל געריכט איז געוועזן פיל געפאקט מיט רייך געקליידעטע העררען און עלעגאנטע דאמען. דיא ריכטער אין אלטמאָדישע, לאנגע, שווארצע מאנטלען זיינען געזעסען ארום א טיש, וועלכער איז געוועזן בעדעקט מיט שווארצען טוך. עס איז געוועזן דייטליך, אז עס פערהאנדעלט זיך א זעהר וויכטיגער קרימינאַל פראָצעס.

קוים זיינען מיר צוגעקומען צו דער טהיר פונ׳ם זאַל און האבען גע-וויעזען אונזערע איינלאַדונגען, האט אַן אַלגוואַזיל, — א דיענער פון גע-ריכט, אונז צוגעפיהרט צו א בעזונדערער באַנק אין דער לינקער האנד פון דיא ריכטער, האט אונז געהייסען זיך זעצען און האט עס געמעלדעט שטילערהייט דעם פראָקוראָר.

אין א מינוט שפעטער האט דער פארזיצענדער אויסגערופען אין דער הויך:

פיהרט אריין דעם אנגעקלאגטען!

א זייטען טהיר האט זיך געעפענט און צוויא זשאַנדאַרמען האבען אריינגעפיהרט א מאן, וועלכען איך און העלענאַ האבען באלד דערקענט.

— אַלוואַרעז! האבען מיר ביידע אויסגערופען מיט איין קול.

דאס איז ווירקליך געוועזן אַלוואַרעז, ריכטיגער געזאגט, דיעגאַ די האַווילאַ. קייזער דאָם פעדראָ האט געהאלטען ווארט. ער האט געהייסען מאכען א שטרענגע אונטערזוכונג און מען האט אויסגעפונען אלעס, וואס דיעגאַ די האַווילאַ האט געטאהן געגען מיר און וויא ער האט עס געמאכט, אז מען זאל מיך פערשיקען אויף דיא דיאמאנטען מינען.

איך וויל ניט בעשרייבען אלעס, וואס עס איז פארגעקומען אין קרימינאל געריכט, איך וויל נור דערצעהלען, וויא אזוי אַלוואַרעז אדער דיעגא די האַווילאַ האט עס געמאכט, אז מען זאל מיך פערשיקען.

ווען דיא „סאַנקט העלענאַ" איז צוגעקומען אין פאָרט פון ריאָ די זשאַניירא, איז אלווארעז מיט זיינע אָפיציערן אריינגעפאהרען אין שטאדט און האבען געשווארען פארן קאָמענדאַנט פונ׳ם פאָרט, אז דיא „סאַנקט העלענאַ" איז זיין שיף און איך מיט אינגראַהאַם זיינען זיינע מאטראזען. אויפ׳ן וועג האבען מיר אָנגערעדט דיא איבעריגע מאטראזען, מיר זאלען

מיטען איהם — אלווארעז, דעם שיפסקאפיטאן אין זאלען אונז צו נעהמען דאס שיף.

דאס איז איינס פון דיא שווערסטע פערברעכען אין אלע לענדער. פאר אזא פערברעכען ווערט מען בעשטראפט מיט'ן טויט. דער קאָמענדאַנט פון פאָרט האט געגלויבט אלווארעז'ן, ווייל אלע אָפיציערן פון דער „סאַנקט העלענאַ" האבען געשווארען, אז אלווארעז זאגט דיא וואהרהייט.

ער האט אלזא געהייסען אונז אוועקפיהרען אין געפענגניס, וואו מען האלט דיא גרעסטע פערברעכער.

אלווארעז האט זיך געלאזען קאָסטען געלד און האט אונטערגעקויפט דעם שרייבער פון געפענגניס, אז ער זאל אונז אוועקשיקען מארגען מיט דער פארטיע, וועלכע געהט אין דיא דיאמאנטען מינען און אויף אונזער אָרט זאל ער איבערלאזען אנדערע צווייא פערברעכער.

דער דירעקטאָר פון געפענגניס איז דער פון געוואהר געווארען מיט איינעגע מאָנאַטע שפעטער און האט מורא געהאט אויסצוזאגען, וואס זיין בעאַמטער האט געטאהן. ער האט געזוכט צופערגלעטען דיא געשיכטע און עס איז איהם אויך געלונגען. דיא גאנצע געשיכטע וואלט פערגעסען געווארען און איך וואלט אויסגעלעבט מיינע יאהרען אין דער מינע, ווען קיינער דאָם פעדראָ זאל זיך ניט געווען אריינמישען און זאל ניט געווען אויס-געפינען אלעס, וואס מיט מיר האט פאסירט.

אלווארעז איז רייך געווארען פון שקלאפען האנדעל, האט פערקויפט דיא „סאַנקט העלענאַ" אדער „פאַנדאַראַ", וויא זיא האט שפעטער געהייסען, האט זיך געקויפט א שטיק לאַנד ניט ווייט פון פעטראָפאָלים און האט דארט אויסגעבויט א שעהנע ווילאַ (דאַטשאַ), ריכטיגער געזאגט, א פאלאץ, וועלכען ער האט פערציערט מיט אלע מעגליכע זאכען, וועלכע מען קען קריעגען פאר געלד.

ווען אלעס איז געווען פערטיג, האט ער אנגעהויבען צו זוכען א זאך, וועלכע מען קען ניט קריעגען פאר געלד, — ליעבע. ער האט געוואלט זיך פערהייראטהען און האט געזוכט א יחוס שידוך, א מעדכען פון דער העכערער געזעלשאפט, דיא טאכטער פון א גרויסער פאמיליע.

אויך דאס איז איהם געלונגען. ער האט זיך פערלאבט מיט א מעדכען פון ניט רייכע, אבער הויך געשטעלטע עלטערן פון אַן אלטער פאמיליע פון פאָרטוגאַל. ער איז עס געגאנגען שפאציערן מיט זיין בראַוט, ווען העלענאַ האט איהם בעגעגענט אין פארק פון פעטראָפאָלים און האט איהם דער-קענט. עס איז איהם אבער געלונגען צו אנטלויפען און איינצורעדען זיין בראַוט, אז העלענאַ איז וואהנזיניג.

ער האט זיא שפעטער געהייראטהעט און האט געלעבט מיט איהר

גליקליך אין צופריעדען אויף זיין ווילא, איינגע מייל וויט פון פעטראפאליס ווען אן אגענט פון דער געהיים פאליציי האט איהם ארעסטירט.

יעצט האט מען איהם אריינגעפיהרט אין געריכטס זאל פון פעטראפאלים. איך אין העלענא האבען איהם באלד דערקענט. מען האט איהם צו געפיהרט צום גרויסען טיש, בעדעקט מיט שווארצען טוך, און מען האט איהם געפרעגט:

— וויא הייסט איהר?

— דיעגא די האווילא, האט ער געענטפערט.

— האט איהר אמאל אנגענומען אנאנדער נאמען?

— ניין. איך האב שטענדיג געלעבט אונטער מיין אייגענעם נאמען.

— קענט איהר ניט א מענשען מיט'ן נאמען אלווארעז?

— ניין. איך האב קיין מאל ניט געקענט אזא מענשען.

— סעניארא העלענא ארמסטראנג! האט אויסגערופען דער געריכטס דיענער (סורעבני פריסטאוו).

העלענא איז צו געקומען צו דיא ריכטער.

— קענט איהר דיעזען מאן? האט דער ריכטער געפרעגט.

— איך קען איהם זעהר גוט.

העלענא האט דערצעהלט אלעס, וואס זיא האט געוואוסט פון אלווארעז.

— סעניאר ריקארדא קעמדען! האט געשריען דער געריכטס דיענער.

ביי דיא פארטוגיעזען הייסט ריטשארד ריקארדא.

איך בין צו געקומען צו דיא ריכטער און האב דערצעהלט אלעס, וואס איך האב געוואוסט פון אלווארעז.

עס האט זיך אנגעהויבען דער פערהאנדלונג אין געריכט. אלווארעז האט זיך גענומען דיא בעסטע אדוואקאטען אין פעטראפאלים, וועלכע האבען געטאהן אלעס, וואס זיי האבען געקענט אום צו רעטען זייער קליענט און עס וואלט זיי פיעלייכט געלונגען צו פערדרעהען דיא ריכטער, צום אונגליק אבער פאר אלווארעז אדער דיעגא די האווילא האט זיך געפונען א מאטראז פון דער „סאנקט העלענא”, א בראזיליאנער, וועלכען אלווארעז האט אויך בערויבט, און ער האט דערצעהלט אלעס: וויא אלווארעז האט אנגערעדט דיא מאטראזען צו צו נעהמען דיא „סאנקט העלענא”, וויא ער האט איהר געגיבען אנאנדער נאמען, וויא ער האט געהייסען ארעסטירען מיך און אינגראהאם און וואס ער האט ווייטער געטאהן מיט'ן שיף.

נאך א פערהאנדלונג, וועלכע האט געדויערט גאנצע דרייא טעג האט דאס געריכט פעראורטהיילט אלווארעז צום טויט דורך הענגען און ער זאל בעצאהלען העלענא'ן פאר איהר שיף.

מען האט אוועקגעפיהרט אלווארעז צוריק אין געפענגניס און מען האט

אנגעהויבען צו זוכען זיין פערמעגען פון וועלכען מען זאל בעצאהלען העלענאַ'ן פאר איהר שיף. ערשט יעצט האט זיך עס ארויסגעוויזען, וויא דורכגע-טריבען אלווארעז איז און וויא ער האט אלעס פאראויסגעזעהן און אלעס בעווארענט. זיין ווילאַ איז געווען פערשריעבען אויף זיין פרוי, זיין לאַנד אויף זיין מוטער. מען האט אלזא קיין זאך גיט געקענט נעהמען פון איהם. ער האט גאר ניט געהאט.

איך און העלענאַ האבען אבער דערפון ניט געוואוסט. מיר זיינען גע-ווען זיכער, אז מיר וועלען בעקומען דאס געלד, וואס דיא „סאנקט העלענאַ" איז ווערטה געווען. מיר האבען גערעכענט צו קויפען פאר דיעזעס געלד א נייעס שיף און אנהויבען צו פיהרען א נייעס רוהיגעס ערנסטעס און ארבייט-זאמעס לעבען.

מיר האבען גערעכענט צו קויפען א נייעס שיף, איהר נאָמען גיבען „סאנקט העלענאַ" און אנהייבען צו מאכען דיעזעלבע געשעפטען. וואס קאפיטאן אַרמסטראָנג האט געמאכט. איך בין געווען זיכער, אז אלע גרויסע קויפלייטע פון ריאָ די זשאַניירא און פעטראפאלים וועלען מיר גיבען גענוג בעשעפטיגונג. מיר האבען נאך גערעכענט אויף פיעלע פריינד און בעקאנטע אין האַוואַנאַ, ניו אָרלינס, קינגסטאן און פיעלע אנדערע גרויסע פארט שטעדט אין יענע געגענדען.

מיר האבען אלזא געהאט דיא בעסטע האפנונגען צו לעבען גליקליך. איך האב אנפאנגס גערעכענט צו ווארטען, ביז איך וועל האבען אן אייגע-נעם שיף, דאן זאל איך הייראטהען: דער ענגלישער קאָנסול האט מיר אבער געגיבען צו פערשטעהן, אז עס פאסט ניט, איך זאל וואינען אין איין האטעל צוזאמען מיט העלענאַ'ן, עס איז פיעל גלייכער מיר זאלען הייראטהען און וואינען צוזאמען.

מיר האבען איהם געפאלגט. דער הייסעסטער וואונש פון מיין לעבען איז ענדליך ערפילט געווארען. איך האב געהייראטהעט מיין גוטע טהייערע און געליעבטע העלענא. מיר האבען געהייראטהעט ביים ענגלישען קאנסול אין הויז, אהן א ליארם אהן א רעש און אהן א געוואלד. דער קאנסול האט אויסגעפיהרט אלע צערעמאניען און דער גייסטליכער פון ענגלישען קאנסולאט האט אונז פעראייניגט אויף אייביג. מיר האבען קיינעם ניט איינגעלאדען אויף אונזער האכצייט, ווייל מיר האבען זיא געמאכט גאנץ שטיל.

איהר קענט איך פארשטעלען, וויא איבערראשט איך און העלענא זיינען געווען, ווען אויפ'ן אנדערן טאג נאך אונזער האכצייט האט א רייך גע-קליידעטער האף דיענער אונז געבראכט א האכצייטס פרעזענט, א זילבערנעם שיף, ריכטיגער געזאגט, א מאָדעל פון א שיף געמאכט פון ריינעם זילבער מיט טהייערע גאלד פערציערונגען. דאס שיף איז געווען א וואהרע און

פאלקאמען ריכטיגע קאפיע, מאדעל, פון דער „סאַנקט העלענאַ". אויפ'ן העכסטען זעגעל בוים פון'ם שיף איז געהאנגען א קליין בריוועלע.

איך האב גענומען דאס בריוועלע און האב עס דורכגעלעזען. אין בריעף זיינען געשטאנען פאלגענדע עטליכע ווערטער:

„מיין גרוס און מיין גליקס וואונש העררן ריטשאַרד קעמדען און זיין פרוי, העלענאַ אַרמסטראָנג!"

„דאָם פעדראָ II אימפעראַטאָר".

אלזא דאס איז געוועזן א האכצייטס געשענק, דרשה געשאנק אויף אידיש, פון קייזער דאָם פעדראָ.

העלענא האט אויך דורכגעלעזען דאס בריוועלע, האט עס א קוש געטאהן, האט געוויינט און האט אויסגערופען:

— גוטער, עדעלער קייזער!

אין בין געוועזן דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט. איך האב ענדליך געהייראטהעט דאס מעדכען, וועלכעס איז מיר געוועזן ליעבער און טהייערער אלס מיין לעבען. איך האב געהאט דיא בעסטע האפנונג זיך ארויפצוארבייטען און צו ווערן א גוטער שיפסקאפיטאן, דער אייגענטהימער פון אן אייגענעם שיף. איך האב געוואוסט, אז מיין פרוי קען מיר זיין א גוטער געהילפע, ווייל זיא האט פערשטאנען בעסער פון מיר, וויא צופיהרען א שיף.

איך בין אלזא געוועזן דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט. איך בין געוועזן זיכער, אז דאס געריכט וועט מיר גיבען דאס געלד, וואס דיא „סאַנקט העלענאַ" איז ווערטה געוועזן פון אַלוואַרעז פערמעגען. איך און העלענאַ האבען זאגאר אפגערעדט, מיר זאלען געהן צום קייזער און איהם בעטען, ער זאל בעגנאדיגען אלוואַרעז און זאל איהם שענקען דיא טאדעס שטראפע.

אזוי זיינען פערגאנגען איניגע וואָכען. אין דעם טאג, ווען מיר האבען זיך ענדליך ענטשלאסען צו געהן צום קייזער און איהם בעטען ער זאל בעגנאדיגען דעם אונגליקליכען אַלוואַרעז, האט אונז דער ענגלישער קאנסול געוויעזען אן ארטיקעל אין א פארטוגיעזישע צייטונג אונטערן טיטול: „גאטעס שטראפע".

אין דיעזען ארטיקעל זיינען געשטאנען פאָלגענדע ציילען.

„היינט אין דערפריה אום 7 אוהר, ווען דער אויפזעהר פון געפענגניס איז אַריינגעקומען אין קעמעריל, וואו עס האט זיך געפונען דער בעריהמטער פערברעכער דיעגאַ די האַווילאַ, אדער אַלוואַרעז, האט ער איהם געפונען אויפגעהאנגען אויף דיא אייזערנע גראַטעס פון פענסטער. ער איז געוועזן טויט. דער פערברעכער האט ניט געוואלט דערלעבען דיא שאנדע צו שטארבען

אוּפּ'ן עשאַפאָט און ער האט זיך אליין גענומען דאס לעבען. דאס איז „גאטעס שטראַפע".

איך און העלענא זיינען געווען צופריעדען וואס עס האט זיך אזוי געענדיגט.

— דער שלעכטער מענש מוז אזוי ענדיגען, האט העלענאַ געזאגט ערנסט, אזוי האט מיך געלערנט מיין גוטער פאָטער און אזוי האט געענדיגט זיין לעבען אַלווארעז. ער האט אונז אונגליקליך געמאכט, ער האט אונז בע-רויבט, ער איז געווען דיא אורזאכע פון מיין פאטערס טויט. וואס האט ער אבער געהאט פון זיין רויב? סוף גנב לתליה. — —

## 75-טעס קאפיטעל

## דער „אַרמסטראָנג'.

עס זיינען ווידער פערגאנגען איניגע וואכען, וועלכע מיר האבען פערלעבט אין גליק און צופריעדענהייט. מיר האבען אויפגעגעסען דאס לעצטע געלד, וואס העלענאַ'ן איז געבליעבען פון איהר פאטער.

מיר זיינען געווען זיכער, אז דאס געריכט וועט צו נעהמען אלווארעז פערמעגען און וועט אונז בעצאהלען פאר דיא גערויבטע „סאַנקט העלענאַ". לייהדער, זיינען פערגאנגען וואכען און מאָנאטע און מען האט אונז ניט גע-שיקט רופען אין געריכט אפנעהמען אונזער געלד.

איך האב אנגעהויבען נאך צו פרעגען און אויסצופאָרשען, ווען איך קען בעקומען דאס געלד, וועלכעס דאס געריכט האט מיר צוגעשפראכען און בין ענדליך געוואהר געווארען דיא ריינע, אבער רעכט טרויעריגע וואהרהייט, אז מען האט דערוויל געפונען זעהר ווניג פון אלווארעז פערמעגען, וועלכעס מען האט געקענט צו נעהמען.

עס האבען זיך ווידער אנגעהויבען פראָצעסען, וועלכע וואלטען גע-דארפט זיך פערציעהען יאהרען לאנג.

מיין איינציגע האפנונג איז אלזא געבליעבען דער שווארצער דיאמאנט. ער איז ווערטה געווען א פערמעגען און ווען איך זאל איהם קענען פערקויפען, וואלט איך געהאט גענוג געלד זיך צו קויפען א גרויסעס און שעהנעס שיף.

וואו פערקויפט מען איהם אבער? — אין בראזיליען האב איך איהם ניט געקענט פערקויפען, וויל אלע האבען געוואוסט, אז איך בין געווען מעהר אלס דרייא יאהר אין דיאמאנטען מינען. מען וועט אלזא וויסען, אז איך האב

איהם געגנבעט. וואו פערקויפט מען איהם אלזא? וואו נעהמט מען א פעלז אויף אזא טהייערן דיאמאנט? וואו נעהמט מען א קויפער?

דיא איינציגע ערטער אין אמעריקא, וואו איך וואלט געקענט געפינען א קויפער אויף אזא שטיין, זיינען ניויארק, שיקאגא און סאן פראנציסקא.

איך האב איבערגערעדט מיט העלענא'ן און האב איהר ערקלערט, אז איך זעה פאר אונז קיין אנדער אויסוועג אלס צו פערקויפען דעם דיאמאנט. צו דיעזען צוועק מוזען מיר פאהרען קיין ניויארק אדער קיין ניו ארלינס.

— איך וויל פון'ם שווארצען דיאמאנט ניט וויסען! האט העלענא אייסגערופען.

— עס איז דאך אבער דאס איינציגע מיטעל, וואס מיר האבען זיך צו קויפען א שיף, האב איך בעמערקט.

— מיר מוזען נאך ווארטען, פיעלייכט וועט דאס גריכט אונז דאך אומקעהרן ווענינגסטענס א טהייל פון'ם געלד, וועלכער אלווארעז האט ביי אונז צוגענומען, האט העלענא געזאגט פעסט ענטשלאסען.

זיא האט זיך געהאלטען פעסט, אז זיא וויל פון'ם שווארצען דיאמאנט ניט וויסען און איז געבליעבען דערביי. זיא האט זאגאר פערלאנגט, איך זאל אריינווארפען דעם דיאמאנט אין מעער, איך האב אבער ערקלערט, אז איך קען עס ניט טאהן, ווייל דאס איז דאס איינציגע אנדענקען, וואס איז מיר געבליעבען פון מיין אונגליקליכען פריינד אינגראהאם.

איך קען מיר ביז היינטיגען טאג ניט ערקלערן, פאר וואס העלענא האט אזוי מורא געהאט פאר דיעזען שטיין, איך ווייס אבער פארגעוויס, אז ער האט מיר שטענדיג געבראכט אונגליק.

זאל איך עס רופען אבערגלויבען, אדער פארגעפיהל, ווען א מענש פיהלט פאראוים, זיין הערץ זאגט איהם, אז עס וועט מיט איהם עפעס פאסירען, אדער ליעגט ווירקליך אין טהייערע שטיינער א געהיימע, פער־בארגענע קראפט, וועלכע האט אן איינפלוס אויף דעם מענשען, וועלכער טראגט איהם. איך ווייס עס ניט. אין דיא אלטע צייטען האבען דיא מענשען אזוי געגלויבט. זיי האבען זאגאר ערקלערט, וואס פאר א קראפט עס ליעגט פערבארגען אין יעדען שטיין.

העלענא האט אנגעהויבען אליין צו געהן צו דיא ריכטער און פארדערן פון זיי, וואס עס קומט איהר. זיא האט זיי זאגאר געגיבען צו פערשטעהן, אז זיא קענט זיך ווענדען צום קייזער. דאס האט געווירקט. דיא ריכטער האבען זיך גענומען ערנסט צו דיעזען פראצעס און אין עטליכע וואכען ארום האבען זיי אונז איבערגעגעבען פינף טויזענד מילרעאיס בראזיליאניש געלד אדער קנאפע דריי טויזענד דאללאר אמעריקאניש געלד.

דאס איז געווען אלעס, וואס מיר האבען געקענט בעקומען. מיט אזא

קליינע סומע האבען מיר ניט געקענט קויפען אוא שיף, וויא דיא „סאַנקט העלענאַ" איז געוועזען און מיר האבען זיך בעשלאסען צו קויפען א קליינעס שיף, א סקונער, מיט וועלכען מיר זאלען אנהייבען עפעס צו טאהן.

מירביידע זיינען אזוי געוואינט געווארען צו ארבייטען און צו טאהן עפעס, אז דאס ארומגעהן לעדיג איז געוועזען ביי אונז דיא גרעסטע שטראפע.

קוים האבען מיר בעקומען דאס געלד, האבען מיר אנגעהויבען צו זוכען א שיף. מיר האבען אויך באלד געפונען א קליינעס שיף, וועלכע זיי רופען אין בראַזיליען זעבעק. זיא איז געוועזען ניט ניי און ניט גאנץ שטארק געבויט און דערצו האט מען פאר איהר פערלאנגט מעהר געלט, וויא פיעל מיר האבען געהאט. מיר האבען זיך אבער דאך ענטשלאסען זיא צו קויפען און האבען איבערגערעדט מיט'ן ענגלישען קאָנסול. דער גוטער מאן האט אונז געליעהען דאס געלד, וואס האט אונז געפעהלט און מיר האבען געקויפט דיא זעבעק פאר אכט טויזענד מילרעאיס.

קוים האב איך געהאט א שיף, האב איך באלד אנגעהויבען זיא איינ-צואָרדענען און זיא איינצוריכטען נאך מיין געשמאַק. איך האב געלאזען איבער-פאַרבען מיין נייעס שיף און האב עס א נאמען געגעבען „אַרמסטראָנג" צום אנדענקען אן העלענאַ'ס פאטער.

ווען מען האט איבערגעפאַרבט און פערציערט דעם קליינעם „אַרמסטראָנג". האט ער אויסגעוויעזען גאנץ שעהן. העלענאַ האט איינגעריכטעט אונזער קאַיוטע און האט זיא פערציערט, וויא א יונגע און קלוגע פרוי קען נור פערציערן איהר הויז, איהר היים, איהר נעסט. דיא קאַיוטע האט ווירקליך אויסגעוויעזען, וויא א שעהנער און ריינער נעסט, וואו עס וואינען א פאָר טורטעל טויבען.

אויף אזא קליינעם שיף האב איך ניט געדארפט פיעל מענשען. איך האב אין א קורצע צייט אויסגעפונען עטליכע אלטע ענגלישע מאַטראָזען און האב זיי אויפגענומען. אכט מאַטראָזען זיינען געוועזען גענוג פאר מיר אין דער ערשטער צייט.

איך האב באלד געפונען בעשעפטיגונג. א גרויסער קאַפֿע הענדלער פון ריאָ די זשאַניירא האט געדונגען מיין „אַרמסטראָנג", איך זאל פיהרען אויף איהם קאַ[illegible]ע פון ריאָ די זשאַניירא קיין ניו אָרלינס.

אוך האב באלד אנגעלאדען מיין שיף מיט זעק קאפפע און בין ארויסגע-פאהרען אויף מיין ערשטער רייזע. איך האב צוואר פערגעסען זעהר פיעל פון דער קונסט צו פיהרען א שיף אין דער צייט, וואס איך האב פערבראכט אין דיא דיאמאנטען מינען, העלענאַ אבער איז געוועזען א גאנץ גוטער שיפס-קאפיטאן.

ערשט יעצט האב איך איינגעזעהן, וואס פאר א גוטע און ליעבע פרוי איך האב. העלענאַ האט זעהר גוט געקענט דעם וועג קיין ניו אָרלינס. זיא

פלעגט זעהר אפט פאהרען אין דיעזע געגענדען מיט איהר פאטער. איך האב מיך אלזא געמעגט אויף איהר פערלאזען. זיא האט געוואוסט וויא ארומצוגעהן מיט אונזערע מאטראָזען, געגען וועלכע זיא פלעגט שטענדיג זיין פריינדליך וויא א שוועסטער און צו גלייכער צייט שטרענג, וויא א וואהרער שיפס-קאפיטאן.

אונזער ערשטע רייזע איז געוועזען זעהר גליקליך. מיר זיינען פינקטליך אנגעקומען קיין ניו אָרלינס, האבען אויסגעלאדען אונזער קאפֿע און האבען באלד אויפגענומען א לאדונג פון לעדער קיין האַוואנאַ.

איך האב געוואלט מיך אביסעל אומקוקען אין ניו אָרלינס און נאכפרעגען אויף קאפיטאן סערל און זאגאר אויף קאפיטאן האַוק, איך האב אבער ווייניג צייט געהאט דערצו און העלענאַ האט מיך אויך ניט געלאזען פערברענגען צייט אומזיסט.

— מיר זיינען שולדיג געלד, מיר מוזען עס בעצאהלען. ווען אונזער „אַרמסטראָנג" וועט זיין אין גאנצען פריי און מיר וועלען האבען א קליינעם קאפיטאל, דאן וועסט דוא מעגען זוכען דיינע אלטע בעקאנטע.

איך האב געמוזט איהר פאלגען. וויא פאלגט מען עס ניט א גוטע, קלוגע און היים געליעבטע פרוי?

מיר זיינען באלד אוועקגעפאהרען קיין האַוואנאַ. האבען איבערגעגעבען אונזער לאדונג, האבען באלד געפונען אנאנדער לאדונג אין אנאנדער פאָרט און זיינען ווייטער געפאהרען.

אין אקורצער צייט האבען מיר פערדיענט אזוי פיעל געלד, אז מיר האבען אפגעצאהלט אונזער חוב דעם ענגלישען קאָנסול און האבען נאך אויסגעגעבען א פאָר הונדערט דאָללאַר אויף אויסבעסערן און פערשעהנערען דעם „אַרמסטראָנג".

מיר האבען יעצט געקענט זיך ערלויבען מעהר צייט און האבען בעזוכט פיעלע פריינד און בעקאנטע פון העלענאַ'ס פאטער. וואוהין מיר זיינען גע-קומען, האט מען אונז אויפגענומען פריינדליך און מען האט אונז רעקאמענדירט צו דיא גרעסטע קויפלייטע און צו דיא בעסטע שיפס אגענטען, וועלכע ה[illegible]ען א.נ. געגעבען גענוג בעשעפטיגונג.

אונזער איינציגע זארג איז יעצט געוועזען, וואס אונזער „אַרמסטראָנג איז געוועזען צו קליין. איך וואלט געקענט פערדיענען צעהן מאל אזוי פיעל ווען איך זאל געוועזען האבען אזא גרויסעם שיף, וויא דיא „סאַנקט העלענא".

מיר האבען זיך געמאכט אזוי פיעל בעקאנטע און גוטע פריינד אין פערשיעדענע פאָרטס שטעדט פון נאָרד-מיטעל-און זיד אמעריקא, אז מען פלעגט אונז ערווארטען מיט אונגעדולד. קוים פלעגען מיר אריינפאהרען אין

א פּאָרט, פלעגען באלד קומען צו אונז פריינד און בעקאנטע, און פלעגען אונז אויפנעהמען מיט פרייד.

מען זאגט, אז דיא איינוואונער פון זיד אמעריקא זיינען איבערציוויליזירט, שלעכט און פערדארבען. מיין געשיכטע מיט אַלוואַרעז איז א בעוויז, וויא מען קען זיך אין אמעריקא ניט פערטרויען אויף אמענשען, וועלכען מען קען ניט גוט. דאס איז פיעלייכט אויך גאנץ ריכטיג, דערפאר אבער וויסען דיא אמעריקאנער צו שעצען און צו אכטען אמענשען, אויף וועלכען מען קען זיך פערלאזען, און צו וועלכען מען מעג האבען צוטרויען.

אזוי זיינען פערגאנגען צווייא יאהר. דאס זיינען געווען דיא גליקליכסטע יאהרען פון מיין לעבען. איך האב געארבייט מיט פרייד, מיט לוסט, מיט פערגניגען, ווייל איך האב געוואוסט, אז איך ארבייט פאר מיין גוטע און געליעבטע פרוי, וועלכע שטעהט מיר ביי דער זייט, און איז שטענדיג בערייט מיר צו העלפען און מיך צו שטיצען.

איך האב מיך צו ביסלעכוויים אויסגעלערנט דיא שווערע קונסט צו פיהרען א שיף, און איך האב געקענט זאגען מיט שטאלץ, אז איך בין קיין שלעכטער שיפסקאפּיטאַן.

אַם ענדע פון'ם צווייטען יאהר האט מיין ליעבע העלענא מיר געשענקט א זוהן. איך האב ניט געוואלט, אז זיא זאל האבען דאס קינד אויפ'ן שיף, און ווען דיא צייט איז געקומען, ווען העלענא האט געדארפט האבען דאס קינד, בין איך צוגעפאהרען קיין קינגסטאָן, דיא הויפט שטאדט פון דער אינזעל דשאַמאַיקאַ (יאַמאַיקאַ), וועלכע געהערט צו ענגלאנד.

דארט האב איך געדונגען שעהנע צימער אין א האָטעל, און דארט האט העלענא געבארען איהר קינד. איך האב ניט געקענט לאנג בלייבען אין קינגסטאָן, און האב געמוזט לאזען העלענא'ן מיט'ן קינד אין קינגסטאָן אויף אייניגע וואָכען. העלענא האט צוואר ערקלערט, אז זיא פיהלט זיך גענוג שטארק צו פאהרען מיט מיר מיט'ן קינד, איך האב אבער דערפון ניט געוואלט וויסען, און האב זיא איינגעבעטען, זיא זאל בלייבען אין קינגסטאָן, ביז דאס קינד וועט אלט ווערן דרייא מאנאַטע.

העלענאַ האט געמוזט נאכגעבען און איז געבליעבען אין קינגסטאָן. איך בין אוועקגעפאהרען אליין אין פערשיעדענע פּאָרטען, וואו איך האב געדארפט איבערגעבען וואַארען אדער אויפנעהמען וואַארען.

אויף דיעזער קליינער רייזע האב איך ערשט געפיהלט, וויא הייס און הייליג איך ליעב מיין העלענאַ. איך פלעג ארומגעהן אויפ'ן דעק פון מיין שיף, וויא א וואהנזיניגער. איך האב ניט געגעסען, ניט געטרונקען און ניט געלעבט, ביז איך האב וויעדערגעזעהן, מיין טהייערע געליעבטע העלענאַ.

— פון יעצט אָן וועלען מיר זיך ניט צו שיידען ניט אויף איין טאג,

האב איך געזאגט צו איהר, ווען איך בין צוריקגעקומען קיין קינגסטאָן.

— איך האב דאך דיך געבעטען, דוא זאלסט מיך מיט נעהמען מיט זיך, האט העלענאַ געענטפערט מיט א פאָרוואורף.

— דוא ווייסט דאך, העלענאַ, פאר וואס איך האב דיך ניט מיטגענומען.

— דוא האסט מורא געהאט, איך זאל ניט קראנק ווערן נאכ'ן קינדבעט, האט העלענאַ געזאגט, דאַן קענסט דוא מיך נאך ניט, דיק. איך בין אזוי געוואונט צום מעער, אז איך פיהל מיך אויפ'ן מעער פיעל בעסער און שטארקער, וויא אויפ'ן לאנד.

— אבער אונזער זוהן? האב איך געפרעגט.

— אונזער זוהן וועט אויך זיין א מאַטראָז, און ער דארף זיך געוועהנען צום מעער, האט העלענאַ געענטפערט שטאלץ.

מיר האבען פערדיענט אזוי פיעל געלד, אז מיר האבען זיך בעשלאסען צו פערקויפען דעם אַרמסטראָנג, און צו קויפען אגרוים שיף, וויא דיא „סאַנקט העלענאַ" איז געווען.

איך האב אנגעהויבען צו זוכען אין דיא צייטונגען, האב אנגעפרעגט ביי שיפס אגענטען, און האב באלד געפונען, וואס איך האב געזוכט. אַן אמעריקאנער אין ניואָרלינס האט פערקויפט אגרויסעס שיף.

איך און העלענאַ זיינען באלד אוועקגעפאהרען קיין ניואָרלינס אוּן מיר האבען געקויפט דאס שיף. מיר האבען עס געלאזען איבערפארבען און האבען עס א נאמען געגעבען „עדווארד אַרמסטראָנג". עדווארד האט געהייסען אונזער זוהן, און אַרמסטראָנג איז געווען דער פאמיליע נאמען פון מיין געליעבטער העלענאַ.

דער „עדווארד אַרמסטראָנג" איז געווען א גרויסעס און שעהנעס שיף, נאך גאנץ ניי, שטארק געבויט, און פערזארגט מיט אלע נייע ערפינדונגען און פערבעסערונגען.

איך האב אוועקגעגעבען מיין גאנצעס געלד, און מיין גאנצעס פערמעגען איז יעצט געווען מיין שיף. העלענא איז געווען גליקליך, ווען זיא האט איינגעארדענט דיא קאַיוטע פאר זיך מיט'ן קינד און פאר מיר. איך האב יעצט געהאט א פאמיליע. איך האב ניט געוואלט, אז העלענא זאל אליין זויגען דאס קינד, און האב צוגענומען אַן אַממע, דאן האט העלענא געמוזט האבען א קאמערמעדכען.

מיר האבען אנפאנגס געוואלט קויפען צוויא נעגער פרויען, שקלאפינען, וועלכע זאלען זיין ביי אונז אלס אממע און אלס קאַמערמעדכען, העלענא אבער האט ניט געוואלט וויסען דער פון. זיא האט געציטערט ביי דעם גע-דאנק, אז זיא זאל קויפען א מענשען, וויא מען קויפט א קוה אום צו האבען פון איהר מילך.

עס איז אבער געווען ניט לייכט צו געפינען ווייסע פרויען, וועלכע זאלען וועלען פערברענגען מאַנאטע און יאהרען אויף א שיף. מיר האבען געמעלדעט אין דיא צייטונגען, און צו געזאגט פיעל געלד, אבער קיינער האָט זיך ניט געוואלט אריינטרעטען צו אונז אויף דיעזע בעדינגונגען, ביז עס האט אזו געמאכט א מאַטראָז מיט איינגער פרוי, ביי וועלכער עס איז ניט לאנג גע-שטארבען איהר קינד. מיר האבען געמוזט צונעהמען דעם מאַטראָז מיט זיין פרוי.

# 68-טעס קאַפּיטעל

## שיף ברוך.

„אבער מיט דעם שיקזאלס מעכטען איז
קיין עוויגער באנד צו פלעכטען". (שילער)

איך בין יעצט געווען דער גליקליכסטער מענש אויף דער וועלט. איך האב געהאט אגוטע, קלוגע, שעהנע, ליעבענסווירדיגע פרוי, וועלכע איך האב געליעבט מעהר פון מיין לעבען, און וועלכע האט מיך געליעבט מעהר פון איהר לעבען. איך האב געהאט א שעהנעס, גרויסעס שיף, וועלכעס האט געהערט נור צו מיר. איך האב געהאט אין פערשיעדענע שטעדט פריינד אין בעקאנטע, וועלכע זיינען שטענדיג געווען בערייט מיר צו העלפען מיט ראַטה און טהאַט. איך האב געהאט אגוטען נאמען פאר א פעהיגען און עהרליכען שיפס קאַפּיטאן. איך האב מיר דערוואָרבען דאס צוטרויען פון פיעלע רייכע קויפלייטע, וועלכע זיינען שטענדיג געווען בערייט צו צאהלען מיר א דאָפּעלן פרייז פאַר'ן טראַנספּאָרט פון זייערע וואַארען, וייל זיי האבען געהאט צו מיר פולעס צוטרויען.

וואס נאך קען אמענש פערלאַנגען? וואס נאך קען אמענש ווינשען?

איך האב עטליכע מאל גערעדט מיט העלענאַ פון אונזער צוקונפט, און מיר האבען בעשלאסען צו ארבייטען נאך עטליכע יאהר, זיך צונויפצולעגען א קאַפּיטאַל און זיך צו בעזעצען ערגעץ אין א קליינער שטאדט אין ענגלאַנד, פון וואנען מיר זאלען ארויסשיקען אונזערע שיפען אין פערשיעדענע געגענדען.

דאס איז אלזא געווען דאס ציעל, וואס מיר האבען אונז געשטעלט, און צו דיעזען ציעל האבען מיר געשטרעבט. עס איז ניט געווען קיין בעזאנדערעס הויכעס ציעל. מיר האבען עס געקענט דערגרייכען זעהר לייכט. מיר זיינען נאך געווען יונג, קרעפטיג, מוטהיג, פלייסיג און פעהיג. ווען מען איז יונג, קען מען נאך אלעס דערגרייכען. שפעטער, ווען מען ווערט עלטער, הייבט מען אן צו בענקען נאך א שטילעס, רוהיגעס לעבען. מען ווערט שווערער,

מען קען זיך מעהר ניט ריהרען, און מען מוז זיך שוין אויסרוהען.

איך האב אנגעהויבען צו ארבייטען מיט מיין נייעם שיף, דעם „עדוואַרד אַרמסטראָנג" מיט מוטה און פליים. העלענא האט מיר געהאלפען, וויא א גוטע און טרייע פרוי קען העלפען דעם געליעבטען מאן.

ביז אהער פלעגען מיר ארומפאהרען נור צווישען דיא פּאָרטען פון דיא אינזלען און דיא לענדער וועלכע געפינען זיך צווישען נאָרד אמעריקא און זיד אמעריקא. אלע דיעזע אינזלען און לענדער געפינען זיך אויף א געוויסע שטרעקע אין אטלאַנטישען וועלט מעער. אין אַן אנדער מעער האבען מיר ניט געוואָגט צו פאהרען, ווייל מיר האבען מורא געהאט צו ריזיקירען אונזער לעבען אויף אזא קליינעם סקונער, וויא דער „ארמסטראָנג" איז געווען.

יעצט אבער, ווען מיר האבען געהאט א גרויסעם שיף, האבען מיר אנגעהויבען צו טראכטען פון גרעסערע רייזען.

איך האב מיר צו ביסלעכווייס אויסגעקליבען גוטע מאטראָזען און גוטע אפיציערן, אויף וועלכע איך האב מיך געקענט פערלאזען. איך האב געצאהלט גוטע פרייזען, און האב בעקומען דיא בעסטע מענשען. איך בין געווען זיכער, אז איך קען יעצט מאכען דיא גרעסטע רייזע, און האב עס דערצעהלט מיינע בעקאנטע שיפסאגענטען, וועלכע פלעגען מיר פערשאפען בעשעפטיגונג.

אין א שעהנעם פריהמארגען איז געקומען צו מיר איינער פון דיא שיפסאגענטען, און האט מיר דערצעהלט, אז ער האט פאר מיר א גאנץ גוטעס געשעפט. א רייכער קויפמאן פון בראַזיליען האט אפגעקויפט א קופער מינע אין טשילי. ווען ער האט זיא אנגעהויבען צו בעארבייטען, האט זיך ארויס־געוויעזען, אז אין דער מינע געפינט זיך פיעל זילבער. ער האט אפגעשלאסען א קאנטראַנקט מיט דער בראַזיליאנישער רעגיערונג, ער זאל איהר ליעפערן עטליכע הונדערט טויזענד אונץ זילבער, פון וועלכע זיא וויל מאכען איהרע זילבערנע מטבעות.

יעצט דארף דער רייכער קויפמאן האבען א שיף, וועלכעס זאל איהם ברענגען דאס זילבער פון טשילי. ער האט געוואלט קויפען א שיף, און זיא האלטען נור צו דיעזען צוועק, דער שיפסאגענט אבער האט איהם געזאגט, אז ער דארף עס ניט, ווייל ער קען איהם רעקאמענדירען א שיפסקאפּיטאן, וועמען מען מעג פערטרויען מילליאָנען, און ער האט מיך רעקאמענדירט.

— ווען איהר ווילט עס אננעהמען, הערר קעמדען, קענט איהר מאכען א גאנץ גוטעס געשעפט, האט דער אגענט ווייטער געזאגט, איהר קענט האבען שטענדיגע בעשעפטיגונג, און מען וועט אייך צאהלען דאָפּעלע פרייזע.

— איך וועל אייך מארגען גיבען אנטווארט, האב איך געענטפערט.

איך האב אפּגעלעגט מיין אנטווארט אויף מארגען, ווייל איך האב געוואלט איבעררעדען מיט העלענא'ן איבער דיעזע אַנגעלעגענהייט.

דיא פרייזען, וועלכע דער אגענט האט מיר אנגעבאטען, זיינען געווען זעהר פערפיהרענד. איך האב אויסגערעכענט, אז ווען דער רייכער קויפמאן זאל מיך בעשעפטיגען צוויא יאהר, און זאל מיר בעשטענדיג צאהלען דיעזעלבע פרייזען, וועל איך דאן קענען אויספיהרען מיין פלאן, איך זאל מיך בעזעצען אין ענגלאנד און זאל פון דארט ארויסשיקען שיפען אין פערשיעדענע געגענדען.

איין זאך האט מיך אבער אפגעשראקען. ווען מען פאהרט פון בראזיליען קיין טשילי, מוז מען ארומפאהרען דעם קאפ הארן, אשטיק לאנד, וועלכעס שטעקט ארויס אין איין מעער פון'ם זיד פאל, (קוטב הדרומי), אדער מען מוז דורכפאהרען דיא מאגעללהאן שטראסע, א שמאלער קאנאל פאר'ן קאפ הארן.

דיא געגענד איז איינע פון דיא געפעהרליכסטע פאר שיפען, ווייל דארט הערשען בעשטענדיג שרעקליכע שטורמווינטען. עס איז שרעקליך קאלט, מען בעגעגענט אפט אייז בערג, און מען איז שטענדיג אין דער גרעסטער געפאהר.

ביז אהער בין איך ארומגעפאהרען נור אין דיא ווארעמע געגענדען, זאגאר אין דיא הייסע געגענדען פון'ם אטלאנטישען וועלט מעער. איך האב שוין פערגעסען, וואס איך בין אויסגעשטאנען, און וואס איך האב אויסגעליטען אויפ'ן אייז מעער ארום נארדפאל.

איך האב איבער גערעדט מיט העלענא'ן און האב איהר דערצעהלט, וואס פאר גוטע פרייזען דער אגענט האט מיר אנגעבאטען. העלענא האט גוט געקענט דיא געפאהר צו פאהרען אין יענער געגענד, און האט זיך פערטראכט.

— ווען מיר זאלען האבען וועניגסטענס מאטראזען, וועלכע זיינען שוין דארט געווען עטליכע מאל, וואלטען מיר געקענט א מאל פראבירען, האט זיא ענדליך געזאגט.

— מאטראזען, וועלכע זיינען שוין ארומגעפאהרען דעם קאפ הארן, קען איך גאנץ לייכט געפינען, האב איך געענטפערט.

— דאן מוזען מיר פראבירען, האט העלענא געזאגט ענטשלאסען, מיר זיינען שטענדיג אין גאטס האנד!

העלענאס ווערטער האבען מיר געגיעבען מוטה, און איך האב געענטפערט דעם אגענט, אז איך נעהם אן דעם אנגעבאט פון'ם רייכען קויפמאן.

אין א פאר טעג ארום האב איך מיט איהם אפגעשלאסען א קאנטראקט. ער האט מיר געגעבען אין פאראויס דרייא טויזענד דאללאר, און איך האב אנגעהויבען זיך פארצובערייטען אויף דער רייזע.

איך האב געבעטען העלענא'ן, זיא זאל בלייבען אין פעטראפאלים, אדער אין אנ'אנדער שטאדט, און זאל וועניגסטענס דיא ערשטע רייזע ניט מאכען מיט מיר. זיא האט אבער דערפון ניט געוואלט וויסען.

— דוא האסט מיר איינמאל צוגעזאגט, אז דוא וועסט זיך מיט מיר ניט

צושיידען, און איך פארדער, דוא ואלסט האלטען יייך וואָרט, האט זיא נעזאגט ענטשלאסען.

עס האט מיר גאר ניט געהאלפען. איך האב געמוזט זיא מיטנעהמען: אי האב מיך גוט פאָרבערייטעט אויף דער רייזע ארום קאַפּ האָרן, האב צו־ענומען נאך צווייא פעהיגע מאטראָזען, וועלכע זיינען שוין עטליכע מאל געווען אין יענער געגענד. אין צעהן טאג נאך אבשליעסען פון מיין קאנטראקט, בין איך ארויסגעפאהרען קיין וואַלפּאַראַיזאָ. דיא פּאָרט שטאדט פון טשילי.

עס האט זיך מיר נאך געמאכט איינינע פאַרטיעען וואַארע, וועלכע איך האב נעדארפט איבערגיעבען אין מאָנטע ווידעאָ און בוענאָס אַיירעס. איך האב זיי אנגענומען, ווייל דיעזעביידע שטעדט זיינען געליעגען אויף מיין וועג. און איך האב ניט גערארפט פערליערן דערביי פיעל צייט.

ווען עס געהט א מענשען גוט, געהט עס פון אלע זייטען זאגט אַן אלטעס שפּריכוואָרט. מיר איז עס דאן געגאנגען גוט, וואוהין איך האב מיך געקעהרט, האב איך געהאט גליק.

מיין ערשטע רייזע קיין וואַלפּאַראַיזאָ איז אפּגעגאנגען נאנץ גליקליך. מיר האבען געהאט גענוג קעלט און שטורמווינטען, ווען מיר זיינען אנגעקומען צום קאַפּ האָרן, דאס האט אבער געדויערט נור אכט טעג. דאן זיינען מיר ארויסגעפאהרען אין שטילען וועלט מעער, און מיט יעדען טאג איז געווארעןווארעמער, און דאס מעער רוהיגער. ניט אומזיסט רופט מען איהם דאס שטילע וועלט מעער.

איין זאך האב איך ניט גוט בעמערקט. מיר זיינען געפאהרען אין יענער געגענד אין מאנאַט דעצעמבער. אין יענע געגענדען איז דעצעמבער דער שעהנסטער און ווארעמסטער מאָנאט פון'ם יאהר ווייל ווען אין אייראפּאַ און אין נאָרד אמעריקא איז ווינטער, איז אין יענע געגענדען זומער, און ווען אין אייראפּאַ און אין נאָרד אמעריקא איז זומער, איז אין יענע געגענדען ווינטער.

עס קומט אויס, אז דעצעמבער איז אין יענע געגענדען דער שעהנסטער און ווארעמסטער מאָנאט, יולי דאגעגען איז דער קאלטסטער און שרעקליכסטער מאָנאט אין יאהר.

אזוי וויא דיא ערשטע רייזע איז אפּגעלאפען גאנץ גליקליך, און איך האב פערדיענט פיעל געלד, האב איך מעהר ניט געדאכט פון דער געפאַהר צו פאהרען ארום קאַפּ האָרן, און האב זיך זאגאר ניט גאנץ גוט פאָרבערייטעט צו דער צווייטער רייזע.

מיר האבען זיך אָפּגערוהט איינינע צייט אין ריאָ די זשאַניירא פון אונזער ערשטער רייזע, אין דעם ערשטען מאַי זיינען מיר ווידער ארויסגעפאהרען קיין טשילי. דיא היץ אין ריאָ די זשאַניירא איז געווען שרעקליך, און איך בין געווען העכסט צופריעדען, וואס איך בין אנטלאפען פון דיעזער שרעקליכע היץ.

העלענא איז געווען פריש, מונטער און פרעהליך. זיא האט אויפגעבליהט, וויא אשעהנע בלומע. אונזער קינד איז געווען פריש און מונטער. ער האט שוין אנגעהויבען צו געהן, און פלעגט וויזען, אז ער קען שוין קלעטערן אויף א שטריק לייטער.

זאָלאנג מיר זיינען געפאהרען אויפ'ן אנטלאַנטישען וועלט מעער, איז אַלעס געווען גוט און פרעהליך. דאס וועטער איז געווען שעהן און וואַרם. איך האב זאגאר געבעטען גאט, ער זאל מיר צושיקען אביסעל ווינט, וויל מיר זיינען געפאהרען זעהר לאנגזאם.

איך האב ווידער געהאט פּראכט קיין בוענאָס-איירעס, און האב עס ווידער פינקטליך אפגעגעבען.

ווען מיר זיינען ארויסגעפאהרען פון בוענאָס-איירעס, איז דיא לופט געווארען קעלטער. מיט צוויא טעג שפּעטער האבען מיר אלע געמוזט אנטאה אונזערע ווינטער קליידער. עס האט אנגעהויבען צו פריהרען. דארויף זיינען מיר געווען פאָרבערייטעט. מיר האבען געוואוסט, אז וואס וויטער מען פאהרט פון בוענאָס-איירעס קיין זידען (דרום זייט), אלץ קעלטער ווערט עס.

דאס מעער איז פון צייט צו צייט געווען אונרוהיג, און האט אונז אפט אפגעגאסען פון קאפ ביז אין דיא פיס מיט אייז קאלטעס וואסער. מיר האבען זיך וועניג אומגעקוקט אויף אזעלכע שטיקלעך, און זיינען וויטער געפאהרען.

אזוי זיינען פערגאנגען א פּאר וואָכען, א וועלכע עס האט גאר ניט פּאסירט. פלוצלונג אבער האט זיך דער הימעל ב דעקט מיט שווערע, שווארצע וואָלקענס. עס איז געווארען אזוי פינסטער, אז עס איז שווער געווען צו דער-קענען א מענשען אויף צעהן שריט וויט. דאס מעער איז געווארען שווארץ, וויא טינט, און זיינע וועללען (כוואַליעס) האבען אויסגעוויעזען צו זיין שווער וויא בליי. יעדער כוואַליע האט אויסגעזעהן דאס שיף, אז עס האט אנגעהויבען צו ציטערן און צו קרעכצען.

איך האב געהייסען איינציעהען אלע זעגעל, און האב מיך אליין געשטעלט ביים רעדעל. העלענא איז געשטאנען אויפ'ן דעק און האט קאמאנדירט, וויא א מאן. איך האב זיא קוים איינגעבעטען, זיא זאל אראפגעהן אין דער קאיוטע.

קוים איז זיא אראפגעגאנגען אין דער קאַיוטע, האט געגיעבען אשטארקער בליץ. דיא וואלקען זיינען צוריסען געווארען און זיינען אראפגעפאלען אויף אונז. וועניגכטענס, אזוי האט זיך עס אויסגעוויעזען. דאס מעער האט אָנ-געהויבען צו קאָכען, וויא אין א קעסעל. דער ווינט איז געווארען אזוי שטארק, אז מיר האבען געמוזט זיך ארומבינדען מיט שטריק, מיר זאלען ניט אראפ-געוויעהט ווערן אין מעער. עס האט אנגעהויבען צו וואַרפען מיט'ן שיף, וויא מיט אשאָלעכץ פון אנוס.

— גאט! דערבארם זיך איבער אונז! האט אויסגערופען מיין ערשטער

אַפּיציער, דאס איז קיין געוועהנליכער שטורמווינד. עס מוז זיין אַן ערד ציטערניש אויפ'ן גרונד פון'ם מעער.

קוים האט ער ארויסגעזאגט דיזע ווערטער, האבען מיר געהערט א שרעקליכען טראַך. העלענא איז ארויסגעלאפען פון דער קאַיוטע, און האט געפרעגט מיט שרעק:

— וואס איז געשעהן?

קיינער האט איהר ניט געענטפערט, וויל קיינער האט ניט געוואוסט, וואס עס איז געשעהן.

— וואו ביסט דוא, דיק? האט העלענא געשריען.

— איך שטעה ביים רעדעל, האב איך איהר געענטפערט.

איך בין ווירקליך געשטאנען ביים רעדעל און האב געקירעוועט דאס שיף. באלד אבער האב איך דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז דאס רעדעל דרעהט זיך זעהר לייכט.

— דער רודער איז צובראכען! האב איך אויסגערופען, און האב מיך אנגעהאפט ביים קאפ.

דאס איז דאס גרעסטע אונגליק, וואס קען פאסירען אשיף. זאלאנג דער רודער איז גאנץ, קען מען קעהרען דאס שיף און עס קירעווען, וואוהין מען וויל. ווען דער רודער איז אבער צובראכען, מוז מען פערטרויען אויף גאט, און לאזען דאס שיף פאהרען, וואוהין דאס ווילדע מעער טרייבט עס.

דער שטורם איז געווארען מיט יעדער מינוט שטארקער און שרעקליכער. עס איז געווען אונמעגליך איינצושטעהן אויפ'ן דעק. איך האב גיט געוואלט פלאגען מיינע מאטראָזען אומזיסט, און האב זיי געהייסען אראפגעהן אין זייערע קאיוטען. איך אליין בין אויך אראפגעגאנגען אין מיין קאַיוטע. העלענאַ האט באלד דערקענט אן מיר, אז עפעס איז ניט גלאַט, און האט געפרעגט:

— וואס איז עפעס נייעס?

— אשרעקליכער שטורם, האב איך געענטפערט, מאך מיר א גלאָז פּאָנש, איך זאל מיך דערווארעמען.

העלענאַ האט מיר באלד געמאכט א גלאָז ווארעמען פּאָנש און האט מיר דערלאנגט. זיא האט פערשטאנען אז איך זאג איהר ניט וואהרהייט, און זיא איז אליין ארויפגעלאפען אויפ'ן דעק זעהן, וואס עס טהוט זיך אין דרויסען. זיא איז באלד צוריק געקומען, און האט זיך געזעצט לעבען מיר. זיא האט געוואוסט אלעס.

— זיי ניט אזוי פערצווייפעלט, דיק, האט זיא געזאגט צו מיר, עס האט שוין פאסירט אזעלכע זאכען. ווען איך בין געפאהרען מיט מיין פאטער אויף דער „סאַנקט העלענאַ", האט אויך אמאל געטראַפען, אז דער רודער איז

צובראכען געווארען אין אשטורם, און מיר זיינען פון דעסטוועגען אנגעקומען געזונד און שטארק אין א פּאָרט.

זיא האט געזוכט מיך צו טרייסטען און מיך צו שטארקען, וויא וויט זיא האט געקענט. איך האב מיך אבער ניט געקענט בערוהיגען און פלעג פון צייט צו צייט ארויסגעהן אויפ'ן דעק זעהן, וואס עס טהוט זיך אין דרויסען. דער שטורם איז געווען שרעקליך. דיא ווילדע כוואַליעס האבען געטראגען און געשליידערט דאס שיף אין אלע זייטען און זיי וואלטען זיא שוין לאנג פערשלונגען, ווען זיא זאל ניט געווען זיין אזוי שטארק געבויט און אזוי אנגעלאדען, אז זיא האט זיך ניט אנגעבויגען אויף א זייט.

עס איז געווען אזוי פינסטער, אז עס איז געווען אונמעגליך צו זעהן אויף א שפּאַן וויט פון מיר. עס האט געגאסען א דינער, קאלטער רעגען, אויסגעמישט מיט שנעע און האָגעל.

איינשטעהן אין דרויסען איז געווען אונמעגליך. אין קיך פונ'ם שיף האט מען געמאכט פייער און מען האט געוואלט עפּעס קאָכען. עס האט אבער אזוי געשליידערט מיט'ן שיף, אז דאס וואסער פון דיא טעפּ האט זיך אויסגעגאסען און פערלאשען דאס פייער. אין מיין קאַיוטע האט קוים געברענט דער הענג לאָמפּ.

העלענאַ האט געלעגט שלאפען אונזער קינד אין א הענגמאטע (האַמאַק) און האט זיך געזעצט לעבען מיר. זיא האט אנפאנגס פּראָבירט רעדען צו מיר און מיר איינפליעסען מוטה, באלד אבער איז זיא שטיל געבליעבען זיא האט איינגעזעהן, אז יעצט איז ניט דיא צייט צו טרייסטען מיך.

מיר זיינען אזוי איבערגעזעסען דיא גאנצע לאנגע נאכט. מיר האבען ניט געוואוסט, וואוהין דער שטורם האט אונז פערווארפען, וואו מיר געפינען זיך ערגעץ אין דער וועלט און וואס עס טהוט זיך ארום אונז.

ענדליך האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז דאס מעער איז געווארען עפּעס רוהיגער. איך בין ארויסגעלאפען אויפ'ן דעק און האב מיך אומגעקוקט. עס האט נור וואס אנגעהויבען צו טאגען און עס איז נאך געווען אונמעגליך צוזעהן אויף א וויטע שטרעקע. איך האב געזעהן, אז דער שטורם האט אפּגעריסען איינינע שטריק פון דיא זעגעלבוימער און איינינע ברעטער און קלעצער אויפ'ן דעק און איך האב א פייף געטאהן צו דיא מאטראזען:

— אלע הענד אויפ'ן דעק!

אלע זיינען ארויפגעלאפען און זיינען צוגעקומען צו מיר.

— רייניגט אפּ דעם דעק, האב איך געזאגט צו איינינע.

דיא מאטראזען האבען זיך גענומען צו דער ארבייט און איך האב אז

גערופען מיינע אָפיציערן און האב מיך מיט זיי בעראטהען, וואס מיר זאלען ווייטער טאהן.

פלוצלונג האט דאס שיף א ציטער געטאהן, עס האט געגעבען א שרעקליכען קראַך און מיר זיינען אלע א ניעדער געפאלען אויפ'ן דעק. דאס שיף האט זיך אויפגעהויבען פון איין זייט אין דער הויך, די אנדערע זייט איז דאגעגען געווען אזוי ניעדריג, אז דאס וואסער פונ'ם מעער האט זיך געגאסען איבערן דעק.

איך בין אויפגעשפרונגען זעהן, וואס עס האט פאסירט און האב דערזעהן מיט שרעק און פערצווייפלונג, אז דער מיטעלסטער זעגעלבוים איז אומגעפאלען און האט צו קוועטשט אויף טויט איינינע מאטראזען, וועלכע האבען געארבייט לעבען איהם.

אין דיעזע מינוט איז העלענאַ ארויסגעלאפען פון דער קאַיוטע און האט געשריען ניט מיט איהר קול.

— וואו ביסט דוא, דיק? וואס איז געשעהן?

— גאר נישט, העלענאַ! געה צוריק אין דער קאַיוטע, האב איך געענטפערט.

איך האב ניט געוואלט, אז מיין געליעבטע פרוי זאל זעהן, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן דעק. העלענא איז אבער ניט געווען אזא פרוי, וועלכע מען קען לייכט אפנארען. איהר שארפעס אויג האט באלד דערזעהן, אז מיר געפינען זיך אין א געפאהר. זיא איז צוגעלאפען צום געלענדער פונ'ם שיף און האט א געשריי געטאהן:

— אַייז! מיר זיינען ארויפגעפאהרען אויף אַן אַייזבערג!

מיר האבען אלע א ציטער געטאהן. יעדער האט פערשטאנען, וויא גרויס עס איז די געפאהר, אין וועלכער מיר געפינען זיך.

העלענאַ איז געווען דיא איינציגע, וועלכע האט ניט פערלארען דעם מוטה. זיא האט בעטראכט דאס מעער, דאס שיף און דעם אַייזבערג, אויף וועלכען דיא כוואַליעס האבען ארויפגעטריעבען אונזער שיף און האט קאָמאנדירט:

— אראפלאזען דיא באָאָטע! — שנעל!

איך בין צוגעלאפען צו איהר און האב איהר געוואלט עפעס זאגען. זיא האט מיר געוויזען אויף א זאך הינטער אונז און האט געזאגט:

— עס קומט אן נאך אַן אַייזבערג, אונזער שיף איז פערלארען!

— געה צום קינד העלענאַ, האב איך געבעטען, מיר וועלען שוין אראפלאָזען דיא באָאָטע.

זיא איז אראפגעלאפען אין קאַיוטע. אין דרויסען איז געווארען א ביסעל

העלער און מיר האבען אלע איינגעזעהן, אז מיר מוזען זיך רעטען אויף דיא באָאָטע. דאס שיף איז פערלארען.

אלע האבען זיך גענומען צו דיא באָאָטע און אין איניגע מינוט זיינען דיא פיער גרויסע און שטארקע באָאָטע, וועלכע האבען זיך געפונען אויפ'ן „עדוואַרד אַרמסטראָנג" געליגען אין וואסער אין דער זייט, וואו דאס שיף איז געווען שטארק אנגעבויגען צום וואסער.

— גרייט אן עסען און וואסער, וויאפיעל איהר וועט קענען! האב איך קאָמאַנדירט.

וויא גרויס דיא געפאהר איז געווען, האבען דיא מאטראזען ניט פער־לארען דעם מוטה און יעדער האט געטאהן, וואס ער האט געקענט. איך האב געבעטען א שטארקען מאטראז, ער זאל פערזארגען איין באָאָט מיט אלע נעטהיגע זאכען, וויא פעסלעך מיט וואסער, צוויעבאַק און אנדערע נעטהיגע זאכען און איך בין געלאפען נעהמען העלענאַ'ן מיט'ן קינד. איך האב געוואלט, אז זיא מיט'ן קינד זאלען צוערשט זיין זיכער אין א באָאָט.

העלענאַ איז מיר ענטגעגען געקומען. זיא האט געטראגען דאס קינד אין דיא אַרימס, איינגעהילט אין א וואלענער דעק און א פאר קישעלעך.

— געה אראפ, העלענאַ, אין גרויסען באָאָט, האב איך געבעטען. איך וועל נאך צונויפנעהמען איינגע זאכען, וועלכע זיינען נעטהיג.

— איך וויל ניט געהן אהן דיר, דיק, האט העלענאַ אויסגערופען.

איך האב זיא אנגענומען ביי דיא הענד און האב זיא צוגעפיהרט צום באָאָט. איך האב צוגענומען ביי איהר דאס קינד און האב זיא געבעטען זיא זאל אריינשפרינגען אין באָאָט. זיא האט מיר צוליעב געטאהן. ווען זיא איז געזעסען אין באָאָט, האב איך איהר דערלאנגט דאס קינד, דיא וואָלענע דעק און דיא קישעלעך.

— קום מיט, דיק! האט זיא געבעטען.

— באלד, העלענאַ! איך קום באלד, האב איך געענטפערט.

איך האב ניט געזעהן, וואס דיא מאטראזען האבען געטאהן ארום מיר. אזוי וויא מיר זיינען געווען נור זעכצעהן מענשען און האבען געהאט פיער באָאָטע, האב איך געוואלט א קוק טאהן, וואס דיא מאטראזען טהוען און אויב זיי האבען אויסגעפאלגט אלע מיינע בעפעהלע.

קוים אבער האב איך מיך אוועקגעקעהרט פון דעם באָאָט, וואו העלענאַ איז געווען מיט'ן קינד, האט עס א שליידער געטאהן מיט'ן שיף אזוי שטארק, אז איך בין אניעדערגעפאלען, עס האט געגעבען א שרעקליכען טראַך, איך האב געהערט, וויא עס ברעכט זיך האלץ, אייזען און מעש. דאן האב איך געפיהלט א זעץ אין קאפ און אלעס איז געווארען פינסטער. איך ביז גע־פאלען אין אָהנמאכט.

וואס עס איז ווייטער מיט מיר געשעהן, ווייס איך ניט. וויא לאנג בין איך געלעגען אין אָהנמאַכט, ווייס איך ניט.

## 77-טעס קאפיטעל
## איך זעה לאַנד.

ווען איך בין געקומען צו זיך און האב געעפענט דיא אויגען, האב איך געפיהלט, אז עס איז מיר שרעקליך קאלט און אלע גליעדער טהוען מיר וועה.

— העלענא, וואו ביסט דוא? האבען מיינע פערפראנענע ליפען געשטאַמעלט.

קיינער האט מיר ניט געענטפערט.

איך האב אויפגעהויבען דעם קאפ און האב מיך ארומגעקוקט, — איך בין אליין! איך ליעג אין א קליינעם באָאָט גאנץ אליין.

— העלענאַ! העלענאַ האב איך געשריען, וויא א וואהנזיניגער.

קיינער האט מיר ניט געענטפערט.

איך האב צונויפגענומען אלע מיינע קרעפטע און האב מיך אויפגעזעצט. עס זיינען פערגאנגען איניגע מינוט, איידער איך האב געקענט פערשטעהן, אין וואס פאר א לאגע איך געפין מיך. וויא ווייט מיין אויג האט געקענט גרייכען, האב איך געזעהן נור הימעל, וואסער און שטיקער אַייז שווימען. קיין מענש, קיין לעבעדיגע זעעלע, קיין שיף, קיין באָאָט און זאָגאַר קיין שטיקעל האלץ!

— וואו איז העלענאַ מיט'ן קינד? וואו זיינען מיינע מאטראזען? וואו זיינען דיא באָאָטע? וואו איז דאס שיף?, — האבען זיי זיך געראטעוועט, אדער זיינען זיי אלע דערטרונקען געווארען און איך בין דער איינציגער, וועלכער איז געבליעבען לעבען?

אלע דיעזע פראגען זיינען דורכגעלאפען, וויא א בליץ, אין מיין קאפ, איך האב אבער קיין אנטווארט ניט געקענט געפינען אויף זיי. עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען און איך האב אנגעהויבען צו וויינען, וויא א קליין קינד. דאס איז געווען מיין גליק, ריכטיגער געזאגט, מיין אונגליק. ווען איך זאל דאמאלס געווען וויסען, אז העלענאַ מיט'ן קינד זיינען אומגעקומען, וואלט איך מיך אריינגעווארפען אין וואסער און וואלט געווען געשטארבען מיט זיי. איך האב עס אבער ניט געוואוסט און דיא האָפנונג, וועלכע נארט אונז אפ אזוי אפט און גיט אונז קראפט און מוטה צו לעבען, האט מיך איך

אפגענארט און האט מיר געגעבען מוטה און קראפט צו לעבען, צו קעמפ־פען און צו ראנגלען זיך פאר א לעבען, וועלכעס האט פאר מיר קיין ווערטה און קיין זינן.

עסען האב איך ניט געוואלט, דערפאר אבער האב איך געפיהלט א שרעקליכען, ברענענדען דורשט. איך האב אנגעהויבען צו זוכען מיט דיא אויגען וואסער, — אין באָאָט אבער איז גאר ניט געווען, אויסער עטליכע שטיקער אייז. איך האב גענומען א שטיק אייז און האב עס צוגעטראגען צו מיינע פערברענטע ליפען. דאס האט מיך א ביסעל אפגעקיהלט. איך האב געלעקט דאס שטיק אייז, וויא א קינד לעקט א שטיקעל צוקער.

איך האב מיך געפיהלט א ביסעל שטארקער און האב בעטראכט דאס באָאָט. עס איז געווען לעדיג. קיינע לעבענסמיטעל, קיין וואסער, קיין הייץ מאַטעריאַל און קיינע ווארעמע קליידער! דיא איינציגע זאך, וועלכע קען מיר נוצען אין מיין שרעקליכער לאגע איז געווען א שטיק זעגעלטוך, וועלכעס איז געליגען אונטער דער באנק. איך האב עס ארויסגעשלעפט מיט שווערער מיה — אזוי שוואך בין איך געווען — און האב מיך צוגעדעקט דערמיט.

דאס האט מיך א ביסעל דערוואַרעמט, איך האב אנגעשפארט דעם קאָפּ אן דער באנק און בין באלד אנטשלאפען געווארען. דאס מעער איז געווען רוהיג און גלאט, וויא א שפיעגעל; דיא זון האט געשיינט, עס איז נאך אבער געווען גוט קאלט. וויא לאנג איך בין געשלאפען, ווייס איך ניט; ווען איך האב מיך אויפגעהאפט, איז געווען נאכט. דער מאָנד (דיא לבנה) האט ניט געשיינט, אבער דיא שטערן, בעזאָנדערס דער גרויסער העלער נאָרדפאָל שטערן, דער אָריאָן (כסיל אויף העברעאיש) האט געפונקעלט אזוי העלל און אזוי שעהן, אז איך האב געקענט זעהן אלעס, וואס עס טהוט זיך ארום מיר.

איך האב אנגעהויבען צופיהלען הונגער. איך ווייס ניט, וויא לאנג איך האב שוין ניט געגעסען, איך ווייס אבער, אז דער הונגער איז געווען שרעקליך. מיין מאגען איז געווען לעדיג, דער בויך איז איינגעפאלען און עס האט מיר געריסען און געצופט, וויא מיט אייזערנע צוואנגען.

איך האב מיך אויפגעשטעלט אין באָאָט און האב מיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען, איך האב געזעהן נור הימעל און וואסער! קיין פיש, קיין פויגעל און קיין שפור פון א שיף! איך בין אוועקגעשטאנען איינינע שטונדען און האב געזוכט מיט דיא אויגען עפעס צו עסען, איך האב אבער גאר ניט געפונען.

דיא קעלט איז געווארען מיט יעדער מינוט שטרענגער, איך האב געמוזט קלאפען מיט דיא הענד, שפרינגען און זיך בעוועגען, אום ניט פערפראָרען צו ווערן.

אזוי איז פערגאנגען דיא נאכט. עס איז ענדליך געווארען טאג. איך האב געהאפט, אז ביי טאג וועט ווענינגסטענס ווערן א ביסעל ווארעמער, מיין האפנונג האט מיך אבער אפגענארט: דיא קעלט איז געווארען שטרענגער און בייסענדער. דער הונגער האט מיך אזוי געפלאגט און אזוי געמאטערט, אז איך האב געמיינט, אז איך וועל אראפ פון זינען. איך האב געקוקט אין וואסער, פיעלייכט וועל איך דערזעהן א פיש אדער עפעס א חיה'לע, וועלכעס איך זאל קענען עסען, איך האב אבער גאר ניט געזעהן. דאס מעער איז געווען שווארץ און געדיכט.

איך בין געווען פערצווייפעלט און האב מיך ווידער א ניעדערגעלעגט אין באָאָט און מיך צוגעדעקט מיט'ן שטיק זעגעלטוך. איך בין געווען גליקליך, וואס איך בין באלד אנטשלאפען געווארען. אין שלאף האב איך וועניגער געליטען פון הונגער.

אזוי זיינען ווידער פערגאנגען צווייא טאג, אלזא זייט איך בין גע-קומען צו זיך, זיינען שוין דרייא טעג פערגאנגען, אין וועלכע איך האב מיך געקוויקט מיט א שטיקעל אייז.

וויא איך האב איבערגעלעבט יענע שרעקליכע צייט, ווייס איך ניט; איך געדענק נור, אז דער הונגער האט מיך אזוי געמאטערט, אז איך האב מיך שוין ענטשלאסען זיך אריינצוווארפען אין וואסער.

אויפ'ן פיערטען טאג אין דער פריה האב איך דערזעהן א לאנגען, ווייסען פאַס.

— לאנד! לאנד! האב איך אויסגערופען פול מיט פרייד.

איך בין שוין געגוג ארומגעפאהרען אויפ'ן מעער אום צו ווייסען, וואס דיעזער ווייסער פאַס בעדייטעט. דאס איז א שטיק לאנד בעדעקט מיט שנעע. עס איז וואהר, אז דיעזע געגענד איז מיר געווען אונבעקאנט און איך האב ניט געהאט ביי מיר קיין לאנד קארטע און קיין מעער קארטע. איך האב נור אזוי פיעל געוואוסט, אז איך געפין מיך ערגעץ לעבען אַייזמעער אין זידען (דרום זייט) פון דער וועלט.

— איך האב פערבראכט א ווינטער אויפ'ן אַייזמעער אין נאָרדען (צפון זייט), יעצט וועל איך מוזען פערברענגען א געוויסע צייט אין א געגענד אין אַייזמעער אין זידען (דרום זייט), האבען געמורמעלט מיינע ליפען. — וועל איך דא אויך געפינען אזא גוטען און טרייען פריינד, וויא איקמאַלליק? — אלענפאלס וועל איך דארט געפינען מענשען און וועל שטילען מיין שרעקליכען ברענענדען הונגער.

אין מיין באָאָט זיינען געווען צווייא רודער (וויאָסלאָ'ס), וועלכע איך האב ביז אהער ניט בענוצט. צו וואס זאל איך ארבייטען מיט א רודער? האב איך דען געוואוסט, וואוהין דיא שווארצע וואסערן פון אַייזמעער פיהרען

מיך ? — יעצט אבער, ווען איך האב געזעהן לאנד אזוי נאהענט פון מיר האב איך גענומען ביידע רודער און האב אנגעהויבען צו ארבייטען מיט אלע מיינע קרעפטע. איך האב געוואלט צו קומען צום לאנד וויא צום גיכסטען.

איך האב געארבייט שווער און ביטער צוויא שטונדען נאך אנאנד און האב מיך אזוי דערווארעמט, אז דער שווייס האט געגאסען פון מיר. ענדליך איז עס מיר געלונגען. איך בין צוגעקומען צום לאנד. איך בין ניט אים שטאנד צו בעשרייבען, וואס איך האב געפיהלט, ווען מיין באָאָט האט זיך אנגעשלאגען אן לאנד.

וואס פאר א לאנד איז עס אבער געווען? דאס האב איך ניט געקענט וויסען. איך בין צוגעקומען צו א וואנט פון אַייז. אין דער וואנט זיינען געווען אויסגעבראכען טהירען און טויערן, וואו עס האבען געקענט אריינפאהרען גאנץ גרויסע שיפען. איך האב אויסגעזוכט אַזא טהיר, בין צו געפאהרען נעהנטער, האב געפונען א קליינע בוכטע, אדער א קליינעם אויסשניט אין אַייז, וואו איך האב געקענט אריינפיהרען מיין באָאָט.

איך האב געזוכט א שטיין, א זייל, א בוים אדער אזוי א פונקט, וואו איך זאל קענען צובינדען מיין באָאָט און האב ניט געפונען. דאס האט מיך אבער ניט איבערגעשראקען. איך האב געפונען א טיעפען שפאלט אין אַייז, האב דארט אריינגעשטעקט מיין רודער און האב צוגעבונדען מיין באָאָט צום רודער.

— יעצט בין איך זיכער! האב איך געזאגט צו מיר אליין, איך וועל אראפגעהן אויפ'ן לאנד און וועל זוכען עפעס צו עסען, ווען איך וועל גאר נישט געפינען, קען איך צו יעדער צייט צוריקגעהן צו מיין באָאָט און ווייטער פאהרען.

איינינע מינוטען שפעטער האב איך מיך געפונען אין אזאנ־ערבארע געגענד. ארום מיר, וויא וויט מיין אויג האט געקענט גרייכען, איז געווען אייז און אייז. אונטער מיינע פּיס איז געווען אייז, ארום מיר האבען זיך אויפגעהויבען בערג פון אייז, טהורעמס אייז, פּעלזען פון אייז, ווענט פון אייז, טהאָלען פון אייז און וועגען פון אייז. וויא וויט מיין אויג האט געקענט גרייכען, האב איך ניט געקענט זעהן קיין שפור פון מענשען, קיין בוים, קיין וועג, קיין שטעג און קיין צייכען פון לאנד. אלעס איז געווען ווילד, קאלט און פער־פראָרען — א שטיק ריינעם, קלאָרעם, ווייסעם אייז.

עס האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך געפין מיך אין א פערצויבער־טער געגענד, וויא אלעס איז מיט איין מאל פערגליווערט געווארען, פער־פראָרען געווארען און פערשטיינערט געווארען. אזוי וויא איך בין געווען שטארק הונגעריג, האב איך געזוכט נור איין זאך, — עפעס צוא עסען.

איך האב אנגעהויבען צו געהן האַסטיג. וואוהין? דאס האב איך ניט געוואוסט און האב מיך אויך ניט געקימערט. איך בין געגאנגען זוכען עסען. איך האב געהאפט, אז איך וועל געפינען א טויטען פיש, א טויטען זעע הונד אדער עפּעס אנדערעש, וואס מען קען עסען. דער הונגער האט מיך אזוי געמארטערט, אז איך האב פערגעסען אלעס אין דער וועלט און מיינע געדאנקען זיינען געוועזן בעשעפטיגט מיט איין זאך — עסען!

— איך מוז עפּעס עסען! האב איך אויסגערופען און בין ווייטער געגאנגען.

איך בין ארומגעגאנגען א גאנצען טאג איבער בערג און טאָהלען און האב גאר ניט געפונען אויסער אייז און אייז.

ווען עס איז נאכט געווארען, בין איך געווארען אזוי מיעד, אז איך האב מיך דערפרערהט, ווען איך האב געפונען א גרויסען הויפען שנעע. איך האב מיך אריינגעווארפען אין שנעע און האב מיך איינגעגראָבען אין דעם ניט שטארק האַרטען שנעע אזוי, אז איך בין געליעגען, וויא אין א שטיבעלע פון שנעע.

דער שנעע האט מיך אביסעל דערוואַרמט און איך בין באלד אנטשלאפען געווארען און בין איבערגעשלאפען דיא לאנגע נאכט.

ווען איך האב מיך אויפגעהאַפּט, איז געוועזן גרויסער טאג. דיא זון האט געשיינט העל און קלאָר פון א בלויען הימעל, איהרע שטראהלען האבען געפונקעלט, געגלאנצט און געשיינט אויפ'ן אייז. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז ארום מיר זיינען צו וואָרפען מילליאנען ברילליאנטען.

איך האב אבער קיין צייט געהאט צו בעטראכטען דאס שעהנע בילד פון דער נאטור. איך בין געוועזן הונגעריג.

— איך מוז ווייטער געהן, האב איך געזאגט צו זיך אליין, איך מוז זוכען עפּעס עסען!

דער הויפען שנעע, אין וועלכען איך האב צוגעבראכט דיא נאכט, האט זיך געפונען אין א טיעפען טאָהל, פון ביידע זייטען האבען זיך אויפגעהויבען בערג פון אייז. איך האב אנגעהויבען ארויפצוקלעטערן אויף א בערג פון אייז. איך האב גערעכענט, אז פון'ם הויכען בערג וועל איך דייטליכער קענען זעהן, וואס עס טהוט זיך ארום מיר.

איך בין שוין געוועזן אזוי שוואַך, אז עס האט מיר געקאסט פיעל מיה ארויפצוקלעטערן אויף דעם הויכען און גלאַטען בערג. צום גליק, האב איך געהאט ביי מיר איין מאַטראָזען מעסער. איך האב מיט איהם אויסגעגראבען אין אייז לעכער, וואו איך האב געקענט שטעלען מיינע פים.

ענדליך בין איך ארויפגעקומען אויפ'ן העכסטען פונקט פון'ם בערג און מיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. פון איין זייט האב איך געזעהן דאס מעער,

פון דער אנדערער זייט א גרויסע און ברייטע געגענד, בעדעקט מיט אייז און שנעע. אין ערטער זיינען געוועזן אנגעווארפען גרויסע שטיקער אייז, אין ערטער זיינען געוועזן הויפענס שנעע, און אנדערע ערטער איז דאס אייז געוועזן גלאט ווי א שפיגעל.

איך בין געוועזן פערצווייפעלט. איך האב אין ערגעץ ניט געזעהן קיין ציכען, קיין שפור פון מענשען אדער פון א לעבעדיגע זאך.

— אומזיסט מיין מיה! האב איך געזיפצט, — איך מוז דא שטארבען, אויסגעהן פון הונגער און קעלט.

איך האב מיך פארבערייטעט צו שטארבען און האב געזוכט א פלאץ, וואו איך זאל קענען מיך אניעדערלעגען און מעהר ניט אויפצושטעהן. זאנדערבאר! וויא איך האב מיך ענטשלאסען צו שטארבען, האב איך דאך געזוכט מיט דיא אייגען אן ארט, וואו עס זאל מיר זיין ווייך צו ליעגען. איך האב געוואוסט זעהר גוט, אז פאר דעם טויטען מענשען איז קיין אונטערשיעד. אויב ער ליעגט אויף ווייכע פעדערן אדער אויף א הארטען שטיין און פון דעסטוועגען האב איך ניט געוואלט מיך אניעדערלעגען לעבען א שטיק אייז און דארט אנטשלאפען ווערן דעם אייביגען שלאף.

איך האב אלזא געזוכט א הויפען שנעע, וואו איך זאל קענען מיר פערגראבען, וויא אין אמסטער און אנטשלאפען ווערן.

## 78-טעם קאפיטעל.

## א פערפרארענער.

איך האב ניט לאנג געזוכט. אין ניגע הונדערט שריט פון מיר איז געוועזן א גרויסער הויפען שנעע, א גאנצער בערג. איך בין צוגעגאנגען צו איהם, וויל ער איז מיר געפעלען. מיר האט זיך אויסגעוויעזן, אז דארט וועל איך קענען שלאפען גאנץ רוהיג.

ווען איך בין צוגעגאנגען צום הויפען שנעע, איז מיר אריינגעקומען אין קאפ, איך זאל איהם ארומגעהן און בעטראכטען פון אלע זייטען.

קוים בין איך אוועקגעגאנגען צעהן שריט, האב איך א שפרונג געטאהן, גלייך וויא א שלאנג וואלט מיך געביסען, און האב א געשריי געטאהן — אויפ'ן אייז, אנגעשפארט אן הויפען שנעע, איז געוועזן א מענשליכע געשטאלט: דאס איז געוועזן א מענש, א ווירקליכער מענש! ער איז געזעסען אויפ'ן אייז, דיא קניע אין דער הויך און דער קאפ אנגעשפארט אויף דיא קניע.

עס האט זיך אויסגעוויעזן, אז ער איז פערטראכט, פערטיעפט אין זיינע געדאנקען, אדער ער איז אנטשלאפען געווארען.

איך האב מיך אָנפאנג שטארק דערשראָקען. פאר וואס? דאס קען איך מיר ניט ערקלערן, מעגליך, אז איך בין נור געוועזן איבערראַשט, ווייל איך האב ניט ערווארטעט צו טרעפען אין דיעזער ווילדער, קאלטער, פערפראָרענער געגענד א מענשען. ביז יעצט האב איך דאך קיין שפור און קיין צייכען פון א לעבעדיגער זאַך ניט געפונען.

צוביסלעכווייס בין איך געקומען צו זיך און האב אָנגעהויבען צו צו געהן נעהנטער צו דער מענשענגעשטאַלט. ער איז געוועזן גאנץ וואַרם אָנגעטאהן און איינגעהילט אין א ברייטען, וואַרעמען, שווארצען מאַנטעל. זיין געזיכט איז געוועזן פערהילט און א גרויסער וואַרעמער הוט האט פערדעקט זיין קאָפּ ביז איבער דיא אויגען.

איך בין צוגעגאנגען לאנגזאם און פאָרזיכטיג, איך האב מורא געהאט, איך זאל איהם ניט אויפוועקען. פלוצלונג איז מיר געקומען א נייער געדאנק אין קאָפּ.

— ווען דאס איז א מענש, וועל איך פיעלייכט געפינען ביי איהם עפּעס צו עסען, איך דארף איהם אלזא אויפוועקען.

איך האב אנגעהויבען צו קלאפּען מיט דיא פיס און אַייז. דיא געשטאַלט האט זיך ניט געריהרט. איך האב אנגעהויבען צו שרייען, צו רופען איז דער הויך — דיא געשטאַלט האט זיך ניט געריהרט. איך בין געווארען מוטהיגער, בין צוגעגאנגען גאנץ נאָהענט און האב איהם גאנץ לייכט אריהר געטאהן ביי דער פלייצע, וויא מען וועקט אויף איינעם פון שלאף, ער האט זיך ניט געריהרט. איך בין געווארען מוטהיגער און האב איהם אַטרייסעל געטאהן. — ער איז אניעדערגעפאלען אויף א זייט.

— ער איז טויט! האב איך אויסגערופען.

איינינע מינוטען בין איך געשטאנען, וויא פערשטיינערט און האב געקוקט אויפ'ן טויטען. ער האט ניט געענדערט דיא לאַגע פון זיינע גליעדער, ווען ער איז אניעדערגעפאלען. זיינע הענד זיינען געבליעבען צונויפגעלעגט אויף דיא קניע, זיין קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דיא הענד און דער גאנצער קערפּער איז געבליעבען אין דער לאַגע פון אזיצענדיגען מענשען, זאגאר זיין לאנגער, שווארצער באָרד האט זיך ניט געריהרט. יעדער האָר פון זיין באָרד איז פערפראָרען געווארען און פערגליווערט געווארען, גלייך וויא ער וואלט געוועזן אויסגעהאקט פון שטיין.

ווער איז דיעזער מאן? וויא קומט ער אהער? וויא לאנג איז ער שוין טויט? איז ער ערשט ניט לאנג געקומען א הער און איז דא פערפראָרען געווארען? איז ער אויך אויסגעגאנגען פון הונגער, גלייך וויא איך?

ביים וואָרט הונגער האב איך מיך דערמאנט, אז איך בין הונגעריג און האב אנגעהויבען צו זוכען ארום דעם טויטען, פיעלייכט וועל איך געפינען

עטוואס עסען. א ברעג פון זיין מאַנטעל האט זיך אָפּגערעקט און איך האב דערזעהן ארויסשטעקען פון גאַרטעל א בלעכענע פלאַש.

אין דער פלאַש געפינט זיך געווים ראָם! האב איך אויסגערופען און האב מיט ציטערענדע הענד געחאַפּט דיא פלאַש.

איך האב זיא לייכט אפּגעבונדען פון זיין גאַרטעל און האב זיא געעפענט. דיא פלאַש איז געווען פול מיט ראָם, וועלכער איז אבער געווען פערפראָרען, וויא א שטיין.

איך האב ווייטער געזוכט אונטערן מאַנטעל פון'ם טויטען און האב געפונען א לעדערנעם בייטעל מיט ביסקוויט (סוכאַרעס) און שטיקער פלייש. איך האב געחאַפּט דאס פלייש צום מויל, עס איז געווען האַרט וויא א שטיין, און קאַלט, וויא אַייז. דער ביסקוויט איז אויך געווען האַרט, וויא א שטיין, איך בין אבער געווען אזוי הונגעריג, אז איך וואלט געגעסען שטיינער. איך האב אָנגעהויבען צו קנאַקען דעם האַרטען ביסקוויט און האב אויפגעגעסען עטליבע שטיקלעך.

איך האב דאן גענומען מיין מעסער און האב געוואלט אפּשניידען א שטיקעל פלייש פון דעם פראָוויאַנט, וואס ער האט געהאט ביי זיך. — עס איז געווען אונמעגליך. דאס פלייש איז געווען האַרטער פון מיין מעסער. דער ביסקוויט איז איז געווען דין און האט זיך לייכט צובראָכען, דאס פלייש אבער איז געווען צוזאמענגעפראָרען וויא א שטיק צושמאלצענעם אייזען.

איך האב אויפגעגעסען דעם גאנצען ביסקוויט, וויא א הונגעריגער וואלף. ווען איך האב אביסעל געשטילט דעם הונגער, האב איך אנגעהויבען מיך צו צוקען צום פערפראָרענעם. ער איז געווען אנגעטאהן אין רייבע קליידער. אין זיין גאַרטעל האבען געשטעקט א פּאָר מיט פּיין זילבער בעלעגטע פּיסטאָלעטען. פון זיין בוזים האט ארויסגעהאנגען א שווערע גאָלדענע קייט. איך האב געצויגען דיא קייט און האב ארויסגעשלעפּט א שווערע גאָלדענע טאַשען אוהר מיט בריליאנטען אויף דיא דעקלעך.

עס איז געווען דייטליך, אז דער מאן איז געווען זעהר רייך. איך האב ווייטער געזוכט ביי איהם אין דיא קעשענעס און האב געפונען עטליכע מעקסיקאַנישע און שפּאַנישע גאָלד דובלאָנען.

ביז אהער האב איך נאך ניט געזעהן זיין געזיכט עס האט מיך עפּעס געשוידערט צו זעהן זיין געזיכט, עפּעס האט מיך צוריק געהאלטען, צוריק געצויגען; יעצט ווען איך בין שוין אביסעל צו געוואינט געווארען צו איהם, האב איך מיך ענטשלאָסען אראפּצונעהמען זיין הוט און אקוק טאהן אויף זיין געזיכט.

— קאפּיטאן האַיק! האב איך אויסגערופען מיט שרעק און שטוינען. איך האב איהם דערקענט. ער האט זיך ווייניג פערענדערט, זייט

איך האב איהם געזעהן צום לעצטען מאל אויף דער קליינער אינזעל, וואו דאס אמעריקאַנישע שיף איז אנגעפאַלען אייף איהם און אויף זיין שיף „דער שווארצער אָדלער". דאס איז געווען דערזעלבער, וועלכער האט מיך גע-האלטען פערשפּאַרט אין זיין קאַיוטע און האט מיט מיר געלערנט פראנצייזיש און שפּאַניש.

איך האב שוין לאנג פערגעסען אָן איהם. איך בין געווען זיכער, אז ער איז אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דיא אמעריקאנישע און שפּאַנישע קריעגסשיפען, וועלכע האבען איהם נאכגעיאָגט און מען האט איהם שוין לאנג אויפגעהאנגען אדער דערשאָסען אלס פיראַט, מעער רויבער.

— אָרימער קאפיטאן האַוק! האב איך אויסגערופען, דוא האסט אלזא געענדיגט דיין לעבען אויף אזאנדערבאַרער אַרט. דוא ביסט פערפראָרען געווארען. וויא קומסט דוא אבער אין דיעזע קאַלטע געגענדען? דוא פלעגסט דאך שטענדיג ארומפאהרען נור אין דיא גאנץ ווארעמע וואסערן, וואו אמעריקא און אייראפּא שיקען זייערע שיפען מיט דיא טהייערסטע זאכען? וואס האסט דוא געקענט זוכען אין דיעזע שרעקליכע, קאַלטע, פערפראָרענע וואסערן?

עס האט מיר פערקלעמט ביים הארצען און איך האב אנגעהויבען צו וויינען. ערשט יעצט בין איך געוואהר געווארען, אז איך האב ליעב געהאט דיעזען מענשען׳ קאפיטאן האַוק איז געווען א פיראַט, א רויבער, א מערדער, דאס האב איך זעהר גוט געוואוסט, ער איז אבער פון דער נאַטור ניט געווען קיין שלעכטער מענש. ער איז געווען הויך געבילדעט, גראָסמוטהיג און עדעל. עס איז זעהר מעגליך, אז ווען דיעזער מענש זאל געווען לעבען אין אנאנדער געזעלשאפט, צווישען אנדערע מענשען און אונטער אנדערע אומשטענדע, וואלט ער געווען א העלד, א געניע, א נאַפּאָלעאָן, א נעלסאָן אדער אַן אלעקסאנדער פון הומבאָלדט.

איך האב געליעבט דיעזען מענשען און וויא גליקליך וואלט איך געווען, ווען איך זאל איהם יעצט געווען געפונ׳ן א לעבעדיגען.

— וויא קומט ער אבער אהער? ער איז דאך אהער ניט געקומען אליין. ער איז געווים געקומען אויף א שיף. וואו זיינען זיינע קאמעראדען? ער האט דאך ניט געקענט קומען אהער גאנץ אליין?

אזוי וויא איך האב אזוי גערעדט צו זיך אליין און האב בעטראכט דעם טויטען, איז געווארען נאכט. דיא זון האט אנגעהויבען אונטער צו געהן, עס איז געווארען קעלטער. איך האב אנגעהויבען צו פיהלען, אז איך פריהר. איך האב א קוק געטאהן אויפ׳ן טויטען און האב געזאגט צו מיר אליין:

— ער דארף שוין ניט זיינע ווארעמע קליידער, מיר אבער קענען זיי ניצען. דער לעבעדיגער איז פריהער פארן טויטען.

איך האב אָנגעהויבען אראפּצונעהמען פון איהם דיא קליידער. וויא

אונאַננענעהם עס איז מיר געווען, בין איך ניט אים שטאנד צו בעשרייבען, איך האב עס אבער געמוזט טאהן. איין זאך האב איך ניט געקענט פערשטעהן: וויא קומט עס, וואס קאפיטאַן האַוק איז פערפרארען געווארען, ווען ער איז געווען אזוי וואַרם אָנגעטאהן? עס איז גאר ניט געווען אזוי קאַלט, אז ראָם זאל פערפרארען ווערן. וויא קומט עס, וואס דער שטארקער ראָם און זיין פעלד פלאַש איז געווארען הארט וויא א שטיין.

נאך מעהר, ער אליין איז אויך געווען האַרט, וויא א שטיין; ער איז געווען אזוי פערפראָרען, גליך וויא ער וואלט שוין דארט געליגען יאהרענלאנג. דיא האר אויפ'ן קאָפּ און פון דעם באָרד זיינען געווען האַרט וויא שפּיעזלעך און האבען זיך געבראכען אין מיינע הענד.

ענדליך בין איך פערטיג געווארען מיט מיין טרויעריגע ארבייט. איך האב צוגענומען ביי קאַפּיטאן האַוק, אלעס וואס ער האט געהאט אויף זיין פער־שטיינערטען קערפּער, און האב איהם געלאזט ליעגען אויפ'ן אייז.

ווען איך האב געענדיגט מיין ארבייט, איז געווארען נאכט, און איך בין געווען אזוי מיעד און צו בראכען, אז איך האב געמוזט מיך לעגען שלאפען. איך האב וויעדער אויסגעגראבען אגרוב אין שנעע, ריכטיגער געזאגט, האב מיר געמאכט אשטיבעלע פון שנעע, האב מיך איינגעהילט אין קאַפּיטאן האַוקס קליידער, און האב מיך געלעגט שלאפען.

## 79-טעם קאַפּיטעל

## דאס פערפראָרענע שיף.

**איך האב פערבראכט** א זעהר אונרוהיגע נאכט. קוים האב איך צוגעמאכט מיינע מיעדע אויגען, האט זיך מיר פאָרגעשטעלט קאפיטאַן האַוק, וויא ער שטעהט און געהט, וויא ער קאמאַנדירט זיין שיף, וויא ער רעדט צו מיר, וויא ער הייסט מיר שווערן, אז איך וועל איהם זיין טריי, און דאן וויא ער ווערט פערפרארען, פערשטיינערט, פערגליווערט לעבען אהויפען שנעע.

איך בין געווען גליקליך, ווען עס איז ענדליך געקומען דער ליעבער טאג, און איך האב געקענט ארויסקריעכען פון מיין שנעע שטיבעלע. איך האב נאך אמאל א קוק געטאהן אויף דעם פערפרארענעם קאַפּיטאן האַוק, און בין אוועק־געגאנגען.

וויא עס ווייזט אויס, איז קאפיטאַן האַוק אוועקגעגאנגען פון זיינע קאמעראדען עפּעס זוכען; עס איז מעגליך, אז ער איז געגאנגען אויף דער יאַגד,

ער איז פערגאנגען זעהר וויט און איז פערפראָרען געוואָרען, האב איך געזאגט צו זיך אליין. איך מוז אלזא געהן ווייטער און זוכען, פיעלייכט וועל איך דאך געפינען עפּעס עסען, אדער דיא שפור פון מענשען.

איך בין געגאנגען האסטיג, האב ארויפגעקלעטערט אויף בערג פון אייז, האב מיך אראפּגעלאזען אין טאהלען, האב מיך אומגעקוקט אין אלע זייטען, און האב געפונען נור אייז און אייז.

ארום מיטאג בין איך ארויפגעקראכען אויף א גאנץ הויכען בערג אייז, וועלכען איך האב נאך געסטערן געזעהן, און האב נאך געסטערן בעשלאסען ארויפצוקלעטערן אויף איהם, וויל מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז דאס איז דער העכסטער פונקט פון דער געגענד, וואו איך געפין מיך.

קוים בין איך ארויפגעקראכען אויפ'ן שפּיץ בערג, האב איך דערזעהן א זאנדערבארעס בילד. איך האב געזעהן דייטליך דיא געשטאלט פון א שיף מיט דרייא זעגעלביימער, אבער אלעס איז געוועזען בעדעקט מיט אייז. דיא זעגעלביימער, דיא רעען, דיא שטריק לייטער האבען אויסגעוויעזען גלייך וויא זיי וואלטען געוועזען פון א דונקעלעס גלאז, מען וואלט געקענט מיינען, אז דאס איז נור דיא געשטאלט פון א שיף, דאס אייז האט אנגענומען דיא פאָרם פון א שיף, וויא עס קומט פאָהר זעהר אָפט אין דיא געגענדען אויפ'ן אייז מעער אז מען זעהט גאנצע פאלאצען פון אייז.

מיין שארפעס אויג האט אבער באלד געזעהן, אז דאס איז קיין פאַנ-טאזיע, זאנדערן א ווירקליכעס שיף, וועלכעס איז בעגאסען געוואָרען מיט וואסער און פערפראָרען געוואָרען.

דאס שיף איז געוועזען איינגעפראָרען אין אטיעפען טאהל צווישען צוויא בערג פון אייז, וועלכע האבען זיא אין גאנצען פערשטעלט. מען האט זיא גע-קענט זעהן נור פון דעם פונקט, וואו איך בין געשטאנען.

איך האב מיך אראפּגעלאזען פון דעם בערג, וואו איך בין געשטאנען, און האב מיך געלאזען געהן צום שיף. דאס איז אבער געוועזען קיין לייכטע ארבייט. דער וועג איז געוועזען זעהר שווער, גרויסע שטיקער אייז זיינען צו וואָרפען געוועזען אין אלע זייטען, און האבען פערשטעלט דעם וועג. עס האט ביי מיר צוגענומען דעם גאנצען טאג, ביז איך בין צוגעקומען צום שיף.

ערשט פאר נאכט בין איך צוגעקומען צום שיף, און האב געזעהן אז זיא איז אזוי איינגעפראָרען, אז איהר דעק איז געוועזען גלייך מיט'ן אייז, אויף וועלכען איך בין געשטאנען.

איך האב אנגעהויבען ארויפצוגעהן אויפ'ן דעק, און בין באלד צוריק געשפּרונגען מיט שרעק. — אויפ'ן דעק פון'ם שיף, אָנגעשפּארט אן דיא שטריקלייטער, איז געשטאנען א מאן און האט געקוקט ערגעץ וויט, וויט. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז דער מאן שטעהט אויף דער וואַך און היט

אָפּ דאס שיף. ער איז געווען אנגעטאהן אין גאנץ ווארעמע קליידער, און איז געשטאנען גלייך מיט'ן קאפּ אין דער הויך, פעסט און שטאלץ, וויא א בילד פון מארמאר.

— האללאָ! האב איך אויסגערופען.

קיינער האט מיר ניט געענטפערט.

איך בין געווען פעסט איבערצייגט, אז דער מאן לעבט און שטעהט אויף דער וואַך. מיר איז זאגאר פארגעקומען, אז ער קוקט ארוים אויף קאַפּיטאן האַוק.

האַללאָ, פריינד! האב איך אויסגערופען צום צווייטען מאל.

קיינער האט מיר ניט געענטפערט. דער מאן אויף דער וואַך איז געבליבען שטעהן אויף זיין אָרט, און האט זיך ניט גערירהרט.

אזוי וויא די זון האט אנגעהויבען אונטערצוגעהן, און דיא קעלט איז געווארען שטרענגער, האב איך מיך ענטשלאסען ארויפצוגעהן אויפ'ן שיף אהן ערלויבניס פון דער וואַך. איך בין ארויפגעגאנגען זעהר לייכט אויפ'ן דעק, און בין צוגעגאנגען צו דעם אָרט, וואו דער מאן איז געשטאנען.

אין דרויסען איז נאך געווען גענוג ליכטיג, אז איך האב געקענט דערזעהן, וויא דער גאנצער רוקען פון'ם מאן איז געווען פערשנייעט, און זאָגאר אויף זיין פעלץ הוט איז געלעגען אביסעל צושמאלצענער שנעע.

— דער מאן איז טויט, פערפרארען, וויא קאַפּיטאן האַוק, האב איך געזאגט צו זיך אליין.

איך בין צוגעגאנגען נעהנטער, און האב איהם בעסער בעטראכט. ער איז געווען פערפרארען, פערגליווערט און פערשטיינערט, וויא קאַפּיטאן האַוק. ערשט יעצט האב איך דערזעהן, וויא אויף זיינע פלייצעס, אויף זיינע הענד און אויף זיין קאפּ, איז געלעגען צושמאלצענער און פערפרארענער שנעע.

עס איז געווען דייטליך, אז ער איז פערפרארען געווארען, ניט נעסטערן און ניט מיט איינגע טעג צוריק. ער שטעהט שוין אין דיעזער פּאָזיציאָן זייט וואָר״, פיעלייכט זייט מאָנאטע, פיעלייכט זאָגאר זייט יאהרען.

דער דעק פון'ם שיף איז געווען בעדעקט מיט שנעע, וועלכער איז זמאל צען געווארען אביסעל, און דאן ווידער פערפרארען געווארען. עס ט געקנאקט אונטער מיינע פיס, און איך האב געמוזט געהן זעהר פאָרזיכטיג, ד זאל מיך ניט אויסגליטשען. דאס שיף האט אויסגעוויעזען צו זיין אין גוטער אָרדנונג, אבער אלעס איז געווען בעדעקט מיט שנעע און אייז.

אזוי וויא עס האט אנגעהויבען פינסטער צו ווערן, האב איך געמוזט זוכען אַן אָרט, וואו איך זאל קענען צוברענגען דיא נאכט. איך בין צוערשט אריינגעגאנגען אין קיך און האב געפונען אלעס אין דער בעסטער ארדנונג. טעפּ, שיסעל, טעלער, לעפעל, — אלעס איז געווען ריין און איז געשטאנען

אויף זיין אָרט, אבער קיינער איז ניט געווען אין קיך. קיין שפור, קיין צייכען פון א לעבעדיגען מענשען!

איך האב אנגעהויבען צו זוכען אין דיא קאַמערן און האב געפינען אלערליי סאָרטען פּראָוויאַנט. דאס בעסטע אבער און וויכטיגסטע, וואס איך האב געפונען, זיינען געווען צינדהעלצלעך און א לאָמפּ פול מיט אייל. איך האב באלד אנגעצונדען דיא לאָמפּ און האב מיך ארומגעקוקט.

און אין איין ווינקעלע זיינען געליגען אנגעהאקטע שטיקלעך האָלץ און א גאנצער הויפען ערד קוילען. אין אנ׳אנדער ווינקעלע איז געשטאנען אפּעסעל מיט געזאלצענעם פלייש, לעבען איהם איז געשטאנען א קאסטען מיט ביסקוויט, — סוכאַרעס — פון דער זעלבער סאָרטע, וועלכע איך האב געפונען ביי קאַפּיטאַן האַוק.

— לאמיך מאכען פייער און מיר עפּעס אָפּקאכען, האב איך געזאגט, און האב עס באלד געטאן.

אין איניגע מינוט שפּעטער, האט א לוסטיגעס פייער געפלאַקערט אין אייזערנעם אויווען פון דער קיך. איך האב געזוכט וואסער, און האב געפונען צוויא פּעסלאך פול מיט וואסער, דאס איז אבער געווען קיין וואסער, זאנדערן אַייז, געהאַרטעוועטער אייז. איך האב פּראָבירט אפשניידען, אפּהאקען א שטיקעל אייז, עס איז אונמעגליך!

איך האב גענומען אַן אייזערנעם טאָפּ, בין מיט איהם ארויסגעגאנגען אויפ׳ן דעק, און האב אָנגעשאַררט אין איהם שנעע פון׳ם דעק. דער שנעע איז אויך געווען אזוי האַרט, אז איך האב געמוזט איהם שניידען מיט׳ן מעסער.

איך האב ארויפגעשטעלט דעם טאפּ שנעע אויפ׳ן פייער און האב אָנגעהויבען צו זוכען, וואס צו קאָכען. איך האב באלד געפונען טהעע, קאפפע, צוקער, שאָקאלאַד און קאַקאַאָ. איך האב געוואלט מיר אָפּקאכען א שטיקעל פלייש, און בין צוגעגאנגען צום פעסעל מיט געזאלצענעם פלייש. עס איז געווען האַרט וויא אייזען. איך האב געפונען א האַק אין א ווינקעל, און האב פּראָבירט אויסצוהאַקען א שטיקעל פלייש. עס איז געווען אונמעגליך, עס זיינען אָפּגעשפּרונגען שטיקלעך אייזען פון דער האַק, און דאס פלייש האט זיך ניט געריהרט.

איך האב געמוזט מיך שטעלען צופריעדען מיט ווארעמען טהעע און ביסקוויט. דער ווארעמער געשמאקער טהעע האט מיך דערקוויקט. איך בין געוואָרען לעבעדיג, און האב געקענט רוהיג נאכדענקען, וואו איך בין ערגעץ אין דער וועלט.

דיא נאכט איז געווען א קאַלטע און פינסטערע. דער הימעל איז געווען בעדעקט מיט וואלקענס און דער אָרט, וואו איך האב מיך געפונען, איז געווען אזוי שרעקליך — טרויעריג, אזוי אונהיימליך — שוועריג, אזוי פירכטערליך —

אונאנגענעהם, אז איך האב מורא געהאט ארויסצוגעהן פון קיך. מיר האט זיך אל'ץ פאָרגעשטעלט דער מאַן, וועלכער שטעהט אויף דער וואַך; מיר האט זיך אויסגעוויעזען, אז ער לעבט און וועט באלד אריינקומען זיך אָנוואַרעמען.

איך בין ניט אַבערגלויביש. איך גלויב ניט, אז טויטע שטעהן אויף פון זייערע קברים, און געהן ארום ביי נאכט מאכען וויזיטען צו דיא לעבעדיגע. איך האב שוין אזוי פיעל דורכגעלעבט און דורכגעליטען אין מיין לעבען, אז איך האב שוין פאר קיין זאך קיין מורא ניט געהאט, און דענאך האב איך דאס מאל געפיהלט א סאָרט שרעק, וועלכען איך האב מיר ניט געקענט ערקלערן, און קען מיר ניט ערקלערן ביז היינט. איך האב געפיהלט, אז איך געפין מיך צווישען טויטע, פערשטיינערטע און פערגליווערטע מענשען.

איך האב אנגעשאָטען נאך קוילען, האב צוגערוקט א שטוהל צום וואַרעמען אויווען און האב מיך אניעדער געזעצט. איך בין באלד אנטשלאפען געווארען, און אזוי וויא איך האב שוין עטליכע נעכט ניט געשלאפען, און האב שוין אזוי פיעל טעג געליטען הונגער און קעלט, בין איך געוועזען זעהר מיעד און בין אפגעשלאפען דיא גאנצע נאכט.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה האב איך מיר ווידער אפגעקאָכט טהעע, און האב געגעסען א פריהשטיק פון ביסקוויט. נאכ'ן עסען בין איך ארויסגעגאנגען אויפ'ן דעק בעטראכטען דאס שיף. דער מאַן אויף דער וואַך איז נאך אל'ץ געשטאנען אויף דעמזעלבען אָרט.

ערשט יעצט ביים העלען ליכט פון'ם גרויסען טאג האב איך געזעהן, אז אויפ'ן שנעע און אייז פון'ם דעק געפינט זיך קיין שפור פון א מענשליכען טריט. עס איז געוועזען דייטליך, אז שוין זייט מאָנאטען אדער יאהרען איז קיין לעבעדיגער מענש ניט געגאנגען אויף דיעזען דעק. דיא טהירען פון דיא קאַיוטען, דיא טרעפ, דיא שטריק לייטער, — אלס איז געוועזען בעדעקט מיט קלאַרען, ווייסען פערפראָרענעם שנעע. קיינער האט ניט פראבירט אפקעהרן דעם שנעע, אפרייניגען דיא טרעפ, און מאכען א שטיקעל ארדנונג. אלעס איז געבליעבען ליעגען צו וואַרפען, וויא אין דער מינוט ווען דאס שיף איז פערצויבערט גע-וואָרען, אדער איינגעפראָרען געוואָרען.

איך זאג פערצויבערט, ווייל אלעס האט ווירקליך אויסגעוויעזען, וויא פערצויבערט, פערכישופ'ט, פערפלוכט און פערדאַמט. איך וואלט צוריק-געגאנגען אין קיך און וואלט מעהר ניט דורכגעזוכט דאס שיף, איך האב מיך אבער בערעכענט, אז אין קיך האב איך פראָוויאַנט נור אויף עטליכע טעג, וואס וועל איך טאהן, ווען דיעזער פראָוויאַנט וועט זיך אויסלאזען? איך וועל דאך דאן מוזען געהן זוכען עפּעס צו עסען, בעזאנדערס אבער — הייצונג. אהן הייצונג קען איך מיך ניט בעגעהן אין דיעזער קאלטער געגענד.

איך מוז אלזא בעטראכטען דאס שיף. איך מוז עפענען אלע קאַמערן

און זעהן, וואס דארט געפינט זיך. עס איז דייטליך, אז אויפ'ן שיף געפינט זיך געגוג הייצונג, און אלע אנדערע לעבענס מיטעל, און אז קאפיטאַן האַוק מיט זיינע קאמעראדען זיינען אומגעקומען ניט פון הונגער און ניט דורך מאנגעל און נויט, זאנדערן פון א גאנץ אנדערע זאכע.

איך בין צוגעגאנגען צום קאַפּיטאנס קאַיוטע, דאס שעהנסטע און בעסטע צימער אויפ'ן שיף. דיא טרעפ צו דער קאַיוטע זיינען געווען פערשנייעט און פערפראָרען, איך האב געמוזט נעהמען א האַק און זיי אויסהאַקען, אויס-רייניגען, איידער איך האב געקענט צוקומען צו דער טהיר.

ווען איך האב אפגערייניגט דיא טרעפ, האב איך ארים געטאהן דיא טהיר, איך האב גערעכענט, אז זיא איז פערשלאסען, זיא איז אבער געווען נור פערמאכט ניט פערשלאסען. איך בין אריינגעגאנגען אין דער קאַיוטע. — אלעס איז געווען פינסטער אין איהר. דיא קליינע פענסטערלעך זיינען געווען אזוי פערדעקט מיט אייז און שנעע, אז זיי האבען ניט דורכגעלאזען דאס ליכט פון'ם טאג.

אין דער קאַיוטע איז געווען פיעל קעלטער, וויא אין דרויסען. עס האט זיך מיר אויסגעוויעזען, אז איך געפין מיך אין אַן אייז קעלער. איך האב אנגעהויבען צו געהן ווייטער, און אזוי וויא עס איז געווען פינסטער אין דער קאַיוטע, האב איך געמוזט טאפּען מיט דיא הענד. קוים בין איך אוועקגעגאנגען עטליבע שריט, האב איך אָנגעטאפּט א טיש.

— דאס איז געווים דער עס טיש פון קאַפּיטאן האַוק, האב איך מיר געטראכט.

איך האב אנגעהויבען צו זוכען מיט דיא הענד אויפ'ן טיש, און מיין האנד האט אנגעריהרט א קאפּ פון א מענשען. דער קאפּ איז געווען קאַלט, וויא אייז, איך האב אבער געפיהלט, אז עס איז א קאפּ מיט א נאָז, מיט א מויל, מיט א באָרד. איך האב אציטער געטאָן און בין געלאפען צוריק.

— עס טויג ניט אזוי! האב איך אויסגערופען, — איך מוז אנצינדען דיא לאַמפּ און אראפגעהן אין דער קאַיוטע מיט א ליכט.

איך האב עס ניט געטאהן ביז אהער, וויל אין לאמפּ איז געוועזן זעהר ווייניג אייל, און איך האב מורא געהאט, אז ווען איך וועל אויסברענגען דאס לעצטע ביסעל אייל, וועל איך בלייבען אין דער פינסטער, יעצט אבער האב איך עס געמוזט טאהן.

אין איינינע מינוטען ארום בין איך געקומען אין דער קאַיוטע מיט'ן לאָמפּ. יעצט ערשט האב איך געזעהן וויא ארום דעם קליינעם, קיילעכדיגען טיש אין דער מיט פון דער קאַיוטע זיינען געזעסען צוויא מענשען איינער געגען אנדערן. איינער איז געליעגען מיט'ן קאָפּ אנגעשפּארט אויףביידע הענד, וויא א מענש, וועלכער וויל חאפּען אדרעמיל פון איניגע מינוט. דער

אנדערער איז געזעסען אין א זאָנדעבארער פאָזע. ער האט געהאלטעןביידע הענד אויפ'ן טיש, וויא א מענש, וועלכער האט געוואלט זיך אויפהייבען פונ'ם טיש און איז פלוצלונג פערגליווערט געווארען.

איך האב מיך אויעקגעקעהרט פון זיי מיט שרעק און שוידערן און בין געגאנגען ווייטער. פון דער קאַיוטע האט זיך געעפענט א טהיר אין אנאַנדער קאַיוטע, וואו עס זיינען געשטאנען צווייא [illegible] איך האב געוואוסט, אז דאס איז געווען דיא קאַיוטע פונ'ם [illegible] אָפיציער פונ'ם שיף.

ווייטער האב איך געעפענט [illegible] שפייזע קאמער. דארט האב איך דערזעהן הענגען גאַנצע ווענט מיט ווארשט, מיט זייטען פלייש און מיט אנדערע שפייזען, וועלכע מען מעג אויפגעבען אויף א טיש פון אַן אַדמיראַל.

אין איין אָרט איז געשטאנען א זאק מיט ארבעס, לעבען איהם איז געשטאנען א זאק מיט גרויפען. איין קאסטען איז געווען פול מיט שאכטלען סאַרדינען, אין אנאַנדערן קאַסטען האב איך געפונען סטעאַרין ליכט. עס זיינען געשטאנען א פאר קליינע פעסעלעך, וועלכע איך האב באלד דער־קענט, אז זיי דארפען זיין פון ראָם. איך האב געעפענט איינס פון זיי און האב געפונען, אז עס איז פערפראָרען און הארט, וויא אַייזען.

אין איין זאַק זיינען געלעגען שטיינער, ווען איך האב מיך צו געקוקט צו דיעזע שטיינער, האב איך דערקענט, אז דאס זיינען קאַרטאָפעל.

איך בין אליין געווען א שיפסקאַפּיטאַן און האב געוואוסט, וויאפיעל פראָוויאַנט מען דארף אנגרייטען אויף א שיף, אויף וועלכען עס געפינען זיך דרייסיג ביז פיערציג מאַטראָזען. איך האב בערעכענט, אז אין שפייזע קאמער געפינט זיך פראָוויאַנט פאר פיערציג מענשען אויף דרייא מאָנאַטע.

אלעס איז געווען פריש און גוט, גלייך וויא מען וואלט עס ערשט געבראכט. דיא שטארקע קעלט האט קאָנסערווירט דיא שפייזען און האט זיי ניט דערלאזען פערדאָרבען ווערן.

ווען איך האב בעטראכט אלעס, וואס האט זיך געפונען אין שפייזע קאמער, ריכטיגער געזאגט, אין דיא שפייזע קאמערן, וויל עס זיינען געווען צווייא קאמערן איינע לעבען דער אנדערער, האב איך פערלאשען דיא לאַמפּ, האב אנגעצונדען א ליכט און בין געגאנגען ווייטער.

איך בין געגאנגען פון איין קאַיוטע צו דער אנדערער. אין אייניגע האב איך געפונען אלערליי קליידער און זאָגאַר פרויען קליידער פון סאַמעט, אטלאַס און זייד. אין אנדערע האב איך געפונען ביקסען, שווערדען, שפיזען, פיסטאָלעטען און מעסער.

אין אנאַנדער קאַיוטע האב איך געפונען קאַסטענס, קעסטלעך, רענצלעך,

שאַכטלען, פעקלעך, לעדערנע בייטעל און איינפאכע זעק. איך בין געוואָרען גייגיעריג און האב געעפענט א שעהנעם קאַסטען פון מאַהאַגאָני האָלץ. דער קאַסטען איז געווען פול געפאקט מיט גאלדענע רינגען, בראַסלעטען, אויער־רינגען, האלזבענדער מיט ברילליאַנטען און אנדערע זעלטענע און טהייערע זאַכען.

איך האב א ציטער געטאהן, ווייל איך האב געוואוסט, פון וואנען דיזע טהייערע זאַכען קומען. זיי זיינען אלע אנגערויבט פון שיפען, וועלכע קאפיטאַן האָט מיט זיינע מענשען זיינען איבערגעפאלען.

איך בין דורכגעגאנגען אלע קאַיוטען פון שיף און האב ווייטער קיין מענשען ניט געפונען.

— וויא עס ווייזט אויס, זיינען דיא מאַטראָזען אנטלאָפען פון שיף אי נור קאַפיטאַן האָט מיט זיינע דרייא אָפיציערן זיינען געבליעבען אפהיטען דיא רייכטהימער, וועלכע זיי האבען אנגערויבט, האב איך געזאגט צו מיר אליין.

דאס דורכזוכען פונ׳ם שיף האט ביי מיר צוגענומען דעם גאנצען טאג. עס איז געוואָרען שפעט און איך האב אנגעהויבען צודענקען פון א געלעגער אדער אָן ארט, וואו צו פערברענגען דיא נאכט. פאריגע נאכט בין איך געשלאָפען אין קיך, זיצענדיג אויף א שטוהל. איין נאכט קען מען נאך אזוי צוברענגען, איך האב דאך אבער געזעהן, אז איך וועל מוזען דא צוברענגען ניט איין נאכט.

דער בעסטער פלאץ צו נעכטיגען וואלט געווען אין קאַפיטאַנ׳ס קאַיוטע. דארט איז געהאנגען א בעט מיט קישענס, מיט דעקען און מיט אלעם נעטהיגע. איך וואלט דארט געקענט שלאָפען וויא א מענש און מיך אויסרוהען נאך דיא שווערע און טרויעריגע ערפאהרונגען, וואס איך האב געמאכט אין דער לעצטער צייט.

צוויי זאכען אבער האבען מיך אפגעהאלטען פון צו נעכטיגען אין קאַפיטאַנ׳ס קאַיוטע. ערשטענס, איז דארט קיין אויוען ניט געווען. איך האב צוואר געפונען אָן אייזערנעם אויווען אין אנ׳אנדער קאיוטע, איך בין אבער ניט געווען אים שטאנד איהם איבער צוטראגען איינער אליין פון יענער קאַיוטע און קאַפיטאַנ׳ס קאַיוטע. צווייטענס, איז מיר געווען זעהר אונאנגע־נעהם צו שלאָפען לעבען דיא צוויא טויטע, בעזאָנדערס אבער האב איך ניט געקענט פערטראגען דעם אנבליק פון דעם מאַן, וועלכער האט געהאלטען דעם קאָפּ אין דער הויך און האט געקוקט מיט זיינע פערגליווערטע אויגען צום הימעל, גלייך וויא ער וואלט געבעטען גאט, ער זאל אויף איהם רחמנות האבען.

איך האב דאהער פערמאכט דיא טהיר פון דער קאַפיטאַנ׳ס קאַיוטע

און בין ארויפגעגאנגען אין קיך, דאס מאל האב איך געוואלט עסען עפּעס בעסערס. איך האב גענומען א שטיק וואורשט, האב עס אריינגעלעגט אין א טאפּ מיט שנעע און האב עס אזוי לאנג געקאכט, ביז עס איז געווארען ווייך און איך האב עס געקענט עסען.

נאכ'ן עסען האב איך מיר געמאכט א גלאז טהעע און האב מיך אנגעטרונקען. דאן האב איך מיך געלעגט שלאפען לעבעןווארעמען אויווען. אזוי וויא דיא קיך איז געווען קליין, האב איך ווידער געמוזט שלאפען אויף צוויא שטוהלען.

# 80-טעס קאפּיטעל

## גאָלד! גאָלד!

דעם ערשטען טאג האב איך אויסגעפארשט דיא קאַיוטען און קאַמערן, וועלכע געפינען זיך אונטערן דעק פונ'ם שיף, דעם אנדערן טאג האב איך מיך ענטשלאסען אויסצופארשען דיא קאַמערן, וועלכע ליעגען אונטען טיעף אין בויך פונ'ם שיף.

— דארט דארף זיך געוויס געפינען א גרויסער פּאָררַאטה (זאַפּאַס) פון ערדקוילען און פּיעלייכט נאך פון אנדערע ניצליכע זאכען, האב איך געזאגט צו זיך אליין און האב עס אויך באלד אויסגעפיהרט.

איך האב גענומען עטליכע ליכט מיט מיר און בין ווידער געגאנגען אין קאַפּיטאנ'ס קאַיוטע. עס איז צוואר געווען אנאַנדער וועג אין דיא אונטערשטע קאַמערן, ער איז אבער געווען אזוי פערפראָרען און פערשאטען מיט אייז און שנעע, אז איך וואלט געדארפט ארבייטען א גאנצען טאג, ביז איך וואלט איהם אפּגערייניגט. איך בין דער פאר בעסער געגאנגען דורך דיא קאַפּיטאנס קאַיוטע און האב געמוזט פערביי געהן דיא צוויא פערפראָרענע מענשען.

איך האב געוואוסט, אז דורכזוכען דאס גאנצע שיף אין איין טאג איז אונמעגליך. מען מוז פערברענגען איניגע צייט אין יעדער קאַמער און בעטראכטען, וואס דארט געפינט זיך. אין מיין לאגע קען יעדע קלייניגקייט האבען א גרויסען ווערטה.

איך האב דאהער בעשלאסען צו ערשט דורכצווזוכען דעם פאָרדערסטען טהייל פונ'ם שיף און דאן דעם הינטערסטען טהייל.

איך האב געוואוסט, וויא א שיף איז געבויט און וואו עס דארפען זיך געפינען דיא טהירען פון דיא קאַמערן, איך האב אבער ניט געוואוסט, וויא

אזוי א שיף פון מעער רויבער ווערט איינגעריכטעט. איך האב געטראפפען שווערע טהירען, וועלכע איך האב געעפענט מיט גרויסער מיה.

וויא איך האב פאראויס געזעהן, האב איך געפונען אין פארדערסטען טהייל פונ'ם שיף א גרויסען פאררראטה פון ערדקוילען. אגאנצע אבטהיילונג איז געווען פול קוילען און מיט הייצמאַטעריאַל, וועלכעס וואלט געדארפט געדויערן איינינע מאָנאַטע, ווען מען זאל זאָגאַר הייצען ביי טאג און ביי נאכט.

איך האב מיך דארט ניט לאנג אויפגעהאלטען, איך האב דארט ניט געהאט וואס צו טאהן. איך האב מיך נור איבערצייגט, אז דאס שיף איז בעזארגט מיט הייצונג.

פון דעם קוילען לאַגער האט געפיהרט א טהיר אין א גאנץ גרויסע קאמער, וואו עס האט זיך געפונען דער פראָוויאַנט פון שיף. דארט האבען זיך געפונען זעכציג ביז זיבעציג פעסלעך מיט מעהל. איך האב געעפענט א פעסעל און האב פערזוכט דאס מעהל, עס איז געווען פריש, גלייך וויא עס וואלט ערשט געקומען פון מיהל. עס האבען זיך דארט ווידער געפונען פיערציג ביז פופציג פעסלעך מיט געזאלצענעס פלייש, קאסטענס מיט סטעאַרין ליכט, מיט קעז, מיט מארינירטע פריכטע און זאָגאַר מיט צוקער ווערק. וויטער זיינען דארט געווען פעסלעך מיט וויין. איך האב געעפענט איינס פון זיי און האב געפונען א שטיק רויטעס אייז. איך האב אפגעשאָבען א ביסעל פונ'ם אייז און האב עס גענומען אין מויל, עס איז געווען פערפראָרענער וויין.

עס האט זיך דארט געפונען אזוי פיעל פראָוויאַנט און אזוי פיעל פערשיעדענע ארטיקעל, אז עס וואלט גענוג געווען פאר הונדערט מענשען אויף א גאנץ יאהר. עס האבען זיך געפונען קאסטענס מיט געררייכערטע צונגען, פעסלעך מיט בוימאייל, לימינעס, זויער זאלץ, געוועהנליכעס זאלץ, סאַרדעלען, געררייכערטע און געזאלצענע פיש, פעסער מיט הערינג און נאך פיעלע זאכען, וועלכע איך קען ניט אויסרעכענען.

איך האב בעטראכט דיזע אלע ארטיקעל מיט שטוינען און בעוואונדערונג. ווען איך האב געוואלט ארויסגעהן, האב איך בעמערקט א גרויסען אייזערנעם רינג אין דעם באָדען פון דעם קאמער. איך האב געוואוסט, וואס דיזער רינג בעדייטעט. אין באָדען איז דא א טהיר, וועלכע פיהרט צו א קאַמער נאך טיעפער.

איך בין געווארען נייגיעריג צו וויסען, וואס עס געפינט זיך אין יענער קאַמער, און האב אוועקגעקייקעלט דיא פעסער, וועלכע זיינען דארט געווען אנגעלעגט אום פרייא צו מאכען דיא טהיר. איך האב אנגעהויבען צו ציעהען דעם רינג, ער האט ניט נאכגעגעבען. איך האב געמוזט געהן צוריק, נעהמען

א שטאנג און מיט דער שטאנג האב איך מיט שווערער מיה געעפענט א קליינע טהיר, וועלכע האט געפיהרט אין א גאנץ פינסטערער קאמער.

איך בין אראפגעגאנגען אין קאמער און האב אנגעהויבען צו בע־טראכטען, וואס דארט געפינט זיך. איך האב דארט געזעהן גאנץ איינפאכע הילצערנע קאסטענס.

— וואס קען זיך געפינען אין דיעזע קאסטענס? איך גלויב ניט, אז א פיראטען שיף זאל אויפנעהמען פראכט. אין דיא קאסטענס קען זיך ניט געפינען קיין פראוויאנט, דער אנבליק פון דיא קאסטענס איז א גאנץ אנדערער.

אזוי וויא איך האב געהאט ביי זיך דיא האק, וועלכע איך האב מיט גענומען פון דער קיך, האב איך אויפגעהאקט איין קאסטען. עפענען איהם איז געווען אונמעגליך, ווייל ער איז געווען בעשלאגען מיט אייזערנע רייפען פון אלע זייטען.

אין קאסטען זיינען געלעגען פיערעקיגע ציעגעל פון א שמוציגער געלער פארב.

איך האב גענומען איין ציעגעל און האב איהם געוואלט בעטראכטען. דער ציגעל איז געווען שווער, וויא בליי. עס האט מיר געקאסט פיעל מיה איהם צו האלטען אין דיא הענד.

— גאלד! האב איך אויסגערופען, דאס איז ריינעס גאלד, וועלכעס א שיף האט געפיהרט פון קאליפארניען אדער פון אנאנדער לאנד אין אמעריקא. קאפיטאן האוק האט בערויבט דאס שיף און האט צוגענומען דיא קאסטענס מיט גאלד.

זויא טרויעריג מיין לאגע איז געווען, וויא אונגליקליך איך בין געווען, וואס איך האב ניט געוואוסט, אויב מיין פרוי און מיין קינד לעבען נאך, בין איך דאך געווען איבערראשט פון דער ענטדעקונג, אז אויפ'ן שיף גע־פינט זיך אזוי פיל גאלד. מיין קאפ האט אנגעהויבען צו ארבייטען צו טראכטען און צו קלערן.

— דיעזעס גאלד געהערט צו מיר, האב איך געטראכט, וויא עהרליך איך זאל ניט זיין, קען איך דאך ניט צוריקגעבען דיעזע רייכטהימער, דיעזע שעצע, דיעזע אוצרות, צו דיא מענשען, צו וועמען זיי געהערן. איך וויים דאך ניט, ווער דיעזע מענשען זיינען. איך קען דאך ניט צונויפרופען דיא גאנצע וועלט און הייסען יעדען זיך נעהמען, וואס עס געהערט צו איהם. ווער וויים, אויב דיעזע מענשען לעבען נאך? — אלזא, דיעזע רייכטהימער געהערן צו מיר. ווען מיין טהייערע ליעבע העלענא און מיין געליעבטער עי...ארד לעבען נאך, וועלען מיר אלע גליקליך זיין. מיר וועלען ניש...א זאך

ארוספאהרען און ריזיקירען אונזער לעבען. מיר וועלען זיך ערגעץ בעזעצען און וועלען לעבען גליקליך און צופריעדען.

מיין פאנטאַזיע האט מיך פערפיהרט אזוי וויט, אז איך בין געוואָרען נייגיעריג צו וויסען, וואס עס טהוט זיך אין דיא אנדערע קאַסטענס. איך האב אויסגעזוכט א קאַסטען, וועלכער איז געווען אנדערש געמאכט, וויא דיא אנדערע, און האב איהם אויפגעבראָכען. ער איז געווען פול מיט דיא־מאנטען, ברילליאַנטען, זעלטענע גאלדענע אוהרען און אנדערע זעהר טהייערע ארטיקלען.

איך בין געווען א קענער אויף דיאמאנטען, וויל איך האב פערבראכט דרייא און א האלב יאהר און דיא דיאמאנטען מינען פון בראַזיליען. איך האב אליזא פערשטאנען, וואס פאר א ווערטה דיעזע ברילליאַנטען האבען. מיט דיעזע ברילליאנטען וואלט מען געקענט אפקויפען כינאַ, דאס גרעסטע קייזערטהום אין דער וועלט.

איך האב מיך א ניעדערגעזעצט אויפ'ן קאַסטען מיט ברילליאַנטען און האב מיך פערטראכט. וואס איך האב דאמאלס געטראכט, קען איך מיר מעהר ניט דערמאנען, איך וויס נור, אז איך בין געזעסען א לענגערע צייט און האב געטראכט. פלוצלונג האט זיך מיר אויסגעוויזען, אז איך הער דעם זאַנדערבארען גערויש פון וואסער אונטער מיר.

יעדער מענש קען דעם טאן פון וואסער, ווען עס רוישט, בעזאָנדערס אבער א שיפסקאַפּיטאן. איך האב געהערט גאנץ דייטליך, אז אונטער מיינע פיס רינט, רוישט און קאָכט וואסער. איך בין אויפגעשפרונגען, וויא אן אָפּגעבריהטער, און האב אויסגערופען:

— וואס זאל דאס הייסען? וויא קומט אהער וואסער?

איך האב מיך אנגעבויגען צום באָדען און האב צוגעלעגט מיין האנד — ער איז געווען טרוקען.

— אין שיף געפינט זיך אלזא קיין וואסער. אין שיף איז אלעס פער־פראָרען. וואו דען געפינט זיך דאס וואסער? איך הער דאך דעם גערויש פון וואסער.

א זאָנדערבאַרער געדאנק איז מיר געקומען אין קאָפּ.

— אונטערן שיף רוישט דאס וואסער פון מעער! האב איך אויס־גערופען.

דער געדאנק איז געווען א ווילדער, א זאָנדערבאַרער, זאָגאַר אַן אונ־מעגליכער. אויפ'ן שיף איז אלעס פערפראָרען, פערגליווערט, האַרט, וויא שטיין: דאס שיף אליין איז פעסט איינגעפראָרען צווישען צוויא בערג אייז, וויא קען זיין וואסער אונטערן שיף? — דאס איז דאך אונמעגליך! איך הער אבער דאך דעם גערויש פון וואסער.

— וואָס זאָל עס אַלזאָ הייסען? איז עס ניט מעגליך, אַז דאָס שיף איז איינגעפראָרען געוואָרען ניט ווייט פון אַ ברעג, ז' שטעהט אַלזאָ אין וואַסער, נור אַרום איהר איז מיט אַמאָל, אין אַ שטאַרקען פראָסט אַלעס פערפראָרען געוואָרען? אויב אַזוי, איז דאָס מעגליך, אַז דאָס שטיק אייז, אין וועלכע זי איז איינגעפראָרען, זאָל זיך אַמאָל אָפּרייסען פון'ם ברעג, זאָל אַוועקשווימען אין וואַרעמע געגענדען, וואו דאָס אייז וועט צוגעהן און דאָס שיף וועט דאַן פריי אַרומשווימען? דאַן בין איך געראַטעוועט.

דיעזער געדאַנק האָט מיר געגעבען נייעם מוטה און נייע, פרישע קראַפט בעסער אויסצופאָרשען די געגענד, וואו איך געפין מיך. איך האָב איבערגעלאָזען דיא קאַסטענס מיט גאָלד און בריליאַנטען און בין אַרויסגעגאַנגען אין דיא אויבערשטע קאַמערן. איך האָב מיך פעסט ענטשלאָסען צו מאַכען אַ לענגערע רייזע און אוים צו פאָרשען דיא געגענד.

ווען איך בין אַרויפגעקומען אויבען, האָב איך דערזעהן, אַז היינט איז שוין צושפעט צו מאַכען אַזאַ רייזע, איך מוז עס אָפּלייגען אויף מאָרגען.

איך האָב ווידער געמוזט פאַרבייגעהן פאַר דיא צוויא פערפראָרענע, דאָס מאָל אָבער בין איך שוין געוועזען אַזוי ווייט געוואוינט צו זיי, אַז עס האָט מיך וועניג געקימערט, וואָס זיי זיינען דאָ־ט געזעסען ביים טיש.

איך האָב מיר אָבגעקאָכט אַ גוטען מיטאָג, האָב אָבגעגעסען און צום ערשטען מאָל זייט מיין שיף, „ערוואַרד אַרמסטראָנג" איז אונטערגעגאַנגען, בין איך געשלאָפען אין אַ בעט, וויא אַ מענש. איך האָב מיך געלעגט אויף'ן בעט פון קאַפּיטאַן האַוק, האָב מיך איינגעדעקט מיט דיא וואַרעמע דעקען און בין איבערגעשלאָפען דיא נאַכט.



## 81-טעס קאַפּיטעל.

## אין אייזפעלד.

דעם אַנדערען טאָג גאַנץ פריה האָב איך מיטגענומען פּראָוויאַנט, אַ פּאָר געלאָדענע פּיסטאָלעטען, אַ וואָלענע דעק, אַ לאַנגען, שאַרפען מעסער און האָב אָנגעהויבען מיין רייזע צו ערפאָ־שען דיא געגענד, וואו איך האָב מיך געפונען.

איך האָב מיטגענומען אַ קליינעם קאָמפּאַס, וועלכען איך האָב געפונען אין קאַפּיטאַנס קאַיוטע, אום איך זאָל טרעפען מיין וועג צוריק צום שיף, און נאָך איינינע לייכטע אינסטרומענטען, מיט וועלכע איך האָב געקענט אויסרעכענען, וואו איך געפין מיך ערגעץ אין דער וועלט.

איינער פון דיזע אינסטרומענטען איז געווען א סעקסטאַן, דאס איז אַן אינסטרומענט, דורך וועלכען מען קען אויסרעכענען גענוי, אין וואס פאר א געגענד פון דער וועלט מען געפינט זיך, מען קען איהם אבער געברויכען נור ווען דיא זון שיינט און פונקט צוועלף אוהר ביי טאג, ווען דיא זון גע-פינט זיך אין דער מיט פונ'ם הימעל.

אזוי וויא איך האב געוואוסט, פון וואס פאר א זייט איך בין אנגע-קומען, בין איך געגאנגען אין דער אנדערער זייט, וואו איך האב גערעכענט, אַז דארט איז דאס לאנד.

איך בין געגאנגען האסטיג, ווייל איך האב ניט געוואלט נעכטיגען צוויי נעכט אין דרויסען אונטער א הויפען שנעע. דער וועג איז געווען זעהר שווער. בערג, טאָהלען, פעלדער, — אלעס פון אַייז און שנעע. קיין צייכען פון לאנד, קיין שפור פון ערד. געגען צוועלף אוהר בין איך ארויפ-געקלעטערט אויף א הויכען בערג אַייז און האב אויפגעשטעלט מיין סעקסטאַן. איך האב אנגעהויבען אויסצורעכענען, וואו איך געפין מיך ערגעץ אין דער וועלט און האב אויסגעפונען מיט שרעק און שטוינען, אז איך געפין מיך ניט לעבען א לאנד און זאגאר ניט לעבען אַן אינזעל. איך געפין מיך אויפ'ן אַייז מעער.

דאס האב איך שוין גאר ניט געקענט פערשטעהן. מיין אויסרעכנונג זאגט מיר, אז איך געפין זיך אויפ'ן וואַסער, איך זעה דאך אבער, אז איך געפין מיך אויף א לאַנד? וואס זאל דאס הייסען? וויא זאל איך עס מיר ערקלערן?

— איך מוז ווייטער געהן! האב איך מיך ענטשלאסען. איך מוז אויספאָרשען דיא געגענד, וואו איך געפין מיך און זיך איבערצייגען, אויב מיינע רעכנונג איז ריכטיג.

איך בין אוועקגעגאנגען אגאנצען טאג און האב געזעהן אלץ דיזעלבע געגענד, דאס זעלבע אַייז און דעמזעלבען שנעע.

דאס וועטער איז געווען שעהן, אבער קאלט: איך האב איבערגע-נעכטיגט אין אהויפען שנעע און בין דעם אנדערן טאג ווייטער געגאנגען. געגען צווייא אוהר נאך מיטאג בין איך ארויפגעקלעטערט אויף א בערג אַייז און האב מיך ארומגעקוקט, — פאר מיר איז געליגען דאס מעער!

— אלזא געפין איך מיך אויף אַן אינזעל! האב איך אויסגערופען. איך בין אלזא שוין דורכגעגאנגען דיא אינזעל פון איין ברעג צום אנדערן.

איך האב געזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז אין דער זייט פון דער אינזעל, וואו איך געפין מיך יעצט, לאזט זיך אראפ דאס אַייז צום מעער וויא א גלייכע וואַנט, גלייך וויא דיא וואלט געווען אָפגעהאַקט, אָפגעשניטען

אדער אָפּגעבראָכען. אין דער זייט אבער, וואהין איך בין צוגעקומען, איז דער תּרעג פון דער אינזעל געוועזען פלאַך, ניעדעריג און האט זיך ארײנגע־לאָזען אין מעער.

נאך מיין רעכנונג האט דאס שיף געדארפט שטעהן אין דערמיט פון דער אינזעל. דאס איז אויך געווען א רעטעניש, וועלכעס איך האב אויף קיין פאַלל ניט געקענט לעזען.

— וויא אזוי איז דאס שיף ארויפגעפאָהרען אויף דער אינזעל?

איך האב געטראכט, געקלערט און מיר געבראכען דעם קאפּ, האב אבער גאר ניט געקענט אויסקלערן. איך האב מיך ווירקליך געפונען אין אַבערלאנד. וואס איך האב געזעהן, איז געווען אונפערשטענדליך, אונבעגרייפליך, אונערקלערליך.

איך בין געווארען טרויעריג און האב אנגעהויבען גאנץ ערנסט צו דענקען איבער מיין לאַגע.

— איך האב א שיף, איך האב פראָוויאַנט, איך האב אלעס, וואס איך דארף און נאך מעהר, וויא פיעל איך דארף. איך האב זאגאר געלד און בריללײאנטען, פאר וועלכע איך קען אפּקויפען א קעניגרייך. וואס זועדט אבער דערפון? זאל איך דא בלייבען און פערפראָרען ווערן, וויא קאפּיטאן האַוק מיט זיינע קאמעראַדען? — איך מוז דאך זוכען מיין פרוי און מיין קינד. — איך מוז אנטלויפען פון דאנען! איך האב דאן א באָאָט. איך וועל מיט נעהמען פראָוויאַנט און דיא טהייערסטע זאכען, וועלכע איך וועל אויסקלייבען פון שיף און וועל מיך לאָזען קיין אַרגענטיניען אדער קיין טשילי. יעצט ווען איך האב אלע נעטהיגע אינסטרומענטען, לאַנדקארטען און מעער קאַרטען, וועט עס מיר לייכט זיין אויסצורעכנען און אויסצוגעפינען דעם נאהענסטען וועג צו א לאַנד.

מיט דיעזען פעסטען בעשלוס האב איך אנגעהויבען מיין רייזע צוריק צום שיף. דיא רייזע צוריק איז מיר געווען פיעל לייכטער און איז צוגעגאנגען פיעל שנעלער, ווייל איך האב שוין געקענט דעם וועג און האב שוין גע־וואוסט, וויא אזוי צוקומען שנעלער.

קוים בין איך צוגעקומען צום שיף און האב מיך אויסגערוהט פון וועג, האב איך גענומען א פעסעל ביסקוויט און האב אנגעהויבען עס צו קייקלען צו דעם אָרט, וואו איך האב געלאזען מיין באָאָט. עס האט מיך געקאסט פיעל מיה, איידער איך האב צו געקייקעלט דאס פעסעל ביסקוויט, וואוהין איך האב געוואלט. איך האב זעהר אפט געמוזט עס ארויפשלעפען ארויף א בערג מיט אייז און דאס איז געווען א זעהר שווערע ארבייט.

ענדליך איז עס מיר דאך געלונגען. איך בין צו געקומען צו דעם אָרט, וואו איך האב צו געבונדען מיין באָאָט צו א שטיק אייז. היא גרויס

איז אבער געווען מיין ערשטוינען, ווען איך האב דערזעהן . אז מיין באָאָט איז פערשוואונדען געווארען.

איך האב אנפאַנגס גערעכענט, אז איך האב א טעות געהאט, איך בין ניט צוגעקומען צום ריכטיגען אָרט. איך בין ארומגעלאפען, וויא א וואהנזיניגער, האב אויסגעפאָרשט דיא גאנצע געגענד, — מיין באאט איז פערשוואונדען געווארען! עס איז זאגאר פערשוואונדען געווארען דיא קליינע בוכטע, וואו איך בין אריינגעפאהרען.

— וואס זאל דאס הייסען? האב איך אויסגערופען אין מיין פערצווייפלונג. — קיינער האט דאס באאט ניט צו גענומען! דא זיינען ניטא קיין גנבים. ווער האט עס גענומען דאס באאט?

דאס איז ווייטער געווען ארעטעניש, וועלכעס איך האב מיר אויף קיין פאַלל ניט געקענט ערקלערן. דאס ערגסטע דערביי איז געווען, וואס מיין גאנצער פלאַן, אוועקצופאהרען פון דיעזער פערצוייבערטער אינזעל, איז יעצט צערשטערט געווארען. איך בין יעצט אַליין פערצויבערט, איך מוז יעצט בלייבען אויף דיעזער אינזעל מיט דיא פערצויבערטע פערפראַרענע מענשען.

דיעזער געדאנק איז געווען שרעקליך, אונערטרעגליך. איך מוז מיך אפזאגען פון יעדער האפנונג צו קומען אמאל צווישען מענשען און צופארשען, צו זיכען מיין פרוי און מיין קינד! — איך בין פערלארען!

איך בין ארומגעגאנגען א גאנצען טאג, וויא א וואַהנזיניגער און האב אלץ געזוכט מיין באאט. ערשט פאר נאכט, ווען דיא קעלט איז געווארען שטארקער און איך האב אנגעהויבען צו פיהלען, אז איך בין שטארק הונגעריג, בין איך צוריקגעגאנגען צום פערפרארענעם שיף.

איך האב אפגעגעסען האסטיג און האב אנגעהויבען צו טראכטען, וואס איך זאל ווייט׳ער טאהן.

— בלייבען אויף דיעזען שיף, עסען און טרינקען, ביז איך וועל שטארבען, איז אונמעגליך. דאס וויל איך ניט! דאס קען איך ניט! איך מוז זעהן ארויסצוקומען פון דאנען. — וויא אזוי אבער? איך האב יעצט קיין באָאָט און קיין אנדערעם מיטעל אלס דיעזעם שיף. וויא אזוי רייסט מען אבער ארויס דיעזעם שיף פון דיא אייזערנע קלאַמערן אין וועלכע דאס אַייז האלט זיא? — איך מוז זעהן, וואס עס טהוט זיך ווייטער אין שיף!

איך האב אנגענומען צוויא קעשינעס מיט שטעאַרין ליכט און בין ווידער אראפגעגאנגען אין דיא אונטערשטע קאַמערן פון שיף. איך האב געפונען פערשיעדענע זאכען, אויף וועלכע איך האב מיך ניט אומגעקוקט, ווייל זיי האָבען מיר געקענט ווייניג ניצען. איך בין אריינגעקומען אין א קאַמער וועלכע איז געווען בעווארינט בעסער פון דיא איבעריגע, איך האב דארט געפונען א גאנץ אנדערן ארטיקעל, — פעסלעך מיט פולווער.

אנפאנגם האב איך מיך דערשראקען און האב געוואלט לויפען. איך בין געגאנגען מיט א ברענענדיגעם ליכט אין דער האנד, באלד אבער האב איך מיך איבערלעגט, אז אין מיין לאגע קען מיר דאס פולווער זעהר נוצען.

— איך וויים, אז מען רייסט אויף גאנצע בערג מיט פולווער, אלזא פאר וואס זאל איך ניט קענען אויפרייסען דיא בערג פון אייז מיט'ן פולווער, וועלכעס געפינט זיך אויפ'ן שיף?

איך בין צוריקגעגאנגען אין דעם ארט, וואו איך האב מיט איינינע טעג צוריק געהערט דאס גערויש פון וואסער אונטערן שיף, און האב מיך צוגעלעגט מיט'ן אויער צו דיא קאלטע ברעטער. דאס וואסער האט גערוישט נאך שטארקער, וויא דאמאלס.

— עס איז אלזא זיכער, אז אונטערן שיף געפינט זיך וואסער, האב איך אויסגערופען, דאס שיף איז איינגעפרארען אין אן אייז פעלד. עס איז אלזא מעגליך צו צורייסען דאס אייז פעלד מיט עטליכע פעסלעך פולווער.

איך בין ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק און האב אנגעהויבען איבערצוקלערן און אויסצוארבייטען דעם פלאן, וויא אזוי צו בעפרייען דאס שיף פון אייז.

אין דרויסען איז שוין געווען פינסטער. דיא זון איז שוין לאנג אונטערגעגאנגען, דיא לבנה האט געשיינט און האט בעלייכטעט דיא טרויעריגע געגענד. עס איז געווען שטארק קאלט. איך האב אבער ניט געקוקט אויף דיא קעלט. מיינע געדאנקען האבען מיך ניט געלאזען רוהען.

— פאר וואס האט קאפיטאן האוק מיט זיינע מענשען ניט פראבירט זיך בעפרייען זייער שיף פון אייז? האב איך מיך געפרעגט. קאפיטאן האוק האט דאך געוויס געוואוסט, וויא פיעל פעסער פולווער ער האט אויף זיין שיף. וויא קומט עס, וואס ער מיט זיינע אפיציערן האבען גאר ניט געטאהן אום זיך צו רעטען און זיינען לאנגזאם פערפרארען געווארען? זיי האבען געהאט עסען, טרינקען אין אזוי פיעל הייצונג, אז זיי וואלטען געקענט לעבען אין דער ווארם. וויא קומט עס, וואס זיי זיינען פערפרארען געווארען? ווען זיי, פיער מענשען, האבען זיך ניט געקענט העלפען, וועל איך, איינער אליין זיין אים שטאנד מיך ארויסצוהעלפען פון דיעזער פערצוויבערטער לאגע.

דיעזע פראגען האבען מיך אזוי בעאונרוהיגט, אז איך האב א גאנצע נאכט ניט געקענט שלאפען. עס איז געווען דייטליך, אז מיט'ן שיף האט פאסירט עטוואס בעזאנדערעס, עטוואס אונגעוועהנליכעס. איך געפין מיך שוין אכט טאג אויף איהר און בין פריש און געזונד. פאר וואס האט אלזא קאפיטאן האוק מיט זיינע מענשען ניט געקענט אויסהאלטען דיא קעלט?

איך האב קוים דערלעבט דעם טאג. קוים איז עטוואס ליכטיגער געווארען אין דרויסען, האב איך מיך אנגעטאהן אין מיינע ווארעמסטע קליידער און בין אראפגעלאפען פון שיף. איך האב געוואלט זיא בעטראכטען פון אלע

ייטען, ארומגעהן ארום איהר און זעהן, וויא איך וועל קענען אויסהאַקען א טיעפע גרוב אין אַייז. אין דיעזע גרוב וועל איך אריינוואַרפען א פּאָר פּעסלעך פולווער און וועל זיי אונטערצינדען.

איך בין ארומגעגאַנגען דריי מאל און האב ניט געפונען אזא אָרט, וואו איך זאל קענען אויפרייסען דאס אַייז. דאס שיף איז געשטאנען אין א טיע־פען טאָהל און ארום איהר האבען זיך אויפגעהויבען בערג פון אַייז.

פלוצלונג איז מיר געקומען א נייער געדאנק אין קאפ.

— איך האב מיט איינינע טעג צוריק אויסגערעכענט, אז דאס שיף געפינט זיך ניט לעבען א לאַנד, זאָנדערן אויף אַן אינזעל אין אַייז מעער. פיעלייכט האב איך דאַמאלס א טעות געהאט אין מיינע רעכענונגען? לאמיך נעהמען דיא אינסטרומענטען און נאך אמאל אויסרעכענען גענוי, וואו דאס שיף געפינט זיך.

איך בין ארויפגעגאנגען אויפ'ן דעק פון'ם שיף, האב גענומען אלע אינסטרומענטען און אלע מעער קאַרטען, וועלכע איך האב געקענט געפינען אויפ'ן שיף און האב אָנגעהויבען צו רעכענען.

— וואס איז דאס? האב איך אויסגערופען מיט שטוינען און בעוואונ־דערונג. — איך געפין מיך יעצט ניט מעהר אויף דעם אָרט, וואו איך האב מיך געפונען מיט עטליכע טעג צוריק! וואס זאל עס הייסען? וויא זאל איך עס מיר ערקלערן?

איך האב געוואלט איבעררעכענען נאך אמאל, וואו איך געפין מיך, עס איז שוין אבער געוועזען צו שפעט. דיעזע אויסרעכנונג קען מען מאכען נור איין מאל אין טאג, פונקט צוועלף אוהר, ווען דיא זון שיינט העל און געפינט זיך פונקט אין דערמיט הימעל.

פאר היינט איז עס שוין אלזא געוועזען אונמעגליך. איך מוז ווארטען ביז מארגען. איך בין שוין אזוי געוואינט געווארען צו אלערליי וואונדערבאַרע זאַכען אין דיעזער געגענד, אז עס האט מיך שוין וועניג איבערראַשט, וואס מיינע רעכענונגען האבען ניט געוואלט איבעראיינשטימען.

דעם אנדערן טאג פונקט צוועלף אוהר האב איך ווידער אויפגע־שטעלט מיינע אינסטרומענטען האב ווידער געמאכט מיינע רעכנונגען און בין ווידער ערשטוינט געווארען.

— דאס שיף שטעהט ניט אויף איין אָרט! עס שווימט! האב איך אויסגערופען. איך געפין מיך היינט ניט אין דעמזעלבען אָרט, וואו איך האב מיך געפונען נעכטען, און אזוי וויא דאס שיף איז פעסט איינגעפראָרען אין אַייז, מוז איך זאגען, אז דאס גאנצע אַייז, דיא גאנצע געגענד, שווימט מיט מיר.

איך האב נאך אמאל איבערגערעכענט, האב נאך אמאל פערגליכט

דיא ערטער, וואו איך האב מיך געפונען מיט עטליכע טעג צוריק, נעכטען אין היינט און האב אויסגעפונען, אז דיא געגענד שווימט צוואר זעהר לאנגזאם, אבער זיא שטעהט ניט אויף איין אָרט, זיא שווימט אלץ ווייטער און ווייטער אין וואַרעמערע געגענדען.

— אלזא געבין איך מיך אויף קיין אינזעל, זאנדערן אויף איין אייזפעלד, האב איך אויסגערופען.

## 82-טעס קאפיטעל.

## דער שטורם.

איך האב נאך אלץ ניט געגלויבט, אז דאס שיף איז איינגעפרארען געווארען אין אן אייזפעלד און שווימט ארום אויפ'ן אייז מעער, ביז איך האב מיך איבערצייגט דער פון. יעדען טאג, ווען דיא זון האט געשיינט, פלעג איך פונקט צוועלף אוהר אויפשטעלען מיינע אינסטרומענטען און מאכען מיינע רעכענונגען. איך האב עס געבראכט אזוי ווייט, אז איך פלעג אויסרעכענען גענוי, וויא פיעל מייל איך בין אפגעפאהרען יעדען טאג.

צוביסלעכווייס האב איך אנגעהויבען צו פערשטעהן וואס איז פארגעקומען מיט קאפיטאן האוק און מיט זיינע מענשען.

זיי האבען זיך נאכגעיאָגט נאך א שיף, וועלכעס איז ארומגעפאהרען פייערלאנד, דאס לעצטע לאנד פון זיד אמעריקא. א שטורמווינד האט פערטריעבען קאפיטאן האוקס שיף ווייט אין אייז מעער און האט זיא צו געשלאגען צו א לאנד, וואו זיא איז פעסט איינגעפראָרען געווארען.

דיא מאַטראָזען האבען ניט געוואלט בלייבען אין יענער שרעקליך קאלטער געגענד און האבען בעשלאסען איבערצולאזען דאס שיף, שלעפען דיא באָאָטע אויפ'ן אייז, ביז זיי וועלען צוקומען צום וואסער און אוועק פאהרען. קאפיטאן האוק מיט זיינע אָפיציערן האבען אבער געוואוסט, וואס פאר אריינכקייט עס געפינט זיך אויפ'ן שיף און זיינען געבליעבען אפהיטען דיעזע שעצע (אוצרות).

וואס עס איז געווארען פון דיא מאַטראָזען, האב איך ניט געקענט אויסגעפינען. קאפיטאן האוק מיט זיינע אָפיציערן האבען געלעבט רוהיג און פרעהליך אויפ'ן שיף. איין מאל איז קאפיטאן האוק געגאנגען אויספאָרשען דיא געגענד. איינער פון זיינע מענשען איז געשטאנען אויף דער וואך, דיא איבעריגע צוויא זיינען געזעסען אין דער קאַיוטע. עס איז פלוצלונג אנגעקומען א שרעקליכע קעלט און אלע זיינען פערפרארען געווארען.

איך האב שוין פערבראכט א ווינטער אויפ'ן אייזמעער אין נאָרדען (צפון זייט), און האב געוואוסט, וויא אין יענע געגענדען קומט אָן דיא קעלט פלוצלונג, מיט א מאל, האסטיג, אונערוואַרטעט. ווען מיר זאלען דאמאלס ניט געווען טרעפען דיא עסקימאָסען, וואלטען מיר אויך ניט איבערלעבט דעם שרעקליכען ווינטער.

קאפיטאַן האָוק איז געווען ווייניג בעקאנט מיט דיא קאלטע געגענדען, ער האט זיך ניט פאָרבערייטעט אויפ'ן קאלטען ווינטער, און איז אומגעקומען מיט זיינע אָפיציערן.

איך מוז נאך בעמערקען, אז דאס אייזמעער אין זידען (דרום זייט פון דער וועלט), איז פיעל קעלטער, וויא דאס אייזמעער אין נארדען.

וויא עס ווייזט אויס, איז דאס שיף מיט דיא מענשען געבליעבען איינגעפראָרען א פאר יאהר.

דאס שיף איז געווען איינגעפראָרען אין א פעלד פון אייז, וועלכעס האט געהאלטען עטליכע מייל דיא ברייט און דיא לענג. דיעזעס אייזפעלד איז געווען צוגעפראָרען צו א שטיק לאנד.

וויא אזוי דאס אייזפעלד האט זיך שפּעטער אפּגעריסען פון'ם לאנד, איז שווער צו זאגען. עס איז מעגליך, אז דארט איז פאָרגעקומען אַן ערד ציטערניש, וועלכע האט אפּגעטהיילט דאס אייזפעלד פון לאנד, אדער עס איז אנגעקומען א שטארקער שט רמווינד מ ט א ווארעמער לופט, און דאס אייז האט זיך אפּגעבראכען, אדער עס איז געווען א ווארעמער זומער, און דאס אייז, וועלכעס האט געהאלטען פעסט דאס אייזפעלד, איז צושמאָלצען געוואָ־ען.

גענוי האב איך עס ניט געקענט וויסען. זיכער אבער איז געווען, אז ווען איך בין צוגעקומען צום אַייזפעלד, איז עס שוין געשוואומען, און איז שוין געווען זעהר וויט פון דער געגענד, וואו עס איז געווען יאהרען לאנג צוגעשמידט צום לאנד. עס איז געווען זיכער, אז עס שווימט אלץ נעהנטער און נעהנטער צו ווארעמערע וואסערן.

— וויא לאנג קען אבער א זא אייזפעלד ארומשווימען, ביז עס צוגעהט? האב איך געפרעגט זיך אליין.

אויף דיעזע פראגע איז שווער געווען צו אנטווארטען. איך האב געזעהן אין מיין לעבען פיעלע אייזבערג און אייזפעלדער, איך האב אבער קיין מאל ניט געזעהן, וויא זיי ווערן צושמאָלצען. איך האב געוואוסט, אז קוים קומען זיי אין דיא גאנץ הייסע לענדער, ווערן זיי צושמאָלצען.

— וואס קען איך אלזא האפען? וואס קען איך ערווארטען? וויא לאנג וועל איך ארומפאהרען אין מיין געפענגניס פון אַייז? ווען וועל איך א מאל בעפרייט ווערן פון דיעזע קייטען פון אייז און שנעע?

איך האב אויף דיעזע פראגען ניט געקענט אנטווארטען. אַן אייזבערג

אדער אַן אֵייזפעלד געהט ניט אויף א גלייכען וועג. דאס מעער טרייבט עס ארום, וואוהין דער ווינט וועהט. עס איז זעהר מעגליך, אז עס וועט אנקומען א שטארקער ווינד און וועט מיך צוריקטרייבען צום קאלטען אייז מעער.

— איך בין אין גאט'ס הענד! האב איך אויסגערופען.

אפאר טעג, זייט איך האב מיך איבערצייגט, אז איך געפין מיך אויף איין אייזפעלד, וועלכעס שווימט ארום אין וועלט מעער, בין איך ארומגעגאנגען וויא א וואהנזיניגער. איך האב ניט געגעסען, ניט געטרונקען און ניט געשלאפען. איך בין ארומגעגאנגען פערטיעפט אין מיינע טרויעריגע געדאנקען.

איך האב געטראכט פון מיין געליעבטער פרוי, פון מיין טהייערעס קינד; איך האב מיך דערמאנט אן אלעס, וואס עס האט פאסירט מיט מיר אין מיין לעבען. איך האב אזוי פיעל געליטען, אזוי פיעל איבערגעטראגען, אזוי פיעל אויסגעשטאנען, און האב געהאט אזוי וועניג פרייד, אזוי וועניג פערגניגען אין מיין לעבען.

צו ביסלעכווייס האב איך מיך בערוהיגט, און האב אנגעהויבען זיך בעסער צו צוקוקען צום אייזפעלד, וואו איך בין געווען געפאנגען. איך האב אָנגעהויבען יעדען טאג צו צוגעהן צום ברעג און זעהן, אויב דאס אייזפעלד ווערט קליינער, א בעווייז, אז זיא געפינט זיך שוין איןווארעמע וואסערן, און דאס אייז ווערט צו שמאָלצען.

אין א שעהנעם פריהמארגען האב איך דערזעהן מיט שטוינען, וויא א גאנצער אייזבערג האט זיך פלוצלונג אָפגעריסען פון מיין אייזפעלד, און איז זיך אוועקגעשוואומען ווייטער. א גאנצען טאג האב איך איהם נאך געזעהן, וויא ער איז נאך געשוואומען נאך זיין מוטער, וויא א קאַלב לויפט נאך א קוה. דעם אנדערן טאג איז ער פערשוואונדען געווארען. ער איז געווען פיעל לייכטער, אלס דאס אייזפעלד און איז געשוואומען שנעלער.

איין מאל האב איך מיך ענטשלאָסען צו מאכען א לאנגע רייזע, — צו בערייזען דאס גאנצע אייזפעלד און צו זעהן, וויא גרויס עס איז. איך האב מיטגענומען לעבענס מיטעל, א פאָר שארף געלאדענע פיסטאלעטען און א שפיעז, וועלכער זאל מיר דיענען אלס שטעקען אויפ'ן אייז.

איך בין שוין איינמאל דורכגעגאנגען דאס אייזפעלד אין דער ברייט, יעצט האב איך געוואלט עס דורכגעהן אין דער לענג.

איך האב מיך געלאזען אין וועג אין א שעהנעם פריהמארגען. עס איז געווען קאלט, זאגאר זעהר קאלט, איך האב אבער פערשטאנען, אז דיא קעלט קומט ניט פון דער לופט, ניט פון'ם וועטער, זאנדערן פון'ם אייז ארום מיר. ווען מיר געהן אראפ זומער, אין דער גרעסטער היץ, אין א קעלער מיט אייז, ווערט אונז אויך קאלט.

איך בין געגאנגען האסטיג, און געגען אבענד בין איך צוגעקומען צום

ברעג פון מיין אייזפעלד. איך האב דערזעהן מיט פרייד, אז דער ברעג איז גלאט, אפגעשניטטען, אפגעבראכען, גלייך וויא ערשט גאר ניט לאנג האט זיך אפגעבראכען אשטיק דערפון.

עס איז געווען דייטליך, אז ערשט מיט א טאג פריהער האט זיך אפגעריעסען אן אייזבערג פון מיין אייזפעלד.

— מיין אייזפעלד ווערט אלזא מיט יעדען טאג קליינער! האב איך אויסגערופען. איך קען אלזא האפען, אז באלד וועט זיא אין גאנצען צוריעסען ווערן, צובראקעלט ווערן, צושטיקעלט ווערן דאן וועט דאס שיף בעפרייט ווערן פון אייז.

דיעזער געדאנק איז צוואר געווען א פרעהליכער. ווען דאס שיף וועט זיין פריי פון אייז, וועל איך קענען צוקומען צו א פארט, און אנהויבען נאך צופרעגען נאך מיין געליעבטע פרוי.

באלד אבער איז מיר געקומען אן אנדער געדאנק אין קאפ:

— ווען אזא מאסע אייז ווערט מיט א מאל צוריעסען, קען עס צוברעכען ניט נור אזא שיף, וויא מיינע, זאנדערן א גאנצע פעסטונג. וואס וועט דאן זיין? זאל איך מיך פלאגען און ארבייטען, און דערנאך אומצוקומען אויף אזא שרעקליכער ארט.

איך האב שוין געזעהן, וויא אייזבערג קעהרן זיך איבער אין וואסער. וועה דעם שיף, וועלכעס געפינט זיך ניט וויט פון אזא אייזבערג! דאס וואסער ארום קאכט, זיעדעט, רוישט און שלעפט א ראפ אין דער טיעפעניש דאס שטארקסטע שיף.

— וואס וועט אלזא זיין, ווען דיא אייזבערג ארום דעם שיף וועלען זיך צורייסען, אדער וועלען זיך גאר איבערקעהרן? איך מוז עפעס טאהן! איך מוז בעווארענען דאס שיף!

פעסט ענטשלאסען עפעס צו טאהן, בין איך צוריקגעקומען צום שיף. עס איז געשטאנען פעסט איינגעמויערט, פעסט איינגעפרארען צווישען בערג אייז.

איך האב מיר ווידער דערמאנט אן דיא פעסלעך מיט פולווער.

— איך דארף זיי אלענפאלס ניט, האב איך געזאגט צו זיך אליין. פאר וואס זאל איך ניט מאכען א פראבע?

געזאגט — געטאהן! אזוי וויא דאס שיף איז געשטאנען אין א טאהל, בין איך געגאנגען ביז צו ענדע פון'ם טאהל. גאנץ וויט פון'ם שיף, און האב אנגעהויבען צו בויערן א לאך אין אייז, מיט אנדערע ווערטער, איך האב אנגעהויבען אויסצוהאקען א גרוב, אין וועלכער עס זאלען קענען אריינגעהן צוויא-דרייא פעסלעך פולווער.

דאס איז געווען קיין לייכטע ארבייט דאס אייז אין טאהל איז געווען

הארט, וויא אייזען. איך האב אוועקגעארבייט א גאנצע וואָך, ביז עס איז מיר געלונגען אויסצוהאַקען א גרוב, אין וועלכער עס האבען געקענט זיך אויסלעגען צווייא פעסלעך פולווער.

ווען איך בין פערטיג געווארען מיט דיזער ארבייט, האט זיך ערשט אנגעהויבען א נייע שווערע ארבייט: ארויפקייקלען דיא פעסלעך פון דער קאמער. וואו זיי האבען זיך געפונען אויפ'ן דעק.

„איינער איז קיינער", זאגט אַן אלטעס שפריכוואָרט. ווען איך זאל געווען האבען נאך א מענשען מיט מיר, לאז זיין א קינד, וועלכער זאל מיר עפעס העלפען, וואלט איך עס געקענט טאהן זעהר לייכט. אויפ'ן שיף זיינען געווען געננג שטריק און מאשינען, מיט וועלכע מען האט געקענט אויפהייבען זעהר לייכט דיא שווערסטע משא.

איך בין אבער געווען איינער אליין, עלענד וויא אשטיין.

איך וויל ניט בעשרייבען, וויפיעל מיה און וויפיעל שוויים עס האט מיר געקאסט, ביז איך האב ארויפגעקייקעלט צווייא פעסלעך פולווער, און האב זיי צוגעבראכט ביז צו דער גרוב.

איך וויל דערצעהלען אין קורצע ווערטער, אז עס איז מיר ענדליך געלונגען אריינצולעגען צווייא פעסלעך פולווער אין גרוב, זיי צו צודעקען מיט גרויסע שטיקער אייז, און זיי אונטער צו צינדען.

עס האט געגיעבען א שרעקליכען קנאַק, דיא אייזבערג ארום שיף האבען א ציטער געטאהן, גרויסע, שווערע שטיקער אייז זיינען געפלויגען אין דער לופט. איך בין צוואר געשטאנען גאנץ וזייט פון דער גרוב, האב זיך אבער דאך ניט געקענט איינהאלטען אויף דיא פיס, און בין אניעדערגעפאלען.

ווען עס איז אלעס געווארען ווידער שטיל, בין איך צוגעגאנגען זעהן, וואס עס איז געשעהן, און האב געפונען, אז דאס פולווער האט אויפגעריעסען שפאלט אין אַייז, מען האט געקענט זעהן אונטען דאס וואסער פון מעער.

— דאס איז גוט! האב איך אויסגערופען, דאס בעווייזט, אז דאס אייז ארום שיף איז ניט אזוי דיק, אז מען זאל עס ניט קענען אויפרייסען.

איך האב מיך יעצט פעסט ענטשלאסען צו מאכען אצווייטע, גרעסערע, מינע פון פינף-זעקס פעסלעך פולווער.

— אזא מינע מוז אויפרייסען א בארג, האב איך מיר געטראכט.

איך האב מיך באלד גענומען צו דער ארבייט. איך האב געמוזט ארבייטען און עפעס טאהן, זאנסט וואלט איך פערגליווערט געווארען, פויל געווארען און אנטשלאפען געווארען. עס איז זעהר מעגליך, אז ווען קאפיטאַן האָוק מיט זיינע מענשען זאלען געווען ארבייטען און עפעס טאהן, וואלטען זיי פיעלייכט ניט געווען אומגעקומען פון קעלט אין דער צייט, ווען זיי האבען געהאט אזוי פיעל הייצונג אויפ'ן שיף.

דיא ארבייט האט מיך בעלעבט, און דיא האפנונג נאך א מאל צוזעהן מיין פרוי און קינד, האט מיר געגיעבען מוטה צו ארבייטען.

עס זיינען ווידער פערגאנגען עטליכע טעג, וויפיעל טעג, ווייס איך ניט. זייט איך האב מיך איבערצייגט, אז איך געפין מיך אויף אַן אייזפעלד האב איך אויפגעהערט צו צעהלען דיא טעג. איך האב פערגעסען זאגאר, וואס פאר א מאנאט עס איז, און האב מיך אויך ניט געקימערט עס צו וויסען.

עס זיינען אזוי פערגאנגען עטליכע טעג, און וועלכע איך האב געארבייט זעהר שווער ביי דער נייער מינע. ביז אהער איז דאס וועטער געווען שעהן דער הימעל פלעגט א מאל זיין בעדעקט מיט וואלקענס, עס איז א מאל געגאנגען אשנעע, אבער אויף א גאנץ קורצע צייט.

איינמאל איז געווארען פיעל ווארעמער. דער הימעל איז בעדעקט געווארען מיט געדיכטע, שווערע, שווארצע וואלקענס, און דיא לופט איז געווארען שווער און דריקענד. אויפ'ן שיף איז געווען א באראמעטער, אַן אינסטרומענט, דורך וועלכען מען קען וויסען, ווען עס דארף אויסברעכען א שטורם, ער איז אבער געווען אזוי פערפראָרען, אז ער האט ניט געווירקט. דיא וויזערס אויף זיין ציפערבלאַט האבען זיך ניט געריהרט.

איך בין שוין געווען אזוי געוואונט מיט'ן מעער, אז איך האב געוואוסט אז עס וועט אויסברעכען א שטארקער שטורמווינד.

איך האב צוואר אנגעהויבען צו ארבייטען, האב אבער באלד געמוזט אוועקלעגען מיין ארבייט, און האב געמוזט ארויפגעהן אויפ'ן שיף. עס איז געווארען אזוי פינסטער, אז מען האט ניט געקענט זעהן אויף צעהן שריט ווייט פון זיך. פונ'ם מעער האט זיך אויפגעהויבען א געדיכטער נעבעל, וועלכער האט אין אקורצער צייט אלעס איינגעהילט מיט זיין גרויען שלייער.

איך בין געשטאנען אויפ'ן דעק און האב געקוקט אויף דיעזע זאנדערבארע סצענע. מיך האט איבערראשט דיא שטילקייט און דיא רוהיגקייט אין דער נאטור. קיין ווינטעלע האט געוועהט, מען האט געפיהלט קיין האַוך אין דער לופט. עס האט זיך אויסגעוויעזען, אז דיא לופט אליין איז פערגליווערט געווארען און איז שטיל געבליעבען.

פלוצלונג אבער איז אנגעקומען דער שטורם, און האט אנגעהויבען צו רייסען דיא פערפרארענע שטריק און זעגעל פונ'ם שיף. ער איז אנגעקומען מיט אזא מאכט און מיט אזא אימפעט, אז שטיקער אייז זיינען ארומגעפלויגען אין דער לופט, דיא פערפרארענע זעגעל ביימער האבען אנגעהויבען צו ציטערן, און דער פערפרארענער מאן, וועלכער איז נאך אלץ געשטאנען אויף דער וואַך, איז אראפגעפאלען פון דעק.

איך האב אנפאנגס געוואלט אריינלויפען אין קיך זיך בעהאלטען פונ'ם שטורם, באלד אבער האב איך מיך בערעכענט, אז אזא שטורם קען נאך

אפרייסען דיא קיך, איך בין דאהער אראפגעגאנגען אין דער קאַיוטע, האב גוט פערשלאָסען דיא טהיר הינטער מיר, און האב מיך אניעדערגעלעגט אויף מיין בעט.

איך בין שוין אזוי צוגעוואוינט געוואָרען צו דיא צווייא פערפראָרענע, וועלכע זיינען געזעסען ביים טיש, אז איך האב מיך שוין אויף זיי ניט אומגעקוקט. איך האב גערעכענט, אז איך בין גאנץ זיכער אין דיעזער קאַיוטע. דאס שיף איז נאך דערוויל אזוי פעסט איינגעפראָרען אין אייז, אז דער שטורם קען איהר גאר ניט שאַדען.

דער שטורם האט אונטערדעסען געראַשט, געקאַכט, געזאַטען, געקלאפט און געריסען, וואס ער האט נור געקענט, אז עס איז געוועזען אונמעגליך איינצוליעגען אויף איין אָרט. ווען דאס שיף איז פערפראָרען געוואָרען, זיינען דיא זעגעל געוועזען אויפגעצויגען. זיי זיינען געוועזען בעדעקט מיט אייז און שנעע. דער שטורמווינד האט זיי יעצט אזוי געריסען, אז דאס גאנצע שיף האט געציטערט.

פלוצלונג האב איך געהערט א פאַל פון א שווערן קערפער. איך בין אויפגעשפרונגען, און האב אנגעצונדען א ליכט. דער פערפראָרענער, וועלכער האט געהאלטען דעם קאָפּ אין דערהויך, איז אראפגעפאלען, און איז געליעגען אויף דער ערד.

דער אָנבליק איז געוועזען אזא שרעקליך — אונאנגענעהמער, אז איך האב מיך ענטשלאָסען איהם ארויסצוווארפען פון דער קאַיוטע. דאס איז געוועזען קיין לייכטע און קיין אנגענעהמע אַרבייט. איך האב געמוזט פערווארפען א שטריק אויף זיינע פיס, און איהם אַרויפשלעפען אויף דיא טרעפּ.

קוים אבער האב איך געעפענט דיא טהיר פון דער קאַיוטע, האט זיך דער שטארקער ווינט אריינגעכאַפּט, און האט אימגעווארפען דעם אנדערן. ער איז געוועזען אזוי שטארק פערפראָרען, אז עס האט א קלונג געטאהן, ווען ער איז אומגעפאלען, גלייך וויא ער וואלט געוועזען פון שטיין.

ערשט יעצט האב איך געזעהן, וואס אין דרויסען טהוט זיך. עס איז געפאלען א געדיכטער שנעע פון לאנגע, דינע נאָדלען. דער גאנצער דעק פון'ם שיף, אלע טרעפּ, און אלע שטריק זיינען געוועזען בעדעקט מיט שנעע. עס איז געוואָרען שטארק קאלט. איך האב געמוזט שנעל פערמאכען דיא טהיר, און בלייבען מיט דיא צווייא טויטע אין דער קאַיוטע.

איך ווייס ניט, וואס מיט מיר איז דאן געוועזען. אין מיין גאנצעם לעבען האב איך מיך ניט געפונען אין אזא אונאַנגענעהמער לאגע. דיא טויטע האבען מיר בעאונרוהיגט. איך האב ניט מורא געהאט פאר זיי, אבער זא לאנג איך בין געוועזען פריי און האב געקענט ארויסגעהן, ווען איך האב געוואלט, האב איך מיך ווייניג געקימערט וועגען זיי; יעצט אבער ווען איך בין געוועזען

געצוואונגען צו בלייבען מיט זיי צווייא טעג נאך אנאַנד , האט עס מיר געשווידערט .

צווייא לאנגע טעג האט דער שטורם געדויערט , און אין דיעזע צווייא טעג , האב איך ניט אויף א מינוט געקענט ארויסגעהן אויפ׳ן דעק , און האב געמוזט בלייבען פערשלאסען מיט דיא טויטע .

ענדל׳יך האט דער שטורם אויפגעהערט . עס איז געווארען שטילער אין דרויסען , און איך האב געוואַגט ארויסצוגעהן פון מיין געפענגניס . איך האב געעפענט דיא טהיר פון דער קאַיוטע , און האב געפונען , אז דער אריינגאַנג איז אזוי פערווארפען מיט שנעע , אז ווען דיא טהיר זאל זיך עפענען אין דרויסען , וואלט איך ניט געקענט ארויסגעהן .

מיט שווערער מיה האב איך ארויפגעקלעטערט אויפ׳ן דעק . דער שנעע איז געווען אזוי טיעף , אז איך האב געמוזט מיר מאכען א וועג מיט א שפּאַטען . ערשט יעצט האב איך בעמערקט , אז דער שנעע איז ווייך , און וועט ניט לאנג האלטען . דיא לופט איז געווארען פיל ווארעמער , וויא ביז אהער , און אין ערטער , בעזאנדערס אויף דיא הויכע אייזבערג , האבען זיך געוויעזען טייכלעך וואסער , וועלכע האבען לאנגזאם אראפגערונען אין טאָהל , וואו דאס שיף איז געווען איינגעפרארען .

איך האב געוואלט אראפגעהן פון שיף , און זעהן וואס עס טהוט זיך אויפ׳ן אייזפעלד , דאס איז אבער געווען אונמעגליך . דער שנעע איז געווען אזוי ווייך , אז איך בין אריינגעפאלען ביז אין גאַרטעל .

— איך מוז איבערוואַרטען א טאג , האב איך געזאגט .

דיא קיך איז צוואר געבליעבען שטעהן אויף איהר אָרט , דער שטורמווינד האט זיא אבער אזוי צו טרייסעלט , אז איך האב מורא געהאט , זיא זאל ניט איינפאלען יעדע מינוט .

דער הימעל האט אנגעהויבען צו ביסלעכוויים זיך אויסצולייטערן , געגען מיטאג איז ארויסגעגאנגען דיא זון , און האט געשיינט העל און וואַרם . עס איז שוין געווען צושפעט צו נעהמען דיא אינסטרומענטען און אויסצורעכענען , וואו איך געפין מיך יעצט , איך האב נור אזוי פיעל געפיהלט , אז עס איז געווארען פיעל ווארעמער .

מיט דער ווארימקייט איז מיר צוגעקומען א נייע זאָרג .

— קוים וועט אנהייבען ווארעמער צו ווערן , וועלען דיא טויטע אנהייבען זיך אויפצולעזען א ן פערדאַרבען צו ווערן . איך מוז זיי אוועק שאַפען פון שיף זייא אם שנעלסטען .

איך האב מיך גענומען צו דיא מאשינען , מיט וועלכע איך האב אויפגעהויבען דיא פעסלעך פולווער , און אין אקורצע צייט האב איך ארויס- געשלעפט ביידע טויטע פון דער קאַיוטע , און האב זיי אראפגעווארפען אין

שנעע. דעם מאן, וועלכער איז פערפראָרען געוואָרען שטעהענדיג אויף דעו וואַך, האב איך אויך אראפגעקייקעלט פון דעק.

מעהר האב איך פאר זיי ניט געקענט טאהן.

דער טאג איז פערגאנגען שטיל און רוהיג. איך האב יעצט געהאט א פרייע קאַיוטע, און האב געקענט עסען לעבען א טיש, וויא א מענש. איך האב מיר זאגאר ערלויבט ארויפצונעהמען א קרוג ווייו אין איהם צו שטעלען לעבען אויוען, עס האט אבער געדויערט אגערוימע צייט, ביז ער איז אפגעגאנגען, און איך האב געקענט זיך אָנגיעסען אביסעל וויין.

דער פראסט האט איהם ניט געשאַדעט, ער איז געווען אזוי גוט, וויא אין דעם טאג, ווען מען האט איהם אָנגעלאָדען אויפ'ן שיף.

וויא בעקוועם מיר איז יעצט געווען, און וויא אנגענעהם עס איז מיר געווען צו וויסען, אז עס איז געוואָרען א ביסעל ווארעמער, האב איך דאך דיעזע נאכט ניט געקענט צו מאכען אַן אויג.

— וואוהין האט דער שטורם פערוואָרפען דאס אייזפעלד? האב איך מיך געפרעגט. וויא אזוי וועט דאס שיף בעפרייט ווערען, ווען זיא וועט אנקומען אין ווארעמערע וואסערן? וועל איך זיין אים שטאנד צו פיהרען אזא שיף גאנץ אליין? וואס וועל איך זאגען, ווען איך וועל בעגעגענען אַנ'אנדער שיף? — פיעלייכט וועט מען דערקענען דאס שיף, און מען וועט מיך אַרעסטירען אלס פיראַט?

איך האב מיך דערמאָנט, וויא מען האט מיך געהאלטען געפאנגען אין טשאַרלסטאָן, און מען האט מיך פערארטהיילט צום טוט.

וואס מעהר איך האב געטראכט איבער מיין לאַגע, אלץ טרויעריגער און שרעקליכער איז זיא מיר פאָרגעקומען.

— יעצט האב איך קיין מורא פאר אשטורם, האב איך ווייטער געטראכט, וויא שרעקליך דער שטורם זאל ניט זיין, בין איך דאך זיכער אויף מיין אייזפעלד. וואס וועל איך אבער טאהן, ווען דאס אייז וועט צוגעהן, דאס שיף וועט ארומשווימען אויפ'ן וועלט מעער, און עס וועט אָנקומען א שטורם? וועל איך דען איינער אליין זיין אים שטאנד צו רעגיערן אזא שיף?

אויף אלע דיעזע פראגען, האב איך לײדער קיין אנטווארט ניט געפונען.

## 83-טעם קאפיטעל

### פריי פון אייז.

דעם אנדערן טאג אין דער פריה בין איך ארויסגעגאנגען זעהן, וואס עס טהוט זיך אין דרויסען. ביי נאכט איז געווען אזוי קאלט, אז דער צושמאָלצענער שנעע איז פערפראָרען געוואָרען.

איך האב אלזא געקענט אראפגעהן פון שיף און זעהן, אויב דאס אײז-פעלד האט עפעס געליטען פון שטורם. איך בין ארויפגעגאנגען אויפ'ן העכסטען אײזבערג לעבען שיף, און האב מיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען. איך האב געקענט זעהן דאס מעער פון אלע זייטען. פון דער גרויסער אייז אינזעל זיינען געבליעבען נור א פּאָר אײזבערג, אין וועלכע דאס שיף איז געווען איינגעשלאָסען.

— דער שטורמווינד האט צושלאָגען און צוריסען דאס אײזפעלד! האב איך אויסגערופען.

איך האב געווארט מיט אונגעדולד, עס זאל ווערן צוועלף אוהר, און איך זאל קענען אויפשטעלען דיא אינסטרומענטען, אום צו וויסען אין וועלכער געגענד איך געפין מיך יעצט.

אזוי וויא עס איז נאך געווען גאנץ פריה, האב איך אנגעהויבען צו בעטראכטען דיא לאגע פון'ם שיף. וויא איך האב שוין דערצעהלט, א'ז זיא געווען איינגעפראָרען אין א טיעפען טאָהל צווישען צווייא בערג. אין איין עק פון'ם טאהל האב איך דורכגעריעסען דאס אײז מיט פולווער.

איך בין אראפגעגאנגען פון'ם בארג זעהן, וואס עס איז געווארען אויף דעם אָרט, וואו דאס פולווער האט אויפגעריסען דאס אײז. דארט האט זיך יעצט געבילדעט אַ גאַנצעס זעע (אָזעראָ). אַרום דיא ברעגעס זיינען געלעגען אײז און שנעע, אין דערמיט אָבער האט מען געזעהן דאס וואַסער פונ'ם מעער.

— ווען איך זאל קענען אויפרייסען דאס אײז פון דער אנדערער זייט פונ'ם שיף, וואלט איך פיעלייכט געקענט ארויספיהרען דאס שיף פון אײז, האב איך געזאגט צו מיר אליין.

איך האב זעהר גוט געוואוסט, אז דאס איז א שווערע ארבייט, דער פאר אבער וואלט איך לויז געווארען פון דער געפאהר, אז דיא אײזבערג ארום שיף זאלען אמאל ארויפפאלען אויפ'ן שיף און זיא צוקוועטשען מיט זייער שווערער לאַסט.

— איך מוז עס טאהן, האב איך געזאגט, עס געפינט זיך נאך ארום שיף אזוי פיעל אײז, אז עס איז אים שטאנד צו צוקוועטשען דריי אזעלכע שיפען. איך מוז אלזא ארבייטען און בעפרייען דאס שיף פון אײז. וואס ווייטער וועט זיין, וויא אזוי איך וועל זיין אים שטאנד איינער אליין צו רעגיערען אזא גרויסעס שיף, — דאס ווייס איך ניט.

עס איז אונטערדעסען געווארען מיטאגס צייט און איך האב אויפ-געשטעלט מיינע אינסטרומענטען און אויסגערעכענט, וואו איך געפין מיך. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז דאס אײזפעלד איז ארויסגעשוואומען פון אײז-מעער און געפינט זיך יעצט אין אַטלאַנטישען וועלט מעער.

— וואוהין וועט מיך יעצט פערשלאגען דאס שיקזאל? האב איך גע־פרעגט. דאס אַטלאַנטישע וועלט מעער געפינט זיך אין יענעם טהייל פון דער וועלט צווישען זיך אמעריקאַ און אַפריקאַ.

ווען איך זאל מיך געפינען אויף א שיף, וועלכעס איך קען פיהרען, וואוהין איך וויל, וואלט איך בעסער געפאהרען קיין אמעריקא, ווייל עס איז פיעל נעהנטער פון אפריקא; איך בין דאך אבער איינגעשלאסען אין א שטיק אַייז און מוז פאהרען, וואוהין דער ווינד וועט מיך טרייבען. ווער ווייס, וואוהין א שטורמווינד קען מיך פערוואַרפען? דאס ערגסטע וואלט געווען, ווען א שטורמווינד זאל מיך פערוואַרפען אין דער זייט, וואו אפריקא געפינט זיך. — קורץ און גוט, איך מוז בעפרייען דאס שיף פון אַייז און פאהרען, וואוהין איך וויל.

איך האב אנגעהויבען צו האקען א נייע מינע פון דער אנדערער זייט שיף. דאס איז געווען אַן ארבייט ניט פאר איין טאג און זאָגאַר ניט פאר איין וואָך. דאס האב איך געוואוסט, איך האב אבער געמוזט עפעס טאהן.

עס זיינען וויעדער פערגאנגען עטליכע טעג. דיא לופט איז געוואָרען ווארעמער און ווארעמער. אויף דיא אַייזבערג האבען אנגעהויבען זיך צו בילדען טייכען און קליינע זעען (אָזעראָ). דיא ווארימקייט האט צו שמאָלצען דאס אַייז, עס איז פון איהם געוואָרען וואסער, וועלכעס האט גע־בילדעט טייכען, וועלכע האבען זיך אראפגעגאסען אין דעם טאהל, וואו דאס שיף איז געווען איינגעפראָרען.

איך האב מיך אנפאנגס געפרעהט דערמיט, וואס דאס אַייז ווערט אזוי שנעל צושמאָלצען. באלד אבער האב איך איינגעזעהן, אז מיין פרייד איז געווען צו פריה. דאס וואסער פון דיא בערג איז אראפגערונען אין טאָהל און האט זיך פערזאמעלט ארום שיף. אין עטליכע טעג ארום איז דאס שיף געשטאנען ארומגערינגעלט פון אלע זייטען פון וואסער. איך בין יעצט געווען אין גאנצען געפאנגען, איך האב שוין ניט געקענט אראפגעהן פון שיף.

וואלט געווען אזוי פיעל וואסער, אז עס זאל זיין אים שטאנד אויפ־צוהעבען דאס שיף, וואלט איך פיעלייכט צופריעדען געווען, אזוי פיעל וואסער איז אבער דער ווייל נאך ניט געווען, אויסערדעם איז דאס שיף געווען אזוי שטארק איינגעפראָרען, אז עס האט זיך נאך דערווייל גאר ניט געקענט ריהרען.

איין זאך האט מיך געטרייסט. דאס אַייז און דער שנעע פונ׳ם שיף האט אנגעהויבען צו שמעלצען, דער דעק איז געוואָרען ריין, דיא שטריק־לייטער זיינען געוואָרען א ביסעל ווייכער.

איך האב פראָבירט איינציעהען דיא זעגעל, עס איז אבער געווע־אונמעגליך. זיי זיינען נאך אלץ געווען הארט וויא שטיין. קיין שטריק האט

זיך ניט געקענט איינבייגען, פון צוזויפדרעהען א שטריק, וויא מען מאכט עס געוועהנליך אויף א שיף, האט נאך גאר קיין רעדע ניט געקענט זיין.

איך האב געטוזט אוועקוואַרפען יעדען געדאנק פון מאכען א מינע און אויפדרייסען דאס אייז. מיט יעדען טאג איז דאס וואסער געוואָרען העכער און איך האב זאַגאַר מורא געהאט, אז עס זאל ניט פערגיעסען דאס שיף.

מיט יעדען טאג האט זיך פערגרעסערט מיין שרעק, דאס וואסער זאל ניט אריבערגעהן דעם דעק און זאל ניט פערגיעסען דאס שיף. צום גליק, איז דאס ניט געשעהן. עס איז צוגעקומען יעדען טאג פיעל וואסער, עס האט אבער דערגרייכט א געוויסען פונקט און איז ניט געשטיעגען העכער.

איך האב מיך באלד איבערציינט, אז דאס וואסער האט ערגעץ אַן אפגאנג פון אונטען.

— עס איז מעגליך, אז דאס וואסער פליעסט אפ אין דעם לאָך, וואס איך האב געמאכט מיט'ן פולווער, האב איך געטראכט.

וויא דיא זאכע איז דארט געווען, מיין לאגע האט זיך וועניג פערבעסערט. איך בין געווען געפאנגען אויפ'ן שיף און האב מיך ניט גע-קענט ריהרען. דיא איינציגע ארבייט, וואס איך האב נאך געקענט טאהן, איז געווען ארונטערצוגעהן אין דיא ניעדעריגסטע קאַמערן פון שיף און זעהן, וואס דארט געפינט זיך.

אונטען איז דיא קעלט נאך געווען אזוי שטארק, אז דער שטארקסטער ראָם איז געבליבען פערפראָרען. איך האב נאך געפונען קאַסטענס מיט קליידער און מיט טהייערע שטאָפען, איך האב זיי אבער ניט אנגעריהרט: זיי האבען פאר מיר קיין ווערטה ניט געהאט.

פון צייט צו צייט פלעג איך אויפשטעלען מיינע אינסטרומענטען און פלעג אויסרעכענען, וואו איך געפין מיך. דאס אייזפעלד איז געגאנגען זעהר לאַנגזאם און עס איז שווער געווען צוזאגען, אויב זיא שווימט קיין אמעריקא אדער קיין אפריקא.

איך האב אבער געזעהן מיט פערגניגען, אז מיין אַייזפעלד ווערט אלע מאל קלענער, דיא הויכע אַייזבערג זיינען געוואָרען ניעדעריגער, דיא גרויסע שטיקער אַייז, וועלכע זיינען ערטער געלעגען צו וואַרפען און האבען אויסגעוויעזען, וויא גרויסע שטיינער, זיינען געוואָרען פלאַכער און, ווען איך בין ארויפגעקראָכען אויפ'ן זעגעלבוים, האב איך געקענט איבערזעהן דאס גאנצע אַייזפעלד.

עס איז נאך יעצט געווען גרויס, וויא א קליינע אינזעל און האט נאך יעצט געדארפט האלטען אַן ערך פון צעהן מייל דיא לענג און פינף-זעקס מייל דיא ברייט.

אזוי איז פערגאנגען א מאָנאַט. דאס אייזפעלד איז געווארען אלע מאל קלענער, דיא לופט איז געווארען ווארעמער און איך בין אלץ געשוואומען אויף מיין אַייזפעלד אין אונבעקאנטע געגענדען, תאוהין עס קומען קיין מאל קיין שיפען. ווען א שיף זאל זאָגאַר געווען אנקומען, וואלט זיא אנטלאפען פון אזא אונאַנגענעהמען און געפעהרליכען גאסט, וויא מיין אייזפעלד איז געווען.

איין מאל, ווען איך בין געשמאק געשלאפען אין מיין קאַיוטע, האט מיך אויפגעוועקט א שרעקליכער גערויש. עס האט זיך מיר אויסגעוויזען אז מען האט אייסגעשאָסען פון צעהן קאַנאָנען. איך בין ארויסגעלאָפען אויף דעק און האב דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, וויא דיא גאנצע געגענד פון פאָרנט פת׳ם שיף האט זיך אפגעבראָכען און איז אוועקגעשוואומען א גאנצע העלפט פון מיין אַייזפעלד האט זיך אפגעריסען.

איך האב געציטערט, אז דאס שיף זאל זיך ניט איבערקעהרן, ווייל אידער איין זייט איז יעצט געווען אין גאנצען פריי פון אַייז.

דעם אנדערן טאג האט אויסגעבראכען א שרעקליכער שטורמווינד מיט דונערן און בליצען. עס האט אנגעהויבען צוגיעסען א רעגען, עס האט גע-גאסען עמערוויים. איך האב מורא געהאט אראפצוגעהן פון דעק, ווייל איך האב גערעכענט, אז דאס שיף קען יעדע מינוט זיך אראפגליטשען פון אַייז.

דער ווארעמער רעגען איז אבער געווען מיין רעטונג. ער האט גע-וואשען און געשמאָלצען דאס אַייז. איין שטיק נאכ׳ן אנדערן האט זיך אפ-געבראָכען און איז זיך אוועקגעשוואומען.

דרייא טעג נאך דיעזען שטורם איז דאס שיף אין גאנצען געווען פריי פון אַייז. יעצט ערשט האט זיך אנגעהויבען פאר מיר אַן אַרבייט, וועלכע איז געווען איבער מייגע קרעפטען. איך האב געמוזט איינציעהען דיא זעגעל, ווייל איין מענש אליין קען אויף קיין פאל ניט רעגירען א זעגעל שיף און אויסדרעהען יעדעס מאל דיא זעגעל, וואוהין מען דארף.

איך האב געמוזט לאזען דאס שיף געהן אויף גאטס בעראטה. דאס איינציגע, וואס איך האב געקענט טאהן, איז געווען צו רעגירען דעם רודער. דאס שיף איז געווען אזוי גוט געבויט, אַז איין מענש האט געקענט שטעהן ביים רעדעל און זיא קירעווען, וואוהין ער האט געוואלט.

ווען עס זאל געווען זיין נאך איין איינציגער מענש מיט מיר, וואלט איך געווען העכסט צופריעדען. צוויי מענשען וואלטען זעהר לייכט געקענט צופיהרען דאס שיף ערגעץ אין א פאָרט, פאר איין מענשען אבער איז עס געווען אונמעגליך.

איך האב אַלזאָ געטאָהן, וואס איך האב געקענט, אין איבעריגען האב איך מיך פערלאזען אויף גאט.

# 84-טעם קאפיטעל

## אין ניופארט.

מיין שיף איז אזוי ארומגעפאהרען אויפ'ן אטלאנטישען וועלט מעער מאנאטע לאנג. איינינע מאל האב איך דערזעהן שיפען פון דער וויטען און האב זיי געוואלט געבען א צייכען, זיי זאלען קומען מיר העלפען, אדער זיי זאלען מיר שיקען א פאר מאטראזען, באלד אבער האב איך מיך בערעכענט, אז איך דארף עס ניט טאהן.

וויא טרויעריג מיין לאגע איז געווען, בין איך דאך געווען ניט מעהר, וויא א מענש. איך האב געוואוסט, אז אויפ'ן שיף געפינען זיך אזוי פיעל רייכטהימער, פאר וועלכע מען קען אפקויפען א קעניגרייך.

— ווען איך וועל אויפנעהמען פרעמדע מענשען אויפ'ן שיף, קענען זיי געוואהר ווערן פון דיא רייכטהימער, וועלכע געפינען זיך אויפ'ן שיף; זיי קענען נאך מיך טייטען אום צו צונעהמען דיעזע רייכטהימער.

עס איז וואהר, אז דיעזע רייכטהימער, דיעזעס גאלד, דיעזעס זילבער און דיעזע ברילליאנטען, געהערען ניט צו מיר. צו וועמען דען אבער געהערען זיי? איך האב זיי אבגעהיט ביז אהער און זיי געהערען צו מיר. פאר וואס זאל איך זיי אוועקגעבען אנאנדערן? פיעלייכט האט זיך מיין פרוי געראטעוועט, פיעלייכט לעבט נאך מיין קינד, דאן האב איך דאס רעכט זיי אוועקצוגעבען דיעזע אוצרות.

איך האב אמאל געדעכענט, אז איך זאל איבערגעבען דאס שיף מיט אלע אוצרות דער ענגלישען רעגיערונג און דערצעהלען, וויא אזוי זיי זיינען געקומען צו מיר. באלד אבער האב איך מיר איבערלעגט:

— ווען דיא רעגיערונג זאל ווירקליך מעלדען אין אלע צייטונגען און אויפרופען אלע מענשען, וועלכע קאפיטאן האוק האט בערויבט, יעדער זאל קומען און זיך אבנעהמען, וואס איהם געהערט, וואלט איך עס פיעלייכט געטאהן. דאס איז אבער אן אונמעגליכקייט. דיא פיראטען טייטען געוועהנליך דיא מענשען, וועלכע זיי בערויבען. ווער וועט דען קומען אפנעהמען זיין גוטס? וויאפיעל יאהר ליעגען שוין דיעזע אוצרות אין קאפיטאן האוק'ס שיף? וואו זיינען שוין יענע מענשען? וואו זיינען שוין זייערע ערבען (יורשים)?

איך האב פריהער געזאגט, אז איך בין דאך ניט מעהר, וויא א מענש. איך האב געקלערט אהער און אהין און האב ענדליך בע־שלאסען צו צונעהמען אלעס און טאהן מיט'ן געלד גוטעס, וויא וויט איך וועל קענען.

איך האב דאָהער ניט צוגערופען קיינעם פון דיא שיפען, וועלכע איך האב בעגעגענט. איך האב גערעכענט, איך זאל צופאהרען ערגעץ צו אַ קליין שטעדטעל אין זיד אַמעריקאַ, איך זאל דארט דערצעהלען עפעס אַ געשיכטע, וויא אַזוי אַלע מיינע מאַטראָזען זיינען אויסגעשטארבען און נור איך אַליין בין געבליעבען. דאן זאל איך מיך דארט בעזעצען, זאל מיר קויפען א הויז, וואו איך זאל קענען אָפּלייגען און בעהאַלטען דיא אוצרות, וועלכע איך האב געהאט און זאל דאן אנהייבען צו זוכען מיין פרוי און מיין קינד.

וואס העלפען אבער דיא געדאַנקען פון א מענשען? וואס נוצען זיינע פלענער? וואס ווערט פון זיינע בעשליסע? גאט האט אַנדערש געוואלט און עס איז אנדערש געווארען.

איינינע וואכען זיינען פערגאנגען און מיין שיף איז זיך געשוואומען שטיל און רוהיג, וואוהין דיא וואסערן פונ'ם וועלט מעער האבען זיא גע-טריעבען. איך בין געווען צופריעדען, וואס איך האב מיך געפונען ווייט פון דער וועג, אויף וועלכען עס פאָהרען געוועהנליך שיפען אין יענע געגענדען און האב געזוכט אויסצומיידען פרעמדע שיפען. איך האב גערעכענט צו צו פאָהרען ערגעץ צו א שטעדטעל אין בראַזיליען אדער נאך בעסער אין נאָרד אמעריקא, דאס הייסט אין פעראייניגטע שטאאטען.

אויפ'ן שיף זיינען געווען לאַנד קאַרטען און מעער קאַרטען, וועלכע איך האב יעצט טאג און נאכט שטודירט. איך האב געזוכט אַן אָרט, וואו איך זאל קענען רוהיג צו קומען צו א פאָרט.

פלוצלונג איז מיר געקומען א נייער געדאנק אין קאפ.

— צו וואס פאר א פאָרט איך וועל צוקומען, וועלען מיר ענטגעגען פאהרען דיא צאָללבעאַמטע און וועלען מיך פרעגען, וואס פאר זאַכען איך האב אויפ'ן שיף. זיי וועלען מיר ניט גלויבען, ווען איך וועל זיי זאגען, אז איך האב גאר ניט אויפ'ן שיף. זיי וועלען אנהויבען צו זוכען און וועלען גע-פינען דיא קאַסטענס מיט גאָלד און ברילליאַנטען. דאן בין איך פערלאָרען. יעדער וועט דערקענען, אז דאס זיינען אַנגערויבטע זאַכען. מען וועט נאך מיך האלטען פאר ארויבער און מען וועט מיך נאך ארעסטירען.

דיעזער געדאַנק איז געווען שרעקליך. איך האב אויפ'ן שיף מילליאָנען און איך טאָר מיך ניט ווייזען צווישען מענשען. דיא בעאַמטע פון צאללאַמט (טאַמאָזשניאַ) וועלען מיך אויפהאלטען, וועלען דורכזוכען דאס שיף, וועלען אלעם צונעהמען און מיך נאך ארעסטירען אלס פיראַט.

— וואס טהוט מען אלזא? האב איך אויסגערופען פערצווייפעלט.

איך האב געטראכט, געקלערט, זיך געבראָכען דעם קאפ אגאנצען טאג און געזוכט א פלאַן, וויא אזוי אויסצוווייכען דאס צאלל אַמט.

— איך מוז זעהן צו פאָהרען צום ברעג פון א לאַנד אין א גאנץ ווילדער געגענד, וואו עס וואינען גאר קיין מענשען, האב איך ענדליך אויס-גערופען. איך מוז טאהן, וויא קאפיטאן האָוק האט געטאהן: ער פלעגט אויסזוכען דעם אָרט, וואו א טייך גיעסט זיך אריין אין מעער. דארט געפינען זיך געוועהנליך פיעלע קליינע אינזלען. איך וועל צו פאהרען צו אַן אינזעל, וועל ארויסנעהמען פון שיף, וואס איך וועל קענען און וועל עס בעגראָבען ערגעץ אין דער ערד אונטער א בוים. דאַן וועל איך זעהן, וואס איך זאל וויטער טאהן.

דיעזער פלאַן איז געווען א ריכטיגער, דער איינציגער, וואס איך האב געקענט אויסטראכטען.

איך האב מיך באלד גענומען אויספיהרען דיעזען פלאַן. איך האב גע-טאהן אלעס, וואס איך האב געקענט, איך זאל צופאָהרען צו א לאַנד און זאל אייסגעפינען א פלאַץ, וואו איך קען בלייבען שטעהן. איך מוז זעהן, אז דאס שיף זאל זיין בעהאלטען צווישען ביימער, אז מען זאל עס אזוי גיך ניט קענען דערזעהן.

ויא לייכט דיעזער פלאַן האט זיך אויסגעוויעזען, אזוי שווער איז ער געווען אויסצופיהרען. איך האב יעצט מורא געהאט זיך צו ווייזען פאר מענשען. איך האב אויסגעוויכען און אויסגעמידען יעדען אָרט, וואו איך האב גע-רעכענט, אז איך וועל טרעפען מענשען. ווען איך האב דערזעהן א שיף פון דער וייטענס, האב איך געארבייט מיט אלע קרעפטען איך זאל זיא אויסמיידען.

אזוי זיינען ווידער פערגאנגען וואָכען און מאָנאַטע און איך האב ניט געקענט זיך צושלאָגען צו א ברעג.

דער צופאל האט מיר ווידער געהאלפען. עס האט זיך אויפגעהויבען א שטארקער שטורמווינד, וויא ער קומט פאָר אָפט אין יענע געגענדען פון אַטלאַנטישען וועלט מעער. עס האט געדויערט זעקס טאג נאך אנאנד. דיא ערשטע פאָר טאג בין איך געשטאנען ביים רעדעל און האב נאך געקירעוועט דאס שיף. אויפ'ן דריטען טאג בין איך געווארען אזוי מיעד און אזוי שוואַך, אז איך בין אניעדערגעפאלען און האב געלאזען דאס שיף פאָהרען, וואוהין דער שטורמווינד וועט זיא טרייבען.

וואס עס איז וויטער געשעהן מיט'ן שיף, ווייס איך ניט. איך גע-דענק נור, אז איין מאל, ווען איך בין געשלאפען געשמאק, האב איך געהערט א טראַך. דאס שיף האט א ציטער געטאהן און איך בין ארויסגע-פאלען פון בעטעל, וואו איך בין געלעגען. איך בין אויפגעשפרונגען און בין ארויסגעלאפען אין דרויסען. — דאס שיף איז געשטאנען אויף איין אָרט!

עס איז געווען א פינסטערע נאכט און איך האב ניט געקענט זעהן,

וואו איך געפין מיך, איך האב אבער געפיהלט, אז דאס שיף זיצט פעסט אין זאַמד.

איך בין ארומגעגאנגען דיא גאנצע נאכט, וויא א וואַהנזיניגער, און האב קוים דערלעבט, עס זאל טאג ווערן. ארום מיר האט דאס מעער גע-רוישט, געקאכט און געשפריצט בערג מיט שוים אויפ'ן דעק.

ווען עס איז ענדליך טאג געווארען, האב איך דערזעהן, אז איך גע-פין מיר ניט ווייט פון א לאַנד, דאס שיף אבער שטעהט אין א זעהר גע-פעהרליכען אָרט. דיא וועללען (כוואַליעס) פון'ם מעער שלאגען זיך ארום איהר פון דער ברייטער זייט. זיא קען אלזא לאנג ניט אויסהאלטען, דיא כוואליעס וועלען זיא צו שלאגען.

— זיא איז פערלארען! האב איך אויסגערופען, איך מוז רעטען אלעס, וואס איך קען רעטען און צושווימען צום לאנד.

אזוי וויא דאס מעער איז געוועזן זעהר אונרוהיג אין דיעזען אָרט, האב איך מורא געהאט צו פערטרויען מיינע קרעפטע און צו צושווימען צום לאנד. איך האב געמוזט מאכען א סאָרט פּלאָס, א ראַפּט, אויף וועלכען איך זאל צושווימען צום לאַנד.

דאס איז געוועזן ניט שווער. איך האב געהאט גענוג העק אויפ'ן שיף און גענוג ברעטער און קלעצער. אין אייניגע שטונדען איז געוועזן פערטיג א שטארקער פּלאָס אין דער זייט פון'ם שיף, וועלכער איז געוועזן אביסעל פערשטעלט מיט'ן שיף. דארט איז דאס וואסער געוועזן אביסעל רוהיגער.

ווען דער פּלאָס איז געוועזן פערטיג, בין איך אראפגעגאנגען אין דיא קאַמערן פון שיף, האב געעפענט דעם קאַסטען, אין וועלכען עס האבען זיך געפונען דיא ברילליאַנטען און האב אנגעהויבען אויסצוקלייבען דיא בעסטע און דיא גרעסטע און זיי אָנצושיטען אין דיא קעשינעס. אויפהייבען דעם גאנצען קאַסטען איז געוועזן אונמעגליך: ער איז געוועזן צו שווער פאר מיר אויסער דעם האב איך מורא געהאט צו ריזיקירען מיט אזא קאַסטען אויף א שוואַכען פּלאָס.

ווען איך האב אָנגעשאָטען אלע מיינע קעשינעס מיט ברילליאַנטען, האב איך גענומען אזוי פיעל לעבענסמיטעל, וויא פיעל איך האב געקענט פערטראגען, און האב זיא אראפגעלאזען אויפ'ן פּלאָס. דאן האב איך מיך אראפגעלאזען אויפ'ן פּלאָס און האב מיך געלאזען צום לאַנד.

דאס מעער איז געוועזן אזוי אונרוהיג אויף דיעזען אָרט, אז עס איז מיר מיט שווערער מיה און מיט גרויס געפאהר געלונגען צו צו קומען צום ברעג. איך בין געוועזן אזוי מיעד, אז ווען איך בין ארויסגעקומען אויפ'ן ברעג, בין איך אניעדערגעפאלען, וויא א דערהרגעטער און האב אָפּגעשלאָפען אייניגע שטונדען.

איך בין אויפגעשטאנען ביי נאכט און האב ניט געקענט זעהן, וואס עס טהוט זיך אויפ'ן שיף. ווען עס איז טאג געווארען, האב איך דערזעהן מיט שרעק און שטוינען, אז דאס שיף איז אונטערגעגאנגען, נור דיא שפיצען פון דיא זעגעלביימער האבען ארויסגעשטעקט פון וואַסער.

— איך האב דא מעהר ניט וואס צוטאהן, האב איך אויסגערופען, איך מוז יעצט קומען צווישען מענשען!

אזוי וויא דאס שיף איז אונטערגעגאנגען גאנץ נאָהענט צום ברעג, האב איך גערעכענט, אז דיא אוצרות וועלכע געפינען זיך אויף איהר זיינען ניט פערלארען. מען קען זיי ארויסנעהמען פון וואַסער.

איך האב מיר אלזא געמאכט אצייכען, וואו דאס שיף איז אונטערגע-גאנגען איך האב אנגעלעגט א הויפען שטיינער פונקט געגען דעם אָרט, וואו דיא שפיצען פון דיא זעגעלביימער האבען ארויסגעשטעקט. דאַן האב איך אנגעהויבען צו געהן מיט'ן ברעג פון'ם מעער.

צוויא לאַנגע און שווערע טעג האט געדויערט מיין רייזע. אויפ'ן דריטען טאג בין איך אנגעקומען קיין ניופאָרט.

איך בין געווען מיעד, מאַט, צובראָכען, האַלב קראַנק, פערוואַקסען און פערווילדעט, אז איך האב זאָגאר ניט געקענט ארייננעהן אין א האָטעל. איך האב אויסגעזוכט אַן ארימען פישער און האב מיך איינגעבעטען, ער זאל מיך לאזען איבערנעכטיגען אין זיין הויז.

צום גליק, האבען זיך געפונען ביי מיר אין קעשינע עטליכע גאָלד-שטיקע, וועלכע איך האב געפונען ביי קאַפּיטאַן האַוק. פאר דיעזעס געלד האב איך מיר פערשאפט קליידער און האב מיר געדונגען א וואָינונג.

דיא ערשטע עטליכע טעג בין איך געווען אזוי מיעד, אז איך האב גאר ניט געקענט טאהן. איך האב געמוזט אויסרוהען. קוים האב איך מיך אויסגערוהט, האב איך פערקויפט א פּאָר דיאַמאַנטען און האב אָנגעהויבען צו דרוקען אין אלע צייטונגען, אז איך וועל גיבען גוטע בעלוינונג יעדען, ווער עס וועט מיר ברענגען א נאַכריכט פון א שיף מיט'ן נאמען „עדוואַרד אַרמסטראָנג", וועלכעס איז אונטערגעגאנגען אין אזא און אזא טאג, אין אזא און אזא געגענד.

אונטערדעסען פלעג איך פון צייט צו צייט בעזוכען דעם אָרט, וואו קאַפּיטאַן האַוקס שיף מיט אלע אוצרות זיינען אונטערגעגאנגען. אין דיא ערשטע עטליכע מאָנאַטע פלעגען נאך דיא שפּיצען פון דיא זעגעלביימער ארויסשטעקען פון וואַסער.

איין מאל בין איך געקומען צו דעם ארט און האב געפונען, אז זיי זיינען פערשוואונדען געווארען. דאס שיף איז אלזא אונטען צובראכען גע-ווארען. דיא כוואַליעס פון'ם מעער האבען זיא צערשטערט.

איך האב גאנץ גוט געוואוסט, אז מען קען זעהר לייכט ארויסשלעפען פון קאסטענס מיט געלד און בריללִיאַנטען וועלכע האבען זיך דארט געפונען.

— צו וואס אבער זאל איך עס טאהן? האב איך זיך אלייז געפרעגט, ווען איך זאל וויסען, אז העלענאַ מיט מיין קינד לעבען נאך, האלט איך פון זייערט וועגען אלעס ריזיקירט, ווען אבער זיי זיינען...

איך האב געהאט ביי מיר אזוי פיעל בריללִיאַנטען, אז איך האב גע־האט גענוג צו לעבען און צו דרוקען מיין אויפרוף אין אלע צייטונגען, אבער אלעס אומזיסט! קיינער האט זיך ניט אפגערופען, קיינער האט מיר ניט געענטפערט. דאס מעער איז שטום און גיט ניט ארוים זיינע געהיימניסע.

איך בין געבליעבען אין ניופארט, ווייל עס איז געוועז א שטילעס, רוהיגעס, פערשלאפענעם דערפעל. מיט איינינע יאהרען שפעטער איז עס געווארען לעבעדיגער. עס האבען אנגעהויבען צו קומען אהין זומער געסט זיך צובאַדען דארט אין מעער. פון'ם דערפעל איז געווארען א שטעדטעל, וואס געהט עס אבער מיך אָן? איך האב געוואַרט אויף א נאַכריכט פון מיין ליעבער פרוי, פון מיין לעבען, מיין גליק און מיין ליעבע, ביז מיינע האָר זיינען גרוי געווארען, מיין קערפער איז געווארען שוואַכער און שוואַכער, איך בין געווארען אַלט.

איך וויים, אז גאר ניט וויט פון דאנען ליעגען אין מעער מילליאָנען. האס טויגען זיי מיר אבער? צו וואס דארף איך זיי? ניט געָלד און ניט בריללִיאַנטען קענען מאכען א מענשען גליקליך.

ענדע

פערלאג ב. רודערמאן און י. מאלימזאהן,
לאנדאן און ניו יארק.

---

## מיינונגען פון אידישע שרייבער וועגען

# „די טרוימער פון דער געטא"

פון

## ישראל זאנגוויל.

### אלכסנדר הארקאווי אין דעם „נייען גייסט.

ווען דיזער בוך איז ערשינען אין ענגליש איז אין דעם „נייעם גייסט", וועלכער איז ערשיענען צו יענער צייט (1898) אונטער דער רעדאקציאן פון אלכסנדר הארקאווי, געווען וועגען איהם פאלגענדעס: „אין די „דריימערס" ווייזט זאנגוויל, וואס פאר א קאנטריבוציעס אידען האבען געבראכט דעם אלגעמיינעם מענשליכען וויסען און וואס פאר א שטרעבונגען זיי האבען געהאט אין יעדען דור. אידישע מוחית זיינען אימער געווען פערנומען מיט אוניווערסאלע אויפגאבען.

אין דיזען בוך פיגורירען ספינאזא, היינע, לאסאל און נאך אנדערע פון וועלכע די וועלט ווייסט ניט.

זאנגוויל בעהאנדעלט היסטארישע בילדער, ריין פון אלע ראמאנטישע עלעמענטען. ער זעהט נאר אז די בילדער זאלען זיין לעבעדיגע און ניט קיין טויטע ברואים. און זעלטען ווען ער ערלויבט זיך אמאל אבצוטרעטען אויף א שריט פון דער געשיכטע. זיינע העלדען זיצען פאר איהם ווי מאדעלען און ער מאהלט זיי, ווי א מאהלער. פון זיינע פריהעריגע ערצעהלונגען זעהט מען, אז ער בעזיצט גענוג שעפערישען טאלאנט. נאר ער רעכענט פאר אסך העכער אריינצובלאזען לעבען אין די טויטע פאקטען פון דער געשיכטע.

זאנגוויל האלט זיך ביי דער מיינונג פון די נאטוראליסטישע שרייבער, אז די גאנצע פונקציאן פון קונסט איז איבערצוגעבען זאכען, ווי זיי זיינען, אויב איהר ווילט צו קאפירען דאס לעבען. די שעפפונגס-קראפט שפיעלט

די קלענסטע ראָלע אין דער קונסט. די הויפּטזאַך איז צו בעהאַנדלען אַ געגענשטאַנד, דאָס אמת'ע לעבען פֿון אַ מענשען איז פֿיעל שעהנער, אַלס דאָס בעפֿאַרבטע און דראַמאַטיזירטע, וואָס מען בעגעגענט אָפֿט אין נאָוועלען און פּיעסען."

## י. ענטין אין דער „וואהרהייט".

„די טרוימער פֿון דער גהעטטאָ", איז אַ בוך פֿון גרויס געלערענטקייט און גרויס טאַלאַנט. זאַנגוויל האָט זיך פֿיעל געריהעט אין אַלטע שמית און געשיכטליכע מאַטעריאַלען, איידער ער האָט געקענט בעשאַפֿען די פֿיעלע היסטאָרישע פּערזענליכקייטען וואָס לעבען אין דעם בוך. און ניט נור לעבען זיי אַליין מיט אַ מערקווירדיגער קלאָרקייט און פֿרישקייט, אַזוי דאָס לעזענדיג פֿיהלט איהר זיי נאָהענט לעבען אייך, קוקט זיי אין די שיינענדיגע פּנים'ער, הערט זייערע וואונדערבאַרע שטימען און פֿערפֿאָלגט די בעוועגונגען פֿון זייערע גופים — ניט נור דאָס אַליין, וואָרים אויך זייער גאַנצע עפּאָכע, די גאַנצע יירונג און דער גאַנצער ברען פֿון זייער צייט לעבט אויף מיט זיי צוזאַמען און שפּרייט זיך אַרום זיי אויס און מישט זיך מיט זיי צונויף אין אַ שעהנער האַרמאָניע אַזוי ווי די גרינע לאָנקע אַרום אַ בויט מיט בלומען, אָדער ווי די בלויע הימעל-שטרעקע אַרום די שטערן. ווי וואונדערבאַר קלאָהר און לעבעדיג פֿריש שיינט פֿאַר אונז אויף אין דיזען בוך די געשטאַלט פֿון ר' ישראל בעל שם טוב, מיט זיין פּראַכטקייט, עהרליכקייט, אייביגען אָפּטימיזמוס, שוויגעדיגער, דאָרפֿישער פֿילאָזאָפֿיע און אונערשעפּליכע ליעבע פֿאַר כל ישראל! און ווי וואונדערבאַר פֿאַנטאַסטיש, לעגענדאַריש איינפֿאַך און חן'עוודיג עס שוועבט פֿאַר אונז אַרויף דאָס געבורט פֿון דער חסידות! אָדער ווער קען פֿערגעסען די ניטערדישע געשטאַלט פֿון שבתי צבי אין די נעכט פֿון זיינע פּייניגונגען און איינזאַמע רעכענונגען און געהיימניספֿולע גריבלערייען און זיין מאַטערן זיך דערגעהן גאָט'ס ווילען און דעם הערליכען גלאַנץ וואָס וויקעלט איהם איין אין די טעג פֿון זיין קעניגליכער גדולה. אָדער דעם וויר־וואַר און וועלטרודעריי פֿון דער מאַסען משוגעת וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט! ווי אומעטיג עס ווערט דעם לעזער אויף'ן האַרצען אין דער אָנוועזענהייט פֿון דעם אונגליקליכען רעפֿאָרמאַטאָר אוריאל אַקאָסטאַ, אָדער שטעהענדיג ביים טויטען־בעט פֿון דעם ערשטען אידישען ליטעראַריש־פֿילזאָפֿישען טרעמפּ שלמה מיימון פֿון נעסוויזש, אָדער בעגלייטענדיג דעם איינזאַמען שפּינאָזאַן אויף זיין שטיל־נאָכדענקענדען שפּאַציר און הערענדיג זיין שווינדזיכטיגען הוסטען, אָדער שטעהענדיג איבער דעם מאַטראַץ פֿון וועלכען דער בלינדגעוואָרענער היינריך היינע שליידערט אַרויס זיינע קללות, זיינע שטעך־

ווערטער, זיין חרטה, זיין צער און פֿעראַכטונג און זיין ביטערען שפּאָט איבער זיך אליין!

אַלע זיינען זיי טרוימער אין דיזען בוך, אַלע רייסען זיי זיך פֿון דער ערד אין הימעל, פֿון דאָס מעגליכע אין דאָס אונמעגליכע. אַלע חלומ'ען זיי וועגען זאַכען, וועלכע קענען קיינמאָל ניט פֿערווירקליכט ווערען אַזוי ווי די ערשטע בעלי חלומות האָבען זיי אויסגע'חלומ'ט. און ווי ביטער איז די טראַגעדיע וואָס ליגט אין דעם אַלעמען. ווי ביטער איז דאָ די טראַגעדיע פֿון דעם אידישען פֿאָלק, זייענדיג גייסטיג און גראָב, רוחניות'דיג און ציניש. שעהן און העסליך און ווי פֿיעל זיינען די קרבנות אַזעלכע ווי „דאָס קינד פֿון דער גהעטטאָ", „יוסף בעל חלום" און דער העלד פֿון „חד גדיא". אַלע רייסען זיי זיך פֿון דער גהעטטאָ אין דער גרויסער וועלט אריין. אָבער זייער לעבען בלייבט צוריסען זאַגאַר דאַן, ווען זיי רייסען זיך שוין פֿון איהר אַרויס. דאָס אַלטע קענען זיי ניט פֿערגעסען און סקעפּטיש קוקען זיי אויף דאָס נייע. און אַזוי ווערן זייערע נשמות צופּליקט אין צווייען.

אויך דאָ איז זאַנגוויל דער הומאָריסט. אָבער דער הומאָר איז מייסטענס אַ טרויעריגער און איז אַ טהייל פֿון דעם שרייבערס מעלאַנכאָלישען בליק אויף דער וועלט און אויף דעם יודענטהום. מעלאַנכאָליש און מיט אַ טרויעריגען שמייכעל האָט נאָך דאַן זאַנגוויל געקוקט אויף'ן ציוניזמוס און מיט אַ טרויעריגען וויץ לאַכט ער אָב פֿון דעם ערשטען באַזעלער קאָנגרעס און פֿון דעם הומאָריסט הערצל, וואָס האָט געקענט ווערען אַזאַ בעל חלום.

איבערזעצט איז עס פֿון דעם בעריהמטען איבערזעצער

# א. פרומקין

**און דאָס איז שוין אַ גענוגענדע גאַראַנטי אַז עס איז אַ געשמאַקער און לייכט פֿערשטענדליכער אידיש.**

מיר האָבען דעם בוך איינגעטהיילט אין צוויי טהייל (אַזוי ווי די דייטשע אויסגאַבע).

דער ערשטער טהייל ענטהאַלט אַ סעריע פֿון די ערשטע אידישע טרוימער, וועלכע האָבען געלעבט אין 16-טען און 17-טען יאָהרהונדערט. אין דעם צווייטען טהייל ווערען בעהאַנדעלט די מאָדערנע טרוימער, ווי **שלמה מימון** (מימון דער נאַר), **היינריך היינע, פּע־דינאַנד לאסאַל, לארד ביקאנספיעלד, דר. הערצל** און אַנדערע.

די אידישע אויסגאַבע פֿון „די טרוימער פֿון דער גהעטטאָ" איז פֿיעל שעהנער ווי די אויסגאַבען אין אַנדערע שפּראַכען, אין וועלכע דער בוך איז

